שיע טענענבוים



# סעודה פֿון וואָרט
## די גרויסקייט פֿון קליינע זאַכן




ניו-יאָרק

SHEA TENENBAUM

# FEAST OF THE WORD

## The Greatness of Little Things

•

Address of the Author:
SHEA TENENBAUM
45—35 44th Street
Long Island City, N. Y. 11104
U. S. A.

•

מען קען דאָס בוך אויך באַשטעלן ביים:
ציקאָ ביכער־פאַרלאַג
CYCO PUBLISHING HOUSE
AND BOOK-DISTRIBUTION CENTER
25 East 78th Street, New York, N. Y. 10021

•

דאָס שער־בלאַט איז געצייכנט דורכן וועלט־באַרימטן סקולפּטאָר און מאָלער
חיים גראָס

•

דאָס בילד פֿונעם מחבר איז געצייכנט דורכן וועלט־באַרימטן מאָלער
מאַנע קאַץ

•

PRINTED IN U. S. A.
by:
KNIGHT PRINTING CORPORATION
382 Lafayette Street, New York, N. Y. 10003
96

# די געפאַנגענע ספר תורה

אין פראַנט פון די ישראל־געפאַנגענע
איז געגאַנגען זייער פירער, אַ יונגערמאַן,
מיט באַקנבערד און האַרענע ברילן אויפן פנים.
ער האָט אין זיין אָרעם צאַרט געטוליעט
גאָט׳ס הייליקע ספר תורה
אָנגעטאָן אין אַ סאַמעטענעם פרוכת, און
אויסגעצירט מיט גאָלדענע אותיות און גוטע אידישע לייבן.
(גישט ווייט שיסן פונעם סני־באַרג די מצרים,
די ווערעמדיקע קנעכט פון פרעהן,
אונדזער אַלטן היסטאָרישן שונא.)
נאָך דעם איד מיט דער תורה האָבן נאָכגעפאָלגט
מיט שטאָלצע און דערהויבענע קעפ
די יונגע און מעכטיקע מכבייער־העלדן
אין זייער טרויעריקן מאַרש צו געפאַנגענשאַפט.
דער אידישער קאָמאַנדיר
מיט אַ פאַרבלוטיקטן העלדנפנים
האָט מיט יסורימדיקער סערעניטעט,
אַזוי רירנדיק און געטריי צום אַלטן אידישן גאָט פון תנ״ך,
געטוליעט די געטלעכע ספר תורה צום האַרצן.
אָבער אידן פרעגן דיך, רבונו של עולם,
די אוראַלטע שאלה פון דער אידישער געשיכטע:
צי ביסטו אויך שטאָלץ אויף דייך אתה בחרתנו־פאָלק?
צי ביסטו אויך געטריי צו דיינע
געוואַלטיקע און מסירת־נפשדיקע אידן
מיט זייערע צעפלאַמטע אויגן קוקנדיק ווייט פאַרויס
אַריבער די ברודיקע אַראַבישע רוצחים;
די אידן מיט בלוטיק־אָפּגעפאַרבטע פנימער,
טראָגנדיק געטריי דיין הייליקע ספר תורה
דורך די פינצטערע פייערן־און־געשלעגן
מיט אַלע בלוטדורשטיקע פעלקער
וואָס ווילן אונדז פאַרטיליקן אין יעדן דור?!
צי וועסטו אויך אַצינד, גאָט, באַנוצן די אַלטע מכות
אויף די אייביקע שונאים אונדזערע, די מצרים?
וואָס קענסטו מיר ענטפערן דערויף אין דער נאַכט,
ווען איך שרייב אַזאַ איינזאַמער די דאָזיקע שורות,
דו שטרענגער אידישער גאָט פונעם באַרג סני?
און, צי ביסטו איבערהויפּט אַ אידישער גאָט?

צי פאַרדריסט דיך טאַקע גאָרנישט וואָס דיין פאָלקס בלוט
רינט אָפּ דווקא אין אונדזער גרויס־פּאַרכטיקן טאָג
ווי אַ רויטער, פלאַמיקער וואָלקנבראָך,
אויף די גרענעצן פון דעם הייליקן לאַנד,
פלאַמיק צוגעזאָגט פאַר אונדז דורך אַזוי פיל
מעכטיקע און דערהויבענע נביאים אונדזערע ?!
צי אַרט דיך גאָרנישט וואָס דיינע יונגע אידן
טראָגן דיין תורה אַ פאַרשעמטע און באַליידיקטע
אין זייער ביטערער געפאַנגענשאַפט אין מצרים ?
פאַרוואָס האָסטו איבערהויפּט געלאָזן נעמען דיין תורה
אין געפאַנגענשאַפט צוזאַמען מיט די אידן ?
צי פעלט דיר אַ קאָפּעטשקע מעטשלעכע חרפה ?
צי וועסטו חלילה טאַקע לאָזן אומקומען
צווישן די זיילן פון די געצנדינערישע טעמפּלען
די זין פון דיינע שמשון הגיבורס און בר כוכבאס ?
אין אַ מאָמענט פון פאַרצווייפלונג, רבונו של עולם,
זיי מיר מוחל די רייד מיינע פון לעסטערונג
און באַרעכטיקטן צווייפל אין דיינע גערעכטע דרכים...
אויב דו ביסט טאַקע אַ איד, אַלמעכטיקער,
פאַרשטייסטו דאָך דעם ווייטיק פון אַ אידיש האַרץ,
און די בריענדיקע טרער אין אַ אידיש אויג,
פאַר וועמען דיין פירעכץ איז אַ ביטער רעטעניש
אין אונדזערע טעג די פינצטערע.
אָבער סיי ווי וועלן די אידן טוליען דיין ספר תורה
ווי די פלאַמיקע זון — צום האַרצן,
ווי משה האָט זי געטראָגן פונעם באַרג סני —
אַזאַ געוואַלטיקער איד, צו די אידן
פון אַלע פאַרגאַנגענע און קומענדיקע דורות...
מיר זיינען צו איר צוגענאָפּלט אויף אייביק.
דיין תורה בריט אין אונדזער בלוט
ווי דאָס געשריי פון שמע ישראל
איבער די קעפּ פון אַלע אידישע שטאַמען...

## די גאָרילע

איך בין געווען אין דעם קליינעם זאָאָלאָגישן גאָרטן פון צענטראַל־פּאַרק. עס זיינען פאַראַן צווישן גאָטס ברואים פאַרשידענע פאָרמען, זשאַנרן און כאַראַקטערן, אין פיזישן און אין גייסטיקן זין. די טיגערן, וואָס איך זע דאָ אין די אייזערנע שטייגן, זיינען בלויז מיט עטלעכע יאָר

צוריק געווען פשוט פאַרכאַפּנדיק אין זייער קראַפט, אימפּעט, פאַרנעם און קאָלירן; אין זייער פאָרם, גראַציעזקייט און ווילדקייט. אָבער איצט זעען זיי אויס ברודיקע, מידע און שוין־געעלטערטע. אויך דער אַמאָל גראַנדיעזער לייב, מיט זיין אָפּשרעקנדיקער גריווע, זעט איצט אויס נידעריק און געפאַלן, ווי ער וואָלט פאַרלוירן זיין גלאָריע, און ווי דאָס געוויסן וואָלט אים געפּייניקט...

די שלאַנקע טשיטאַ פאַרמאָגט ברילִיאַנטענע אויגן און די פאַרזיכטיקייט פון אַ טיגער, וואָס גרייט זיך פאַרזיכטיק אַ שפּרונג צו טאָן פון הינטן אויף איר קרבן צווישן דער אַנטלויפנדיקער סטאַדע וועלף...

אַנדערע חיות זעען אויך אויס צו זיין רויע און טעמפּע, אָן שום חן באַשאַנקען פונעם אויבערשטן, און זיי מאַכן אַפילו אַן עקלהאַפטיקן איינדרוק. זיי זיינען פראָסטע פּאַראַזיטן וואָס גיבן נישט צוריק קיין שום שיינקייט פאַר דעם כסדרדיקן אומזיסטיקן פרעסן און טרינקען, וואָס די שטאָט שענקט זיי. די גאָרילע „שעמט" זיך נישט צו כאַפּן כינים פון איר טונקלהאָריקן לייב, און לייגט זיי אין איר ריזיקן פיסק אריין. אַזוי גייט עס אָן שעהנלאַנג. דערביי שטינקט די ריזיקע מאַלפּע פון איר אייגענעם שוויס און ברודיקייט. זי איז מוראדיק אין איר כוח־און־קראַפט. אירע אָרעמס זעען אויס ווי שטיקער שווערע אייזן. זי קען גרינגערהייט ברעכן די מעכטיקסטע שטאַנגען. דאָקעגן אירע אויגן זיינען טיף, שיין און פול מיט דער פּאָטענץ פון אַ שעפערישער צוקונפט. זי פאַרמאָגט אָן ספק עפּעס נידעריקס, געמיינס, גראָבס, ברוטאַלס, כיטרעקייט און בכלל עפּעס אומעסטעטישס. אָבער גלייכצייטיק דריקט זי אויס אַזאַ פיגצטערע קראַפט, אַן עלעמענט פונעם מענטשלעך־גראַנדיעזן, אַפילו אַ ניצוץ פון פּראָמעטעאוס; אַ פונק פון אַזעלכע גיבורים פון גייסט און געטלעכקייט ווי משה רבינו, שעקספּיר, האָמער, ניוטאָן, איינשטיין און פרץ, אין דער ווייטער דורותדיקער פּאָטענץ. די דאָזיקע גאָרילע פאַרמאָגט, דאַכט זיך, עפּעס פון שמשון הגיבורס טראַגישן פאַרנעם, פון טאָלסטאָיס ליידנשאַפט און אינטעלעקטועלער קראַפט. שוין די דעמאָנסטראַציע פון איר פיזישן כוח איז איינדרוקספול און פורכטבאַר. ווען זי טוט זיך אַ שטעל אויף אין איר גאַנצער הויך, שטייט זי ווי אַ גיבורטע אַריבער אַלע חיות אין וואַלד. זי דריקט אוודאי אויס שלעכטס, סאַדיזם, ברוטאַליטעט, פחד, שווידער און פאַרברעכן בכלל. אָבער זי פאַרמאָגט אויך פאַרמעסט, צווייפּלאַזיקייט, זיכערקייט און פעסטן אָנזאָג אויף ענדלעכן נצחון. אַזאַ אומגליקלעכער טיטאַן און הורדוס־פּינצטערער טיראַן דערהויבט זיך אימהדיק פון דער ערדס פּייערדיקע טאָלן כדי צו באַהערשן מיט אירע אייזערנע לאַפּעס דעם פּלאַנעט. זי הויבט אויף איר אָפּשרעקנדיקע האַנט הויך אַריבער בערגער, דזשאַנגלס, וויסטענישן און ווילדע וואַסערן, און די דערשראָקענע חיות נעמען זיך ווילד צעלויפן אין משוגענעם פּאַניק. זי איז שרעקלעך מיאוס און אָפּשטויסנדיק ווי דער

מענטש בשעת זיין געבורט מיט הונדערט מיליאָן יאָר צוריק, און אויך אימהדיק־שיין ווי דער מענטש; און גראַנדיעז אין זיין אַמביציעזן בליק איבער די פּלאַנעטן, שטערן און זון־קאָנסטעלאַציעס, ווי דער מין מענטש, וועמענס וויזיע דערגרייכט צו די פייערדיקע שטערן פון גאָט און צום שעפערישן חושך פון דער אורנאַכט, וואָס איז שוואַנגער מיט מיליאָנען און מיליאַסן וועלטן, און מיט אומענדלעכער צייט; און מיט אָן אַ צאָל איבערראַשונגען בכלל. זי האָט נאָך צו טאָן מיט די חיות און מאַסטאָדאָנען פון מעשה בראשית אָן. אָבער זי טראָגט שוין אין איר ברוסט־קאַסטן, אין אירע הייסע אָדערן מיטן ווירבלענדיקן בלוט, גאָר די טריבן אוןליידנ־שאַפטן, די קאַמפן און דועלן, די געשלעגן און מלחמות, פון אַלע מענטש־לעכע דורות אין דער צוקונפט. זי גייט אַרויס פונעם דזשאַנגל כדי פּירכ־טערלעך איינצונעמען דעם גאַנצן און גאָרן קאָסמאָס. זי פאַרמעסט זיך אַפילו גאָט אַליין צו נעמען אַ געפאַנגענעם, אים צו שמידן אין קופּערנע קייטן, ווי נבוכדנאצר האָט געפאַנגען און געקאָוועט דעם קייסער חזקיהו...

## מיין טאַטנס זייגערלעך

מיין פריינט העברי האַלבערשטאַדט איז אַנומלט געקומען צוגאַסט קיין ניו־יאָרק מיט זיין טייערער פרוי פרידאַ. ער האָט מיך איינגעלאַדן אין אַ פיינעם רעסטאָראַן. עס איז שטענדיק אַן אמתע פרייד ווידער צו זען אין לעבן עלטערע פריינט, וואָס זיינען מיט צייט און יאָרן נאָענט געוואָרן. עס איז אַזאַ נחת מיט יאָרן שפּעטער, זיצט מיר האָבן זיך באַגעגנט און באַפריינדעט, ווידער צו זיצן ביים שיינגעדעקטן טיש, מיטן כוס וויין און מיט טייערע מאכלים. בשעת מיר טרינקען די כוסות מיט וויין, ווען אונדזערע ליפּן זיינען פייכטע און איך קוק אויף זיין ליבער פרוי, וועלכע איך האָב פריער נישט געקענט, נעמט מיין חבר אַרויס פון דער וועסטל־קעשענע אַן אַלטמאָדיש גאָלדן זייגערל. ער זאָגט צו מיר:

— דו דערקענסט אפשר דאָס דאָזיקע זייגערל, שיע?

— ניין, העברי, איך דערקען עס נישט. איך האָב עס קיינמאָל פריער נישט געזען. איך זע אַז די קאָפּערטע איז פון ריינעם גאָלד. עס איז באמת אַ זעלטנשיין זייגערל. עס טראָגט נאָך אויף זיך די חתימה, אָדער סטיל, פון די פאַרגאַנגענע צייטן. עס איז אַ באַלעבאַטיש זייגערל. עס האָט אַזאַ היימלעכן ריטם, נאָך פון די אַלטע צייטן, וואָס האָבן נישט געגרילצט מיט וואולגאַריטעט...

— מיט יאָרן צוריק, ווען איך בין איינמאָל געווען ביי דיר צוגאַסט, אויף ברוק עווועניו, אין דער קליינער און נידעריקער וואוינונג, האָט דיין מאַמע מיך שטילערהייט אַריינגערופן אין איר אַלקערל. זי האָט געעפנט אַ קליין אייזערן קופערטל, ווי אַ פּיראַטנקעסטעלע, וואָס איז געווען פול מיט קליינע זייגערלעך, מיט אַביסל צירונג, און מיט אַנדערע שמאַכטעס. איך

האָב ביי איר געקויפט צוויי גאָלדענע זייגערלעך פאַר צען דאָלער. איינס האָט מען ביי מיר לעצטנס צוגעגנבעט בשעת אַ האָלד־אַפּ. דאָס צווייטע זייגערל האַלטסטו איצט אין דער האַנט. קוק אָן דיין טאַטנס זייגערל. עס געפעלט דיר?

איך נעם אין דער האַנט דאָס זייגערל. איך בין, פאַרשטייט זיך, טיף גערירט. דאָס זייגערל גליט ממש צווישן מיינע פינגער. דעם טאַטנס טונקל גאָלד מאַכט מיר, דאַכט זיך, אַ וואונד אין האַרצן. איך זע בפירוש ווי דער טאַטע פרייט זיך דערמיט. איך זע ווי ער קויפט עס איין און עס ציטערט זיין קול פון אויפרעגונג בשעת ער רעדט מיטן שטרענגען און געוויסנלאָזן אייגנטימער פון אַ לאָמבאַרד. יאָ, איך ווייס באַשטימט אַז ער האָט זיך עס פאַרשאַפט ערגעץ אין אַן אַנטיקנגעשעפט אויף דער בויערי. עמעץ האָט אוודאי פאַר אַ שיבוש פאַרזעצט דאָס אײדעלע זייגערל. אפשר האָט דער מאַן מיטן פאַרזאָרגטן פנים געדאַרפט האָבן די פאַר בלוטיקע טאָלער פאַר די דאָקטוירים, כדי צו ראַטעווען דאָס געזונט פון זיין צאַר־טער און געליבטער פרוי? צי האָט אפשר אַן עלטערער טאַטע, אין זיין ביטערער אָרעמקייט, געדאַרפט איינצוקויפן אַ ביסל מילך, אַ שטיקעלע חלה, אַביסל רייז, פאַר זיין בלאַסן און הונגעריקן קינד? אפשר איז אַ מאַן אַריינגע־קומען אַ שטאַרק־נערוועזער צום „שאַרק" אין לאָמבאַרד, כדי צו קריגן פאַר דעם זייגערל די פאַר טאָלער, אויף צו קענען באַצאָלן די הוצאות פאַר דער לוויה פון זיין אָרעמען קרוב, וואָס האָט זיך ביינאַכט אויפגע־האַנגען אין זיין מאַנסאַרדע, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרשפּילט ביי די פאַר־שאָלטענע קאָרטן זיין לעצטע מטבע? ווער עס איז געווען דער אייגנ־טימער, בין איך זיכער אַז זיין האַנט האָט שטיל געציטערט ביים פאַר־זעצן דאָס גאָלדענע זייגערל. איך קען זען אין מיין פאַנטאַזיע אפשר הונ־דערט פנימער פון דערשלאָגענע און פאַרצווייפלטע מענטשן אין נויט און אָרעמקייט...

מיר זיצן אין דעם לוקסוסדיקן רעסטאָראַן. איך קוק אָן מיט זשעד־נעקייט דאָס טייערע זייגערל, וואָס מיין חבר האָט געהאַט גענוג טאַקט צו קויפן מיט יאָרן צוריק פון מיין אָרעמער מאַמען, וואָס האָט דאָס געלט באַדאַרפט האָבן אויף דירה־געלט, אויף עסן פאַר איר יינגסטן זון, וואָס האָט זיך ערשט געהאַט צוריקגעקערט פון דעם סאַנאַטאָריום אין קאָלאָ־ראַדאָ. זי, מיין מאַמע, האָט זיך אוודאי אויך אַזוי געפילט ווי יענע שטילע און פאַרשעמטע מענטשן, וואָס פאַרזעצן אין לאָמבאַרד, אויס נויט און אומגליק, זייערע זעלטענע אוצרות. מיר זיצן מיט העגרי און מיט זיין ליבער פרוי פרידאַ, וועמענס פשטות און ערלעך האַרץ געפעלט מיר. מיר טרינקען וויין. מיר עסן מיט גרויס הנאה די געשמאַקע מאכלים. די קלעז־מאָרים שפּילן אָנגענעמע מעלאָדיעס. איך פריי זיך וואָס מיר זיצן ווידער צוזאַמען נאָך אַזוי פיל יאָרן פון צעשיידונג. עס איז מיר ליב וואָס מיין

חבר האָט געבראַכט זיין ליבע פרוי, כדי מיך צו באַקאַנען מיט איר. איך פריי זיך אויך וואָס מיין פריינט איז געטריי געבליבן צום אידישן וואָרט. דעמאָלט, ווען ער האָט געקויפט די צוויי זייגערלעך, האָט ער אַהיימגע־טראָגן פון אונדזער שטוב אַ פּאַק מיט אויסגעלייענטע אידישע צייטונגען. ער איז דורך זיין גאַנץ לעבן הונגעריק צום אידישן וואָרט. אויך היינט האָב איך מיטגעבראַכט פאַר אים אַ באַשיידענע מתנה — אַ פּעקל מיט אידישע זשורנאַלן, צייטונגען און בראָשורן...

צו דעם אַלעם אָבער בין איך שיכור און סענטימענטאַל באַהערשט פון דעם פאַקט וואָס מיין פריינט טראָגט אין דער וועסטל־קעשענע, נעבן זיין וואָרעם־קלאַפּנדיקן האַרצן, מיין טאַטנס גאָלדן זייגערל, וואָס זעט אויס ווי אַ קליינע לבנה, וואָס שיינט שטיל און פאַרטראַכט אויפן ריינעם, נאַכ־טיש־טושאָוון הימל, בשעת אין דרויסן שטייט דער פופצנטער יולי פונעם יאָר 1973...

# די גרויסקייט פון לעבן

איך זע און הער אין טעלעוויזיע־פּראָגראַם ווי אַזוי לילי קראַוס, אוודאי די פרוי אָדער נאָענטע פריינדין פון דעם גרויסן היילער פונעם ליידנדיקן מענטשלעכן פלייש, אַלבערט שווייצער, זיצט ביי דער פּיאַנאָ, אַזאַ נאָבעלע און פּיזיש־שוואַכע פרוי, מיט קליינטשיקע, איינגעשרומפּענע, אָבער אײדעלע און אַנטשלאָסענע הענט, אויסשפּילנדיק מיט אַזוי פיל טאַ־לאַנט, פּיעטעט און טיפער מענטשלעכקייט די מעלאָדיעס פון שובערט; דערציילנדיק דעם פּובליקום אין גוטן געמיט אַז דר. שווייצער פלעגט אויסהערן מיט אַ שמייכל איר שפּילן, און דערביי זאָגן מיט טרערן אין זיינע אויגן:

—לילי, צי וואָלסטו דען מיך פאַרפירן מיט דיר איינע וואַלסע צו טאַנצן...

לילי קראַוס האָט, ווי שוין דערמאָנט, מיט איר צאַרטקייט אין איר דעליקאַטן גוף־און־נשמה; מיט איר טיפער פּיעטעט פאַרן קאָמפּאָזיטאָרס שאַפונגען; מיט איר סענסיטיווקייט און ליבשאַפט צום שיינעם און דעם העלדישן אין לעבן, און אין דער קונסט, באַוויזן אַרויסצורופן די ריינ־דיקע מענטשלעכע באַוואונדערונג, און באַדויערונג, צו שווייצערס לעבן און צו זיין פּריצייטיקן טויט, וואָס איז אגב שטענדיק פּריצייטיק, אַפילו ווען ער קומט אויך אַזוי אומגעריכט צו אַן עלטערן מאַן, צו אַ גרייז־גרויען זקן, בפרט נאָך צו אַזאַ לעבנס־פאַרהערלעכער און לעבנס־פאַרהיי־ליקנדיקן זשעניע ווי עס איז געווען דר. אַלבערט שווייצער, אָדער ווי אַל־בערט איינשטיין; אָדער אַפילו אַזאַ קאָלאָסאַלער מאַן, און דעם גרעסטן פון אַלע אידן פון אַלע צייטן, משה רבינו; אָדער דוד המלך, צו וועמען דאָס לעבן פונעם מענטש איז אויך געווען די הייליקסטע זאַך אין דער וועלט, ווי דאָס אַנטפּלעקט זיך אין זיין אומגעהויערן תהלים...

די פרוי לילי קראַוס, וועלכע איך זע דאָס ערשט מאָל אויף טעלע־וויזיע, שפּילט, שפּילט, שפּילט אויס אַזוי רואיק און העכסט־נאָבל די מעלאָדיעס פון שובערט, וואָס איז אַזוי יונגערהייט געשטאָרבן, ווי קיטס, ווי לייב ניידוס, ווי מאָצאַרט, ווי וואַן גאָג, ווי נאַדסאָן, ווי אַפילו דער גרויסער היינריך היינע. זי שפּילט פאַרן נאָבעלן זקן, וואָס האָט בפועל ממש זיך נישט געמיאוסט און זיך גאָרנישט געשעמט פאַר גאָט צו היילן די קרעציקע מענטשן אין די טיפענישן פון די טראָפּישע וועלדער; אין די מעשה־בראשיתדיקע דזשאַנגלען, דורך זיין גאַנצן לעבן פון שווע־רער אַרבעט און האַרעוואַניע לטובת די ליידנדיקע; און וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ געוואַלדיקע רעליגיעזע נשמה, און האָט ליב געהאַט מערסטנס צו שפּילן די ריינדיקע מוזיק פון באַך אויפן אָרגל. (אגב האָט אויך איינ־שטיין זייער באַגאַבט געשפּילט אויפן פידל...)

יענע גאונים וואָס פאַרשטייען די גרויסקייט פונעם לעבן, די הערלעכ־קייט פון די שטערן אין אַ פינצטערער נאַכט אויפן איינזאַמען און אומהיימ־לעכן הימל; יענע זשעני־ען וואָס שאַפן און שמידן אויס פעלקער פון פרי־מיטיווע שטאַמען און ווילדע שבטים, ווי משה רבינו האָט עס געטאָן, און וועגן וועלכן עס באַמערקט אַזוי טאַלאַנטפול דער געניאַלער היינריך היינע; און יענע געוואַלטיקע אַסטראָנאָמען ווי ניוטאָן און קעפּלער; און אַזעלכע מיסטיקער ווי נאָסטראַדאַמוס און יאַקאָב בעהמע, וואָס קוקן אַרויס איינ־מיטן נאַכט דורך דעם קליינטשיקן פענצטערל פונעם אָבסערוואַטאָריע־טורעם, אין דעם אומגעהויערן הימלס־אוצר מיט שטערן־בריליאַנטן, וואָס גאָט זעט איינגעטלעך אויס אַזוי ווייט, אַזוי פרעמד צום מענטש, און אַפילו אַזוי האַרצלאָז און פיינטלעך צום לעבן אויף דער ערד, צי אויך אויף אַנדערע פּלאַנעטן אין אוניווערסאַלן הימלישן ים; ווי פּאַסקאַל, קירקעגאַרד, און דאָסטאָיעווסקי האָבן געזען גאָט; האָבן געזען יענע נעבולאַרישע ראַש־ציניע פון איין און דעם זעלביקן בלוט־און־פליש; און עס פאַרייניקט זיי, קענטיק, אַלעמען איין און איינציקער קאָלאָסאַלער פאַרלאַנג: צו היילן, צו העלפן, צו קושן דעם מענטשנס וואונדן; צו שאַצן; צו וואַרעמען, אַרומ־צונעמען און אומצוהאַלדזן די גרויסקייט פון דעם מענטשלעכן, חיהשן און אַפילו אינסעקטישן לעבן אויף דעם איינזאַמען, קאַלטן און פרעמדן פּלאַנעט אונדזערן...

ערשט לעצטנס, דורך די געוואַגטע טויכערס אין די טיפסטע און טונקלסטע אָפּגרונטן פון די ימישע היילן און טאָלן, זעען מיר אויך דאָס איינזאַמע פנים פון דער חיה, פונעם פיש, וואָס לעבן אויך אַ לעבן פון כסדרדיקן פחד, פון פאַרפאַלגונגען, פון אייביקער טויט־שרעק. און מיר דערזעען אויך צום ערשטן מאָל מיט אַ סך סימפּאַטיע די גרויסקייט און די טראַגישקייט פון דעם לעבן פון די באַשעפענישן אויפן אָפּגרונט פון די ימען...

און, עס וואָלט זיין, דענק איך, אַן עוולה צו פאַרזען דעם פאַקט אַז עס זיינען געווען די חסידישע רביים, די געוואַלטיקע אידן מיט קעפּ ווי די גלאָבוסעס, און מיט גרויסע נשמות ווי אַנגעצונדענע וועלדער אין זון־אונטערגאַנג; די בעל שם טוב׳ס און ר׳ נחמן בראַסלאַווערס, וואָס האָבן אויך, און אפשר נאָך מער ווי אַלע אַנדערע וועלט־גאונים, אַרויסגעבראַכט דעם פּחד פון דער מענטשלעכער נאַכט, די מורא פאַר גאָט; און דורכדעם אויך די פרייד מיטן לעבן, דעם געוואַלטיקן טאַנץ און עקסטאַז פאַר די מענטשן וואָס ליידן אין זייער טיפער און איינזאַמער שטילקייט; די טיפע טרייסט פאַרן ליידנדיקן און קרעכצנדיקן אידן; די גרויסקייט פון דעם אוניווערסאַלן לעבן אין גאַר זיין גראַנדיעזער פּראַכט און אימהדיקן פאַר־נעם; אין זיין נאַכטיקן פּחד און אין זיין דערהויבענער סימפאָניע אין ליבשאַפט און אין עקסטאַז מיט גאָט; אין דעם באַרדיטשעווערס הייליק־גרויסן מאַן, אין ר׳ לוי יצחק פון באַרדיטשעוס דין תורה מיט גאָט, און זיין פאַרמעסט מיטן רבונו של עולם, אין זיין זיך אָננעמען די קריוודע פון דעם סאַמע ליידנדיקסטן פאָלק פון דער וועלט — די אידן... אוודאי זיינען דעם באַרדיטשעווערס טענות צו גאָט נישט אַזוי גראַנדיעז ווי איוב׳ס געוואַלטיקער וויכוח מיטן אויבערשטן פון די וועלטן, אָבער דערפאַר זיי־נען דעם באַרדיטשעווערס רייד פּשוטער, היימישער און פאָלקסטימלעכער. עס איז דעם „קליינעם״־גרויסן אידנס טענות צו גאָט, כאָטש נישט אַזוי גרויס ווי איוב׳ס אוניווערסאַלער אַרויסרוף און וואָרט־דועל מיטן אויי־בערשטן...

צווישן די גרויסע מאָדערנע נביאים קען אויך נישט דורכגעלאָזן ווערן דאָס מעכטיקע און ברייט־פאַרנעמיקע געשטאַלט פון דעם גראַף טאָלסטאָי, וואָס האָט איינמאָל אין זיין לעבן געזען ווי עס צאַפּלט זיך אויף דער תליה אַ פאַרמשפּטער רעוואָלוציאָנער, און ער האָט שוין זיין גאַנץ לעבן נישט געקענט פאַרגעסן די דאָזיקע אימהדיקע סצענע; און ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם נביא און פאָדערער פון גערעכטיקייט, אין דעם פּראָ־טעסטאַנט אַנטקעגן דעם צאַרישן רעזשים, וואָס איז פאַרט געווען בעסער פון דעם רעזשים פון סטאַלין און ברעזשניעוו... אפשר האָט די דאָזיקע סצענע, ווי אַזוי די ברוטאַלע געזעלשאַפט ברענגט אום אַן אומשולדיקן מענטש, געמאַכט דעם גייסטיקן טאָלסטאָי, פּונקט ווי יענער גרויער פרי־מאָרגן, ווען מען האָט דעם יונגען דאָסטאָיעווסקין אין סיביר געפירט צום עקזעקוציע־פּלאַץ, כדי דערשאָסן צו ווערן פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער טע־טיקייט אין צאַרישן רוסלאַנד, אים פאַרוואַנדלט אין דעם געניאַלן שריפט־שטעלער וואָס מיר קענען זינט דעמאָלט. עס ווייזט אויס אַז איין־און־איינ־ציקער מוראדיקער מאָמענט אין אַ מענטשנס לעבן איז אימשטאַנד אים צו פאַרוואַנדלען אין אַ גאון, אין אַ גראַנדיעזן קעמפער קעגן מענטשלעכע ליידן, און פאַר פרייהייט פון געוויסן...

# מיין טאַטע מיט אַ פּראָצעסיע פון געכאַפּטע אידן

עס איז געווען אין אָנהויב פון דער ניי־געגריינדעטער פּוילישער מלוכה. גאַבריעל נאַרוטאָוויטש איז געווען דער ערשטער פּוילישער פּרע־זידענט, וועלכן אַ משוגענער מאָלער, אַזאַ „קינסטלער" ווי היטלער, האָט אומגעבראַכט. איך האָב פּלוצלינג דערזען גיין אויף דער גאַס מיין טאַטן צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע אידן פון שטעטל בשעת דער ווילדער כאַפּעניש פון מחנות אידן דורך די ערשט־ געוואָרענע סטראַזשניקעס פון די נייע פּוילישע הערשער. די סטראַזשניקעס, די פּאָ־ליציי־לייט, די מיליציאַנטן, האָבן נאָך געטראָגן עסטרייכישע מונדירן, דייטשע היטלעך מיט שפּיצן, אונגאַריש געווער; און עס איז בכלל געווען אַן ערב־רב פון אַלע צעבראָכענע אַרמייען אין דער וועלט. אין דער אמתן זיינען זיי פריער געווען סטרוזשעס אין די אידישע הייזער. אַפילו שבת־גויים אויך...

ווי שטרענג מיין פּאָטער פלעגט געוויינלעך זיין אין דער היים, האָט ער איצט אויסגעזען עפּעס אַזוי אָרעם, עלנט, מאַכטלאָז און געפאַלן, ווי אַ דערשאָסענע און געפאַנגענע חיה אין די הענט פון זיין סאַדיסטישן יעגער. איז ער דאָך איצט געגאַנגען צוזאַמען מיט אַנדערע אומגליקלעכע יידן. אָבער דער געמיינזאַמער גורל פון די אידן האָט נישט געקענט הויבן זיין מאָראַל. ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין מענטש פון דער מאַסע, פונעם המון, פונעם פעבל. אין דער צייט ווען מיר האָבן אין דער היים געהונגערט, און אידן זיינען געשטאַנען אין לאַנגע רייען ביי די שטאָטישע קיכן, צו קריגן שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס זיינען אָנגעקומען פון אַמעריקע, האָט ער אונדז, קינדער, נישט געלאָזט זיך שטעלן אין דער רייע. ער איז געווען אַ שטאָלצער קבצן. אויף אים איז געווען פּאַסיק דאָס פּאָפּולערע פּוילישע שפּריכוואָרט: „קיין געלט האָב איך נישט. אָבער די „ערע" פּאַרמאָג איך נאָך"...

איז פאַר מיר איצט פּשוט געווען שווער צו דערקענען דעם טאַטן אין אַזאַ ווילד און אָפּגעריסן געזעמל, אָדער אינמיטן פון אַזאַ פעבל און צוזאַמענגעלויף, צוזאַמען מיט אַנדערע אידישע אָרעמעלייט, ווי קבצנים פונעם שפּיל „דער דיבוק", וואָס טאַנצן אויף דער חתונה ווי פאַרקרימטע גייסטער. ווייל איך האָב שטענדיק מיין טאַטן, פון קליינערהייט אָן, געזען אַזאַ אָפּגעזונדערטן, אַליין, איינזאַם, און אַריסטאָקראַטיש־שטאָלץ, טראָגן זיין ביטערער און דערנידערקנדיקער אָרעמקייט. אין די געציילטע טעג וואָס ער איז געזעסן ערגעץ־וואו אין קאָזע, אין אַ קאַזאַרמע, צי אין אַן אַנדער געפּענקעניש, איז ער עפּעס געוואָרן דינער, דאַרער און איינגע־שרומפּענער. איך האָב דווקא צו אים געשריגן זייער הויך, ווייל דער טומל אויף דער פּולאַווער גאַס איז געווען גרויס, און די פּוילישע פּאָליציאַנטן, ווי שוין געזאָגט, נאָך אָנגעטוענע אין די מונדירן און מיליטערישע

אובראַניעס פון די אָקופּירנדיקע אַרמייען, האָבן שוין באַצייטנס מיט זייערע עסטרייכישע און דייטשע ביקסן־קאָלבעס געשלאָגן די יידן:

— „טאַטע, טאַטע! וואוהין פירט מען איך? וואוהין גייסטו עס צו־זאַמען מיט אַזויפיל אידן? פירט מען דיך אפשר אין וואַלד אַריין?"

אָבער דער טאַטע האָט מיך נישט דערקענט און אויך נישט גע־הערט מיין וויינענדיקן קול. ער איז עפּעס ווי עלטער געוואָרן מיט אַ גאַנצן יאָרטויזנט. ער האָט אויסגעזען צעטומלט און דערשטוינט פון דער אייגענער מאָדנער לאַגע זיינער, ווייל ער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַרעסטירט, אַפילו נישט בשעת די אַלע יאָרן, וואָס ער האָט געלעבט אונ־טער דעם ברוטאַלן צאַרישן רעזשים...

נאָכן אָפּלעבן אונטער דער הערשאַפט פונעם טיראַנישן און טפשדיקן רוסישן צאַר ניקאָלאַי אַזוי פיל יאָרן, — און נאָך פריער פאַר אים האָבן דאָך זיינע זיידעס געלעבט אונטער דער צאַרישער דיקטאַטור, האָט די נייע פוילישע מלוכה תיכף גענומען צו פאַרפאָלגן די פוילישע יידן, וואָס זיינען דאָך, אַלס פוילישע בירגער, געווען געבונדן מיטן גורל פון די פּאָליאַקן, און זיינען געווען זייערע שכנים אַריבער טויזנט יאָר צייט. און דאָך האָט עס די ביידע פעלקער נישט דערנענטערט אין זייערע געמיינזאַמע ליידן און פאַרפאָלגונגען...

אַ געפיל פון טיפן רחמנות צום טאַטן האָט מיך איצט באַהערשט. מיך האָט פאַרדראָסן מיין אומעכטיקייט און מיין נישט זיין אימשטאַנד אים צו העלפן, פונקט ווי מען קען נישט העלפן קיין מת. דער טאַטע האָט זיך גענומען דערווייטערן פון מיר אַ שטאַרק־דערשלאָגענער, צוזאַמען מיט דער גאַנצער מחנה געטריבעבנע אידן, נאָך וועמען עס זיינען אויך נאָכגעלאָפן, ווי נאָך אַ לוויה, זייערע דערשראָקענע און היסטערישע ווייבער און קינ־דער. איך האָב דעמאָלט געהאַט אַ געפיל ווי דער טאַטע וואָלט שוין אויף אייביק אָוועקגעגאַנגען פון מיר צוזאַמען מיט אַלע געפייניקטע דורות פון דער לאַנגער אידישער מאַרטירער־געשיכטע...

## די קרוין פון דוד המלך

אינעם חלל פונעם אייזערנעם קרעמאַטאָריע־אויוון ליגט דער אידי־שער סקעלעט. ער איז שוין אינגאַנצן פאַרברענט. אָבער ביי זיין שאַרבן, דאַכט זיך מיר, איז געבליבן שטיין אַ שטיק פייער, ווי די קרוין פון דוד המלך, וואָס וויל זיך נישט פאַרלעשן. זיין מויל רעדט צו מיר מאָדנע רייד. זיין צונג פלאַמט:

— פייערן האָבן מיך דורכגעזיפּט. אָבער איך וויל נאָך נישט צע־פאַלן ווערן. לאָזט מיך נאָך זיין אַ ווײַלע גאַנצערהייט, נאָך אַ רגעלע פאַרם, אַ מינוט אידישער שטורעם. פון מיינע אויגנלעכער, זעט איר דאָך, ברעכט זיך אַרויס דורותדיק געשריי נאָך נקמה. אויף דער צעבראָכע־

נער נאָז מיינער שטייט נאָקעט מיין אידישע נשמה. פון דער וואונד וואָס איז אַמאָל געווען אַ יידיש מויל, שוין אָן מיינע ליפן, וואָס האָבן אַמאָל געקושט דאָס לייב פון אַ גאָלדענער פרוי, פון אַ זיס אידיש קינד, פון דער הייליקער ספר תורה צו הקפות, דונערט עס איבער דעם ליידיקן חלל פון דער גאַנצער וועלט מיין הילכיקער „שמע ישראלו״, הערט זיך צו צום אידישן געשריי, איר אַלע דורות!...

איך שטיי פאַרן דאָזיקן סקעלעט מיט אַ געפיל פון אַנגסט און פחד ווי איך וואָלט געשטאַנען פאַר דיביינער פון אַ פאַרצייטישן אידישן קיי־סער, אַ מאָמענט אידער זיי צעפאַלן זיך אויף אייביק. אָבער איצט איז דער אידישער סקעלעט אינעם קרעמאַטאָריע־איווין נאָך גאַנץ און גע־וואַלטיק אין זיין אויסזען.

און דאָס פייער איבער זיין נאַקעטן שאַרבן, ווי אַ קעניגלעכע קרוין, וויל זיך קיינמאָל נישט פאַרלעשן. ער איז ענלעך צו בר־כוכבא...

## מיין געבורט

איינמאָל דערציילט מיר מיין שוועסטער מירעלע:

— דאָס פיטשינקע שטעטעלע באָבריניק האָט אויסגעזען ווי אַ פעס־טונג, מיט נידעריקע כאַטקעס אַרומגערינגלט. ווען די זון פלעגט אונ־טערגיין, האָט מען געמיינט אַז עס ברענען די שטרויענע דעכער. אינמיטן, אין אַ הילצערן הייזל, מיט אַזאַ שטרויענעם דאַך, האָבן מיר געוואוינט. די קליינע פענצטער פון אונדזערע ענגע חדרים האָבן אַריינגעקוקט אין דער אַלטער שול, וואו ליכטלעך האָבן געצאַנקט. כדי קובר צו זיין די מתים פון דעם שכנותדיקן שטעטל יעוואַנגעראַד, האָט מען זיי געטראָגן אויפן בית עולם קיין באָבריניק. אויך פלעגט מען אַהינקומען כדי זיך צו גט׳ן. מיר פלעגן אָפט פאַרנעמען פונדערווייטנס די קללות און קריגע־רייען צווישן די אומגליקלעכע פאַרלעך. דיינע זיידע און באָבע ליגן אויך אין באָבריניק. אינמיטן שטעטל איז אייביק געשטאַנען אַ געל און ברוי־דיק וואַסער, אין וועלכן די לבנה און די שטערן האָבן זיך געשפּילט. מען האָט עס גערופן „דער וויעפּזש״...

— עס איז געווען אין חודש אַפּריל. אין דרויסן האָט שוין פאַרשמעקט מיט ריחות פון פרילינג, מיט בעז. דער שניי איז שוין געהאַט צעגאַנגען ווי צוקער אין דער וואַרעמער זון. קאַלוזשעס מיט וואַסער האָבן זיך צע־גאָסן איבער די פעלדער. דורכן גאַנצן טאָג האָט די מאַמע געקרעכצט. זי האָט שוין באַצייטנס געקראָגן די ווייען פון געבורט. דער טאַטע איז נאָכמיטאָג געהאַט געפאָרן מיט אַ פויער קיין יעוואַנגעראַד. ער האָט גע־וואָלט ברענגען פאַר דער מאַמען אַ אידישע הייבאַם. אָבער די באָבע רייזל, זי זאָל זיך מיען פאַר אונדז אין גן־עדן, האָט אים דערפון אָפּגע־רעדט. דו ביסט געבוירן געוואָרן אַרום פאַרנאַכט־צו, שוין נאָענט צו בין־

השמשות. דו ביסט געווען ביי דיין געבורט האַלב־טויט. ווייבער, פויער־טעס און שכנטעס זיינען אַריינגעקומען אין שטוב. זיי זיינען געווען בייז פאַרוואָס מען האָט זיי פריער נישט אָנגעזאָגט אַז די מאַמע גייט צו קינד. זיי האָבן דיך אַריינגעלייגט, געדענק איך, אַזוי ווי עס וואָלט ערשטן נעכטן געשען, אין אַ הילצערנעם בעקן מיט אייז־קאַלטע וואַסער. זיי האָבן דיך, קליינטשיק ווי דו ביסט געווען, געפּאַטשט מיט זייערע גרויסע הענט. ענדלעך האָסטו אַרויסגעלאָזן אַ וויינענדיקן קוויטש. אַלע ווייבער האָבן זיך דערפרייט. דאָס נײַ־געבוירענס לעבט! די מאַמע, אַזאַ אויסגעבלייכטע קימ־פּעטאָרין, האָט מיט אירע בלויע ליפּן שטיל געציטערט און געשעפּטשעט צפּעס אַן אַלטע, טייערע תפילה...

— ביי אונדז אין דער ביר־שענק זיינען געזעסן די פּויערים און גע־טרונקען ביר. זיי האָבן געררויכערט אַ סך מאַכאָרקע. דער רויך איז גע־שטאַנען שטייף און בלוילעך־גרוי ביז צו דער סטעליע. דיינע בײדע שוועס־טערן, חיהלע, זי זאָל זיך מיען, און איך, האָבן מיר באַדינט די געסט. דו האָסט געהאַט דינע און ווייסע לעקלעך. מען האָט געזאָגט אַז דו ביסט אַ שיין קינד. איך אַליין האָב איינמאָל געזאָגט צו דער מאַמען:

— מאַמע, וואו איך האָב נאָר געקענט זען אַ קינד אין יעוואַנגעראַד, איז עס נישט געווען אַזוי שיין ווי אונדזער קינד מיט די זילבערנע לעקלעך...

מיין שוועסטער מירעלע דערציילט ווייטער:

— מען גיט דיר אַ האַלב גלאָז מיט מילך און דו פּרייסט זיך קענטיק דערמיט. דער טאַטע איז שלעכט געשטימט. ער שעלט שטענדיק ווי אַ זשאַבע. די מאַמע, און דיינע ביידע שוועסטערן, זיינען טאָג און נאַכט פאַרהאָרעוועט. ווען די פּויערים שיכורן זיך אָן, צעברעכן זיי די פלעשער מיט ביר אין דער שענק. טיילמאָל קומט צו גיין דער פּריץ מיט זיינע „פּאַראַבקעס" (משרתים). זיי פּרעסן, טרינקען און מאַכן דערנאָך אַן אַ חורבן. זיי שלאָגן דעם טאַטן אויך. דו האָסט זיך שוין אויסגעלערנט אָנ־צוציען די מעשענע וואַגעס פונעם הילצערנעם זייגער, ווען זיי פאַלן מידע אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע...

יאָ, איך צי שוין אָן די מעשענע וואַגעס פונעם וואַנט־זייגער. איך האָב שוין צו טאָן מיט צייט. איך ריר אָן די שעהן פונעם לאַנגען מעת־לעת. באַלד וועל איך שטיין אַזאַ קינדיש־דערשטוינטער ביים אויפגיין פון דער בלויער נאַכט. איך וועל אָנקוקן די מאָסן שטערן אין פינצטערן הימל. די זון וועט בריען מיינע קליינע הענט. איך וועל רייסן פלאַמיקע „מאַקואוקעס" פון די פּוילישע פעלדער. עס וועט זיך עפענען פאַר מיינע אויגן די היימישע לאַנדשאַפט מיט אידן, די גרויסע משפחה מיינע, די ברייטע וועלט, און איך וועל מיט דער צייט פּרואוון אַריינקוקן אין דער טיפעניש פונעם קאָסמאָס אויך...

# דער קאַרגער זקן

מיין פריינט פּאַסטערנאַק דערציילט מיר:

— יאָקל פּיק פאַרמאָגט אין זיבן בענק גאַנצע הונדערט און פופציק טויזנט טאָלער. איין באַנק ווייסט נישט, פאַרשטייט זיך, פון דער אַנדערער באַנק. ער קריגט אַרום זעקס טויזנט טאָלער פּראָצענט דורכן יאָר. ער וואוינט אין אַ פינצטערן קעלער מיט ווילגאָטנע ווענט, אויף וועלכע עס וואַקסן משוגענע שוואָמען. דער פוטערנער הוט אויפן קליינטשיקן קעפּל זיינעם איז שוין פאַרפוילט און צעלעכערט פון שנייען און רעגנס. פון זיך אַליין פאַלט אים זומערצייט אַראָפּ איבערן שטערן דער אויסגעשוויס־טער ראַנד פונעם שטרויענעם קאַפּעליוש. ער טראָגט צעקנייטשטע הויזן, אַ מיליטערישע מאַרינאַרקע מיט גרויסע מעשענע קנעפּ פון אַ טויטן גענעראַל; און אַ ראָק וואָס שטאַמט אַזש אָפּ פון פּרעזידענט וואַשינגטאָנס צייטן. ער טראָגט אויך טשאַרלי טשאַפּלינס צעדרייטע קאַמאַשן. ער האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט, כדי חלילה נישט צו דאַרפן געבן אַ ווייב צו עסן, זי צו באַקליידן און צו באַשוכן. ער האָט בלויז איין נאָענטן פריינט פון זיין געבורטס־שטעטל אין גאַליציע, וואָס געפינט זיך שוין זיבנט יאָרן אין אַ מושב זקנים, אין האַרלעם. יעדן חודש פאָרט יאָקל פּיק באַזוכן זיין טויבן חבר, אַן אַמאָליקן שדכן. אָבער פריער, איידער ער קלאַפּט אָן אין דער טיר פון זיין איינציקן פריינט, וואָס פאַרלאַנגט פון אים קיינמאָל גאָרנישט, גייט ער בגנבה אַראָפּ אין מאַרג, וואָס געפינט זיך אין קעלער פון דעם מושב זקנים. ער עפנט פאַרזיכטיק אויף די „קאַיוטעס" פון דער אומעטיקער לעבנס־שיף און ער קוקט שטילערהייט אָן די מתים, די ערשט־פאַרשטאָרבענע זקנים. ער זיפצט אויס:

— עס איז ביטער. דער מלאך המות אַרבעט מעשים. מענטשן פאַלן ווי די פליגן, ממש ווי בשעת אַ מגפה אין דעם אַמאָליקן שטעטל...

עס איז, הייסט עס, שלעכט. עס איז קלאָר פאַר יאָקל פּיק אַז דער טויט דערנענטערט זיך שוין באַלד. ער איז שוין פינף און זיבעציק יאָר אַלט. עס וועט גאָרנישט העלפן, און סוף־כל־סוף וועט מען מוזן אויסטאָן דאָס פעלעכל און איבערלאָזן צו דער שטאָט די גאַנצע הונדערט און פופ־ציק טויזנט טאָלער, אין די זיבן בענק, וואָס ער האָט ממש אָפּגעשפּאָרט פון די געדערים. ער האָט זיך נעבעך אַפילו קיינמאָל נישט פאַרגונען דאָס מינדעסטע, נישט חלילה פאַר זיך אַליין, און אוודאי נישט פאַר יענעם; נישט פאַר קיין בלוטיקן אָרעמאַן, און אויך נישט פאַר קיין געפאַלענעם קרוב אַמאָל, וואָס האָט פאַר אים געוויזן זיין פאַרזאָרגטן פּנים, זיין פאַר־טרערט אויג...

עמעץ זאָגט צו אים:

— ר׳ יאָקל, באַדענקט זיך פאָרט: אפשר וועט איר אָפּשרייבן פאַר ישראל עטלעכע טויזנט טאָלער. איר פאַרמאָגט דאָך ממש פאַנטאַסטישע

אוצרות. עס וועט דאָך אַלץ איבערבלייבן אויף הפקר. די שטאָט וועט עס צונעמען פאַר זיך, און מען וועט שפּעטער אפילו רעכט נישט דערמאָנען אייער ליבן נאָמען. איר וועט דאָך, באַטראַכט זיך גוט, נישט לעבן אייביק...

יאָקל פּיק ווערט אין כעס. ער לויפט אַוועק ווי אַן אונטערגעצונדע־נער. ער לויפט הענדום־פּענדום אין דער נאַכט, ווי ער וואָלט וועלן אַנט־רינען פון זיין טיפער עלטער. אָבער די פינף און זיבעציק הונגעריקע יאָרן לויפן אים נאָך, ווי זיי וואָלטן מאָנען ביי גאָט זיין טויט. און די פּנימער פון די מתים, וואָס ער האָט ערשט געהאַט אָנגעקוקט אין מאַרג, לעכערן אים ממש דעם שאַרבן. אַ שוויס שלאָגט אַרויס אויף זיין קאַלטן שטערן. ער ציטערט פון פּחד פאַרן מלאך המות...

## דער שטאַרבנדיקער דאָן זשואַן

עס איז געווען אין דעם סאַנאַטאָריום פון קאָלאָראַדאָ. ער איז גע־בליבן שטיין אין מיין זכרון ווי אַן עקשנותדיקער זייל פון פיבער. ער וויל זיך בשום אופן נישט אויסלעשן אין מיר, ווי די מערסטע זאַכן, וואָס גייען אויס מיט צייט און שטערן. איך זע ווי ער גייט כסדר, כמעט יעדן אָוונט, איינגעהילט אין דעם פייער פון זון־אונטערגאַנג, צו די גאַסנפּרויען פון דער שטאָט דענווער. די פּאַציענטן אין די שניי־ווייסע חדרים, די שטענדיקע ציניקער, וואָס שטאַרבן דאָ איינציקווייז אויס, ווי די שטערן אויפן הימל אין באַגינען, קוקן אים נאָך מיט חוזק. זיי מאַכן ביטערע באַ־מערקונגען וועגן אים. ער איז בלייך אויפן פּנים, און אויסגעדאַרט ווי אַ שטעקן. ער האָט קוים כוח צו שלעפּן זיינע מידע פיס. אָבער ער קליידט זיך ווי אַ פּאַצעט. אַ רויטע זון־בלום שטעקט תמיד אין זיין גלאַנציקן לאַץ. דאָס טונקעלע שנירל פון זיינע גאָלדענע פּאַנסנע באַמבלט זיך איבערן זילבערנעם וועסטל ווי שפּינגעוועבס. מען זאָגט אַז ער גייט אַן אויפהער צו די געפּאַרבטע ליאַלקעס אין די זייטיקע האָטעלן פון די דענווערער געסלעך, ביז ער פאַלט איינמאָל אַוועק אויף די טרעפּ פונעם באָרדעל, ווי יענער גרויסער פּאָעט פון פּאַריז, אויף די שטיינערנע שטיגן פון אַ טעמפּל אין בעלגיע...

אַ קליינע צאָל פריינט, געדענק איך, האָבן אים באַגלייט צום בית עולם אין איינעם אַ גרויען און שנייאיקן טאָג. דער שניי און דאָס רויטע ליים האָבן צוגעדעקט דאָס קבר פונעם סקעלעט, וועלכן מען האָט ציניש אָנגערופן „דער שטאַרבנדיקער דאָן זשואַן". אפשר איז איינע פון זיינע נעגערישע פריינדינס אויך אַנוועזנדיק געווען צווישן דער קאַרגער גרופּע באַגלייטערס. און יענע, וואָס האָט אים אַמאָל געקושט אויף זיינע קאַלט־פאַרגרינטע ליפּן, האָט איצט אפשר צוגעלייגט צום רויען בערגל ערד אַ בוקעט מיט וויאָלענדיקע בלומען. דערנאָך איז זי שטילערהייט אַוועק, די סאַמע לעצטע פריינדין, אין דער שטאָט אַריין...

# דער סופר פון לעמבערג

איך בין היינט בייגאַכט געווען ביי די פּריינט פאַסטערנאַק. מען האָט היימלעך גערעדט וועגן אַ סך זאַכן פון דער היים. עס איז אויך געקומען צו רייד וועגן דעם סופר פון לעמבערג. דער דאָזיקער סופר, זייערס אַ שכן, איז געווען אָנגעשטעלט ביי דער קהילה. ער האָט געשריבן כתובות, גט'ן, אויפשריפטן פאַר מצבות און אויך אַנדערע טעקסטן, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיטן שטייגער־לעבן פונעם גאַנצן ציבור. אין זיין פרייער צייט האָט ר׳ לייבל סופר אויך געשריבן אַ ספר תורה. ער האָט נישט דווקא אָנגעהויבן צו שרייבן פונעם ספר בראשית, ווי מען קען מיינען. ער האָט אַפילו געקענט אָנהויבן די אַרבעט ביי אַ קאַפּיטל פון מיטן טעקסט. דערנאָך, ווען ער האָט שוין אַלץ געהאַט פאַרטיק געמאַכט, האָט ער צונויפּ־גענייט די פאַרשידענע פּאַרמעטן מיט די קאַפּיטלעך. ער האָט פרייער צוויי מאָל אַליין איבערגעלייענט דעם טעקסט פון דער אָנגעשריבענער ספר תורה, און האָט, פאַרשטייט זיך, אויסגעבעסערט די גרייזן. ער האָט דערביי געניצט אַ פאַרגרעסער־גלאָז. דערנאָך האָט ער געגעבן דעם הייליקן פּאַרמעט נאָכאַמאָל איבערצוקוקן דורך אַן עקספּערט, אַ בעל מגיה.

אַמאָל האָט מען ביים סופר אויך באַשטעלט צו שרייבן אַ מגילה. אין משך פון דריי וואָכן, אָדער אין אַ חודש אַרום, האָט ער פאַרטיק געמאַכט די מגילה.

דעם פעדער־שוואַרצן טינט האָט ער אַליין צעלאָזן, אָדער צעשמאָלצן, פון געוויסע מאַטעריאַלן. זיין ווייב האָט אָפט געקינדלט. זיי האָבן געהאַט גאַנצע צוועלף קינדער, ווי די צוועלף שבטים. דער סופר איז נאָך דער־צו געווען אַ מלמד צו זיינע אייגענע יינגלעך און מיידלעך. טייל קינדער זיינע, ווען דער סופר איז גראָד נישט געווען אין דער היים, האָבן זיך צוגעכאַפּט צו זיין שרייב־געצייג און זיי האָבן אַליין געמאַזשגעט אויף שטיקלעך קלאָרן פּאַרמעט, אויף פּאַפּיר אין קאַיעטן... — — —

פריינט פאַסטערנאַק רעדט געמיטלעך. אָבער מיר חלומט זיך עפּעס. איך זע דעם בלייכן און אויסגעדאַרטן סופר. ער איז זיך טובל יעדעס מאָל, איידער ער זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקל כדי צו שרייבן גאָטס הייליקע ספר תורה. ביי דער נאַכט, איבערן לויטערן אידישן הימל, ווי איבער אַן אויסגעשפּרייט פּרוכת, שוועבט שטילערהייט אַרום די לבנה, און זי קישט אָפּ געטריי זיינע פינגער מיט אירע פרומע ליפּן, ווי אַ שטילע, צאַרטע כלה...

# אַ לעצטער פּאַסאַזשיר פון דער לעבנס־שיף

דער פייערלעכער באַנקעט אין דעם גראַנדיעזן זאַל האָט זיך שוין געהאַט געענדיקט. די ברילִיאַנטענע ליוסטערס אויף די ווענט זיינען גע־ווען פאַרטויט פון היץ און רויך דורכן מאַסנרויכערן. די קאַנדעליאַברעס אונטערן סופית האָבן בליציק געלויכטן מיט פייער. די קעלנערס אין

זייערע ווייסע שירצן האָבן שוין געהאַלטן ביים אָפּריינִיקן דעם אָפּפאַל און דאָס אַש פונעם פריערדיקן עולם. זיי האָבן שוין באַצייטנס צוגעגרייט די טישן פאַר פרישע געסט מיט נייע רעדנערס און אָראַטאָרס, אָדער „פּאָליטישנס" און דעמאַגאָגן. אין דער גלענצנדיקער „לאָבי" האָבן שוין אומגעדולדיקע געוואַרט די ערשטע שוואַלבן פאַר אַ שטורעמדיקער פאַר־זאַמלונג. עס איז שוין טאַקע איצט נישט געווען קיין שום שפּור פונעם פריערדיקן עולם. פונדעסטוועגן האָב איך באַמערקט ווי עס בלאָנדזשעט נאָך אַרום אין דעם פאַררויכערטן קאָרידאָר פון האָטעל מיינס אַן אַלטער באַקאַנטער. מיט יאָרן צוריק, געדענק איך, איז ער געווען אַ יונגער און גאַנץ וואולגאַרער פאַרשוין, וואָס האָט געטרונקען, געפרעסן, געהוליעט, גערעדט מיט נבול פה, געשאָטן מיט גראָבער פאַרנאָגראַפיע, זיך געכאַפּט קושן מיט געוואָלט אַלמנות און עלטערע פרויען, דערציילט פון זיינע עראָ־טישע דערפאָלגן...

אָבער איצט פאַרטרויט ער זיך פאַר מיר מיט אַ שוואַכער שטימע אַז ער איז כמעט בלינד. איך זע אַז קוים וואָס ער שלעפּט נאָך זיינע געליימ־טע פיס. אָבער עס איז מאָדנע וואָס איך האָב עפּעס נישט קיין שום רחמנות אויף אים. ווייל דאָס האָבן די זינד זיינע ווי פייער און גיפט אויסגעגרי־זשעט די שיין פון זיינע אויגן. ער האָט אַצינד פּשוט נישט געזען ווי אַזוי אַרויסצוגיין פונעם אימפּאָזאַנטן האָטעל אויף דער רעגנדיקער און שוין נאַכטיקער גאַס. ער האָט זייער לאַנג, האָב איך באַמערקט, געטאַפּט די ווענט און געזוכט דעם אַרויסגאַנג...

אָט ווי אַזוי גאָט באַשטראָפט יענע וואָס שענדן, שינדן די הויט ביז בלוט, רייסן פאַסן פון לעבעדיקע לייבער, און זיי געניסן דאָס לעבן מיט געוואַלט, אָן שום מאָס, טאַקט, איינזעעניש און רחמנות צו די אומבאַ־האָלפענע און אומגליקלעכע קרבנות, אויף וועמענס שאַרבנס זיי טרעטן מיט זייערע האַרטע פאָדעשוועס, מיט די מיט אייזן־באַטשוועקלטע שטיוול און הילצערנע אָפּזאַצן...

ער האָט זיך שטילערהייט געשאַרט אויפן נאַסן טראָטואַר, אונטערן מבולדיקן גאַס און רעגן־כליאָפּ. איך האָב טרויעריק נאָכגעקוקט דעם לעצטן גאַנג פון אַ זינדיקן מענטש, פון אַ וואולגאַרן הוליאַקע, וואָס איז אַהיימגעגאַנגען פון דער לעבנס־הוליאַנקע...

## דער טייך פון דער קינדהייט

שפּאַצירנדיק אויפן ברעג פון ים, אין קוני איילאַנד, האָב איך באַגעגנט אַ היימישן לאַנדסמאַן. עס איז געקומען צו רייד וועגן דעם טייך אין אונדזער שטעטל, וואָס מען האָט גערופן „די ליאַכע". ווער ווייסט ווי אַלט עס איז דער דאָזיקער נאָמען. אפשר שוין אַזוי אַלט ווי דער טייך אַליין, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן, ווי איך געדענק פון מיין פריער יוגנט, ערגעץ אינעם אַלטן

שטאָטישן פּאַרק, הינטערן מאַרמאָרנעם שלאָס פון דעם פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי. עס איז געווען אַזאַ שטילער, רואיקער און טונקעלער טייך, וואָס איז אַריינגעפלאָסן אַרום דריי־פיר וויאָרסט ווייטער אין דער ליכ־טיקער ווייסל. און די ווייסל, פון איר זייט, איז אַריינגעפאַלן, ווי אַלע וויסן, אין דעם באַלטישן ים...

עס רעדט זיינע פּשוטע רייד דער שוין גרויער לאַנדסמאַן. אָבער איך זע פאַר מיינע אויגן די שטילע און איינזאַמע „ליאַכע". אירע קוים־וויבערירנ־דיקע כוואַליעס פאַרמאָגן עפּעס אַזאַ טונקעלן און זיידענעם גלאַנץ. איר שטילקייט איז געבליבן שטיין ווי אַן אומעטיקע מעלאָדיע ביזן היינטיקן טאָג אין מיין געמיט. די „ליאַכע" געדענקט אוודאי די ערשטע דורות מיט אידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין פּוילן. מסתמא געדענקט זי אויך מיינע ביידע צאַרטע שוועסטערן, מירעלע און חיהלע, וואָס שפּאַצירן מיט זייע־רע חתנים פּאַזע דער ליאַרע בשעת די שבתדיקע טעג. זיי הויבן אונטער זייערע קליידלעך, כדי זיי זאָלן נישט באַנעצט ווערן דורכן זיך פּלוס־קענדיקן וואַסער...

איך גיי פאַרטראַכטערהייט ביים ברעג פון אַטלאַנטישן ים אין ברוק־לין. מיר דאַכט זיך אַז צווישן דעם שבתדיקן אידישלעכן עולם זע איך איינע אַן עלעגאַנטע גרעפין אין אַ לופטיק־ברייטן קרינאָלינע־קלייד. דאָס איז איזאַבעלאַ, דאָס האָלענדישע ווייב פון דעם פּרינץ אַדאַם טשאַרטאָ־ריסקי, וואָס גייט געאָרעמט איבער די טונקעלע אַלייען מיט זיין פריינט און קאָלעגע, דעם הויכן און שלאַנקן צאַר אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, דעם באַזיגער פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, וואָס האָט באַזוכט מיין שטעטל אין יאָר 1804...

## יעקב און דער מלאך

### (סוגעסטירט דורכן פּאָעט יוסף רובינשטיין)

אין דרויסן שטייט נאָך פעסט דער פינצטערער באַגינען. יעקב האָט טאַקע מנצח געווען דעם מוראדיקן מלאך מיט זיינע שפּיציקע פליגל, וואָס האָבן אים צעשטאָכן דאָס לייב ווי מיט אייזערנע שפּילקעס. אָבער ער איז אַהיימגעקומען צו זיינע ווייבער רחל און לאה, און צו זיין אייגענעם הויז, אַזאַ ווייטער, פרעמדער און פאַרקלעמטער מאַן, ווי ער וואָלט מער זיין שוועל נישט געהאַט דערקענט. אין זיינע גרויסע איבערגעשראָקענע אויגן איז שטיין געבליבן אַזאַ מין ווילדע פרעמדקייט. ער האָט עפּעס מוראדיקס איבערגעלעבט מיט אַ קורצער ווילע פריער. זיין גאַנץ גע־שטאַלט האָט געפיבערט, און עס איז נאָך געווען איינגעטונקען אין דעם מלאכס נאַכט־און־פייער. דעם מלאכס הויכע און שפּיציקע פליגל, ווי שטאָ־לערנע זעגן, האָבן צעראַצט און צעגראַטשעט די הויט פון זיין פּנים. דער מכלומרשטער „זיג" איבער גאָטס מלאך האָט אים שיעור נישט געקאָסט דאָס לעבן. עס האָט ביי אים גרוי־און־אַלט געמאַכט זיין קאָפּ מיט די גע־

דיכטע האָר. יעקב אָבינו איז אַצינד נישט מער דערזעלביקער וואָס ער איז געווען מיט אַ ווײַלע צוריק, איידער ער האָט זיך געראַנגלט מיטן פֿירכטערלעכן מלאך. זײַנע בײדע װײבער קוקן אים אָן מיט שטוינונג. איבערהויפּט שטייט רחל אָן איבערגעשראָקענע איבער אים. זי האָט פּשוט נישט דערקענט איר אייגענעם מאַן...

## די ציגײַנערטע לײַענט מײַן כתב

איך האָב אָנגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר מײַן ערשטן נאָמען, און עס געגעבן דעם ציגײַנערישן, אָדער איטאַליענישן מיידל, צוזאַמען מיטן זילבערנעם האַלבן טאַלער. זי האָט זיך פּאַרטרויליך צוגעבויגן צו מיר, ווי זי וואָלט געווען באַשעפֿטיקט בלויז מיט מײַן גורל און מײַן צוקונפֿט. דער פּאַרפֿיומיקער ריח פֿון איר קאָפּ האָר האָט מיך פֿאַרשיכורט. זי האָט גערעדט צו מיר מיט אַזאַ וואַרעמער און פּרוילעכער שטימע:

— דו באַרעדסט קײנעם נישט פֿון דײַנע פֿרײַנט. אָבער זיי באַרעדן דיך שוין געוויס. זיי לאָזן דיך פּשוט נישט אַרויס פֿון זייערע מײַלער. זיי ברענען אויף דיר ווי אַ בייז פֿײַער...

אויף אַ מאָמענט בין איך געווען איבעראַשט: זי ווייסט, הייסט עס, אַז איך בין אַ שרײַבער. אָבער איך האָב בלויז געענטפֿערט:

— נו, מילא...

— דו האָסט ליב אַ טונקל־האַריקע פֿרוי. זי האָט דיך אויך ליב. אָבער גראָד אין דעם איצטיקן מאָמענט זײַנען פֿאַראַן געוויס קאָמפּליקאַציעס. אפֿשר מאָרגן, צי איבערמאָרגן, וועט אַלץ קלאָרער ווערן. איך עצה דיר נישט צו פֿאַרלירן די האָפֿענונג...

אויב זי מיינט „יענע פֿרוי", האָב איך זיך געטראַכט, איז זי גראָד נישט קיין „טונקל־האַריקע". אָבער איך האָב איר געענטפֿערט:

— געשעצטע פֿרײַלין, איך פֿאַרליר קיינמאָל נישט מײַן ביסל בידנע האָפֿע־נונג. איך טאָר זי נישט פֿאַרלירן. וואָרום עס וועט מיר דעמאָלט שוין גאָר־נישט איבערבלײַבן...

— דו האָסט אַפֿילו מיט עטלעכע יאָר צוריק אַביסל מער פֿאַרדינט. איצט איז דווקא שווערער צו פֿאַרדינען אַ לײַטישן טאַלער. אָבער צייטן וועלן מוזן בעסער ווערן...

געטראַכט האָב איך: קיין געוואַלטיקער פֿאַרדינער בין איך קיינמאָל נישט געווען. אָבער איך האָב איר געענטפֿערט:

— איך בין דערין איבערצײַגט, גנעדיקע פֿרײַלין...

— דו ביסט אַן ערלעכער מענטש, דעריבער ביסטו פֿאַרמשפּט צו לײַדן...

איך האָב געטראַכט: זי איז נישט ווײַט פֿונעם אמת. איך האָב געזאָגט:

— אַ דאַנק, פֿרײַלין. איך דענק אַז איר האָט געזאָגט וועגן מיר אַ

ריכטיקע זאַך. איך וועל טאַקע ליידן שטילערהייט, ביז די זון, ווי זאָגט מען עס, וועט פאָרט אַמאָל אויפשיינען. איך האָף אַז זי וועט נישט קומען צו שפּעט...

— דו האָסט אפשר פאַר זיך אַליין אַ געשעפט? איך עצה דיר נישט צו זאָרגן צופיל. דיינע פריינט וועלן היינט־מאָרגן זיך פאַרזאַמלען ביי דיר אין געוועלב. זיי וועלן זוכן אַן עצה ווי אַזוי דיר צו העלפן ממשותדיק. זיי וועלן נאָך אַמאָל רעדן גוטס וועגן דיר אויך. זיי וועלן לויבן דיין קו־ראַזש, דיין בראַווקייט, דיין ערלעכקייט...

— פריילין, וואָס אַן אמת, פאַרמאָג איך גראָד נישט קיין שום לייטיש געשעפט. אַפילו נישט קיין קליינטשיק געוועלבל. איך בין אַ שרייבער, אַ אידישער „פיסאַרזש״, אָדער „עקריוועז״, ווי מען זאָגט אויף פראַנצויזיש. איך שרייב מעשות...

פון מיין כתב, וויזט אויס, האָט די טרעפערקע, אָדער „וורוזשקע״, נישט געקענט געגוי דעצידירן וועגן מיין פראָפעסיע. איך האָב פונדעסט־וועגן אויף איר רחמנות געקראָגן. פאַר אַ נישטיקן האַלבן טאָלער דער־וואַרט מען פון אַן אָרעמען פאָלקס־קינד אַזוי פיל אמתן און נביאותן וועגן יעדן איינציקן מענטש, וואָס איז באמת אַ דזשאַנגל, פול מיט טונקלקייטן און רעטענישן...

— פריילין, איר זענט אַ זייער שיינע פרוי. מאַנצלייט וועלן משוגע ווערן פון אייער שיינקייט. זיי וועלן זוכן צו געווינען אייער פריינטשאַפט. זיי וועלן שמאַכטן נאָך אייער ליבשאַפט. איך זע בפירוש שיינען אייער צוקונפט אין גאָלד...

די ציגיינערטע האָט מיר נאָכגעקוקט מיט אַן אויפזשאַר פון פייער אין אירע טונקעלע אויגן. מיר האָט זיך געדאַכט אַז לאָרד בייראָנס גע־ליבטע אין גריכנלאַנד האָט אויך אַזוי געמוזט אויסזען. זי האָט גאָרנישט פאַרפאָרדעכטיקט אַז איך טראָג אונטערן אָרעם מיין גורל — מיינס אַ נייעם אידישן בוך...

## זיך טועה געווען

אַהיימפאָרנדיק פון קוני איילאַנד, האָב איך זיך טועה געווען ביים אַריינשטייגן אין דעם ריכטיקן אונטערגרונט־באַן. איך בין תיכף דער־שראָקן געוואָרן. אַנדערע מענטשן פאָרן דאָך אויס אין די היינטיקע צייטן, אָן שום פחד, דורך שטעט, לענדער און קעניגרייכן. זיי באַנוצן אַלער־ליי קאָמוניקאַציע־מיטלען. אָבער איך האָב זיך געפילט גאַנץ אומהיימ־לעך. די פרעמדקייט פון מענטשן, וואַגאָנען, הייזער, גאַסן און לאַנד־שאַפטן, האָט מיך עפּעס דערדריקט. עס איז, דאַכט זיך מיר, געווען דער זעלביקער סאָבוויי־וואַגאָן, ווי אַלעמאָל, ווען איך פאָר אַהיים פון ים־ברעג. אָבער איצט זיינען די וואַגאָנען געווען אַזעלכע טונקעלע. די געגנט, זע איך

דורך די פאַרשטויבטע פענצטערלעך, זעט אויס ווי זי וואָלט זיין ערגעץ־וויט אין אַפריקע, צי אויסטראַליע, אָדער ווי אין אַ מעשה־בראשיתדיקן דזשאַנגל. די פּאַסאַזשירן זעען אויס צו מיר ווי שרעקלעכע קאַניבאַלן. איך האָב עפּעס דערפילט אַ מאָמענט ווי מען וואָלט מיך געפירט צום בית עולם. מענטשן, זע איך, באַגלייטן מיך שוין אויפן סאַמע לעצטן וועג. איינע, אַ מיטליאַריקע פרוי, ווישט זיך אירע שיינע אויגן און זי וויינט שרעקלעך. אַ צװיבערהאַפּטע געליבטע חלשט פּשוט אַוועק. אַן אַנדערע פרוי חזרט איבער צו אירס אַ פריינדין מיינע לעצטע באַמערקונגען וועגן געוויסע שרייבער. (אין „דרימל" פון טויט צוויפל איך פונדעסטוועגן צי זי ציטירט ריכטיק מיינע געדאַנקען). איינער אַ קאַלעגע מיט אַ גרויסן קאָפּ טענהט אַז אויב מען מוז טאַקע שטאַרבן, לוינט גאָרנישט דאָס גאַנצע עסק. דער מלאך המות פערזענלעך זיצט אויך, דאַכט זיך מיר, אין אַ ווינקל פונעם וואַגאָן, און ער לייענט מכלומרשט אַ נעכטיקע, שוין היפּש־אָפּגעריבענע צייטונג, וואָס אַ נעגער האָט, אַרויסגייענדיק, געלאָזט ליגן אויפן צעשניטענעם געזעס. דער טויט, וואָס זעט אויס ווי באָריס קאַר־לאָף וואָס שפּילט אַלס הענקער אין איינער פון זיינע מאַרבידע פילמס, הערט אַלץ אויס, וואָס די מענטשן פּלוידערן, און ער מאַכט זיך מכלומרשט געפּגרט. ער איז, הייסט עס, גאָרנישט שולדיק וואָס מען האָט מיך אומ־געבראַכט מיט געציילטע שעהן פריער. אַ פּאַרוועלקטע רויז וואַלגערט זיך אַרום אויף דער פּאַדלאָגע. זי איז אַרויסגעפאַלן פון אַ בוקעט מיט בלו־מען, וואָס אַ דאַמע האָט דאָ געטראָגן. (אָדער, זאָל איך זיך באַרימען אַז די פרעמדע און פראַכטפולע פרוי מיט אַ קאָפּ פלאַמיקע האָר, האָט פאַר מיר ספּעציעל אַראָפּגעוואָרפן די רויז?!) וויפל מען זאָל אויף דער בלום נישט טרעטן, קען מען פאַרט נישט אינגאַנצן פאַרניכטן איר שיינקייט, אויסלעשן איר גאָלדן און בלוטיקן פייער...

איך ווער באַהערשט דורך עפּעס אַ פּחד טאָמער קום איך טאַקע נישט מער אַהיים. דער קאָנדוקטאָר, אַ נעגער אַ ריז, דערזעט מיין שרעק, און איך פאַרשעם זיך פאַר אים. אַ פרום אידישלעך פאַרפאַלק טוליען וואַרעם צו זיך זייערעביידע פיצלעך קינדער, וואָס זעען אויס ווי אַ צווילינג. אפשר, טראַכט איך, בין איך אַ גלגול פון דעם עמבריאָן מיט וועלכן, ווי איך זע, עס שוואַנגערט שוין באַצייטנס די יונגע פרוי, נאָך איידער איך גיי רעכט אויס. דערווייל ווער איך געוואויר, ווי דורך עפּעס אַ קליינינקייט, אַ נישטיקן טעות אַזאַ, אַז עס איז טאַקע אַזוי מאָדנע גרינג שוין קיינמאָל מער נישט אַהיימצוקומען צו דער אייגענער שטוב, צום אייגענעם וואַרע־מען בעט. דיין אייגענע וואוינונג וועט דיך נישט מער דערקענען, זאָגט זיך, דאַכט זיך מיר, אין דעם גראַנדיעזן ספר איוב...

ווען איך קום ענדלעך אַריין אין מיין שטוב, פאַל איך צו מיט עפּעס אַ ווילדער ליבשאַפט צו אַלע זאַכן, וואָס זיינען מיר אַזוי נאָענט, טייער,

און וואוילבאַקאַנט דורך לאַנגע יאָרן פאַרברענגען מיט זיי אין מיין שע־
פערישער איינזאַמקייט. איך באַריר זיי צאַרט מיט מיינע בײדע הענט;
איך קוש ממש אויס דאָס אַלטע מעבל, די קונסטווערק, די ביכער, די
עטלעכע פערלדיק־וואַרעמע נוד־מאַלערייען פון פּרויען; אויך די פּאָר
פּאָרטרעטן פון מיין ווייניקייט, וועמענס יוגנט מאַכט מיך טרויעריק אין
מיין איצטיקער פאַרעלטערטקייט. איך באַמערק מיט שטוינונג אַז אויף איין
פּאָרטרעט שטיי איך טאַקע אַזאַ דערשראָקענער, מיט גרויס אַנגסט און
פּחד. הייסט עס אַז דער מאָלער האָט בפירוש זיך געקענט אויף מיין נשמה,
אויף מיין אמתדיקן כאַראַקטער. אָבער דערווייל איז צוגעפאַלן די נאַכט.
די לבנה שטייט שוין אין הימל אַזאַ טיף־פאַרקלערטע. וויפל פעסער מיט
טינט, פאַלט מיר איין, וואָלט מען געקענט אָנגיסן פון דער נאַכט, כדי
אָנצושרייבן אַ שילדערונג פונעם פּחד פון בלויז איין־און־איינציקן מענטש
אין משך פון זיין גאַנצן לעבן!...

## מיר ווערן נישט מיד צו קייען אייביקייט

איך זיץ נעבן די אוראַלטע פעלדזן אויפן ברעג פון ים אונטער דער
בריענדיקער זון. מיר דאַכט זיך אַז איך הער ווי די גרויע שטיינער שרייען
און קרעכצן:

— אין אונדזערע טיפסטע טיפענישן ווײנען די סקולפּטורישע גע־
שטאַלטן וואָס וועלן שוין מער קיינמאָל נישט אַרויסקומען פון אונדזערע
פאַרשטיינערטע טראַכטן. מיר זײנען פאַרמשפּט אויף אייביק באַגראָבן צו
ווערן אין זיך אַליין. אונטער אונדזערע גראַניטענע הויטן, פעלן און פּאַנ־
צערס, חלומען מיר און שטאַרבן מיליאָנען יאָרן לאַנג. די אייביקייט אַליין
באַגראָבט און צעשטערט אונדזערע פאָרמען און מאַסקעס. די קינסטלער
וואָס האָבן אונדז געזען שלאָפן, און האָבן געהאַט אַ פּיבערישן פאַרלאַנג
אונדז צו אַנטפּלעקן, זײנען שוין זינט יאָרטויזנטער צוריק צעפאַלן אויף
שטויב. עס וועלן אין דער צוקונפט אוודאי קומען נייע דורות קינסטלער
מיט אָנגעצונדענע זעאונגען אין זייערע מוחות. זיי וועלן אין זייערע מעכ־
טיקע אַמביציעס, און געיאָגטע פון אַ פאַרצערנדיקן הונגער צום שאַפן,
אונדז פּרוּוון צו עפענען און מיט געוואַלט צו אַנטפּלעקן די אַרעסטירטע
געשטאַלטן, באַפרייען די קאָלאָסאַלע פיגורן אין אונדזערע טיפענישן. אָבער,
פּונקט אַזוי ווי די מייסטער פון די פריערדיקע דורות, וועלן זייערע הענט
אויך צעבראָכן ווערן, און זייערע שעפערישע פייערן וועלן זיך פאַרלעשן.
מיר וועלן קיינמאָל נישט לאָזן באַפרייען אונדזערע פאָרמען און פאַרשטע־
לונגען און נישט פאַראַטן אונדזערע חלומות און לוסטן. שטומע און פאַר־
משפּטע צום שוויגן וועלן מיר ליגן מיליאָנען יאָרן ביים ברעג פון ים,
און פאַרנעמען די געררוישן פון די כוואַליעס, און דאָס געטלעכע שווייגן
פון די שטערן...

# דער קינדערישער אוניווערס

ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינטשיק ייִנגעלע, האָט די וועלט אויס־
געזען צו מיר צו זיין פון לויטער וואונדער און געהיימעניש. איך האָב
נישט געקענט גענוי פאַרשטיין און דעפינירן די סאַמע עלעמענטאַרסטע
דערשיינונגען פון טאָג־טעגלעכן לעבן. אַ שטייגער: איך האָב איינמאָל
געזען אין אַ ראַזורע, אָדער „פריזיר־אַנשטאַלט", ווי מען האָט עס גע־
רופן, ווי אַזוי איינער אַ בידעריקער מאַן זייפט אָן מיט אַ בערשטל די
מאָרדעס פון מאַנצפּאַרשוינען, וועלכע זיצן זיך, קענטיק, גאַנץ באַקוועם
און געדולדיק אויף די ברייטע און סאָלידע שטולן. זייערע נאַסע פּנימער
זייַנען איינגעוויקלט אין שניי־ווייסע האַנטוכער. וואָס אַזוינס טוט אייגנט־
לעך דער „כישופמאַכער" מיטן שוימענדיקן בערשטל צו די דאָזיקע מאָד־
נע און געהאָרכזאַמע מענטשן? פאַרוואָס לאָזן זיי זיך איינשמירן, אָדער
איינרייבן, זייערע פּנימער מיטן קלאָרן „שניי"? וואָס אַזוינס שאָבט אַראָפּ
דער מאַן מיט דער שאַרפער שטאָלענער בריטווע פון זייערע בערדיקע
באַקן?!...

ווען עס פלעגט פּלוצלינג אין די כמורנע און ווינטערדיק־ווינטישע
טעג אַראָפּפאַלן אַ גרויסער, פרעמדער און אובאַקאַנטער שניי אויף די
גאַסן פון שטעטל, צי אין די איינזאַמע פּוילישע דערפער, וואו מיר האָבן
געוואוינט דורך די מערסטע יאָרן פון מיין יוגנט, פלעג איך זיך וואונ־
דערן: וואָס אַזוינס פאַלט עס אַזוי געטלעך שטיל פון גאָטס שווייגנדיקן
הימל מיט אַזאַ מין מאַגנאַטאָנישן פאַל? פאַלט עס אפשר מעל פון די
שטערן, כדי צו באַקן ברויט פאַר די קבצנים? אָדער פאַלט עס זאַלץ,
כדי צו באַזאַלצן די טייכן און די ווייסל אונטערן שטעטל? צי פאַלט עס
גאָר יענער ווייסער און פאַנטאַסטישער מן, וואָס די אידן האָבן פאַרצייטנס
געגעסן אין מדבר, און דערמיט געשטילט „זייער הונגער, ווי עס ווערט
דערציילט אין תנ"ך? צי קען מען „דאָס" טאַקע צעקייען, עסן און
געניסן ביז צו דער זעט? צי אפשר גאָר זייפט דער רבונו של עולם איין
דאָס גראַנדיעזע פּנים פון דער ערד כדי עמעץ, אַ ריזנמלאַך, זאָל עס
מיט אַ פייערדיקער שווערט, ווי אַ בליץ, דערנאָך קענען אָפּגאָלן און
שיין מאַכן?!...

אין דער צייט פון שושן־פּורים האָט מען געוויינלעך, ווי עס איז
געווען דער מנהג, געבראַכט שלח־מנות אין אונדזער אָרעמער שטוב
אַריין: פּיטשינקע מענטשעלעך פון גלאַנציקן צוקער; חנעוודיקע נעגער־
לעך פון ברוינער שאָקאָלאַדע; רייצנדיקע מולאַטקעלעך מיט מילך־ווייסע
ציינדלעך. איך האָב אַ טייל פון די דאָזיקע נאַשערייען אויפגעגעסן. אָבער
עס האָט מיך פאָרט געפּייניקט אַ מאָדנע רעטעניש, אָדער שאלה: וואָס
געשעט שפּעטער מיט זייערע באַפרייטע נשמות? צי לעבן זיי ווייטער
אין מיינע געדערים? צי שווימען זיי אַרום אין דעם בלוט פון מיינע

אַדערן? צי זיינען די „שוואַרצע מענטשן״ אין קאַלאַמבוסעס מדינה, וועגן וועלכע מיין טאַטע רעדט אָפט, דערציילנדיק פון זיינע בײדע נסיעות קיין אַמעריקע, אויך אַזוי „זיס״ און „פריינטלעך״ ווי די דאָזיקע טונקל־ברוינע, שאָקאָלאַדישע נעגער־פיגורן? וועל איך זיי אויך מעגן פאַר־צוקן ווען איך וועל אויסוואַקסן אַ „גרויסער״, און איך וועל אַמאָל זיין הונגעריק?!... (איך האָב אוודאי דעמאָלט נישט געטראַכט אַז פאַרצערנ־דיק די דאָזיקע מענטשלעכע נאַשוואַרגן באַגיי איך דעם פאַרברעכן פון „קאַניבאַליזם״...)

אין דעם שטעטלדיקן געשעפט פון וויסאָצקיס טיי, וואָס איז געווען פאָפולער אין מיין צייט, איז געווען אָנגעשטעלט אַן אמתער נעגער פון אַפריקע, ווי אויף אַ רפואה. ער האָט, פאַרשטייט זיך, געדינט לשם עקזאָ־טישער דעקאָראַציע. דער דאָזיקער אומעטיקער נעגער איז פאַר מיר געווען אַ טונקל רעטעניש, און אַ גרויס וואונדער. קודם־כל איז פאַר מיר געשטאַנען די שאלה: צי איז ער טאַקע אַן אמתער נעגער, אַזאַ וועלכן דער טאַטע האָט געהאַט געזען אין גאַלוועסטאָן, טעקסאַס, וואוהין ער האָט דערגרייכט צוזאַמען מיט מיינע בײדע עלטערע ברידער?! אויב עס איז אמת, מיינט עס דאָך פשוט אַז דער דאָזיקער נעגער איז אויך „געמאַכט״ פון ריינער און זיסער שאָקאָלאַדע. מיך וואונדערט דעריבער פאַרוואָס מען האָט אים נאָך ביז היינטיקן טאָג ביי אונדז אין שטעטל נישט אויפגעגעסן, פונקט אַזוי ווי איך האָב פאַרצערט אונדזערע פורים־דיקע שלח־מנות־נעגערס. עס פלעגט טרעפן אַז איך פלעג אַמאָל אין אַ טונקל געסל, ביינאַכט, זיך אָנטרעפן אויפן דאָזיקן איינזאַמען און איינ־ציקן נעגער אין שטעטל. איך האָב זיך פאַר אים דערשראָקן. עס איז געווען מיסטעריע, טרויער, איינזאַמקייט און ווילדע פרעמדקייט אין זיין עקזיסטענץ, אין זיין גאַנג איבערן פוסטן־און־שטילן שטעטל...

איך האָב בשעת מעשה געטראַכט אַז ווען איך וועל אַמאָל אויס־וואַקסן צו זיין אַ דערוואַקסענער מענטש, וועל איך אוודאי פאַרמאָגן אַ סך פיזישע קראַפט. איך וועל זיך דעמאָלט פאַרגנבענען אינמיטן נאַכט צום גע־שעפט פון וויסאָצקיס טיי, וואו עס שלאָפט זיין שאָקאָלאַדישן שלאָף דער עלנטער אַפריקאַנישער נעגער, אָדער ער שפּאַצירט אַרום איינינקער־אַליין איבער די אומהיימלעכע און חושכדיקע געסלעך פונעם שטעטל, ביים ברעג פון דער ווייסל, נעבן דער קריסטלעכער „טומאה״, און איך וועל פּרוּוון ביי אים אַראָפּצוברעכן אַ שטיק זיסע האַנט, אָדער דעם טונקעלן שאָקאָלאַדישן קאָפּ זיינעם, און איך וועל זיין גליקלעך אים צו פאַרזוכן. און אפשר אינגאַנצן אויפצועסן, ווען קיינער וועט נישט זען, אין דעם אָפּשיין פון דער לבנה, וואָס שווימט אַרום הויך אין הימל מיט אַזאַ טיפער שטילקייט אין איר געמיט...

שבת פאַרנאַכט, געדענק איך, האָט מען שוין מיט אומגעדולד גע־

וואָרט אַז די ערשטע דריי שטערן זאָלן ענדלעך דערשײנען אין דעם פּרומען הימל, כדי מען זאָל קענען אָנצינדן אין אונדזער אָרעמער שטוב דאָס חלבדיקע ליכטל, און דער טאַטע זאָל שוין מעגן מאַכן די הבדלה. פונוואַנען געדענקט עס דער רבונו של עולם אַזוי גענוי וועלכע דריי שטערנדלעך אַרײַנצושטעלן אין דער ריזיקער גאָלדענער מנורה אין הימל? פון אַזויפיל מיליאָנען־און־מיליאָסן שטערן, פאַרוואָס געדענקט ער אַליין, אָדער זיין צעחושטער שמש, דער גוטער מלאך, תמיד אַרײַנצושטעלן אין דער הימלישער שטערן־קאָנסטעלאַציע בלויז יענע דריי באַליבטע, פאָלקסטימלעכע, און שבת־צונאָכטסטיק־וואָרעמע אידישע שטערן??!...

אָט אַזעלכע פאַנטאַסטישע שאלות און רעטענישן האָבן געמאַטערט מיין קינדישן מוח, ווען איך בין נאָך געווען אַ קלײנטשיק ייִנגל. עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן איצט, ווען איך בין שוין באַלד אַן עלטער־ער מאַן, אַ איד מיט גרויע האָר, אַז איך האָב אַמאָל געקענט אַזוי טראַכטן און האָבן אַזאַ נאַרישע, צי נאַאיווע לאָגיק, און ביסלעכווייז דערקענען און „אָנטאַפּן" די רעאַליטעטן פון דער וועלט אויף אַזאַ מאָד־נעם־און־מיסטעריעזן שטייגער!...

## דער מאַמעס קאַמפּאַט

דער מענטשלעכער זכרון וואָרפט אַרויס, ווי דעם בלויען אַש פון אַן אויוון, וואָס האָט געברענט און געוואָרעמט אין דער ווינטערדיקער נאַכט, אַ סך איבערלעבענישן און געדענקענישן. אָבער דווקא די ניש־טיקע זאַכן און עפּיזאָדן קריצן זיך איין אין געדעכעניש. זיי בלייבן דאָרטן שטיין ווי הייסע גלאָוויִעס פון פייער און גאָלד. טייל מכלומרשט אומבאַדייטנדיקע עפּיזאָדן טוען אונדז ווי כמעט שוין ביזן לעצטן טאָג, אָדער נאַכט, פון אונדזער עקזיסטענץ.

די אָרעמקייט ביי אונדז אין דער היים איז געווען גרויס. איבערן פּוילישן לאַנד האָט דעמאָלט רעגירט די דייטש־עסטרייכישע מאַכט. מען האָט געליטן נויט אין אַ סך אידישע הייזער. אָבער אונדז האָט דער הונגער באַזונדערס שווער געגריזשעט מיט זיינע אייזערנע ציין. זומערצייט, בשעת די מאַמע פלעגט גיין אין שטעטל כדי צו באַדינען אונדזער יונגער, אָבער שוין שווינדזיכטיק־קראַנקער שוועסטער חיהלע, כדי עפּעס אָפּצוקאָכן פאַר איר, און אויך כדי צו באַדינען חיהלעס קליינ־טשיקן זונדעלע לייבושל, פלעגן מיר בלייבן אין דאָרף אַן געלט און אַן שפּייז. קיין שטיקל ברויט איז אין שטוב אויך נישט געווען. האָבן מיר ביידע, איך און מיין עלטערער ברודער, געקליבן שוואָמען אין דעם אימהדיקן וואַלד, און זיך דערמיט דערנערט. טיילמאָל, אין אַ פרייטיק פאַרנאַכט, פלעגט די מאַמע אַ טרויעריקע אַהיימקומען און ברענגען

אין דעם קוישל אירן אַ קליינטשיק און מאָגער ברויטל, ווי אויך אַ „וואַמפּ״ (מאָגן), וואָס מען האָט באַדאַרפט שטאַרק צו רייניקן און לאַנג צו קאָכן אויפן פייער פון דער פּליטע. (עס האָט אגב געדויערט לאַנגע שעהן ביז די נאַסע צווייגן, וואָס מיר פלעגן געווײַנלעך אָנקלייבן אין וואַלד נאָך אַ רעגן, זאָלן זיך צעברענען.)

איינמאָל האָט געטראָפן אַז די מאַמע האָט אָפּגעקאָכט אַ זיסן קאָמ־פּאָט פון אַ ביסל עפּל, באַרנעס, פלוימען, און פון אַנדערע וואונדער־לעכע פּירות, וואָס האָבן פאַרמאָגט דעם טעם פון גן־עדן. דער טאַטע האָט שוין געדאַרפט אַהיימצוקומען פון זיין טעגלעכן גאַנג איבער די פּוילישע דערפער, וואו ער איז אַרומגעגאַנגען צווישן די פּויערים און האָט זיי געפּרואווט איינרעדן צו קויפן ביי אים אַ זייגערל. איך בין געווען הונגעריק פון כמעט גאַנגע יאָרן נישט דערעסן צו דער זעט. האָט די מאַמע מיר אָנגעבאָטן צו געבן אַ טעלערל מיטן זיסן קאָמפּאָט. און בשעת זי האָט געהאַלטן אין אַריינגיסן אינעם טעלערל אַ ביסל פונעם קאָמפּאָט, וואָס האָט געהאַט פאַרשמעקט די גאַנצע שטוב, האָב איך זיך עפּעס שלימזלדיק אַ דריי געטאָן און האָב אומגעקערט דעם טאָפּ. דער פרישער קאָמפּאָט האָט זיך אויסגעגאָסן אויפן טיש און איבער דער פּאָדלאָגע. די מאַמע, געדענק איך, איז געבליבן שטיין אינמיטן שטוב אַזאַ אומגליקלעכע און דערשראָקענע. איר פערלדיק פּנים איז געוואָרן ווייס ווי קרייד. אירע ליפּן האָבן געציטערט פון פּחד און פאַרצווייפלונג. איר פאַרדראָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען גרויס. זי האָט קוים באַוויזן ערב שבת איינצוקויפן די רייפע פּרוכטן אין שטעטל, אויפן מאַרק, אפשר פאַר אירע לעצטע גראָשנס. די פרומע מאַמע האָט געוואָלט פאַרזיסן אונדזער הייליקן שבת; אויך איינשטילן אַ קאַפּעטשקע דעם טאַטנס אומרואיקייט; זיין ביטער שעלטן, זיין אויפרעגונג, זיין פּראָטעסטירן קעגן גאָט, זיין לעסטערונג קעגן מענטשן, קעגן אָרעמקייט און טרויער אין לאַנד, אין שטאָט, און אוודאי אין אונדזער אייגענער אָרעמער היים. און דאָ געשעט אַזאַ מין אומגליק!

די מאַמע איז דעמאָלט געווען דאָס סאַמע אומגליקלעכסטע באַ־שעפעניש אין דער וועלט. די קאַץ איז גיך צוגעלאָפן און האָט גענומען גראַבלען און פּאַטשקען מיט די פיסלעך אירע אינעם אויסגעגאָסענעם טייכעלע מיטן געשמאַקן קאָמפּאָט. אַלץ איז געוואָרן פאַרברודיקט. דער אייזערנער טאָפּ איז געבליבן שטיין אַ ליידיקער. וואָס וועט די אָרעמע מאַמע איצט קענען זאָגן דעם טאַטן? ער וועט דאָך וואַרטן ביים סוף פונם פאָסנעם מאָלצייט אויף זיין פּאָרציע מיט קאָמפּאָט? אויב ער וועט געוואויר ווערן פונעם אומגליק, קען עס זיין געפערלעך.

די מאַמע האָט מיך פונדעסטוועגן נישט געשלאָגן. זי האָט מיך אָפילו נישט אויסגערעדט פאַר מיין שלימזלדיקייט. זי האָט בלויז אַזוי טרויע־

ריק געשוויגן. איך האָב נאָך פאַרזוכט פון מיין פּאַרציע קאָמפּאָט, וואָס זי האָט באַוויזן מיר צו געבן, איידער דער טאָפּ האָט זיך אומגעקערט. אָבער די פּרוכטן, אַזעלכע באַטעמטע און זיס־אויפגעשוואָלענע, האָבן מיך איצט געשטיקט. די זיסקייט איז געווען ביטער ווי גאַל אין מיין מויל. דער שרעקלעכער רחמנות אויף דער אומגליקלעכער מאַמען האָט מיך געמאַכט צום וויינען. איך וועל שוין די דאָזיקע געשעעניש אַרומ־טראָגן אין זכרון און אויך אין האַרצן, אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן. און, איך וועל זיך שטענדיק פילן אַזוי שטאַרק שולדיק אַנטקעגן דער וואונדערלעכער מאַמען מיינער...

## שפּעט־ביינאַכטיקע שאָטנס

ביינאַכט, אין לבנהדיקן אָפּשיין, קריכן אַרויס פון אונטער די בריקן, מויערן, טורמעס און באַרדעל־הייזער די טרויעריקע שאָטנס פון אַלערליי מענטשן. איינער, אַ פאַרשוין מיט אַ ריזיקן שטרויענעם הוט, באַוועגט זיך קוים איבער דער ערד, ווי אַ האָמונקולוס. איינע, אַ פרוי, ווייס ווי קרייד און ווי נישט קיין בירגערין פון דער דאָזיקער וועלט, וואָס איז מסתמא ערשט אויפגעשטאַנען פון אַ ווערעמדיקן קבר ביים פּלויט, טראָגט אַ געפלאָכטן קוישל אין די הענט, פול מיט פאַרפוילטע פּרוכטן, און זי פויזעט געררוישלאָז, מיט פאַמעלעכדיקע טריט, ווי אַ טשערעפּאַכע. איינע אַ פּראָסטיטוטקע וואָס איז אויסגעגאַנגען אין טורמע־שפּיטאָל פון אַ ווענערישער קראַנקייט, גייט שטילערהייט אַרויס פון ערגעץ אַ בית עולם, אויף וועלכן עס פאַלט כסדר אַ רעגן פון עפּעס אַן איינציקן פינצטערן וואָלקן, וואָס הענגט איבער אַ וויסטן האָריזאָנט. זי גייט אַרויס כמעט אַ באַקעטיקע פון אַ קבר, צווישן די קברים וואו עס ליגן אָפּגעבראָטענע גענגסטערס, געהאַנגענע רויבערס, קריפּלען און גאַסנ־פּרויען. זי גייט אַזאַ שטילע אין דער פייכט־און־פריש־שמעקעדיקער נאַכט. זי שטעלט אונטער אירע נאַסע האָר אונטער דער אייזערנער לאָמ־טערנע, ווי כדי איינצוזאַפּן די טראָפּנס טוי און פאַרפיום פון דער לופט. טרערן רינען איבער אירע געררוזשטע, קיטענע באַקן, אויפגעגריזשעטע פון סיפיליס, ווי געזאַלצענע טראָפּנס ים־וואַסער. זי אָטעמט מיט איר דינער, צעפּרעסענער נאָז און זי באַשמעקט אַזוי זשעדנע אַלע זאַכן אין דער נאַכט. זי טוט נאָך אַ ווינק מיט אַ האַלב־אויסגעלאָשענעם שוואַרצ־אַפּל פון אַ פאַרזשאַווערט אייגל צו אַ פאַרבייגייענדיקן שיכור, ווי אין די אַלטע און גוטע צייטן, כדי געוויר צו ווערן אויף ווי ווייט זי איז נאָך אימשטאַנד צו רייצן די מאַנצלייט מיט איר צעשטערטער ווייב־לעכקייט. אין דעם ווינטל פון דער נאַכט פלאַטערט ווי שפּינגעוועבס איר טונקל קלייד. די געלע, שטייפע בלעטער וויינען און ברעכן זיך אונטער אירע אָפּזאַצן. זי שטעלט קוים אירע שוואַכע טריטלעך אויף

די אויסגעריבענע טראָטואַרישע קוואַדראַטן, וואָס זעט אויס ווי אַן אומ־ענדלעך שאַך־ברעט, אויף וועלכן גאַנצע דורות האָבן אַמאָל פאַרשפּילט זייערע לעבנס...

אַ, די געשטאָרבענע פּראָסטיטוטקעס! לאָזט איר פריי אַרומגיין. אַרעסטירט איר נישט, פּאָליציי־לייט. דערלויבט איר נאָך איינצואָטעמען אין די פּיצלעך איבערגעבליבענע לונגען אירע אַ ביסל פייכטער לופט אין דער האַרבסטיק־שטילער נאַכט!...

און אָט זעט מען אויך אַרויסטויכן פונעם חשכות צוויי נידעריקע פאַרשווינען, איינזאַמע רויבער, וואָס האָבן, לויט דער עוואַנגעליע, געזאָלט פאַרצייטנס געקרייציקט ווערן צוזאַמען מיטן מישטיינס געזאָגטן „אידישן קייסער"...

— פאַרוואָס דערמאָנט מען אונדז נישט? — פרעגן, דאַכט זיך, זייערע פאַרקרימטע פּנימער, אָפּגעסמאָליעטע דורך די פייערן פון דער זון. פאַרוואָס ווערן מיר נישט דערמאָנט אין אַלע תּפילות און פּרעפלע־רייען פון אָרעמע אַלמנות, פון פאַרשימלטע בתולות, פון די איינזאַמע ברואים אויף די הפקרדיקע וועגן? פאַרוואָס שעפּטשען צו אונדז נישט קיין ליטאַניעס די שטילע און פאַרשעמטע ליפּן פון צאַרטע פרויען און פון פרומע מתפּללים אין די געבעט־הייזער? פאַרוואָס פאַרטרויען זיך נישט צו אונדז די הערצער פון פאַרליבטע ווייבער, די נשמות פון די מינדעריאָריקע מיידלעך? פאַרוואָס איז דאָס אידעלע פרויענטום פון דער וועלט נישט פאַרליבט אין אונדזערע געפּייניקטע לייבער, אין די פאַר־בלוטיקטע גופים אונדזערע, ווי אין אים, דעם ראָמאַנטיש־לעכערלעכן „קייסער"?

זיי גייען זאַלבענאַנד, ווי צוויי שיכורים, די רויבערס פון נצרת. שטומע, ווי זייער גאַנץ לעבן איז געווען שטום. באַדייטונגסלאָזע, בלויז צופעליק־דערמאָנטע און צוגעטשעפּעטע צו אַ גראַנדיעזער און אוודאי אויסגעטראַכטער וועלט־מעשה. דער אויסגעחוזקטער „קעניג", מיט דער קרוין פון שאַרפע, האַרבסטיק־רויטע דערנער אויף זיין בלייכן־און־פאַר־בלוטיקטן שטערן, איז מכלומרשט אומגעקומען פאַר די זינד פון דער גאַנצער מענטשהייט. ער איז אומגעבעטענערהייט געוואָרן דער מאַרטי־רער פון אַלע אומשולדיקע מענטשן. ער איז, הייסט עס, אויסגעגאַנגען מיט דער „באַרג־רעדע" אויף זיינע בלויע ליפּן. ער זאָל האָבן צו זיינע יסורים געגעבן זין־און־באַדייטונג. אַזוי זאָגן עדות און שרייבן די אַפּאָס־טאָלן, די פישער־יונגען און די פּאַסטוכער־גרוביאַנעס, וואָס זיינען, פאַר־שטייט זיך, צו מיר, דעם ייד, גאָרנישט אַזוי וואַזשנע „באַגלויבט". אָבער די דאָזיקע צוויי היימלאָזע גנבים, אויסגעקרומטע פון יסורים, צעגריי־זשעטע פון די ראָבן, מיט צעקלאַפּטע נעז, פאַרגעסענע און נישט־אָנער־קענטע פון דער וועלט, זיי בלאָנדזשען אַרום קרוע־בלועדיקע אויף דער

ערד, שוין זינט קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר, און זיי זיינען עפּעס ווי אומ־דירעקט געוואָרן די מאַנערס, די פאַרשטייערס פון אַלע יענע שטומע נפשות; פון אַלע די קלאַשאַרן און קריפּלען; פון די אַלע שאָטנדיקע, קוים־מערקבאַרע ברואים, מיט אָפּגעמעקטע פּנימער, מיט די פון פאַרבן־פאַרפלעקטע מאַסקעס, מיט סיפיליטיש־ציניש געזיכטער; פון די אַלע געהאָנגענע, געקרייציקטע, צעשאָסענע און דערוואָרגענע „פּאַסאַזשירן".
די דאָזיקע רויבערס מאָנען ביי דער קירכע אָנערקענונג פאַר די מאַסן רוצחים, די מערדערס, די אַטענטאַטאָרס, די מורדים, די גענגסטערס, די פּימפּס, די הענקערס און קאָרטנלעגערס פון אַלע צייטן און דורות. זיי פאָדערן אויסדרוק און אָנזען פאַר זייערע ברידערלעך פונעם צעך, די „מערדערס אינקאָרפּאָרייטעד", איינגעשלאָסן די אויסגעלאָסענע פּויפּסטן, די פעטע קאַרדינאַלן מיט רויטע קאַרקן און שמאַלציקע באַקן; די אַלע קריסטלעכע פאַרשטייערס וואָס דינען אין אַלע לענדער, און דורך אַלע צייטן, צו די צעזאַרס, צו די צאַרן און טיראַנען, ביז צו היטלערן און פראַנציסקאָ פראַנקאָ... — — —

ווען די נאַכט עפנט אויף אירע טונקעלע טויערן, אירע פאַרבאָרגענע אַלייען, דעמאָלט גייען זיי אַרויס, די שאָטנס, די מיזעראַבעלע מענטשלעכע ווייטיק־אינוואַלידן, און זיי ציען זיך פאַרביי אַזעלכע קוים־אָנזעעוודיקע, אין אַ פּראָצעסיע, דורך די גליווערנדיק־פאַרפרוירענע גאַסן, פאַרביי די טויטע הורבות און פאַרשימלטע רואינען, און איבער זייערע נאַקעטע שאַרבנקעפּ, פלאַטערן, דאַכט זיך, ברייט־פליגלדיקע פלעדערמייז, מיט אָפענע מיילער, פון וועלכע עס שטאַרטשען אַרויס פאַרפוילטע ציין ווי געלע פּניאָקעס. טיילמאָל מישן זיי זיך אויס מיט די לעבעדיקע גע־שטאַלטן. אין טונקעלע קאַרנאַוואַל־נעכט פאַרזאַמלען זיי זיך אין צאָל־רייכע מאַסן. זיי קומען צוריק ווי אַמאָל, צו די אויסגעלאָסענע געצנדי־נערישע פאָלקס־יום־טובים. זיי זינגען און שפּילן אויף אינסטרומענטן מיט זייערע ביינערדיקע פינגער און צעבראָכענע הענט, וועמענס ברייטע אַרבל פרואוון צו פאַרהוילן זייערע געלע, שטויביקע און בלאָטעדיקע הויטן. שטילערהייט פּראָטעסטירנדיק, מאָנען זיי ביי גאָט זייער רעכט, זייערע נישט־אויסגעלעבטע לעבנס, זייער טרויעריקע אייביקייט...

## אַ וואָרט וועגן מיינע ביכער

די מערסטע פון מיינע ביכער, וואָס זיינען דערשינען אין די לעצטע יאָרן, טראָגן אַן אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער. אין אַ צאָל ביכער האָב איך באַשריבן די מיטגלידער פון מיין אייגענער משפּחה. גאָר לעצטנס האָב איך אין עטלעכע ווערק מיינע גענומען פאַרצייכענען די כאַראַק־טערן און געשטאַלטן פון די אידישע שרייבער, און אויך פון אַ צאָל אידישע קינסטלער, וועלכע איך האָב פּערזענלעך געקענט און דערקענט

אין משך פון די פיר צענדליק יאָרן, וואָס איך וואוין אין אַמעריקע, ספּעציעל אין ניו־יאָרק, איך ווייס אַז די סאַמע עלנטסטע בריאה אין דער גאַנצער וועלט איז דאָס באַשעפעניש פון אַ אידישן שרייבער. דאָס פאָלק זיינס קען אים נישט, וויל אים נישט האָבן און באַדאַרף נישט זיינע ווערק. אַ אידישער שרייבער ווערט אויך נישט אָפּגעשאַצט, און אוודאי ווערט ער נישט געליבט און נישט פאַרערט דורך זיינע אייגענע קאָלעגן, סיידן דורך פאַלשע און קעגנזייטיקע רעצענזיעס, וואָס ווערן געשריבן צוליב נישטיקע טובות. עס הערשן שטענדיק קליקעס, וואָס מאַכן פּאָליטיק...

האָב איך אויף מיין אייגענעם שטייגער, טיילמאָל אַביסל ציניש און גראָ־טעסקיש, אָבער אָן שנאה חלילה; פאַרקערט: שטענדיק מיט גרויס ליב־שאַפט און אפילו מיט מיטלייד, געפּרואווט צו שילדערן אַ צאָל אידישע שריפטשטעלער. איך פיל אַז איצט, ביים סוף פון אַן עפּאָכע אין דעם אי־דישן לעבן; ביים סוף פון אַ קולטור, וועלכע די אידן אַליין האָבן פרייוויי־ליק אָוועקגעוואָרפן צוליב אַסימילאַציע, בלינדקייט און נאַציאָנאַלע טראַגע־דיעס, איז די סאַמע וויכטיקסטע זאַך צו פאַרצייכענען געטריי און רעאַ־ליסטיש דאָס וואָס מיר געדענקען וועגן דעם לעבן פון אונדזערע קאָלעגן.

ווען איך זיץ ביי מיין שרייב־טישל אין די נאָך פינצטערע באַגינענס; ווען ביים סוף פון דער לאַנגער ווינטערדיקער נאַכט שטייט אַ גרויסע לבנה ביי מיין פענצטער, און זי גיסט אַריין איר קאַלטן און גאָלדיקן ליכט אין מיין טונקעלן טינטער, שרייב איך וועגן די אידישע שרייבער. וויפל איך שרייב און באַשרייב, קום איך אָפט צום טרויעריקן און דעזיגנירנדיקן באַשלוס אַז איך קען פּשוט דעם ים מיט דערינערונגען וועגן די שרייבער און קינסטלער וואָס איך האָב געקענט, נישט אויסשעפּן. אָבער איך פיל אויך אַז איך טו, אויף מיין באַשיידענעם שטייגער, אַ סאָרט היסטאָרישע אַרבעט. ליטעראַטור, אין אַלע אירע זשאַנרן, איז בכלל די געשיכטע פון די מענטשן, פון פעלקער, פון לענדער און עפּאָכן. ווען איך פּרואוו צו באַשרייבן אַ אידישן קינסטלער, אפילו ווען איך באַנוץ טיילמאָל אַביסל ציניזם און איראָניע; אָדער ווען מערסטנס באַשרייב איך אים מיט טראַ־גישע שטריכן, ווי אַ משה יונה חאַימאָוויטש, צום ביישפּיל, איז עס ווייל דער מאַטעריאַל, די פיגור וועלכע איך שילדער, האָט אַזוי דעצידירט דעם אופן פון מיין שרייבן. אויך באַשרייב איך נישט דווקא די סאַמע גרויסע, די באַרימטע, די פיל־געליבטע, וועמען אַלע קריטיקער און רעצענזענטן, ווער עס פאַרמאָגט נאָר אַ האַנט מיט אַ פּוס, לויבט זיי ביזן הימל הויך, ווי שרייבער טוען דאָס אין דער אידישער ליטעראַטור־ספערע. איך באַמי זיך דווקא צו שרייבן וועגן אַ מער־באַשיידענעם, אַ זייטיקן, אַ שטילן; אַזאַ שריפטשטעלער אָדער דיכטער, וועגן וועלכן מען שרייבט דווקא נישט קיין קלינגענדיקע סימפּאָניעס. איך שרייב אָפטמאָל, צום ביישפּיל, וועגן אַ קלמן הייזלער, אַ יחזקאל קיטעלמאַן, אַ תלוש, צי אַזאַ פּאָעט ווי יעקב

סטאַדאַלסקי. די באַרימטע „העכט״ אין דער ליטעראַטור, וועגן וועמען איך פלעג אַמאָל שרייבן, לויבן־און־ליבן, זיינען מיר געוואָרן צוגעגעסן, און אַמאָל אויך אָפּשטויסנדיק צוליב דעם וואָס מען לויבט זיי טאָג־און־נאַכט, און דערצו, פאַרשטייט זיך, אויף אַ פאַלשן און אומערלעכן שטייגער.

אָבער, מיך אַרט דאָס נישט. צייט־און־געשיכטע וועלן אפשר מיט גערעכטיקייט משפטן די אַזוי־גערופענע פאַלשע גאונים און זייערע פּראָ־פעסיאָנעלע הויף־באַזינגער. ווי לאַנג גאָט וועט מיר שענקען דאָס לעבן, און אַביסל לייטיש געזונט אויך, האָף איך אויך ווייטער אָנצוגיין מיטן שטייגער פון מיין ליטעראַרישער אַרבעט, ווי איך האָב אויבן פאָרמולירט...

## היינט איז מיין געבורטסטאָג...

איך בין פאַרבייגעגאַנגען דורכן „גרינפלאַץ״ אין אַנטווערפּן, וואו פרויען פאַרקויפן בלומען, טעפּ מיט ברענענדיקע וואַזאָנען, און וואו עס קעניגט דער דענקמאָל מיט דער פיגור פון בעלגיעס נאַציאָנאַלן מאָלער פּעטער פּאָול רובענס. עס איז מיר איינגעפאַלן אַ מחשבה אַהיימ־צוברענגען צו מיין פּיטשינקן דאַך־שטיבעלע, וואָס שווימט, דאַכט זיך, הויך צווישן די וואָלקנס ווי נח׳ס תיבה, איבער די צעיושעטע כוואַליעס פונעם מבול; אַהיימברענגען אַ מתנה פאַר מיין מאַנסאַרדע מיטן איינ־ציקן פענצטערל אינעם רחבותדיקן הימל אַריין, אַ בוקעט מיט פּייכט־אָנגעצונדענע, ערשט־געמאָלטע בלומען, פון וועמעס פּעטאַלן עס רינען נאָך גאָטס פאַרבן... איך האָב זיך שוין טאָקע באַצייטנס געפרייט מיט די מלומען, פאַרמשפּטע, ווי אַלץ אין דער וועלט, צום שטאַרבן. איך האָב זייערע נאַסע בעכערלעך סענטימענטאַל געקושט, ווי מען קושט די דינע ליפּן פון אַ צאַרטער, פערלדיקער געליבטער... איך האָב זיך פאַרגעשטעלט ווי די בונטע בלומען וועלן אָנצינדן, ווי בלישצעדיקע צירונג, מיין ענגע שטוב מיט זייער לעצטער פרייד, איידער זיי ווערן אינגאַנצן פאַרבלייכט, פאַרוועלקט און ווי רויט־פאַרזשאַווערט. אין אָוונט, ווען עס וועט קומען צו גיין מיט שטילע טריט מיין ליבע פריינדין מיט די שיקלדיק־גרינבע אויגן, וועלן איר באַגריסן מיינע בלומען מיט זייערע, ווי אַלטער און פינקלענדיקער וויין, האַרבסטיקע פאַרבן... זי וועט צו־שטעלן איר פייגעשניצטן נעזל צום בוקעט און שמייכלען אַזאַ גליקלעכע...

אָבער, ווען איך בין אין פאַרנאַכט צוגעקומען צו דער טיר פון מיין הויז, האָב איך זיך דערמאָנט אַז איך האָב פאַרגעסן מיטצונעמען דעם אייזערנעם שליסל פון מיין מאַנסאַרדע. איך האָב אָנגעקלונגען און עס האָט מיך באַגעגנט די דיקע פלעמישע באַלעבאָסטע, אַ פרוי וואָס איז שוין געווען אין אירע מיטעלע יאָרן, מיט רויטלעך־פאַרזשאַווערטע אויגן, ווי פאַרשטויבטע רובינען וואָס לויכטן אַרויס פון אַלט־צירונג. זי איז גע־ווען אַ געגטע פון איר מאַן, אַ וויין־פאַרזוכער אין דעם קעניגלעכן פאַ־

לאָך. איר פּנים האָט אויסגעדריקט אַזוי פיל בענקשאַפט נאָך אַ טראָ־פּעלע גליק, נאָך אַ קאַפּעטשקע פּרוויאַישן נחת. פון דעם לייכטן וואַקלען זיך אויף אירע שלאָבערדיקע פיס האָב איך פאַרשטאַנען אַז זי איז אַ ביסל שיכור, און אַוודאַי נישט פון קיין איבעריקער פרייד אין איר לעבן. זי האָט איצט הייזעריקלעך געזעדט צו מיר, מיט אַ זיפּצנדיקן קול, און ווי אַראָפּגייענדיק פון רובענס אַ געמאָלטן ליינוואַנט:

— וואָס פאַר אַן אמתער קאַוואַליער איר זענט עס! שטעלט אייך פאָר אַז היינט איז טאַקע מיין געבורטס־טאָג. פאַראַיאָרן, אין דעם זעל־ביקן טאָג, איז מיין צרהדיקער מאַן שוין אַוועק פון מיר, ווייזט אויס, אויף שטענדיק. ער זיצט איצט אין תפיסה פאַר גנבה און געמבלעריי. און איר האָט בפירוש אַרויסגעוויזן אַזויפיל טאַקט מיר צו ברענגען אַזאַ אומגעווייינלעכן בוקעט מיט בלומען. און טאַקע דעם זעלביקן סאָרט בלומען וואָס איך האָב ליב. וואו האָט איר עס באַוויזן איינצוקויפן אַזעל־כע אָריגינעלע בלומען, וואָס איך האָב נאָך איר ערגעץ נישט געזען? אפשר האָט איר זיי צוגערויבט פון גן־עדן? איך וועל אייער שיינע האַנדלונג קיינמאָל נישט פאַרגעסן. מאָרגן שטעל איך אַריין אַן עקסטרע שפּיגל אין אייער שטיבל. און אויך עטלעכע שטיקלעך מעבל, כדי אייך צו באַלוינען...

אַ ברירה האָב איך געהאַט?! איך האָב איר תיכף אַוועקגעשאָנקען מיינע זשעדנע בלומען, וואָס איך האָב זיך געהאַט איינגעקויפט פאַרן געלט וואָס איך האָב געהאַט באַשטימט צו עסן אַ מאָלצייט אין אַ קליינעם רעסטאָראַן, ביים האַפן, לכבוד מיין אייגענעם געבורטסטאָג... מיט אַ געמאַכטן שמייכל האָב איך זיך נאָך טיף פאַרנויגט, מעשה ריטער, פאַר מיין אייבזאַמער באַלעבאָסטע, ווען עס איז נעבעך נישט געווען פריי־לעך אויפן האַרצן... אָבער ביי מיר אין געמיט איז עפּעס אויך גע־וואָרן אַזוי אומעטיקלעך און לידיקלעך. איך האָב געעפנט די טיר פון מיין ענגען דאַך־שטיבל, ווען וועמענס ווייס־געקאַלעכטער פּולאָפ איז געווען אויסגעבויגן. אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַ בילד פון דעם אומגליק־לעכן האָלענדישן מאָלער וואַן גאָג. פון זיין פלאַמיקער באָרד האָט שטיל געלויכטן מיט שפּעט־האַרבסטיקע קאָלירן. פון זיינע אויגן האָט אַרויס־געבליצט ווי פייער דאָס אומגליקלעך משוגעת זיינס, ווי גיפטיקע פּאָק־שיווע. אָבער אין זיינע הייליקע הענט האָבן שטיל געבליט די בלומען, וואָס איך האָב ערשט געהאַט געשאָנקען צו דער זשאַווערנדיק־אייבזאַ־מער מאַדאַם פּונעם הויז. די דאָזיקע געמאָלטע בלומען זיינען אפשר געווען נאָך שענער און פרישער ווי די אמתדיקע בלומען, וואָס זיינען פון דער נאַטור פּראָדוצירט. אויפן הימל האָט בלייך אויפגעלויכטן די פּערלדיקע לבנה, ווי אַ בלייכע ליליע...

# ראָזאַ פֿון ברוקלין

נישט מיטאָמאָל דערזעט מען אַנגעצונדענע ליטעראַטור אין די פּשוטע פּרטים פֿון לעבן. ערשט מיט יאָרן שפּעטער טרעפֿט אַז מען פֿאַר־טראַכט זיך וועגן געוויסע זאַכן, סצענעס און געשעענישן, און מען דער־זעט זיי אין אַ נייעם ליכט, וואָס טוט זיי אָן אין גאָלד־און־פֿייער. מען דערזעט אויפֿגיין די היימישע מיידלעך און פֿרויען פֿון שטעטל ווי אָפּ־געפּאַרבטע הייליקע יונגפֿרויען פֿון רייכעם גינגאָלד...

איך רוף זי אָן ראָזאַ, ווייל אַזוי האָט זי באמת געהייסן אין לעבן. און איך פֿיל עפּעס ווי אַ פֿאַרשוועכונג צו ווערן, אָדער וואָגן צו ענדערן דעם דאָזיקן קינדס נאָמען. צוליב וואָס זאָל איך דאָס טאָן? צוליב דעם פֿאַלשן בעלעטריסטישן אָנשטעל און פּאָזע? זי איז געוויינלעך געלעגן אויף איר אייזערנעם שפּיטאָל־בעטל מיט דער רואיקייט, מיט דער שטיל־קייט פֿון אַ ליאַלקע. זי האָט שטילערהייט געדרימלט ווי אַ קינד, וואָס איז נאָך האַלב־פֿאַרחלומט און האַלב־שטאַרבנדיק. דורך דער דינער און רויטער קאָלדרע האָבן זיך שאַרף אָפּגעצייכנט די קאָנטורן פֿון אירע ביינער, די שפּיצן פֿון די דינע קניעס, די דינינקע אָרעמלעך ווי דראָ־טענע דרענגלעך, מיט אַ גאָלדיקן בראַסלעט אויף איינעם פֿון אירע ווייסע הענטלעך, וואָס אירע עלטערן האָבן איר געשאָנקען צום געבורטסטאָג. איר מאָגער פּנימל איז געווען שיין און איינגעשרומפּן ווי דאָס כמעט באַנאַל־אָפּגעפּאַרבטע פּנימל פֿון אַ מלאך אויף אַ בילד פֿון אַ רענע־סאַנס־מייסטער, וואָס איז געווען סיי זינדיק און סיי פֿרום. זי האָט איינ־מאָל, בשעת מיין באַזוך, געזאָגט צו מיר אַזוי קינדיש און נאַאיוו:

— דו ווייסט, איך וויל קושן אַ ייִנגל פֿאַרן טויט. איך ווייס באַשיימ־פּערלעך אַז איך וועל באַצייטנס שטאַרבן. איך בין שוין אַלט זיבעצן יאָר. ווערסטו מיך לאָזן דיר צו געבן אַ קוש, איך בעט דיך שטאַרק...

איך האָב איר, פֿאַרשטייט זיך, געלאָזן. זי האָט מיך איידל אָרומגע־נומען. איר פּנימל האָט צו מיר באַטעמטערהייט געשמעקט ווי עפּעס אַ פֿאַרבאָרגענע שוואָם צווישן פֿייכטע קרושאַקעס אין דעם פּוילישן וואַלד פֿון מיין קינדהייט. און אירע ביינער האָבן מיך ממש געשטאָכן ווי מיט שפּילקעס, בשעת זי האָט מיך ממש מיט אירע לעצטע כוחות ווי איינ־געקלאַמערט אין אירע אָרעמס. איר זייער דינטשיק סקעלעטל האָט ווי געקנאַקט, מיך דריקנדיק צו איר פֿלאַכינקען ברוסט־קעסטל, וואָס האָט קוים פֿאַרמאָגט אַן אויפֿשפּראָץ פֿון קליינע בריסטלעך...

איינמאָל זאָגט זי צו מיר:

— דו ווייסט: מיינע פֿיס זיינען געשוואָלן. איך האָב געמיינט אַז איך גיי שוין באמת שטאַרבן. איך האָב חשק געהאַט צו רופֿן מיין מאַ־מעשי, זי זאָל גיך קומען פֿון ברוקלין, און נישט פֿאַרשפּעטיקן מיין שטאַרבן, און דערנאָך מיך אַהיימפֿירן קיין ברוקלין, מיינע קאָלעזשאַנקעס

זאָלן מיך אָנקוקן אין אָרון... איידער איך פאַרשווינד פון זייערע אויגן אויף אייביק...

די מיידלעך־פּאַציענטקעס אין דעם דענווער־סאַנאַטאָריום האָבן מחיה־דיק געלאַכט ווען איך האָב זיי איבערגעגעבן ראָזאַס רייד, האַנדלענדיק ציניש קעגן דער נאַאיווער ראָזאַן. אָבער אין איינעם אַ רעגנדיקן פֿאַר־נאַכט איז ראָזאַ טאַקע שטילערהייט אויסגעגאַנגען ווי אַ שעמעוודיקע ליאַלקע, וואָס אַ קליין מיידעלע וויגט איין, זינגט איין און לייגט זי שלאָפֿן אין דעם קליינטשיקן בעטל, איינגעבעט מיט זיידנס און מיט פּלושנס. אַן עלטערער איד, אַ פּאַציענט אין סאַנאַטאָריום, וואָס האָט זיך געוואָלט איינבערענגען אַ העלפט, דאַכט זיך, פֿון זיינע רייזע־הוצאות אַהיים קיין ניו־יאָרק, האָט מיטגעפֿירט דאָס קליינטשיקע גופל פון ראָזאַ מיט זיך אויף דער באַן. איך האָב זי געזען אין דעם הילצערנעם, אויף דער גיך צונויפגעקלאַפּטן קליינעם אָרון, פון דינע ברעטלעך, ווי אין אַ פּאַפּירענער פּודלע מיט אַ ליאַלקע אינעווייניק, ווי דרימלענדיק אַזאַ גליקלעכן חלום. זי האָט ווי קינדיש און כלהדיק־זיס געשמייכלט. ווען קיינער פֿון די אַנוועזנדיקע פּיונעראַל־באַאַמטע האָט נישט באַמערקט, האָב איך ראָזאַן געקושט איבער אירע קאַלטע און קינדיש־צאַרטע ליפּן. איך האָב איר אַצינד ווי צוריקגעגעבן יענעם קוש, וואָס זי האָט מיר מיט עטלעכע טעג פריער געשאָנקען. איך האָב אויך באַהאַלטן אַ פּייכטע רויז אונטער איר העמדל, צווישן אירע קוים־אויפגעשפּראָצטע בריסט־לעך, ווי דינע קנאָספּן; ווי די בריסטלעך פֿון דער פאַרליבטער שולמית אינעם פאַרשטעלטן קעניג, ווי עס ווערט באַשריבן אין שיר השירים...

אַרום פאַרנאַכט־צייט איז דער קראַנקער זקן מיט דער „באַדי״ (קערפּער) אָפּגעפֿאָרן קיין ניו־יאָרק. איך האָב לאַנג שפּאַצירט אין יענער אומפאַרגעסלעכער נאַכט איבער די גאַסן פון דענווער. איך האָב גע־טראַכט פֿון דעם רבונו של עולם ווי וועגן אַ מערדער וואָס האָט ברוטאַל דערהרגעט דאָס הייליקע, דאָס מאַרטירערישע קינד־ליאַלקע ראָזאַ. מיך האָט שטאַרק פאַרדראָסן אויף גאָט, און אויף זיין גערעכטיקן פּירעכץ, מישטיינס געזאָגט, וואָס איז אָן אַ טראָפּן מאָראַל, רחמנות און איינזע־עניש צו די יסורימדיקע און די הייליקע. די נביאים זיינען געוועזן אָנ־געצונדענע ליגנער, האָב איך געטראַכט. גאָט איז נישט קיין בעל־רחמים, ווי זיי האָבן כסדר פאַרזיכערט דעם ליידנדיקן פֿאָלק. עס איז אַלץ אַ ביטערער ליגן, אַ שרעקלעכער בלאָף, אַ פינצטערע פאַלשקייט. פּונקט ווי עס איז געווען גרויזאַם פון גאָט צו האָבן געלאָזט פאַרגאַזט צו ווערן אַ מיליאָן אידישע קינדער אין פּוילן...

די לבנה איז געשטאַנען הויך אויפן הימל אַזאַ פּולע און געשוואָלענע, באַגלייטנדיק די באַן מיטן זקן און מיט דער ליאַלקעדיק־שיינער ראָזאַ, זיך טראָגנדיק איבער די איינזאַמע בערג און פלאַכע פעלדער פון קאָלאָ־

ראַדאָ־קעניגרייך. איבער די גאַסן אין דענווער האָבן אַרומגעשפּאַצירט אָפּגעפּאַרבטע פּראָסטיטוטקעס, שמייכלענדיק צו די פֿאַרבייגייענדיקע מאַנצלייט. מיר האָט זיך געדאַכט אַז צווישן די פּרעמדע מענטשן שפּאַצירט אויך אַרום דער סקעלעט פון דוד עדעלשטאַדט, וואָס האָט זיך אין דער פרישער און פריליגגדיקער נאַכט אַרויסגעלאָזט פון זיין קבר, נישט ווייט פון סאַנאַטאָריום, און ער פּרואווט מיט זיינע צעפרעסענע לונגען איינאָטעמען די פרישע און שמעקעדיקע לופט, דעם ערשטן פריליגג־ריח פונעם בעז, דעם פּאַרפיום פון די שטערן אויף גאַטס פרעמדן און קאַלטן הימל. די פּראָסטיטוטקעס שמייכלען צום פּאָעט. זיי ווייסן נישט אַז ער איז שוין זינט לאַנג צוריק געשטאָרבן. זיי פּאַרדעכטיקן נישט אַז אונטער זיינע צעקנייטשטע מלבושים איז בלויז פאַראַן זיין שלאַנקער סקעלעט...

ווען איך בין צוריקגעקומען מיט עטלעכע יאָר שפּעטער קיין ניו־יאָרק, האָב איך געטראַכט פון ראָזאַן. ווען איך וואָלט נאָר געוואוסט וואו עס געפינט זיך ערגעץ אין ברוקלין ראָזאַס קבר, אויף אַ בית עולם וואו די טויטע ליגן געוויינלעך אַזוי ענג צונויפגעטוליעטע איינער צום אַנדערן, ווי אין ליבשאַפט אַרומגענומען, וואָלט איך באַשטימט אַהין געפאָרן, און איך וואָלט געלייגט אַנגעצונדענע בלומען אויף איר שטיקל ליימיקער ערד, וואָס האָט אוודאי שוין זינט לאַנג געהאַט פאַרצערט אירע ביינדלעך, ווייל קיין פלייש אויף אירע אברים האָט דאָס אומשולדיקע קינד נאָך בשעת איר שטאַרבן נישט פאַרמאָגט. זי האָט דעריבער פאַרשפּאָרט צו פוילן אין דער ערד...

אָבער גיי ווייס וואו ראָזאַס קבר געפינט זיך ערגעץ אין דעם ים מיט קברים אין דעם אַלטן, מיליאָניק־אידישן ברוקלין...

## דער פאַנטאַסטישער זייגער

איך בין פאַרכישופט געוואָרן פון דעם אויסערגעוויינלעכן זייגער, וואָס איך האָב געזען שטיין אין אַן אויסשטעל־פענצטער, ביינאַכט, ווען איך בין אַהיימגעגאַנגען פון מיין געליבטערס וואַרעמען הויז: פון זיין טונקל־גאָלדיקן געשטעל, ווי אַן אַלטער און פאַרצייטישער פּאַלאַץ, וואָס שיינט אַראָפּ פונעם האָריזאָנט בשעתן אַנגעצונדענעם זון־אונטערגאַנג. דער דאָזיקער מאָדנער זייגער האָט מיר, דאַכט זיך, דערציילט, אויף זיין אייגענעם לשון, אַ זעלטענע געשיכטע. דו האָסט געמוזט שפּעט ביינאַכט, שטייענדיק ביי דער וויסטאַווע, טראַכטן וועגן זיין געהיימענישפולן אייגנטימער: איז עס געווען אַן איינזאַמער פריץ, וואָס טראָגט זיך איינמיטן נאַכט אין זיין טונקעלער קאַרעטע, מיט שדים געשפּאַנט, פאַרביי וויסטע פעלדער און אוראַלטע קברים מיט אָפּגעריבענע מצבות. און אינעווייניק, אין דער קאַרעטע, זיצט די לבנה, ווי אַ קראַנקע און געפאַנגענע פּרינצעסין, וואָס וויינט האָפענונגסלאָז? צי איז דער אייגנטימער פונעם אַלטן

זייגער געווען אַ דיקטער־קייסער, וועמען דער אשמדאי האָט אויסגע־שפּיגן פיר הונדערט מייל איבער די אָפּגעברענטע רואינען און רויטע חורבות פון אַ פּאַרצייטישער שטאָט, וועמענס טויטע שומרים שטייען איבער די פעסטע מויערן, און זיי היטן אָפּ אירע מצבות און מאָנומענטן אין אָפּשיין פון דער לבנה, וואָס בלוטיקט אָפּ ווי אַ שטערן נאָך אַ קאָמ־פּליצירטער אָפּעראַציע? אָדער איז דער אייגנטימער פונעם זייגער גע־ווען אַ סאַדיסטישער תליון, וואָס האָט געהאַנגען יונגע און העלדישע רע־וואָלוציאָנערן מיט זיינע רויט־האָריקע הענט און שוואַרץ־גלאַנציקע נעגל, אַריינגעטאָן אין שניי־ווייסע הענטשקעס, אין דעם נאָך בלוילעכן באַ־גינען, וואָס עפנט זיך אַרויס פונעם פּערלדיק־גרויען טומאַן, מיט אירע ריזיקע מויערן פון טורמעס, שפּיטעלער, באַרדעלן און קאַזאַרמעס?!...

דער זייגער האָט מיך פּשוט צעטומלט ווי אַ וואַנזיניקן. איך האָב די גאַנצע צייט געטראַכט פון מיין טאַטן. אַזאַ זייגער וואָלט ווילד פאַר־כאַפּט זיין מעכטיקע פאַנטאַזיע. דורך מיינע אייגענע אויגן האָט, דאַכט זיך, מיין טאַטנס האַרץ־און־גייסט געשעפּט התפעלות פונעם אַלט־קעניג־לעכן און לעגענדאַרן זייגער, וואָס האָט פאַרבאַרגן אין זיינע מעטאַלענע געדערים אַזויפיל היסטאָרישע זכרונות, און האָט געאָטעמט מיט דער צייט פון אַן אַנדערן שטיק אוניווערס. אין זיין טונקעלן און טרויעריקן גאָלד האָט אפשר אָפּגעשיינט די יחוסדיקע גלאָריע פון אַ פאַרצייטיש־פאַר־אַרעמטער משפחה...

עס האָט אָנגעהויבן צו פאַלן אַ געדיכטער שניי אין דרויסן. איך בין גיך אַהיימגעגאַנגען מיטן באַשלוס כדי צו קומען צוריק אַהער אין דער פרי און זיך איינצוקויפן דעם אומעטיקן זייגער. אָבער אויפצומאָרגנס, ווען איך בין געקומען אויפן זעלביקן פּלאַץ מיט אַ פולן בייטל מיט געלט, כדי צו קויפן דעם אוצר, איז דאָרט נישט געווען קיין סימן פון קיין הויז, פון קיין געשעפט, פון קיין שום זייגערס... אַלץ איז, ווייזט אויס, געווען אַ מיראַזש פון מיין צעהיצטער פאַנטאַזיע...

## פענצטער אין דער נאַכט

עס טרעפט אַז שפּעט ביינאַכט קוקסטו אַרויס דורך דער מאַטער שויב פון דיין מאַנסאַרדע־פענצטער צו פרעמדע היימען און מויערן. די טונקעלע צווייגן פון די בוימער וויגן זיך אין ווינט, און דו מיינסט אַז עפּעס אַן אומהיימלעך שפּינגעוועבס באַוועגט זיך פאַר דיינע אויגן. אַמאָל טויכט אויף אין אַ שטוב די אידעלע פיגור פון אַ פרוי, אין אירע זיידענע פּאַדזשאַמעס, פאַרן לייגן זיך אויף איר געלעגער. דו האָסט חשק אָנצוקוקן איר נאָבל פּנים. דו ווילסט איינזאַפּן די ליניעס פון איר פּרעכטיקן גוף. אָבער גיך ציט זיך אויס איר צאַרטע האַנט צום עלעקטרישן קנעפּל, און דאָס זעלביקע ליכט וואָס האָט ערשט מיט אַן ווײַלע צוריק אָנט־

פלעקט אירע פיזישע שיינקייטן, פאַרלעשט זיך. די פינצטערניש הילט אין די איידעלע עקזיסטענץ פון דער פרוי ווי אַ שרעקלעכער דעמאָן וואָס נעמט זי אַריין אין זיין ברייטער פּאַלערינע. שטייט זי נאָך דאָרטן אַ ווײַלע, ביים ראַנד פונעם פענצטער, איידער זי לאָזט זיך אַרונטער אין דער וואַרעמער טיפעניש פון איר געלעגער, און זי גאַפט צו די שטערן, ווי פרעגנדיק באַשייד וועגן איר פאַרבאָרגענער צוקונפט? אָדער איז זי איינגעשלונגען געוואָרן אין אַ מאַנס באַגערנדיקע אָרעמס?

דו קוקסט אַרויס אין דער טיפער נאַכט צו דער פאַרלאָשענער וועלט. דו וואָלסט וועלן אַריינקוקן אין פרעמדע פענצטער, אין מענטשלעכע היימען, אין אומבאַקאַנטע לעבנס. דו וואָלסט וועלן אַריינגעמען אין דיינע אויגן, אין דיין זכרון, סצענעס און בילדער פון דעם בונטן שטאָטישן לעבן, וואָס זאָלן דיך גייסטיק זעטיקן, און באַפרידיקן דיין הונגער צום לעבן, אויספילן מיט אינהאַלט און מאַטעריאַל צום נאָכטראַכטן אין דיין געצוואונגענער איינזאַמקייט, אפשר אויף אַ הונדערט יאָר לאַנג. דו וואָלסט וועלן פאַרגעדענקען אין זיך, באַהאַלטן אין דיין זכרון, די וויזיע פון גאָרן מענטשלעכן לעבן אויף דער ערד...

אָט קומט אַהיים פון ערגעץ שפּעט ביינאַכט אַ פּאָרפּאָלק. זיי צינדן אָן דאָס עלעקטרישע ליכט. זיי טוען זיך גיך אויס און פאַרלעשן איילנדיק דאָס לעמפּל, געגנוי ווי אין דער פריער געשילדערטער סצענע. זיי ווילן נאָך אַריינכאַפּן די לעצטע שעהן שלאָף און רו פון דעם סוף פון דער נאַכט. דו האָסט באַוויזן בלויז אויף אַ רגע צו זען די יונגע פרוי, די קאָנטורן פון אירע פולע בריסטן. האָט עמעצנס בליק זיך אַריינגעגנבעט ווי שאַמפּאַניער אין איר בלוט? צי ליגט זי זיך מיט איר געזעצלעכן מאַן אַ גליקלעכע? פאַרוואָס האָט מיין אויג, דאַכט זיך, באַוויזן אויפצו־כאַפּן איר פאַראַכטנדיקן שמייכל, קוקנדיק זייטיק אויף איר מאַן, ווען ער איז געשטאַנען אויסגעדרייט צו איר מיטן רוקן?...

און אָט טויכט אויף אַן אַנדער אומעטיק פענצטער. עמעץ ליגט אין אַן אייזערן בעטל, קענטיק שוין זינט יאָרנלאַנג. עס איז אַ בלייכע און טרויעריקע פרוי. די שרעק פאַרן מלאך המות אין אירע גרינע אויגן מאַכט מיך צום שוידערן. כאָטש איינעם וואָזאָן, נעבן איר, בליען העלע בלומען, עס איז פרילינג אויף דער וועלט. אָבער...

דו קוקסט אַריין טיפער אינעם חושך, וועלנדיק איינזאַפּן אין זיך דעם כישוף און די איינדרוקן פון לעבן. דו קוקסט אָן גאַנס פרעמדע און קאַלטע שטערן אין דעם פינצטערן הימל. אָבער שטענדיק קומסטו צוריק צו די פענצטער פון הייזער און גאַסן אַרום דיר. די דראַמע פון לעבן; די סודות פון ליבע; די קריגערייען אויף בוידעמער און קעלער־שטובן; דאָס אָוועקפּאַלן מידע אויף די בעטלעך פון די איינזאַמע פּראָס־טיטוטקעס אין באַגינען, נאָכן האָבן געגעבן צום הונגעריקן און היימ־

לאָזן מאַן איר ליבע־גאָלד; דאָס אַלץ פאַרכאַפּט דיין דמיון, אינטריגירט דיין פאַנטאַזיע, פּראָוואָצירט דיין פאָרשטעלונג, און רופט אַרויס אין דיין האַרצן אַ תּפילה פאַר די אומגליקלעכע...

אין אַ קליינטשיקן פענצטערל, גאַנץ הויך אין אַ פאַרקאָפּטשעטער מויער, זעסטו ווי אַ מיטליאָריקע פרוי טוט אויס אויף אַ רייצנדיקן שטייגער איר זיידענעם קלייד. זי בלייבט שטיין אינמיטן שטוב אַ מוטער־נאַקעטע, בשעת זי ווערט אָפּגעשפּיגלט דורכן הויכן זילבערנעם שפּיגל, ווי אין אַ זוניקן טייך, אינמיטן גרויסן טאָג. זי האָט קענטיק הנאה פון דער שלימות פון איר גוף, פון דער אייגענער שיינקייט. זי געניסט זיך אַליין אויף אַ תּאווהדיקן שטייגער. זי איז איר אייגענער אידעאַל פון אַ פרוי. ווען זי וואָלט זיין אַ יונגערמאַן, וואָלט זי זיך אַליין באַגערט. איז זי ערשט צוריקגעקומען פון אַ באַל, וואו זי האָט געטאַנצט, און איז אַזוי שטאַרק באַוואונדערט געוואָרן? אָדער גרייט זי זיך אינמיטן נאַכט, אין אָפּשיין פון דער בלוט־רויטער לבנה, צו גיין מיטן זייטיקן וועג צו איר געליבטן, ווי מאַדאַם באָוואַרי? צי טאַנצט זי ערגעץ אין אַ נאַכט־לאָקאַל ביז אין די שפּעטע שעהן פון דער אַש־בלויער, אויסגייענדיקער נאַכט? דאָס ליכט ווערט אויסגעלאָשן. באַלד וועט זיך אין דרויסן אָנצינדן די זון. זי וועט צום ערשט באַדעקן מיט הייס פייער אַלע דעכער, טורעמס און טורמעס. דו זעסט נישט מער די אויבנבאַשריבענע פרוי. אָבער דו האָסט אַ באַשטימט געפיל אַז זי שטייט נאָך אַלץ דאָרט, ווי אַן איינזאַם־פאַרגליווערטע סטאַטוע, ביים אָפּגרונטיקן שפּיגל, און זי לויכט שטיל אָפּ מיט איר קלאָרן און ווייסן גוף אַנטקעגן דעם פריינטלעך־אויפגייענדיקן פרימאָרגן. דער קאַנאַרעק אין דער שטייג וועקט זיך אויף און ער זאָגט איר „גוט־מאָרגן”...

אָ, שטאָטישע פענצטער! איך זוך אין אייך דאָס לעבן פון די מענטשן אין דער גאַנצער וועלט. ביינאַכט זאַפּ איך איין אייערע סצענעס, סקאַנדאַלן, ראָמאַנטישע געשעענישן און פאַרצוויפלטע מעשים, כדי עס צו באַשרייבן. איך שרייב, ווייל איך וויל לעבן...

## אַ וואָרט ברעכט אויף דעם אוניווערס

עס איז געווען דריי ביינאַכט. אַ שיכורער לוט גייט אַהיים פון ערגעץ אַ לויכטנדיקער ווייַנשענק, פון וועלכער עס הערן זיך מאַשינאָווע און סענטימענטאַלע מעלאָדיעס, און דאָס קוויטשיקע לאַכן פון פּראָסטיטוטקעס. דער מאַן מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ, ווי שאול המלך, שרייט עפּעס אויס הייזעריקערהייט אַ שרעקלעך וואָרט, ווי ער וואָלט הענגען אויף אַ הויכער תּליה און זיך ווערגן מיט אַ שטערן אין דער קעל. איז עס דאָס וואָרט וואָס קומט פון זיין האַלדז־און־צונג, אַ ברכה אָדער אַ קללה, וואָס פאַלט ווי אַ בלעטל פון אַ פרילינג־בוים; אָדער איז עס אַ שווערער קיזלשטיין,

וואָס צעשמעטערט עמעצנס שאַרבן? איז עס אַ צערטלעך ליבע־וואָרט אַזאַ צו אַ פּאַרצייטישער געליבטער פון זיין נאָך גאָר פריער יוגנט, אָדער איז עס אַן אויסגעשריי איבערן קאָפּ פון אַ געלט־גייציקער זונה? סיי ווי, זיין וואָרט־געשריי קלינגט אָפּ אין מיינע וואַכע אויערן ווי אַ דונערנ־דיקער אויסבראָך, וואָס ווערט אַרויסגעשליידערט פון די געשוואָלענע וואָלקנס אונטער די גאָטלאָזע הימלען...

פּלוצלינג זע איך דורך דער מוטנער שויב פון מיין פענצטער ווי דער מענטש בלייבט ליגן אין שניי, ווי ער זינקט אַריין, ווי אַ מת, אָדער ווי אַ ליימיקע מומיע פון אַ פּאַרצייטישן טויטן קייסער, אינעם ברודיקן און באַקוועמען רינשטאָק. זיין זיך־שמעלצנדיקע קרוין זינקט אין דער בלאָטע ווי אַן אוצר פון גאָלד־און־בריליאַנטן. אָבער זיין משוגענער אויסגעשריי הילכט נאָך אַלץ אָפּ אין רוים, און שוועבט ווי אויף פייערדיקע פליגל. הויך־און־פלאַמיק, כמעט דורך דער גאַנצער וועלט. עס שניידט אַפילו דורך ווי אַ שווערט דעם דיקן חושך פון דער אורנאַכט, וואָס האָט זיך שווער־און־מעכטיק געלייגט אויף די דעכער פון פאַבריקן און ווייַנשענק; איבער די קופּאָלן פון פּאַגאָדאָס אין פּאַלאַצן; איבער די ווענט פון באָרדעלן און לוסט־קעלערן פון דער ריזיקער שטיינערנער שטאָט. לוט׳ס געשריי טראָגט אין זיך אַ ים מיט אימה, אַ באַרג מיט ווייטיק, און עס רירט ממש אָן די שטערן, און זיי ציטערן אימהדיק אויף, ווי גאָט אַליין וואָלט איבער זיי אָנגעשריגן, ווי אַ צאָרנדיקער פאָטער שרייט אויף זיינע שלעכטע און קאָפּ־ריזנע קינדער...

## דאָס געוועלב פון ליאַלקעס

אַ געוועלב אויף דער גרויסאַרטיקער מעדיסאָן עוועניו. אינעווייניק שטייען אויסגעשטעלט אַלערליי ליאַלקעס אין זיידנס, אין סאַמעט, אין אַט־לעס, אין שטילן געפלושנס, און זייערע געפאַרבטע פנימער, וואָס זיינען געצירט אין גאָלדענער און בריליאַנטענער צירונג. דאָס זיינען קליינע, צאַרטע, גראַציעזע און שטיל־שווייגנדיקע קינדער־פרויען: קעניגינס, פּרינ־צעסינס, פירשטינס, גרעפינס, פּריצות, און גלאָט אַזוי גבירישע טעכטער, געבוירענע אין פּאַלאַצן. איינע איז שענער, פאַרחלומטער און ראָמאַנטישער פון דער אַנדערער. ווען איך וואָלט געווען דער לעגענדאַרער „גנב פון באַגדאַד", וואָלט איך אַריינגעגאַנגען אינעווייניק אין געשעפט צוצוגנבע־נען אַזאַ אייביק־זאַטע און שווייגנדיקע ליאַלקע, און איך וואָלט זי אַהיימ־געטראָגן צו זיך אונטער דער פּאָלע, דורך נאַכט, ווינט, שטערן אָדער שניי, כדי עס זאָל זיין היימלעך און אָנגענעם אין מיין מאַנסאַרדע. איך וואָלט פאַר איר געשטעלט אַ פלאַש מיט שאַמפּאַניער. אַ לאָמפּ וואָלט געברענט ביי אירע קליינע פיס...

איך קוק אַריין אין דעם געוועלב. איך בין טאַקע איבערצייגט אַז קיין איינציקער לעבעדיקער מענטש געפינט זיך נישט אינעווייניק, כדי אָפּצו־

היטן מיט זיין שווערט אָדער רעוואָלווער די איינזאַמע ליאַלקעס... אָבער פּלוצלינג דערזע איך ווי איין־און־איינציקע ליאַלקע אין אַ ווינקל פון געוועלב, זיצנדיק אויף אַ פּלוש־רויטער פאָטעל, טוט זיך עפּעס פּלוצלינג אַ באַוועג. זי הויבט זיך אויף פּאַוואָליעדיק, און טוט זיך שטילערהייט אָן דעם געלן און באַגילדעטן סאַק אירן מיט די גרויסע פּערלמוטערנע קנעפּ, וואָס לויכטן ווי די שטערן ביינאַכט. זי עפנט אויף די טיר און פאַרשליסט זי מיט אַן אַלטמאָדישן מעשענעם שליסל, און נעמט זיך דערנאָך איינזאַם און רואיק גיין איבערן נאַכטישן טראָטואַר. איך בין געהיימערהייט, און אַ פאַרכישופטער פון איר רייץ, נאָכגעגאַנגען נאָך דער שלאַנקער איינגנטי־מערין פונעם ליאַלקע־געוועלב. אָבער אין מיינע אויגן איז זי אַליין געווען אַזאַ שטום־באַוועגלעכע און מיסטעריעזע ליאַלקע, גייענדיק גערוישלאָז דורך נאַכט, שניי און ווינט איבער די שוין פאַרלאָזענע גאַסן פון ניו־יאָרק, וועמענס לאַמטערנעס האָבן זיך גענומען אויסלעשן... ערגעץ־וואו ביים ראָג פון אַ גאַס, אין אַ פאַרדעכטיקטן ווינקעלער, פונוואַנען עס האָבן זיך געהערט געשרייען, געלעכטער און אויסגעלאַסענע מעלאָדיעס, איז די אָפּגעפּאַרבטע ליאַלקע שטיל אַריינגעגאַנגען. איך האָב געקוקט אַן איפּער־זיכטיקער דורך דער קליינער שויב פונעם פענצטער. זי האָט געטאַנצט מיט אַ מיאוסן, הויכן פאַרשוין, אַ פּיראַט מיט אַ בלינדן, שוואַרץ־פאַר־קלעפּטן אויג, און מיט אַ הילצערנעם פוס...

## די פּאַריזער דאַמע

איך בין היינט געפאָרן צום דרוקער פון מיין נייעם בוך פאַרביי פּרי־מיטיווע מענטשן אין דער „בושוויק"־געגנט פון ברוקלין. איך בין געווען טרויעריק. אָבער אין וואַגאָן פון סאָבוויי איז געזעסן אַ יונגע און שאַר־מאַנטע שיינקייט, וואָס האָט מיך פּשוט פאַרכאַפּט, פּונקט ווי דעמאָלט, ווען איך בין אַלט געווען אַרום אַכצן יאָר. דעם בלויען בערעט אויפן בלייכן און געשניצטן פּנים; דאָס גרויע און ענגלעכע לייבל מיט די פיינגע־צייכנטע אָפּשוועלונגען פון אירע צוואַנציק־יאָריקע ברוסטן; די דינע און גאָלדענע קייט איבער איר יונגען און רייצנדיקן בוזעם; דאָס סאַמעט־שוואַרצע זשאַקעטל, אַנטפּלעקנדיק די שלאַנקע פאָרם פון איר ביוסט; דאָס לאַנגע, שמאָלע און טונקעלע קלייד, וואָס איך וואָלט חשק האָבן אַ קוש צו טאָן ווי אַ קליין ייִנגל — זיין מאַמעס קלייד; די עלעגאַנטע שיכ־לעך מיט דינע גאָלדענע קייטלעך איבער אירע קנעכלעך. אַן אמתדיקע פראַנצויזישע „שיק", טראַכט איך. אַזאַ וואָס איך האָב שוין לאַנג נישט געזען אין ניו־יאָרק. איך בין אַריינגעפאַלן אין עפּעס אַ ראָמאַנטישער ליב־שאַפט צו איר אין דעם סאַמע ערשטן מאָמענט. אָבער באַלד האָב איך זיך וואויל דערמאָנט ווי אַלט איך בין און ווי לעכערלעך עס איז צו זיין פאַרליבט אין אַזאַ גראַציעזער שיינקייט ביי מיינע שוין שפּעטע זעכציקער

יאָרן. דערצו בין איך דאָך אויך נישט דער אייביק־יונגער דאָקטאָר פּאַאוסט; איך מיין דעם מיניסטער און פּריינט פון פירשטן, יאָהאַן וואָלפ־גאַנג פאָן געטע, וואָס האָט געמיינט אַז ער וועט קיינמאָל נישט שטאַרבן, און וואָס האָט זיך ביי זיינע אַכציק יאָר פאַרליבט אין אַן אַכצניאָריקער שוינקייט...

## איז עס גאָט וואָס לעבט איבער אַלע זיינע דורות?

דאַכט זיך אַז ער פאַרמאָגט גאָרנישט קיין אייזערנע ציין אין זיין מויל. אָבער ער בייסט איין די ביליאָנען שטערן ווי ווייכע וועלשענע ניס. ער זעט אויס צו זיין בלינד אויף זיינע אויגן. אָבער ער נעמט אַריין אין זיין שיכורן שוואַרצאַפּעל די פּנימער פון אַלע שטערן, זונען, פּלאַנעטן און קאָ־מעטן. די ליפּן זעען אויס צו זיין ביי אים אָפּגעפוילט פון נאַשערייען, פון אַלע ביטערנישן און שלאַקסרעגנס פון דער וועלט, און אפשר אויך פון זיינע מיליאָנען אַלטקייטן און פאַרגענגלעכקייטן. אָבער זיין גליענדי־קער קוש פאַרברענט שיעור נישט די מענטשן. ער איז, ווי מיר דאַכט זיך, אויך פיזיש געליימט. מען קען אים בשום אופן נישט אָנטאַפּן און נישט צערטלען אַפילו מיט קיין געלט און מיט קיין איידעלן באַריר. אָבער ער טראָגט זיך אייביק דורכן קאָסמאָס מיטן אימפּעט פון שטורעמס און זאַ־ווערוכעס. ער זעט אויס צו זיין אינגאַנצן שטום, ווי זיין צונג וואָלט זיין געליימט און פעלדזיק־האַרט ווי גראַניט. אָבער אַלע זיינע אברים שאַלן מיט הילכיקע שטורעמס און סימפאָניעס. זיין פיגור, חלומט זיך מיר, זעט אויס ווי אויסגעקרומט און אַ קאַפּעטשקע איינגעבויגן צו דער ערד, ווי ער וואָלט זיין מיד, און חשק געהאַט זיך אויסצוציען איבער די קילע און ווייכע גראָז־לאָנקעס פון דער וועלט. אָבער אָט שטייגט ער אויף ספּי־ראַליש, ווי אַ פייערדיקער בליץ, אין אַלע דורכזיכטיקע זיבן הימלען, אַדורכשטעכנדיק די האָריזאָנטן ביז בלוט. ער זעט אויס אַזוי שרעקלעך איינזאַם, ווי ערשט־געפאַלענער שניי אין דער סלאַווישער נאַכט, וואָס בענקט צום הימל און האָט חשק זיך צוריק אויפצוהויבן אין דער הויכ־קייט. אָבער ער איז פאַקטיש אַרומגערינגלט פון אומצאָליקע מחנות פאַלנ־דיקע שטערן, פון מלאכים און פון מידע מענטשן־דורות. ער איז אפשר אָרעם ווי די נאַכט. אָבער די אוצרות פון זיין פערזענלעך פאַרמעגן איז גאָר דאָס לעבן אויף דער ערד און די אָנגעצונדענע סטאַדעס מיט שטערן, אַריינגעשטעלטע ווי פערלמוטערנע קנעפּ אינעם פינצטערן הימל. זיין ריזנ־האַרץ, וואָס איז גרויס ווי אַן אַלף, צאַפּלט זיך פון טרויער און אימה. אָבער ער איז פאַרליבט אין דיר אויף אייביקע יאָרמיליאָנען. ער האָט דיך אַרויסגעבראַכט פון גאָר די מבולס און אימהדיקע פינצטערנישן ווי אַ מוטער־נאַקעטן שטערן, און ביינאַכט האָט ער דיין פּיצל עמבריאָן געבאָדן אין די ווילדע טייכן און געזאַלצענע שטראָמען. ער האָט דיך אַליין גע־

רייניקט און געפוצט מיט זיינע גרויסע דערבאַרמדיקע הענט, ביז ער האָט דיך שטילערהייט געליטערט און אויסגעוואַשן דיין נשמה מיט זיינע ברע־נענדיקע טרערן, וואָס האָבן געלאָזט שטיין אין דיין לייב בלוטיק־גאָלדענע וואונדן, ווי די לויכטנדיקע זונען. ער איז, ווייזט אויס, פונקט ווי דו צו אים, שוין אויף תמיד פאַרשקלאָפט און צוגענאָגלט צו דיין גורל, און עס טוט אים שרעקלעך באַנג פאַר אַלע דיינע מענטשלעכע יסורים...

אַ, גאָט, איך האָב דיך אויסערגעוויינלעך ליב פאַר דיין ליבשאַפט צו מיר, פאַרן שענקען מיר דאָס לעבן, פאַרן לאָזן מיך פיבעריש שרייבן וועגן דיין גוטסקייט און גרויסקייט אין די נאָך רויע, פּראָסטיק־קאַלטע און פינצטערע באַגינענס...

## דאָס אויג פון דער מעדוזע

איך בין זיך רואיק געגאַנגען ביים ברעג פון ים. מיט אַ ווײַלע צוריק האָב איך נאָך געשטיפט און געלאַכט, זיך געפרייט מיט די כוואַליעס, הנאה געהאַט, באַוואונדערט און מיט פחד באַטראַכט די אימהדיקע, די גראַנדיעזע וועלט פון גאָט. איך האָב געזען ווי די צעיושעטע און ווי די מיט פלאַם־וויין שיכורע כוואַליעס גייען איינע אויף דער אַנדערער ווי ווילדע אַרמייען, ווי די דורות, ווי די אַכזריותדיקע צייט גייט און טרעט איבער פעלקער און לענדער. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט אַז איך בין עפּעס פּאַרט אַ שטיקל מענטש, אפשר אַ שרייבער אויך. אפשר האָט מיין שרייבן אַ ווערט פאַרן פאָלק, פאַר דער ליטעראַטור...

אָבער פּלוצלינג האָב איך דערפילט דעם שאַרפן ברי פון אַ פייַנטלעך אויג אונטער מיין רוקן. עפּעס אַ פינצטער שוואַרצאַפּל גריזשעט מיך ממש ווי אַ וואָרם פון שטאָל מיט אַ שנאָבל פון אייזן. באַלד האָב איך טאַקע דערזען די פיזיאָגנאָמיע פון דער בייזער שרייבערין. איר אַלט, מיאוס און פאַרזשאַווערט פנים האָט מיך ממש דערשראָקן. דאָס בלוט איז מיר קאַלט געוואָרן אין די אָדערן. איך האָב אָנגעקוקט דעם קאָפּ פון דער מעדוזע מיט אירע שטערנדיקע שלאַנגענלאָקן. און גאָר דאָס נחת פון לעבן און די שפּילעוודיקייט פונעם מאָמענט, וואָס איך האָב נאָך פאַרמאָגט אין מיין אָרעם געביין מיט אַ רגעלע פריער, האָט זיך איצט פון מיר אָפּגע־טאָן. דאָס איז בישט געווען דאָס פנים פון קיין נאָרמאַלן מענטש, פון קיין געוויינלעכער פרוי, פון אַ שריפטשטעלערין מיט אַ סענסיטיווער נשמה — בייערט עס איז שוין יאָ געווען אַ העקערישע און שטאָלערנע האַק, וואָס איז גרייט געווען אַרויפצופאַלן אין איר טעמפּקייט אויף מיין נאַקעטן קאַרק, אָדער איבער מיין שאַרבן. די האַק האָט בפירוש חשק געהאַט מיר אַראָפּ־צוהאַקן דעם קאָפּ פון די פּלייצעס...

## אַ שותף צום קאָסמאָס

אין די שפּעטע שעהן, ווען די פאַרשוויצטע לייבער פון די מענטשן רוען פאַרזונקענע אין זייער טיפן שלאָף, קאָכן זיך די הימלישע עלעמענטן

אין דעם אײַזערנעם קעסל פֿון דער נאַכט. עס גייט אָן אַזאַ אימהדיקע טעטיקייט אין אַלע פֿאַרבאַרגענישן. איך שטעק אַרויס די האַנט דורכן פֿענצטער, ווי נח הצדיק נאָכן בלוטיקן מבול, כדי אָנצוטאַפּן דעם דופּק פֿונעם קאָסמאָס; כדי אָנצורירן צאַרט־און־ציטערדיק דעם סאַמע אויבערשטן אין זײַן שרעקלעכער מאַכט־און־מוראדיקייט. אָבער איך אַליין בין נישט באַהערשט פֿון קיין שום פּחד. דאָס אומפֿאַרמײַדלעכע איז פֿאַר מיר נאַענט־און־נאַטירלעך. איך בין אַ שותּף צו גאָר די קאָסמישע טעטיקייטן. הייס בריט עס ווי פֿאַקשיווע אין מײַנע אָדערן פֿון גאָט׳ס שעפֿערישקייט...

## עס רעדט דער איינזאַמער מענטש

אַזוי ווי דער ים אין זײַן שרעקלעכער עקשנות גריזשעט אַרונטער דעם שפּיץ פֿון אַ באַרג, אַזוי עסט דער עלנט אַראָפּ שטיקער פֿון דײַנע געבויגענע פּלייצעס. דער מענטש פֿילט אַז ער זינקט ממש גאַנצערהייט אין דער ערד אַרײַן. עס ציען אים די פֿינצטערע אָפּגרונטן. די לעבעדיקע מענטשן אַרום אים זײַנען ווי די שטומע שטיינער. זייערע רייד פֿאַלן אויף זײַן נאַקעטן שאַרבן ווי אַ רעגן פֿון פֿעלדזיקן האָגל. די פּרויען פֿאַרציען זייערע רייצנדיקע גופֿים אַנטקעגן זײַן לעכצנדיק אויג ווי מיט אײַזערנע יאַקעס. דער טרויער באַזעצט זיך אין זײַן האַרצן ווי ביי איובן, ווען ער עפֿנט אין ווייטיק אַ וויכוח מיט די הימלען. ער ווײַנט ווי אַ פֿאַרוואונדעטע חיה אינמיטן נאַכט און שטורם. ער פֿילט זיך ווי ער וואָלט אַרויסגעפֿאַלן פֿון דעם סדר פֿון דער וועלט. ער ברעכט אָפּ פֿון זיך זײַנע נעכט ווי שטיקער געזאַלצענעם טרויער. ער יאָמערט אַפֿילו בשעת זײַנע ליכטיקע טעג. זײַן האַרץ איז צעבראָכן פֿון אַ וואונד, וואָס איז ווי אַ לאָך אין דער ערד, פֿון וועלכן מען האָט אַרויסגעפּליקט אַ באַרג. יעדעס ווײַב איז צו אים ווי אַן אומדערגרייכבאַרע פֿעסטונג. ער קניט אין זײַן איינזאַמקייט פֿאַרן אָנבליק פֿון יונגע פּרויען ווי צו גאָלדענע מאַדאָנעס. יעדער איינציקער מענטש אין ווינשענק, צי אויף דער גאַס, איז פֿאַרשלאָסן פֿאַר אים ווי אַ סטאַטוע אין גאָרטן, אונטערן געפֿרוירענעם שניי. דער אומעט נאַגט אים די ביינער ווי מיט אַ פּיסק פֿאַרזשאַווערטע ציין. ער איז אַ זאַק מיט געשריי, ווי עס שטייט געשריבן אינעם ספֿר. די ערד מיט אירע דערנער, מיט איר בריענדיקער פֿאַקשיווע, שטעכט זײַנע פֿאַרוואונדעטע פֿיס אין די זוילן. דער הימל פֿאַלט אויף זײַן קאָפּ ווי אַ האָגל מיט שטיינער. ער זיצט איבער גאָטס אימהדיקער לאַנדשאַפֿט — אַזאַ מוראדיקער גיבור — ווי דער נביא ירמיהו, וואָס ווערט פֿאַרשטיינערט פֿון צער אַראָפּקוקנדיק פֿון די בערג אויף דעם חרובֿ געוואָרענעם ירושלים...

## דער קופּער־ברוינער שמעטערלינג

דער קופּערדיק־ברוינער שמעטערלינג שוועבט מיט אַזאַ שטרענגער גלײַכלײַניקייט אין דער דורכזיכטיקער לופֿט, ווי ער וואָלט דיך וועלן

בפירוש דערמאָנען אַז אויך ער איז שוין ענדלעך אָנגעקומען אויף גאָטס וועלט. אַזאַ מין רייפע און קאָסמישע געלייטערטקייט האָט זיך היינט אָוועקגעשטעלט אויפן ברייטן ברעג און ווייט איבערן פערלדיק־פאַר־שנייעטן ים. דער ריינער און בלויער הימל שטייט אונטערגעשפּאַרט ווי מיט מאַסיווע בראָנדזענע זיילן. אַלע מענטשלעכע רייד זיינען שוין, דאַכט זיך, אויסגערעדט געוואָרן דורך ביליאָנען מענטשלעכע מיילער; אַלע גע־שרייען פון די טיפענישן פון די ביינער זיינען שוין אויסגעשריגן געוואָרן; אַלע געוויינען פון די קינדער פון דער וועלט זיינען שוין אויסגעוויינט געוואָרן; אַלע ספּעקטאַקלען און קריגערייען זיינען שוין אויסגעטומלט און אויסגעפּויקט געוואָרן דורכן גאַנצן לאַנגען זומער...

האָט זיך היינט אָוועקגעשטעלט אויף גאָטס וועלט אַזאַ מין דורכזיכ־טיקער זייל פון אַ טאָג. נישט קיין סך אַזעלכע מייסטערהאַפטע טעג וועלן נאָך איצט קומען. זופּ־זשע געגעדיק, ווי קילן און אַלטן וויין, יעדן אייב־ציקן טראָפּן פונעם ים מיט בראָנדזענעם ליכט...

## עס וועלן צייטן פאַרגיין

עס וועלן צייטן פאַרגיין און דיין בלייכער גוף וועט וויאַנען און זיך פאַרוואַנדלען אין שטויב. אָבער עמעצנס בליציק אויג וועט שטענדיק זען דיין פערלדיקע הערלעכקייט, די מלוכה פון דיינע שווינקייטן. עס וועט אין דעם גאַנג פון צייט נישט קיינער קענען אויסמעקן דיין זעלטענע דערשיינונג; דיין בליענדיקע יוגנט; דיין געטלעך־געפורעמטן גוף, דעם אויסגעחלומטן דורך אַ קינסטלער מיט פיבערישער פאַנטאַזיע. זאַכן און דערשיינונגען אונטער דער זון, ווי דיין עקזיסטענץ, גייען קיינמאָל נישט פאַרלוירן. דאָס הערלעכע, וואָס איז ענלעך צו אַ שטערן אין דער פינצ־טערער נאַכט, בלייבט שטיין אויף תמיד איינגעקריצט מיט אַ געניאַ־לער האַנט אינעם תהומיקן זכרון פון דער וועלט...

## דאָס צוגעזאָגטע לאַנד

יעדן טאָג, נאָך אין פריען באַגינען, ווען איך זעץ זיך פאַרכטיק שרייבן ביי מיין טאַטנס שרייב־טישל, בלעטער איך עטלעכע מינוט פריער דעם געוואַלטיקן תנך אונדזערן. איך מיין חלילה נישט צו באַרימען זיך אַז איך בין אַזאַ געוואַלטיקער קענער, אָדער בקי, אין תנך, אָדער אַ למדן בכלל. אָבער וואָס מיך איבערראַשט תמיד, איז צו זען ווי דער וואָס לעבט אייביק האָט צוגעזאָגט צו די אידן דאָס קליינע־גרויסע לאַנד דורך זיינע הייליקע נביאים. ביי קיין שום פאָלק אויף דער ערד האָט גאָט דורך זייערע נביאים אַזוי פיל מאָל, און מיט אַזאַ פעסטן פאַרנעם און עקשנות, נישט געהאַמערט איבער די קעפּ פון די אידן אַז דאָס פאַרטריבענע פאָלק וועט אַמאָל צוריקקומען פון אַלע שבעה ימים און יבשות, לעבנדיק צווישן אַלערליי בייזע פעלקער, און אַז זיי וועלן ווידער ארבן דאָס תרובדיקע

לאַנד. די נביאים עמוס, יחזקאל, ישעיהו און די אַנדערע גיבורים אונ־דזערע פון וואָרט און גייסט, אַלע שטעלן זיי אַריין מיט פייערדיקע צוזאָגן די וויזיע פון אַ אידיש ארץ ישראל אין דער צוקונפט. עס איז פשוט שווער צו באַגרייפן ווי אַזוי די בעסערע גוים, די אוהבי ישראל, וואָס קענען דאָך פונדעסטוועגן אויך דעם תנך, כאָטש נישט אין דער הייליקער אָריגינעלער שפּראַך ווי ער איז געשריבן געוואָרן — ווי די ענגלענ־דער, צום ביישפּיל, זעען נישט אין אונדזער אייזערנע גערעכטיקייט, אונ־דזער היסטאָריש און געטלעך רעכט אויף אונדזער הייליקן לאַנד ישראל...

אָבער מיט די גוים צי אָן די גוים, פאַר אונדזערס אַ היימישן איד, וואָס איז אַמאָל געגאַנגען אין חדר, און ער קוקט אַמאָל אַריין אין אַ אידיש ספרל, צי טאַקע אין דעם תנך אַליין, אין דער הייליקער תורה, איז באמת שווער נישט צו קענען גלויבן אין די אַלע פייערדיקע צוזאָגן און שבועות מצד דעם רבונו של עולם צו זיין געפּלאָגטן פאָלק. בפרט נאָך ווען פאַר אונדזערע אויגן, אין אונדזערע איצטיקע טעג, געשעען דאָך באַשיימפּער־לעך ניסים מיט די אידן אין ישראל. איך גלויב אין דעם גייסט, אין דער קראַפט און אין דעם פאָלקס־קוראַזש; אין דעם נאַציאָנאַלן עקשנות, און אוודאי אין די פיזיש־מיליטערישע כוחות אויך, אַז די געשיכטע און דער זיווג פונעם אוראַלטן פאָלק, וואָס איז באַשטימט צו לעבן זיין גרויס היס־טאָריש לעבן אויף זיין אַלטער הייליקער ערד, אויף וועלכער אונדזערע אבות, און אונדזערע געטלעכע נביאים, האָבן געטראָטן און געטראָגן פייער צו די אידישע דורות פון אַלע צייטן, איז נישט קיין געוויינלעכער און קיין אויבערפלעכלעכער. עס איז פאַר מיין וויניקייט נישט פאַראַן קיין שום ספק אַז די שטאָט ירושלים איז א י י ב י ק . מיטן אויסרוף „לשנה הבאה בירושלים!" האָבן אַלע דורות אידן דורך די יאָרטויזנטער פאַרענ־דיקט זייערע תפילות יום־כיפור צו נעילה. די דאָזיקע היסטאָרישע אידישע ברכה אין די מיילער פון אַלע אידישע דורות קלינגט אין מיינע אויערן, ביזן היינטיקן טאָג, ווי אַ מעכטיקער עכאָ־געשריי דורך דער אידישער געשיכטע. איך געדענק אונדזערע טייערע און היימישע אידן אין שטעטל, פון וועמענס ליפּן איך האָב פאַרנומען די אוראַלטע ברכה. איך געדענק זייער פרייד און פעסטקייט, זייער מעכטיקן בטחון נאָך אַ זומערדיק־לאַנגען טאָג פון תענית, ווען זיי האָבן פאַרענדיקט אַ יאָר פון עול און האָ־רעוואַניע, און זיי האָבן זיך געגרייט אָנצוהויבן דאָס נייע יאָר, וואָס האָט אַגב אויך געטראָגן אין זיין צוקונפט נישט וויניק גזירות, אומגליקן, און כלערליי נאַציאָנאַלע צרות און זאָרגן. לשנה הבאה בירושלים! דאָס איז נישט געווען קיין מליצה, און קיין קאַפּריז, פון אַזאַ אָדער אַן אַנ־דערן נאַציאָנאַלן גייסטיקן פירער. דאָס זיינען די ווערטער וואָס אַ פאָלק האָט מיט פייער, גאָלד און בלוט, פעסט אַריינגעשריבן אין דער טיפע־ניש פון זיין אַלטן און יונגען האַרצן...

# זינאַ

אַ פֿריינט דערציילט מיר ביים טישל אין קאַפֿעטעריע, זופּנדיק פֿון אַ טעפּל קאַווע:

— זינאַ האָט זיך פּונקט געהאַלטן אין רוזשירן די באַקן, אין צו־פֿאַרבן אירע דינינקע ליפּן, ווען זי איז פּלוצלינג אַוועקגעפֿאַלן ביים שפּיגל אַ טויטע פֿון אַ האַרץ־אַטאַקע. דער שפּיגל האָט זי צום לעצטן מאָל געזען אַ לעבעדיקע...

איך געדענק זינאַן ווען זי איז נאָך געווען אַ יונגע און שיינע פֿרוי. זי איז דעמאָלט געווען אַ דערפֿאָלגרייכע טענצערין. זי האָט פֿאַרכאַפּט די הערצער און פֿאַנטאַזיעס פֿון די יונגע מאָלער. זי האָט זיך טאַקע, וואָס אַן אמת, קיינמאָל נישט אויסגעטאָן אינגאַנצן נאַקעט פֿאַר קיינעם נישט. מען האָט זי געדאַרפֿט כסדר אויסטראַכטן. און אַזוי פֿיל קינסטלער האָבן יעדעס מאָל זי אויפֿדאַסניי אויסגעטראַכט, ווי דאָס לעבן, ווי די ליבע, ווי די ראָמאַנטישע שיינקייט. זי האָט געבליט אין זייערע נאָך פֿייכטע פּאָרטרעטן. איר אייגענער מאַן האָט פֿון איר געמאָלן אפֿשר גאַנצע הונ־דערט בילדער. אין יעדן פּאָרטרעט זיינעם איז זי געווען אַן אַנדערע דערשיינונג. און אין לעצטן סך־הכול תּמיד די זעלביקע פֿאַרכאַפּנדיקע שיינקייט...

איך האָב זי געזען דורך די יאָרן אין פֿאַרשידענע קינאָס און טעאַ־טערן; אויף קונסט־אויסשטעלונגען און ביים ברעג פֿון ים; בשעת די זומערדיקע פֿאַרנאַכטן; אין די פּאַרקן און שטאָטישע גערטנער. זי האָט געקעניגט אויף באַנקעטן און בעלער. איר מאַן איז איר שטענדיק נאָכגע־גאַנגען מיט אַ געגעדיקן זשעסט, ווי ער וואָלט געטראָגן איר זיידענער שלעפּע. ער האָט איר נאָכגעפֿאָלגט ווי אַ פֿאַרצייטישער ריטער, מיט אַזאַ זעלטענער געטריישאַפֿט און עלעגאַנץ. ער האָט פֿרום געשמייכלט און קיין הויך וואָרט נישט געוואָגט אַרויסצורעדן אין איר אַנוועזנהייט...

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך באַמערקט אַז זי האָט אָנגעהויבן צו וויאַנען. איר ווייסע הויט, ווי ערשט־געפֿאַלענער שניי, האָט שוין גענו־מען אַריינפֿאַלן אין אַ מין האַרבסטיקער געלקייט. די קנייטשן אויף איר פּנים, קוים־קוים אָנזעעוודיקע, האָבן גענומען דערציילן פֿון אירע יאָרן. אָבער זי איז געגאַנגען מיט אַ קעניגלעכן שטאָלץ. איר רייצנדיקע אימ־פּעריע, אַזוי האָט זיך איר אויסגעדאַכט, איז נאָך אַלץ געווען אַזאַ מעכ־טיקע... — — —

זינאַס לוויה איז פֿאָרגעקומען בשעת אַ שניי איז געפֿאַלן פֿון דעם גלייכגילטיקן הימל. די שניי־פֿלעקלעך האָבן זיך ווי געריסן אַריינצופֿאַלן אין דער אַמאָליקער טענצערינס קבֿר, ווי שטיקלעך קאָנפֿעטי אויף אַ באַל. אַ געלער מלאך איז ווי פּלוצלינג אויסגעוואַקסן אַזאַ לופֿטיקער איבער איר קבֿר און האָט שטיל געוויינט און געפּרוּאווט זאָגן קדיש. איר

מאַן, דער באַרימטער מאָלער, האָט איצט אויסגעזען אַזוי נישטיק און קליין, ווי אַן אַלט־געוואָרענער קאַרליק, שוין כמעט אַ זקן. עס איז געשטאָרבן די פרוי פאַר וועמען ער האָט געלעבט, געשטרעבט, געחלומט און געאַרבעט זיין גאַנץ שעפעריש לעבן. צו וואָס זאָל ער איצט אַליין אַהיימגיין אין דער קאַלטער און אָפּגעפרעמדטער וואוינונג, וואו עס הענגען אויף די ווענט אירע יוגנטלעכע פּאָרטרעטן? ער וועט איצט זיך ווי אַלע יענע מאָלערס וואָס האָבן באַדאַרפט אויסטראַכטן איר גוף כדי אים רעכט און רעאַליסטיש צו מאָלן. זיין פעסטע וועלט האָט פאַרלוירן איר צאַרטע קעניגין. מאַכטלאָז און שטילערהייט האָט ער זיך אויסגעצויגן איבערן צעדעפּטשעטן שניי פון בית עולם, נעבן דעם אָפענעם קבר, און ער האָט שטיל געוויינט, ווי אַ קליינטשיק יינגל...

## די מעלאָדיע וואָס דערמאָנט

עס איז טונקל אויף דער איינזאַמער גאַס. דער וויין־און־האַניק־טריפנדיקער רעגן פאַלט אַן אויפהער צו דער ערד ווי פאַרצווייפלטער מן. אין דעם פענצטער פון אַ געוועלב זיינען אויסגעשטעלט אַלערליי אַנטיקן: דער פאָרטרעט פון אַ פרוי מיט געלע האָר ווי מעש; אַ האַרענע קעמל וואָס האָט פאַרצייטנס געהערט צו דער קעניגין פון טעסאַליע, ווי עס פאַרזיכערט דער אַנטיקוואַר; אַ דינער און ברוינער שאַל פון דער פּרינצעסין בערעניקע, טיטוסעס אדומישע געליבטע; אַ זיידענער באַנד תהלים פון אונדזער דוד המלך, ווי אַלע וויסן וואויל, איבערגעזעצט אויף לאַטייניש; אַ שמאָלע גלעזערנע קאַראַפינקע וואָס איז אָפּגעפאַרבט מיט גאָלד; אַ צאָל גאָלדענע כוסות אויף אַ טאַץ געשטעלט; עטלעכע צינענע טעלערס און בלעכענע לעפל, וואָס דערמאָנען אין אַ הויז פון גייסטיק־צערודערטע, וואָס איך האָב אַמאָל באַזוכט. (איך האָב איצט אויפדאָסניי געזען זיצן די בלייכע פּאַציענטן, אַזעלכע איבעריקע און איינזאַמע, ביי די גרויע הילצערנע טישן, מעכאַניש קייענדיק זייערע מאָלציַיטן מיט מערן, און ווי מיט פרעמדע ציין...)

אין אַ ווינקל פון דער גאַס, נישט ווייט פון דעם אַנטיקנגעשעפט, שטייט זיך אַ שלאַנקע פרוי, און שפּילט אויף אַן אידעלער און רויטער פידל. זי ציט מיטן סמיטשיק איבער די געלע סטרונעס דאָס שטילע ליד פון איר לעבן. בשעת די פרוי שפּילט, גייען אויף אין מיין דמיון אַלערליי געשטאַלטן פון פרויען און מאַנצבילן, וואָס איך האָב באַגעגנט אין שטעט און לענדער. עס שאַרכן זיידענע קליידער אויף אידעלע און גראַציעזע גופים. עס לויכטן פינקלענדיקע אויגן מיט גאָלד און פייער, און עס הערן זיך, ווי מעלאָדיעס, לעבנסלוסטיקע דיאַלאָגן אין דער גליענדיקער אַטמאָספערע פון וויין, ווייב און געזאַנג. די כוסות ווערן יעדעס מאָל דורכן שר המשכים אויפדאָסניי אָנגעפילט מיט אַלטן וויין, און

זיי ווערן אויסגעטראָנקען דורך רייצנדיקע דאַמען און גאַלאַנטע, קלוגע מאַנצפאַרשוינען, וואָס האָבן אוודאי איינגעשטעלט זייערע לעבנס אין פאַרשידענע סכנות און אַוואַנטורעס אין וועלדער, אויף ימים, אין מדבריות. ווי לוסטיק דאָ זעט אַלץ אויס! ווי עס קלינגט אַזוי באַרוישנדיק מיט דער מוזיק פונעם בונטן און רייכן לעבן, וואָס פאַרמאָגט אפשר טויזנט פּנימער און פאַנטאַסטישע מאַסקעס מיט אַלערליי גרימאַסן פון קאָמעדיע און טראַגעדיע. עס איז אַן אמתדיק פאַרגעניגן צו פאַרברענגען אין אַזאַ ראַפינירטער געזעלשאַפט, וואָס שטראַלט מיט קולטור, חכמה און לעבנסלוסט... — — —

די צאַרטע פרוי שפּילט מיט אירע דאַרע הענט וואָס ציטערן שוין פון מידקייט און פאַרמאַטערטקייט. זי שפּילט אַ ראָמאַנטישן ניגון. די פלאַמיקע כוסות פון גאָלד לויכטן שטיל אַרויס פון דעם נאַכטיקן חושך. דער רעגן טריפט נאָך אַלץ מיטן פרילינגדיקן און מאַנאָטאָנעם זילבערטריף פון חודש אַפּריל, און וועלכן איך בין געבוירן געוואָרן. יענע ליידנשאַפטלעכע ליפּן וואָס האָבן הייס באַרירט די דינע ליפּן פון די כוסות, זיינען שוין פון לאַנג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטויב. די לוסטיקע געלעכטערן, די פיינע וויצן און שפּריכווערטער, זיינען שוין אויך זינט לאַנג פאַרקלונגען געוואָרן אין דער אומענדלעכקייט. דאָס וואָס עס איז אַמאָל געווען, וועט זיך שוין מער קיינמאָל נישט איבערחזרן, זינגט דאָס הייםישע פאָלקס־ליד...

## דאָס קאָסמישע געפיל

אין פריען באַגינען, אַרויסשטעקנדיק דעם קאָפּ דורכן פענצטער, ריר איך ממש פיזיש אָן דעם טיפן הימל. מיין גאַנץ נפש ציטערט אויף פון פּחד ביים דערקענען אַזוי נאָענט די מוראדיקע קראַפט פון די עלעמענטן; ביים אָנרירן מיט מיינע הענט די גאָרע טעטיקייט פונעם קאָסמאָס; ביים אָנטאַפּן די רויקייט פון דער נאַכט, די פייכטקייט פון די וואָלקנס און דאָס ליכט פון די ווייטע שטערן, וואָס טריפט צווישן מיינע פינגער. עפּעס אַ זעלטן געפיל מאַכט מיך אַזוי מאָדנע נאָענט צו דעם וואָס לעבט אייביק. יאָ, אַזאַ געוואַלטיקע עמאָציע פון קאָסמישער דערקענטעניש און בפירושער גאָט־נאָענטקייט באַהערשט מיך, און מאַכט מיך אומגעוויינלעך גליקלעך און גליקזעליש...

## „די בלומען פון שלעכטס"

ווען דער סקולפּטאָר נחום אַראָנסאָן איז מיט יאָרן צוריק, בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, געקומען קיין ניו־יאָרק, האָט ער איינמאָל אויסגעדריקט פאַר מיר דעם פאַרלאַנג אַריינצוקוקן אין באָדלערס מייסטערווערק „די בלומען פון שלעכטס". איך האָב פאַרמאָגט אַן עלעגאַנטע אויסגאַבע פון די לידער. אַראָנסאָן איז געווען טיף גערירט, ווען איך האָב עס אים געבראַכט אַ מתנה...

אָבער נאָכדעם ווי איך האָב געהאַט אָוועקגעשאָנקען דאָס בוך, האָב איך אין דעם זעלביקן אָוונט, זיך אַהיימקערנדיק צו מיין דאַך־שטיבל, פּלוצלינג דערפילט אַזאַ פיינלעכע פּוסטקייט אָן באַדלערס טרויעריקע און אָנגעצונדענע „בלומען". אויפצומאַרגנס בין איך גיך אַוועקגעגאַנגען צו אַ בוכהאַנדלונג, און האָב זיך איינגעהאַנדלט דעם דיכטערס ווערק.

עס איז שוין, ווי געזאָגט, פאַר מיר געווען אוממעגלעך צו זיין אין שטוב אָן דעם מייסטער; אָן דעם גאָט־געבענטשטן מחבר, מאַרטירער און קעניג פון פּאָעזיע. (אַ קראַנקער מענטש אין זיין צעבראָכענעם און פאַר־גיפטעטן גוף — אָבער אַזאַ מעכטיקער דיכטער און אינטעלעקט, וואָס האָט אַריינגעשמידט און אַריינגעמויערט אין זיין ליד דאָס בלוט און מאַרך פון זיין לעבן...)

## די טויב אויפן אייזערנעם באַלקאָן

אין דער פרי זע איך ווי די קליינע, אַש־גרויע טויב שטייט זיך אויפן אייזערנעם באַלקאָן פון מיין וואוינונג מיט אַ שטילן און רעזיגנירנדיקן שווייגן. זי קוקט אָן אַזאַ טרויעריקע די וועלט. זי דערמאָנט מיך אין יענער טונקעלער ראָב פון פּאָ'ס באַרימטער פּאָעמע. זי שטייט זיך ווי אַ פויגל אַ חכם, און זי קוקט, דאַכט זיך, שטילערהייט אויפן גאַנג פון די פּאַרצייטישע אידן איבער דעם איינגעשטילטן ים, אַנטלויפנדיק פון שקלאַ־פעריי. דאָס קעפּל אירס מיטן רויט־רובינישן אייגל, באַוועגט זיך קוים, באַטראַכטנדיק די גאַנצע וועלט, בשעת פּונעם כמורנעם הימל כליאַפּעט דער שווערער רעגן אַזוי מבולדיק־ווילד. אָבער קענטיק אַז איר, דער איינזאַמער טויב, גייט עס ווייניק אָן. זי האָט שוין אין איר לאַנגען לעבן, דורך די פאַרגאַנגענע יאָר טויזנטער, געזען אַ סך ערגערע מבולס און פאַרפלייצונגען. זי שטייט אַ באַלאַדענע מיט עפּעס אַ נביאישער פּאָזע, קראַפּט און מאַראַל. זי נעמט אָן אין מיין דמיון אַן אימהדיקע דימענסיע...

## די אייגנשאַפטן פון ליטעראַטור

ליטעראַטור פאַרמאָגט מערקווירדיקע אייגנשאַפטן: עס מאַכט אַזוי נאָענט דאָס אומבאַקאַנטע און ווייטע; דאָס אוממעגלעכע ווערט מעגלעך. עס פאַרוואַנדלט אַפּטמאָל דאָס אומנאַטירלעכע אין דעם נאַטירלעכן, און דאָס פאַנטאַסטישע קען ווערן רעאַליסטיש און אמתדיק. איינער אַ מענטש, וועמענס פיזישע עקזיסטענץ די צייט האָט שוין זינט לאַנג צוריק אויפ־געגעסן מיט זיינע ביינער, קען פּלוצלינג נעמען רעדן מיט פּשוטע מענטש־לעכע רייד, און ממש אַלעמען איבערצייגן אַז ער לעבט און עקזיסטירט, און אַז ער געפינט זיך דאַ צווישן אונדז, ווי אַ קרוב, צי ווי אַ היימישער פריינט. אַן אַנדערער, וואָס איז בשעת זיין לעבן געווען שטום און מגור־שמדיק ווי אַ גולם, קען אָננעמען דאָס געשטאַלט פון אַ נביא, און ער עפנט בליציק פאַנאַנדער דאָס דראַמאַטישע לעבן פון דער מענטשהייטס צוקונפט...

# ציפריאַן נאָרוויד

דער גרויסער פּוילישער פּאָעט ציפּריאַן נאָרוויד האָט געוואוינט אין ניו־יאָרק, ערגעץ־וואו ביים ים מוז נאָך שטיין דאָס גרויע הויז, וואו ער האָט געוואוינט אין דעם פריערדיקן יאָרהונדערט. אָדער איז דאָס הילצערן־צעפוילטע הויז געשטאַנען ביים איסט־ריווער? אפשר איז נאָך ערגעץ, אין אַ שפּינוועבסטיקער חורבה, פאַראַן דאָס נידעריקע פענצטער, דער אַלטער טיש, וואָס ברעכט זיך איין אויף זיינע קניענדיקע פיס; דער נאַפט־לאָמפּ מיטן פאַרקאָפּטשעטן גלאָז, אין וועמענס ליכט אַן איינזאַמער מאַן האָט ביי דער נאַכט, אין אָפּשיין פון דער לונאַטישער לבנה, געשריבן זיין טרויעריק פּויליש ליד...

ציפּריאַן נאָרוויד, ווי ווייניק איך ווייס פון אים און פון זיין אַנגע־צונדענעם ווערק, האָט געהערט צו יענע נאַטורן, ביי וועמען דאָס האַרץ ברענט אין זייערע הייסע בריסטקאַסטנס פון צו פיל ליבע און פון צו גרויסער הימלישקייט אין זייערע ערדישע לעבנס. ביים לעבן איז ער געווען, אַזוי ווי וויליאַם בלייק, אַ פאַרגעסענער און איינזאַמער מענטש. אַ פאַרנאַכלעסיקטער פון זיינע לאַנדסלייט, וואָס זיינען צו יענער צייט נישט געווען קיין איבעריק־באַוואוסטזיניקע, ליטעראַרישע מענטשן און בכלל האָט ער געמוזט זיין אַ פאַרגעסענער מענטש פון פריינט און גע־זעלשאַפט, כאָטש ער איז קיינמאָל רעכט נישט געדענקט געווען. אַ פאַר־נאַכלעסיקטער פון זיינע ברידער־פּאָלאַקן און אַ באַליידיקטער פון זיינע פריינט און לאַנדסלייט. אַזוי אַלס קינסטלער, אַזוי אַלס דענקער, אַזוי אַלס דיכטער... אַזוי אַלס מענש..

דער דאָזיקער סאָרט קינסטלער געהערט צו יענע ווייניקע אויסדער־ווײַלטע, צו יענע זעלטענע פאַרשאָלטענע און פון גאָט מיט אַ גאָלדענער קרוין־געזאַלבטע, וועלכע שאַפן שטילערהייט מיט יענעם שטילן פייער אין פאַרוואונדעטן האַרצן, מיט וועלכע עס צייכענען זיך אויס יענע וואָס שטייען ביים סאַמע פינצטערן אָפּגרונט, גרייט אַריינצופאַלן אין זיין טיפעניש, צווישן שלאַנגען און שלימאַקעס. איין־און־איינציקער ציטער בלויז, און זיי זינקען אַריין לעבעדיקערהייט אין די פייערן פון גהינום. און, עס איז דאָס גהינום, וואָס פלאַמט אַרויס פון זייערע אמתדיק־יסורימדיקע ווערק. אַלע שרפות פון דער נשמה; אַלע בלענדענישן און פאַרבלענדענישן, אַלע אומרואיקייטן און שטורעמס פון דעם איינזאַמען מאַן, וואָס שטייט ביים טויער פון דעם פינצטערן־און־פייערדיקן זומפּ פון די געפאַלענע סקעלעטן, וואו אָדלערס פליקן די געהירן פון די זשעניען און פון קייסאָרים. און עס איז מיט אַזאַ מין געוואַלטיקער ליבע, מיט אַן אומענדלעכן רחמנות אין זייער בלוט, מיט אַן אַנזאַמלונג פון גהינומדיקע ווייטיקן, און מיט אומגעווינלעכער אָשטרענגונג נישט אַרונטערצופאַלן אין דער טיפעניש און זיך חלילה נישט צו צעשמעטערן דעם נאַקעטן שאַרבן — וואָס די

דאָזיקע דעמאָנישע מאַרטירער אומפּאָסן אין זייער ווערק־און־וויזיע די גאַנצע וועלט, ווי פאַוסט, ווי דאַנטע, איבער וועמענס רעאַליטעט עס רעפלעקטירט זיך זייער ספּיריטועלער בלאָסק, דער אָפּשיין וואָס גע־הערט צו אַן אַנדערער וועלט־ספערע, צו אַ פרעמדן סאָרט קאָסמישער רעאַליטעט. עס איז יענער הייליקער־און־העראַישער „וואַנזין" מיט וועלכן זיי נעמען ספּיריטועל אַרום די וועלט. בלויז איין שריט ווייטער — און די גרענעץ ווערט ריינער וואַנזין; ווערט שטן־און־סאַטאַן; ווערט מע־פיסטאָפעלישער שגעון. און דער גאָלד־בלוטיקער כוס פון דער לבנה רינט אָפּ ווי טראָפּנס רעגן, מיט אַ גהינומדיקן ווייך, אויף די ליפּן פון דעם איינזאַמען...

עס איז אויף אָט דער דאָזיקער קריטישער גרענעץ וואו עס קומט פאָר דער פירכטערלעכער קאַמף צווישן פאַוסט און מעפיסטאָפעלעס; צווישן קין און לוציפער. צווישן איוב און דעם שטן. עס איז אויף אָט דעם ליכט־און־שאָטן־גרענעץ וואו עס שלאָגן זיך מיט אַלע בייזע עלעמענטן רעמבראַנדס און דאָמיע, על גרעקאָ און גאָיאַ, ציפּריאַן נאָרוויד און סלאָוואַצקי, מיקעל־אַנדזשעלאָ און דאָסטאָיעווסקי, געטע און שעקספּיר, דאַנטע און קאַפקאַ, וויליאַם בלייק און טאָמאַס מאַן, אָסקאַר ווײַלד און אַנדריי זשיד...

שוין זיבעט יאָרן זינט איך פרעג הונדערטער היגע פּאָלאַקן וואו ציפּ־ריאַן נאָרוויד האָט זיך אויפגעהאַלטן, אין וועלכן פּאַלאַץ אָדער רואינע? וואו האָט ער געזאָגט יאַן קאָכאַנאָווסקיס תהלים־קאַפּיטלעך ביינאַכט, און האָט איבערגעחזרט פאַר זיך אַלײן די פערזן פון יאַן קאָכאַנאָווסקיס „טרעני" (טרערן)? פּונקט אַזוי גיי איך אין ניו־יאָרק אַרום ביינאַכט אין צייכן פון פּאָו. איך פיל אומעטום זיין וואַרעמע אַנוועזנקייט, ווי איך האָב אַמאָל, מיט פיר צענדליק יאָר צוריק, געפילט אין פּאַריז די דיאַבאָליש־טראַגישע אַנוועזנקייט פון די דריי באַליבטע דיכטער מיינע: באָדלער, ווערלען און רעמבאָ... און וואו איך בין צענדליקער מאָל געקומען אינעם הייזל וואו היינריך היינע האָט זיך געקריגט מיט זיין ווייב מאַטילדען, און געפּרואווט מיט אָנשטרענגונג אַריינשטעקן דעם בלייערנעם לעפל מיטן ביסל לינדזנזופּ אין זיין פּאַראַליזירטן מויל, און וואו דער קאַנאַרעק אין שטייג האָט זיך איינגעקויפּט אומשטערבלעכקייט און דאַנקבאַרקייט פון אַלע דורות פאַר זיין פריינטלעכן רעדן און אונטערהאַלטן דעם מאַר־טירער־פּאָעט?!

## דער קאָוואַל וואָס שמידט מעסערס

איך געדענק די מערסטע מענטשנגעשטאַלטן וואָס זיינען פאַרבייגע־גאַנגען מיינע קינדערישע יאָרן. אָט אַ שטייגער שטייט איצט אויף פאַר מיין אויג ראַדאַק, דער פייער און פּרימיטיווער שמידער פון אייזערנע שווערטן און היימישע מעסערס. אַ שטיק אויסגעריבן קלינגל פון אַזאַ אַלט־

מאָדיש מעסער איז נאָך געבליבן ליגן ביי מיר אין דער היים ביזן היי־
טיקן טאָג. טאַטע־מאַמע, פאַר זייער שטאַרבן, האָבן עס איבערגעלאָזט צו־
זאַמען מיט זייערע אַנדערע זאַכן און אינסטרומענטן פון היימישן גע־
ברויך...

איך געדענק אַ באַגינען אין דערפל נאָוואָגורא. עמעצנס אַ האַנט
קלאַפּט אָן אין אונדזער טיר. תמיד דערשרעקן מיר זיך ווען מיר הערן
קלאַפּן אין דרויסן, ביי די לאָדנס פון אונדזערע פענצטער, צי ביים איי־
זערנעם פרענט פון דער טיר. דער פרעמדער און אומהיימלעכער דרויסן
שרעקט אייביק. עס איז שטענדיק פאַראַן די סכנה באַפאַלן צו ווערן דורך
פוילישע רוצחים, מערדער, משוגעים און שיכורים. מיר לעבן דאָך שוין
טויזנט יאָר צווישן די גוטע פריינט אונדזערע, די פּאָלאַקן, אַ פאָלק וואָס
האָט עקשנותדיק פיינט די אידישע שכנים און וואָס נערט איר היסטאָ־
ריש־אַלטע שנאה מיט בלוט און מיט בראָנפן...

אָבער גראָד איצט קלאַפּט אין דער טיר אַ פריינטלעכער פויער.
ראָדאַק דער קאָוואַל קומט אַריין אין דעם נאָך פינצטערן און דאָרפישן
באַגינען צו אונדז, אין דער מרה־שחורהדיקער אידישער שטוב. אויף
זיין פוטערנער קוטשמע ליגן שטיקער פראָסטיק־בריליאַנטענע אייז־און־
שניי ווי געהיימנישפולע אוצרות. עס דאַכט זיך מיר אַז עס וועט תיכף
צעשמאָלצן ווערן ביים פינקלענדיקן פייער פון קאַמין, אין וועמענס איי־
זערנעם פיסק עס קרעכצן די נאַסע, וואַלדיקע צווייגן, וואָס מיר האָבן
אַנגעקליבן אין וואַלד נאָך די רעגנס און שטורעמס. עס פאַלן די רעגן־
טראָפּנס פון זיין לאַנגער און ממש אַפּאָסטאָלישער באָרד. אָט צעשמעלצט
ער זיך אינגאַנצן צוזאַמען מיטן פוילישן שניי, מיט די אייזיקע צאָפּנס,
וואָס הענגען איבער אים ווי דאָס צירונג אויף אַן אַזיאַטישן מלך, זיצנדיק
אויף זיין טראָן. באַלד וועט ער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ דאָרפיש־געשמאַקן
און זומערדיקן רעגן, וואָס פרישט אָפּ די פשוטע ערד...

דער קאָוואַל שטייט אַ ווײַלע ביים וואַרעמען קאַמין־פייער ווי אַ צע־
מישטער. ער ווערט, דאַכט זיך, באַלויכטן ווי אַ הייליקער פון זייערע פויע־
רישע איקאָנעס, וואָס איז סוף־כל־סוף ענלעך צו אַ איד פון פאַרצייטישן
ירושלים. באַלד נעמט ראָדאַק אַרויס פון אונטערן אַלטן און פאַרברודיקטן
קאָזשוך זיינעם, וואָס געדענקט נאַפּאָלעאָנס מלחמות, אַ בינטל מיט איי־
זערנע מעסערס, וואָס ער האָט אויסגעהאַמערט אין זיין פרימיטיווער קוזש־
ניע. די מעסערס זיינען אַ ביסל גרעבלעכע און אומגעלומפּערטע. זיי זיי־
נען אַריינגעשטעקט אין אויסגעשניצטע, הילצערנע העפטלעך. עס שמעקט
נאָך פון זיי דאָס פרישע און מילכדיק־ווייסע האָלץ פון די בוימער־און־
צווייגן פונעם נאָענטן און געדיכטן וואַלד. עס פילט זיך דער געזונטער
ריח פון דער לויטערער, האָניקדיק־געלער זשיוויצע, וואָס טריפט אָפּ
גאָלדיק פון די שטאַמען, און פון דער דיקער קאָרע פון די פשוטע און

גוטע בוימער. מיר האַנדלען איין ביי ראַדאַקן ממש פאַר אַ שיבוש פון עטלעכע אָרעמע זילבערנע זלאָטעס די היימיש־געמאַכטע מעסערס. מיר פאַרבעטן אים צו טרינקען אַ גלעזל טיי מיט זיסן, פסחדיקן ווישניאַק. ראַדאַק טרינקט אויס מיט גרויס פאַרגעניגן דאָס גלעזל טיי. ער וואַרעמט אויס דאָס גלאָז מיט זיינע גרויסע הענט, וואָס זעען אויס ווי שטיקער קאָרע...

פלוצלינג צערעדט ער זיך מיט עפּעס מאָדנע און אומהיימלעכע רייד. עס קאָכט אויף אין זיין פויעריש בלוט די באַרימטע פּוילישע יוכע. ער הייבט אָן צו שעלטן מיט ווילדע קללות עפּעס אַ וויטן קרוב זיינעם, אַ באַקאַנטן פּריץ, וואָס האָט ביי אים צוגענומען דאָס יונגע ווייב זיינס, מאַרושקע, אַ שיקסע וואָס האָט אַרויסגעשפּראָצט פונעם דאָרפישן פעלד מיט די פרישע פאַרבן אירע ווי אָן ערשט־צעבליטע הייליקע איקאָנע. מיט אַ ווילדע צוריק איז נאָך ראַדאַק געווען פאַרפרוירן און פאַרגליווערט ווי דאָס שווייגנדיקע פעלד אונטערן שווערן שניי. אייזיקע צאַפּנס זיינען נאָך געהאַנגען ווי קרישטאָל און באַקאַראַט־שטיקער פון זיינע וואָנסעס, און פון דער באַרד. און איצט פלאַמט אויף זיין ערדיק פּנים ווי ביי אַ רוצח. עס רעדט פון אים אַרויס עפּעס אַ מוראדיקער צאָרן פונעם אָרע־מען און אונטערדריקטן פויערים־קלאַס, די שקלאַפן פון די פריצים־הול־טייעס און אויסוואורפן, וואָס פאַרשיכורן אין פאַריזער ווייִנשענק און קאַ־באַרעטן דאָס בלוט־און־שוויס פון די פויערים, און פון זייערע פאַראָבקעס...

שפּעטער גייט ער אַרויס און ער ווערט פאַרשוואונדן צווישן די בוימער פון דעם גרויסן און פרעמדן וואַלד, וואָס רינגלט אונדז אייביק אַרום, אַנוואַרפנדיק אַזאַ ווילדן פחד אויף אונדז, די עלנטע אידן פון דאָרף. מיר דאַכט זיך אַז ראַדאַק גייט אַריין צווישן די סקולפּטוריש־געשניצטע בוימער כדי אַליין זיך דאָרט שטום און שווייגנדיק אוועקצושטעלן — אַזאַ קרעפּטיקער און קרישטאַליקער בוים פון אייז, שניי און פּערל...

ביז אויף היינטיקן טאָג איז מיר געבליבן שטיין אין זכרון ראַדאַקס איינזאַם און פאַרזאָרגט פּנים, אַ צעשניטנס פון די פּראָסטע און פויערישע זאָרגן און קרענקענישן. עס האָט זיך ביי מיר פאַרקריצט אין זכרון דאָס אומהיימלעכע פּנים פון איינעם אַן אָרעמען פויער, וואָס האָט פאַרלוירן צום פּריץ זיין יונג ווייב; וואָס האָט מיט טויטלעכע קללות געשאָלטן דעם פּאַן און דעם גלח פון קאָשטשאָל, וואָס האָט געהעצט אין זיין זונטיק־דרשה אויף אידן, די מכלומרשטע „מערדער פון קריסטוסן”. טרינקענדיק די זיסע טיי און קייענדיק דאָס שטיקל פּאַסנע ברויט, איז דאָ געזעסן איינער אַ מענטש אין וועמענס אָדערן עס איז הייס געפּלאָסן מענטשלעך און צאָרנדיק בלוט, טראָצדעם וואָס ער איז נאָך געווען געננוג פאַרסמט פון דער דורותדיק־אַלטער, קרעציקער שנאה צו אידן, וואָס ער האָט איינ־געזויגן אין זיך נאָך אַלס קינד צוזאַמען מיט דער מאַמעס מילך. און דער־

פאַר גערענק איך נאָך ביז איצט דעם דאָזיקן מענטשנס ערדיש־טרויעריקן פּנים, און זיין קנאָכיקן גוף, ווי ער וואָלט שטיין געבליבן ווי אַ בוים פעסט אַריינגעזעצט אין דער שוואַרצער פּוילישער ערד...

## דאָס איינציקע העמדל פון מיין שוועסטער חיהלע

די מאַמע מיינע, אַ פּריצייטיק־פאַרעלטערטע פרוי פון אָרעמקייט און שווערער פּראַצע אין דער קרעטשמע, האָט יעדער מיטגנאַכט שטילערהייט געוואַשן דאָס איינציקע קליידל פון מיין שוועסטער חיהלע, וואָס האָט בייטאָג באַדינט די געסט אין אונדזער באַשיידענעם רעסטאָראַן, אין לאָדזש, אויפן אָרעמען באַלוט. איך געדענק דאָס שניי־ווייסע און מיידלשע קליידל, ווי איך געדענק געגוי די זאַלץ־גרויע און איינזאַמע שנייען אין די פּוילישע דערפער, וועלכע עס לעקט אויס אין זיין בלוטיקן הונגער דער הימלאַזער און הינטיש־וואָיענדיקער ווינט, און וועמענס ווירגינישע קלאָרקיים עס גריזשען אָפּ די וועלפּישע שטערן אין פינצטערן חושך פונעם הימל. איך געדענק טאָקע די שטערן וואָס זיינען אַריינגעזעצט ווי גרינע שמאַראַגדן אין די נאַכטישע פּוילישע הימלען, וואָס טריפן אָפּ מיטן וויסטן פּחד פון פּאָגראָמען, פון פּויערישע קריגערייען און געשלעגן מיט העק און קינזשאַלן, בשעת די פינצטערע חגא־טעג אין פּוילן, ווען די גלאָקן קלינגען פאַרנאַכטצייט אַזוי אומהיימלעך איבער די אידישע שטעטלעך...

מיין אָרעמע, אָבער שיינע שוועסטער חיהלע, האָט בלויז פאַרמאָגט איין־און־איינציק קליידל. אירע אַנדערע קליידלעך זיינען שוין פון לאַנג אַן געווען צעריסענע און צעפּליקטע ווי שפּינגעוועבס. ביינאַכט, ווען מיר, די קליינע קינדער אין די שטיבער, זיינען שוין געהאַט איינגעדרימלט ווי מידע שעפעלעך, איז די מאַמע אַליין געזעסן ביים אייז־קאַלטן טייך, און האָט געוואַשן און געשווענקט אין די רויע כוואַליעס חיהלעס איינציקע קליידל. גאָטס גאָלדענער לייכטער, די לבנה, איז געשטאַנען הויך איבערן הימל ווי אַ ריזיקער בלוטיקער רובין־אידלשטיין, און האָט אָפּגעטריפט מיט זיינע זייפענע מידלענעס אויף דער אָרעמער מאַמעס פאַרקרומטע און רעוומאַטיש־צעפּייניקטע הענט; אויף איר געלן קלייד, וואָס זי האָט געטראָגן נאָך זינט איר חתונה־נאַכט אָן, ווען זי איז געשטאַנען אונטער דער חופּה מיט מיין דעמאָלט־נאָך־יונגען טאַטן, אַ שלאַנקען בחור פון יעוואַנגעראַד. אין אָפּשיין פון דער געפרוירענער לבנה, אַליין אַ שטיק ברילינאַנטענער אייז, שווענקט אַלץ בסדר די מאַמע אין דעם אומהיימלעכן טייך איר טאָכטערס איינציק שטיקל אָרעם מלבוש, כדי זי זאָל עס קענען אָנטאָן אין דער פרי אַזאַ ליכטיקס, ציכטיקס און קלאָרס, און כדי זי זאָל געפעלן ווערן די געסט אין דער רעסטאָראַציע...

די אינסעקטן אויף די אָרומיקע פעלדער, פאַרבאָרגענע טיף אין די

זומפיקע אַפּגרונטן, לאָזן זיך הערן אין דער נאַכט מיט אַלערליי קלאַנ־
גען, טענער און זעגערייען, ווי גרילן אונטער די שוועלן פון אָרעמע היי־
זער, אָרום האַרבסט־צייט. איך בין איצט אימשטאַנד צו זען אויף וויאַרסטן
ווייט די דאָרפּישע לאַנדשאַפט און אָפּשיין פון דער פאַרשטאַרטער און
קאַלטער לבנה. איך זע ווי די קליינע כוואַליעס פון דער דזשיקע (טייך)
זיינען קלאָר־ווייסע און מילכדיקע ווי ערשט־געפאַלענער שניי, וואָס מיינט
אַז ער וועט לעבן אייביק און עס וועט אים אויף לאַנג געלונגען צו דער־
האַלטן זיין ערלעכע ווייסקייט...

די מאַמע פלעגט אויך אָרום ערב פּסח־צייט אַליין אויפנייען פאַר
אונדז, יינגלעך, „אובראַניעס" (אַנצוגען), איבערגעמאַכטע פון די עסטריי־
כישע מיליטערישע שינעלן און מלבושים. פון די אָראַפּגעריסענע אַרבל
פון סאָלדאַטסקע העמדער האָט די מאַמע געמאַכט זאָקן פאַר אירע טעכ־
ערס געשוואָלענע פיס, מידע פון אַרומלויפן דורכן גאַנצן טאָג ביי די טיש־
לעך פון אונדזער אָרעמען רעסטאָראַן, וועמענס געסט זיינען מערסטנס
געווען די „אחדות"־גרופּן" (בונדיסטן). אַ, די גרויסע און רירנדיקע אָרעמ־
קייט פון אונדזער יוגנט־היים טוט מיר נאָך איצט ממש פּיזיש־ווי, ווען
איך דערמאָן זיך נאָר אין יענער צייט...

## אונטערשריפט אונטער מיין פלימעניצעס געלער פאָטאָגראַפיע

אַ אידיש מיידל אין לובלין, אַזאַ ווי מיין שוועסטערן־טאָכטער חיהלע,
איז אין מיינע אויגן געווען הונדערט מאָל שענער ווי אַ גאַלדיק־ראַפאַעלי־
שע מאַדאָנע, וואָס איז געמאָלן געוואָרן דורך אומפאַרגעסגלעך פייער־
און־גאָלד פון דער זון אין איטאַליע. גאָט האָט צו חיהלעס קרייד־בלייכן
און מלאכימדיקן פּנים געשאָנקען דאָס נאַטירלעכע הימלישע גאָלד פון
זיין אייגענעם שאַץ־אוצר. ווי אָרעם דאָס אידישע קינד איז געווען אין
פּוילן, און ווי טרויעריק אַלס אַ יונגע יתומה, ביי אַ שלעכטער שטיף־
מוטער, האָט זי זיך אָנגעטאָן שענער און געשמאַקפולער ווי אַ גויאישע
פּרינצעסין, בשעת אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג צום שפּאַצירן מיט אירע קאָ־
לעזשאַנקעס אין דעם גרויסן לובלינער פּאַרק. זי האָט זיך אַליין, מיט
די אייגענע זיסע הענט אירע, אויפגענייט דאָס פּרעכטיקע קליידל; מיט
דער זיידענער בלוזקע, וואָס האָט ממש געבליט אויף איר ביוסט און גע־
רייצט מיט די וואונדערלעכע שוועלונגען פון אירע יונגע שפּיציקע בריסטן.
דאָס אָרעמסטע מלבוש און היטעלע האָט איר געשאָנקען אַזוי פיל נאַטיר־
לעכן חן, אַזש איר חתן — דער שטערן אין הימל, אָדער די אַנדערע
יונגעלייט פון שטאָט, האָבן שיעור נישט געקראָגן פאַר איר די ניכפּה...

ערב־שבת האָט זיך חיהלע אויסגעצוואָגן דעם קאָפּ מיט די געדיכטע
שאַטינענע האָר אירע — און בשעת איך שרייב, נישט מיט טינט, נייערט

מיט טרערן, די דאַזיקע טרויעריקע שורות אַרום פערציק יאָר שפּעטער. נאָך איר פאָטאָגראַפירן זיך, שמעקט זי אַזש אַרויס פון דער אייביק־פרישער פאָטאָגראַפיע, ווי אַן אָפּגעפּאַרבטער מלאך מיט אַלע פאַרבן פון גאָטס ריינעם הימל און פון דעם פויליש־פרישן פרילינג. דער לאָק מיט די גאָלדענע האָר אירע, וואָס איך האָב צוזאַמען מיט איר בילד איינגע־ראַמט אין דער פּראָסטער הילצערנער און אָפּגעבראָדזטער ראַמקע, ווערט נישט גרוי. ניין, אירע האָר וועלן שוין קיינמאָל מער נישט גרוי ווערן, ווי ביי אַ נאָרמאַלער פרוי...

אָ, די געטלעך־אידישלעכע שוינקייטן פון די קליינשטעטלדיקע מייד־לעך, פון אונדזערע היימישע משפּחות, וואָס האָבן מיט זייער „שאַרם" און פרומער שוינקייט ממש באַלויכטן די געסלעך פונעם שטעטל, און באַשיינט און באַחנט דעם שבת ביי אידן, פונקט ווי פאַרצייטנס אין ירושלים, ווען דאָס גרויסאַרטיקע בית המקדש איז נאָך קעניגלעך געשטאַנען...

עס ווייגט ממש דעם שרייבערס האַרץ־און־אויג, קוקנדיק אַזוי יעדן באַגינען אויף מיין פלימעניצעס חיהלעס פאָטאָגראַפיע, וואָס שטייט תמיד אויף מיין שרייב־טישל, און קוקט, דאַכט זיך מיר, אַזוי אויפמערקזאַם נאָך מיין יעדער האַנט־באַוועגונג בשעתן שרייבן. ווען איך וועל שוין מער דאָ נישט זיין, ווער וועט אָפּהיטן דאָס הייליקע בילד, וואָס איז צו מיר טייע־רער ווי אַ רעמבראַנדטישער מאָלעריי־אוצר?!...

## ווי אַ מאַסקע אָן אויגנגלעזער

די זון ברענט ברוטאַליש. איך פּרואוו זיך צו פאַרהילן דעם קאָפּ, דאָס פּנים, די אויגן, מיט אַ טונקעלן טוך, ווי איינער אַן אומגליקלעך־פאַר־משפּטער, וואָס מען גייט אים אויפהענגען אין דעם קאַלטן, בלויען און שנייאיק־ווינטערדיקן באַגינען; און מען טוט אים אָ מיט געוואַלט אַ שטייפע מאַסקע איבער די פאַרטרערטע אויגן — אָבער אָן אויגנלעזער, כדי ער זאָל פאַר זיין טויט נישט קענען אָנקוקן דאָס שטיינערנע פּנים פונעם תליון; און כדי ער זאָל נישט זען די שטיקנדיקע האַנט פון דעם מלאך המות; און ער זאָל מער אויך נישט זען דעם גן־עדן־און־גיהנום פון דער וועלט...

אָבער דורך זיינע גלעזערנע טרערן זעט ער פאַרט אין די לעצטע מינוטן־און־רגעס פון זיין גסיסה — זיין פריע קינדהייט, זיין זאָרגלאָזע יוגנט, און יענע „ערשטע געליבטע", וועמענס ערשטער קוש בשעתן ערשטן טאַנץ שמעקט אייביק אין זיין האַרצן, ווייט־ווייט אַריבער צייט־און־טויט און פערזענלעכן אונטערגאַנג. ער דערמאָנט זיך איצט, בשעת מען טוט אים אָן די פעטליע אויפן קנאַכיקן גאָרגל, די וואונדערלעכע שפּאַצירן מיט זיינע חברים דורך פרישע שמעקעדיקע וועלדער אין פרילינג; ער הערט די טויזנט שטימעס פון חיות און אינסעקטן אין די טיפענישן,

צווישן די הויכע בוימער. ער דערמאָנט זיך דאָס באָדן זיך אין די ווייכע, זיידענע פאַליעס פון דער ווייכסל; און ווידער יענעם ערשטן קוש פון ליבשאַפט אויף דעם פרישן און בלומיקן פּנים פון דער צאַרטער־און־ציטערנדיקער כלה. ער זעט אויך פון זיין וויגעלע אויס אַלע שטערן אין דעם שרעקלעכן תהום פון דעם פינצטערן הימל, ווי אָנגעצונדענע ליכט אַריינגעשטעלט אין אַ געוואַלטיקער שוואַרצער מנורה מיט מיליאָנען רערן... ווי די אומצאָליקע פּיס פון שפּינען...

## ווען די „מיקראָבן" פון ליטעראַטור

פון דעם סאַמע ערשטן מאָמענט אָן וואָס אַ געוויסע זאַך געשעט אין דעם לעבן פון אַ קינסטלער, הויבן זיך באַלד אָן אין זיין פּסיכיק צו באַ־זעצן די „מיקראָבן" פון ליטעראַטור. טיפּן, כאַראַקטערן, געשטאַלטן און סיטואַציעס נעמען אָן נייע קאָלירן און שעפערישע געשטאַלטונג. דער „הייזון" פון פיקציע, פון בעלעטריסטיק, גיט צו נייע וויסטאַס, דימענסיעס און קינסטלערישע אויסטייטשונגען צו דעם איבערגעלעבטן. דער סוף איז אַז וואָס באַדייטנדיקער עס איז דעם שעפערס טאַלאַנט, און וואָס רייַ־כער זיין שוואונג און פאַנטאַזיע, אַלץ מער פאַרוואַנדלונג, פאַרענדערונג, און אַ גאַנץ נייעם לבוש און קינסטלערישן צוועק קריגט דער רוי־מאַטעריאַל, ביז ער ווערט ענדלעך פאַרוואַנדלט צו דער שאַפונג פון דעם ריינסטן און שטרענגסטן גאָלד־פּראָווו. ווי עס זאָגט זיך אין דעם ספר איוב: „ווען ער האָט מיך געפּרואווט, אַזוי וועל איך אַרויסקומען ווי גאָלד"...

## זיי קענען דיך נישט, און דאָך!...

שפּעט ביינאַכט. דו גייסט אַהיים מיט דער שטילער קיטענער לבנה פון ערגעץ אַ קינאָ, צי פון אַ טומלדיקן באַנקעט. דאָס פּלושיק־ווייכע קעצל רייבט איר גופל נעבן דיינע פיס, דרייט זיך אַרום דיינע קאַמאַשן, בשעת דו עפנסט די טיר פון דיין וואוינונג מיטן אייזערנעם שליסל. נישט דו ווייסט פון וועלכן ברודיקן קעלער אין דער געגנט זי קומט. זי צערטלט זיך מכלומרשט צו דיר ווי זי וואָלט דיך שוין געהאַט געקענט זינט אַ סך יאָרן. באַלד קומט אָן אַ פרעמדער מאַן. אַ קעניג צי אַ בעטלער? אָבער דו זעסט ווי זי דרייט זיך שוין באַצייטנס אַרום זיינע הויכע פּיס...

זיצנדיק ביים ברעג פון ים, און שטילערהייט טראַכטנדיק אַזוי וועגן גאָט, מענטש און אייביקייט, זופּט דערווייל דיין געזאַלצענעם שוויים, און זויגן פון דיין זיסן בלוט, די פרעמדע און אומבאַקאַנטע מחנות מוקן, מאָס־קיטאָס און קאָמאַרעס, ווי זיי הייסן דאָרט. אָבער האָט דיך עמעץ אַמאָל מיט זיי באַקאַנט? מיט וועלכער חוצפּה קומען זיי דיך צו באַפאַלן, כדי צו שטערן דיין פאַרגעניגן צו טראַכטן אין דעם רואיקן און זומערדיקן אוונט, נאָכן מעכטיקן טומל און געדויש פונעם הייסן און לאַנגען טאָג אין דער וועלט?!...

ווען דו קערסט דיך אום אין דעם פערלדיק־גרויען באַגינען פון דער וויינשענק, צי פון דער לוסטיקער „רומענישער חתונה״, באַפאַלט דיך פלוצלינג דער אוראַלטער רוּיבער מיטן חלף אין זיין הענקערישער האַנט. ער פאָדערט פון דיר דיין געלט, דיין בלוט, דיין אָרעם און דערשראָקן נפש, ־יין גאַנץ לעבן. אָבער דו האָסט אים באמת קיינמאָל פריער נישט גע־טראָפן. ווי אַזוי אייגנטלעך הייסט ער? נאָך וועמען פון זיינע זיידעס טראָגט ער זיין נאָמען? צי ווייסט ער כאָטש מיט וועלכער פּראָפעסיע דו ביסט פאַרנומען אין דיינע שפּעטע נעכט, אָדער אין די מיטנטעג? צי האָט ער אַמאָל געהערט פון דיין שרייבן? ער רעדט נישט צו דיר ווי אַ מענטש מיט אַ מענטש, נייערט ער ברעכט אַרויס ווי אַ דונער פונעם חושכדיקן הימל...

די טונקל־גלאַנציקע פליג, אַזאַ געזונטע, שטאַרקע און אויסגעפּאַשעטע ווי אַ חזיר, און מיט אַ זשומען ווי זי וואָלט זיך גרייטן צו לעבן אייביק אויף גאָטס פאַנטאַסטישער וועלט, פייניקט דיך שוין זינט עטלעכע מעת־לעת־ אין דיין שטוב, פאַרוואונדיק אַ מידער און פאַרמאַטערטער בייגאַכט צוצומאַכן דיין שלאָפלאָז אויג. זי לאָזט דיך פשוט נישט איינרוען קיין איינציקע מינוט. זי באַנעמט זיך צו דיר ווי אַן אַלטע באַקאַנטע, וואָס האָט צו דיר בייזע טענות, און נעגעט דיך אָן אַ סוף. אין דער אמתן קען זי דיך איבערהויפּט נישט. זי האָט זיך מיט דיר קיינמאָל פריער נישט גע־טראָפן. די נאַטור האָט איר פאַר דיר פּערזענלעך נישט פאַרגעשטעלט...

אין די מיטנאַכטיקע שעהן גייט זי דיר אַנטקעגן מיטן אָפּגעפּאַרבטן פּנים ווי אַ שטילע און זייער צאַרטע ליאַלקע אין אַ טונקל־באַלאָוון קלייד: מיט אַזאַ טרויעריקן פינקל אין אירע אונטערגעפאַרבטע אויגן. זי אויך האָט דיך פריער אפשר קיינמאָל נישט באַגעגנט. אָבער זי איז וויליק פאַרן ברודיקן צען־טאָלער־באַנקנאָט צו גיין מיט דיר איבערנעכטיקן די נאַכט אין אַ ביליקן האָטעל ערגעץ ביים ים־ברעג. דאָס קלאַפּן פון אירע אָפּזאַצן איבערן טראָטואַר הילכט אָפּ אַזוי תאוהדיק דורכן גאַרן אוני־ווערס, און עס בלייבט שטיין מיט ציטערניש אין דיינע אויערן. דער ריטם פון אירע גיכע און דראַבנע טריט גייט דיר נאָך דורך אַ גאַנץ לעבן. דו הערסט אין איר די מעלאָדיע, דאָס ליד, די מוזיק פון דער איי־ביקער חוהן דורך גאָר די טרויעריקע מענטשן־דורות...

מיט וועלכע רעכט טוט דיך אַ ברענענדיקן ברי אינמיטן העלן און זומערדיקן טאָג דער אומהיימלעך־פרעמדער בליץ־און־דונער־אויסבראָך? פאַרוואָס גייט ער דיך פלוצלינג פאַרברענען ווי דעם פאַרמשפּטן פאַר־ברעכער אויף דעם עלעקטרישן שטול? ביסטו אפשר אַמאָל אין דיין לעבן באַגאַנגען אַ פאַרברעכן קעגן דעם געטלעכן הימל? צי האָסטו ווען עס איז געשלאָגן מיט דיינע פויסטן אָן אומשולדיקע און טרויעריקע נשמה,

וואָס האָט פאַר דיר ביטער געוויינט? האָבן דיינע הענט חלילה פאַר־גאָסן פרעמד, וואַרעם און מענטשלעך בלוט?!...

מען האָט דיר, ווער קען וויסן ווען, ווער און וואו אין דעם אוניווערס; די „נאַטור״ אָדער „גאָט״, ווי די אַטעאיסטן דריקן זיך געוויינלעך אויס, אַמאָל געטריי געשאָנקען אַ יונגע און שטראַלנדיקע מוטער; אויך אַ טאַטע איז פון הימל אַראָפּגעקומען צו דיר ווי אַ געמאָלטער מלאך מיט גאָלד אין זיינע טרערנטריפנדיקע אויגן; אויך צאַרטע שוועסטערן, די שענסטע פריילינס, די הייליקסטע כלות אין דער גאַנצער וועלט, און ברידער קריי־גערישע, ווי די זין פון יעקב אָבינו, וואָס זיינען גרייט געווען דיך צו פאַרקויפן, דיך צו פאַראַטן, אָדער זיך פאַר דיר מיט שווערטן צו שלאָגן מיט פרעמדע פעלקער. אָבער ווער האָט זיי אַלע געקענט כאַטש מיט אַ הונדערטס יאָר פריער, דעמאָלט ווען דיינע יונגע טאַטע־מאַמע זיינען ביידע נאָך מיטן עקסטאַז פון ליבשאַפט געשלאָפן אויף איין געמיינזאַמען געלע־גער פון שטיינער, ווי יעקב אָבינו אין באר־שבע?!...

אין איינעם אַ טאָג פון דער אייביקייט, וועלכן דו וועסט מער נישט קענען זאַט אָנקוקן מיט דיינע אויגן, שיטן די שיכורע בעגערישע קברנים מיט זייערע בלעכענע שפּאַדלעס שטיקער רויט־ליימיקע ערד ווי פאַרבלו־טיקט ברויט איבער דיין פריש־אויפגעגראָבענעם קבר. ווער זיינען די דאָזיקע טעמפּע ברואים מיט אייזערנע פּנימער און פינצטערע הענט ווי די שלאָנגען? פאַרוואָס טוען זיי זייער אַרבעט אַזוי שוויגנדיק און גלייכ־גילטיק? מיט וועלכע רעכט באַגראָבן זיי אַזוי טיף אין דר׳ערד דעם קבצן צי דעם קייסער?!...

## דער איד פון אונדזער צייט

דער איד פון אונדזער צייט איז מעכטיק געהאַמערט פון דעם מאַ־טעריאַל פון טראַגעדיע. ער טראָגט אויף זיינע פּלייצעס די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פון פיר טויזנט יאָר אידישע געשיכטע. עס מיינט צו זיין אַ פיל טויזנט־יאָריקער אַלטער איד. עס מיינט צו זיין אַ גראַנדיעזער זייל פון אַ היסטאָריש־באַלאַדענעם איד, וואָס איז געשטאַנען ביים אויפגאַנג און אונטערגאַנג פון לענדער, מדינות, קעניגרייכן און אימפּעריעס. קייסאָרים, שאַכן, צעזאַרס, צאַרן, קאַליפן, קעניגן, הערשער און גענעראַלן האָבן אים געפּייניקט און פאַרפאָלגט. מען האָט אים געטריבן דורך וועל־דער, איבער ימים, דורך מדבריות, איבער אָפּגרונטן און תהומות. ער האָט אומעטום געלאָזן שטיין ריזיקע בית עולמס מיט קברים פון זיינע דורות, וועמענס מצבות די היטלערס־און־היצלעס האָבן פאַראומריייניקט און צע־שמעטערט...

און אוודאי זיינען ביים היינטיקן טאָג אַלע אידן צוזאַמען אַן אַלפּנ־באַרג מיט אידישקייט און אידנטום, וועמענס שפּיץ טורעמט אַריין צווישן

די שטערן, און רירט אָן דעם כסא הכבוד פונעם רבונו של עולם. דער גרויסער איד איז אוראַלט ווי דער אוניווערס. זיין הימל שפּרייט זיך אויס איבער אַלע שטעט, מלוכות, ימים און אינדזלען. זיין ערד איז דער גאַרער פּלאַנעט. זיין געשיכטע איז די אוניווערסאַלע היסטאָריע פון דער גאַנצער מענטשהייט. זיין לעבן איז דאָס לעבן פונעם קאָסמאָס. זיין וויזיע פון דער צוקונפט שפּרייט זיך אויס איבער דער גאַרער אייביקייט...

## אַ מאָמענט אין קאָסמאָס

פלוצלינג איז דער פּאַרק געוואָרן פינצטער ווי אינמיטן נאַכט. עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט עפּעס אַזאַ שווערער, מיטנזומערדיקער, פּוילישער רעגן, וואָס איך געדענק נאָך פון מיין פריער קינדהייט אין דעם פּוילישן דערפל נאָוויגאָרע. די וואָלקנס זיינען געשוואומען נידעריקע אין דער לופט, שווער פרייכנדיק ווי פּאַרמבולדיקע חיות אין די הייסע זומפּן. די דיקע טראָפּנס רעגן האָבן געשלאָגן ווי בייטשן די אַלטע בוימער אין די סעדער, מעכטיק־באַלאָדענע מיט זיסע פּירות. דאָס הימלישע מבול האָט געשלאָגן די גערטנער, די וועלדער, די טייכן און די גאַנצע ערד. עס האָט אויס־געזען ווי אַ בייזער און ליידנשאַפטלעכער געליבטער וואָלט געשלאָגן זיין כלה, אָדער זיין ווייב. גאָט האָט איצט באַשיימפּערלעך געאָטעמט אין יעדן בלאַט, פלאַנץ, צווייג און בלום; און אויך אין די שוואַרצע, ערדיקע קאָר־זשענעס אין די טיפענישן פון דער ערד...

ממש מיט טויזנט אויערן האָב איך זיך פּאַרכטיק איינגעהערט אין דער נאַטור. טייכן זיינען איבער מיר געשוואומען, און מיך געשלעפּט צו פינצטערע אָפּגרונטן, מיך געניידערט צו אימהדיקע תהומען. איך בין געווען נאָענט צו גאָט, צו מעשה בראשית, צום סאַמע אָנפאַנג פון די זיך קאָכנ־דיקע כוחות און עלעמענטן. שלאַנגען, עקדישן, פּיפּערנאָטערס און סאַלאַ־מאַנדרעס זיינען הייסע און זיך נאָך פּאַרענדיקע אַרויסגעשטיגן פון ים; האָבן זיך הויך אויפגעהויבן, האָבן אָנגעקוקט די משוגענע לאַנדשאַפטן מיט זייערע מאַטע און רויע אויגענעס, און זיינען צוריק אַרונטערגעזונקען מיט אַ מוראדיק געפּלעסק אין די אייבזאַמע און אייביקע אָפּגרונטן...

## די נאַכט פון ניטל

עס איז אין דער נאַכט פון ניטל. דער מין מענטש פּרוּווט צו פּאַר־טרייבן גאָטס אומענדלעכן חושך מיט עלעקטרישע אילומינאַציעס; מיט בליציקע פּראָזשעקטאָרן און אייזערנע לאָמטערנעס איבער די פינצטערע גאַסן פון דער שטאָט. ער פּרוּווט צו פּאַרטיליקן די נאַכט־פינצטערניש מיט בראַנדזענע קאַנדעליאַברעס און זילבערנע לייכטער אין בורזשואַזע הייזער, אין קעניגלעכע פּאַלאַצן, אין פאַנטאַסטישע אָפּעראַס און פּאַרלאַ־מענטן. ער צינדט אָן שרפות, פייערן און ראַקעטן פון מלחמה. ער וויל מיט עקשנות און היסטעריע אָפּשוואַכן די אורפינצטערניש פון גאָטס

תהומיקע־און־טונקעלע קעניגרייכן מיט ווילדע דעמאָנסטראַציעס און סאַ־זשע־קאָפּטשענדיקע שטורקאַצן. אָבער די תוהו־ובוהודיקע נאַכט בלייבט שטיין אין דער שרעקלעכער מעטראָפּאָליע אומהיימלעך און שרעקנדיק ווי אין די געוואַלטיקע טעג פון מעשה בראשית...

אָפּטמאָל געשעט אַז גאָט אַליין פּרווווט מיט זיינע דונערן און בליצן; מיטן אָפּשיין פון די שטערן, און מיט צאַרנדיקע וואולקאַנישע אויס־בראָכן, צערייסן און צעפּליקן די אימהדיקע אורנאַכט, וואָס שרעקט אַפילו אים אַליין. אָבער איר קאָסמישער חושך בלייבט שטיין אומדערשראָקן, ווי זי וואָלט הערשן מיט עפּעס אַן איבערגעטלעכער קראַפט איבער אַלעמענס קעפּ וואָס טראָגן גאָלדענע קרוינען און נאַרנמיצן...

# דער קעניג און דער אַשמדאַי

דער אשמדאי דערהויבט זיך הויך אויף זיינע געוואַלטיקע פליגל פון דער פינצטערער ערד ביזן פייערדיקן הימל. ער דערהויבט זיך אַזוי ווי אַן אומבאַוועגלעך־ברענענדיקער בליץ, וואָס טוט מיט זיין פייערדי־קער זעג אַ שאַרפן זעג אָפּ עפּעס אַ ריזיקן ריף פון דעם ערד־קיילעך. עס איז ווי ער וואָלט אַ פליק אָפּ געטאָן מיט זיין שניט אַ שטיק נאַכטיש־געפאַרבטן פלוש פון די הימלען. ער זעט צייטנווייז אויס ווי אַ גיגאַנ־טישע פלעדערמויז. ער איז אַ געשטאַלט וואָס פינצטערט חושכדיק אַרויס פון די תהומות און אָפּגרונטן פון דער גרויסער, אימהדיקער און מורא־דיקער נאַכט. אַ באַפליגלטער איז זיין גוף, וואָס האָט אַ הויט פון אייזן און שטאָל, מיט צוויי פליגל, ווי פינצטערע האָריזאָנטן, ווי שוואַרצע אומענדלעכקייטן...

די דראַמע פון דעם ווייזן, מעלאַנכאָלישן קייסער, און דעם אשמדאי — אַ מין אידישער לוציפער, אַ גערמאַנישער מעפיסטאָפעלעס, אַן איוב׳שער שטן, האָט אומגעהויערע מעגלעכקייטן צו ווערן אין די הענט פון אַ געניאַלן מייסטער אַן אַנטיקע טראַגעדיע, אַ טרויער־שפּיל פון גראַנדיעזן פאַרנעם...

אומענדלעך־טראַגיש איז פאַראַן אין דער באַציאונג צווישן דעם געשטאַלט פונעם דיקטאַטאָר־קעניג, וואָס פאַרמאָגט אין זיין האַרצן די אַמבי־ציע אויפצובויען אַ הויז פאַר גאָט, און דעם אומגעהויערן דעמאָן; דעם פינצטערן קעניג פון די שדים, וואָס קעמפט אַנטקעגן אמת און עס געלינגט אים צו פאַנגען דעם אַנגעשיכורטן און דרימלענדיקן קעניג, אים צו בינדן אין קופערנע קייטן און אויסצושפּייען גאַנצע פיר הונדערט מיילן ווייט אין אַ וויסטן מדבר, ווי אַ בעטלער, וועלכן קיינער קען נישט, און אַלע מאַכן פון אים חוזק, ווען ער וואָגט צו ברענגען אויף זיינע ליפּן די פּאַטעטישע ווערטער: „אני שלמה! איך בין אַמאָל געווען קיי־סער איבער די אידן. איך בין געזעסן אויף אַ טראָן אין ירושלים, די הויפּט־שטאָט פון דער אידישער מלוכה...״

יענער גרויסער און מעכטיקער דיכטער וואָס וועט אַמאָל קומען, און ער וועט פּרואוון צו באַהאַנדלען דעם דאָזיקן דראַמאַטישן רוי־שטאָף, וועט מוזן האָבן אַ גרויס פייער אין זיין האַרצן, און פלאַמען אין זיין בלוט, און די פעדער מיט וועלכער ער וועט שרייבן, וועט זיין אַ בליַיץ אין זיין רעכטער האַנט, און ער וועט שרייבן ביים אָפּשיין פון דעם זון־אונטערגאַנג די געוואַלטיקע געשיכטע פון דעם קעניג און דעם אשמדאי...

און ער וועט, וואָס עס איז דער עיקר, באַדאַרפן פאַרמאָגן אַ געטלעכן ליטעראַרישן טאַלאַנט...

## זיי פאָדערן פונעם מחבר זייער רעכט אויף אייביקייט

די אַלע טיפן, געשטאַלטן און טרויעריקע כאַראַקטערן פון לעבן־און־טויט; די שיכורים, זונות און די פּאַטעטישע משוגעים מיט קרוינען און נאַרמיצן אויף זייערע פורפורנע שאַרבנס; די געהענקטע רעוואָלוציאָנערן, וואָס קושן זיך און נעמען זיך האַרציק אַרום אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ ערב זייער שטאַרבן אויף די תליות; די פאַרשאָלטענע ברואים, דאַרע ווי שווינדזוכטיקע פאַרן טויט, און געשוואָלענע ווי „מוסולמענער"; די דערשלאָגענע מיט שווערטן, מיט קאָלבעס פון ביקסן און מיט דרענגער פון וואַלד־בוימער; די מיט קיזלשטיינער־פאַרשטיינטע קרבנות, פול מיט אַן אייביקן געוויין אין די ביינער, וואָס צעפּאַלן זיך באַצייטנס; די טיף־באַליידיקטע, מיט די יסורימדיקע סקעלעטן אין זייערע צעבראָכענע, צעשלאָגענע און צעקנאָקטע גופים, בשעת זייערע נאָך קוים־זשיפּיענדיקע לעבנס; זיי אַלע שטייען ווי לעבעדיקערהייט, ווי מעכטיקע סטאַטועז און מאַרמאָרענע מאָנומענטן, פון דער ערד ביזן הימל גרייכנדיקע, און זיי בעטן זיך ביי מיר רחמים מיט זייערע בלויע, גרויע, און מיט תפילהדיק־פרעפּלענדיקע ליפּן, בשעת זייערע שוואַרצאַפּלען זייגען פאַרגאָסן מיט ברענענדיק־הייסע טרערן:

— מחבר, איינזאַמער שרייבער־און־פאַרשרייבער אונדזערער צווישן דיינע נאָכטיקע פיר ווענט מיט די „משוגענע שוואָמען", וואָס בליען ווי ווילד־פייער פון די פייכט־ווילגאַטנע ווענט. אין דעם פריען באַגינען, ווען דו זעצט דיך אַוועק ביים קליינעם טישל כדי צו פאַרצייכענען דיינע איינדרוקן דורכן טאָג, דורך דער נאַכט, דורך דיין גאַנצן לעבן; כדי צו פאַרשרייבן דיינע אומרואיקע שורות, דיינע טונקעלע שטימונגען און אומעטיקע מחשבות פון גהינום; פון די שרעקלעכע אָפּגרונטן און תהומות פונעם מענטשלעכן לעבן; דעמאָלט שרייב אונדז אויך אַריין צווישן דיינע מאַסן מאַנוסקריפּטן און ווילדע פאַפּירן, ווי די פון דעם ווינט־געטריבענע געלע בלעטער אין חודש אָקטאָבער; „דערטרינק" אונדז, אָנשטאָט אין אַ פאַס מיט גהינומדיק־טייוולישן וויין, אין דיין

חושכדיקן טינטער מיט טינט־און־טרערן. טו אונדז אָן אין דיין פּלאַ־
מיקן וואָרט, ווי אין הייסע שייטערהויפנס און גאָלדענע זון־פאַרגענג;
בשעת מיר הענגען נאָך און הוידען זיך אויף די הויכע תליות אין דעם
קאַלטן און שנייאיקן שטורעם. מיר האָבן גאָרנישט קיין איבעריקן חשק
אויף אייביק אַראָפּצוזינקען, ווי פאַרגעסענע שאָטנס, צום פינצטערן
תהום און צום ווערעמדיקן אָפּגרונט. מיר, די קינדער, די משוגענע
בלומען פון דיין פאַרמשפּטן אוניווערס; מיר בעטן, מיר פאָדערן אַז דו
זאָלסט אונדז הייליק און פאַרכטיקערהייט פאַרשרייבן אין דעם ווערק
פון דיין לעבן...

אַ ברירה האָב איך?! איך בין דאָך זייער אייביקער פריוויליקער
קנעכט. איך האָב געגעבן אַ הייליקע שבועה זיי צו פאַראייביקן. איך בין
יעדער איינציקער רגע פונעם לאַנגען מעת־לעת פאַרכישופט און פאַר־
שיכורט פון זייערע גורלות...

## דאָס הימלישע אויג היט מיך אָפּ

איבערן הימלישן האָריזאָנט, אין דעם פריען אָוונט, לויכט עס עפּעס
ווי אַ פּיטשינקער פינטל, אָבער שרעקלעך רויט. עס פלאַמט אָפּ מיט
אַזאַ לויטערן און גאָלדיק־בלוטיקן פייער ווי אַ ריזיקער רובין אין דעם
קייסערס קרוין. איך גיי אויף דער שטילער גאַס, און איך וויל מיט גע־
וואַלט אַוועקנעמען מיין בליק פון דעם הימלישן רובין. אָבער עס מאַ־
ניעט מיך עפּעס אַזוי געהיימעניספול. עס האַלט מיך ווי שטרענג צוגע־
שמידט צו זיין קאָנצענטרירטן און מעכטיקן קערן, צו זיין בלוטיקער
נשמה. צי איז עס אויף דעם הימלישן האָריזאָנט אַזאַ מאָדנער און איינ־
זאַמער שטערן, וואָס קוקט אַראָפּ רואיק־און־פּאַטאַל אויף דער ריזיקער
שטאָט ניו־יאָרק? אָדער איז עס דער מיט בלוט־ פאַרגאָסענער פּלאַנעט
מאַרס, (דער פּלאַנעט פון מלחמה, לויט דער גריכישער מיטאָלאָגיע),
וואָס צינדט אָן די וואַנזיניקע פעלקער צום גרויזאַמען קריג? צי איז עס
אַ ווייַנענדיקער גייסט אַזאַ, וועמענס אויג, מיט טרערן פאַרבלוטיקט,
קוקט מיר נאָך אין אַלע מיינע מאָדנע און טונקעלע גענג? און וועמענס
שטרענגער בליק באַגלייט מיך אין אַלע קרעטשמעס און ווינקעלערן
פון דער וועלט?!...

איך פּרוּוו ווייטער גיין אויף מיין וועג אין דעם רואיקן פאַרנאַכט
פון מיין שטילער גאַס. אָבער איך בין געצוואונגען ווידער און אויפ־
דאָסניי אויסצודרייען מיין קאָפּ אין דער ריכטונג פונעם געהיימנישפולן
רובין אויפן הימל. עס קוקט מיך אָן מיט זיין שטרענג־קאָנצענטרירטן
בליק, וואָס וואַרפט אָן אויף מיר עפּעס אַזאַ מין מאָדנעם־און־מיסטישן
פּחד. עס לאָזט מיך פשוט נישט אָפּאָטעמען פריי. מיין הימלישער שר
האָט הייַנט ביינאַכט, ווייזט אויס, באַשלאָסן אָפּצוהיטן אַלע מיינע פאַר־

באַרגענע שריט; צו קאָנטראָלירן מיין יעדן טריט־און־גאַנג דורך נאַכט און וועלט. אפשר, ווער קען וויסן, בין איך אין אַ מוראדיקער סכנה?!...

## דאָס ווייב פונעם שיכורן לוט

איך געדענק אַ שיין ליד פון דעם דיכטער יוסף רובינשטיין וועגן דעם ווייב פונעם שיכורן לוט, וואָס קוקט זיך אום אין פאַרנאַכט אויף דעם אַנגעצונדענעם סדום, אַן איינגעריסטע אין סאַזשעס, אין בלוט און אין גאָלד פון די פלאַמען, ווי אַ טרויעריקע, האַניק־ברוינע פרוי אויף אַן איקאָנע־מאַלעריי. זי קוקט זיך צוריק אום אויף איר אייגן טרויעריק לאַנד, און זי ווערט פאַרוואַנדלט אין דעם באַרימטן זייל פון זאַלץ, וואָס שטייט צווישן די בערג ביים ים המלח...

לוט׳ס ווייב קוקט זיך אייגנטלעך אום אויף איר פריער קינדהייט און יוגענט. זי זעט די פאַרקאָפּטשעטע פנימער און פאַראַשיקטע קעפּ פון אירע שיינע חברטאָרינס, מיט וועלכע זי האָט זיך געשפּילט אין די קינדישע שפּילערייען אויפן הויף פון זייער היים. זי קוקט זיך אום אויף די פעלדער־און־וועלדער, איבער וועלכע זי איז יונגערהייט געגאַנ־גען שפּאַצירן, מיט ליבשאַפט אַזאַ פאַרשיכורטע אין איר האַרצן. זי זעט דעם טאַטן לוט מיט דער מאַמען, מיט נאָך קרובים און פריינט, סיי ווייטע און סיי נאָענטע. זי זעט די נאָך לעבעדיקע, און די שוין זינט לאַנגע יאָרן צוריק געשטאָרבענע פריינט. זי זעט סעודות, חתונהס, באַנקעטן און לוויהס. זי געדענקט דאָס רחבותדיקע הויז מיטן שוין אַ ביסל צוגע־פוילטן, שטרויענעם דאַך, ווי פון אַ פּוילישער כאַטקע, נאָך פילע רעגנס, וואָס קנאַקט ערגעץ־וואו אויף אַן איינזאַמער גאַס, אויף דער גאַס פון איר קינדהייט, אינעם פאַלנדיקן פייער־און־לאַווע פונעם הימל. זי זעט די גאַנצע פאַרגאַנגענע וועלט אירע ברענען אַצינד אין אַ ווילד־שרייענ־דיקער שרפה. פרייוויליקערהייט, און שוין אַ שטאַרק־פאַרשמאַכטע, גיט זי זיך איבער צו איר גורל, און בלייבט שווייגנדיק שטיין אין אַ זייל פון פינקלענדיקן, שניי־קלאָרן זאַלץ, וואָס פינקלט אין אָפּשיין פון דער לבנה. עס רעגנט און עס שנייעט אויף איר אומאויפהערלעך מיט פייער־און־שוועבל. אַ מלאך פון הימל קושט אָפּ פון די פאַרברענטע באַקן אירע די געזאַלצענע טרערן, ווי שטיקלעך בריליאַנטן...

## דער דראַמאַטורג און דאָס רייצנדיקע ווייב

איינמאָל דערציילט מיר דער דראַמאַטורג, וואָס איז שוין כמעט אַן עלטערער איד, און וואָס וואָלט שוין געהאַט אַ גרייז־גרויע באָרד ווי זיין טאַטע אָדער זיין זיידע, ווען ער וואָלט זיך נישט געגאָלט די באַקן, בשעת זיינע אויגן, ווועמענס אמתן קאָליר איך האָב שוין איצט פאַר־געסן, פינקלען מיט אַן אויפזשאַר פון לעצטער מענטשלעכער תאווה:

— קוק אַרויס אַ רגעלע דורכן פֿענצטער. דו זעסט ווי זי גייט אויף דער גאַס דאָרט, די פֿאַרשייטע נקבה, די לילית פֿון דער צוויי־טער עוועניו?! איך וועל מיטן האַנטוך אָפּווישן דעם שטויב פֿון דער געלער שויב, וואָס צעשמעלצט זיך ממש אין דעם זון־אונטערגאַנג, כדי דו זאָלסט זי קענען לייטיש אָנקוקן. זי האָט ביי מיר געוואוינט אַ פּאָר יאָר, אַריינגעקומען טרינקען טיי יעדן פֿאַרנאַכט, דערציילט רוזשנע מעשות, געשפּילט די צנועה, און זיך געהנדלט מיט מיין ווייב ציפּה. אָבער איך האָב זי קוים געפּטרט. זי פֿלעגט אָפּטמאָל פֿאַרגעסן צו צאָלן דירה־געלט. איינמאָל טרעפֿט אַז איך פֿאַל אַריין צו איר אין אַ פֿריען ווינטערדיקן באַגינען. אין דרויסן גייט אַ שניי פֿון הימל ווי אין יענע יאָרן אין פּוילן, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינטשיק אינגל. דאָס בעט־געוואַנט איז נאָך הייס פֿון איר ברענענדיקן לייב. זי זוכט עפּעס ביי זיך אין בוזעם. זי וויל מיר מכלומרשט באַצאָלן דירה־געלט. אָט אַזוי שפּילט זי מיט מיר קאָמעדיע. זי ווייסט נישט אַז איך בין אַ דראַמאַטורג און איך קען אויסגעצייכנט די ווייבערישע שטיק. אירע לאַנגע האָר, זע איך, פֿלאַמען אויף אירע שולטערן ווי שטיקער גליענדיקער קופּער...

— נאַרישע מוידטשינע, — זאָג איך צו איר, — און דאָס קול ביי מיר ציטערט פֿון ליידנשאַפֿט און פּלוצלינגען באַגער, וואָס איך האָב שוין נישט געהאַט זינט מיין שיינע ציפּה איז נעבעך געהרגעט געוואָרן דורך אַ נעגער אויף דער גאַס, ביינאַכט, ווען זי איז אַרויסגעלאָפֿן אויף אַ רגע איינצוקויפֿן עפּעס פֿאַר דער אָוונטיקער סעודה — ווער באַדאַרף אַציינד דיינע ברודיקע שמאָלאַרעס? וואָס וועל איך טאָן מיט זיי? מיט־נעמען אפֿשר אויף יענער וועלט צו ציפּהן? שענק מיר בעסער דיין אָנגעצונדן האַרץ, דאָס וואַרעמע גאָלד פֿון דיינע מעכטיקע בריסטן, דיין הייסן גוף, וואָס ווערט פֿאַרברענט ביינאַכט פֿון טויזנט לוסטן און ברענענדיקע חלומות. גיב מיר צום קושן דיינע דיקע ליפּן, וואָס מאַכן מיך צום קריינקען פֿון תאווה. גענוג אָרעמע לאָקאַטאָרן מיינע, די פֿאַר־חושכטע און איינזאַמע ברואים, וואָס ליגן אויס זייערע לעבנס אין די ברודיקע בעטן, אָן איינשיטן און אָן לייטיש בעטגעוואַנד, ווי די מילד־ווערעם אין די לעכער פֿון דער ערד, צאָלן מיר זייער בידנע דירה־געלט, ברענגען מיר אַריין יעדן פֿרייטיק־צונאַכטס, אַזוי איז שוין ביי מיר איינ־געפֿירט, דאָס ברודיקע בינטל גרינע טאָלערס, און זיצן דערנאָך אָפּ גאַנצע שעהן ביי די הייס־טריפֿנדיקע ליכט פֿון די זילבערנע לייכטערס, און יעדער איינער פֿון זיי טרינקען אויס די צען גלעזער טיי מיט האָ־ניק־און־ציטרין, וואָס ציפּה דערלאַנגט זיי אָן אַ סוף. דאַקעגן דו ביסט דאָך אַ ליכטיקע קראַסאַוויצע, אַ רייצנדיקע ווייבספּאַרשוין. און איך בין איצט מיט מיינע ציגל־רויטע קאַמעניצעס אַן איינזאַמער מאַן אויף דער היינטישער גאַס. מיין וואונדערלעך ווייב ציפּה, וואָס די רוסישע אָפּיצירן

האָבן פאַר איר געקראָגן די ניכפּה, און וואָס האָט וואויל געקענט דינען אַלס מאָדעל פאַר דיינע איטאַליענישע מאָלערס, וואָס האָבן דאָרט מיט גאָלד־און־זון געמאָלן זייערע פאַרצייטישע נאַקעטע געצינס, ליגט שוין עטלעכע יאָר אין דער ערד, און איר שייגער גוף מיט דער מילך־קלאָרער הויט פוילט, און איז אַ שפּייז פאַר די ווערעם. געטרוי מיר דיין שנייאיק־ווייסן לייב, ציגיינערטע, דו, פאַלשע קאָרטנלייגערין און גנבישע טרעפערקע אין די באָהעמישע ווינקעלערן. געגוג שוין דיר געצאָלט דאָס טריפהנע דירה־געלט פאַר דער בידנער נעסט דיינער. (אָט וואוי־נען דאָרט ביי דיר די שפּינען, און זיי שפּינען זייער גרוי שפּינוועבס דורך די יאָרן, און זיי צאָלן מיר נישט קיין קופערנע פּרוטה אַפילו). וואָס איז, דו שטעלסט דיך נאָך אַנטקעגן אויך, דו מכלומרשט־פרומע זונה? נו, הער שוין אויף מיט דיינע פאַלשע ווייבערישע שטיק! מאַך נישט קיין חוזק פון מיר, איך בעט דיך. איך האָב געהאַט אין מיינע יונגע יאָרן, ווען איך האָב געשמוגלט טאַבאַק און שפּייז־אַרטיקלען ביי די עסטרייכער אין בריסק אַ סך שענערע נקבות פאַר דיר. קיין שום פאַרגלייך איז אַפילו נישט פאַראַן צווישן זיי און דיר. דו האָסט דאָך שוין געלע קנייטשן אונטער די אויגן. דיין גאַמבע וואַקסט ווי אויף היוון. דיין האַלדז איז מיאוס און שוואַרץ ווי מען וואָלט דיך ערשט אַראָפּגענומען פון דער תליה... נו, הער שוין אויף צו פּראַווען צניעות. מאַך נישט קיין חוזק פון מיר. — — —

דער אַלטער דראַמאַטורג האָט גענומען שילדערן זיין כוח גברא מיט אַ רויען לשון, אַזש עס האָט ממש געשפּריצט מיט פונקען פון זיינע פייכט־געוואָרענע ליפּן. דער קרעפּטיקער שרייבער־שילדערער פון די כאַראַקטערן פון דער אַלטער היים איז אים געקומען צו הילף מיט געדיכטער פאַרב־און־וואָרט־שילדעריי. ער האָט פּשוט אויפדאָסניי איבער־געלעבט זיין ליידנשאַפטלעכן אַקט. איצט האָט ער שוין אויך הנאה גע־האָט פון זיין אייגענעם שפּעטערישן איבערדערציילן דאָס געשעענע שטיק תאווה. קלאָר אַז ביי אַזאַ קרעפּטיקן נאָוועליסט־און־דראַמאַטורג ווי ער איז געווען, איז אויך דאָס שרייבעריי זיינס געווען אַן אויסדרוק פון געזונטער מאַנצבילשער פּאַטענץ און געשלעכטלעכן תענוג...

ער האָט מיך טאַקע אין דעם מאָמענט דערמאָנט אין אַן אַנדערן אינסטינקטיוון און ממש אורהאַפּטיקן וואָרט־מייסטער אויף דער יידיש־פּוילישער ערד, אין שלום אַש, וואָס האָט געשריבן זיינע היסטאָרישע נאָוועלן, זיינע קרעפּטיקע דערציילונגען, מיטן עראָטישן פייער אין די אָדערן. חיים׳ס אייגענער אויסשפּראַך און וואָרט־פּאָסיע; זיין פולבלו־טיקער רעאַליזם; זיינע געזונטע גאַליציאַנישע לאָקאַליזמען, האָבן מיך אויך דערמאָנט אין דער פּראָזע פון ווייסענבערגן, אין קאַגאַנאָווסקין, אין יהושע פּערלען, אין עוזר וואַרשאַווסקין...

# דאָס זאָרגן זיי אַזוי פֿאַרן וואוילשטאַנד פֿונעם פֿאָלק

איך בין געלעגן מיט הויכן פֿיבער אויפֿן בעט אין דער שפּעטער נאַכט. בשעת די רויטע לבנה איז געשטאַנען פֿול און פֿלאַמיק, ווי זיך אָנזויגנדיק מיטן בלוט פֿון דער אומשולדיקער מענטשהייט, ווי אַ פּיאַווקע, האָב איך געקוקט אויפֿן טעלעוויזיע־עקראַן. צווישן דער ריזיקער מאַסע מענטשן, קוים מיט זייערע אָרעמע בעבעכעס אַנטלאָפֿענע פֿון ווײַ, פֿון דאַנאַנג און פֿון אַנדערע שטעט און דערפֿער אין וויעטנאַם; צווישן די טויזנטער היימלאָזע, געיאָגטע, געפּײַניקטע, דערשראָקענע און שוין באַצייטנס פֿוילנדיקע מענטשן, פֿון וועלכע מחנות ראָבן האָבן געריסן שטיקער אברים; אין אַ ים פֿון טרערנפֿולע נשמות, אַנטלויפֿנדיק פֿון די מערדערלעכע און נצחונדיקע קאָמוניסטישע אַרמייען; איז אויך געלעגן אַ זייער יונגע און בלאַסע מיידל, אינגאַנצן אַלט וואָסערע אַכצן אָדער נײַנצן יאָר. דאָס מיידל איז געלעגן אַ מאַכטלאָזע, אַן אומבאַהאָלפֿענע, אַ צעטראָטענע אויפֿן פֿעלד, אין אַן אָקעאַן פֿון יאָמערנדיקע און פֿון יסורים און פֿאַרצווייפֿלונג וואָגיניקע מענטשן. דאָס וויעטנאַמער קינד האָט שווער געבלוטיקט פֿון די וואונדן פֿון איר צאַרטן בויך. זי האָט נאָך אוודאי געגוססט, אָדער זי איז שוין געווען אינגאַנצן טויט. אָבער דאָס מענטשלעכע אויג האָט געמוזט קוקן אויף אירע אָפּעדעקטע און בליענדיקע בריסטן, ווי צווי שניי־ווײַסע רויזן איבער אַ טונקל־גרינעם פֿעלד. דערבײַ האָסטו אין דעם העכסטן צאָרן פֿון דײַן וועזן געשאָלטן מיט טויטלעכע קללות די אַלע קאָמוניסטישע מחנות מערדער, מיט אַלע זייערע מלחמות און רעוואָלוציעס, מיט זייערע שוחטים־גענעראַלן, וואָס האָבן אומגעבראַכט אַזאַ צאַרטע און אומשולדיקע מיידל, אַ וואונדערלעכע וויעטנאַמערין. אַלע מכלומרשטע רעוואָלוציאָנערן האָבן פֿריער געדאַרפֿט פֿאַרברענט צו ווערן מיט זייערע קאָמוניסטישע, און אַנדערע תליונים און הענקערישע פֿירער, אידער זיי האָבן געקראָגן די פֿינצטערע מאַכט צו קענען אומברענגען מאַסן היימלאָזע און הילפֿלאָזע פּרויען, מענער, קינדער און זקנים. דאָס זאָרגן זיי אַזוי טאָג־און־נאַכט, באַוואָפֿנטע כלומרשט מיט דער מאַרקסיסטישער תורה פֿאַרן וואוילזיין, פֿאַרן געזונט, פֿאַר דער פֿרײַהייט פֿונעם פּויער, פֿונעם אַרבעטער, פֿונעם מאַטראָז, ברענגענדיק דערווײַל חורבן־און־פֿײַער צו זייערע ברידער און שוועסטער, צו זייערע מאַמעס, וואָס זיצן ווי פֿאַרגליווערטע מאָנומענטן בײַ די באַוועגלאָזע גופֿים פֿון זייערע אומגעבראַכטע קינדער און יונגע סאָלדאַטן. דאָס ברענגען זיי אַזוי אין נאָמען פֿון ברידערלעכקייט און שלום — בלוטיקע מלחמה, טאָטאַלן חורבן און פֿאַרוויסטונג צו זייערע אָרעמע הײַזקעס מיט די שטרויענע דעכער; צו זייערע מיטן בלוט פֿאַרנעם פֿאָלק פֿאַראָקערטע רײַז־פֿעלדער; צו זייערע צעשטאָכענע און צע־

שאָסענע משפחות, וואָס ליגן אין די גריבער און ווינען טויטערהייט מיט אַן אייביקן געוויין...

## איך קען אָנרירן זייערע נשמות

נישט אַזוי שטאַרק די שיינקייט און די שעפּערישע קראַפט פון די מאָלערישע ווערק, געבן וועלכע איך שטיי דאָ אַפּ שעהנלאַנג, האַלט מיך געשפּאַנט און פאַרכישופט, נייערט די מחשבה אַז ביי די דאָזיקע מעכטיקע לייוונטן זיינען געשטאַנען בשעת זייער פיבער און טראַנס יענע קינסטלערישע גיבורים אַליין, און זיי זיינען דאָ אַלט געוואָרן מאָלנדיק און אַרויסבּרענגענדיק גאָטס מאַכט און שליחות; דעם מענטש און די נאַטור...

איך קען ממש פילן זייערע פיזישע עקזיסטענצן. איך דיר אַן בפירוש זייערע גליענדיקע הענט, זייערע פולע פענדזלען מיט ברענענדיקע פאַרבן; איך זע פון דער נאָענט זייערע באַזעסענע פּנימער, די טרער און דעם הייליקן וואַנזין אין זייערע אויגן. איך קוק אַריין אין זייערע נשמות, ווי אין גהינומדיקע קאַטאַקאָמבן. זיי רעדן צו מיר אין דער שפּראַך פון קאָנצענטרירטע ווערק, ווי פאַרגליווערטע פלאַמען...

## אַרום מיין גאַס

אַנטקעגנאיבער מיין פענצטער זע איך דעם געלן שילד פון „פּיפּאַס רעסטאַראַציע". דער אייגנטימער, אַן עלטערער איטאַליענער, ווערט פעט, מחמת אַפילו קיין פויגל שמעקט נישט אַריין אין זיין רעסטאַראַציע. איז ער געצוואונגען נעבעך אַליין אויפצועסן די מערסטע מאכלים, איידער זיי הויבן אָן צו פוילן. זיין נאָמען דערמאָנט מיך אין דעם ראָמאַן וואָס איך האָב געלייענט אפשר מיט אַ פופציק יאָר צוריק: היינריך מאַנס „פּיפּאָ ספּאַנאָ". איך האָב דאָס בוך געבאַרגט ביינאַכט, בשעת אַ גערדיכטן גאַס־רעגן, אין דער שטעטלדיקער „ציוניסטישער ביבליאָטעק"...

דאָס בלומענגעשעפט ביי דעם קאַטוילישן צעמענטאַרזש, אַרום וועלכן איך שפּאַציר שוין אַ יאָר ניינצן, זינט דער נאַכט ווען איך האָב זיך אַריינגעצויגן אין דער געגנט, אָנאָנסירט מיט עלעקטרישע אותיות אירע שטייפע לאַרבערקראַנצן און בוקעטן מיט אַלערליי בלומען פאַר „בעלער, באַנקעטן, חתונות און לוויות". עס דערמאָנט מיך אויך אין ענלעכע בלומענגעשעפטן פון שטעט אין אייראָפּע, וואו איך האָב געוואוינט דורך די יאָרן...

ביים קריסטלעכן פיונעראַל־הויז איז פאַראַן אַ ווינשענק. די מענטשן פון דער געגנט, מערסטנס איירישע, פּאָלאַקן און איטאַליענער, סיי זיי שיכורן, טרינקען בראַנפן, פרעסן קעלבאַס; און סיי זייערע פעטע ווייבער ווישן זיך אויס מיט נאָז־טיכלעך די טרערן פון די אויגן, אַזוי

גייט עס אַן כסדר. יאַרנלאַנג גיי איך דאָ פאַרביי און קוק אָן די פרעמדע מענטשן. איך דערמאָן זיך אין די לוויות און חתונות אין דעם היימישן שטעטל פון מיין קינדהייט...

טאַני, דער איטאַליענישער שניידער פון די אַרעמעלייט, האָט לעצטנס געקראָגן אַן אַפּאָפּלעקסיע. די אַלטע און מידע מלבושים ליגן צעוואָרפן אין זיין באַשיידענעם געוועלב, וועמענס וועגט זיינען שוין לאַנג נישט געפאַרבט געוואָרן. אַרעמע מענטשן פון די שכנותדיקע גאַסן קומען איצט איינציקווייז אַריין כדי אָפּצונעמען זייערע פאַרלאַטעטע מלבושים. דער פרעמדער מאַן, עפּעס אַ ווייטער קרוב פון טאַנין, קען קוים עפּעס געפינען אין דעם באַרג מיט לאַכעס און שמאַטעס. אַלע מענטשן געפינען פאַר בויטיק צו זאָגן עפּעס אַ לויבערריי וועגן דעם פיר און זיבעציק יאָריקן שניידער פון פּאַלערמאָ, וואָס האָט כמעט אומזיסט געאַרבעט געטריי פאַרן אָרעמען פאָלק. אַיין פרוי האָט טענות פאַרוואָס ער איז ווינטערצייט, בשעת די ביטערע שנייען און קעלטן, נישט געפאָרן קיין פלאָרידע אויף אַ שטיקל וואַקאַציע. אַן אַנדערע אידענע, מיט רויטע האָר וואָס האַלטן שוין כמעט ביים אָפּקריכן פון איר גרויען שאַרבן, פרואווט ווייזן פאַרוואָס טאַני איז זומער־צייט נישט געפאָרן צום ים, אין קוני־אײַלאַנד. איינע, אַ פאַראַרעמטע פריצה פון פויזן, טענהט אַז זי האָט נאָך געקענט זיין ווייב, די שיכורטע און געמבלערקע, וואָס האָט אים אומגליקלעך געמאַכט און פאַרטאַכלעוועט זיינע שווערע פאַרדינסטן אין די ווינשענק. מען האָט איר אַריינגעלייגט, דערציילט די פריצה, אין אַ ציבענער טרומנע, און אָוועקגעשיקט מיט אַ שיף קיין פּאַפּאַל, צו אירס אַן עלטערער שוועסטער, וואָס האָט דווקא געוואָלט האָבן „די באַדי" (דעם קערפּער) נעבן זיך, אויפן היימישן בית עולם, וואו עס ליגט די גאַנצע משפחה...

דערווייל ליגן דאָ פאַריתומט די שמאַטעס. זיי זעען איצט אויס נאָך עלטער ווי שטענדיק. פּלוצלינג דערזע איך אויך אַרויסשטאַרטשען אַ לײַדיקן אָרעם פון מיין געלן אַנצוג, ווי ער וואָלט מיך היימיש גריסן און זיך דערפרייען מיט מיר. טאַני, הייסט עס, וועט דאָ שוין מער נישט קומען כדי צו אַרבעטן אַזוי געטריי פאַרן פאָלק פון קבצנים פון אַלע ראַסן, אויף זיין אייגענעם שטייגער האָט ער רעאַליזירט און געלעבט סאָציאַליזם, אמתדיקער ווי אַלע טעאָרעטיקערס. איך גיי אַרויס מיט מיין געלן אַנצוג פון וועלכן עס פעלן עטלעכע קנעפּ. אויפן פאַרנאַכטיק־רואיקן הימל, זע איך, גייט אויף דער דינער סערפּ פון דער לבנה. דאָס דערפרייט מיך. ווייל שטענדיק, ווען אין אָנהויב פונעם חודש גייט געוויינלעך אויף די לבנה, ווייס איך אַז איך וועל שרייבן אַ סך, איך וועל זיין פריינטלעכער געשטימט צו מענטשן, איך וועל געטריי דינען מיין ווערק. אַלץ אין אוניווערס, זע איך, איז זייער רואיק און שטיל, פּונקט

ווי סע וואָלט אייגנטלעך קיין שום וויכטיקס נישט געשען. אָבער טאַני, דער גוטער פריינט פון די אָרעמעלייט, וואָס האָט דאָ דרייסיק יאָר צייט געלאָטעט די מלבושים פון די אביונים, וועט דאָ אהער שוין מער נישט קומען...

## אין דער נאַכט פון ניטל

נאָך מיט אַ קורצער ווײַלע צוריק איז געשטאַנען איבערן נאַכטישן הימל אַ גרויסע פּאַרציע מיט לבנה ווי פון אַלומיניום געשמידט, אָדער פון אַלטן זילבער אויסגעהאַמערט אין אַ מלכס קוזשניע, שוין אָפּגעפּוצט דורך עמעצנס געטרייער האַנט. אָבער אין אַ רגע שפּעטער איז זי פּלוצלינג פאַרשוואונדן געוואָרן אונטער אַ וואָלקן, ווי זי וואָלט גאָר קיינמאָל נישט עקזיסטירט. איך האָב זי געזוכט ווי איינער זוכט זיין פאַרלוירענער געליבטע בײַנאַכט איבער די פּוסטע און פאַרלאָזענע גאַסן, ביים ברעג פונעם שטורעמדיק־גרויען ים, נישט גלויבנדיק אַז זי איז געשטאָרבן ערגעץ אין אַ שפּיטאָל פון שווינדזוכטיקע פּאַציענטן. ניין, עס איז טאַקע נישטאָ מער די שטראַלנדיקע כלה פון הימל, וואָס וואַנדערט אַרום אַ פאַרצווייפלטע ווי די ליידנשאַפטלעכע יונגע פרוי שולמית אין די שמעקעדיקע שורות פון שיר השירים, אין אַ קורצן זיידענעם העמדל, אַן אויסגעקושטע פון אַלע שטערן־חתנים, וועמענס הערצער זי האָט פאַרשיכורט מיט בענקשאַפט. אָבער דעם איבעם שיינעם קעניג קען זי נישט געפינען אין די וועלדער פון ליבע...

די געוועלבער אין די שטילע הייזער פון די איינזאַמע גאַסן שטייען פאַרשלאָסענע אויף די אייזערנע פּרעגטן איבער די לאָדנס. אין אַזאַ טרויעריקער נאַכט גייט דער „זון פון גאָט" זייערער געבוירן ווערן ביי אַן אָרעמער אידישער פרוי ערגעץ־וואו אין אַ בודע, צווישן אומשול־דיקע ציגן און שעפּסעלעך. אַ בראָך איז צו זיין געבורט! קיין שום לעבעדיק נפש זעט מען נישט איבער די פּוסטע גאַסן. אַפילו אַ היימ־לאָזן הונט איז פּשוט אַן עבירה איצט אַרויסצולאָזן איבער די טריבע און פאַרנעפּלטע פלעצער. דערווייל האָט שוין אָנגעהויבן צו פאַלן אַ מילכדיק־קלאָרער שניי פון הימל. אָבער ער ווערט שוין באַצייטנס ברו־דיק פון די פאַרבייפאַרנדיקע אויטאָמאָבילן אין נאַכטישן באַגינען, ווי די ווייסע הויט פון יעדער יונגער פרוי, ווען זי ווערט פאַרעלטערט אין לעבן. די פענצטער אין די היימען מיט דער לויכטנדיקער קריסט־לעכער באַצירעכץ שרעקן מיך אומהיימלעך אָפּ. דאָס שמעקט מיט זייער צוויי־טויזנט־יאָריקער געמיינער שנאה צו די אידישע ברידער און שוועס־טער פון זייער מכלומרשטן „פּרינץ". איך דערפיל ממש אין דער לופט דעם בייזן אַנטיסעמיטישן ווינט פון פּוילן, וואָס יאָגט אַן אַן אויפהער פון דעם געזאַלצענעם און ווינטישן אַטלאַנטיק אין ברוקלין. איך לויף

גיך אַהיים צו זיך אין שטוב. די ערשטע זאַך וואָס איך טו, איז צו קושן מיין מאַמעס אַלטער, אפשר זיבנט לאַנגע יאָרן שוין פסולער מזוזה, וואָס הענגט אויף דער טיר מיינער. איך באַמי זיך אויך אַנצורירן אַן אַלט און פרום ספרל, וואָס טריפט מיט היימישער אידישקייט, כאָטש די געלע בלעטער צעפאַלן זיך שוין דערין ווי שפּינגעוועבס, צי ווי פראַכנע, אָדער ווי דער שטאָף פון אַן אָפּגעטראָגענעם און פאַרצייטישן קלייד. עס איז, דאַכט זיך מיר, אַזוי זיס צו זיין אַ איד, ווי מיין מאַמע פלעגט אָפט זאָגן, אַזאַ אַנגעזאַפּטער מיט פרומער אידישקייט פון אַלע אידישע דורות...

אויפן הימל שווימט די רויטלעכע לבנה, ווי אַן אידעלע מזוזה, ווע־מענס שד״י מיט איר אַלט־גאָלד, און מיט די וואונדערלעכע זיסע ברכות, איך קוש מיט אַזויפיל היימיש געבעט...

## די מוטער פון דער מענטשהייט

פון דעם מאַן האָב איך געזען אַ סך שנאה, קנאה, אַכזריות, ברוטאַ־ליטעט, משוגעת, דעגענעראַציע און מלחמה. אָבער די פרוי גייט אונדז פון אומעטום אַנטקעגן מיט ליבשאַפט צו אירע קינדער. איך זע פונעם ברעג פון ים ווי די נעגערטע וואַשט דאָס לייב פון איר ליכטיקן טעכטערל. איך זע אויף דער גאַס ווי די פאַרטאַריקאַנערין טוליעט איר ייִנגל צום הייסן בוזעם. איך האָב געזען אין דער וועלט ווי מענטשלעך־געטריי עס איז די אָרעמע אידישע מאַמע צו אירע ניי־געבוירענע און צאַרטע שוואַלבן. איך זע ווי די יידישע מוטער ווערט אַלט פון צער און זאָרגן פאַר אירע קינדערס וועגן, פאַר זייער צוקונפט. איך זע ווי אין די שטאָטישע פּאַרקן זיצן געדולדיק די יונגע מאַמעס מיט זייערע אומבאַהאָלפענע זויגלינגען אין די וועגעלעך. איך זע ווי עס שווענקן געטלעך די בריסטן ביי די פרויען פון אַלע פעלקער מיט מילך פאַר זייערע יונגע מלאכים, וואָס טריפט ווי ווייסער וויין, ווי זילבערנער שאַמפּאַניער, וואָס שוימט זיך אין די בע־כערס. איך זע שטענדיק די פרויען פון אַלע נאַציעס, פון אַלע פעלקער, פון אַלע קאָנטינענטן און וועלט־טיילן, אַזאַ ענטוזיאַסטיש־איבערגעגעבענע צו דער צוקונפט פון דער מענטשהייט. זי טראָגט פאָרויס דאָס לעבן פון די קומענדיקע דורות דורך מלחמות, רעוואָלוציעס, מגפות, טרוקעניש, וויסטעניש און אומגערעטעניש, אין אַלערליי דזשאַנגלען און זומפּן, דורך וועלדער מיט שרפות און פאַרפלייצונגען. זי טראָגט די נאַקעטע זויגלינ־גען, ווי ניי־געבוירענע פייגל, נאָך נאַסע און אַן שום פעדערן, מיט די ציין, צי אויפן רוקן, אָדער צוגעטוליעט צו אירע בריסטן, גרייט זיי אָנ־צוזויגן מיט קראַפט און לעבן, און זי שרייבט נישט קיין ביכער וועגן אירע טאָג־טעגלעכע איבערלעבענישן און העלדישקייטן, ווי דער מאַן טוט דאָס. איך זע אַז די פרוי איז פּעאיק צו קרבנותפולער ליבשאַפט, בשעת דער מאַנצביל אַנטלויפט אָפטמאָל פון לעבן, פון זיינע פליכטן, פון זיין ראָלע אַלס מאַן, אַלס געליבטער, אַלס פאָטער און אַלס פריינט. די פרוי

איז אַ שותּף צו גאָט. זי שאַפֿט, זי שענקט און טראָגט אויס דאָס לעבן אין אירע אינגעווײדן מיט בלוט. דעריבער איז זי נישט גרייט כסדר צו שעכטן און צו פֿאַרטיליקן דאָס לעבן. זי ווייסט דעם ווערט דערפֿון. זי זי ווייסט פֿון דער הייליקייט פֿונעם לעבן וואָס זי באַשאַפֿט אין שותּפֿות מיט גאָט.

אָבער דער מאַן פֿאַלט אָפּטמאָל אַריין אין אַלערליי הפֿקרדיקע קרעטש־מעס, אָפּגרונטן, אַוואַנטיורעס, דעגענעראַציעס, געמבלערייען, האַזאַרדן און „סאַלטאָ מאָרטאַלעס" (טויטנשפּרונגען). די פֿרוי דינט שטילערהייט, און מיט אַ געוואַלטיקן געפֿיל פֿון אַחריות און פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט צום מענטשלעכן לעבן, בשעת אדם מאַכט ליטעראַטור; ער פֿאַרפֿאַסט ראָמאַנען, ער שטעלט דראַמעס, און באַרימט זיך טאָג־און־נאַכט מיט זײַנע העלדישע מעשׂים, מישטיינס געזאָגט. די פֿרוי שאַפֿט און גיט געבורט. דער מאַן צעשטערט און ברענגט טויט און אומקום...

## נאָטיצן וועגן אַן אויטאָביאָגראַפֿיש געשטאַלט

דאַכט זיך אַז דער געשעצטער לייענער גלייבט אַז דער נאָוועליסט אָדער מעמואַריסט באַדאַרף מיטן כּישוף און כּוח פֿון זײַן פֿעדער אויפֿ־שליסן פֿאַר אים, פֿאַרן לייענערס ליבן אויג, אַלע זײַנע כאַראַקטערן און פּערסאָנאַזשן, מאַגיש צו אַנטפּלעקן די געהיימנישן פֿון זייערע איבערלע־בענישן, געפֿילן און מחשבֿות. אָבער ליטעראַטור איז גאַנץ באַגרענעצט, ווי די מערסטע זאַכן אונטער דער זון. איך מוז, צום בײַשפּיל, זאָגן דעם ריינעם אמת, אַז עס איז פֿאַר מיר נישט מעגלעך צו שילדערן די איבער־לעבענישן און האַנדלונגען פֿון מײַן שוועסטער חיהלע אין יענע מאָמענטן, ווען זי האָט מיט ניכטערע אויגן אָנגעקוקט איר חורבן און דעם אייגענעם פֿיזישן אונטערגאַנג. דעם סוף פֿונעם הערלעכן בית המקדש האָבן אַנדערע מענטשן געזען, באַשריבן און ברייט געשילדערט. דעם סוף פֿון דער אומ־גליקלעכער שוועסטער האָט בלויז זי אַליין געזען און באַגריפֿן. אָבער זיך אונטערצונעמען און צו פּרוּוון שילדערן וואָס אַזוינס זי האָט באמת איבערגעלעבט, איז אַ גראַנדיעזע אוטערנעמונג. איך וויל נישט אָפּנאַרן דעם לייענער. אַלץ וואָס מיר פּרוּוון צו אַנטשלייערן, דעמאַסקירן און דערציילן, איז בלויז אַ מער אָדער ווייניקער געלונגענער פּרוּוו צו דער־גיין צום שורש און קערן פֿון לעבנס און געשעענישן, וואָס מיר טײַטשן אויס אויף אונדזער אייגענעם שטייגער.

מיטן איצטיקן שרײַבן וועגן חיהלען קויף איך אײַנגעטלעך אויס אַ יוגנטלעכע זינד. ערשט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער — זי איז געשטאָרבן אין יאָר 1921 — פּרוּוו איך פֿאַרצושטעלן און צו פֿאַרשטיין אַ נאָענט, משפּחהדיק געשטאַלט, וועמענס טראַגעדיע איך האָב אַלס אַ יינגל פֿון 13 יאָר נישט אָנגעהויבן צו באַנעמען און פּונקט אַזוי ווייניק צו שעצן אָדער ליב צו האָבן. איך האָב אויך נישט געהאַט קיין ווילן און

קיין געדולד צו וויגן איר איינציק קינד, בשעת די קראַנקע מוטער איז געלעגן אַזאַ מאַכטלאָזע אין בעט און געקוקט אויפן קליינטשיקן פויגל אירן מיט אַזעלכע גרויסע, פיבערישע און פאַרטרערטע אויגן. איך האָב אַפילו נישט געפּרואווט כאָטש פריינטלעך צו רעדן צו אונדזער טרויערי־קער שוועסטער אין דער היים. איך האָב אויך נישט געהאַט קיין חשק מיט איר צו פאַרברענגען אין דרויסן, אויפן הויף, אין שאָטן פון די בוי־מער. מיר זיינען, ביידע ברידערלעך אירע, געווען באַהערשט פונעם שעד־לעכן איינפלוס פון טאַטן, וואָס איז געווען פריי פון זיין פאָטערלעכן געפיל און חוב צו זיין קינד, אויסגעטאָן פון מענטשלעכן רחמנות צו אייגן בלוט און פליש. דער מאַמען, וואָס איז געווען די איינציקע וואָס האָט גע־האָלפן איר טאָכטער, אויך איר האָבן מיר אַפילו נישט געפּרואווט צו מוטיקן אין איר פורכטבאַרן קאַמף פאַר אַ לייטיש ביסל מענטשלעכקייט אינמיטן פון אַ ברוטאַלער פאַמיליעַנסביבה. ערשט איצט פּרואוו איך מכלומרשט אויסקויפן מיין זינד דורכן שרייבן וועגן אַזאַ צאַרט, דעליקאַט און ראָמאַנטיש געשטאַלט אין דער משפחה, איינע אַ יונגע פרוי, וואָס איז געווען בלויז איינע אין דער גרויסער מתנה יידישע פרויען אין די שטעט־לעך, וואָס זיינען דערשטיקט געוואָרן איידער זיי האָבן זיך נאָך רעכט געהאַט פאַנאַנדערגעבליט...

# די עגלה

נעבן דעם קליינעם און אָרעמען הייזל פונעם קליינשטעטלדיקן קברות־מאַן אייזיק איז תמיד געשטאַנען די הילצערנע עגלה, אויף וועלכן מען פלעגט אַוועקפירן דאָס מת אויפן ליימיקן בית עולם. נעבן וועלכן אייזיק האָט געוואוינט מיט זיין משוגענעם ווייב, די רויטע רויזע, און מיט זייער טעכטערל, די רויטהאָריקע בילה, וואָס האָט געהאַט קאָסאָקע, בלויע אויגן, און וואָס פלעגט אַרומלויפן איבער די קברים און אפשר איבערוועקן און איבערשרעקן די מתים מיט אירע געשרייען. אַ פּראָסטע עגלה אַזאַ, אָן שום באַפּוצונגען, פון אָפּגעהיבלעוועטן דעמבענעם האָלץ, צונויפגעקלאַפּט מיט אייזערנע טשוועקעס. עס איז זינלאָז און עפּעס נישט אידישלעך צו באַצירן און דעקאָרירן, ווי די גויים טוען עס, מיט קינסטלערישע אָרנאַ־מענטן פון באַפליגלטע מלאכים, און מיט קריגן און וואַזעס, אַזאַ מין רויען אינסטרומענט פונעם מלאך המוות. עס איז שווער צו פאַראיידעלן מיט שיינקייט און פאַנטאַזיע דאָס ברוטאַלע און באַרבאַרישע, כאָטש די פאַרצייטישע גויים, די גריכן און די רוימער, האָבן עס תמיד געטאָן. (אין די באַרימטע מוזעאומס שטייען אויסגעשטעלט זייערע ריזיקע מאַרמאָרנע סאַרקאָפאַגן, באַפּוצטע מיט אָן אַ שיעור הערלעכע שניצונגען און בילדער פון מלאכים, פון הייליקע באַשעפענישן, און אויך מיט שלימותדיקע קינסט־לערישע סצענעס פונעם רעאַליסטישן לעבן פון די מענטשן פון זייער צייט, און פון דער מיטאָלאָגיע און אור־געשיכטע זייערער...)

פֿאַרשידענע פֿיגל, פּראָסטע וורובלעס (וואָראָביטשיקעס), און אַנדערע מינים באַפֿליגלטע באַשעפֿענישן, פֿלעגן זיך שטעלן אויף דער עגלה, שטיין בלייבן אַ ווײַלע, אַ דריי טאָן מיטן חנעוודיקן קעפּעלע, זוכן ערגעץ־וואו אַ קערנדל, אַ זשאַרנע, אַקרישקע, אין דעם פֿאַראַיאָריקן און אויך פֿריש־אויפֿגעשפּראָצטן גראָז; זוכן אַ פּיצל שפּײַז, אַ קראָפּלע ברודיק וואַסער, וואָס איז שטיין געבליבן אין אַ גריבל נאָך אַן אַלטן רעגן, כּדי זיך צו דערקוויקן דאָס שיעור נישט פֿאַרחלשטע פֿויגלשע הערצל, נעבעך. אָפּט־מאָל פֿלעגט אַזאַ מין פֿויגעלע אַ וויש טאָן גיך און געשווינט אינעם האַרטן האָלץ פֿון דער עגלה איר דינעם און פּיטשינקן שנעבעלע, ווי עס וואָלט ערשט געהאַט אָפּגעגעסן אַ מאָלצײַט, און זיך אויפֿהויבן הויך אין גאָטס פֿרײַער לופֿט; אַוועקשוועבן צום נאָענטן סאָסנע־בוים, אָדער צו די צווײַגן פֿון אַ שווײַגנדיקער ווערבע בײַם וואַסער־ברעג. אַנדערע מינים פֿייגל פֿלעגן זיך אויך דורכן לאַנגן טאָג אָפּשטעלן אויף דער עגלה און אויספּישטשען היימיש און פֿאָלקסטימלעך זייערע קורצע, איינטאָניקע מעלאָדיעס. פֿייגל ווייסן דאָך נישט פֿון קיין שום חילוק אין גאָטס גרויסן דרויסן. אומעטום און תּמיד מאַכט דער וואָס לעבט אייביק די לאַנדשאַפֿט, ווי אָרעם און נאַקעט זי זאָל נישט זײַן, צו גרינען מיטן פֿרישן און זאַפֿטיקן גרינס אין דעם אָנקום פֿון פֿרילינג. אָבער איך, אַ קליינטשיק ייִנגל, אוודאי זעקס אָדער זיבן יאָר אַלט, האָב עפּעס אינסטינקטיוו מורא געהאַט פֿאַר דער וואַרטנדיקער עגלה. איך האָב געוואוסט איר באַדײַטונג און איך האָב געטראַכט:

— ווען שוידערלעכע צונג האָט פֿאַרשאָלטן דעם בוים פֿון וועמענס האָלץ מען האָט געמאַכט די דאָזיקע אומהיימלעכע עגלה, כּדי זי צו טראָגן אויף די פּלייצעס און אַקסלען פֿון שווערע און טרויעריקע ייִדן, פֿול מיט יאָמער אין זייערע ביינער, און מיט אַ פֿאַרשטיינערטן אויסדרוק פֿון ווייטיק און פֿון אומבאַהאָלפֿנקייט אויף זייערע שטומע און פֿאַרפֿרוירענע פּנימער, טראָגנדיק אויף זיך די משׂא פֿון טויטע קרובֿים, פֿון געשטאָר־בענע פֿריינט און פֿון אַלטע, גרייז־גרויע ייִדן; פֿון ייִדישע דורות, שלעפּנדיק זיי פֿאַרביי אונדזער שטוב צו די פֿאַרטיקע שטיקער אויפֿגע־גראָבענער ערד אויפֿן ליימיקן בית־עולם, בײַם באַרג, וואו עס שטייט אויך נישט ווייט דאָס הויז פֿונעם היימישן הונטשלעגער?! וועלכעס וויסטע מזל פֿון איינעם אַ שטאַרקן בוים, אײַנגעוואָרצלט פֿעסט אין דער רויער און שוואַרצער ערד מיט זײַנע פֿעטע און טונקעלע קאָרזשענעס, איז פֿון די אַנדערע מאַסן מיט געזונטע בוימער אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון דער ערד, לאָזנדיק שטיין אַ גרוב מיט וואַסער און מיט געלע בלעטער פֿונעם האַרבסט, און איז געצוואונגען געוואָרן פֿאַרוואַנדלט צו ווערן אין אָט דער אומעטיקער עגלה, וואַרטנדיק אויף די מתים אין גאָטס ליכטיקן דרויסן, און אין אַלערליי וועטערן, דורך שנייען, רעגנס, האָגלען און זאַ־ווערוכעס?!...

אַט די איינזאַמע עגלה, פון וועלכער די מערסטע קליינשטעטלדיקע מענטשן האָבן געוויינלעך אינסטינקטיוו געוויכט, איז מיר עפּעס שטיין געבליבן אין זכרון שוין אויף אַלע טעג און נעכט פון מיין לעבן...

## אַן אימפּרעסיע פון ברוקלין

אַז איך דערזע אין איינעם אַ זוניקן טאָג ביים ים אין ברוקלין די געלע פערדלעך פון דער קאַרוזעלע, ווער איך פּשוט צעטומלט, פּונקט ווי מיין טאַטע, ווען ער האָט דערזען אויפן קליינשטעטלדיקן מאַרק אין זוואָלין אַ צעקאַליעטשעט פערדלטשינע, מיט אַרויסשטאַרטשנדיקע ביינער פון דער ברוינער טרוקענער פעל, און ער האָט תיכף חשק געקראָגן עס אַהיימצונעמען, כדי עס צו היילן, צו פּוצן און צו וואַשן עס מיט זייף און וואַרעם וואַסער; עס צו טונקען אינעם טייך און צו פּאַשען אויף דער זאַפטיק־גרינער לאָנקע, און אַזוי ביסלעכווייז עס וואַרעם און היימ־לעך „אויסצומענטשלען" און עס צו שטעלן לייטיש אויף די פערדישע פיס...

איך גיי אַ ביסל ווייטער און איך קוק אָן די לייוונטענע בוידן, די פאַרזשאַווערטע שינעס, די פאַרברודיקטע און פאַרשטיינערטע ערד, וואו עס גרינט פונדעסטוועגן אומעטום דאָס שטילע און נאַאיווע גראָז, וואָס פּאַרציט אַזוי רואיק און פּאַמעלעך די רואינען, די פּאַרצייטישע שטעט און פאַרבלוטיקטע קעניגרייכן. איך פאַרליב זיך ביז איבער די אויערן אין דער ציגיינערין עסמעראַלדאָס טונקל־זיידענעם פּנים, וואָס איז פריש־אויסגעמאָלעוועט אויף אַ שטויביקער צעראָטע. איך זע ווי אויפן ברייטן שילד האָט דער ווינט צעפליקט דעם קלאָונס לויזע און רויטע יאַקע. מיר דאַכט זיך אַז דער גאָלד־און־בלוטיק פאַרשמירטער קלאָון וויינט...

איך גיי אַלץ ווייטער איבער קוני איילאַנד, און מיר דאַכט זיך אַז עס שטייט נאָך אַלץ איבער דער וועלט דאָס שיינע יאָר 1924. איך שאָקל זיך, זיצנדיק אַן אומזיכערער, ווי אויף אַ שאַגאַלישן וואָלקן, אויף אַ גאָל־דענעם אָקס אין אַ זייטיקער פּאַריזער „פּואַר". אַ גרין־פאַרשמירטער מלאך שטייט ערגעץ אין דער נאַכט, דאָ נישט ווייט, אַזאַ סאַזשעדיק־פאַרגאָלדיק־טער, און ער היט מיך אָפּ געטריי, מיר נאָכגייענדיק שטילערהייט אויף מיין לענגערן וועג איבער די גאַסן און איינזאַמע שטעט פון דער וועלט...

## די אייביקע מנורה

ווי אַ גרויסער איינגעוואָרצלטער בוים וואַכט די ריזיקע מנורה פון בראַנדז ביים טויער פון דער שול. אירע מאַסיווע רערן דערהויבן זיך ווי מעכטיקע צווייגן. דער דאָזיקער תנכישער מנורה־בוים איז גאַרנישט אָפּ־הענגיק פון קיין צייט און פון קיין שום יאָר־סעזאָנען. ער בליט נישט דווקא אין פרילינג און ער וואַרפט נישט אין האַרבסט זיינע געלע בלע־טער אַרום זיך. אין ווינטער־צייט פרילט ער נישט, און בשעתן זומער טרוקנט ער נישט אויס. ער איז בכלל נישט אונטערגעוואָרפן דער שליטא

פון צייט. ער פלאַמט אין זון־אונטערגאַנג, געטריי צום פאָלק, צו דער אידישער געשיכטע, צו דער אידישער אייביקייט...

## זיי קערן זיך אום אַהיים אין פאַרנאַכט

מיר האָבן געוואוינט אין אַ טונקל געסל וואָס האָט געפירט צום בית עולם, וויט הינטערן שטעטל. אין משך פון די יאָרן האָב איך איינגע־זאַפּט דעם אומעט פון די לוויות פון אַלערליי לעבנס־פּאַסאַזשירן פונעם שטעטל. זיי פלעגן פאַרקומען בשעת די לאַנגע טעג פונעם זומער און אין די קורצע טעג פון שנייענדיקן ווינטער; אַמאָל אין דעם זילבערדיק־בליענדיקן פרילינג, און בשעת דעם זשאַווערנדיק־רויטן האַרבסט. אויך ביי אַלערליי וועטערן פון גאָט: דורך שווערע שנייען און מבולדיקע רעגנס, דורך ווינטן און ביטערע קעלטן. דאָס אויסגעדאַרטע און געלע פערדל, ווי די לבנה, מיט דער ,הילצערנער עגלה, האָט געשלעפּט דעם סקעלעטיקן מת, און פאַרחושכטע מענטשן זיינען וויינענדיקע נאָכגעגאַנגען נאָכן ארון. ווער עס זאָל נישט געווען שטאַרבן, איז כמעט שטענדיק פאַרגעקומען די זעלביקע סצענע: מען האָט געזען די הילפלאָזע אבלים טיילמאָל אויפ־הויבנדיק בלינד זייערע שטיינערנע פויסטן אַנטקעגן דעם שטומען בליי־ערנעם הימל. מערסטנס האָט אַלץ אָקצענטירט די הילפלאָזיקייט פונעם איינזאַמען מענטש אונטער גאָטס קאַלטע און פרעמדע שטערן...

אָבער דעם שטאַרקסטן איינדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט יענע מענטשן וואָס האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע ליידיקע הייזער, פון וועלכע דער הויכער און ביינערדיקער קברן, איזיק, האָט טיילמאָל אַרויסגעטראָגן אונטערן אָרעם אַ געשוואָלן קינד, איינגעהילט אין אַ פלאַכטע, אָדער אין עפּעס אַ דערע, וואָס האָט נישט געהאַט קיין באַשטימטע פאַרב; צי אין אַן אָרעמער מאַמעס פאַטשיילע, אָדער אין אַ קאָלדרע. אין דעם רויטלעך־סאַזשעדיקן זון־אונטערגאַנג, שוין אַרום פאַרנאַכט־צו, האָבן זיך די אבלים אומגעקערט אַזעלכע שטילע, שטומע און הכנעהדיקע. אַלע טרערן האָבן זיי שוין געהאַט פון זיך אַרויסגעוויינט. אַלע קרעכצן אַרויסגעקרעכצט. אַלע געשרייען שוין אויסגעשריגן פון די טיפענישן פון זייערע געדערים. אַלע רייד שוין מענטשלעך אויסגערעדט. אַלע טענות צו דעם וואָס לעבט אייביק שוין אַרויסגעבראַכט. האָבן די מענטשלעכע שאָטנס זיך איצט אומ־געקערט מיט עפּעס אַ שטומער און לויטערער רעזיגנאַציע. עס וועט שוין איצט לאַנג דויערן ביז זיי וועלן ווידער קענען אַרויסרעדן אַ לייטיש וואָרט; ביז זיי וועלן קענען עפענען זייערע ליפּן; ביז זיי וועלן זיך דערלויבן אַמאָל רעכט אַ שמייכל צו טאָן צו מענטש און צו גאָט...

אָ, יענע עלנטע מענטשנשאָטנס אויפן זייטיקן וועג וואו מיר האָבן געוואוינט, זיך אַהיימקערנדיק אין דעם צופאַלנדיקן אָוונט, צו זייערע בידנע און פלוצלינג ליידיק־געוואָרענע שטיבלעך, צו די פוסטע שווערלן, אין וועלכע די געליבטע פערזאָן ליגט מער נישט קראַנק חדשימלאַנג

אויפן גרויען גלעגער! יענע אומגליקלעכע שאָטנס, וואָס זיינען אַליין אויך געוואָרן בלייך און געל ווי די מתים! איך וועל זיי שוין קיינמאָל נישט קענען פאַרגעסן...

## דער אידישער בראָדיאַגע

ערב די ימים־טובים בין איך ווידער געפאָרן צום ים. עס איז פשוט שווער זיך צו שיידן מיטן ים אויף אַ גאַנצן ווינטער. עס פעלט מיר אויס די לופט, דער שאַרפער ווינט, די ברייטע לאַנדשאַפט, דער אומענדלעכער הימל, די קאָסמישע גרויסקייט. איך האָב היינט ווידער באַגעגנט דעם רי־זיקן אידישן האָבאָ, וועמען איך פלעג דאָ אָפט טרעפן זומערצייט. ער האָט שטענדיק געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַזאַ שטילן, טיף־געפאַלענעם און רעזיגנירטן מענטש. דער שווערער גורל זיינער האָט ווי אַראָפּגעווייַנט פון זיינע מעכטיקע פּלייצעס. דער גאַנצער הכל הבל פון זיין אייגן לעבן, דער טרויער פונעם מענטשלעכן מין בכלל, האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע אומעטיקע אידישע אויגן...

איך דערמאָן זיך אַז איך האָב אים שוין איינמאָל פריער געזען בשעת אַ שלאַקס־רעגן, ווען מיר האָבן זיך אַלע באַהאַלטן אונטער אַ דאַך. דער בראָדיאַגע האָט אָבסערווירט אַן אַנדערן עלנטן בעטלער, וואָס איז צוזאַ־מען מיט אונדז געזעסן און ער האָט שווייגנדיקערהייט אָנגעקוקט גאַטס רעגן. עס איז געווען צו זען אין די אויגן פון דעם אידישן האָבאָ אַזוי פיל אויסדרוק פון אומעט, פון נאָכטראַכטן, פון זיך דערמאָנען, פון חרטה, באַדויער און איינזאַמקייט, קוקנדיק אויף יענעם, דעם עלטערן און פיזיש אַ סך שוואַכערן און אויך קלענערן וואַגאַבונד, ווי ער וואָלט, באַטראַכטנ־דיק אים, נאָך שטאַרקער דערפילט זיין אייגענע נישטיקייט, זיין קרומען וועג אין לעבן, זיין גאַנג דורך דער וועלט אַלס בעטלער, אַלס איבערי־קער מענטש אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אין וועלכער די מער־כטע ברואים גלידערן זיך סוף־כל־סוף איין, פּאַסן זיך וואויל צו און לעבן זיך אויס, מער־וויניקער, אויף אַ נאָרמאַלן שטייגער, געניסנדיק ביים לעבן זייער אייגענע היים און באַקוועם געלעגער; און נאָכן טויט, קריגנדיק אַ רעספּעקטאַבעלע לוויה, מיט אַן אמתדיק געוויין און אַ ליי־טיש קבר צווישן די אייביקע בירגער פון דער ערד...

אָבער היינט, ערב ראש השנה, איז אונדזער אידישער האָבאָ געווען בגלופין. עמעץ האָט אים אוודאי אָנגעשיכורט אויף שפּאַס, מיט אַ ציני־שער כוונה. ער האָט פּלוצלינג, אַזאַ שיכורער, געפּראוווט אויפזינגען מיט עפּעס אַ קוויטשיקער און וויינענדיקער שטימע. איך ווייס נישט וואָס פאַר אַן ענדערונג עס איז פּלוצלינג פאָרגעקומען אין דעם דאָזיקן אומגעוויינ־לעכן עוג מלך הבשן. ער האָט געבעטן אַ ציגאַרעט ביי אַ פרוי, וואָס איז געזעסן נעבן אים. אָבער זי האָט זיך, קענטיק, פון אים געמיאוסט. זי האָט זיך אויפגעהויבן, און ווי אַן אָפּגעבריטע, גיך אַוועק פון דער באַנק וואו

דער בעטלער איז געזעסן. איך האָב שפּעטער ביי דער זעלביקער פּרוי געבעטן דעם ציגאַרעט און עס צו אים צוגעטראָגן. מיר האָט זיך געדאַכט אַז ער שלינגט איין דעם רויך אין זיך, און אַז זיינע ליפּן ברענען...

ער האָט זיך דערנאָך ווי עפּעס אַליין געשלאָגן על חטא, זיך גע־פּאַטשט דאָס ברייטע פּנים מיט זיינע געשוואָלענע פויסטן, זיך געקנייפּט די באַקן, זיך פאַרשעמט פאַר גאָט, פאַר די מענטשן אַרום, אפשר פאַר זיין אייגענעם שאָטן־און־גייסט. ער האָט נאָך, ווייזט אויס, פאַרמאָגט אַזאַ געפיל ווי חרפּה. איך האָב אויף אים רחמנות געהאַט. באַלד, האָב איך זיך געטראַכט, וועלן די מערסטע מענטשן אוועקגיין פון דאַנען, יעדער איינער צו זיין באַקוועמער היים, צו זיין שטילן ווינקל אין דער וועלט. אָבער דער דאָזיקער שטומער אידישער באַרג מיט וויטיק וועט איבער־בלייבן אַליין ביים רחבותדיקן ים מיט זיין וויסטער איינזאַמקייט. ער איז שיכור. ער וועט גיין צום ים, און ער וועט אפשר מיט שמחה, אַזאַ טויט־לעך־שיכורער, ווי זיין ברודער לוט, אַריינגיין אין די רויע כוואַליעס וואָס בושעווען איצט, ערב ראש השנה, עפּעס אַזוי אומהיימלעך. ער וועט זיך דערטרינקען אין די געזאָלצענע כוואַליעס. די מעוועס וועלן רואיקע שטיין ביים ברעג און אַפילו נישט קוקן ווי ער ווערט פאַרשוואונדן אין די קאַל־טע און טונקעלע טיפענישן. דאָס וועט זיין, דאַכט זיך, דער סוף פון דעם אידישן האָבאָ...

## ווער וועט מיך דערקענען ?

זיצנדיק אויף די אַלטע פעלדזן ביים ים, האָב איך זיך אין עפּעס דערמאָנט: עס האַנדלט זיך וועגן דעם דערפל נאַווי־גאַרע. אויף איין זייט פונעם וועג, נעבן אונדזער כאַטע, בין איך קיינמאָל נישט געגאַנגען. עס איז נישט געווען קיין נויטווענדיקייט אַהין צו גיין. קיין אידן האָבן דאָרטן נישט געוואוינט. דער דאָזיקער פּשוטער וועג האָב זיך געצויגן צו די אומבאַקאַנטע פּוילישע דערפער, צו דייטשע פאַרמס און ווינט־מילן. ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט ווי אַזוי יענע געגנט האָט טאַקע אויסגעזען, וואָס פאַר אַ קאָלאָריט עס האָט געהאַט די גאַנצע לאַנדשאַפט וואָס האָט זיך געעפנט ווייטער אַוועק פון אונדזער היים...

דאַקעגן בין איך דווקא אַ סך געגאַנגען אין דער פאַרקערטער ריכטונג, צו אונדזערע שכנים; צו די היימישע אידישע סעדער מיט די פרומע בוימער און שמעקעדיקע שבת־אויבסטן; צום גערדיכטן וואַלד־צו; כדי צו קלויבן שוואָמען, יאַגדעס און אָפּגעבראָכענע צווייגלעך פון די בוימער, באַזונדערס נאָך אַ רעגן, כדי צו באַהייצן אונדזער אויוון בשעת די קאַלטע טעג פון ווינטער. אויך האָט דער דאָזיקער וועג געצויגן אין שטעטל אַריין, וואו עס האָבן געוווינט מיינע ביידע עלטערע שוועסטערן, מירעלע און חיהלע...

אָבער יענע, די פריער־דערמאָנטע געגנט, איז עפּעס געבליבן פרעמד

צו מיר ביזן היינטיקן טאָג. ווי אַזוי זעט טאַקע אויס יענע זייט, יענץ שטיק וועלט, יענער טיפּיש־פּוילישער וועג (אין פּוילן האָט מען מיטן אויסדרוק „פּוילישער וועג" געמיינט אַ פּראָסטן זאַמדיקן וועג, נישט קיין שאָסיי), וואָס ציט זיך ווייט אַריין אין די דערפער. איך וועל דאָס שוין קיינמאָל מער נישט וויסן. סיידן טאַקע צוריקצופאָרן אַמאָל קיין פּוילן, און אויפצוזוכן יענץ שטילע דערפעלע פון מיין קינדהייט, און פאָרט צו פּרוואון גיין, כאָטש אין חלום אַמאָל, אויף דער „אַנדערער זייט". אָבער איצט, אַריבער אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער, וועל איך שוין באַלד זיין אַן עלטערער איד. איך וועל צוריקקומען צום דאָרף פון מיינע ערשטע יאָרן מיט אַ גרויען קאָפּ האָר, און מיט אַן אַלטער באָרד... ווער וועט מיך דערקענען ביים אומקערן זיך צום דערפל פון מיין קינדהייט?!...

## זי האָט נישט קיין מורא פאַר דער נאַכט

אַנומלט, ביי אַ היגער קאָנפערענץ, האָב איך געזען אַ צאָל מענטשן וועלכע קומען שוין זינט לאַנג נישט צו אַ אידישער אונטערנעמונג. צום ביישפּיל: די אַ ביסל שווערע און רשעותדיקע פרוי פון דעם דיכטער על, ווי אויך, דאָס ווייב פון דעם נאָוועליסט גאָל. די פרוי על האָט פאַר־מאָגט אַזאַ באַרימטן דיכטער פאַר אַ מאַן ווי דאָס ווייב פון גאָל. ער האָט אין לעבן אַ ביסל אונטערגעשטאַמלט, געווען אומזיכער, באַשיידן, און קוים באַוויזן צו שטעלן זיינע טריט אויף דער ערד, כאָטש ער האָט געלאָזן שטיין גאַנץ פעסטע אָפּדרוקן אין דער מאָדערנער אידישער פּאָעזיע. אין זיין ליד איז ער דווקא געווען קלאָר, דירעקט און אויסגעשפּראָכן.

אָבער די פרוי גאָל, וועמענס קאָפּ מיט געדיכטע האָר איז שוין ווייס ווי שניי, האָט נעבעך געליטן דאָס גיהנום ביי דעם גייסטיק־קראַנקן מאַן אירן, וואָס האָט פאַרענדיקט זיין לעבן דורך זעלבסטמאָרד. די פרוי על זעט אויס צו זיין בייזלעך און אָנגעכמורעט, פול מיט פּרעטענזיעס, אויף אירע עלטערע יאָרן. געשטאָרבן דער באַרימטער דיכטער, דער מאַן אירער, סאָ ווער קוקט זיך שוין איצט אום אויף אַזאַ שטערבלעך ווייבטשינע, וואָס איז אַמאָל געווען זיין זיידענע שלעפּע, זיין גראַציעזער שאָטן...
אָבער די פרוי גאָל, אַזאַ אויסגעדאַרטע, ממש רעדוצירט צו הויט און ביי־נער, שמייכלט פונדעסטוועגן גוטמוטיק. ווי איינער רעדט: וואָס קען שוין איצט זיין ערגער אין מיין לעבן ווי אין דעם פאַרשאָלטענעם פריער? עס איז פריער געווען אַן אמתדיק גיהנום, בשעת איצט הערשט ממש די שטילקייט פון אַ קבר. איר, מיין מכלומרשטער חברטאָרין, וואָס האָט זיך פריער געשעמט מיט מיר צו חברן, איז טאַקע געווען וואויל און לייטיש. איר לעבן איז דעמאָלט געווען אַ פעסטלעכקייט און איין לאַנגער יום־טוב, אַ כסדרדיקער ליטעראַרישער באַנקעט, מיט וויין־און־פלייש און קאָמפּאָט, מיט געהויבענע רעדעס. אָבער ביי מיר, אין דער אָרעמער שטוב, האָט תמיד געפּייפט דער דלות. עס האָט געקרעכצט דער ווינט פון ווייטיק,

ווי אין אַ פּוסטער קרעטשמע. זאָל כאָטש איצט די שטילקייט שטיין אין מיין לעבן. זאָל די הייליקע שטילקייט דויערן וואָס לענגער. איך האָב נישט קיין מורא פאַר דער אַנקומענדיקער נאַכט...

## זי נאַרט אָפּ דאָס „ווייזל"

איך בין צוגעפאָרן צום ים אַרום צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג. דאָ, אין שטאָט, האָט נאָך געלויכטן אַזאַ מחיהדיקע פרילינג־זון. אָבער ווען איך בין אָנגעקומען קיין ברוקלין, צום ים־ברעג, איז שוין געווען כמורנע און ווינטיש. אַפילו די היימישע מעוון האָט מען מער נישט אָנגעזען אויפן געלן זאַמד־ברעג, כאָטש זיי פאַרטראָגן געוויינלעך אַפילו די ערגסטע וועטערן. צומאָל האָט די זון ווידער אויפגעלויכטן, דורכרייסנדיק דעם גראָבן טונקל פון די וואָלקנס. אָבער מאַסן אַנדערע וואָלקנס, וואָס זיינען מחנות־וויז אָנגעשוואומען, האָבן זי באַלד פאַרדעקט, ווי מיט דיקע טיכער...

אַזוי ווי קאַרמען האָט זיך איבערגעבעטן מיט איר געליבטן, פרעדי, איז די עלטערע, רויט־האָריקע זינאַ, איר פריינדין, איצט געזעסן אַליין אויף אַ באַנק און האָט געשטריקט אַ וואָלענעם „לייבל פאַרן הענקער", ווי עס זאָגט זיך אינעם שפּריכוואָרט. אַן אומעט האָט הינטיש אַרויסגעטונקלט פון אירע געטרייע אויגן. זי האָט מיר דערציילט אַז אַנומלט, אין אַ זונטיקדיקן פרימאָרגן, זיינען זיי אַלע דריי אַוועק אין דעם שפּאַנישן קאָשטשאָל. פרעדי, דער אָפּגעפרעמדטער איד, וואָס איז קליינערהייט אַהערגעקומען פון לאָנדאָן, האָט זיך מכלומרשט איבערגעצלמט. אָבער קאַרמענס ספרדישער מאַן האָט עפּעס געהאַלטן אַרונטערגעלאָזן די אויגן. אפשר מיט אַ ביסל חרפּה. ער שטאַמט דאָך פאַרט אָפּ פון ספרדישע אידן, און דאָס רעליגיעזע געפיל איז ביי אים, קענטיק, טיפער ווי ביים טעמפּן און פאַרגויאישטן פרעדי...

קאַרמען אַליין, די כיטרע שפּאַניערין פון קובאַ, האָט געקניט צו דער ליימיקער מאַדאָנע מיט די ברילליאַנטענע אויגן און גאָלדיקע סאַנדאַלן אויף אירע קליינטשיקע, כמעט קינדישע פיס. אָבער פאַרן אַרויסגיין פונעם קאָשטשאָל, אַנשטאָט זי זאָל אַריינוואַרפן אין דער פּושקע אַ ליטישע זילבערנע מטבע, האָט קאַרמען דאָרטן געלאָזן עפּעס אַ צעהרגעטן קופּערנעם סענט. די קאַרגע שפּאַניערין האָט פּשוט נישט געקענט פאַרגינען דער „הייליקער" מאַריען אַן איבעריק און גרינג פאַרדינסטל. אגב איז זי אויך געווען היפּש אייפערזיכטיק אויף דער מאַדאָנעס פריש־געפאַרבטער שיינקייט...

## די עלטערע פרוי און דאָס בילד פון דאָן קיכאָט

שוין בשעת מיין פאַרנאַכטישן אַהיימגיין פון צענטראַל־פּאַרק זע איך אַן עלטערע פרוי. זי זיצט אַזאַ געדולדיקע ביי דער קליינער אויסשטעלונג פון אירע סענטימענטאַלע וואַסער־קאָלירן, ווי זי וואָלט אויף עמעצן שטילערהייט וואַרטן. איז די מאָלערין אַ פאַרלוירענער טאַלאַנט? נישט וויכטיק. אָבער אין די דאָזיקע, אַ ביסל אומבאַהאָלפן־געמאָלטע בלומען

איז אפשר אויסגעדריקט איר גאַנץ לעבן, אירע חלומות, אירע האָפענונ־גען אויף ליבע און גליק. די בלומען, דאַכט זיך, בליען מיט עפּעס אַ פאַרשפּעטיקטן הארבסטיקן אָפּשיין. און זי אַליין, די עלטערע פרוי, וויאַנעט אויך, ווי גאַטס אַ מאַלעריי פון בלוט און פליש...

אויף איינעם פון אירע אַקוואַרעלן בלייבט שטיין מיין הונגעריק אויג: דער איינזאַמער ריצערזש דאַן קיכאָט זיצט אַזאַ מידער, אַנטוישטער און טרויעריקער. זיין לאַנגע און פאַרדאַרטע האַנט האַלט די אייזערנע שווערט צו דער ערד אַרונטערגעלאָזן. זיין פּנים, זיינע אויגן, דאַכט זיך, פרעגן זיך ביים פאַרבייגייער, ווי דער גייסט פונעם געשטאַרבענעם ביי זיין איי־גענעם בערגל ערד:

— צי האָט עס טאַקע געלוינט צו קעמפן? איז נישט געווען אומ־זיסט מיין פאַרמעסט מיט די בייזע כּוחות פון דער וועלט? וועל איך האָבן געלאָזן אויף דער ערד, און אין הארצן פון די מענטשן, עפּעס אַ צייכן פון מיין עקזיסטענץ, פון מיין טראַגישער העלדישקייט?...

שוין פאַרנאַכטלעך. די שווערט פון דאַן קעכאָט, אין די שטראַלן פאַר־נעם זון־אונטערגאַנג, זעט אויס צו זיין פאַרבלוטיקט. אָבער נישט חלילה פון דעם אומברענגען פרעמדע מענטשן, ווען אַפילו אויסוואורפן און שונאים; נייערט פון דעם בלוט פון זיין אייגענעם הארצן...

## זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איקאָנעס

דער איידעלער און סענסיטיווער דיכטער יוסף רובינשטיין האָט נעכטן שפּעט ביינאַכט פאַר מיר שטאַרק געלויבט מיינס אַ נייע דערציילונג מיטן טיטול: „דער לאַמפּ פאַרלעשט זיך קיינמאָל נישט אין איר פענצטער". דאָס איז אַ דערציילונג וועגן אַ אידישער פרוי, אַ הייבאַם, וואָס נעמט אָפּ ממש טויזנטער קינדער ביי אידישע און קריסטלעכע פרויען צוגלייך, ביז אין איר טיפער עלטער. און ווען זי שטאַרבט, באַוויינען איר סיי אידן און סיי גויים, ווי אַ הייליקע...

איך האָב יוסף רובינשטיינען דערציילט וועגן דער מרס. היימאַנס, אַן אירישע פרוי, וואָס איז קענטיק אַמאָל געווען אַ היפּשע שיינקייט. אַפילו אויף דער עלטער האָט נאָך פלאַמיק־רויט געלויכטן איר קאָפּ מיט געדיכטע האָר. זייענדיק איר שכן עטלעכע יאָר צייט, האָב איך געהערט ווי ביינאַכט פלעגן גיין צו איר „מעבלירטן צימער", איבער די טרעפּ פונעם שוין־אַלטן הויז, וואו מיר האָבן געוואוינט, שיכּורע אירישע לייט, מאַטראָזן און סאָלדאַטן, וואָס האָבן ביי איר געקויפט ליבע. אָבער טראָץ איר אָפענעם טרייבן פּראָסטיטוציע, איז די דאָזיקע שוין איצט קראַנקע און עלטערע פרוי געווען באַזעסן פון עפּעס אַ פעסטן געפיל צו טאָן טובות און גוטע מעשים צו אַלעמען; צו העלפן טאָג־און־נאַכט די איינ־זאַמע און די פאַראַליזירטע שכנים פון אונדזער אָרעמער גאַס; צו טוליען און צו ניאַנטשען ווי אַ מוטער די קליינע קינדער פון יענע פרויען וואָס

פלעגן מוזן זיין דינסטן בייטאָג און אַרבעטן אין פרעמדע הייזער; צו טראָגן אייזערנע טעפּ מיט וואַרעמע מאַלצייטן אויף די שווערן וואו עס פלעגן וואוינען אַרעמעלייט, עלטערע אַלמנות און אַמאָליקע פּראָסטיטוט־קעס, אַזוי ווי זי אַליין איז געווען; צו טיילן ברויט־און־מילך מיט האָניק צו די באַליידיקטע און דערשלאָגענע מענטשן. זי האָט געלעבט און גע־אָטעמט מיט אַ כסדרדיקן פאַרלאַנג צו טאָן גוטס צו די פּאַראַליזירטע און אומבאַהאָלפענע לייט. זי האָט אַראָפּגענומען פון די שנייאיק־פאַרפרוי־רענע גאַסן איינזאַמע קעץ און הינט, און האָט זיי, כמעט שוין פאַרחלשטע פון הונגער און קעלט, צוריקגעבראַכט צום לעבן מיט הייסע געקעכטסן, מיט דער גרויסער וואַרעמקייט פון איר מענטשלעכקייט...

איך האָב זי געזען, איך בין גרייט צו שווערן אַז איך שרייב נישט קיין געמאַכטע ליטעראַטור, נייערט דעם ריינעם און רעאַליסטישן אמת, סיי גיין אין דער נאָענטסטער קאַטוילישער קירכע אפילו בשעת די ערג־סטע וועטערן, אין ווינטערדיקע האָגלען, שנייען, רעגנס און שטורמ־ווינטן; און סיי זיצן אין די שכנותדיקע וויינשענק און בתי־זונות מיט אַלערליי זינדיקע און פאַרברעכער, מיט רויבער און שיכורים. און דאָך איז זי אין מיינע אויגן געווען ווי אַ הייליקע פרוי. זי איז באַזונדערס ממש אויסגעגאַנגען פון גרויס ליבשאַפט צו אידן. ישראל, די יונגע מדינה, וואָס איז אויפגעשטאַנען תחית המתים נאָך צוויי טויזנט פינצטערע יאָר פון ביטערע פאַרפאָלגונגען אויף אידן, איז געווען איר לײדנשאַפט. זי האָט געשאָנקען דאָס גאָלד פון איר נישט צו גרויסן „קאַפּיטאַל", וואָס זי האָט געקראָגן יעדן חודש פון דער שטאָטישער הילף, לטובת די מער־סטע נאַציאָנאַלע צדקה־אינסטיטוציעס, באַזונדערס פאַר ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציעס. ווען זי איז אַמאָל אַריינגעקומען אין אַ היימיש אידיש הויז, האָט זי עס נישט פריער פאַרלאָזט, ביז זי האָט אַריינגעוואָרפן אין דער פּושקע פאַר עפּעס אַ נאַציאָנאַלן אידישן צוועק אַ פּאָר דיקע זילבערנע מטבעות...

יוסף רובינשטיין דערציילט מיר אַז זייענדיק אין סאָוועט־רוסלאַנד בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט ער געזען אין אַ שטאָט פּעסטע רוסישע פויערטעס אין וואַטענע קאַפּטאַנעס, ווי זיי שטייען אַרום אַ טיפּישן רוסישן שיכור, וואָס איז געלעגן אַן אומבאַהאָלפענער אין שניי, אין דער טיפעניש פון אַ פאַרשנייעטן גרוב. זיי, וואָס זיינען מערסטנס געווען אַל־מנות נאָך געפאַלענע מאַנצלייט אין דער גרויסער מלחמה מיט די נאַצישע מאָרד־אַרמייען, האָבן שטאַרק באַדויערט דעם שיכורן מאַן; זיי האָבן אים באַוויינט און באַטרערט. זיי האָבן מיט פריינטלעכע און זיסע רייד באַ־דויערט־און־באַטרויערט זיין גורל. און אַזוי ביסלעכווייז, אים באַקלאָגנדיק ווי ער וואָלט זיין ממש אַ הייליקער, האָבן זיי אַלע אָנגענומען דאָס גע־שטאַלט פון געפּאַרבטע יונגפרויען אויף גאָלדיק־פאַרסאַזשעוועטע איקאָ־

נעס, וואָס דינען צום „געקרייציקטן". זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן צו „הייליקע" צוזאַמען מיט זייער „הייליקן", ממש מאַרטירערישן שיכורן כוליגאַן...

## דער „משיח" איז געוואָרן מיד און אַלט

אַנומלט, אויף אַ נאַציאָנאַלער מאַסנפאַרזאַמלונג, האָב איך פּלוצלינג דערזען דעם „משיח", שוין עפּעס אַן עלטערער און טרויעריקער איד, מיט צוויי בלוטיק־רויטע אויגן, ווי רובינען. ער האָט, דאַכט זיך דיר אויף אַ מאָמענט, ווען דו קוקסט אים אָן פון דער נאָענט, גאָר אידעלע און ציכ־טיקע מאַניערן. אָבער אין זיינע זשאַווערנדיקע שוואַרצאַפּלען ברענט דאָס משוגעת פון עפּעס אַן איינרעדעניש אַז ער איז אַ הייליקער, אַ גלגול פון שבתי צבי, אַ סאָרט נביא, וואָס רעדט דירעקט אין נאָמען פון רבונו של עולם. ער איז מכלומרשט דער „משיח", וואָס בלוטיקט אָפּ פון זיינע וואונדן, זיצנדיק ביי די טויערן פון רוים, ווי עס דערציילט די לעגענדע. זיינע געלע הענט, מיט דער אויסגעטרוקנטער הויט, ציטערן פון אויפרע־גונג, ווען ער פּרוווט עפּעס רעדן, אויסשרייען נביאיש צום פאָלק, שטאַמלט ער אומבאַהאָלפענערהייט. דאָס הייזעריקע קול זיינס איז אַזאַ מין וויינענדיקס, מיט אַ טרעמאָ. ער האָט זיך, ווייזט אויס, איינגערעדט אַז ער איז געטלעכער שליח, אַ ישעיה אָדער יחזקאל הנביא...

אומעטום, וואו נאָר עס קומען פאָר אידישע מאַסנפאַרזאַמלונגען, באַזונדערס בשעת וויכטיקע היסטאָרישע מאָמענטן, ווען דאָס פאָלק איז אויפגעצעאָרנט צוליב די בייזע מעשים פון די רוצחישע פעלקער וואָס הרגענען און ענגען אידן, דערשיינט ער פּלוצלינג, ווי ער וואָלט געקו־מען פון גאָטס איינזאַמער וויסטעניש, וואו ער האָט זיך אָנגעזאַפּט מיטן פינצטערן תהום פון נאַכט, מיטן זילבערנעם שאַמפּאַניער־ליכט פון די שטערן. ער רייסט זיך מיט אַזאַ אימהדיקן אימפּעט צו דער בינע, און ער שטרעקט אויס אין דער הויך, צו די שטערן פון גאָט, זיינע פאַר־קראַמפּטע הענט. ער שרייט עפּעס אויס וואָס קיין שום נשמה פאַרשטייט נישט. (האָט מען אונדזערע נביאים דען יאָ אַמאָל פאַרשטאַנען?!) ער פּאָכעט און פלאַטערט פליגלדיק מי די הענט, ווי ער וואָלט זיך שלאָגן מיט אומגעזעענע גייסטער, מיט „נישט־גוטע", מיט שדים. ער פאַלט ענד־לעך אריין אין אַ שרעקלעכן צאָרן. ער זעט איצט אויס ווי אַ פאַרוואָר־לאָזטע און הונגעריקע חיה אין וואַלד, ווי דער משוגע־געוואָרענער קיי־סער נבוכדנאצר...

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען דורך אַ סך יאָרן אין ניו־יאָרק. אידן זיינען שוין דורך דער צייט צוגעוואוינט געוואָרן צו זיינע ווילדע סצענעס און משוגענע שטיק. די רעדנער אויף דער בינע, דער געהויבענער פאָרזיצער, דער איינגעלאַדענער „סענאַטאָר" פון וואַשינגטאָן, דער „מעיאָר" פון דער שטאָט, דער הויפּט־רעדנער, אָדער „שליח", פון ירושלים; זיי אַלע האָבן,

דערזעענדיק אים, זיך נישט אויפגערעגט. עמעץ האָט אים שטיל צוריק אראָפּגעפירט פון דער בינע. און ער האָט זיך, אַזאַ קינדיש־געהאָרכזאַ־מער, געלאָזט פירן ווי אַ לעמעלע...

אָבער אַנומלט האָב איך אים געזען ביים ברעג פון ים, אין ברוק־לין, שוין אַזאַ שווייגנדיקן און אַלטן איד. „משיח׳ס״ שטילקייט האָט מיך דערשראָקן. זיין שטומקייט האָט ממש גערעדט אַ סך מעכטיקער ווי זיין שווייגן. דער הימלישער „משיח״ איז פשוט מענטשלעך־אַלט געוואָרן? צי האָבן אים מיד געמאַכט די אומענדלעכע אידישע צרות? די לעצטע יום־כיפּורדיקע מלחמה? די פייניקונגען פון אידן אין דער באַנדיטישער סיריע? די העסלעכע היפּאָקריטישקייט פון די סאָוועטישע מערדער־פירער? שטייען תמיד פאַר זיינע אויגן די אומגעבראַכטע אידישע קינדער?

יאָ, איך האָב שוין, ווייזט אויס, דערזען משיחן אין די טעג פון זיין סוף. און די דאָזיקע פשוטע דערקענטעניש האָט מיך אומענדלעך טרויע־ריק געמאַכט. עס איז מיך פלוצלינג באַפאַלן אַ מרה־שחורה, וואָס איז אַזוי אַלט ווי די מענטשהייט...

## זוך אויס פאַר מיר אַ שטיל קעלערל

די מאַמע איז געגאַנגען מיט מיר אויף דער גאַס, כמעט שוין ביים סוף פון איר לעבן. זי האָט שטילערהייט גערעדט, ווי זיך בעטנדיק ביי מיר:

— שיעלע, זוך אויס פאַר מיר אַ קליינטשיק קעלערל, אַ טונקל אַל־קערל, מיט אַ שטויביק פאָרהענגל, וואו איך זאָל קענען וואוינען מיט מנוחה מיינע רעשט ביסל יאָרן, וואָס גאָט האָט מיר געשאָנקען אין זיין גענאָד. דאָרטן וועט מען מיך לאָזן לעבן. מען וועט אין מיר אינגאַנצן פאַרגעסן. מען וועט זיך אַפילו אויף מיר נישט אומקוקן. איך וועל נאָך אפשר קענען לעבן אין שטילקייט מיט גאָט. שיעלע מיינער, איך בעט דיך, זוך פאַר מיר אויס עפּעס אַ טונקל דירהלע, ערגעץ זייער נידעריק און נאָענט צו דער ערד, צו גאָטס איינזאַמער ערד, אין אַ קילן און אַ שאָטנדיקן ווינקל, צווישן הויכע טונקעלע מויערן, כדי איך זאָל דאָרט קענען שטילערהייט וואוינען מיינע לעצטע יאָרן, זיצנדיק אַזוי נידעריק אויף דער שוועל מיט מיין סאַמעטענעם און ליבן תהילימל...

די גוטע מאַמע האָט אַזוי שטיל געבעטן צו מיר ביים סוף פון אירע טעג. וואָס אַן אמת: איך האָב זי דעמאָלט נישט געהאַט אינגאַנצן פאַר־שטאַנען. איצט, ווען איך בין שוין כמעט אַליין אויך אַן עלטערער איד, פאַרשטיי איך וואויל איר געפיל, איר מחשבה זיך אויסצובאַהאַלטן פון דער נייער צייט, איר געבעט זיך צו פאַרבאָרגן פון דער פרעמדער וועלט, איר בענקשאַפט צוריקצוגיין צו איר אייגענעם דור, צו איר משפחה, צו איר פּאַרציייטישער סביבה. זי האָט צו מיר גערעדט אַזוי הכנעהדיק, און זי איז געווען אַזוי שטיל און קליין, שטילער און נידעריקער ווי דאָס

בלייכע גראָז, וואָס וואַקסט אומגעשטערטערהייט ביים פּלויט פון דעם לאַנגן בית עולם...

## מאָמענטן פון דער קינדהייט

איך געדענק די ווילדע שייגקייט פון אַ שטורמדיקן רעגן ביי דער נאַכט אין דעם פּוילישן דאָרף. די פרישע און גרינלעך־בלייכע קינדהייט ברעכט זיך אָפּ און פאַלט אויף דיין געמיט אין די הייסע און האַניקדיק־זיסע טראָפּנס רעגן, אַזוי ווי דער נאַטורס הייס־שוימענדיקער השתנה, וואָס איז אויסגעמישט מיט בלוט־און טרערן. דו זעסט, דו רירסט ממש אָן דיינע סאַמע ערשטע טעג, דיין פאַרזענלעכן בראשית. דו געדענקסט די נעכט פון דיין הילצערנעם און היימישן וויגל, וואָס עס העלפן אין זייער פרייער צייט צו וויגן געטריי די אַלע צו דיר נאָענטע און בלוט־אייגענע מענטשן, וואָס טראָגן זייערע פּנימער און מאַסקעס פון מלאכים און מלכים: די מאַמע דיינע, וועמענס הייליק פּנים קריצט זיך איין אין דיין האַרצן ביז אין דער טיפער עלטער פון דיין לעבן, אויב גאָט באַוויליקט עס צו דיר; די פּנימער פון דיינע צאַרטע שוועסטערן, ווי געטלעכע דערשיי־נונגען; דיינע שוין־דערוואַקסענע ברידער; און ערשט די נאָענטע שכנים, די גוטע פריינט; די שדים פון אַלערליי מעשות און לעגענדעס; די מיט גאָלד־אָפּגעפאַרבטע נשמות, און אויך די כלערליי ווינט־און־וואַלד־גייסטער, וואָס היטן דיך געטריי אָפּ, אָדער זיי פאַרשעלטן דיך. ווער עס וויגט דיך איין מיט דער טיפער שטילקייט פון זיין געמיט, און ווער עס טריפט אַריין גאַל, גיפט און זאַלץ אין דיין דינעם געביין. עס רירט דיך באַ־נאַכט, אין דיין חלום, אַזוי זיס און שטיל אָן דער סאַמעראָדנער רבונו של עולם מיט זיין גרויסער, וואַרעמער און פאָטערלעכער האַנט...

די שפּרייזט קליינערהייט אַזאַ פאַרכשופט־גליקלעכער אונטער דעם נאַכטיש־ שמעקעדיקן און פאַרפיומיק־פאַרשיכורנדיקן רעגן, און עס איז אַזוי ווי גאָט וואָלט דיר צוגעשטעלט אַ בעכער פון שיינענדיקן גאָלד צו דיינע פאַרטרוקנטע ליפּן, שוין פאַרברענטע פון אַ מין מדברדיקן דורשט און פון אַן אומגעשטילטן גאָט־און־מענטשנהונגער; און ער וואָלט דיר שטרענג באַפוילן צו טרינקען פונעם פולן בעכער די פייערדיקע מילך, וואָס מלאכים האָבן אין דעם פערלדיק־פאַרנעפּלטן באַגינען אויסגעזויגן פון די שטערן. און שפּעטער, שוין דורך דיין גאַנצן לעבן, ביסטו באַ־הערשט פון אַזאַ געוואַלטיקן שטאָלץ וואָס דו האָסט מיט פאַרכט־און־ציטערניש פון גליק געטרונקען לעבן, לוסט און מחשבה פון גאָטס פאָ־טערלעכער און פלאַמענדיק־געטרייער האַנט...

אין דמיון טויכט אויף עפּעס אַזאַ ווייטע, קינדערישע געדענקעניש: די בליצן האָבן זיך דעמאָלט געהאַט אָפּגעבראָכן פון די וואָלקנס מיט אַזאַ בייזן צאָרן. דאָס גאַנצע היימישע הויז האָט געציטערט ווי עס וואָלט געווען באַפעלקערט מיט גייסטער און געשפּענסטער, וואָס האָבן אַ פאַר־

לאַנג צו שוועבן אין הימל אַריין און דיך אַהין מיטצונעמען. איך, און מיין עלטערער ברודער שלמה, צאַפּלען מיר ביידע, באַהערשטע פון פּחד און אימה, ווי די פיש אין די טיפענישן פון די טייכן ערב יום־כּיפּור, ווען די אידן אין די שטעטלעך גייען אין די שולן און בתי מדרשים, זיך צו שטעלן קליין און נישטיק פאַרן אומגעהויערן אידישן גאָט, וואָס האָט מכלומרשט ליב זיין „אויסדערוויילט״ פאָלק, וואָס האָט געטריי אָנגענומען זיין תורה...

דאָס אַלץ האָט געמוזט זיין מיין ערשטע טונקעלע איבערלעבעניש פאַרן אימהדיקן כּוח פון דער נאַטור, אין וועמענס אומהיימלעכן און מעשה־בראשיתדיקן פּנים איך האָב געוואָגט ביינאַכט אַריינצוקוקן ווי אין אַ פינצטערן אָפּגרונט, אין אַ תהום מיט שטערן באַלויכטן. עפּעס אַזאַ גאָטספאַרכטיקע טונקלקייט און אַ בלינדע ציטערניש איז געבליבן שטיין אין מיין דמיון ביז היינט־צו־טאָג, ווען איך שרייב אין דעם נאָך טונקעלן באַגינען די דאָזיקע שורות. און זינט דעמאָלט גיי איך אַרום אויף דער וועלט אין לויטער פּחד, מיט אַן אויסטערליש ציטערניש אין מיין גייסט, מיט אַ מורא אין מיין בלוט, און מיט אַן אייביקן עקסטאַז אין מיין געמיט...

איצט פאַרשטיי איך: עס איז נישט פאַראַן קיין טיפערער קוואַל פאַרן איינזאַמען און הונגעריקן גייסט ווי דער אור־נאַכטישער, קאָסמישער חשכות, מיט זיינע אומצייליקע מיליאַנען און מיליאַסן שטערן־פּנימער. פון וועלכע דער שרייבער און קינסטלער שעפּט זיינע פינצטערע־און־פייערדיקע בעכערס ווייץ פון חכמה און שעפערישקיים; ער זופּט פון די קרוגן מיט גיפט־און־גאַל; ער טרינקט זיין ביטערניש און אימה, ווי אויך זיין זין־און־צוועק, זיין האָפענונג און תּפילה; זיין פאַרשטענדע־ניש און העלזעערישקייט פאַר דער אייביקייט. יענע קינדישע איבערלעבע־נישן האָבן ממש אין קורצע מאָמענטן געפאָרעמט מיין צוקונפטיק לעבן און פאַרויסבאַשטימט מיין ווערק, מיין גאַנג און מיין גורל...

## דער שטאַרבנדיקער רעדאַקטאָר און די זונה אויף דער נאַכטישער בראָדוויי

עס איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט אויף דער טומלדיקער בראָדווי. עס איז געפאַלן פון דעם קאַלטן און פרעמדן הימל אַ דראָבנער און אַלטער שניי, וואָס האָט לאַנג געוואַרט און געספּקט צי ער זאָל באַזאַלצן די שווער־שטיינערנע שטאָט, און וואָס האָט מיך טאַקע דערמאָנט אין פּוילישע נעכט. מיר זיינען געגאַנגען, אַ גרופּע שרייבער, פון עפּעס אַ ליטעראַרישן אָוונט אין אַ רעסטאָראַן, וואו מען האָט באַערט אַן אַרגענטינישן אידישן שריפט־שטעלער. דער האַלבער מת, רעדאַקטאָר פונעם פּאָפּולערן „זאַמלבוך״, וואָס איז שוין לעצטנס געווען טיף פאַרזונקען אין די לאָפּעס פון אַכזריות־דיקן קאַנסער אין מאָגן, האָט געזען, גייענדיק מיט אונדז, ווי אין אַ ווינקל, ביים ראָג פון דער גאַס, נעבן אַן אָנגעצונדענעם פאַרזשאַווערטן לאַנטערן,

שטייט אַן אַנדערער עלטערער און לעבעדיקער מת, דער מאָלער, מיט צפעס אַ סקעלעטאַווער פּראָסטיטוטקע, וועמענס אויסגעדאַרט, סיפיליטיש און פֿאַרטאַריקאַניש פּנים איז רוזשירט ווי מיט פּייער פון גיהנום. ער סודלט זיך מיט איר, רעדט אַ סך אַריין אין אירע קליינע אויערן, ער האַנדלט אוודאי אונטער וועגן דעם „פּרייז"...

דער רעדאַקטאָר, דער נישטיקער ווייבערניק און מכלומרשטער דאַן זשואַן, האָט חשק געהאַט צו שלאָפן מיט דער טונקל־רייצנדיקער, אָבער קענטיק שוין קראַנקער פרוי. איך האָב זיך געפּרוּווט אָפּבעטן ביים קאָנסעריש־צעגריזשעטן רעדאַקטאָר, וואָס האָט נאָך פּאַקטיש געהאַט גע־ציילטע וואָכן צום לעבן זיין מיזעראַבעלן לעבן:

— פריינט צ., גייט בעסער אַהיים. איר האָט אַ ווייטע נסיעה קיין ברוקלין מיטן סאָבוויי. רוט זיך אויס די מידע ביינער. איר זענט דאָך איצט אַזוי שטאַרק פּאַרמאַטערט. די רעדע אייערע אויפן באַנקעט האָט אייך געגנוג אויסגעשעפּט. עס איז דאָך שוין נאָך צוועלף אַזייגער ביינאַכט. דער שניי הערט נישט אויף צו פאַלן פונעם אומפריינטלעכן הימל. אַז איר וועט לעבן, וועט איר נאָך קריגן אַנדערע, און פיל שענערע פרויען ווי עס איז די דאָזיקע טרויעריקע פּראָסטיטוטקע...

אָבער צ. האָט נישט געהערט קיין איינציק וואָרט וואָס איך האָב צו אים גערעדט. צווישן ביידע מסוכן־שלאָפע מאַנספּאַרשוינען, דעם מאָלער און דעם רעדאַקטאָר, איז פאָרגעקומען אַ געראַנגל צוליב דער אָרעמער שפּאַנישער נקבה. ענדלעך ווערט דער מאָלער מיד פון דעם גאַנצן עסק, און ער לאָזט זיך גיין זיין איינזאַמען וועג איבער דער וויס־פּאַרשנייעטער ווינטער־נאַכט אויף דער שוין איצט ליידיקלעכער בראָדוויי. צ. האָט גע־וואונען אפשר דעם לעצטן געווינס אין זיין לעבן צוליב אַ פרעמדער פרוי פון דער גאַס: ער נעמט דער איינזאַמער און זייער דינער זונה אונטערן אָרעם, און ער פּאַרשווינדט מיט איר, קוים שלעפּנדיק זיינע דאַרע פיס, ווי אַ קראַנקער „באַטשאַן" (שטאָרך), אין איינער פון די זייטיקע געס־לעך אַרום דעם טונקעלן האָדסאָן־טייך...

פּלוצלינג יאָגט אונדז אָן דער מאָלער. ער איז שטאַרק אויפגערעגט און מכלומרשט אייפערזיכטיק אויך. עס פּאַרדריסט אים וואָס דער קאַנ־סער־קראַנקער רעדאַקטאָר האָט ביי אים אויסגעכאַפּט און אויסגעדונגען דאָס ביסל טרויעריקע זינד. ער שרייט אַריין אין דער טויבער נאַכט מיט אַ היסטערישן קול:

— איך קען זי שוין זיבט יאָרן. זי איז געקומען פון עגיפּטן, וואוהין אירע פאַרטאַריקאַנישע עלטערן האָבן זיך געצויגן ווען זי איז נאָך געווען אַ קליינטשיק מיידל. זי רעדט גוט העברעאיש. זי וואוינט איצט מיט אַ „פּימפּ", אַ נעגער, אויפן זעקסטן גאָרן פון אַן אַלט הויז, מיט קרומע, ברודיקע און צעפאַרענע טרעפּ. ווי אַזוי וועט דער שטאַרבנדיקער רעדאַק־

טאָר קענען אַרויפגיין אַזוי פיל גליטשיקע טרעפ? ער וועט דאָך אויסגיין ממש ליגנדיק אויף איר סיפיליטישן גוף. אויסערדעם וועט אים איר מאַן, דער „פימפ״, צעשלאָגן ביז בלוט. ער איז אַ פינצטערער גיבור, ממש אַן עוג מלך הבשן...

און ער לאַכט הילכיק און הייזעריק אין דער נאַכט אַריין, ווי אַ משוגענער שד. עמעץ אין אונדזער גרופּע וואַרפט אַריין אַ וואָרט:

— זאָרגט זיך נישט. צ. וועט דעם שפּאַנישן „פימפ״ מאַכן פאַר אַן אבאַנענט פונעם „וואָכנבלאַט״. ער וועט נישט אַוועקגיין פון זיין הויז אָן אַרויסצושלעפּן פון אים אַ „פינפערל״...

## רוימישער קאָלאָסעאום

דער פּלאַנעט איז געוואָרן שווער פונעם מענטשלעך־פאַרגאָסענעם בלוט. אין איינעם אַ מוראדיקן טאָג, דאַכט זיך מיר, וועט ער איינגאַנצן אַרויסשפּריינגען פון דער אַרביטע אַרום דער זון צוליב זיינע בלוטיקע פאַרברעכנס, וואָס די מענטשן באַגייען דורך די יאָרטויזנטער. די ערד וועט צעשמעטערט ווערן און וועט אַרונטערפאַלן אויף שטויב אין אַלע פיר זייטן פונעם אומענדלעכן קאָסמישן רוים...

איך לייען אין אַ פאַרצייטישן בוך: גאַנצע פיר ערד־ציטערנישן האָבן אַמאָל צעטרייסלט דעם קאָלאָסעאום אין רוים, און געמאַכט טיפע שפּאַלטן אין זיינע מאַסיווע ווענט, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אַמאָל, אין די צייטן פון רוימס גרויס־אימפּעריאַלער הערשאַפט איבער דער פאַרשקלאַפּטער וועלט, ווילד געשטאָכן, און זיך קעגנזייטיק אויסגעשאָכטן, מענטשן מיט הונגעריקע חיות; ווילדע חיות מיט בלוטדורשטיקע חיות; אומגליקלעכע גלאַדיאַטאָרן מיט גלאַדיאַטאָרן; באַזיגטע קעניגן מיט געפאַנגענע פרינצן; בשעת דאָס מאַסנפּובליקום, מיטן דעגענעריִרטן צעזאַר בראש, און מיט זיין דערהויבענער סוויטע, מיט די צעהוליעטע קורטעזאַנעס און קורוועס, אָנגעטאָן אין זיידענע קליידער און אין גאָלדענער צירונג, האָבן געשעפּט משוגענעם פאַרגעניגן פונעם מוראדיקן אומקום פון די חיות און מענטשנהעלדן; פון דעם אַכזריותדיקן אומקום פון די אידישע גיבורים פון ירושלים, וואָס האָבן געוואָגט אויפצוהויבן די פייערדיקע פאָן פון בונט און מרידה קעגן רוימס גהינומדיקער וועלט־הערשאַפט; קעגן די פאַרברעכנס איבער פעלקער און לענדער פון איר מערדערלעכער אימפּעריע...

## זיי האָבן זיך נישט ליב

גרויסע שפּעריִשע מענטשן האָבן זיך נישט ליב קעגנזייטיק, מחמת יעדן איינציקן פון זיי דאַכט זיך אויס אַז ער איז אַ באַזונדערער שטערן, און בלויז ער אַליין באַדאַרף פאַר זיך צו האָבן דעם גאַנצן הימל...

## די מענטשלעכע ליבשאַפט

די רירנדיקסטע זאַך אין דער וועלט איז די גרויסע מענטשלעכע ליבשאַפט; די ליבע צווישן פאַרליבטע מאַן־און־ווייב, אָדער צווישן אַ יונג פּאָרפאַלק. דאָס איז אַ געפיל וואָס נעמט אַרום הימל־און־ערד, און עס גרייכט אַזש ביז צו די שטערן...

## וועגן געבורט און טויט

יעדער איינציקער מענטש האָט אפשר געהאַט דעם זעלביקן געבורט און דאָס אייגענע וויגל. אָבער דער טויט פון כמעט יעדן באַזונדערן מענטש איז אַ ביסל אַנדערש...

## מיין פעדער — מיין שווערט

אין איינער אַ נאַכט פון מיין געבורט האָט מיר גאָט געשאָנקען אַ פעדער כדי צו שרייבן בלויז דאָס וואָס איך אַליין פיל, וואָס איך דענק, וואָס איך זע און וואָס איך וויל זאָגן. איך קען נישט שרייבן פאַר יענעם. אויב איר האָט חשק צו שרייבן וועגן עמעצן, טאָ שרייבט עס בעסער אַליין אָן. דאָס מיין שרייבן איז ביי מיר אַן אינטימע און הייליקע זאַך. איך בעט אייך: צווינגט מיך נישט צוליב עפּעס אַ נישטיקער טובה צו באַשרייבן יענעם; צו באַזינגען דעם גרויסן, וואָס האָט דעראָבערט זיין רום אויפן חשבון פון הונדערטע אַנדערע באַשיידענע טאַלאַנטן; צו לויבן דעם מכלומרשט געניאַלן רשע, וועלכן איר ווילט אָפּטאָן אַ טובהלע פאַרן ליטעראַטור־פּרייז וואָס ער האָט אייך צוגעשאַנצט. אויב איר וועט עס פּרוּוון צו טאָן, וועל איך אייך מוזן פיינט האָבן, כאָטש איך פאַרנעם זיך נישט מיט קיין שנאה און קנאה. דאָס לעצטע איז נישט געווען מיין פּראָפעסיע. איך בין בלויז שולדיק צו גאָט אַליין די קראַפט, די פּאָטענץ און דאָס געוויסן פון מיין פעדער. איך בין אַן אָרעמער מאַן. איך קען אייך גערן פאַרקויפן מיין שוין אָפּגעדרוקטן בוך. אָבער קיינמאָל נישט מיין פעדער, וואָס שטעקט מיר טיף אין מיין האַרצן. זי איז גאָטס שווערט. איך וועל בשום אופן נישט לאָזן זי ביי מיר צונעמען, אָדער קאָרומפּירן צוליב וועלכן עס איז צוועק...

## זי האָט געקענט זען לאָרד בייראָן

אַזאַ צאַרטע, דינינקע און נאָבעלע פריילין; געקליידט אינעם טונקעלן, אין זשאַלאָבנעם. איר מאָגערער גוף איז איינגעהילט אין שטיקלעך זיידע־נער נאַכט. איז אפשר זי אַן אַמאָליקע אַקטריסע? פּילייכט אַ מחברטע פון ראָמאַנען, אַ שרייבערין פון לירישער פּאָעזיע? צי אַ געוועזענע שיינ־קייט פון איינער אַן אַריסטאָקראַטישער דאַמע? מסתמא אַ געליבטע פון אַ וויכטיקן אויסלענדישן דיפּלאָמאַט? אוודאי אַ ראָמאַנטישע קראַסאַוויצע פון גרויזן פאַרצייטנס? זי האָט זיך מסתמא אויפגעהויבן פון ערגעץ אַ שטויביקן קבר, כדי זיך איבערצוגייען דורך דער פרישער לופט?!...

אַלץ איז מעגלעך. אָבער דער איינער מאַזשאָרנער אמת בלייבט שטיין אומפאַרמיידלעך: זי איז פשוט אַלט געוואָרן מיט צייט, מיט נאַכט־און־לבנה. קוים וואָס זי באַוועגט זיך נאָך אויף אירע באָטשאַניש־הויכע פּיס, אין טונקל־לויזע און צעפליקטע זאַקן פון זייד. אמת, זי איז אַפילו איצט, אין אירע שפּעטע זיבעציקער, נאָך אַלץ פאַרפירעריש־שיין. איר פּנים איז אויסגעשניצט מיט האַרמאָנישע שטריכן.

ד שלאַנקע פיגורקע אירע איז דין, נעט, געגוי און פרעציז, ווי עס פאָדערן די לעצטע מאָדע־זשורנאַלן. אָבער איר געבורטיקע דאָטע איז פון דעם פריערדיקן יאָרהונדערט. זי האָט אוודאי געקענט זען לאָרד בייראָנען אין רוים, ווי ער רייט אויף זיין ווייסן פערד, איבער די אַלייען אין ברייטן היסטאָרישן פּאַרק, צווישן זשאַוועור־פלאַמיקע רואינען. זי האָט אויך גרינג געקענט זיין די געליבטע פון דעם עקצענטרישן פילאָזאָף אַרטור שאָפּענ־הויער...

## די קליינשטעטלדיקע בעטלערשאַפט

די בעטלערשאַפט פון שטעטל שטייט אין מיין זכרון ווי צוגעקלעפּט מיט אַן אייזערנעם קליי צו די גרויע ווענט פון די אַלטע מויערן, צו די אָנגעגליטע ברוק־שטיינער און הייסע, געשפּאָלטענע טראָטואַרן. די אָרע־מעלייט, ווי גראָטעסקע שטיינערנע גאַרגוילעס, פאַרגליווערטע סקולפּטורן פון וויטיק, פון סאַרקאַסטישן גרימאַס און איראָניע. די פאַרשעמטע לייט האָבן רויטע אויגן, ווי פייער וואָלט אין זיי זיך געצונדן; זיי פאַרמאָגן געלע און צעפוילטע ציין; בלייך־בלויע ליפּן; געדיכטע, קאָלטענעוואָטע קעפּ; געליימטע, אומדרייסטע הענט, ווי איבעריקע און באַליידיקטע פון גאָט. לאָמע, פלאָטשיקע פיס; שלאַבערדיקע ביינער, וויכע ווי פוטער. איך געדענק מיט אַ סך קרענקונג און צער די אָרעמקייט פון שטעטל, אַ נאַקעטע כמעט, פול מיט קלעפּיקע, אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן; מיט שווינדזוכט, מיט די „פּאַליקע”; מיט כלערליי הויט־אויסשיטענישן און אַנ־דערע חולאתן. זיי שטייען ווי שאָטנס פון נאַכט־און־חושך איבער די וועגן און געסלעך מיט אויסגעשטרעקטע הענט, און די האַרבסטיקע בוימער וואַרפן זיי צו צעלעכערטע און פון אינסעקטן צעביסענע בלעטער, ווי קינסטלעריש־ציזעלירטע שטיקלעך גאָלד, אידעלע קונסט־ווערק...

אָבער די דאָזיקע אומגליקלעכע ברואים האָבן שפּעטער מיט יאָרן אויפ־געלויכטן ביזן הימל הויך, אין די קלאַסישע ווערק פון די גרויסע שריפט־שטעלערס, אַלס מאָנומענטאַלע געשטאַלטן. באַרימטע קינסטלער און שע־פער האָבן זיי פאַראייביקט אין זייערע שאַפונגען, האָבן דורך זייערע צע־קרימטע מיילער מיט זשאַוועור־רויטע ציין אויסגעשריגן די געשרייען פון וויטיק פון די אָרעמע און זיך־שטיקנדיקע מאַסן. זיי זיינען געבליבן שטיין שטראַלנדיקע געשטאַלטן אין דער אידישער, אין דער וועלט־ליטע־ראַטור... די וואונדן פון זייערע נשמות קענען זיך שוין קיינמאָל נישט פאַרלעשן...

## וועגן מענטשן און לאַלקעס

שילדער קיינמאָל נישט קיין לעבעדיקע מענטשן וואָס זיינען לויט דיין דמיון, ענלעך צו שיינע, געפּוצטע, אָבער טויטע לאַלקעס, געוויקלטע אין אַטלעס, סאַמעט און זיידנס; נייערט באַשרייב די שטומע לאַלקעס ווי זיי וואָלטן זיין שוין מידע, עלטערע און צעבראָכענע מענטשן...

## דריי פּערלדיקע מיידלעך און דאָס גאָלדענע ליכט

אין דרויסן רעגנט. עס איז שוין נאָכט אויך. אָבער איך טוליע זיך צו דער שויב פונעם אַנטיקן־געוועלבל. מחמת איבעוויניק הענגט ווער־מעערס מאָלעריי מיט דריי שיינע האָלענדישע מיידלעך וואָס שמעקן ממש ווי בעז אין די ערשטע טעג פון פרילינג. דאָס ליכט פון דעם בראָנדזע־נעם קאַנדעליאַבער, וואָס הענגט אַראָפּ פונעם סופיט אויף אַ מאַסיווער אייזערנער קייט, שיינט אַזוי וואַרעם און אָנגענעם. איין פרישע מיידל האַלט אין איר, מיט צירונג געצירטער האַנט, אַ זילבערנע טאַץ מיט עפּעס אַן אָפּגעפּוצטער מעשענער קרוג מיט וויין. אַ צווייטע מיידל רעדט, דאַכט זיך, מיט געציילטע רייד, וואָס לויכטן ממש ווי די גילדערנע רענדלעך. אַ דריטע מיידל צירט איר צאַרטן האַלדז מיט בייטשלעך קרעלן, און זי שפּיגלט זיך אין אַ שפּיגל פון מאַטן און אַלטן זילבער. אויף דער הילצערנער טאַבורעטקע דרימלט אייגעקנאָדעטערהייט דאָס פלושענע בערגל פון אַ הינטעלע, ווי פאַרזונקען אין אַ חלום. אין גאַטס פּשוטן דרויסן איז שוין גוט פינצטער, און עס רעגנט הימלעך פון גוטן הימל...

אָבער איך שטופּ אָלץ מיין פּנים צו דער נאַסער שויב. איך האָב חשק וואַרעם אָנצורירן די דריי פּערלדיקע מיידלעך פון דעם זיבעצענטן יאָר־הונדערט, פון אַמסטערדאַם, אין דער שיינער שטאָט פון די גרויע קאַ־נאַלן...

## ווי פּרצעס דריי נייטאָרינס

נאָכדעם ווי מיינע ביידע שוועסטערן חיהלע און מירעלע האָבן דורך דער גאַנצער נאַכט געניים ביי די זינגער־מאַשינען די בלוזקעס און קלייד־לעך, די מאַנטלען און סאַקן, פאַר די קליינשטעטלדיקע ווייבלעך און כלה־מיידלעך; פאַר די היימישע אידישע באַלעבאָסטעס און דינסטן; פאַר די פרויען פון די רוסישע אָפיצירן און נאַטשאַלניקעס, אין די קאַזאַרמעס און אין מאַגיסטראַט; ווי אויך פאַר די „גאָספּאָדיניעס", די ווייבער פון די צאַרישע באַאַמטע און סטראַזשניקעס; האָבן זיי אין באַגינען פאַר־ענדיקט די מלבושים. זיי האָבן געשפּיגן מיט בלוט אונטער די הייסע פּרעס־אייזנס, און האָבן אויסגעפּרעסט די שוין ענדלעך פאַרטיק־געוואָרענע קליידער מיט זייער אייגן בלוט, מיט זייערע יונגע לעבנס, ווי פּרצעס דריי נייטאָרינס אינעם פּאָפּולערן ליד...

## פון מיין טאָג־בוך

אָ, דאָס דערהויבענע געפיל ביינאַכט, אַרויסקוקנדיק דורכן פענצטער פון מיין דאַך־שטיבל ווי אַן אַסטראָנאָם אין זיין אָבסערוואַטאָריע־טורעם, וואָס קוקט אַן דורכן גלאָז פון זיין טעלעסקאָפּ אַ מוראדיקן און אָפּשרעקנדיקן הימל מיט שטערן — אַז טויזנטער יאָרן נאָך מיין פיזישער עקזיסטענץ וועלן די שטערן אין דעם הימלישן ים שטיין געגנוי אין דער זעלביקער פּאָזיציע, כאָטש זיי באַוועגן זיך אין רוים מיט אַזאַ שרעקלעכער גיכקייט. און אפשר וועט מיין נשמהדיק אויג קוקן אויף דער הימלישער פּאַנאָראַמע, וואָס איך האָב צום ערשטן מאָל באַטראַכט מיט אַזוי פיל שטוינונג אין די נעכט פון מיין פריער יוגנט, ווען איך האָב גלייכצייטיק דערזען אויף דער היימישער גאַס דאָס צאַרטע שטערנפּנים פון דער יונגער פרוי נאָך וועמענס טריט איך גיי נאָך פאַרליבטערהייט אַ לעבן לאַנג, ווי יענער לעגענדאַרער און וואַנזיניקער ריטער, אַ באַהערשטער פון זיין איין־און־איינציקן געפיל. דאָס איז עפּעס אַ געוואַלטיק געפיל פון טרויער, פרייד און דערהויבונג מיט דער אויפציטערנדיקער שיינקייט פונעם אוניווערס...

## עמעץ צאָלט מיט האַרבסטיקן גאָלד

ווען איך קום צום ברעג פון ים אין דעם חודש סעפּטעמבער, ווער איך תמיד גערירט פון יענע גרויסע און בונטע שמעטערלינגען, וואָס פלאַטערן אַרום אין דער זוניקער לופט מיט עפּעס אַזאַ אויסדרוק פון ליידנשאַפט, פון עקסטאַז, און פון אַזאַ הייסן הונגער צום לעבן. פאַרוואָס, פרעגט זיך, הויבן זיי דווקא אַן אַרומצופליען אין דעם וואונדערלעכן חודש סעפּטעמבער? זיי זעען אויס אין מיינע אויגן ווי צו זיין שיכורע און פאַרליבטע. זיי געניסן אין דעם פאַרהעלטענישמעסיק־קורצן לעבנס־שפּאַן אפשר אינטענסיווער די שיינקייט פון דער נאַטור, ווי די מענטשן...

טיילמאָל דאַכט זיך מיר אַז די שמעטערלינגען פלאַטערן אַרום ווי מטבעות פון אַלט־גאָלד, וואָס דער טייוול צאָלט פאַרן ווייַן וואָס די פאַרליבטע דיכטער־באַהעמען טרינקען אין די האַרבסט־שענק און ווייַנקעלערן...

איך האָב זיי ליב, די דאָזיקע שיכורע שמעטערלינגען, וואָס קומען אויף אין דעם חודש פון האַרבסט. זיי זיינען דאָס געטלעכע גאָלד פון דעם דיכטער און מאָלער אין דער וועלט...

## אותיות וועגן עמעצן אין קופּער

אין דעם אָקטאָבערדיק־אַנגעצונדענעם צענטראַל־פּאַרק. עס איז שוין זון־אונטערגאַנג. די לעצטע פאַרבייגייער; די יונגע מאַמעס מיט זייערע קינדער אין די וועגעלעך; און די הינט ביי דער זייט, אָדער לויפנדיק פאַרויס, פאַרלאָזן שוין דעם שיינעם גאָרטן אין פּחד פאַר טעראָר, רויבעריי,

משוגעת און פערוועריזיע. אָבער איך זע ווי איינע, אַן עלטערע דאַמע, בויגט זיך אַראָפּ צו דער ערד. זי פּרואווט לייענען עפּעס אַ קופּערנע טאַבליצע, וואָס איז באַהאַלטן אונטער די פאַרוועלקטע בלעטער און דעם פאַרוויאַנעטן גראָז פון פאַראַיאָרן. עס איז אוודאי אַ דערמאָנונג וועגן איינעם אַן אומבאַקאַנטן מענטש, וואָס האָט זיך אפשר אַמאָל אַנגעשטרענגט עפּעס אויפצוטאָן פאַר די אַרעמע און געפּלאָגטע מענטשן. איך שטעל זיך אויך אָפּ און פּרואוו לייענען: איך זע אַז דער מענטש האָט בלויז געלעבט 41 יאָר...

— ליידי, — זאָג איך צו איר, — איר זענט אפשר די איינציקע פּרוי אין דער גאַנצער וועלט וואָס שטעלט זיך אָפּ אויף אַ רגע אין פּיעטעט פאַר עמעצנס רייַנער נשמה, כדי צו לייענען אַ וואָרט וועגן איינעם אַ פאַרגעסענעם מענטשנס מעשים טובים...

זי שמייכלט טרויעריקערהייט. איך קוק זי אָן: זי איז שוין אויך נישט קיין יונגע פּרוי, און מיט קענטיקע צייכנס פון יסורים אויפן פּנים. איך וועל איר זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט אויסזאָגן פון מיין מחשבה:

— מאַדאַם, ווען איר וואָלט געווען יונג און שיין, וואָלט איר זיכער נישט געפונען קיין צייט זיך דאָ אָפּצושטעלן, כדי צו פּרואוון איבערלייענען עפּעס אַן אויפשריפט אין קופּער וועגן אַן אומבאַקאַנטן מענטש, בשעת דער פאַרנאַכט פאַלט שוין צו מיט זיין מידן און פלושענעם פליגל איבער דער וועלט...

## די אַקטריסע

זי אַליין איז ממש אַ הייליקע און טראַגישע אַלמנה, אַ מאַרטירערין פונעם לעבן. קען זי דאָך אָבער זיך אַליין נישט שפּילן. קונסט פאַרליידט נישט קיין צניעות. שפּילט זי מערסטנס פרעמדע און אומבאַקאַנטע כאַראַקטערן אויף אַ ביסל אַן אַנגעבלאָזענעם שטייגער, אין פּסידאָ־טאָן. עס פאַרגלוסט זיך איר דווקא צו שפּילן פאַלשע און פערווערזע געשטאַלטן פון זינדיקע און אויסגעלאַסענע פרויען, וואָס געלינגען איר מערסטנס נישט, און זיי זיינען אויך קנאַפּ קינסטלעריש־איבערצייגנדיק. ווער ווייסט, אפשר טראָגט די רבנישע טאָכטער פון שטעטעלע בעכעווע אין איר האַרצן אַ פאַרבאָרגענע בענקשאַפט צום וויינקעלער, אַפילו צום באַרדעל. זיכער ציט איר צו דער בינע, צום טעאַטער, צום רוישיקן אַפּלאָדיסמענט, וואָס איז די מעכטיקסטע סימפּאַניע צו איר קליינעם ווייבלעכן אויער...

## אין דעם פריען באַגינען

די נאַכט איז נאָך אַזוי טיף־און־טונקל אַז מיר דאַכט זיך אַז עס וועט שוין מער קיינמאָל נישט ווערן טאָג. אפשר האָט גאָט פּשוט פאַרגעסן אויפצוּוועקן די זון וואָס שלאָפט נאָך הימלעך־און וואַרעם אין מענדעלעס „פוטער־פאַס". דער מלאך וואָס באַדאַרף אויסצולעשן די שטערן אין הימל, האָט נעכטן ביינאַכט, ביז אין די שפּעטע שעהן, אויסגעטרונקען

אפשר אַ גאַנצן ערדענעם טאָפּ מיט ווייַן, און ער שלאָפט נאָך פעסט און געשמאַקפול ווי אַ שיכורער „סטרוזש״. אָבער פלוצלינג הויבן די פייגל אָן צו זינגען. אַציִנד בין איך שוין זיכער אַז דער טאָג גייט גרויסאַרטיק אויסברעכן. ער שפּאַנט שוין הילכיק איבער אַ שטיק האַלבער וועלט...

## אין דעם פּאַרקל פון יוניאָן סקווער

איך בין היינט געווען אין דעם פּאַרקל פון יוניאָן סקווער. אויף אַ שטיינענער באַנק איז געזעסן איינער אַן עלטערער מאַן און האָט געבלע־טערט אַ קונסט־זשורנאַל. ער האָט אויסגעזען צו זיין ענלעך צום פּאָעט פּאָל ווערלען. אויף זיין שטיינענעם פּיעדעסטאַל איז געשטאַנען אַ פאַר־קלערטער דער איינזאַמער פּרעזידענט לינקאָלן. ער האָט אוודאי געטראַכט פון זיין טרויעריקן שטאַרבן. ער גרינט און זשאַווערט אַריין מיט זיין פאַרבלוטיקטן קאָפּ אין דער זון־שקיעה. פון זיין גראַניטענעם דענקמאָל רייסט זיך דער פּרעזידענט וואַשינגטאָן אין הימל אַריין; זיצנדיק אויף זיין מאַסיוון פערד ווי אַ קייסער, כאָטש ער האָט זיך וואויל אָפּגעזאָגט צו באַשטייגן דעם פאַרדינטן טראָן פון זיין דערקאָבערטן לאַנד...

איך געדענק דאָס דאָזיקע פּאַרקל מיט אַרום פערציק יאָר צוריק, ווען איך בין ערשט געהאַט געקומען פון איראָפּע. מען האָט דעמאָלט דיס־קוטירט וועגן וועלט־פּאָליטיק. היינט איז דאָ נישט פאַראַן קיין איינציק לעבעדיק נפש וואָס זאָל דיסקוטירן. זיינען אפשר די מענטשן קליגער גע־וואָרן דורך דער צייט?...

גייענדיק שפּעטער אין דער גענגט, האָב איך דערזען אויף אַ גאַס אַן אוקראַיִנישע בוכהאַנדלונג. אונדזערס אַ היימישן אידן שוידערט געוויי־לעך פון זייערע היידעמאַקישע רוצחים און העטמאַנעס. אין דעם אויס־שטעל־פענצטער שטייט אַ לאַנדשאַפט, וואָס איז פילפאַרביק געמאָלן, ווי אַ זון־אונטערגאַנג אין דעם היימישן שטעטל. אָבער צו אַ אידנס אויגן זעט עס אויס ווי די אומשולדיקע נאַטור וואָלט אָפּגערונען מיט אידיש בלוט. די לאַנגע שווערט פון טאַראַס בולבאַ, גאַגאָלס העלד, איז רויטלעך געפאַרבט. יאָ, מיר געדענקען אייביק און אומעטום — עמלקן...

## זאַכן פון פריערדיקע דורות

אַן אויסשטעל־פענצטער פון אַנטיקן, קונסט, אַלט־מעבלוואַרג און אָפּ־גענוצטע מלבושים. אין ווינקל שטייט אַן אויל־פּאָרטרעט פון אַ שטאָלצן גענעראַל מיט אַ שטייפן בליק. זיין ברוסט־קאַסטן איז באַלאָדן מיט ברייטע רייען פאַרזשאַווערטע מעדאַלן, אוודאי פאַר זייַנע העלדישקייטן אין פאַר־שידענע שלאַכטן. אפשר האָט דער דאָזיקער גענעראַל געקעמפט אין וואַ־טערלו, און שפּעט ביינאַכט, אין דעם קאַלטן ווינט, ביים פולן אָפּשיין פון דער לבנה, איז ער שוויַיגנדיק געריטן צוזאַמען מיטן איינזאַמען קאָר־סיקאַנער דורך טויאיקע פעלדער און וועלדער, אַנטלויפנדיק קיין פּאַריז, צו „זיין״ זשאָזעפינען...

אין די ווינקלען פונעם אויסשטעל־פענצטער ליגן אַנגעוואָרפן אַלערליי שטיקער וואָפן: שטילעטן, לאַנצעטן, שווערטן און קינזשאַלן, וואָס זשאַ־ווערן רויט פונעם בלוט פון די דערשלאָגענע צום טויט. מען זעט דאָ אויך אויסגעגראָבענע געפעסן פון פּאַרצייטישע חורבות: טעפּ־און־טעלערס; מעטאַלענע שיסלען, טשייניקעס, פּאַטעלנעס, רייגדלעך און קווערטלעך; אויך קרוגן, וואַזאַנעס, שאָך־פיגורן און אייזערנע געוויכטער. מען זעט אויך גילדערנע צירונג כדי צו מאַכן שיין און רייצנדיק די ווייבער פון אַלערליי פעלקער און לענדער. די פאַנטאַזיע פונעם קינסטלער קען זיך אפילו גרינג אויסמאָלן די אַלע מענטשן וואָס האָבן זיך גליקלעכע באַנוצט מיטן מעבלוואַרג, מיט די אַרבעטס־אינסטרומענטן, הויז־כלים, פלעשער מיט וויין און ליקערן, קונסט־מכשירים און ביזשוטעריע...

אָבער טרויעריק אויפן האַרצן ווערט סיי־ווי־סיי, ווייל דער טויט האָט ווי אַן אומענדלעכער ים פון שטילקייט איינגעשלונגען די אייגנטי־מער פון די דאָזיקע שיינע און נוצלעכע זאַכן, און האָט זיי אויף שטויב צעמאָלן מיט זייערע וויגעלעך און קברים־מאָנומענטן. בלויז אין די פרעסקן און אויף די באַרעליעפן בלייבן זיי איינזאַמע שטיין מיט אַזאַ פרילינגדי־קער און אָפּטימיסטישער פרישקייט, מיט אַזאַ לעבעדיק פייער אין די אויגן, מיט אַזאַ נחת און ענערגיע אויף די פנימער, ווי זיי וואָלטן זיך טאַקע גרייטן צו לעבן אייביק...

## אינמיטן נאַכט, ווי דער אומרואיקער קייסער

אינמיטן נאַכט, ווי דער אומרואיקער קייסער, ווען די לבנה שטייט פיבעריש אין הימל מיט אַ דערשראָקן פּנים, מיש איך אויף דעם תנך. מען ווערט ממש אויפגעציטערט ווען מען לייענט דעם צעהיצטן נביא יחזקאל, און אויך די קאַפּיטלעך פון אַנדערע נביאים מיט זייערע אימה־דיקע שריפטן. גאַנצע פעלקער לעבן אויף מיט זייערע געשיכטן, זייערע בלוטיקע מלחמות, זייערע געמאַרקן און טומל. גרויסע און פאַרצייטישע שטעט רעדן מיט זייער רוישיקער שפּראַך פון גאַסן, הייזער און קעניג־לעכע פּאַלאַצן; פון קייסאָרים, גענעראַלן, משוגעים, בעטלער און זונות. מען פאַרנעמט אינעם חושך דאָס לוסטיקע געלעכטער פון זינד־הייזער, בעדער און באָרדעלן. מען זעט די אויסגעלאַסענע טענץ פון די רייצנדיקע ווייבער. מען הערט דאָס געשריי פון די באַזיגטע, די קרעכצן פון די גוסס־דיקע, דאָס געוויין פון די געפאַנגענע מאַנצליים, פון די פאַרפייניקטע מאַסן. מען קוקט אָן דעם פחד פון די זקנים, פרויען און פיצלעך קינ־דער...

אינמיטן מיש איך אויף דאָס אַלטע און בייכיקע ספר וואָס די קע־ניגן, נביאים און גאונים האָבן אָנגעשריבן דורך צייטן און דורות — דעם גרויסן תנך, און עס ציטערן אויף אין דער לופט, ווי דונערן און בליצן, ערד־ציטערנישן, וואולקאַנישע אויסבראָכן, שרפות, מגפות און

אַטאַקעס פון דער כאָלערע און היישעריקן. איך זע ווי פרעמדע אַרמייען באַפאַלן דאָס אָרעמע לאַנד און אַ סך פון זיי בלייבן ליגן ווי טויטע פיש איבער די פעלדער נאָך אַן אויסטריקעניש. זייערע מיילער זיינען אָפן און זייערע גופים פוילן און שטינקען שוין באַצייטנס...

אין הימל שטייט רויט די לבנה ווי אַ פלעק, אַ פּנים פון עפּעס אַ צאָרנדיקן געץ, מיט אַן אָפּגעסמאַליעטער באַק, ווי אַ שטיק בלוטיק פייער, און זי דערמאָנט די פעלקער פון דער ערד אין אירע זינד און פאַר־ברעכנס...

## דער ליטווישער גלח

איך האָב זיך פאַנאַנדערגערעדט מיטן דאָרן און געל־בערדיקן ליט־ווישן אָרגאַניסט וואָס קומט שוין דאָ צום ים־ברעג זינט צענדליקער יאָרן. דער פאָטער זיינער, דערציילט ער מיר איינמאָל, איז געווען אַן אָרעמער פויער, אין אַ דאָרף אין דער ליטע. ער אַליין איז ביז צו זיינע זעכצן יאָר געווען אַ פאַסטוך וואָס האָט געפּאַשעט די שאָף פון זיין פאָטער און אויך פון די אַנדערע פויערים, אויף די היימישע דאָרפישע פעלדער. שוין פון קליינערהייט אָן האָט ער געחלומט צו זיין אַ גלח, ווען ער וועט אַמאָל ווערן גרויס. ער וועט אויסבעטן מנוחה ביי גאָט פאַר די אָרעמע מענטשן. אויך האָט ער ליב געהאַט מוזיק, רעליגיעזע געזאַנגען. מיט אַ פויעריש פייפל פלעגט ער שפּילן אַן איינזאַמער אויף די שטילע דאָר־פישע לאָנקעס...

אין דעם יאָר 1910 געלינגט אים צו קומען קיין אַמעריקע. ער לערנט זיך אויס צום ערשט אַליין צו שפּילן אויפן אָרגל. דערנאָך נעמט ער לעקציעס אין מוזיק, און ער אַרבעט זיך אַליין אַרויף צו ווערן אַן אָר־גאַניסט אין אַ פּוילישן קאַשטשאָל, אין ברוקלין. שפּעטער פאַרטרעט ער דעם יונגען גלח, וואָס פאָרט איינמאָל צו גאַסט אויף עטלעכע חדשים קיין פּוילן. ער גייט אויך, אין דעם גלחס אָפּוועזנקייט, מתוודה צו זיין די שטאַרבנדיקע פּאָלאַקן, ליטווינער, לאַטווייער, אוקריינער און רוסן. איצט איז ער שוין אַלט אַ יאָר פינף און זיבעציק. ער האָט, זאָגט ער, פון שטענדיק אָן ליב געהאַט אידן. די אידישע ווייבער אין קוני איילאַנד קלעפּן אַרום אים, איינגעהילטע אין זייערע וואַרעמע טיכער, פאַטשיילעס און דערעס, ווי פייגל מיט ברייטע און שטאַרקע פליגל. זיי ברענגען אים טעפּלעך מיט הייסע גריץ, מיט טשאָלנט, מיט שטיקלעך געשמאַקן קוגל פונעם שבתדיקן מאָלצייט, מיט לעקעך און מיט פלעשלעך ווין אויך.

דער אַלטער גלח חלומט נאָך צו פאָרן אויף די עלטערע יאָרן זיינע אין דער ליטע, צו זיין קליינטשיקן געבורטס־דערפל, און זיך אפשר דאָרטן צו באַזעצן, אויסלעבן זיינע לעצטע יאָרן נעבן די קברים פון זיינע על־טערן. ער דערציילט מיר אגב אַז פּוילן איז אַמאָל געווען נאָך מער אַנטי־סעמיטיש ווי ליטע. אין ליטע, אַזוי זאָגט ער, האָבן די ליטווינער געלעבט

אין פריינטשאַפט מיט די היימישע אידן אין די דאָרטיקע שטעט און דער־
פער... אָבער וועגן דער ליטווישער „פריינטשאַפט" צו אידן בשעת די
היטלעריסטישע שחיטות, האָב איך זיך אַ סך אָנגעלייענט... און זיינע
ווערטער וועגן די גוטע ליטווינער קלינגען צו מיר געגוג אומגלויבלעך...

דער דאָזיקער גלח איז דווקא אַ רואיקער, שטילער און פריינטלעכער
מענטש, כאָטש איך האָב מיינע פאָראורטיילן סיי צו די ליטווישע און סיי
צו די פוילישע מענטשן. ער קוקט אָפט אַריין אין אַן אַלטן, שוין אָפּגע־
ריבענעם תנך, וואָס איז איבערגעזעצט אויף ליטוויש. ער דערציילט צו
די עלטערע אידישע ווייבער פון די פאַרצייטישע אבות אונדזערע, זיי,
די אידישע פרויען, רעדן צווישן זיך אַז אין דער אמתן איז ער אַ פאַר־
וואָגלטע אידישע נשמה. אַז עס רעדט אַרויס פון אים עפּעס אַ איד פון
פאַרצייטנס...

## דאָס אייביקע פובליקום

דאָס פובליקום אין דער טונקלקייט פון אַ טעאַטער, אָדער אין קינאָ,
איז אָפטמאָל אינטערעסאַנטער ווי דאָס דראַמאַטישע שפּיל אויף דער בינע,
אָדער אויפן עקראַן. אין דעם פאַסיון עולם, מיט זיינע טויזנט פאַרשידנאַר־
טיקע פּנימער, וואָס שטעלט אייגנטלעך פאָר די גאָרע מענטשהייט, איז
כמעט תמיד קענטיק דער מעכטיקער אויסדרוק פון לעבן, פון בענקשאַפט,
פון איינזאַמקייט, פון ליבע, שנאה, קנאה, אַמביציע, באַדויער, פחד, פאַר־
ברעכן און טראַגעדיע. אויף די פּנימער פון די מענטשן אין טונקעלן זאַל
איז אויסגעקריצט, ווי אויף לעבעדיקע לוחות, דורך דער זיכערער האַנט
פון אַ מייסטער, די געשיכטע פון תאווה, לוסט, פאַרגעניגן, הונגער,
דורשט, זאַטקייט און אַנטוישונג. דאָס איז אייגנטלעך דאָס אמתדיקע פּנים,
די ברייטע און בונטע לאַנדשאַפט, פון דער מענטשהייט בכלל. דאָס פּוב־
ליקום שפּילט קיינמאָל נישט קיין טעאַטער. עס איז דאָס טעאַטער אַליין...

## פשוטע ווערטער

פשוטע ווערטער זיינען אָפטמאָל עלטער ווי קעניגלעכע פּאַלאַצן, ווי
די רואינען פון פאַרצייטישע געמאַכן, באַזילבערטע מיטן בלאַסן ליכט
פון דער לבנה, גרינפאַרשימלטע פון צייט־און־געשיכטע, און פון ווע־
מענס טויערן עס זיינען אַרויסגעגאַנגען ריזיקע אַרמייען איבער דער וועלט,
כדי צו באַזיגן פעלקער און קעניגרייכן. ווער איז דען אימשטאַנד געגוי
צו באַשטימען די ריכטיקע עלטער און די געהיימנישפולע געשיכטע פון
מענטשלעכע ווערטער? אָפטמאָל טרעפט אַז ווערטער לעבן שטילערהייט
איבער דערפאַלגרייכע שטעט און זיגערישע מלוכות, און זיי זוכן זיך
כסדר אויס נייע, ענערגישע צונגען פון דער מענטשהייט, כדי צו לעבן,
צו אָטעמען, צו ווירקן און צו מאַכן געשיכטע. דו קענסט אַמאָל אין אַ
מיטנגאַכט, אַריינקוקנדיק אין בלעטער פון תנ"ך, געפינען אַ היינטצייטיק
שפּריכוואָרט. לייענענדיק אַנומלט דעם היסטאָריקער העראָדאָט, אָדער

אריינקוקנדיק אין באַגינען, איידער דו זעצט דיך אַוועק שרייבן ביי דיין טאַטנס שרייב־טישל, אין די ברייטע בלעטער פון ליוויס געשיכטע, קענ־סטו אַמאָל באַגעגענען אַ וואָרט וואָס דיין טאַטע האָט עס געזאָגט בשעת דיין קינדהייט, ווען דו ביסט נאָך, קליינטשיק ווי אַ שוועלבל, געלעגן אין וויגל און געגאַפט אויפן רויטן פייער פונעם לאָמפּ, וואָס איז געהאַנ־גען אונטערן פּולאַפּ, אינמיטן שטוב, ווי די זון אויפן הימל. דו קענסט אַמאָל געפינען אַ שפּריכוואָרט, וואָס די מאַמע האָט שפּעטער איבערגע־חזרט ביים שיילן די געפרוירענע קאַרטאָפל פאַרן אַרעמען מאַלצייט...

איינס אַזאַ שפּריכוואָרט, געדענק איך, פלעגט דער טאַטע אָפטמאָל איבערחזרן, אויפהויבנדיק זיין רעכטע האַנט און אַנווייזנדיק מיט דער ליב־קער אויף זיין דלאָניע: „דאָ וועט וואַקסן האָר, אויב״, א. א. וו. איך האָב אַנומלט צופעליק געפונען דאָס זעלביקע שפּריכוואָרט אין פלוטאַרכס פאַר־טרעטן פון די רוימישע צעזאַרס, גענעראַלן און שטאַטסלייט...

## איך ווער עלטער דורכן טאָג

אין דער פרי גיי איך אַרויס פון מיין שטוב כמעט נאָך אַ יונגער־מאַן. וויניקסטנס אַזוי דאַכט זיך מיר. אָבער אין אָוונט, ווען איך קום ענדלעך אַהיים, בין איך שוין אַן עלטערער מאַן. דורך דער צייט פונעם לאַנגען טאָג בין איך כמעט גרוי און אַלט געוואָרן, ווערנדיק געשוואַלן פון די איינדרוקן פון דער וועלט...

יאָ, צוזעענדיק ממש אומצייליקע איינזאַמע נשמות אין די גאַסן, סקווערן און פּאַרקן; אויף די גרויסשטאָטישע פּלעצער, אין די קרעטש־מעס און ווינקעלערן; איינזאַפּנדיק אין מיינע שוואַרצאַפּלען, און אפשר אויך אין מיינע ביינער, דעם גרויען אומעט און די אומגליקן פון די מענטשן, ווערט דערוויילי אויך אָפּגענוצט און טרויעריק דאָס אייגענע האַרץ. אַזוי ווי דער פאַרצייטישער פּאָעט דאַנטע אַליגיערי, וואָס באַקלאָגט זיך ביים סוף פונעם אָנשרייבן זיין גראַנדיעזע „געטלעכע קאָמעדיע״, אַז דאָס ווערק האָט אים בלייך און גרוי געמאַכט, אַזוי בין איך אויך גע־וואָרן מענטשלעך מיד און שטאַרק אָפּגעצערט אין משך פון די לאַנגע שעהן פונעם, מיט געשעענישן און דראַמעס אָנגעלאָדענעם טאָג. אויפגע־שטאַנען אין דעם פריען באַגינען אַזאַ יונגער און מוטיקער, ממש גרייט געווען דורכצושפּרייזן די גאַנצע וועלט, לייגט זיך אַוועק שפּעט ביי־נאַכט אין זיין אייזערנעם בעט שוין כמעט אַ לעבנס־מידער זקן. און נעבן מיין געלעגער, דאַכט זיך מיר, שטייט שטילערהייט אַ גאָלדיק־לויכטנ־דיקער גייסט מיט זייער צאַרטע פליגל, און מישט אין דעם טינט־שוואַרצן חושך פון דער נאַכט די ייִדענע בלעטער פונעם אַלטן קעניגס קהלת־בוך...

## מענטשן קומען און גייען

אַלערליי מענטשן קומען אין דיין שטוב און זיי גייען דערנאָך אַוועק אין דעם טונקעלן דרויסן. אָבער דו אַליין בלייבסט שטענדיק איבער מיט

דיין שפּעפרישער איינזאַמקייט, און באַלאָדן מיט עפּעס אַ טיפערן, אינער־לעך־פילאָסאָפישן געפיל. עס איז ווי דו אַליין וואָלסט שטילערהייט וואַנדערן איבער די לעבנס און די קנאָכנס פון ממש גאַנצע דורות, צו דיין ענדלעכן און איביקן זיין־און־זין; צו דער באַדייטונג און דעם אייגנטלעכן ווערט פון דיין לעבן; צו יענעם אַנטגילטיקן צוועק צו וועלכן, אַזוי דאַכט זיך דיר ווייניקסטנס, דו ביסט אין איינער אַ פינצטערער נאַכט אויסגעקנאָטן געוואָרן פון דעם באַשעפערס ברוטאַלער האַנט, און דו ביסט ביס־לעכווייז אויסגעקלאָרט און אויסגעלייטערט געוואָרן צום צוועק, און צום סאַמע עסענץ, פון דיין פּערזענלעכקייט. גאָרנישט נישט, קיין שום יסורים, קיין שום איבערלעבעניש און קיין אַנטוישונג, קענען דיך מער נישט אָפּ־האַלטן פון צו קומען אַלץ נענטער צו זיך אַליין, און צו דיין לעצטער שלימות. אַלע דיינע שטרויכלונגען, תאוותס און נסיונות, האָבן ביסלעכ־ווייז אויסגעשליפן דיין נשמה ווי אַ גרייסן הערלעכן ברילי‌אַנט, וואָס באַ־לויכט מיט זיין געטלעכן ליכט דיין גאַנץ לעבן, פון קליינערהייט אָן, ביז צו דיין גרייז־גרויער זקנה...

## די שיינע פרוי אין דעם ווייגעשעפט

איך האָב אַנומלט געזען, שוין אין דער שפּעטער שעה פון דער נאַכט, אַרויסגיין פונעם ווייגעשעפט די זייער שיינע פרוי. זי איז געווען הויך און האָט פאַרמאָגט אַ מאַסיוון געשטאַלט, ווי אַ פאַרצייטישע רוימישע פרוי, ווי זי ווערט פאַרגעשטעלט אויף די וואַנט־באַרעליעפן פון רוימישע שלעסער און ווילליאַס אין פּאָמפּיי. איר קאָפּ מיט האַרבסטיק־פלאַמיקע האָר האָט אָנגעצונדן מיט רייץ־און־פאַנטאַזיע מיין האַרץ און מיין בלוט. זי האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט געווען דער גייסט־און־דעמאָן פון די אָנגע־צונדענע פלעשער מיט ווין אויף אַ פאַנטאַסטישן באַנקעט אין אַ קעניג־לעכן פּאַלאַץ. דורך דער גאַנצער נאַכט בין איך איר נאָכגעגאַנגען אין מיין צעהיצטן דמיון איבער די געהיימנישפולע גאַסן און דורך די טונ־קעלע לאַבירינטן פון דער אַלטער היסטאָרישער שטאָט, און כמעט דורך אַלע פּאַזן און דראַמעס פון גאָר די מענטשלעכע דורות. מיר דאַכט זיך אַפילו אַז זי האָט שטילערהייט פאַרביישפּאַצירט דורך די הילצערנע וויגן, פאַרביי די ליימיק־אַלטע קברים, און נעבן די זיך שוין קרישלענדיקע מצבות פון דער פאַרגאַנגענער מענטשהייט. פּונקט ווי אַמאָל דער שוין־דערמאָנטער דיכטער דאַנטע, נאָכפאָלגנדיק זיין געליבטער בעאַטריטשען אין הימל, איז ער פאַרבייגעגאַנגען דורך די מערסטע תהומען, טייכן און אָפּגרונטן פון גיהנום, און ער האָט דורך טרערן אָנגעקוקט די פּנימער פון קעניגן און בעטלער, פון דענקער און דיכטער, פון הענקער און פון זייערע איינזאַמע קרבנות, וואָס קושן און אומהאַלדזן זיך איינס דאָס אַנ־דערע פּאָרן איביקן צעשיידן זיך...

אַזוי אויך האָב איך, נאָכגייענדיק שטילערהייט אין דער נאַכט דער

רייצנדיקער און געהיימנישפולער חוה׳ן, אַנגערירט גאָר די לוסטן און ליידנשאַפטן, די וואונדן און ווייטיקן, פון די מערסטע מענטשן אויף דער ערד...

## דער פיש מיט דער וואונד אין קאָפּ

אין דעם אויסשטעל־פענצטער פון דער ים־רעסטאָראַציע איז געלעגן דער געהרגעטער פיש ווי אַ שטיק טונקל פייער. אַ טייל פון זיין מאַ־סיוון און רויטן קאָפּ איז געווען אָפּגעבראָכן דורך דעם ברוטאַלן פישערס אייזערנעם האַטשיק. דאָס ברייט־עקשנותדיקע און דיק־ליפּנדיקע מויל איז ביי אים געווען צעשמעטערט, און זיינע שאַרפע ציינער — אויסגעהאַקטע. זיין לויכטנדיקער פאַנצער — די פּערלמוטערנע שופּן — איז געווען צע־ריסן און פאַרבלוטיקט. יעדע אייניצע שופּ האָט אויסגעזען ווי אַ מאַטע און אָפּגעריבענע לבנה. עס איז קענטיק אַז דער געפאַנגענער פיש איז געווען שטאַרק אויפגערעגט, און טאָקע צאַרנדיק אויך, פאַרוואָס מען פרואווט אים אומצוברענגען, און ער האָט מוראדיק געקעמפט פאַר זיין לעבן. כאָטש ער איז שוין אַ לענגערע צייט געווען טויט, האָבן פון זיינע צעשלאָגענע אברים נאָך אַלץ אַרויסגעשריגן די ווייטיקן און, דער עיקר, דער ביטערער פּראָטעסט פאַר זיין אומקום...

## אונדזער אורזיידעס זעאונג

עס איז טיפע נאַכט; חצות; אונדזער אורזיידהע הויבט אויף זיין שנייאיק־גרויען קאָפּ אין דער הויך, צום פאַנאַנדערגעפּראַלטן אוניווערס, וואָס אַנטפּלעקט זיינע מוראדיקע פּראַכטן. דער אורזיידע זעט אַ ים מיט בליציקע שטערן און דעם אורנאַכטישן שטיק פינצטערניש. אַ געוואַל־טיקע האַנט, טראַכט ער, האָט זיי דאָך אַמאָל אַריינגעשטעלט אינעם אומ־ענדלעכן חושך. ער טראַכט אַז אויך אונדזערע פּאַרצייטישע נביאים האָבן אַנגעקוקט די דאָזיקע אַנגעצונדענע וועלטן. אויגן פון אַלע מענטשלעכע דורות האָבן זיי געזען דורך די נעכט; האָבן געבענקט צו זיי, און האָבן געשמאַכט נאָך וויסן, פאָרשונג און דערקענטעניש. דער אורזיידע קלערט, בשעת זיין ברייטער שטערן רינצלט זיך פון אָנשטרענגונג און יסורים: מיין אור־אור־זיידע איז געווען אַ פּלאַזמאַ, אַ פלאַנץ, אַ בוים, אַ פעלדזי־קער שטיין; אַ שטיק שטראַלנדיקער וואַלד, וואָס ווערט רויט ווי זשאַווער אין שפּעטן האַרבסט; אַ פריש־פּייכטע לאַנקע אין פרילינג, אַ ווילד־באַ־וואַקסענע חיה, אַ פּראַטובעראַנץ מיט קאַכעדיק פייער פון דער זון...

אַלע שטערן פון גאָט זיינען מיינע לייבלעכע ברידער. איך בין מוראדיק אַלט מיט דער טיפער עלטער פון דעם גרייז־גרויען קאָסמאָס. איך בין אַלט מיט די ביליאַנען יאָרן פון דעם רבונו של עולם. איך בין שרעקלעך איינזאַם מיט זיין איינזאַמקייט. איך ווער גרוי ווי שניי מיט זיינע אַלטע מלאכים...

איך קוק אַז דעם באַשעפער פון די וועלטן דורך די מיליאַנען אויגן־

לענסעס פון די שטערן. מיין אור־טאַטע איז די גאַנצע אומגעהויערע עוואָלוציע מיטן אַנגעצונדענעם מעשה בראשית, וואָס דויערט שוין אומ־ציילינקע ביליאָנען יאָרן. מיין אור־מאַמע איז די גאָרע ערד מיט אירע ימים, וויסטענישן, וואולקאַנען און אָפּגרונטן, וואָס קאָכן זיך מיט פייער־און־שוועבל. איך בין אויפגעגריזשעט געוואָרן דורך מאָסן מאַסטאַדאָנען אין די דזשאַנגלען. מיינע אומציילינקע סקעלעטן זיינען אויסגעטרוקנט געוואָרן אין דער זון אויפן פנים פון דער ערד. אַ קאָסמישע קאַטאַסטראָפע, ווי די וויסנשאַפט דערציילט אין איר אומבאַהאָלפנקייט, איז טאַקע אפשר געווען דער „אַקט" פון מיין געבורט. דער מוראדיקער אויסבראַך פונעם דונער, דאָס אימהדיקע געשריי־און־געדויש פון די אוראַלטע וועלדער, דער ווילדער אימפּעט פון טייכן און שטראָמען, דאָס קראַכן פון וואַסער־פאַלן, האָט אויפגעבראַכן לשון אין מיין בלוט און געמאַכט ווערטער־וואונדן אין מיינע איינגעווייד. די נאַכט האָט אַנגעכליאַפּעט פולע ברונעמס־טינטערס מיט חושכדיקן טינט, וואָס האָט שוין געהאַלטן אין זיינע טיפע־נישן פאַרבאָרגן מילי־מיליאָסן עוואָלוציעס, רעוואָלוציעס, מלחמות און כלערליי מוראדיקע נאַטור־קאַטאַסטראָפעס, אפשר פאַר אַ טויזנט שריפט־שטעלערס צום באַשרייבן אין עפּישע מעשות און היסטאָריעס. אין האַרבסט האָט אַ קאָלאָסאַלע האַנט געצוני אַנגעצייכנט די געשיכטע פון דער מענטש־הייטס לעבן אויף די בלעטער וואָס פאַלן אַרונטער דורכן ווינט, רעגן, האָגל, שניי און שטורעם; אַרונטערגעפליקטע פון די בוימער און דעמ־בעס פון גאָר דער ערדס אוראַלטע בוימער און שטאַמען. דאָס לעבן פון דער גאַנצער נאַטור מיט אַלע אירע חיות, געפליגל, אינסעקטן און באַצילן איז איין געוואַלטיקע פלאַמיקע מגילה, געשריבן אויפן פאַרמעט פון די האָריזאָנטן, און אויף די אָפּגרונטן פון די אָקעאַנען. די לבנה שטעלט זיך אוועק אינמיטן נאַכט ווי אַ פייערדיק־בלוטיקער טינטער ביים סוף פונעם הימלישן מאַנוסקריפּט. מיין אור־זיידע אדם האָט דאָס אַלץ געזען און געטראַכט און עס צו מיר איבערגעגעבן, זיין יינגסטן אוראייניקל...

## די אַקטריסע אין שפּיטאָל

איך האָב זיך באַקאַנט מיט דער אַקטריסע אין די קאָרידאָרן פון שפּיטאָל. געוויינלעך, ווי דאָס רוב ראָמאַנטישע „באַהעמיענס", איז זי אומנאַטירלעך מיט אירע פּאַטעטישע רייד; מיט איר איבערגעטריבענעם לויב וועגן זיך אַליין און אירע גלאָררייכע נסיעות איבער אייראָפּעאישע הויפּשטעט; אין איר כסדרדיקן רעדן רק וועגן איר פּערזענלעכער עקזיס־טענץ און וועגן אירע פאַרשידענע ראָלן און אויפפירונגען אין קלאַסישע דראַמעס און טראַגעדיעס. זי איז אויך אויפפּאַלנדיק מיט איר רעשיקן קליידן זיך, מיט איר פאַלשער און קינסטלעכער צירונג; מיט איר אומ־נאַטירלעכן פלאַם־רויש אויף אירע טויטלעך־בלאַסע באַקן; מיט אירע געשמאַקלאָז־געפאַרבטע און שפּיציקע נעגל; מיט איר קאָפּ צעשויבערטע

און אַנגעצונדן טיציאַנישע האָר; מיט איר אופן פון רעדן אומגעאַטירלעך־הייך, ווי זי וואָלט כסדר דעקלאַמירט פאַר אַן אומגעזעענעם פּובליקום פון גייסטער; מיט איר אַלגעמיינער היסטערישער אויפפירונג. אָבער באמת־עכט און טראַגיש־ערנסט איז זי געווען דווקא אין איר קראַנקייט, וועלכע זי האָט זיך באַמיט אײנגאַנצן צו פאַרשווייגן...

ווען די נעגערישע באַדינערין האָט מיר אָנגעזאָגט אין דער פריער שעה פון באַגינען אַז „פּאָלאַ נעגרי", ווי מען האָט זי מיט חוזק גערופן, איז אינמיטן דער הייניטיקער נאַכט געשטאָרבן, האָט מיך שטאַרק גע־קרענקט און ממש ביטער באַנג געטאָן מיין געווייינלעך גרינגשעצן איר, ווי עס האָבן דאָס געטאָן די אַנדערע פּאַציענטן. ווען איך וואָלט גע־ווען געוואוסט ווי ערנסט־קראַנק זי איז באמת געווען, נישט לאָזנדיק זיך פאַרבלענדן די אויגן דורך אירע ווילדע פאַנטאַזיעס און באַהעמיש־ציגיי־נערישע שטיק, וואָלט איך מיט מער געדולד פאַרטראָגן דעם רויך פון אירע ציגאַרעטן. איך וואָלט איר אויך מוחל געווען די פּרעטענציעזע האַלטונג, און אירע פּוסטע „היפּישע" מאַניערן. איך וואָלט בכלל געהאַט מיט איר מער איינזעעניש, און זיך צו איר מענטשלעכער באַצויגן. (מיט אונדזער אומגעדולד און ציניזם באַגייען מיר יעדן טאָג נייע פאַרברעכנס...).

## אויפן „וועררדי־סקוועיר"

אַנומלט אַרויסגייענדיק אין פאַרנאַכט פון אַ באַזוך ביי אַ קראַנקן פרייַנט אין שפּיטאָל, האָב איך זיך פּלוצלינג געפונען אויפן „וועררדי־סקוועיר", אַ געגנט אין ניו־יאָרק וואָס דער שרייבער משה דלוזשנאָווסקי האָט שוין אָפט באַשריבן אין זיינע דערציילונגען וועגן די עלנטע מענטשן פון דער גרויסער שטאָט.

— דאָס איז זיין טעריטאָריע! — האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט. — איך וועל דעריבער „וועררדי־סקוועיר" נישט אָנרירן מיט מיין פעדער. עס איז פאַר מיר פאַראַן גענוג פּלאַץ אין דער ברייט־פאַרנעמיקער ניו־יאָרק. עס זיינען פאַראַן גענוג אַנדערע טיפּן און כאַראַקטערן צום באַשרייבן...

אָבער אָט קומט אָן איינע אַ פרוי מיט אַ בלייכן פּנים. זי טראָגט עפּעס אַ קוישל מיט איינגעקויפטע שפּייזן. איז עס די מאַדאַם סילוויאַ בעקער, די פרוי פונעם מאָלער, וואָס ער האָט אַזוי אָפט באַנוצט אַלס מאָדעל? יענע איז דאָך געווען אַ צניעותדיקע אידישע שיינקייט, ווי די איביק־רייצנדיקע אסתר המלכה, וואָס לויכט אַזוי פרום און זי קיניגט אין דער וואונדערלעכער מגילה. און די דאָזיקע דאָ הינקט היפּש עפּעס אונטער אויף אירע געשוואָלענע און ליימיקע פיס. איר קלייד, זע איך, איז עפּעס אויך אָפּגעבלאַקירט און אַלט. דער שפּיגל אין וועלכן זי האָט תמיד געבליט מיט איר נאַקעטן לייב, אַרויסגייענדיק פון דער וואַנע, שעמט זיך אוודאי איצט זי אָפּצושפּיגלען רעאַליסטיש. דאָס בלייכע שנירעלע פּערל אָקצענטירט ברוטאַל איר צעקנייטשטן האַלדז. די אויערריגנלעך

ווינקען אַן אויף אירע לענגלעכע אויערן וואָס זעען אויס ווי פֿאַרוועלקטע בלומען. איך וויל אויפֿשטיין פֿון דער באַנק כּדי זי צו באַגריסן. אָבער איך בין פֿאַרט נישט זיכער אַז די דאָזיקע פֿאַרעלטערטע דאַמע איז טאַקע יענע אַמאָליקע רייצנדיקע שוינקייט.

איך זע ווי איינער אַ מאַן פֿירט זיין פּרוי אויף אַ וועגעלע. זי זעט אויס ווי אַ פֿויגל, ווי אַ ליאַלקע, ווי אַ קינד, ווי אַ ווייגענדיקער זקן. איך האָב געפּרוּוט כאַפּן אַ זייטיקן קוק אויף איר און איך האָב באַ־געגנט איר טרויעריקן שוואַרצאַפּל. מיין גאָט, איר בליק האָט מיר אַ שטאָך געטאָן אין סאַמע האַרצן...

עס זיצט נעבן מיר אויף דער קאָלעקטיווער באַנק נאָך גאָר אַ יונגע מוטער. זי לערנט זיך נאָך, זי רעפּעטירט צו זיין אַ מאַמע. זי האַלט אויף דער קני איר פּיצל יינגעלע, איר געל שוועלבעלע, איר אָפּגעפּאַרבט מלאכל, איר גרינעם נאַכטיגאַלטשיק. זי פֿאַרשט און קוקט עס אָן מיט שטוינונג: טאַקע, פּונוואַנען קומט עס צו מיר פֿאַרט, דאָס קרוינדעלע, מיין שטערנדל, מיין מלאכל פֿון ריינעם גינגאָלד? ווער האָט עס אין אַ נאַכט פֿון לבֿנה צו מיר פּערזענלעך — אָדער פֿאַרשוינדלעך, לויטן איוואַ־אויסשפּראַך — געבראַכט? וועלכער באַטשאַן האָט עס אַריינגעטראָגן צו מיר אין דעם הייננטיקן פּרילינג דורכן אָפֿענעם לופֿטשיק?

איינער אַ הויכער און פֿעסטער פֿאַרשוין דרייט זיך אַרום הין־און־צוריק איבערן „ווערדי־סקווער”. ער גייט מיט פֿאַמעלעכדיקע טריט. ער וואָלט אוודאי געפֿלויגן גיכער פֿונעם ווינט. אָבער ער קען, זע איך, מער נישט גיין. ער זעט אויס ווי אַ צעפּאַלנדיקער מאָנומענט. בליצן האָבן געטראָפֿן אין זיין געביין. איך קען אים וואויל נאָך פֿון גן־עדן, פֿון דעם גיהנום, פֿון דער וועלט, פֿון ערגעץ־וואו. איך פֿיל אַז ער וויל זיך אָפּשטעלן און עפּעס רעדן צו מיר. אָבער ער שעמט זיך פֿאַר מיר מיט זיין „פּאַרקינסאָנישן” ציטערן וואָס צעטרייסלט אַלע גלידער פֿון זיין גוף...

עס קומט איצט אָן מיט דער רחבֿותדיקער בראָדוויי אַ קליינטשיקע פּרוי; שוין זייער אַן אַלטעטשקע אַזאַ אָבער דווקא יונג שטראַלט דאָס גרעלע אויג פֿון דער דאַמע אין דעם גאָלדיקן מעדאַליאָן וואָס די זקנה טראָגט אויפֿן פֿאַרוועלקטן האַלדז אירן. די אַלטעטשקע פּרוי וויל דאָס גאָלדענע אויג פֿון איר „קאָנקורענטקע” אוועקוואַרפֿן, ליקווידירן און באַ־זייטיקן פֿון דער וועלט. אָבער דווקא אין דער שיינער פּרוי פֿונעם מע־דאַליאָן פֿון גאָלד ווילט זיך פֿאַרטיפֿן דאָס אייגענע תּאווהדיקע אויג...

איינער אַן עלטערער דענטיסט, וועלכן איך קען שוין זינט שיינע יאָרן, קומט אָן ווי פֿון אַ וואָלקן אַראָפּ. ער לייענט זיין בלאַט־צייטונג, זיך אָוועקזעצנדיק אויף אַ צעשניטענער באַנק. ער טוט אַ טרויעריקן שמייכל און פֿאַרשעמט זיך עפּעס. איך האָב אוודאי דערזען זיין עלנט און אים דערמיט, ווייזט אויס, טיף פֿאַרוואונדעט...

דערנעבן שטייט די שוין פארעלטערטע געביידע פונעם „האטעל קימבערלי", וואס לויכט ווי א פארצייטישער פאלאץ אין לבנהדיקן אפ־שיין. יעדעס יאר פלעגט דא איינשטיין דער גאסט פון שיקאגא, זעליק העללער, מיט זיין פרוי שרהלע. וועט אפשר אויך היינט, אין א זון־אונ־טערגאנג, ארויסגיין אויף דער שטויביקער בראדוויי דער שיקאגאר דיכ־טער און ער וועט נעמען רעדן וועגן דער גרויסקייט פון זיינע סאנעטן, אין וועלכע ער האט באזונגען אזוי פיל אידישע דיכטער?...

איך זע ווי די ווייזערס רוקן זיך גיך אויפן ציפערבלאט פון א זייגער וואס הענגט אין ראג. איך שפיר באשיימפערלעך ווי די צייט רוקט זיך אין דער איביקייט אריין. עס קומען אלץ אן פרישע „פאסאזשירן" — געשוואלענע, פאטעטישע, מיט מידע און איינזאמע שארבנס; מיט אלטע קרוינען, אדער מיט ציניש נארנמיצלעך. מענטשן לאמע, שטומע און קרומע, מיט פארקרימטע מיילער, מיט פאראשיקטע קעפ, מיט אפגעריי־בענע באקן, מיט בלייכע ליפן ווי קיט. דער מעכטיקער רעזשיסאר איז, פארשטייט זיך, די גרויזאמע צייט. אבער שארל באדלער, מארסעל פרוסט, און נאך פריער פראנסוא ווילאן, האבן עס שוין געהאט געזאגט פאר מיר. עס איז היינט צופעליק דער ניין און צוואנציקסטער אפריל פון יאר ניינצן איין און זיבעציק.

## א איד אין סאבוויי

אין דעם וואגאן פון סאבוויי, ארייגעקוועטשט צווישן נעגערס און פארטאריקאנערס, זע איך זיצן איינעם אן עלטערן איד מיט א געלן פור־טערנעם היטל אויפן אלטן קאפ זיינעם. עס ווייעט אזא רעזיגנירנדיקער אומעט פון זיינע מידע און אלטע אויגן. ער קוקט מיך אן א פארוואונ־דערטער פארוואס איך לייען נאך אלץ דאס בונדישע בלאט־ציייטונג. אמאל, אין זיינע ייִנגערע יארן, ווען ער איז ערשט געהאט אנגעקומען פון „יע־נער זייט ים", פון דער „אלטער היים", הייסט עס, האט ער נאך אויך ארייגעקוקט אין א היימיש גאזעט. ער האט גערן געהאט צו לייענען די אפיקורסישע שריפטן פון ב. פייגענבוים; אבנר טאנענבוימס היסטא־רישע ראמאנען; אדער פיליפ קראנצעס וויסנשאפטלעכע, היסטארישע און אלגעמיינע קולטור־פאפולאריזאציעס; אויך הערמאלינס איבערזעצונ־גען און „באארבעטונגען", אדער פארקירצונגען פון דער וועלט־ליטערא־טור; ווי אויך די מעכטיקע ארבעטער־לידער פון מאריס ראזענפעלד...

אבער ער האט שוין זיבנט לאנגע יארן נישט געהאט צו טאן מיטן אלטן, היימלעך־אידישן אות. אפגעלעבט א לעבן אין מסחר, אין האוועע־ניש, אין שווערער הארעוואניע. — רעדט צו מיר זיין כמעט פארטרערט אויג — בין איך שוין איצט אן עלטערער איד. עס דערנענטערט זיך שוין אפילו די צייט פון זיך מוזן שיידן מיט דער וועלט. צי האט דאס אלץ געלוינט? אבער ווער האט דיך דען געפרעגט צי דו זאלסט טאקע פער־

זענלעך קומען אויף דער וועלט? די מאַמע האָט מיט דיר פאַרשוואַנגערט אין איינער אַ פינצטערער נאַכט, ווי עס איז געווײנלעך אָנגענומען, ווען זיי זיינען אַהיימגעקומען אַ ביסל בגילופינדיקע פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט־פייערונג. זי האָט דיך „געהאַט" אומגעפער צו די ניין חדשים. דערנאָך זיינען ביסלעכווייז דיינע טאַטע־מאַמע אויך געוואָרן אַלט און שוואַך, און זיינען אָפּגעשטאָרבן; זיינען אָפּגעבראַכן געוואָרן פון לעבן ווי אַלטע שטיקער אייזן וואָס ווערן דורכגעזשאַווערט. דו ביסט געבליבן שטיין אויף דער וועלט, כדי ווייטער מכלומרשט צו לעבן „זייער לעבן", אַזוי הייסט עס. דערווייל, איידער וואָס־און־ווען זיינען זיך אויך אַדורכגעלאָפן דיין אייגן בינטל מיט יאָרן. (עס רעדט זיך אַזוי גרינג). כמעט פלוצלינג, ווי איבער נאַכט, איז מיך באַפאַלן די עלטער. איך בין אַצינד אַ גאַנץ עלנטער איד אין דעם גרויסן אידישן כרך ניו־אָרק. — אַזוי אומגעפער, דאַכט זיך מיר, רעדן צו מיר זיינע אומעטיקע אידישע אויגן אינעם סאַבוויי־וואַגאָן . . .

איך קוק אָן דעם עלטערן איד. ער איז עפּעס ענלעך צו יענעם פאַר־צווייפלטן מאַן אין דער מאַלעריי פון וואַן גאָג, וואָס האַלט זיין אייגענעם טרויעריקן קאָפּ, ווי אַן אָפּגעבליטע וואַזאָנע, אין זיינע גרויסע טרויעריקע הענט. ער איז אפשר אויך ענלעך צו יענעם גרייז־גרויען פילאָזאָף וואָס קוקט אַרויס אַזאַ אומעטיקער פון אַ רויען קיזלשטיין אין דעם היגן מעטראָפּאָליטאַן־מוזעאום. ער איז אוודאי אויך ענלעך צו ראָדענס „דענ־קער", וואָס זיצט אַזאַ ערנסט־פאַרטראַכטער אינמיטן פון דעם אוניווערס...

יאָ, ביים סוף פון זיין לעבן ווערט יעדער מענטש, ווייזט אויס, מער אָדער ווייניקער ענלעך צום קייסער קהלת. טרערן קאַפּן פון זיינע אויגן איבער זיינע רויט־זשאַווערדיקע באַקן. זיינע האָר זיינען טונקעלע און ברודיקע ווי אַלט־געוואָרענער שניי. איך דערקען אין אים מיין אייגענעם ברודער פון ברוקלין, וואָס איז שוין צווישן די שאָטנס פון די געשטאָרבענע זינט שיינע עטלעכע יאָר, און וועמענס לעבן איז אויך געווען אַזוי וויסט און טרויעריק . . .

## די גאַס נעבן דעם שפּיטאָל

דער טאַטע פאַרפעלט נישט קיין איינציקן טאָג, סיי זומער און סיי ווינטער, צו קומען אין שפּיטאָל צו זיין איינציקן זון. מען האָט ביי זיין קינד לעצטנס אַראָפּגענומען דעם רעכטן פוס אַזש ביז צו דער קני. דער זון זיצט אינעם וועגעלע און זעט אויס ווי אַ גרייז־גרויער זקן. דער פאָ־טער איז נאָך אייגנטלעך אַ יונגער מענטש. אָבער זיין פאָטערשער צער ברעכט אים איין, ווי אַ שטורעמווינט ברעכט איין אַ מעכטיקן בוים. דער קראַנקער זון פאַרשטייט זיין אומגליק. מען שמועסט שוין פון אַראָפּנעמען ביי אים דעם אַנדערן פוס אויך, כדי צו פאַרניכטן דעם קאַנסער אין זיין גוף . . .

דער זון זיצט אין זיין וועגעלע און ער קוקט אַראָפּ אויף דער גאַס. די גאַס איז צו אים אינטערעסאַנטער ווי קינאָ, ווי טעלעוויזיע, ווי טעאַ־טער. אָט זעט ער ווי אַ מיידל שטעלט שטעלט זיך אָפּ ביי אַ געשעפט פון בלו־מען. יעדער מינדעסטער בויג פון איר רייצנדיקן גוף איז פול מיט שיינ־קייט און תאווה, וואָס איז געטלעך. איך אַליין שטיי אויך ביים פענצטער פון שפּיטאָל אַזאַ מין פאַרכישופטער. וויפל מאָל בין איך דאָ פאַרבייגע־גאַנגען און כמעט שטענדיק איז פאַר מיר די דאָזיקע גאַס, ווי די מער־סטע אַנדערע גאַסן, געווען פּוסט־און־מאַנאָטאָן. איצט זעט אויס פאַר מיר די זעלביקע גאַס פאַנטאַסטישער ווי דער שענסטער פילם וועגן אַזיע אָדער דעם אָריענט. די גאַס איז פאַר מיר אַ סך שפּאַנענדיקער ווי דער פילם „דער גנב פון באַגדאַד", מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק. יאָ, וועלכע פאַעטישע סצענעס און איבעראַשונגען צום אויג פונעם פּאַציענט דער פילם פאַרמאָגט! דערצו איז נאָך איצט די צייט פון היינריך היינעס חודש מאַי. (זיין ליד וועגן דעם חודש מאַי „ווען אַלע פייגל זינגען", גליט אין מיין בלוט.) דער יונגערמאַן איופן וועגעלע, וואָס קוקט אויס ווי אַ זקן, און זעט אפילו אויס צו זיין אַ סך עלטער ווי זיין פאָטער, נעמט אַריין מיט הונגער אין זיין אויג די מערסטע פאַרבייגייענדיקע פרויען. עס איז פאַר אים, דאַכט זיך מיר, גאָרנישט פאַראַן קיין מיאוסע אָדער אַלטע פרוי. אַלע זענען זיי אויס ווי די געפאַרבטע געטינס; ווי די מלאכים פון ראַפאַעל און לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי...

איבערן קאָפּ פונעם פּאַציענט שטייט זיין טאַטע, אַליין נאָך אַ יונגער־מאַן, און ער וויינט, מיט זיין קאָפּ אין די הענט. די לאַמטערנע צינדט זיך אָן און באַלויכט עפּעס אַ בוים וואָס קריגט ביינאַכט דעם טראַגישן אימאַזש פון אַ סוטינישער לאַנדשאַפט. אין אַ ווינקל פונעם הימל בלייכט אויף ווי אַ פּערל, די לבנה...

## די גיליאָטינע וואָס באַזייטיקט די מוחות וואָס דענקען

איך האָב שוין יונגערהייט באַגריפן אַ געדאַנק, צו וועלכן איך בין אַליין געהאַט דערגאַנגען, דורך מיין אייגענעם לעבן, דורך אָבסערוואַציעס פון מענטשן, דורך דערפאַרונג און אויך פון לייענען ביכער, אַז כמעט ניינציק פּראָצענט מענטשן פון דער באַפעלקערונג אין יעדן לאַנד לעבן נישט זייער לעבן ווי זיי האָבן זיך עס פאַרגעשטעלט צו לעבן אין זייער יוגנט. די מערסטע מענטשן זיינען פאַרשקלאַפט און געבונדן דורך די געזעצן פון דער נאַטור: צוליבן מאָגן, צוליב געשלעכט און צוליב די באַדערפעניש פון ערשטן געברויך. די חתונה, די פאַמיליע, די אינסטי־טוציעס און די סאָציאַלע געזעצן; אויך די קאָסמישע געזעצן, ווי די נאַ־טור, דער קלימאַט, דאָס וועטער; ווי אויך אַלערליי קראַנקייטן, באַצילן און אָרעמקייט פאַרוואַנדלען דעם מין מענטש אין אַ שקלאַף וואָס מאַכט סוף־כל־סוף קאָמפּראָמיסן לויט דעם גראַד און כוח פון זיין כאַראַקטער,

זיין געזונט און קוראַזש. אָבער נאָך מער ווי אַלץ אונטערדריקן צוויי וועלט־פּאַרטייען די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט — די פאַשיסטישע און די קאָמוניסטישע, וואָס זיינען ביידע אין זייער עצם־עסענץ איין פּאַרטיי. פאַשיזם־קאָמוניזם טויטן אָפּ יעדן אייגנאַרטיקן געדאַנק; דעם פרייען ווילן, די פּערזענלעכע איניציאַטיוו; די שעפּערישע געוואַגטקייט און יעדן אינ־דיווידועלן אויסדרוק.

די גיליאָטינע, בשעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָט אָפּגעַ־האַקט די קעפּ פון מאַסן אומשולדיקע מענטשן. דאָס באַזייטיקן די קעפּ, די געהירן, די געדאַנקען און די נשמות פון די מענטשן — דאָס טוט אין אונדזער צייט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. איך בין אגב אויך נישט קיין ענטוזיאַסטישער פּריינט פון יעדן מין שאָוויניזם און נאַציאָנאַליזם. אָבער איך בין געבוירן געוואָרן אַלס איד. איך בין דער זון פון אַ מוראַדיק־פאַרפאָלגטן פאָלק. ווייל איך זיין אַ איד און איך מוז עס זיין.

## די קינדישע מצבהלעך

איך פאָר פאַרביי אַ בית עולם אין ברוקלין. די קינדערישע מצבה־לעך זיינען אָפּגעריבן פון אַ טויזנט שנייען, פון שווערע האָגלען און וויל־דע רעגנס; ווי די געלע בלעטער פון מיין מאַמעס הונדערט־יאָריקן תהילימל, וואָס זיינען נאָך באַפלעקט מיט איר באַבעס טרערן...

## דער אידישער שרייבער

דער אידישער שרייבער מיט זיין טויזנט־יאָריקער פעדער איז שרעק־לעך איינזאַם צווישן אידן, ווי דאָס אידישע פאָלק איז איינזאַם צווישן די פעלקער...

## דורך די האָריזאָנטן

דורך די האָריזאָנטן, ווי דורך פאַרגרעסער־גלעזער, קוק איך אַדורך צו די הייליקע שטערן. איך וויל דערטאַפּן מיט מיינע תפילהדיקע הענט גאָטס הייסע קניעס און צופאַלן צו זיי מיט דער גאַנצער ציטערניש און געוויין אין מיין האַרצן. דורך די האָריזאָנטן, ווי דורך לויטערע קריש־טאָלן, וויל איך אַריינקוקן אין הימל אַריין. איך וויל דערשפּירן די עקס־טאַזן פון די מיריאַדן נשמות אין גן־עדן; איך וויל אָנרירן מיט די פינ־גער די יסורימדיקע און קרעכצנדיקע זעלן אין די הייסע טאָלן פון גי־הנום. איך וויל אַריינגעמען אין מיין זכרון די פּנימער, די פלאַמיקע שטערנס, פון די נביאים. איך וויל אַריינאָטעמען ד עקזיסטענץ פון יענע אומגעהויערע געשטאַלטן וועמענס הייסע טריט זיינען אויף אייביק שטיין געבליבן אָפּגעדריקטע אויף די וועגן און שטעגן פון דער ערד, ווי פון דעם גאַנג פון מאַסטאַדאָנען אין די מעשה בראשיתדיקע זומפּן. איך וויל אַדורכדרינגען די אייזערנע פאַרהאַנגען פון דער געטלעכער דראַמע, פון די טיפסטע סודות פון באַשאַפונג, ווי דר. יאָהאַן פאַוסט. איך האָב אַזאַ

ברענענדיקן חשק דיך אָנצוקוקן פון דער נאָענט, רבונו של עולם, אונ־דזער גוטער פאָטער אין הימל. איך וויל אַזאַ תהילים־זינגענדיקער דורכ־גיין דורך די האָריזאָנטן וואָס פלאַקערן און אַ ציטערנדיקער אָנרירן דעם זוים פון דיין קלייד, צו קושן דיינע נעגל און דיך ווידערשפּעניקן אויך...

## אַהיימגייענדיק שפּעט ביינאַכט

אַהיימגייענדיק שפּעט ביינאַכט פון וויכוחים און געטומלען, פון מאַסן פּוסטע מענטשלעכע רייד, אין גאָטס אומהיימלעכן ווינט־און־ווירבל, האָב איך, שוין זייענדיק כמעט נעבן מיין הויז, פּלוצלינג דערזען אַ בלייכן שפּליטער פון דער לבנה מיט אַ לעצטן בלינצנדיקן בלויען שטערן אויפן הימל. עס איז מיר געוואָרן זיס אויפן געמיט צו דערפילן דאָס איבער־צייטלעכע און אוניווערסאַלע. די כמעט באַנאַלע לאַנדשאַפט פון דעם הימ־לישן לייוונט פון דער לבנה און פונעם איינציקן און לעצטן שטערנ־בריליאַנט, האָט אין מיר געעפנט דעם זין און דאָס גליקזעלישע געפיל וואָס באַהערשט אונדז תמיד אין יענע זעלטענע און שטילע מאָמענטן, ווען מיר זיינען ווידער נאָענט מיט גאָט, מיט זיין אומגעהויערן ווערק, און מיט יענעם לויטערן און ערלעכן זעלבסט־געפיל, אויסגעטאָן פון אַלע פּאָזעס, ליגנס און פאַלש־דעקאָראַציעס. ווי גוט איז ווידער צו קענען גיין דיין איינזאַמען וועג אין צייכן פון דעם איבערנאַטירלעכן, אייביקן און קאָסמישן. די „באַנאַלע" און „אַלטמאָדישע" פּאַנאָראַמע האָט אין מיר פּלוצלינג אָן עפן געטאָן געוואַלטיקע קוואַלן און פאַרשטאַנדן, אָן וועלכע קיין שום דענקענדיקער און בענקענדיקער מענטש קען נישט לעבן און גייסטיק אָטעמען...

## קאָסמישער פּחד

אַ פינצטערער וואָלקן, אַ ריזיקער פליגל פון אַ פליענדיקן מאָנסטער, האָט זיך דערנענטערט ווי אַ גאַנצער קאָנטינענט, און האָט מיך געדראָט איינצושלינגען אין זיין תהום. איך האָב פּלוצלינג מורא געקראָגן. עפּעס אַן אור־פּחד איז אַנטשטאַנען אין מיר, אפשר ווי ביי יענע אור־יידעס און באָבעס, וואָס האָבן פאַרצייטנס איבערגעלעבט נאַטור־קאַטאַסטראָפעס. מיר האָט זיך געדאַכט אַז דער ים הויבט זיך אויף אַזאַ פורכטבאַרער פון זיין בעט, איבער אַ האַלבער וועלט, און ער גייט פאַרפלייצן לענדער, שטעט און אימפּעריעס. איך האָב זיך געפילט מוראדיק־קליין אַנטקעגן דער מאַסע פון אימהדיקע עלעמענטן, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען פון דעם קאָסמישן תוהו ובוהו...

## שוין זינט אַ סך דורות

שוין זינט אַ סך דורות איז דער איד געוואוינט צו שטיין פאַר גאָט, און פאַרן גאַנצן אומגעהויערן אידישן הימל מיט זיינע שטערנדיקע אוצרות, מיט פאַרכט אין זיין האַרצן און מיטן קליינטשיקן היטל אויפן קאָפּ.

אַפילו ווען איך שטיי אַמאָל אַזאַ פאַרגאַפּטער אין בלויזן קאָפּ, דעקט אַ גרינער מלאך גיך צו מיין שאַרבן מיט זיינע זילבערנע הענט, אָדער מיט אַן אָנגעבלאָזענעם וואָלקנשטריימל, צי גאָר מיט דער גאָלדיקער לבנה, פון וועלכער עס טריפט אָפּ דער בלוטיקער זשאַווער...

## אין אַ טאָג פון ווינט און רעגן

די בליצן האָבן זיך יעדער רגע אָנגעצונדן אויפן האָריזאָנט, ווי פייערדיקע שווערטן, וואָס האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין דער אַטמאָספערע. מענטשן פון אַלע פעלקער פון דער ערד זיינען געשטאַנען אין דעם ענגן פּאַוויליאָן, אין געמיינזאַמען פּחד. זייערע בלייכע ליפּן האָבן געמורמלט אַלערליי תפילות און געבעטן. קריסטן האָבן זיך געצלמט. האָט אפשר איינער אַ ייד דאָ אויך געמורמלט אַ קאַפּיטל תהילים? קליינע קינדער, ווי ווייכע וואָלענע שעפעלעך, זיינען אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון עפּעס אַ קאָסמישער אימה. הינט האָבן זיך פאַררוקט אין די ווינקלען, אונטער די בענק. די מעוועס זיינען אַרומגעפלויגן מיט אַ צאַרט און אימהדיק פּישטשעריי...

די רעגנס האָבן, דאַכט זיך, געפּרואווט אָפּוואַשן די זינד פון דער הייסער ערד. אָבער עס איז נאָך אַלץ נישט לייכטער געוואָרן אויף דער טרויעריקער וועלט. דער פּחד האָט אויף אַ מאָמענט געהאַט פאַראייניקט די מערסטע מענטשן. אָבער פאַרוואָס קען נישט הערשן די זעלביקע ליבשאַפט און סאָלידאַריטעט צווישן די מענטשנראַסן אויך ווען די זון שיינט אַ רואיקע אין דעם גרויסן טאָג פון דער וועלט? — פרעגט דער אומהייל־באַרער בטלן...

## די מעכטיקע פון דער ערד ווערן אויך פאַרוואַנדלט אין שטויב

אַלע יענע קעניגן, טיראַנען, הערשער, דיקטאַטאָרס, צעזאַרס; אַלע רייכע לייט, סנאָבן, בעלי־גאווה און הענקער, וואָס טרעטן אויף מענטשן ווי אויף ווערעם, און זיי מיינען אין זייער מאַכט און דערהויבנקייט אַז גאָט האָט זיי געגעבן זייער ביסל טאַלאַנט און זייער קענטעניש צו הערשן, צו וואַרפן זיך מיט לעבעדיקע מענטשן און מיט שקלאַפן ווי מיט הינט און מייז, כדי אַליין צו געניסן און זיך אָנצופרעסן מיט די טעפּ מיט פעטע פלייש און אָנצוגיסן זייערע געדערים מיט קרוגן שאַמפּאַניער, ווייַן און האָניק — זיי אויך מוזן סוף־כל־סוף אַלט ווערן און די ווערעם פון דער ערד עסן זיי אויף מיט זייערע ביינער, און אַפילו מיט זייערע שאַרפע נעגל, וואָס האָבן אין זייער צאָרן אויסגעגראַבלט די שוואַרצאַפּלען פון אָרעמע מענטשנס טרויעריקע און פאַרטרערטע אויגן. זיי האָבן געמוזט קראַפּירן ווי הונגעריקע ראַצן, ווי די פינצטערע און פוילנדיקע קראָען אין פעלד...

## פאַרשקלאַפטע דורך גראַוויטאַציע

איך ליג אויסגעשטרעקט אויף די פעלדזיקע בעטן ווי יעקב אָבינו אין באר־שבע. מיר דאַכט זיך אַז די שטיינער אונטער מיינע ביינער ווערן פאַרוואַנדלט צו ווילדע חיות, וואָס גייען מיך פאַרצוקן לעבעדיקערהייט. פון די חיות ווערן באַלד ווידער פעלדזיקע געשטאַלטן. די כוואַליעס טראָגן זיך שיכורע און פאַרצווייפלטע צו דער ערד, פאַרשקלאַפטע צו די אָפּגרונטן און תהומות דורך דער געטלעכער גראַוויטאַציע, וואָס ציט זיי צום אומקום. איינע אַ פרוי טאַנצט אַ באַקעטע אויפן ברעג פון ים, ווי אַ האַלב־פאַרלאָשענער שטערן. די זון זינקט אין מערב־זייט ווי דער געקעפּטער קאָפּ פון מאַריע אַנטואַנעט, וואָס די פאַרבלוטיקטע האַנט פונעם הענקער סאַנסאָן ווייזט צום געמיינעם פעבל, וואָס יובלט. דער קעניגינס בלוט פאַרפּלייצט אַ האַלבן פּלאַנעט...

## דער ים מישט זיינע כוואַליעס

אין זוניקע טעג מישט דער ים זיינע כוואַליעס ווי פאַרבאַרגענע הענט וואָלטן מישן נערוועז די בלעטער פון אַ ראָמאַן פון באַלזאַק אָדער דאָסטאָיעווסקי. אָבער בשעת פאַרוואָלקנטע טעג, אַזוי ווי היינט, איז דער ים ווי אַן אומלאַגישע נאָוועלע, געשריבן אין תפיסה דורך אַ משוגענעם מחבר, אַ מערדער. די כאַראַקטערן זעען אויס צו זיין ווי צעמישטע. די העלדן שלאָגן און קריגן זיך; זיי בייסן זיך איין איינער אין דעם אַנ־דערנס העלדזער ווי גלאַדיאַטאָרן וואָס קעמפן מיט צערייצטע חיות אין צירקוס. קיין שום נצחון איז דאָ נישט מעגלעך. איינס מוז אומברענגען דאָס אַנדערע...

דער ים מישט זיינע כוואַליעס ווי נערוועזע געמבלערס שפּילן אין קאָרטן. אַלע אַנטיילנעמער מוזן פאַרשפּילן אינעם שרעקלעכן שפּיל...

## דאָס טוישן זיך פון דורות

וועלכע גראַנדיעזע דראַמע עס איז דאָס בסדרדיקע טוישן זיך פון די מענטשלעכע דורות: דאָס ברוטאַלע צעהאַקן מיט דער אייזערנער שווערט פונעם מלאך המות די מיליאָנען־און־מיליאַסן מענטשן פונעם עלטערן דור דורך אַלערליי מיתה משונות: הונגער, מגפות, מלחמות, וואַלקנבראָכן, שיפּבראָכן, שטורעמס, הוראַגאַנען, שרפות פון שטעט און לענדער, דועלן, שלאַכטן, רויבערייען; כלערליי אומגליקן און קאַטאַסטראָפעס...

און גלייכצייטיק דאָס אַרויסברענגען די נייע עמבריאָנען מיט כמעט בלינדע אויגן; דאָס עפענען זייערע שוואַרצאַפּלען, נאָך נישט צוגעוואוינטע צום ליכט פון טאָג; דאָס אויפקלאָרן די מוחות, הערצער און נשמות פון אַ גאַנץ נייער מענטשהייט נאָך יעדן פערטל יאָרהונדערט...

## אין דער פרי, בעתן שרייבן

אין דער פרי, בשעתן שרייבן, ווערן פאַר דיר קלאָר די זאַצן. דיינע ווערטער קריגן זייער לויטערקייט ווי קרישטאָל; און זייער רעכט צו עק־

זיסטירן אין דער ראַם פון דיין באַשרייבונג. די אותיות אַליין ווערן אויך לויטער ווי די שטערן אויפן הימל אין אַ פינצטערער נאַכט. אין דעם טאָפּ מיט פינצטערער קאַווע גיסט די באַגייסטערנדיקע לבנה אַריין פון אירע זילבערנע אייטערס מיט מילך...

## וועגן אַן אייגענעם בוך

איך האָב דאָס אויטאָביאָגראַפישע בוך מיינס געשריבן אין די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט, אָדער שוין אין פריען באַגינען, ווען מען שטייט נאַקעט־און־נשמהדיק אויסגעטאָן פאַרן מענטש, פאַר גאָט, און פאַר די לעצטע שטערן — די הימלישע טרערן, וואָס טריפן אָפּ שטילערהייט פון די אויגן פון מלאכים... ביי אַזאַ געמיט איז כמעט אוממעגלעך צו שרייבן פאַלשערהייט, דער חלילה צו זיין אַ ליגנער. מיר דאַכט זיך אַז יעדעס איינציקע וואָרט איז געלייטערט געוואָרן דורך דער פּריזמע פון אמת, יסורים און אַ ריין געוויסן. (זאָל דער גוטער און פרומער לייענער מיר מוחל זיין פאַר דער דאָזיקער אויפריכטיקייט פונעם האַרצן...).

## זיין שמייכל

די קעפּ פון די מאַסן אומשולדיק־פאַרמשפּטע מענטשן זיינען אַלע געפאַלן אונטערן מעכטיקן מעסער פון ראָבעספּיערס גיליאָטינע, איינגע־שמירטע אין זייער אייגענעם פלאַמיקן בלוט, ווי עס פאַלט דער זון־קיילעך אין מערב בשעת זיין שקיעה. אָבער מען דערציילט שוין זינט דורות לאַנג אַז איין קאָפּ פון אַ רעוואָלוציאָנער איז שטילערהייט געזונקען אין קויש אַריין, טראַגנדיק אַ גראַציעזן שמייכל אויף זיין אייגענעם פּנים, אַרום זיינע צאַרטע ליפּן, און ער האָט שווייגנדיק געקושט די אַנדערע פאַרטרערטע קעפּ פון זיינע קאָלעגן, וואָס זיינען געלעגן אינעם פאַרבלו־טיקטן קויש, און האָבן געטיילט זייער אַלעמענס גורל...

## ווען איר וועט באַשרייבן

קאָלעגן, ווען איר וועט באַשרייבן דאָס רויע און רעאַלע לעבן, וואָלט געוועזן אַ יושר אַז איר זאָלט עס שילדערן מיטן גאָלד פון ליבע און אי־דעאַליזם. אָבער ווען איר וועט פּרוּווּן צו שילדערן דאָס ראָמאַנטישע און פאַנטאַסטישע אין דער וועלט, באַמיט זיך עס צו געבן די קוואַליטעט פון דעם אמתדיקן און שטרענגען לעבן...

## זיי האָבן פּערזענלעך געקענט גאָט

איך זיץ ביים ברעג פון ים. אָט נעם איך אָן אַ פולע זשמעניע מיט זאַמד, שטיינדלעך, וואָרצלען, עלעמענטן, כעמיקאַליען, שטאָפּן. איך האַלט אין מיין פויסט בוכשטעבלעך מיליאָנען יאָרן. דאָס מינדעסטע זעמדל איז עלטער פון מיר און פון מיינע זיידעס, מיט מיליאַרדן יאָרן. דער טוי־טער פיש וואָס ליגט דאָ אויפן ברעג, וועמען די כוואַליעס האָבן אַרויס־געשליידערט, איז אוודאי אַזוי אַלט ווי די מענטשהייט. וואו נאָר מען רירט

אָן די נאַטור, רעדן צו דיר אוראַלטע צייטן. דאָס פֿלוסקענדיקע וואַסער, וואָס וואַשט די לייבער פֿון מיליאָנען מענטשן דורכן לאַנגען, הייסן זומער, איז אפשר אַזוי אַלט ווי די לבנה, ווי די זון, ווי די גרייז־גרויע הימלישע זקנים — די שטערן...

אין אַ וואַלד, אין שפּעטן נאָכמיטאָג, רעדן צו דיר ריזיקע ביימער מיט צייט און געשיכטע, וואָס איז שווער ווי דער ים. פֿון די הויכע און זייליקע בערג אַרונטער גאַפֿן אויף דיר די שטומע פֿעלדזן, וואָס געדענקען מעשה בראשית, ווען די טייכן פֿון דער ערד האָבן זיך נאָך געקאָכט. דו קומסט אומעטום אין באַריר מיט עלעמענטן וואָס זיינען געשטאַנען נאָענט צום רבונו של עולם...

## שפּאַציר אין סוף חודש אויגוסט

איך האָב שוין נעכטן, אויף מיין טעגלעכן שפּאַציר ביי דער מויער פֿונעם בית עולם, וואָס איז אויפֿגעשטעלט פֿון קליינע און פֿון גרעסערע פֿעלדזנשטיקער, ווי מענטשלעכע קערפּערס, געזען זיך וואַלגערן די ערש־טע פּרעכטיקע רויטע בלעטער, ווי פֿלאַמיקע מאַלערייען פֿון סוטין, וואָס האָט געמאָלן דאָס פֿלייש־און־בלוט פֿון געשאָכטענע חיות מיט זיין איי־גענעם בלוט. איין בוים, האָב איך פּלוצלינג דערזען, איז געווען קראַנק. די קאָרע זיינע האָט זיך פֿון אים געשיילט ווי ביי אַ קרעציקן מענטש, וואָס איז איינזאַם אָוועקגעוואָרפֿן פֿון גאָט ערגעץ אויף אַן אינדזל. דער בוים האָט מיך מאָדנע דערמאָנט אין איובן. די דינע אייזערנע קלאַמערן, וואָס מען האָט אַריינגעשטאָכן אין זיין לייב, האָבן געזשאַווערט ווי פֿייער, און, ווי מיר דאַכט זיך, האָבן זיי נאָך מער פֿאַרערגערט זיין צושטאַנד, זיין געזונט. מוראַשקעס זיינען פֿריי אַרומגעקראָכן אין זיינע לעכער. דאָך האָב איך באַמערקט ווי עפּעס פֿייכט, טונקל און סודותדיק עס איז אַרום אים. שטאַרבנדיק שאַפֿט, ווייזט אויס, דער בוים אַטמאָספֿערע אַרום זיך. עס שמעקט דאָ פּשוט מיט דעם פּאַטעטישן און פֿינצטערן געמיט פֿון פּאָו. דורכן אייזערנעם שטאַכעט פֿונעם טויער זע איך ביי אַ מצבה אַ באַרג מיט אויפֿגעגראָבענער ערד — אַ מאַסע מיט רויטער ליים. מסתמא האָט מען דאָ געדאַרפֿט אַריינשטעלן אַ נייע אייזערנע טרומנע מיט אַ געשטאָרבע־נעם לוט, אוודאי אַן איטאַליענישן, איירישן צי פּוילישן קאַטויליק, וואָס איז אויסגעגאַנגען פֿון טרינקען קופּעלס מיט ביר אין דער שכנותדיקער שענק אויף דעם ברייטן „קווינס בולוואַרד״, וואָס אַנאָנסירט מיט פּעטער און פֿאַרביקער שריפֿט אויף אַ שילד אַז אינעווייניק ווערן די חשובע געסט באַדינט דורך רייצנדיקע פֿרויענקעלנערינס מיט נאַקעטע בריסטן...

דורכן גאַנצן טאָג שטייט ביי דעם אַריינגאַנג־טויער צום בית עולם, אין ווערלכן עס רוען אַנדערטהאַלבן מיליאָן סקעלעטן, אַ הויכער יונגער־מאַן, אַ גריך לויטן אויסזען, מיט אַ וועגעלע אויף וועלכן עס בראָטן און

פרעגלען זיך רויטע וואורשטלעך. פארבייפארדיקע פאמיליעס שטעלן זיך דא אפ מיט זייערע ווייבער און קינדער, און זיי פאסמאקעווען זיך מיט די הייסע וואורשטלעך און אייז־קאלטע פלעשלעך „פעפסיס" און „קאקא־קאלאס". איך קוק דערוויל אריין אינעווייניק דורך די שטאכעטן פונעם בית עולם־טויער. איך זע מאסן מצבות, וואס ציען זיך אומענדלעך אין דער ווייטקייט, ווי א וואלד פון מארמאר־און גראניט. אויף די מערסטע קברים שטייען פעסט אוועקגעשטעלט מאסיווע שטיקער פעלדזן. עס איז שווער, ווייזט אויס, פון אונטער אזעלכע מעכטיקע שטיינערנע „פאמגי־קעס" זיך צו טאן א לייטישן ריר פארן אומגליקלעכן טויטן. אבער דאך האב איך א געפיל אז מאסן נשמות פון די מתים קומען דא פון צייט־צו־צייט צו זייערע אמאליקע גופים, און וועלכע זיי האבן דורכגעלעבט סיי פרייד און סיי טרויער. און זיי בענקען ווידעראמאל צו זייערע פארגאנ־גענע לעבנס, אפילו ווען זיי זיינען נישט תמיד געווען די סאמע גליק־לעכסטע. א שלל מיט פייגל שפילן זיך דא און זיי זינגען, ווי מיט טויזנט יאר צוריק, סיי זומער און סיי ווינטער...

## דער ארון קודש

איך בין געשטאנען און באטראכט אין דעם אידישן מוזעאום דעם ריזיקן הילצערנעם ארון קודש. דאס אלט־געווארענע האלץ איז פארגאל־דיקט און פארבראנדזעוועט מיט די אטאמען פון זון־אונטערגאנג. אי־נעווייניק, אינעם ארון קודש, שטייט און קעניגט א גאלדענע קרוין, א כתר תורה. דאס איז די קרוין וואס די אידן טוען אן מיט ליבשאפט און כבוד אונדזער קייסער — די הייליקע און הערלעכע תורה. איך טראכט אין דעם מאמענט אז אלע אידן פון דער גאנצער וועלט זיינען אנגעטאן אין דעם רייכן גאלד פון היסטארישער מארטירערשאפט. זיי אלע זיינען ווערט צו טראגן גאלדענע קרויבען אויף זייערע הייליקע קעפ...

דער ארון קודש זעט אויס ווי א מיניאטורנער בית המקדש. איך זע און געדענק די אלע אידישע פנימער וואס האבן דא מעכטיק און מאסיוו אריינגעוויינט מיט זייערע צעבראכענע הערצער זייער גרויס היסטאריש געוויין... און געשריי צו גאט...

— וואו נעמט מען זייער גלויבן און זייער עקסטאז?! נאך דער זעקס־מיליאניקער שחיטה פון אידישע מאנצבילן, ווייבער, קינדער און זקנים, טליעט נישט מער אין מיין הארצן קיין איבעריקער גלויבן אין דער אלמעכטיקייט און ליבשאפט פון דעם רבונו של עולם צו זיין אויס־דערוויילטן פאלק. אויב ער האט געלאזט אומקומען דורך אלערליי מיתה משונות מיליאנען פון זיין אויסדערוויילטן פאלק, צווייפל איך צי גאט איז אונדזער אידישער גאט, און דער באשיצער פון זיינע קינדער. עס גייען

אויף אין אַ אידישן מוח שווידערלעכע געדאַנקען: איז גאָט נישט קיין אַכזר, קיין אַנטיסעמיט? האָט ער חלילה פיינט די אידן און ער האָט ליב די פאַרשאָלטענע דייטשן — זיינע אַמתדיקע אויסדערוויילטע, די זיגער איבער די הימאַלייעןבערג מיט אידישע סקעלעטן; מיט הויכע זיילן ביזן הימל מיט אידישע קעפּ און שאַרבנס...

אָבער איך טוליע זיך אַן אומעטיקער צום דאָזיקן ארון קודש, וואָס רעדט פאַרט אין אַ געטלעך־מענטשלעכן לשון פון אונדזער אידישער אייביקייט...

איך טראַכט אַגב אויך: האָבן די פּאָר בוימער אין וואַלד געחלומט פאַרוואַנדלט צו ווערן אַמאָל אין אַזאַ היילקן ארון קודש? האָט דאָס גאָלד אין די טיפענישן פון דער ערד ווען עס איז געטרוימט פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַזאַ ליכטנדיקער קרוין פאַר דער אייביקער קעניגלעכער תורה?!...

## די עלטערע פרוי

אין אויטאָבוס זע איך ווי איינע אַן עלטערע פרוי טראָגט אַ מאַסיווע גאָלדענע קייט אויפן שוין צעקנייטשטן און זשאַווערנדיקן האַלדז אירן. עס איז מיר פאָרגעקומען ווי זי וואָלט אַרויסגעגאַנגען פון רעמבראַנדטס אַ מאָלעריי, כדי אַזאַ פרישן אָטעם צו טאָן מיט דער ריינער לופט פון דרויסן, זייענדיק מיד פון דער מוזעאום־אַטמאָספערע. אָבער די רייכע גאָלדענע קייט האָט נאָך שטאַרקער אונטערגעשטראָכן, און ווי מיט פייער אַקצענטירט, די טיפע עלטער פון איר פאַרוועלקטן פנים, וואָס איז געווען געל און איינגעשרומפּן ווי דער לעצטער עפּל וואָס הענגט אויף אַ צווייג פונעם ציטערנדיקן בוים אין דעם ריזיקן סאַד, בשעת די שוין לעצטע טעג פונעם האַרבסט, וועלכן דער ווינט האָט פאַרגעסן אַראָפּצופליקן. די גאָלדענע און יחוסדיקע קייט פון דורות האָט מיט אירע מאַסיווע רינגען, ווי מיט שטיקלעך לעבעדיק ליכט, אָנגעצייכנט דעם דורך צייט, זאָרגן און איינזאַמקייט צעביסענעם האַלדז אירן...

## געדענקענדיק אדם הראשון

פאַרנאַכט ביים אַטלאַנטישן ים. עס איז אַרום זעקס אַזייגער. מיין זיינער איז די זון מיטן ריזיקן הימלישן ציפערבלאַט, וואָס איך קען לייענען צו דער מינוט און אַפילו צו דער רגע. די זון שיינט נאָך שטאַרק רויט ווי אַן אומגאַטירלעך פייער. אָבער די נאַכט איז שוין אויך גאָר נאָענט צו דער ערד. איך זע נישט קיין שום לעבעדיק באַשעפעניש אויף דער זאַמדיק־בראָנדזענער פּלאַזשע, ביים ים, וואו עס ליגן פון די טי־פענישן אַרויסגעוואָרפענע שטיקער האָלץ, פאַרפוילטע ברעטער און לייסטן, צעבראָכענע שטולן און שפיגלען פון אונטערגעגאַנגענע שיפן, וואָס די שטורעמדיקע כוואַליעס שליידערן אַרויס אויפן ברעג, בשעת אַ

שטורעמווינט. יעדער שטיק האַלץ און שיף־גליד קען דערציילן אַן עפּי־
שע געשיכטע פון שיכּרות, ליבע, טאַנץ, פּאַרוויילונג און טויט אויפן
גרונט פון ים, וואו די ריזיקע שיפן מיט זייערע אייזערנע מאַשינעריעס
שימלען און זשאַווערן רויט ווי פלאַמען אין זון־שקיעה. אויפן גאַנצן
הימל שטייט אַ ריזיקער רעגנבויגן ווי אַ טויער פאַר אַ קייסער. עס פאַלן
איינצלנע רעגנטראָפּנס, שווערע ווי בליי. פּלוצלינג דערפילסטו רעאַליס־
טיש ווי אַזוי אדם איז געווען באַקעט־איינזאַם אין דעם גאַנצן אוניווערס,
ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, און ווען חוה האָט נאָך נישט עקזיסטירט,
שלאָפנדיק אַ מיליאָנעניאָריק לאַנגן שלאָף אין זיין ריפּ, און ווען דער
פינצטערער הימל האָט געעפנט פאַר זיינע הערשראַקענע אויגן אַ מורא־
דיקע וויזיע פון מיליאָנען און מיליאַסן שטערן־גאַלאַקסיעס...

## די מזוזה

פאַרן אַוועקגיין פון מיין שטוב קוש איך יעדעס מאָל די מזוזה,
וואָס איז אָנגעקלאַפּט אויף דער טיר פון מיין שלאָפצימער, פונקט ווי
מיין פרומע מאַמע האָט עס געטאָן דורך די אַלע יאָרן, זינט איך בין נאָך
געווען אַ קליינטשיק ייִנגל. פונקט ווי די באָבע און די עלטער־באָבעס
האָבן דאָס זעלביקע געטאָן, זיי זאָלן זיין לייטישע באָבעס און זיך מיען
פאַר אונדז אין זייער ליכטיקן גן־עדן. דו פילסט אַז ווען דו גייסט אַוועק
אין דעם פרעמדן און אומהיימלעכן דרויסן, וואָס איז פול מיט רוצחים,
שיכּורים, שדים, נישט־גוטע און פינצטערע פאַרשווינען פון אַלע פעלקער־
אָפּפאַלעכצן, סיי זומער און סיי ווינטער, טראָגסטו מיט גאָט אין דיין
האַרצן, ווען דו באַרירסט מיט דיין האַנט און מיט דיין געטרייען און בעטנ־
דיקן קוש די מזוזה, טראָגנדיק צו איר דורך דער האַנט דיינער דעם דאַנק
און די האָפענונג פון דיין האַרצן, פון דיין נשמה. דו רירסט זשעדנע און
גאָבל אָן די מזוזה, און דו רירסט אָן דיין אייגענע געטרייע שטוב און
גאָטס טראָן גלייכצייטיק, דעם סאַמע העכסטן כּסא הכּבוד. דו בעטסט
פון אַלע דיינע פיזישע און נשמהדיקע טיפענישן אַז דו זאָלסט בשלום
צוריקקומען בייַנאַכט צו דיין אייגן ליבן געלעגער, צום שרייב־טישל מיטן
טינטער דעם פינצטערן, און מיט דיינע נאָך רויע מאַנוסקריפּטן, וואָס
זיינען צו דיר אַליין אַזוי הייליק ווי פּאַרמעטן; צו דיין ביבליאָטעק מיט
אַ טויזנט אָנגעזאַמלטע ביכער, וואָס אַלערליי שרייבער, וואָס די מערסטע
פון זיי זיינען שוין אַצינד אין גן־עדן, האָבן דיר פריינטלעך געשאָנקען.
דיין העכסטער און הייליקסטער וואונטש, וואוהין דו זאָלסט אין דעם טאָג
אָדער אָוונט נישט גיין; צו אַ לוויה אָדער צו אַ חתונה; צו אַ באַנקעט
אָדער צו אַ פאַרזאַמלונג פון פּראָטעסט; צו אַ רשע אָדער אַ צדיק,
איז ווידער אַהיימצוקומען אין דער שפּעטער שעה פון דער נאַכט, כּדי צו
רוען זיס אויף דיין געזאַלבטן געלעגער; צו שלאָפן דיין טיפן שלאָף
אין די אָרעמס פון גאָט, ווי עס שלאָפט אַ קינד אונטערן היימישן גע־

שוועב פון געטרייע מלאכים, וואָס רעדן און זינגען אידיש; און אויפ־צושטיין אין באַגינען, צום הייסן גלאָז מיט פריש־אויפגעקאָכטער קאַווע מיט האָניק, וואָס לויכט ווי די זון אין פאַרנאַכט; צום טונקעלן טינטער מיט טינט, פונוואַנען אַלע דיינע שאַפונגען גייען כישופדיק און וואונדער־ניק אַרויס אינמיטן נאַכט, בשעת דו שרייבסט דיין ווערק; צום תהי־לימדיקן ספר, אין וועלכן דו לייענסט דאָס ערשטע קאַפּיטל תהילים, וואָס דיינע פינגער מישן צופעליק אויף, נאָך אידער דו נעמסט דיין אייגענע פעדער אין דער האַנט אַריין, כדי מיט גאָטס הילף און מיט דער אינ־ספּיראַציע פון די מלאכים צו שרייבן דיין אייגנס, צו וואָס דער וואָס לעבט אייביק האָט דיך געמאַכט, האָט דיך געטלעך און מיט גרויס ליבשאַפט אויסגעקנאָטן מיט שטערנמילך אין אַ פענצטערער נאַכט, און האָט פעסט באַשטימט דיין גורל צו זיין אַ אידישער שרייבער, פאַר וועלכן איך וועל אים אייביק קושן מיט עקסטאַז זיינע געוואַלטיקע פאַטערשע הענט... און זיי וואַשן מיט מיינע טרערן...

## אין דעם אָפּגרונט פון מענטשן

איינער איז אַ שקלאַף צום ריינעם אמת, וואָס טרערט און בלוטיקט ווי פייער; אַ צווייטער איז אַ ברוטאַלער הענקער פון העלדישע און אומ־גליקלעכע מענטשן; אַן אַנדערער שעכט אָן שום רחמנות אומשולדיקע מענטשן אין נאָמען פון מיטלייד, גלויבן און פאַנאַטיזם אין זייערע פאַר־דאַרבענע נשמות; אַ פערטער משפט בלאַנדזשענדיקע און מאַרטירערישע שאָטנס פון מענטשן, וואָס זיינען פאַרמאַטערט פון יסורים און הונגער, מכלומרשט צוליב יושר, מאָראַל און גערעכטיקייט; אַ פינפטער טויטעט אויס ליבשאַפט, און קושנדיק זיינע קרבנות, דערווערגט און דערשטיקט ער זיי צום טויט. אין סך־הכול טוען אַלע מענטשן שלעכטס און באַגייען פאַרברעכנס, און האַלטן זיך פאַר די לייט פון גערעכטיקייט און שפּילן די ראָלעס פון אומפּאַרטייאישע שופטים פון דער ערד, און זיי דינען צו גאָט דורכן תליון און דעם מלאך המות...

## די געטלעכקייט וואַנדערט אַרום

די געטלעכקייט וואַנדערט אַרום אין דעם וועלט־רוים ווי שפּינאָזאָס ביידע הויפּט־אַטריבוטן פונעם אוניווערס: די אויסגעשפּרייטקייט און דער שכל. ניוטאָן, קעפּלער, גאַלילעאוש, קאָפּערניק און איינשטיין האָבן פון דער דאַזיקער געטלעכקייט געכאַפּט שטיקער חכמה, ווי משה רבינו, וואָס האָט אַלס קינד בעסער אויסגעוויילט אָנצורירן די ברענענדיקע קוילן און זיך אָפּצוברענען די צונג. ווי אַזוי דערקלערט זיך טאַקע דאָס נס פון שפּינאָזאָס גרינטלעכן קענען, אין זיין „עטיק", דעם מין מענטש, נאָך יאָרהונדערטער אידער פרויד, אַטאָ וויינינגער, שאָפּענהויער, ניצטשע, סטרינדבערג, יאָנג, קראַפט־עבינג, און אַלע מאָדערנע פּסיכאָלאָגן; און

נאָך דערצו אַליין זייענדיק אַן איינזאַמער בחור, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, און לעבנדיק צווישן פּראָסטע מענטשן אין אַ האָלענדישן קליי־נעם שטעטל, מיט אַרום דריי הונדערט יאָר צוריק, אין חרם אַריינגע־וואָרפן מצד זיין פאָלק און זיינע נאָענטסטע, ווייט פון זיין משפחה, און רעכט נישט קענענדיק קיין מענטשן, און אויס פּחד אַרויסצוזאָגן אַ פרייען געדאַנק?!...

און ווי אַזוי האָט דזשאָן קיטס ביי זיין יונגעטשקן עלטער פון בלויז 25 יאָר, אין וועמענס צייט ער האָט מערסטנס בלוטיק געקרענקט, גע־קענט דערגרייכן אַזאַ געטלעכע שלימות פון פּאָעטישער פאָרם און פאַנ־טאַזיע אין זיין ליטעראַרישער שאַפונג? האָט ער דאָך, לויט די מאָדערנע ליטעראַטור־קריטיקער, אין זיין פּאָעטישער קראַפט איבערגעשטיגן אַפילו די פלאַמיקע זשעניען פון לאָרד בייראָן און שעלי. ער איז אויך געווען קרעפטיקער, רייפער און רעאַליסטישער פון זיי, דערגרייכנדיק די מייס־טערשאַפט פון אָביעקטיווער קונסט־שאַפונג. און ווי אַזוי האָט דער פּאָעט טשאַטערטאָן דערגרייכט אין זיין קאַרגער יוגנט אַזאַ מאַכט פון געניאַ־ליטעט, אַז ביי זיינע אַכצן יאָר האָט ער זיך שוין געפילט גענוג אַלט צו שטאַרבן פרייוויליק?! ווי אַזוי האָבן אַזעלכע ריזנגייסטער און מעכטיקע מייסטער פון וואָרט, ווי ישעיהו, ירמיהו, עמוס און דער אָנגעצונדענער וויזיאָנער יחזקאל, געזען דאָס געשטאַלט פון גאָט און זיין פייערדיקן פּנים, וואָס האָט בלינד געמאַכט די שטערן אינמיטן דער קאָסמישער נאַכט און געקענט אָנרירן זיין פייערלעכקייט און פיבערישקייט, און אויפ־ציטערן ווי די זיילן פון דער הימל מיט דער ערד ביזן שיכרות און עקס־טאַז פון גאָטס וואָרט? און ווי אַזוי האָט דער נביא יחזקאל געקענט אי־בערלעבן די זעאונג פון תחית המתים פון די אויסגעטרוקנטע און אויס־געדאַרטע ביינער אין טאָל, אַז זיי וועלן קריגן פליישן און הויטן, בלוט־אָדערן און אַרטעריעס, און אויפשטיין צום לעבן? פאַרוואָס ווייסט דער גאָט־געבענטשטער דיכטער לכתחילה זיין גאַנצן פאַרויסדיקן לעבנס־גאַנג מיט גאָר די געשעענישן פון זיין קומענדיקן לעבן? מיט וואָס קען מען דערקלערן פּטאָלאָמעאוסעס און דזשיאָרדאַנאָ ברונאָס קאָסמישע אַנטפּלע־קונגען? און דעם טויבן בעעטהאָווענס מעכטיקער „ניינטער סימפאָניע"? און שאָפּענס שלימות, שטאַרבנדיק אַזוי יונגערהייט, אַ פאַרברענטער פון ליבע צו זשאָרזש זאַנד, די מענלעכע לילית? און לייב ניידוסעס פּער־פעקציע פון ליד ביי זיינע קוים אַכט און צוואַנציק יאָר לעבן? דערצו נאָך דורך די הונגער־יאָרן פון מלחמה, טיפוס, היימלאָזיקייט און טרויער ביים אידישן פאָלק, און טאָקע ביי די געפּייניקטע און פאַראָרעמטע אידן אין די שטעטלעך? ווי אַזוי ווייסט אינסטינקטיוו אַן אומדערפאָרן קינד, ערשט אַרויס פון דער מאַמעס גן־עדנדיקער אינערלעכקייט, אַז עס טאָר נישט מיט זיינע צאַרטינקע פינגערלעך אָנטאַפּן דאָס רויט פון פייער? און וואו האָט דער בראָסלאַווער גענומען אַזוי פיל פייערדיקע פאַנטאַזיע,

אַזאַ געוואַלטיקע חכמה און אַזאַ פייער אין די געדערים? און ווי אַזוי האָט דער געטלעכער בעל שם טוב אין די קאַרפּאַטן־בערג זיך גע־האַלדזט און זיך געקושט מיט דער געטלעכקייט ווי מיט אַ ברודער? דער איינציקער מעגלעכער ענטפער איז: דורך זיין געניוס, וואָס איז די סאַמע געטלעכקייט אַליין, האָט ער אַנגערירט די העכסטע שטערן, און איז טאַקע אין זייער פייער יונגערהייט אויסגעגאַנגען...

## דער טויט פונעם דאָן זשואַן

הייגט האָט מיר מיין אַנטווערפּענער פריינט, אַלבערט שאַריטאַן, מיט וועמען איך האָב זיך באַקאַנט אַזוי פרי ווי אין יאָר 1924, ווען איך בין געווען בלויז זעכצן יאָר אַלט, און ווען מיין יוגנט האָט געבליט, ווי עס שטייט אין ספר איוב, דערציילט אַ רירנדיקן עפּיזאָד. עס איז געווען אין דעם שטאָטישן שפּיטאָל אין „סטייוועזאַנט געגנט", אין אַנטווערפּן. ער האָט זיך אַהין אומגעקערט שוין אויף דער עלטער, נאָכדעם ווי ער האָט יאָרנלאַנג פאַרברענגט אין כאַרקאָוו, סאָוועט־רוסלאַנד, ביים סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עטלעכע קראַנקנשוועסטער, וואָס האָבן נאָך דאָרט געאַרבעט, האָבן אים דערקענט, כאָטש ער האָט אויסגעזען ווי אַ „מור־סולמאַן", האָבנדיק פאַרבראַכט אין רוסישע און דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. איינער, אַן עלטערער פלעמער, פון אַ יאָר זיבעציק, האָט אים געהאַלטן אין איין דערציילן ווי אַזוי ער האָט זיך אַמוזירט אין די קניי־פּעס און ווייַנקעלערן פון פאַריז, בערלין, טאַקיאָ און יאָקאָהאַמאַ. ער האָט דורך דער גאַנצער צייט, דערציילנדיק פון זיינע ליבע־אַוואַנטורעס, גע־לאַכט, געשריגן, געזונגען, געהאַפּקעט, און מיט אַ תאווהדיקער הנאה געשילדערט ווי אַזוי די יונגע טענצערינס און שאַנסאָנעטקעס האָבן גע־טאַנצט אין די קאַבאַרעטן, רייצנדיק און באַוועגנדיק מיט זייערע באַקעטע בריסטן און בייכער צום ריטם פון דער אויסגעלאַסענער מוזיק, וואָס די ציגישע קלעזמאָרים, טרינקענדיק ווייַן און וואָדקאַ, האָבן געשפּילט. אָבער פּלוצלינג ווערט דער דאָן זשואַן מאָדנע מיד, און ער בלייבט זיצן אַ רו־איקער, אַ שווייגנדיקער, מיט אַ שמייכל פון גליקזעליקייט אויף זיין געלן און אויסגעדאַרטן פּנים. די קראַנקנשוועסטער זשאַנעט קומט צו אין דעם מאָמענט. זי זאָגט שאַריטאַנען אַז ער זאָל אַוועקגיין אין אַ זייט, און זי דעקט איבער מיט אַ שוואַרצן טוך דעם מאַן, דעם פּראָפעסיאָנעלן דאָן זשואַן, וואָס האָט ערשט מיט אַ ווײַלע צוריק גערעדט וועגן קאַבאַרעטן, ווייַנקעלערן, טאַנץ־זאַלן, צוקערניעס, קורוועס, קאַסינאָס, קנייפּעס און קאָרטנשפּיל. ער איז געווען טויט. די שוועסטער האָט, ווייזט אויס, גע־וואוסט אַז ער האָט דורך דער גאַנצער צייט גערעדט אין דעליריום וועגן די שיינע ווייבער פון דער וועלט...

## עמעץ האָט דיך אויסגעבאָרגט

עמעץ האָט דיך אויסגעבאָרגט צו דער וועלט אויף אַ באַשטימטער

צייט. דו קענסט עסן, טרינקען אין קרעטשמעס; הוליען אין ווינקעלערן; קרענקען, טרויערן נאָך באַענטע פריינט; ווינען שפעט ביינאַכט; דיך אָנ־קוקן אין שפיגל און זען מיט פחד ווי שלעכט דו זעסט אויס. און ווען די צייט קומט, מאָנט דער גרויזאַמער עמעץ מיט זיין טונקעלער מאַסקע אויפן פנים זיין שרעקלעכן חוב. די מוזיק שפּילט. די פּאָרלעך טאַנצן. אָבער דו מוזט ביינאַכט, בשעת דעם שרעקלעכן רעגן, נאָכגיין נאָך דעם פרעמדן מאַן...

## דער אידישער שרייבער

דער אידישער שרייבער אַרבעט ביי מוראדיקע באַדינגונגען: ער מוז זיך כסדר איילן כדי צו שרייבן, צוזאַמענשטעלן און שפּעטער באַצייטנס אַפּצודרוקן זיין ווערק, נאָך אידער דער לעצטער לייענער זיינער גייט אויס אין זיין טיפער עלטער, און מאַכט צו זיינע אַלטע אויגן, קיינמאָל מער נישט אַריינקוקנדיק אין דיין בוך...

## דער אייביקער איד

דער איד שטאַרבט מיט אַ טויזנט טויטן, און ער פאַלט אין פינצטערע תהומען אייביקייטן לאַנג. אָבער ער שטייט ווידער אויף אין יעדן בייעם דור אַ פון גאָט־געשטאַרקטער פון אַלע זיינע שלעק און בלוטיקע וואונדן איבערן שווער־געשלאָגענעם לייב זיינעם. ער קוקט אָו די קברים פון די פאַרהאַסטע פעלקער, וואָס האָבן געפירט מלחמות מיט אים, האָבן פאַרגאָסן דאָס אומשולדיקע בלוט פון זיינע מאַנצלייט, ווייבער, קינדער און אַלטע לייט, און זיינען דערנאָך ווערעמדיקע געגאַנגען אין זייערע פינצטערע טיפענישן פון פאַרגעסנקייט און צייט...

## די פרעמדע אומענדלעכקייט און דער מענטשלעכער גייסט

ווען דער מין מענטש קוקט ביינאַכט אַריין אין דעם חושכדיקן הימל מיט זיינע מיליאָסן שטערן־אויגן, פילט ער זיך נישטיק און פאַרלוירן ווי אַ פלעווע אין ים און ווינט. אָבער ווען ער קוקט אַריין אין דעם תהום פון זיין אייגענעם גייסט, פילט ער זיך דערהויבן, ווי ער וואָלט זיין אַ מעכטיקער רינג אין דער אומענדלעכער קייט פון עקזיסטענצן...

## ווען די נאַכט זיך אַמאָל ענדיקן?

איך בין אויפגעשטאַנען אַרום דריי ביינאַכט. שרייבנדיק עטלעכע שעה צייט, איז נאָך אַלץ געווען אין דרויסן ווי חושך מצרים. איך האָב זיך עפּעס פלוצלינג דערשראָקן. אַ פחד איז מיך באַפאַלן: ווען זיך די נאַכט אַמאָל ענדיקן? ווען זיך די אור־פינצטערניש אויפקלאָרן? ווען זיך נאָך ווען עס איז אַפּטאָן פון דער וועלט דער שרעקלעכער חושך? אָבער באַלד האָט אויפגעשטראַלט דער פרישער באַגינען מיט זוניקע

שטראָמען גאָלד. איך האָב געשמייכלט פון דער אימה פונעם אורמענטש וואָס איז געבליבן פאַרבאָרגן אין מיר...

## אין אַ חודש שפּעטער

אין בין געזעסן אין דעם כינעזישן רעסטאָראַן. איך האָב ווידער אָנגעקוקט דעם פּערלדיקן פּאַנעל, וואָס איז געווען אַזוי שיין אין פאַר־נאַכט, אין שקיעה פון דער זון. אָבער דער פאַקט אַז איך האָב עס שוין געהאַט פריער באַשריבן, האָט איצט געמינערט מיין אינטערעס אין דעם קונסטווערק. דורך דער צייט האָבן זיך ביידע פּרינצעסינס ווי געעלטערט. דאָס פּערלדיקע פערד, אויף וועלכן זיי זיינען געריטן, איז געווען מאַט. די זון האָט אָפּגעטריפט אין וויטן מערב מיטן טונקעלן בלוט אירן. איך אַליין בין שוין איצט אויך געווען עלטער, מידער און מאַטער. די כינע־זישע באַדינערס האָבן אויסגעזען ווי בלייכע זקנים, וואָס אַ קליין יינגל האָט אויסגעקנאָטן מיט זיינע פינגערלעך פון שניי...

## דער טונקעלער מאַן

געוויינלעך האָב איך נישט ליב די שחורים: זייער חוצפה, גראָבקייט, ציניזם, שנאה, געמיינקייט, פּאָרנאָגראַפיע און ביטערקייט בכלל עקלט מיך. אָבער אָט זעצט זיך צו נעבן מיר אויף דער באַנק אַן עלטערער נע־גער. דער טיפער טרויער אין זיינע אויגן, די ווילדע פאַרצווייפלונג, די ערלעכקייט פון האַרצן, די מעכטיקייט פון דעם אורמענטש אין אים, דאָס טיף־וואַלדישע, זיין אויסדרוק פון מחשבות וועגן זעלבסטמאָרד — דאָס אַלץ האָט אויף איין מאָמענט אין מיר צעיאָגט אַלע מיינע פאַר־אורטיילן קעגן דער נעגערישער ראַסע, אָנגעזאַמלטע דורך לאַנגע יאָרן. איך בין פּשוט צעטרייסלט געוואָרן. איך האָב צום דאָזיקן איינזאַמען מענטש געוואָלט רעדן, אים דערמוטיקן, אים טרייסטן...

אָבער גלייכצייטיק האָב איך מורא געקראָגן אַז מיטן אָנקום פונעם אָוונט וועט ער מיך קאַלטבלוטיק דערהרגענען. דערנאָך וועט ער שטאַרק וויינען ווי אַן אומגליקלעכער גיבור. אָבער איך וועל שוין דעמאָלט מער נישט לעבן, כדי צו קענען אויסדריקן צו אים מיין רחמנות און מענטש־לעכקייט...

## באַוואונדערונג און טרויער

זעענדיק אַנומלט דעם פּראָגראַם אין טעלעוויזיע „דער שרעקלעכער אוניווערס”, ווערט מען, פאַרשטייט זיך, אַנטציקט פאַר דער געוואַלטיקייט פון קאָסמאָס, אין וועלכן די דיסטאַנצן צווישן די שטערן זיינען מיליאָנען און ביליאָנען ליכט־יאָרן ווייט. דאָס ערשטע געפיל איז:

— וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלן וועלטאַל דער רבונו של עולם האָט באַ־שאַפן! ווי מעג ער זיין שטאָלץ מיט זיין ווערק, וואָס ווערט טאָקע גראַנדיעז

באַזונגען אין ספר איוב, אין תהילים, דורך די נביאים, און שפּעטער דורך די גרויסע דיכטער מילטאָן און שעקספּיר.

אָבער דאָס צווייטע געפיל איז: פּחד און פאַרלוירנקייט. אין אַזאַ מוראַדיקער „מאַשין", אין אַזאַ געוואַלטיקן אוצר פון שטערן, זונען, פּלאַ־נעטן און קאָמעטן, וואָס באַוועגן זיך מיט אַזאַ מעכאַנישער גיכקייט; אין אַזאַ ווירבל פון עלעקטרישע כוחות און גאַזיקע עלעמענטן, איז דאָך גאָר־נישט פאַראַן קיין מענטשלעכס. דער מין מענטש ווערט פאַרלוירן אין שרעק פאַרן קאָלאָסאַלן און אוממענטשלעכן. די שטערן זעען נישט אויס ווי צו זיין אונדזערע פריינט. וואו איז פאַרט אַ סימן פון עפּעס אַ געט־לעך געפיל, פון יושר און רחמנות צו דער ליידנדיקער נשמה? האָט טאַקע אַ געטלעכע האַנט דאָס אַלץ ווען עס איז געפאָרעמט? איז דען מעגלעך די עקזיסטענץ פון אַ טראַכטנדיקן גאָט, וואָס זעט אויך דעם איינצלנעם מענטש מיט זיין טרויער און אומגליק, אין אַזאַ אָרגאַניזאַציע פון בליציקע גאַזן, פלאַקער־פייערן, משוגענע כוחות, אומגעהויערע ווירבל־ווינטן און אומזיניקע שטורעמס? איז אין דעם אַלעם פאַראַן געדאַנק, זין, צוועק, פּלאַן און אידעע? און זיינען מיר, די מענטשן פון דעם ערדישן פּלאַנעט, חלילה נישט די איינציקע קרעאַטורן פון לעבן אין אַ טויטן, אוממענטשלעכן, אומגעטלעכן און מעכאַנישן אוניווערס?!...

## זוכנדיק גאָלד

מיינט פריינט יצחק פּאַסטערנאַק דערציילט מיר אַז אַרום דעם יאָר 1954, ווען מען האָט שוין כמעט געהאַט פאַרענדיקט דאָס אומברענגען מיליאָנען אידן אויף דער פּוילישער ערד, און מען האָט שוין אויך גע־הערט פון דער נאָענט דאָס קנאַלן פון מאַשינגעווער פון די אָנקומענדיקע רוסישע אַרמייען, האָט ב., דער נאַצישער אָבערשאַרפירער, אויסגעשריגן צו זיי:

— גיך, איר שווינען. איך מוז האָבן צוויי אינטעליגענטע יודען!

ער האָט געצוואונגען אים, און נאָך איינעם, אַן אויסגעמאַטערטן און קראַנקן קאַצעטניק, צו גיין מיט אים אין וואַלד אַריין. דער נאַצי האָט געטראָגן אין דער האַנט זיין מאַשינגעווער, גרייט יעדער רגע צו שיסן. ער האָט באַפוילןביידע אידן אין וואַלד אויפצוגראָבן מיט זייערע שפּאַד־לעס די רויטע, ליימיקע ערד ביי די נאָך פון זייער בלוט נאַסע קברים, וועמענס קרבנות מען האָט ערשט מיט אַ טאָג צוריק געהאַט דערשאָסן. אָבער די מתים האָבן שוין געשטונקען. זיי האָבן אויסגעטאָן זייערע געשוואָלענע פיס פון די נאַסע, מיט בלוט־אַדורכגעווייקטע שיך. זיי האָבן געזוכט גאָלד און אַנדערע חפצים צווישן די שמאַטעס און אָניטשעס, וואָס דער אָבערשאַרפירער האָט געגלויבט אַז די אידן האָבן נאָך אַלץ געהאַט באַהאַלטן ביי זיך, נאָכדעם ווי זיי זיינען שוין געהאַט אויסגעטאָן געוואָרן נאַקעטע אין אוישוויץ, און זיי זיינען דאָרט דערשאָסן, פאַרגאַזט אָדער

אויפגעהאָנגען געוואָרן. דערנאָך האָט דער רוצח געצוואונגען די אידן אַריינצושטעקן זייערע פינגער אין די רעקטומס פון די אומגליקלעכע אידן. אפשר איז נאָך אינעווייניק ביי זיי פאַרט פאַראַן דאָס פאַרבאָרגענע גאָלד...

צום סוף, אַן אויפגערעגטער, און שעלטנדיק די טויטע אידן, האָט ער באַפוילן, האַלטנדיק אָנגעצילעוועט צו זיי דאָס מאַשינגעווער אין דער האַנט, אַז ביידע אידן זאָלן זיך אַנידערזעצן איבערן פרישן מאַסנקבר און טאָן זייער מענטשלעכע באַדערפעניש, כאָטש זיי האָבן נישט באַ־דאַרפט. ער האָט בייז געבורטשעט, האַלטנדיק אַ סאָרט הינטישע רעדע:

— דאָס זיינען די קרעציקע פאַרעטער פון דייטשלאַנד. צוליב זיי איז אונדזער „פירער" געצוואונגען העלדיש צו קעמפן כדי צו געווינען די מלחמה פאַר די דייטשן. זאָל אייער אידיש ד—ק זיין דער מאָנומענט איבער די קברים פון די דאָזיקע פאַרשאָלטענע טויטע מאַנצליים און ווייבער, קינדער און זקנים...

## ווען איך אַמאָל זיין אַ שרייבער?...

איך געדענק אַ וויטן מאָמענט אין מיין לעבן. עס איז געווען אַרום מיטן נאַכט ערגעץ אין אַ זאַל פון ליעזשער קולטור־פאַראיין, אויף אַ באַל פון רעוואָלוציאָנערע מענטשן, אינטעליגענץ און אַרבעטער. עס זיינען גע־ווען פאַרזאַמלט אַ סך אידן פון פוילן, ווי אויך פראַנצויזן, טשעכן, פּאָלאַקן, יוגאָסלאַוון, גריכן, טערקן און שפּאַניער, וואָס האָבן געאַרבעט אין די קוילנגרובן, אין די „קאָקעריל"־אייזנפאַבריקן. איך בין געשטאַנען אויף דער גאַלעריע, און האָב אַראָפּגעקוקט ווי אַן איינזאַמע און פאַרשטיינערטע גאַרגוילע אויף די טאַנצנדיקע פּאָרלעך, אויף די פאַרשוויצטע און געררויטלטע מאַנצליים, אויף די אָפּגעפּאַרבטע פרויען ווי די ליאַלקעס, אין זייערע זיידענע קליידער, געצירטע אין צירונג פון גאָלד און ברילייאַנטן. איך האָב זיך איינגעהערט אין די ראָמאַנטישע ניגונים, מיט וועלכע די קלעזמאָרים האָבן פאַרכישופט דעם עולם. איך בין פלוצלינג באַזעלט געוואָרן מיט עפּעס אַ געהיימנישפולן גייסט. איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין, און עס איז פאַר מיר עפּעס ווי נביאיש קלאָר געוואָרן: איך וועל אַמאָל פּרואוון צו זיין אַ שרייבער. איך וועל זיך באַמיען צו שילדערן אויף מיין אייגענעם שטייגער די טונקעלע מענטשלעכע קאָמעדיע. איך וועל זיך סטאַרען צו באַשרייבן ליבע, אַרבעט, אַמביציע, האָפענונג, טרויער, אַנטוישונג און טויט פון די מענטשן און דורות אין דעם אָפּשיין פון דער לבנה...

פון דעם דאָזיקן מאָמענט אָן, וואוהין דער גורל האָט מיך פאַר־שליידערט, אין וועלכע שטעט און לענדער איך האָב פאַרבראַכט; אונטער וועלכע דעכער איך האָב אין מיטן נאַכט געוווינט; אין די אַלע בוידעם־

שטיבלעך וואו איך האָב געחלומט אונטער גאָטס קאַלטע שטערן; שוין אומעטום, און כמעט שטענדיק, האָט מיך ווי אַ שגעון באַהערשט די מאַגנעטישע אידעע: איך וועל אַמאָל ווערן אַ שרייבער. איך וועל איינ־טינקען די פעדער אין מיין אייגענעם האַרצנס תהום...

## אַראָפּקוקנדיק פון מיין פענצטער

עס איז אין מיטן נאַכט. איך קוק אַראָפּ פון מיין פענצטער אויף דער גאַס. וואָס זע איך: דער לאָמפּ פון דעם לאַמטערן לויכט אַן איינזאַמער, ווי אַ ריזיקע, בלייכע פּערל, וואָס מאַכט אומעטיק דעם טונקעלן וועג און דאָס דערשראָקענע האַרץ פונעם מענטש. דער שאָסיי, נאָכן פאַלן פונעם דראָבנעם רעגן, זעט אויס ווי אַ בלעכענער שפּיגל, אין וועלכן עס רעפלעק־טירן זיך שאָטנס, גייסטער און געשפּענסטער. פון ערגעץ אַן אומבאַקאַנטער טיר שטראַלט אַזאַ געל און געהיימניספול ליכט, ווי פון אַ פאַרבאָרגענעם פּאַלאַץ, וואָס ווערט באַשריבן אין אַ נאָוועלע, פול מיט קעניגלעכע הויף־אינטריגעס און פּאַראַט. אַן אויטאָמאָביל לויפט פּלוצלינג אָן און בלענדט מיט זיינע פייערדיקע אויגן, אַזוי ווי פון אַ פאַרצייטישער חיה. איינעווייניק, דאַכט זיך מיר, זיצן רויע גענגסטערס און זיי האַלטן די הענט אויף מאַשינגעווערן. צווישן זיי זיצט אויך אַ פּרעכטיקע, בלאָנדע פרוי, אַ רייצנדיקע גענגסטערשע. פון די רויטע, נעאָנישע אותיות פון די קאַפעען און רעסטאָראַציעס טריפט מיט מיסטיק און פּאָעזיע. פון די דאָזיקע אותיות מאַכט דער מענטשלעכער געניוס ראָמאַנען און רעפּאָרטאַזשן. אַ קליינטשיק פענצטערל פון אַ טואַלעט־צימער לויכט אויף אין דער מאָנאָטאָנער שורה מיט הייזער. אָנדייט: אַן אַנטבלויזטע פרוי וואַשט איר העמדל און טראַכט פון זיינע קושן, זיינע רייד, זיינע קאָמפּלימענטן, זיינע האַנדלונגען...

איך הויב אויף מיין קאָפּ צום הימל. אין אַזאַ אומפריינטלעכן, האָפ־נונגסלאָזן הימל, ווי אין אַ גיגאַנטישן שפּינגעוועבס, מיט אַ קאָנסטרוקציע פון אייזערנע רושטאָוואַניעס, וואוינט נאָך דאָרט דער רבונו של עולם? און האָבן טאַקע די געטלעכע נביאים געזען גאָט אַליין? ערגעץ־וואו אין דער נאַכט וויינט אַ קינד. אַ מאַן איילט זיך גיך אַהיים מיט אַ טיף־אַראָפּגערוקטן הוט און אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער. אין זיינע נערוועז־ציטערנדיקע ליפּן בריט און בליט דאָס אומהיימלעכע פייערל פון אַ ציגאַרעט...

דער שרייבער פון די אויבן אָנגעשריבענע שורות שטייט ביים פענצטער, נאַקעט אין זיין נשמה, אַזוי ווי נח אין דער תבה. ער איז אַדורכגענומען מיט הוילער ציטערניש, מיט פּחד און מיטן כישוף, אין דער אומהיימלעכער און נאַכטיקער שעה...

## א מאָמענט פון דערקענטעניש

פלוצלינג, גייענדיק אויף דער גאַס אין באַגינען, האָב איך אַ שפּיר געטאָן דאָס געטלעכע. דער גרויער וואָלקן אונטערן הימל האָט מיך עפּעס אַזוי פריינטלעך אָנגערירט מיט זיין פּייכטן און שמעקעדיקן אָרעם, ווי אַ בוקעט מיט בלומען. איך האָב ברייט אָנגעקוקט און אַ ספק באַנומען דאָס געטלעכע. כהרף עין איז פון מיר אַראָפּגעפאַלן כמעט אַלץ וואָס די מענטשן האָבן געררעדט צו מיר דורך אַ טויזנט יאָר. די אינטריגעס, פּליאָטקעס, פּאַרדראָסן און נישטיקייטן זיינען געוואָרן צו שטויב און שפּינגעוועבס. איך האָב בפירוש דערשפּירט דאָס אייביקע און אומענד־לעכע. געגנוי דאָס וואָס מען טוט פּלוצלינג אַמאָל אַ דערשפּיר בשעתן לייענען אַ קאַפּיטל פון ספר איוב, אַ ליד פון ר׳ יהודה הלוי, אַ זאַץ פון דאַנטע, אַ תפילה פון ר׳ שלמה בן גבירול, אַן אַלט בוך פון אינדיע, אַן אָנגעצונדענע שורה פון האָמער צי שעקספּיר, אָדער אונדזער אייגענעם הערלעכן תהילים. אין אַן איינציקן מאָמענט בין איך ממש פּלוצלינג געלייטערט געוואָרן, ווי איך וואָלט זיך געבאָדן אין די טיפענישן פון געזאַלצענע שטראָמען און ווילדע וואַסערן. גאָטס הייסע פינגער, זיין שטראַנגער נאָגל, האָ טמיד מיט געגנאָד און ליבשאַפט אָנגערירט. מיין גאַנץ נפש האָט אויפגעשטראַלט מיט דאַנקבאַרקייט...

## גאָטס לעבן

אומצאָליקע ביליאָנען יאָרן האָט די נאַטור געטראַכט ווי אַזוי צו באַשאַפן דאָס לעבן. קומט צו גיין דער פון גאָט־געשאַפענער מענטש און ער פּירט דורך אויס דאַנקבאַרקייט מוראדיקע שחיטות אויפן אוניווערס מיט לעבן...

## מיט וועמענס האַרצן פיל איך ?

וועמענס לעבן לעב איך ? מיט וועמענס האַרצן פיל איך און ליב איך ? מיט וועמענס אברים באַנעם איך דאָס לעבן, די וועלט ? מיט ווע־מענס פייער שטראַל איך ? דורך וועמענס אויגן קוק איך און אַנטציק זיך ? וועלכער שטילער שטערן לויכט אין מיין געמיט ? מיט וועמענס חלומות חלום איך דורך די נעכט ? מיט וועמענס האָפענונגען האָף איך ? וועלכער זעער קוקט דורך מיר, ווי דורך אַ טעלעסקאָפּ, צו דער צוקונפט ? מיט וועמענס שטאַרבן גיי איך אויס, ווען די זון פאַרלעשט זיך ?...

## וועגן שרייבן זכרונות

דער אַמביציעזער פּאַרמעסט פון אַ שרייבער צו שרייבן זיינע זכרונות פון אַ לאַנגן און אפשר אויך לוקסוסדיק־רייך געלעבטן לעבן, איז ווי דער אָרעמער מענטש פּרוווט מיט אַ צינענער קוואָרט אויסצושעפּן דעם ים. מען קען עס בשום אופן נישט באַווייזן אָפּצוטאָן אַפילו אין אַ גאַנץ לאַנגן לעבן מיט אַלע טיפּיש־שרייבערישע שלאָפלאָזע נעכט, אויב דער וואָס לעבט איי־

ביק באַוויליקט זיי דעם זכרונות־פאַרצייכענער. מען קען עס אַפילו נישט אויספירן אין אַ ריזנלעבן פון אפשר גאַנצע הונדערט יאָר. (ווער האָט אַגב געלעבט הונדערט יאָר לאַנג פון באַקאַנטע פערזענלעכקייטן? בלויז ווייניקע, ווי סער מאָזעס מאָנטעפיאָרע...)

אַלע טאָג, ממש יעדער טונקעלער שעה פון דער שלאָפלאָזער נאַכט, דערמאָנט מען זיך אַ וויכטיקע פּאַסירונג, אַן אינטערעסאַנטן פּרט, אַ געשעעניש, וואָס מען האָט כמעט געהאַט פאַרגעסן דורך די יאָרן פון לעבן. אין דער טונקלקייט פון מענטשלעכן זכרון טויכן אויף אַלץ נייע פּנימער, פערזענלעכקייטן און געשטאַלטן. מען טוט טיילמאָל בלויז אַ קראַץ מיטן נאָגל אינעם אייגענעם שאַרבן און עס גייען אויף אַלערליי שאָטנס פון טיפן, פריינט, קרובים און קאָלעגן. זיי גייען, זיי ציטערן אויף, זיי טויכן אויף, ווי מענטשן וואָס ראַנגלען זיך בשעתן שרעקלעכן מבול מיט די צעיושעטע כוואַליעס פון ים. און די מערסטע ברואים קוקן דיך תפילהדיק אָן מיט זייערע לעצטע בליקן, וואָס מיינען בלויז איינעם און דעם זעלביקן געדאַנק: נעם אונדז אַריין אין דיין ספר הזכרונות. פאַרגעס אונדז נישט, געטרייער מחבר. ראַטעווע אונדז אויף די בלעטער פון דיין לעבנס־באַשרייבונג. פאַרצייכן אונדזערע עקסיסטענצן, פאַרגעדענק אונדזערע צע־האַקטע פּנימער פאַר דער מישטיינס געזאָגטער אייביקייט, נישטיקע ברואים וואָס מיר זיינען, ווי די שטויביקע בלעטער אין דעם האַרבסטיקן ווינט, וואָס פאַלן הפקרדיק פון די בוימער און זיי בלייבן ליגן דאָרטן וואו עס פאַרשליידערט און פאַרוויעט זיי דער שטורעם...

## די לאַנגע עקזעקוציע

מען האָט לעצטנס געפונען ערגעץ אין אַ פעלד פון טאָרף, אין שוועדן, גראָבנדיק אין דער ערד, אונטערן פונדאַמענט פון אַן אַנטיקן שלאָס, דעם קערפּער פון אַ פּרעהיסטאָרישן „רוצח". ער איז געווען איינגע־גראָבן אין דער טיפעניש פון זיין קבר, אויף זיין דינעם האַלדז האָט אים טויזנט יאָר צייט געוואָרגן דער קנופּ פון אַ גאַלגנ־שטריק. יענע, אַוודאי נישט קיין קלענערע העכקערס פון אים, האָבן אים דערמאָרדעט, געהאַנגען און באַגראָבן אינמיטן נאַכט מיט אפשר צען אָדער צוואַנציק טויזנט יאָר צוריק. דורך דער גאַנצער צייט האָט זיך געוואָרגן און געשטיקט דער אָרעמער קרבן מיטן תליה־שטריק פעסט פאַר־קנופּט אַרום זיין גאָרגל. מיר דאַכט זיך, אַז אַפילו זיין חבר, דער שיכורער מלאך המות, האָט אים נישט געקענט באַפרייען פון די אייביקע יסורים פון אַזאַ לאַנגער עקזעקוציע, וואָס האָט געדויערט ממש אַן אייביקייט. אָבער, וואָס עס איז נאָך אַ סך גרויליקער, איז אַ געדאַנק וואָס פייניקט מיך: אַז אפשר איז דער אַזוי גרויזאַמיק־אומגעבראַכטער מאַן גאָר אינגאַנצן געווען אַן אומשולדיקער קרבן?!...

מאָדנע שמייכלט זיין דיך, אָפּגעצויגן און אַסקעטיש פּנים, און עס

דריקט עפעס אויס אַזאַ טיפע איידלקייט און לויטערקייט פון דער נשמה. דאָס פליש אויף זיין סקעלעט איז כמעט פאַרבליבן גאַנץ און נישט־געריהרט דורך די אַלע טויזנטער יאָרן פון דער מענטשלעכער געשיכטע, בשעת עס איז אָנגעגאַנגען מלחמה, רעוואָלוציע, שחיטה, פּאַראַט, און פאַרברעכן צווישן די נאַבעלע פעלקער. די הויט זיינע האָט געקראָגן אַ שטייפן אָפּגלאַנץ און עפּעס אַזאַ פאַרהאַרטעוועטקייט ווי פון לעדער. בלויז דיכטער ווי דאַנטע אָדער שעקספּיר וואָלטן פאַרמאָגט גענוג כוח און פאַנטאַזיע צו קענען שילדערן די פּאַנאָראַמע פון זיין לעבן. אָבער אַפילו זיי וואָלטן זיך געגרויזט אין פּרטים, אין דער פינצטערער כראָניק פון זיינע טעג, איבערהויפּט פון זיינע נעכט...

## אין דער געגנט פון אונדזער מיל

איך געדענק: איך בין אין דער געגנט פון אונדזער היימישער מיל, וואָס מיר האָבן געהאַלטן אין דעם דערפל בערקאָוויץ. איך זע דאָס געוואַל־טיקע ראָד וואָס צייכנט זיך אָפּ אויפן האָריזאָנט ווי אַ בלוטיקע לבנה סוף־חודש־צייט. אין מיינע קינדערשע אויערן רוישט היימיש און מוראדיק דאָס מאָנאָטאָנע כוואַליען זיך פונעם טונקעלן וואַסער. איך קוק אָן די פאַרמעליקטע פויערים וואָס דזשוויגען די שווערע זעק מיט מעל אויף זייערע געהאַמערטע פּלייצעס. איך זע אויך הויכע אידן, ווי די זיילן, מיט זעק מיט קאָרן, ווייץ און גערשטן. דאָס גאַנצע וועלט־וועטער דרייט זיך ממש אַרום אונדזער פאַנטאַסטישער מיל. דער ברייטער פּוילישער שניי, ווי אַ פאַרגליווערט־געוואָרענער שוים פון עפּעס אַ הימלישן ים; דער אומעטיקער רעגן, וואָס רינט פון די פּוילישע וואָלקנס נידעריק צו דער ערד, שענקען דאָס גאָט־געבענטשטע וואַסער צום טייכל פון דער מיל, וואָס טרייבט אַלץ שטאַרקער דאָס ריזיקע ראָד. אין גאָטס פלאַמיק־פאַר־סאַזשעוועטן זון־אונטערגאַנג שטיי איך אויפן ברעג, ביים וואַסער, און איך וואונדער זיך וואָס פאַר אַ געהיימנישפולע וועלט עס לעבט און עס ווימלט אויפן טונקעלן אָפּגרונט. אַן אומבאַקאַנטע, אָבער פעסטע האַנט, שרייבט אָן אויפן הימל צעבראָכענע, אָבער גליענדיקע אותיות פון די שטערן. וועלכע וואונדערלעכע מעשה דערציילן די פאַספאַרישע שטערן־אותיות, ווי אויפן ציפערבלאַט פון אַ זייגער ביינאַכט? אין מיין דמיון שטראַלט שוין אַ צוקונפטיקער מאַנוסקריפּט פון אַ קאָסמיש ווערק. די מוראדיקע און מלאכימדיקע האַנט צינדט אָן גראַנדיעזע בוכשטאַבן און מעקט זיי צוריק אויס פונעם הימלישן פערגאַמענט. דאָס איז אייגנטלעך די סאַמע ערשטע ליטעראַרישע שריפט, וואָס איך פּרוּאוו צו לייענען צעחושטערהייט אויף די בלאָ־געפאַרבטע ווענט פון הימל. מיר דאַכט זיך אַז די זעלביקע האַנט פון פייער צייכנט אָן אין אַ געוואַלטיקן לשון דעם משפּט איבער לענדער, פעלקער און קעניגרייכן. אַלץ וואָס איך פּרוּאוו לייענען אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן, איז בלויז אַ שוואַכע פאַרזעצונג

פון דער דאָזיקער שריפט אויפן האָריזאָנט, אין די טעג פון מיין פריער קינד־הייט, ווען דאָס אויג הויבט שוין אָן צו זען און צו פאַרנעמען מאַסן מענטשן און פעלקער אָן אַ צאָל, מיט באַוואָפנטע רייטער אויף קופּערנע רייטוועגן, וואָס עס פירן די צעשרפהטע פערד; ווען דאָס שאַרפע אויג באַנעמט שוין יינגערהייט די זעאונג פון בערג מיט אָפּגעשיילטע סקעלעטן און אויסגע־טריקנטע קנאָכנס פון פאַרצייטישע שטאַמען, שבטים און פעלקער, און אויך פון אַלע קומענדיקע דורות אין דעם אייביקן ים פון מענטשלעכן לעבן...

## די שווישפּילערין

די באַרימטע שווישפּילערין איז אַריינגעקומען אינעם אימפּאָזאַנטן און באַגילדעטן זאַל שוין צו נעילה־צייט, ביים סאַמע סוף פון דעם באַנקעט לכבוד דעם באַרימטן, דעם באַוואוסטן און געיובלטן כלל־טוער און עסקן. עס דויערט נישט לאַנג און דאָס מאָגערע און אויסגעדאַרטע פּרינצעסל־אַקטריסעלע מיטן אויסגעקראָכענעם פוטערן קעלנערל פון עפּעס אַן אַלט, מרה־שחורהדיק און אומבאַשטימט חיהלע, שיקט מיך צו צום פאָרזיצער, צום פּרעזידענט, צום „טאָאַסט־מייסטער”, וואָס אַלע זיצן זיי אַזש ביים אַנדערן עק פונעם זאַל, אפשר אַ מייל ווייט אַוועק, און מען באַדאַרף זיך צו שטופּן און שטויסן דורך אַ געוואַלטיקן פּובליקום. זי שיקט מיך מיט דער ליכטיקער בשורה, אַז זי איז שוין מיט מזל אָנגעקומען, און זי געפינט זיך שוין אַ גאַנצע אינעם זאַל, גרייט אויפדאָסניי אויפצוטרעטן און צו ווערן הויך און הילכיק אַפּלאָדירט דורכן ענטוזיאַסטישן פּובליקום,, וואָס געדענקט וואויל איר באַרימטן טאַטן, וואָס האָט געהאַט צען ווייבער און זיי האָבן אים אַלע געשאָנקען בייע דורות, וואָס זיינען מערסטנס געוואָרן באַרימטע קינסטלער. איך טו איר, וואָס אַן אמת, אומגערן די טובה. איך האָב נישט ליב צו רייבן עלנבויגנס מיט אָפּיציעלע, גרויסע און באַרימטע לייט. מחמת איך בין דאָך אַליין אויך, ווי וואויל באַוואוסט און באַקאַנט, אַ גרויסער מאַן אויף מיין אייגענעם געביט, און איך קען זיך פּשוט נישט דערלויבן דעם לייכטזיניקן לוקסוס צו לויפן דאָס „שליחות” פון אַ פּראָסטן שיק־ייִנגל פאַר אַן אַנדערן גרויסן מאַן...

הכלל, נאָכדעם ווי די שווישפּילערין האָט זיך אָפּגעמאַטערט ביז פאַרנאַכט מיט אַ סך רייד און דעקלאַמאַציעס אויף אַ פריערדיקן ווילטיקן באַנקעט לכבוד אַן אַנדערן גאָר וואַזשנעם גדול און שטאַרק־געהויבענעם עסקן, קומט זי דאָ, כמעט פאַרן שלאָפן גיין, כדי אַריינצוכאַפּן אַ היפּשע פּאָרציע לוויתן פונעם ראָסקאָשנעם כבוד־לעקעך. דער רויטער און פאַרשוויצטער פאָרזיצער רופט שרייעריש אויס איר וועלט־באַרימטן נאָמען. ער מעלדעט הילכיק און גרילציק, אַז עס איז דאָ ממש פּלוצלינג אַראָפּגעפאַלן פונעם הימל, ווי אַ מעטעאָר, איר מאַיעסטעט אַליין, די געטלעכע פּרינצעסין־

שווישפּילערין. די שווישפּילערין צאַפּלט־אויף, שטרעקט אויס אין דער לופטן, צום ענטוזיאַסטישן עולם, אירע קורצע און געלע הענטלעך, אין זיידענע הענטשקעס, באַהאַנגענע מיט בראַנזאַלעטן, מיט אינדיאַנישע אַמולעטן, מיט ברילִיאַנטענע פינגערלעך און געשוואָלענע גאָלדענע קייטן. זי פּאַרגייט זיך אין עקסטאַז, שיקט לופט־קושן, מאַכט משוגענע האַוואַיעס. אַט אַזוי, טראַכט איך, איז עס שוין מיטן שוואַכינקן מין מענטשעלע, נעבעך. און די פּרינצעסין איז דאָך געראַכט אויך. מחמת יעדער איינער, בפרט אַ קינסטלער, מוז זיך דאָך פּאַרט אויסלעבן; מוז האָבן סביבה; מוז אייביק פּאַרטויבט ווערן פון אַפּלאַדיסמענטן. עס מוז שטורמיש טומלען מיט איר ביזן סאַמע סוף...

## ווי אַן ארון קודש

שוין אין דעם פּריען און טונקעלן באַגינען, בשעת איך זעץ זיך אוועק ביים טישל צום שרייבן, עפן איך אויף די הילצערנע טירלעך פונעם שענקל מיט מיין מאַמעס געשיר, ווי מען עפנט אויף בשעתן דאַווענען אין שול די טירן פונעם ארון קודש, כדי אַנצוקוקן דער מאַמעס טעפּ, טשייניקעס, פּאַנען, רייַנדלעך און טעלערס, מיטן גאַנצן זעלטענעם געשיר; און כדי זיך אָנצוזאַפּן מיטן ריח פון דער אָרעמער היים, וואָס איז שוין איצט אַזוי זיס און נאָסטאַלגיש אין מיין האַרצן. מיט אַזאַ מתיקות און בענקשאַפט האָט, ווייזט אויס, דער גרויסער פּוילישער דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש געשריבן זיין מעכטיקן עפּישן ווערק „פּאַן טאַדעאוש", בענקענדיק אין דער פרעמדקייט פון פּאַריז נאָך זיין אַמאָליקער היים...

## אַ טאָפּ מיט פּינצטערניש

עס איז פיר אַזייגער אין באַגינען. איך שטעק אַרויס דעם קאָפּ דורכן פענצטער פון מיין מאַנסאַרדע. איך טרינק די גרעזאַלצענע טראָפּנס פון דעם אומגעהויערן טאָפּ מיט נאַכט. די פינצטערניש קילט מיינע אָנגעשטרענגטע נערוון. עס איז אַזאַ טונקל געטראַנק, וואָס מיין שר טראָגט מיר צו גנעדיק צו די ליפּן אין אַ שטערנכוס. עס איז אַ געטראַנק, וואָס איך האָב ליבער פון אַלע געטראַנקען וואָס איך האָב ווען עס איז פאַרזוכט אין קרעטשמעס און ווייַנקעלערן. איך זופּ טראָפּנווייז פון דעם כוס אין דער שרעקלעכער האַנט פונעם שר בשעתן שרייבן אין פריען באַגינען, ווען גאָט מיט זיינע מלאכים שלאָפן נאָך...

## דער זייל מיט שניי

עס איז שוין כמעט געוועזן פּרילינג. די זון האָט שוין וואַרעם געלויכטן איבער דער גאַנצער לעבעדיקער וועלט. אָבער ווי אַ פעסטער און פינצטער־רער פעלדז פון באַזאַלט איז געשטאַנען אויף דער גאַס דאָס שטיק זייל פון שניי, ווי יענץ פערלדיק ווייב פון לוטן. עס האָט בשום אופן נישט

געוואַלט צעשמאָלצן ווערן, זינקען אין דער ערד אַריין, ווערן צו גאָרנישט. דאָס איינזאַמע שטיק שניי האָט פינצטער געשטאַרט אינעם אָנגעצונדענעם טאָג אַריין, מיט עפּעס אַ טרויעריקער צו־להכעיסדיקייט, און ווי אַ לעצטער ריף פון אַ פּאַרצייטיש קעניגלעך געמאַך, וואָס דערציילט פון געוואַלטיקע מעשים און געשעענישן...

## די גריכישע לייט ביים ברעג פון ים

זומערצייט זע איך ווי ביים ברעג פון ים זיצן די אַלטע גריכישע מענטשן. זיי רעדן מיט עפּעס אַ געוואַלטיקן לשון, ווי זיי וואָלטן ערשט געהאַט אַראָפּגעגאַנגען פון די גריכישע אינדזלען, וואו עס האָבן געלעבט זייערע פּאַרייטישע עלטערן, און וואו עס איז געשאַפן געוואָרן רעליגיע, מיטאָלאָגיע, לעגענדע, מעשה און טראַגעדיע. וואו די פּאַרצייטישע לידער פון דעם בלינדן האָמער זיינען אויסגעזונגען געוואָרן ביי סעודות און באַנקעטן אין די קעניגלעכע פּאַלאַצן, אויף עפּנטלעכע פּלעצער און געמאַרקן; וואו בלוטיקע שלאַכטן זיינען אויסגעפאָכטן געוואָרן צווישן געוואַלטיקע קריגער; וואו גרויסע פעלקער האָבן זיך געשלאָגן, און זיינען דערנאָך אונטערגעגאַנגען ביזן לעצטן מאַן און פרוי...

די גריכישע לייט רעדן מיט אַזאַ ברייטקייט, מיט אַ רחבות, ווי וועלנדיק אַריבערשרייען דעם טומל פון די כוואַליעס ביים ים. זייער אימפּעט און פאַרנעם דערמאָנט מיך אין די סלאַוון, אין די אַמאָליקע סקיטן. ממש אַ פּחד באַפאַלט מיך פון זייער געריידעכץ, פון זייערע זשעסטן און געלעכטערן, פון זייער גאַנג אין דער וועלט, און פון זייער היסטאָרישן גורל. די גריכן רעדן מיט פּאָלקלאָר, אָבער איך זע פאַר מיינע אויגן דאָס אויפגיין און דאָס פאַלן פון גרויסע קעניגן. זיי האָבן דערהזען פון זייער קליינעם ווינקל אויס דאָס ליכט פון דער גאַנצער מענטשהייט. זיי האָבן אַרויסגעבראַכט די אוניווערסאַלע נשמה פונעם מענטש. איך שפּיר אין זייערע רייד דעם כּוח און דאָס פייער פון געשיכטע, פון טראַגעדיע, און פון דעם גורל פון באַרימטע און צאָלרייכע פעלקער...

## וועגן די שטערן שפּעט ביינאַכט

איך קוק שפּעט ביינאַכט אויפן הימל, וואָס איז געדיכט אויסגע־שטערנט מיט גאָטס אָנגעצונדענע פּערל און ברילִיאַנטן. אין יעדן באַזונ־דערן שטערן זע איך דאָס פּנים פון אַ פריינט, אַ פרוי, אָדער אַ זעלטענע געליבטע מיטן געזיכט פון אַ זיידענער מאַסקע, אויף דעם רעשיק און רוישיקן מאַסקנבאַל, וואָס הייסט יוגנט...

יענע צאַרטע שטערנפרוי מיטן בלאָנדן קאָפּ האָר ווינט שטילערהייט. און די דאָזיקע מיט די גרינע אויגן און זאַפטיק־בלומיקע ליפּן שמייכלט אַרויס ווי אַ הייליקע פונעם אַש־און־רויך פון קרעמאַטאָריום. יענע שטילע און נאָבעלע פריינדין האָט צו מיר גערעדט ווי מיט מענדעלסאָנס מוזיק.

און די דאָ האָט פּיבעריש ליב געהאַט, קושנדיק ווי מיט פייער אין איר בלייכער ברוסט. אין יעדן איינציקן שטערן גליט אַ ריין און אידעאַליסטיש געשטאַלט פון אַזאַ ווייטער, פאַרגאַנגענער צייט...

איך קוק שפּעט ביינאַכט, ווי אַן ענטוזיאַסטישער אַסטראָנאָם פון זיין איינזאַמען אָבסערוואַטאָריע־טורעם, אויף די מאַסן שטערן, וואָס טרייבן מיך צו בענקשאַפט און באַדויער. זיי שמייכלען אַראָפּ צו מיר פון די הימלישע הויכקייטן ווי פרויען פון גן־עדן. איינע דערקען איך פּלוצלינג: זי הוידעט זיך, די אידישע העלדין־פּאַרטיזאַנקע, אויף דער פּעטליע פון אַ תליה איבערן תפיסה־הויף...

איך קען זיי, איך דערקען זיי אַלע, און יעדער איינע באַזונדער, מיט ליבשאַפט...

## וועגן די נעמען פון מיינע כאַראַקטערן

אין די עטלעכע ביכער פון אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער, וואָס איך האָב אַרויסגעגעבן אין די פאַרגאַנגענע יאָרן, האָב איך געפּרוווט צו פאַרענדערן די נעמען פון מיינע ברידער און שוועסטער, ווי די מערסטע שרייבער פון בעלעטריסטישע ווערק זייַנען עס גענייגט צו טאָן. איך דענק, אַז דאָס איז געווען אַ טעות. עס טוט מיר איצט באַנג, וואָס איך האָב אָנגעטאָן מיינע געליבטע העלדן אין פרעמדע נעמען, ווי אין פּאַפּי־רענע מאַסקעס אויף אַ מאַסקנבאַל. מחמת דעם ליבן לייענער איז דאָך סיי ווי נישט קיין חילוק וועלכע נעמען איך טו אַריין אין זיין מויל בשעתן לייענען מיינע זאַכן. אָבער פאַר מיר אַליין איז עס עפּעס פרעמד און אומנאַטירלעך איבערצוחזרן פאַלשע נעמען פון מיינע לייבלעכע קרובים. בכלל זייַנען יענע נעמען, וואָס גאָט אַליין האָט געשאָנקען אין זיין גענאָד צו די מיטגלידער פון מיין משפחה, וועלכע איך האָב באַשריבן, אַ סך מער געלונגענע און שלימותדיקע, און צו מיר פּערזענלעך עפּעס אַזוי שטאַרק אינטים און טייער, ווי די פיקטיווע און געמאַכטע נעמען, וואָס עס פּרוווט מכלומרשט שאַפן מיין ליטעראַרישער אינסטינקט.

## אַ געביסענער פון גאָט

אַרום זיבן שעה צייט האָב איך זיך הייַנט אַרומגעדרייט ביים ברעג פון ים איינגאַנצן אַליין, ווי אַ שאָטן. אָבער די ביטערע איינזאַמקייט איז מיר געווען אַזוי מאָדנע זיס צום געמיט. איך האָב געוואַשן מיין פּנים אין די זשאַווערדיקע פאַרבן פון דעם זון־אונטערגאַנג. איך האָב גערייניקט מיין נשמה אין די געזאַלצענע וואַסערן. און מיין גייסט האָט פרום געלויכטן ווי אַ געביסענער פון גאָט...

## זיי האָבן דיך פאַרמשפּט

די קריסטלעכע דורות האָבן דיך פאַרמשפּט צום אומקום. אָבער דו לעבסט פאָרט איבער אַלע דייַנע שונאים און מכלומרשטדיקע זיגער. דו

טרעטסט פעסט אויף זייערע קברים. דו גייסט שפּאַצירן איבער די שאַרבנס פון צעזאָרס און קייסאָרים. זייערע ביינער ברעקלען און קרישלען זיך אונטער דיינע היסטאָרישע טריט איבער לענדער און קעניגרייכן. נאָך יעדער טויזנט־יאָריקער נאַכט גייט די זון אויפדאָסניי אויף און זי גריסט, גאָלדיקט און צינדט אָן מיט פרישן פייער דיין הויך־פלאַטערנדיקע פאָן מיטן מגן־דוד. גיי פאָרויס, מיין אַלט פאָלק, באַלאָדן מיט חכמה און אומשטערבלעכקייט. דיינע שונאים וועלן ציטערן אין אימה פאַר דיין געטלעכן כוח, פאַרן סוד פון דיין אייביקייט...

## אַ שמעק פון פריען האַרבסט אין חודש אויגוסט

איך בין אַריינגעגאַנגען אין פּאַרק, און בין געווען איבערראַשט פון דעם אוראַלטן אמת: אַז דער פּאַרק איז שוין אַזוי פרי עלטער געוואָרן, ווי אַ מענטש. אויף דער ערד זיינען שוין געלעגן פאַרטרוקנטע געלע בלעטער, ווי צעקנייטשטע זיידענע מאַסקעס נאָך אַ ביינאַכטיקן מאַסקנ־באַל. דער האַרבסט האָט זיך שוין טאַקע באַצייטנס אָנגעהויבן, האָב איך צו זיך אַליין געשעפּטשעט. די פאַרשידענע ריחות האָבן געשמעקט פאַר־שיכורנדיק און זאַפטיק, ווי פון בלומען און פלאַנצן איבער אַלטע קברים, טרויעריק איינשלעפערנדיק דאָס מענטשלעכע געמיט. איך בין געוואָרן עפּעס אַזוי אומעטיק־גליקלעך און באַוועלטיקט פון דעם אַלטן פּאַרקס שטילער פּראַכט. מחמת די מחשבה פון שטאַרבן, פון דעם אונטערגיין פון אַלע זאַכן אונטער דער זון, גיט אויך טייל־מאָל עפּעס אַ מאָדנע געפיל פון גליקזעלישקייט...

## ווי אַ פלאַמיקער האָגל

איך האָב אינמיטן נאַכט איבערן הימל פּלוצלינג דערזען אַ פראַג־מענט, אָדער אַ פּענעץ פון דער לבנה, וואָס האָט מיך ממש דערשראָקן. זי האָט אויסגעזען ווי קרומער אַראַבישער קינדזשאַל, פון וועמענס קאַלטער און נאַקעטער שאַרף עס זיינען גערונען דיקע טראָפּנס מיט געדיכטן בלוט. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די לבנה דערנענטערט זיך צו דער ערד, און אָט גייט זי טאַקע אַראָפּקראַכן איבער די קעפּ פון דער גאַנצער שלאָפנ־דיקער מענטשהייט. זי ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פלאַמיקן האָגל איבער די שאַרבנס פון די אומגליקלעכע מענטשן...

## דער טרויער פון דער וועלט

דער צענטראַל־פּאַרק איז היינט פול געווען מיטן בראַנדז פון דער זון. דער קאָסמאָס האָט ברייט געפייערט זיין פרילינג. די טומלדיקע יוגנט האָט געשטראָמט ווי אַ טייך איבער אַלע וועגן, שטעגן און אַלייען. אָבער דאָ־און־דאָרטן האָט מען געקענט זען ווי אַזוי אַ פאַרקריפּלטער סאָלדאַט, אוודאי אַ צוריקגעקומענער פון די שלאַכטן אין וויעטנאַם צי פון קאָרעאַ, רירט אָן מיט זיינע איבערגעהאַקטע פיס, ביז צו די קניעס,

די ערד, ווי ער וואָלט זי חשק געהאַט צו קושן. אַ נעגערישער באַדינער פּירט בידעריק אין אַ וועגעלע זיין האַרגטע, אַ פּאַראַליזירטע פרוי, ווי אַ זויגלינג, צי ווי אַ „וועדזשעטייבל" (פלאַנץ). אַן עלטערער מאַן גייט מיט זיין ליסענעם קאָפּ, געבוקט צו דער ערד, ווי שקלאַפיש צוגעצויגן צום מעכטיקן כוח פון דער געטלעכער גראַוויטאַציע. דער טרויער פון דער וועלט ברעכט זיך בייזווייליק אַרויס, ווי ברענענדיקע פּאַקשיווע, פון אַלע תהומען און טיפענישן פון דער וועלט...

## אימפּרעסיע

דער רונדער לאָמפּ שטייט אין פענצטער ווי די גליענדיקע זון אינמיטן הימל, בשעתן גרויסן טאָג פון דער וועלט. אויף דער וואַנט הענגט אַ פּאָרטרעט־מאָלעריי אין גאָלדיקן ברוין. אין דער טונקעלער ראַם בליט און שטראַלט אַן אומפּאַרגעסלעך פרויען־פּנים. ערגעץ־וואו אין מיין לעבן האָב איך די פרוי שוין געזען. זי איז געבליבן שטיין אויף אייביק אין מיין דמיון. דער אָפּשיין פונעם לאָמפּ אַקצענטירט דאָס וואַ־רעמע גאָלד פון איר קאָפּ מיט שאַטינענע האָר. ווען עמעץ וועט אויס־לעשן דאָס פייער פון דער קנויט, וועל איך, ווי אַ טענצער, אַריינשוועבן אין דער מאָלעריי און קושן דאָס טרויעריקע פּנים פון דער פרוי דורך דער גאַנצער נאַכט, ביזן גרויען באַגינען, ווען אַ האַנט וועט ווידער אָנצינדן די קנויט פונעם לאָמפּ...

## דאָס נאַכטראַכטן פון גאָטס באַשעפענישן

דאָס בלייבן שטיין אויף אַ רגע׳לע פאַרקלערטערהייט פון אַן איינ־זאַמען אינסעקט אויפן ריזיקן פעלדז, קריכנדיק שווער באַרג־אַרויפצו. דאָס שווייגנדיקע שטייגן פון אַ בלייך־בלויען שוועלבעלע איבערן שטע־כיקן צוויג, ווי וועלנדיק דווקא אַ קוק טאָן וואָס „אויבן" טוט זיך אָפּ. דער וואונדער, אָדער נס, פון אַ פלושיקן קראַליקל, אָדער קיניגל, אין שטילן פעלד, זיך פלוצלינג אָפּשטעלנדיק, אויפשטעלנדיק מיט פּחד און פאַרזיכטיקייט זיינע דינינקע אויערן, און זיך ווי צוריק אומקוקנדיק איבערן ווייט־אָפּגעגאַנגענעם וועג...

דאָס אַלץ האָט מיך שטענדיק טיף אינטריגירט. עס איז מצד די באַשעפענישן פון דער ערד אפשר אַ סאָרט מענטשלעך נאַכטראַכטעניש וועגן די רעטענישן פון לעבן, פון גורל, פון מענטש, גאָט, וועלט, און פון דעם גאַרן אוניווערס...

## זוכנדיק דאָס נישטיקע

איך באַטראַכט ווי געוויסע מענטשן ביים ברעג פון ים גייען אויס לענגערע שטרעקעס, האַלטנדיק שעהנלאַנג אַראָפּגעהאָנגען זייערע אויגן צו דער ערד, זוכנדיק אין דעם געלן זאַמד־טיפעניש שטיקלעך צירונג,

זילבערנע און גאָלדענע מטבעות, אַלערליי זעלטענע קלייניקייטן, וואָס די מענטשן, איבערהויפּט די פרויען, האָבן דאָ אפשר דורכן הייסן זו־מערדיקן טאָג פאַרלוירן. זיי ווייסן אָבער נישט וויפל גאָלד זיי פאַרלירן דורכן נישט אויפהויבן קיינמאָל זייערע קעפּ צו די הימלישע הויכקייטן, כדי אָנצוקוקן די זון, אָדער די שטערן ביי דער נאַכט, אַנשטאָט ווערעמ־דיק צו גריבלען זיך אין די זומפּן און זאַמדן פון דער ערד, בלויז געפּי־נענדיק נישטיקייטן און ווערטלאָזיקייטן...

## נאַפּאָלעאָנס קרוין פאַר דער קעניגין זשאָזעפינע

איך האָב געזען אין דעם צירונג־געשעפט פון „פאַן קליפס און אַר־פּעלס", אויף דער פינפטער עוועניו, די גאָלדענע קרוין, געדיכט באַזעצט מיט גרויסע בריליאַנטן, ווי אַ פינצטערע נאַכט פול מיט שטערן, וואָס נאַפּאָלעאָן דער ערשטער האָט געהאַט געשאָנקען צו זיין קייסערינע זשאָ־זעפינע אין יאָר 1805, ווען ער איז געווען אויף דער הויך פון זיין הערשאַפט, און איראָפּע מיט אירע פילע פעלקער, אַרמייען, קעניגן און טראָנען זיינען געלעגן פאַרשקלאַפטע צו זיינע פיס. דאָס איז אפשר דאָס מעכטיקסטע שטיק בּיזשוטעריע וואָס איך האָב ווען עס איז געזען אין מיין לעבן. נאָר אַזאַ הערשער ווי באָנאַפּאַרטע האָט זיך געקענט פאַר־גינען צו דעראָבערן פון די באַזיגטע און פאַרשקלאַפטע פעלקער און לענדער אַזאַ מין ריזיקע אימפּעריע, און דערנאָך צו פּרואוון געווינען דאָס האַרץ און די ליבע פון איינער אַ שטערבלעכער פרוי, מיט אַזאַ אָטעם־פאַרכאַפּנדיק מייסטערווערק פון דער צירונג־קונסט.

עס איז מיר פאָרגעקומען ווי אַ געהיימעניש־פולע האַנט וואָלט אין אַ פינצטערער נאַכט צוגערויבט פונעם הימל אַ געדיכטע גרודע מיט ערשטקלאַסיקע שטערן, און ער וואָלט זיי אַריינגעפּאַסט, אַרבעטנדיק בשעת די שפּעטע נעכט אין זיין פאַרבאָרגענעם צירונג־ווערקשטאַט, אין דער טיאַרע, וואָס איז פאַקטיש אַ געהאַמערטע קרוין פון גאָלד־און־בריליאַנטן...

איך בין לאַנג געשטאַנען אונטערן שניי, ביי דער דיקער שויב פון דעם פּרעכטיקן אויסשטעלונג־פענצטער. אינסטינקטיוו האָבן זיך מיינע הענט געצויגן אַהין, כדי צוצוגנבענען די מעכטיקע קרוין, וואָס וואָלט זיך וואויל געפּאַסט פאַרן שיינעם, איידעלן און קלוגן קאָפּ פון מיין געט־לעכער פריינדין...

## די פינגער פון דורות

איך האָב געזען אין דעם היגן אידישן מוזעאום אַ קאָלעקציע פון תורה־ידין, ידין פון אייזן און קופּער, פון זילבער און גאָלד. איך האָב געטראַכט: די הענט פון יענע פרומע און פאַרכטיקע אידן וואָס האָבן אַמאָל געהאַלטן די ידין איבערן געלן פאַרמעט פון דער תורה, זיינען

שוין זינט לאַנג פאַרוואַנדלט געוואָרן צו אַש און שטויב, צוזאַמען מיט זייערע יסורימדיקע גופים. אָבער עס איז געשען אַ נס. יענע פשוטע הענט פונעם פאָלק זיינען דורך גאָלדשמידן פאַרוואַנדלט געוואָרן צו זיל־בערנע פינגער, צו גאָלדענע הענט, צו אייזערנע נעגל. און אפשר ציט עס די דאָזיקע ייד׳ן ווי מאַגנעטן צו דער חכמה פון דער הייליקער תורה, וואָס נערט מיט גאָטס פייער זיין אייביקן פאָלק...

## די גאַרגוילע

די שטיינערנע גאַרגוילע שטייט זיך אַזאַ מוראדיק־שוויגנדיקע אויפן דאַך פון נאָטר־דאַם־קאַטשעאַל. אירע גראַניטענע פליגלען דערהויבן זיך הויך אַריבער אירע אומבאַוועגלעכע פלייצעס און קאַלטע אַקסלען. דיביינערדיקע הענט, די מעכטיקע פויסטן, שפּאַרן אונטער מיט טראַציקייט דאָס פנים, די עקשנותדיקע גאַמבע, מיט דער צעפּלאַטשטער נאָז, וועמענס ברייטע נאַזלעכער אָטעמען מיט אייזיקער קעלט. און אירע שטאַרע אויגן וואָס קוקן באַוועגלאָז אין גאָטס נאַכטישער און האָפענונגסלאָזער פינצטערניש. זי קוקט פלעגמאַטיש און חושכדיק אַראָפּ אויף די פּאַר־סאַזשעוועטע מויערן פון תפיסות און פּאַלאַצן אין דער אַלטער איינזאַמער שטאָט. אַ ים מיט צעלויכטענע פענצטער פון די דורך יאָרהונדערטער צעגריזשעטע הייזער פינקלען אויף אין דער גרויער און נעפּלדיקער נאַכט. דאָס טרוקענע גרינס פון די בוימער, אויפגעגעסן און פאַרוויאַנעט פון שטויב און סאַזשעס פון די קוימענס, רעפלעקטירט זיך ווי שימל אין דעם ליכט פון די אייזערנע לאַמטערנעס. עס שטאַרן אַרויס פונעם נעפּלדיקן ים, ווי אַ דערטרונקענע שטאָט, די שטיינערנע טורעמס פון אַלטע שלעסער, געריכטן־הייזער, תפיסות און קאַזאַרמעס; מאָנומענטן און מצבות אויף די קברים פון די פאַרגאַנגענע דורות. פּאַריז זעט אויס ווי אַן אוראַלטער מדבר פון לעבן און טויט, פון רעוואָלוציעס און מלחמות, פון נצחונות און מפּלות, פון געלעכטער און געוויין, פון חתונות און לוויות, פון געבורטן און טויטן, פון טראָגנען און עשאַפאָטן. אַלע דראַמעס און ראָמאַנען, די פאָלקס־לידער און באַלאַדעס, די דערציילונגען פון מיטלאַלטער און די טעסטאַמענטן פון פראַנסואַ ווילאָן, די אויפשריפטן אויף די מויערן און באַסטיליעס, די עפּיטאַפן אויף די אומצאָליקע מצבות און דענקמעלער; דאָס אַלץ איז בלויז אַ טראָפּן אין ים פונעם דאָזיקן אומענדלעכן לעבנס־טאָל...

אונטער די אויסגעקרומטע דעכער פון דער ריזיקער שטאָט פּאַריז לעבן מאַסן מענטשן רייך און ראַסקאָשנע. עס טריפן די בעכערס מיטן זילבערנדיק־שוימענדיקן שאַמפּאַניער־געטראַנק אין די טיפע העלדזער פון די צעהוליעטע מאַנצבילן און פאַרשייטע ווייבער. אָבער פון די וואונדן און די אויגן פון אָרעמעלייט פלאַמט אַרויס ביינאַכט, אין ביטערן

וויטיק, דאָס בלוט און די טרער. יעדער אײנציקע רגע, און שעה, אין דער שטאָק־פינצטערער נאַכט איז אַ מיליאַנאַקטיקע פאַרשטעלונג. אויפן פאַריזער גרויען הימל ציטערט בלייך אויף די שאַרפע וואונד פון דער ערשט־אויפגעשניטענער לבנה, וואָס טריפט אָפּ מיט פייער און מיט בלוט. נאָר אײנזאַם און שווייגנדיק שטייט דורך די יאָרהונדערטער דער אײנזאַמער גע̇עץ אויפן געזימס פון דער פאַרצייטישן נאָטר־דאַם, וואו מען האָט זינט די יאָרהונדערטער געקרוינט די פראַנצויזישע מלכים, און אויך מיט דער צייט אַדורכגעפירט זייערע לוויות. די גאַרגוילע שטעקט אַרויס איר אַלטע גראַניטענע צונג ווי אַ שטילעט צו דער שטאָט וואָס געדענקט בלוטיקע מאַסנסצענעס, דעמאָנסטראַציעס פון די רעוואָלוציאָנערע מאַסן, די טריאומף־מאַרשן פון די זיך אַהיימקערנדיקע זיגערישע אַרמייען, די קרוינונגען און קאַראַנאַציעס פון קייסאָרים, די עקזעקוציעס און קעפּונגען פון געקרוינטע קעפּ און פון אומצאָליקע אומשולדיקע בירגער. אָבער דער געץ שמייכלט ציניש און סאַרקאַסטיש פון די מערסטע ערדישע פאַרמעסטן, ספּעקטאַקלען און האַפּענונגען. ער, וואָס הערט דורך די אומענדלעכע מעת־לעתן די מוזיק פון די מענטשלעכע בענקעטן און פייערלעכקייטן; וואָס קוקט זיך צו אָן שום הונגער און דורשט צו די רייכע סעודות און אָרגיעס פון תאווה און גרויזאַמקייט; וואָס אָבסערווירט אַזאַ רואיקער די אויסבראָכן פון מאַסן־צאָרן, נקמה און חורבנות; וואָס זעט צו טאָג־טעגלעך די לעצטע נסיעות אין די ענגע הילצערנע קעטשלעך און קאַרעטעס פון די פאַרמשפּטע דאַנטאָנס, ראָבעספּיערס און זייערע קאָלעגן קאַמיל דע מולען און סט. זשוסט; וואָס האָט אַריינגעזויגן אין זיין שטיינערנעם מוח די זכרונות, די פּראָצעסיעס צו דער גיליאָטינע פון קעניגן, קעניגינס און קבצנים; וואָס איז געווען אַן עדות פון די היסטאָרישע אויפטרייסלונגען, צעשטערונגען פון פעסטונגען, באַסטיליעס, טורמעס און קאַזאַרמעס; ער, וואָס זעט דעם אָנהויב און דעם סוף פון יעדן דור, פון וויגל ביזן קבר; ער שוויגט תמיד פינצטער און עקשנותדיק, ווי גאָט, מיט זיינע שטרענג־געשלאָסענע ליפּן און קופּערנעם שטערן. ער שטעקט בלויז אַרויס זיין צונג ציניש און חוזקדיק, אַנקוקנדיק מיט זיינע שטיינערנע אויגן דאָס אייביקע ערדישע שפּיל, די בלוטיקע טראַגי־קאָמעדיע פון דעם מענטשלעכן לעבן, ווי אַן אומענדלעכער מאַסקנבאַל, באַלויכטן דורכן ליכט פון די ווייטע און גלייכגילטיקע שטערן...

ווי אַ ריזיק בית עולם מיט צעבראָכענע מצבות, מאָנומענטן, דענקמעלער און פּאָמניקעס איבער מאַסן אַלטע קברים פון אויסגעשטאָרבענע דורות דורך אַלערליי מגפות, כאָלערעס און קראַנקייטן, ליגט אונטן אינעם טאָל צעשפּרייט די אוראַלטע און לוסטיקע שטאָט פּאַריז, אין

װעמענס בעטן אין די הײזער, קעלערן און בוידעמער דאָס שטילע און פּאַסיװע פּרויענטום װערט געליבט און געשענדט דורך דעם אײביק־טאָװהדיקן מענערטום, און נײַע דורות װערן פאַרפּלאָנצט מיט פײַער, כּדי פּאַר די קאַלטע און גזלנישע אויגן פון דער גאַרגױלע, צו להכעיס איר שרעקלעכער איראָניע און חוזק, זאָל זיך קײנמאָל נישט אָפּשטעלן דער יאַריד, די מאַסקאַראַדע און די גראַנדיעזע פאַרשטעלונג פונעם מענטשלעכן לעבן, אין אַלע אירע דועלן, געראַנגלען, קאַמפן און רעװאָ־לוציעס פאַר איר מכלומרשטער פרײַהײט...

## די שטומע און לאַנגע אײביקײט

שטענדיק קוק איך מיט שטױנונג אױף די גרױע פעלדזן בײַם ברעג פון ים, אין װעמענס שאַרפע קאַנטן די כװאַליעס ברעכן זיך ברוטאַל אָפּ, און זײ צעפאַלן זיך אױף טױזנט שטיקער פּערל און בריליאַנטן. איך ריר ממש אָן מעשה בראשית אין זײער פאַרשטײנערטן לײַב. אױף זײער שטומער שפּראַך דערצײלן זײ מיר פונדעסטװעגן אָן עפּישע געשיכטע פון קאָסמישער עװאָלוציע. איך טאַפּ אָן אין זײערע פאַרשטײנערטע לײַ־בער יענע מעכטיקע פלאַסטן, אַמאָל אַזעלכע היציק־געגאָסענע מיט געט־לעכן אימפּעט און רחבותדיקן פאַרנעם. אין יעדן באַזונדערן שיכט פון גראַניט זע איך אַ פאַרגאַנגענע אורצײַט מיט װעלדער; שמעק איך ממש אָן עפּאָכע פון אפשר טױזנט דורות. אין יעדן פאַרגליװערטן שטײנער־נעם טאָפּל זע איך אַ גאַנצן מיליאָן זיך קאָכנדיקע עלעמענטן און צאָרנ־דיקע טײַכן. די דאָזיקע שטיקער פעלדזיקע הױקערס און אײַזערנע ריפּן זײַנען אַװדאי די רעזולטאַטן פון ביליאָנען יאָרן װעלט־אַנטװיקלונג. און איך קוק אָן די פאַרבאָרגענע און שלאָפנדיקע חוה׳ס אין די שטיקער גראַניט, װאָס אדמס־און שטערן װעלן אַמאָל נאָך באַמאַנען...

## דער מענטש איז נישט אינגאַנצן אַלײן

זיך באָדנדיק הײַנט אין ים, בשעת אָן אומגעװײנלעך װעטער, איז אין מיר פלוצלינג אױפגעגאַנגען עפּעס אַ ליכטיקײט און געטלעכקײט. איך האָב דערזען די שײנקײט און די אומגעהױערקײט פונעם אוניװערס. גלײַכצײַטיק מיט דער קלײנלעכקײט, נישטיקײט און פאַרגײענדיקײט פון די מענטשן, און פון גאָר די ערדישע ברואים בכלל, האָב איך פלוצלינג דערשפּירט אױף מײַן שטערן די הײסע האַנט פון דער אײביקײט. דער ים איז געװען פול מיט צעשמאָלצענע אוצרות, װאָס די זונשטראַלן האָבן אױסגעמינצט פון גאַנצע בערג מיט רױען גאָלד־און זילבער. גאָטס פאָטערלעכע האַנט האָט מיך אָנגערירט אין סאַמע מיטן האַרצן מײַנעם. זײַנע פינגער־שפּיצן האָבן הײס געבריט אױף מײַן שטערן... עס איז געװען אָן איבערלעבעניש װאָס גיט גלױבן, קראַפט און איבערצײַגונג צום אײנזאַמען מענטש אַז ער איז נישט אינגאַנצן אַלײן אין דעם קאָסמאָס...

## אַזאַ מין שטימונג

איך זיץ אין צענטראַל־פּאַרק אונטער אַ דינעם, טראָפּענדיקן רעגן. איך האָב עפּעס אַזאַ געפיל פון טויט. בלעטער, פלאַנצן און שטיקלעך ערד פאַלן איבער מיר. דער שטויב פון מדבריות רירט אָן מיינע ביינער. חיות רעות שטעלן זיך אָפּ, זיי באַשמעקן מיך און זיי גייען אַוועק ווייטער, כדי צו זוכן שפּייז און וואַסער. פייגל שוועבן אַזוי נידעריק איבער מיר און זיי לאָזן ליגן זייערע פעדערן אויף מיין קאַלטן שטערן. אַפילו די הונגעריקע מייז מיידן מיך נישט אויס. די פעלד־שלאַנג אויך. מיך אַרט שוין אַפילו נישט מיין אייגענער טויט. איך וואָלט שוין אוודאי, ווען איך וואָלט צוריק אויפגעשטאַנען תחית המתים, נישט געקענט לעבן נאָרמאַל אויך. איך פיל אַז איך בין שוין בפירוש עלעמענט, פּאַרצייטנס און אייביקייט...

## אין בעלוויו־שפּיטאָל

אין דרויסן איז קאַלט און אומהיימלעך. דורך די מוטנע שויבן זע איך דאָס טונקעלע וואַסער פונעם איסט־ריווער. עס איז געפאַלן פון הימל אַ בייזער, שטייניקער האָגל. גאַנצע שטיקער רויער שטיין האָבן צאָרנדיק געזעצט פון הימל ווי שטרענגע נביאישע פּסוקים אויף די פאַרשאָלטענע קעפּ פון די מענטשן. גאָט איז אין דעם היינטיקן טאָג געווען בייז און אָנגעכמורעט. די מענטשן האָבן אויסגעזען דערהדריקטע און ווי צום טויט־פאַרמשפּטע. עס איז געווען דער לעצטער שניי, מיר דאַכט זיך, פון היינטיקן סעזאָן. ער האָט אין דער פרי אויסגעבראָכן ווי אַ געדיכטער, מענטשנשלאָגנדיקער רעגן. ער האָט צום ערשט גע־כליאָפּעט ווי מיט צעבערס. שפּעטער איז ער געפרוירן געוואָרן אין דער לופטן. ער האָט זיך עפּעס צאָרנדיק געזעגנט מיט דער וועלט, און ער איז געזונקען אין דער ערד אַריין ווי אַ שיכורער. איך זע אין דעם שניי־שטורעם ווי עס באַוועגן זיך איינזאַמע שיפן איבערן איסט־ריווער. די פייערן לויכטן אינעם חושך. איז עס אַ חלום? — פרעג איך זיך. בין איך אפשר אַרויפגענומען געוואָרן אויף אַזאַ שיף? קומט אַלץ פאָר אויפן ים גאָר? זיינען די דאָזיקע אַלע פּאַציענטן אויף זייערע בעטן, וואָס זעען אויס ווי אָנגעצונדענע מאַרטירערס, בלויז שאָטנדיקע אויסדאַכטענישן?!...

עס ווערט מיר איצט קלאָר די באַדייטונג פון פראַנצויזישן וואָרט „בעלוויו”, וואָס מיינט אַ שיינע לאַנדשאַפט, אַ כישופדיקער אויסזיכט. אינעווייניק איז פאַראַן אַזוי פיל טרויער און אומגליק. אָבער אויסער־לעך — אַ לאַנדשאַפט פון נאַכט און שניי, פון מוטנעם וואַסער און איינ־זאַמע, געהיימנישפולע שיפן אויפן טייך. פאַרשידנאַרטיקע זיינען די פּאַ־ציענטן, אין זייער עלטער, פיזישן אויסזען און אין די גראַדן פון איני־טעליגענץ. אָבער אַלע מענטשלעכע נשמות טראָגן צוזאַמען איין סאָרט לייד און טרויער. אַפילו אַ קליינטשיק יינגעלע ליגט דאָ ווי אַ געפאַנ־

געגער פּרינץ אויף אַ בעטל, און ער רעדט אין דער נאַכט אַריין זיין רירנדיקע אָפּערע מיט לויטער קינדישע רייד. עס איז די זיסע קינד־הייט וואָס ליגט דאָ אַ געפּאַנגענע אין די קייטן פון שלאַפקייט.

## אייער טויט שמעקט מיט שונד און סענסאַציע

איך האָב באַזוכט דעם שריפטשטעלער א. אַלמי אין שפּיטאָל. דורך די דינע און שניי־קלאָרע באַנדאַזשן איבער זיינע בײדע האַנט־דלאָניעס האָבן אַרויסגעלויכטן די שווין־פּאַרגליווערטע וואונדן מיט רויטע טראָפּנס בלוט, ווי אַנגעצונדענע שטערנרובינען, וואָס בעטן זיך ביים געניטן מלאך־גאָלדשמידט צו ווערן איינגעפּאַסט אין גאָלד. אין די אימה־דיקע שוואַרצאַפּלען פון זיינע אויגן איז געשטאַנען רוי און ברוטאַל דער מלאך המות, געפּאַנצערט אין אַ שטאָלערנעם אַנצוג, ווי אַ פּאַרצייטישער ריטער, וואָס האָט צוזאַמען מיט זיין קרבן ווי עפּעס אויך שטילערהייט אָפּגעבלוטיקט אונטערן פּאַנצער פון שווערן אייזן־און־קופּער. אַלמי האָט מיך אַ צעטומלטער און אַ נישט קיין דאַאיקער, געפרעגט:

— איר ווייסט גאָרנישט ???

— וואָס ווייס איך נישט? — האָב איך זיך געמאַכט עפּעס מאָדנע תמעוואַטע און „באַקוועם”...

— איך בין דאָך נעכטן ביינאַכט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. איך האָב מיט אַ בריטווע זיך איבערגעשניטן די אָדערן פון מיינע בײדע הענט. איך קען בשום אופן נישט מער צוריקגיין צו דער איינזאַמקייט פון מיין מאַנסאַרדע...

איך האָב געשוויגן. איך האָב אפשר אין דעם מאָמענט נישט גע־וואוסט געגוי ווי אַזוי צו רעאַגירן. אָבער איך האָב געטראַכט ביי זיך: נאַאיווער אידישער פּעליעטאָניסט! די וועלט וועט זיכער נישט ווערן איבערראַשט פון אייער זעלבסטמאָרד־פּרואוו. די וועלט האָט איצט אַ סך וויכטיקערע פּראָבלעמען ווי אייער לעבן אָדער טויט. אייער „פּאַר־צווייפלטער” זשעסט מיט אַכזריותדיק־נאַקעטן חלף איבער אייערע איי־גענע וואַרעמע הענט, וואָס איז טאַקע געווען אַ מין פּראָטעסט קעגן אייער פּערזענלעכער איינזאַמקייט אין דער געזעלשאַפט, אין דער מישטיינס־געזאָגטער היגער אידישער ליטעראַרישער סביבה, אין דעם מעכטיקן און מיליאָניקן אידישן ניו־יאָרק, וועט פאַר די ציניקער שמעקן מיט שונד־און־סענסאַציע, כאָטש איר האָט עס שוין דווקא געמיינט אויף אַ בלוטיקן און טראַגישן אמת, ווי אין דער ראָמאַנטישער אָפּערע „פּאַליאַטשי”...

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט אַלמי ווידער געמאַכט אַ זעלבסט־מאָרד־פּרואוו, זיך אַראָפּוואַרפנדיק אינמיטן נאַכט פון זיין וואוינונג אויפן זעקסטן גאָרן צום שטיינערדיקן ברוק פון אַן ענגן הויף, וואו זיין קערפּער איז ממש צעקלאַפּט און צעשמעטערט געוואָרן אויף שטיקער פון די שמאָלע

און שטיינערנע ווענט, נאָך איידער ער האָט רעכט געלאַנדעט אויפן ברוק. דאָס איצטיקע מאָל איז עס אים שוין וואויל געלונגען. אָבער די וועלט, אַפילו נישט די אידישע ליטעראַרישע סביבה, איז גאָרנישט געווען איבער־ראַשט...

אין זיין צוואה האָט אַלמי מיר פאַרשריבן, אויסער אַ געלט־סומע, אויך זיין טעלעוויזיע־אַפּאַראַט. ער "שפּילט" ביי מיר ביזן היינטיקן טאָג. די וועלט לאַכט און וויינט, שרייט און טומלט, אַזוי יעדער נאַכט, אין אַלמיס טעלעוויזיע. שוין אַ היפּשע עטלעכע יאָרן זינט זיין טויט. אָבער יעדע נאַכט זע איך זיין געשטאַלט, זיין טרויעריק פּנים צווישן די מאַסן אַקטיאָרן. פּשוט, ווי אַ דיבוק, האָט ער זיך באַזעצט אינעווייניק, און ער שרייט און יאָמערט אַרויס פון צווישן די טויזנטער אַקטיאָרן, מיט זיין אידישן געוויין, אידישן וואָרט, אידישן קרעכץ און אידישן דונער־אויס־געשריי...

## די ווילדע חיות און דאָס מענטשלעכע אין זיי

איך בין געווען אין זאָאָלאָגישן גאָרטן פון צענטראַל־פּאַרק. דאָס פּנים פון דעם לייב איז מאַיעסטעטיש, און עס וואַרפט אָן אַ פּחד. עס איז ווי עפּעס אַ געטלעכער קינסטלער וואָלט וואָלט בפירוש אַריינגעטאָן זיין געטלעכן כוח אין דעם לייבס גריווע, אין זיינע טרויעריקע און שטאָלצע אויגן, אין זיין פלאַטשיקער נאָז, און אין די ציין פונעם מעכטיקן פּיסק. די ווייבלעכע באַגלייטערין זיינע, די לייבעכע, איז אַ סך איידעלער, צאַר־טער, כאָטש אויך אַ בלוטדורשטיקע חיה, וואָס קען צערייסן אַ מענטש אין איר הונגער...

די גאָרילעכע האָט בסדר געהאַלטן אויף די אָרעמס, און געטוליעט צו זיך, איר ניי־געבוירנס. ווען איר זכר, דער ריזיקער גאָרילע, האָט זיך צו איר דערנענטערט, זיך וויגנדיק אין דער לופטן איבער די אייזערנע שטאַנגען מיט זיינע לאַנגע און האָריקע הענט, האָט זי מורא געקראָגן פאַרן קינדס וואוילזיין, און איז דערמיט אַנטלאָפן אין אַ ווינקל. זי האָט, ווייזט אויס, באַנומען עפּעס פון אדמס זעלבסטמערדערישן אימפּעט; פון זיין פעאיקייט אומצוברענגען דעם אייגענעם אויפשפּראָץ. אין דעם מאַן־גאָרילע איז געווען אויסגעדריקט סיי פינצטערער פּחד, סיי מענטשלעכער פאַרמעסט און איינזאַמע טיטאַנישקייט. עס איז דאָס חיהשע אינעם מענטש, און אויך דאָס מענטשלעכע אין דער חיה, וואָס צייכנט אויס די חיה, און באַזונדערס דעם מין מענטש...

צום גליק האָט דער רבונו של עולם, מיט זיין חוש פאַר קאָנטראַסט און וואַריאַציע, אויך באַשאַפן דעם פויגל. דערמיט האָט ער געשאָנקען, צום שווערן און מאָנומענטאַלן פון די לייבן, און צו דער האַמעטנעקייט פון די גאָרילעס, אויך אַן עלעמענט פון שפּיל, געזאַנג און זאָרגלאָזיקייט...

# דער ביינאַכטיקער רעגן

ביינאַכט האָט געכליאַפּעט פון הימל ווי מיט צעבערס. אָבער איך בין געשמאַק געשלאָפן. אין דער פרי, ווען איך האָב געעפנט מיינע אויגן, האָב איך געזען ווי די ערד איז געווען פריש און פייכט ווי אַ ניי־געבוי־רענע. די בוימער אין די גערטנער און אין די פרומע אידישע סעדער, זיינען געווען אַדורכגענעצטע פון גאָטס וואַרעמע קושן. די בלומען זיינען געווען אַדורכגעווייקטע, און זייערע קעפּלעך פון טוי פּאַרטריפטע, און אויך דערפרישטע, אַזוי ווי פון גוטע חלומות. עס איז מיר פונדעסטוועגן געווען שטאַרק אַ שאַד, וואָס איך האָב זיך דורך דער נאַכט נישט געהאַט צוגעקוקט צום פאַלן פון גאָטס זיסן רעגן. איך האָב באַדויערט, וואָס איך בין נישט געשטאַנען ביים פענצטער, נעבן די פאַרהאַנגען, און נישט גע־פילט אויף מיין פנים דאָס שטילע טריפן פון די מחיהדיקע און פאַרפיר־מיקע טראָפּנס. מיר האָט באַנג געטאָן, וואָס איך האָב נישט ביגעוואוינט גאָטס רעגן, ווי ער פאַלט פון די וואָלקנס אַזוי ווי מן, און ווי ער באַפרוכ־פּערט מיט זיין שפע די שוואַנגערנדיקע ערד...

פון דער פאַרענדערונג פון דער ערד האָב איך וואויל דערקענט, אַז גאָט אַליין האָט איר אָנגערירט מיט זיך, מיט כמאַרעס פולע מיט וואַסער, און מיט ווינטיקע האַנטוכער. גאָט אַליין האָט וואַרעם געצוואָגן די קעפּ פון די בוימער, ווי אַ מוטער צוואָגט מיט מאַמעשער ליבשאַפט די קעפּלעך פון אירע אייגענע קינדער...

# צוליב איין נאַכט

מיין פריינט חיים שערמאַן, אַ שניידער, וואָס שטאַמט פונעם שטעטעלע אָזשעראָף, ביי קעלץ, דערציילט מיר אַ שטיקל כראָניק פון די מלחמה־יאָרן אין בעלגיע, בשעת דער נאַצישער אָקופּאַציע.

— בײדע ייִנגע שוועסטערלעך, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין אַ קאָנווענט אונטער דער השגחה פון נאָנעס, פלעגן יעדן זונטיק אַהיימקומען אויף איבער נאַכט, כדי צו פאַרברענגען אין דער וואַרעמער סביבה פון טאַטע־מאַמע. אויף דער אַנדערער נאַכט האָט די ייִנגערע, לאהלע, צוזאַמען מיט איר עלטערער שוועסטער רחלע, זיך געדאַרפט אומקערן אין קאָנ־ווענט, צו די נאָנעס. לאהלען האָט אָבער געצויגן צו פאַרברענגען מיט אירע עלטערן נאָך אַ נאַכט. איז זי געווען אַ ביסל מיד? האָט איר געצויגן זיך צו טוליען צום וואַרעמען לייב פון איר מאַמען, וואָס האָט שטילערהייט געציטערט פון אַנגסט? האָט זי אפשר געוואָלט אַ ביסל לענגער פאַרברענ־גען אין איר קליינעם שטיבל, וואָס איז געווען פול מיט קינדערישע צאַצקעס, מיט אויסגעהאַפטענע בלומען פון זייד, און מיט חנעוודיקע לאַלקעס, וועמענס קליידלעך און בלוזקעס זי האָט אַליין גענייט?...

די עלטערע שוועסטער, רחלע, איז טאַקע זונטיק פאַרנאַכט אוועק־

געפֿאָרן מיט אַן אויטאָבוס אין דעם פֿאָרשטעטל פֿון ברוסעל, צום קאָנווענט, צו די נאָנעס, צו דער אומהיימלעכער קאַטוילישער אַטמאָספֿערע. לאהלע איז איבערגעבליבן אויף נאָך אַ נאַכט צו שלאָפֿן אַזוי קינדיש־זיס אין דער מאַמעס געטרייע אָרעמס. אָבער אין באַגינען האָבן פּלוצלינג אָנגעקלאַפּט די געשטאַפּאָ־לייט. די מוטער איז אַ ווײַנענדיקע צוגעפֿאַלן צו די שווער־באַנעגלטע שטיוול פֿון די דײַטשע רוצחים. זי האָט מיט טרערן געקושט זייערע פֿיס, און האָט זיך בײַ זיי געבעטן פֿרײַ צו לאָזן איר טאָכטער. זי אַליין, מיטן מאַן, זײַנען גרייט זיך צו לאָזן פֿירן צו דער שחיטה. אָבער זאָלן די „גענעדיקע הערן" איר צוליב טאָן, און פֿרײַ לאָזן איר ייִנגע טאָכטער, וואָס הייבט ערשט אָן צו לעבן. די מערדער האָבן מכלומרשט אײַנגעווייליקט...

די געשטאַפּאָ־לייט האָבן אַוועקגעפֿירט אין יענעם באַגינען דעם ריזיקן קאָמיאָן, וואָס איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט ברוסעלער אידן. טראָץ זייער אומגליק, האָבן די פּנימער פֿון די עלטערן ממש געלויכטן פֿון דער ליכטיקער מחשבה, אַז זייער טאָכטערל איז געראַטעוועט געוואָרן. זיי האָבן גאָרנישט חושד געווען, אַז אַ באַוואָפֿנטער געשטאַפּאָוויעץ איז געבליבן פֿאַרשטעקט אין הויז. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער דאָס דערשראָקענע מיידל אַרײַנגעפֿירט אין זײַן אויטאָמאָביל, און איר אָפּגעפֿירט קיין מעכעלין, די ערשטע סטאַנציע, פֿונוואַנען מען האָט די אַרעסטירטע אידן שפּעטער טראַנספּאָרטירט מיט דער באַן קיין אוישוויץ, צום אומקום...

די אײנע נאַכט פֿון בענקשאַפֿט צו פֿאַרברענגען אין דער היימישער סביבה פֿון טאַטע־מאַמע, האָט געקאָסט דאָס לעבן פֿון אַ אידיש קינד...

— די עלטערע טאָכטער רחלע האָט שפּעטער חתונה געהאַט און געבוירן קינדער. זי האָט שוין דערלעבט צו האָבן אייניקלעך. זי האָט אירע טויטע עלטערן געמאַכט פֿאַר זיידע־באָבע. — דערציילט מיר חיים שערמאַן, מײַן פֿרײַנט פֿון אָזשעראָף. — זי וואוינט נאָך ביז הײַנט אין ברוסעל. אָבער מײַנע פֿרײַנט האָבן נישט דערלעבט צו האָבן נחת פֿון זייער ייִנגערן קינד...

איך טראַכט: פֿאַרן טויט, גייענדיק צו דער מאַסנעקזעקוציע, האָבן טאַטע־מאַמע אַוודאי באַגעגנט זייער ייִנגערע טאָכטער לאהלען. אפֿשר האָבן זיי געקענט צום לעצטן מאָל זיך אַרומנעמען און קושן, איידער גאָט האָט זיי, פֿאַרוואַנדלטע צום הייסן אַש, אויפֿגענומען אין גן־עדן...

## דער קליינער פֿראַנצויז

דער קליינגעוואוקסיקער פֿראַנצויז, וועמען איך פֿלעג יאָרנלאַנג זען אַרומבלאָנדזשען אין מײַן געגנט, איז שוין, ווייזט אויס, מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע, מחמת איך האָב אים שוין זינט לאַנג נישט געזען באַגעגנט אויף די גאַסן, צונויפֿקלייבנדיק אַלטע צײַטונגען אין די בלעכענע מיסט־קאַסטנס. איך וואָלט געגאַנגען צו אים, ווען איך וואָלט געוואוסט אויף

װעלכן בית־עולם זײַן קבֿר געפֿינט זיך, כּדי זײַן פֿרײַנטלעכע נשמה זאָל מיך אויסלערנען װילאַנס און ראַנסאַרדס פּאָעזיע, װאָס ער האָט אַזױ אױסגעצײכנט געקענט פֿון אױסנװײניק, און ער פֿלעגט פֿאַר מיר אָפֿט דעקלאַמירן בײַם גרינעם גלאָז מיט ביר אין דער װײַנשענק...

## די עלטערע און נאָבעלע פֿרױ

אין גאָרטן, אויף דער גריבער באַנק, איז געזעסן אַן עלטערע און נאָבעלע פֿרױ. איך האָב זי לאַנג אָנגעקוקט און האָב זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז מײַן אינטימע פֿרײַנדין װעט אַזױ אױסזען, װען זי װעט, מיט גאָטס הילף, דערגרײכן אין דער טיפֿער עלטער. איך האָב געהאַט אַ באַדערפֿעניש צוצוגײן צו דער פֿרעכטיקער דאַמע און אָנצורירן מיט מײַנע ליפּן דעם שטויב פֿון אירע שיך, אָדער זיך אָנצובויגן איידל און צו קושן אירע װײַסע און שטילע הענט. איך האָב בכלל צו איר געװאָלט אַרױסװײַזן אַזױ פֿיל ליבשאַפֿט און דרך־ארץ. איך האָב איר געװאָלט פֿרײַנטלעך בעטן זיך נישט צו שרעקן פֿאַר מיר, כאָטש איך בין אַזאַ שטילער גײַסט. אָבער איך בין דער זעלביקער גײַסט, װאָס איז אויף אײביק פֿאַרליבט אין איר, און װאָס האָט זי קײנמאָל נישט אַרױסגעלאָזט פֿון זײַן װאַרעמען אויג. אויך האָב איך קײנמאָל, אַפֿילו נאָך מײַן טויט, זיך אַפֿילו אויף קײן אײנציקער רגע נישט דערװײַטערט פֿון איר שטילן און לויטערן געשטאַלט און פֿון איר פּאָעטישער פּערזענלעכקײט...

## פֿון אַ בריװ צו אײנער אַ פֿרױ

זײַן מיר מוחל, איך בעט אײַך, פֿאַר פֿאַרלירן אַ װאָרט װעגן מײַן אײגענער װײניקײט: אין אַלע מײַנע איבער צװאַנציק ביכער, װאָס זײַנען אַ טראָפּן אין ים װאָס איך האָב באמת אָנגעשריבן; אין מײַנע אַן ערך צען טויזנט ליטעראַרישע אַרבעטן, אָפּגעדרוקטע אין דער פּרעסע פֿון גאָר דער אידישער װעלט; און אין מײַנע טויזנטער נאָך קײנמאָל נישט־אָפּגע־דרוקטע מאַנוסקריפּטן, פֿאַרנעם איך זיך הױפּטזעכלעך מיט אײן מאַזשאָר־נער טעמע: איך שטעל הויך די מעשים טובים פֿון די גוטע מענטשן, אַנטקעגן אַ ברײטן און שטורעמדיקן ים פֿון שלעכטע, רשעותדיקע, פֿאַרברעכערישע און פּינצטערע נשמות. די מעשים פֿון די מענטשלעכע צדיקים, זײערע גאָלדענע הערצער, רעדן אויף אַ שטאָלצער שפּראַך, און זײ דערצײלן אין גלאָררײַכע װערטער פֿון זײערע הײליקע און באַשײדענע עקזיסטענצן. די מאַיעסטעטישקײט פֿון דער הומאַניסטישער פּערזענלעכקײט שטעל איך טויזנט מאָל העכער װי אַפֿילו אַלע פֿאָרמען, זשאַנערן און באַשאַפֿונגען פֿון קונסט, ליטעראַטור און קולטור בכלל. בפֿרט זײַנען זײערע מעשים העכער װי מלחמות און רעװאָלוציעס, און גאָר די פֿאַרברעכנס פֿון די טיראַנען, צאַרן, קײסאַרים, קעניגן און צעזאַרס, אַנטקעגן זײערע אײגענע פֿאַרשקלאַפֿטע און אונטערדריקטע פֿעלקער.

דער אמתער עסענץ פון די מערסטע גרויסע רעליגיעס און די באַ־דייטנדיקסטע מחשבות פון די קלאַסישע פילאָסאָפישע סיסטעמען, באַשטייט אין דער גוטסקייט פון דעם מענטשלעכן כאַראַקטער; אין די מעשים טובים פון יענע איינציקע און איינזאַמע, וואָס לעבן כמעט תמיד אין שאָטן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. איך שטעל העכער איבער די קעפּ פון אַלע דענקמעלער לכבוד גענעראַלן, טיראַנען, מלחמה־פירער און מאַסנמערדער, בלויז יענע וואָס לעבן נישט נאָר פאַר זיך אַליין, און וועמענס פּאָרטרעטע אויגן זיינען סיי בייטאָג און סיי שפּעט ביינאַכט, אין אָפּשיין פון דער לבנה, אָפּן צו די יסורים פון די ליידנדיקע אין די פינצטערע הייזער און קעלערן, וואו עס ברענט נישט קיין לאָמפּ און קיין ליכט, וויל זיי האָבן נישט קיין געלט צו קויפן נאַפט און חלב; וועמענס אויגן זיינען וואַך צו יענע פאַרשאָלטענע מענטשן, וואָס קרעכצן אין די טיפענישן פון תפיסות, געפענגענישן, קאַזעמאַטן און הייזער פאַר גייסטיק־קראַנקע, און פאַר די מרה־שחורהדיקע. די מאָנומענטן פון בראָנדז און גראַניט קראַכן אויף שטיקער, ווי די ביינער פון די טויטע צעזאָרס און בלוטיקע הערשער; ווי קנאַכנס פון די קעניגן און דיקטאַטאָרס אין גאָל־דענע ארונות, אויסגעשטעלטע צום אייביקן פּובליקום אין קעניגלעכע פּאַלאַצן און אין מאַרמאָרנע שלעסער, מיט ריזיקע זאַלן און גראַניטענע זיילן הויך ביז צו די סופיטן; אָנגעטאָן מיט גאָלדענע קרוינען, באַזעצטע מיט פּערל, דיאַדעמען און כאַלצעדאָנען, אויף זייערע נאַקעטע שאַרבנס, צעפּוילטע קעפּ און ברודיקע שטערנס. אָבער הומאַניזם, מענטשלעכקייט, רחמנות צו די געשלאָגענע, מיטלייד מיט די יסורימדיקע און באַליידיקטע, עקזיסטירט דורך די אייביקע צייטן, און איז אומשטאַרבלעך ווי די זון און ווי די שטערן אין גאַנס אומפאַרענדערלעכן הימל, וואו די קאָסמישע וועלטן שטייען אויסגעשטעלט אויף אייביק אומבאַוועגלעך, כאָטש זיי לויפן אין אַ פּירכטערלעכן קאָסמישן מאַרש און פאַרמעסט אין די ווייטסטע טיפקייטן פונעם אומענדלעכן אוניווערס...

## זוכנדיק אידן אין דער וועלט

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז געשטאָרבן ד״ר חיים שאָשקעס. ער איז, דאַכט זיך מיר, געווען אַ זייל פון אַ אידיש געשטאַלט, מיט ברייטן וויסן וועגן דער וועלט, מיט היפשער קולטור און דערפאַרונג, וואָס ער האָט דעראָבערט אויף זיינע ווייטע רייזעס; אויך מיט לומדות, און ממש אָנגעשטאָפּט מיט קענטענישן פונעם אידישן לעבן. ער איז געווען אַ גאַנצער און קערנדיקער איד, וואָס האָט באַזוכט אידישע מענטשן, אידישע פירער, אידישע קהילות און אידישע אינסטיטוציעס אין אַלע טיילן פון דער ערד. אָבער לעצטנס האָט דער וועלט־רייזנדיקער שריפטשטעלער געמאַכט זיין לעצטע רייזע. אויך איז ד״ר חיים שאָשקעס געווען אויסער־לעך, אין באַציאונגען מיט מענטשן, אַן אַדלמאַן. ער איז תמיד גרייט געווען

אנטקעגנצוטראָגן אַ פֿריינטלעכן וואָרט און אַ קלוגן שמייכל. ער איז אויך געווען פֿון יענע וויניקע שרייבער, וואָס קויפֿן אַ אידיש בוך ביי אַ מחבר, און דערמוטיקן אים דורך דעם...

פֿאַראַיאָרן, ביי אַ פֿאַרזאַמלונג, האָב איך דערציילט ד״ר חיים שאָש־קעסן, אַז ווען איך בין נאָך געווען אַ יינגל, און מיין טאַטע האָט אַהיימגע־בראַכט פֿון שטעטל אין דאָרף אַריין די וואַרשעווער אידישע צייטונגען („דער מאָמענט״ און „היינט״), האָב איך געשעפּט גייסטיקן פֿאַרגעניגן פֿון די שעפֿער פֿון אידישן וואָרט. איין מאָל האָב איך געלייענט אַ סעריע רייזע־באַשרייבונגען פֿון דער פֿעדער פֿון ד״ר חיים שאָשקעס. עס איז פֿאַר מיר געווען אַן אַנטפּלעקונג צו לייענען אַזעלכע פֿרישע, מולטי־פֿאַרביקע שילדערונגען פֿון לענדער און לאַנדשאַפֿטן. איין רעפּאָרטאַזש, אַ פּאָעטישע באַשרייבונג פֿון קאַפּרי און סאָרענטאָ, אין איטאַליע, האָט מיך באַזונדערס געהאַלטן געשפּאַנט. דער טעם פֿון דעם לירישן רעפּאָר־טאַזש איז געבליבן שטיין אין מיין זכרון ביזן היינטיקן טאָג...

ד״ר חיים שאָשקעס האָט מיר פֿריינטלעך געדאַנקט און גלייכצייטיק באַמערקט, אַז איך וואָלט דאָס באַדאַרפֿט דערמאָנען בשעת ער לעבט נאָך, און נישט ערשט ווען ער וועט שוין נישט האָבן קיין מעגלעכקייט עס צו לייענען, ווי עס טרעפֿט גאַנץ אָפֿט...

איך האָב טאַקע קיינמאָל פֿריער נישט פֿאַרצייכנט וועגן דעם איינדרוק, וואָס זיינע רייזע־באַשרייבונגען האָבן אויף מיר געמאַכט אין יענער וייטער צייט. איך טו עס ערשט איצט, ווי געוויינלעך. און, איך באַדויער, וואָס איך האָב עס פֿריער נישט געטאָן, כדי ד״ר שאָשקעס זאָל טאַקע האָבן די געלעגנהייט עס אַליין צו לייענען...

עס גלויבט זיך אַלץ נישט, אַז אַזעלכע אידן, ווי עס איז געווען ד״ר חיים שאָשקעס, זאָלן אַוועקגיין אין דער אייביקייט. דאָס זיינען דאָך דעמביקע געשטאַלטן, וואָס לעבן און אָטעמען מיט אידישער דראַמע, מיט אידישער געשיכטע. און ווען אַזאַ איד גייט אַוועק אין לאַנד פֿון די שאָטנס, נעמט ער מיט גאַנצע קאַפּיטלעך מיט איבערלעבענישן פֿון דעם אידישן לעבן אין אַ סך לענדער און צייטן. ער אַליין האָט דראַמאַטיש מיטגעלעבט מיט אידישער היסטאָריע אין פּוילן, ביז צו די סאַמע לעצטע טראַגישע טעג פֿון פּוילישן יידנטום. ער האָט אויך פֿאַרמאָגט ד פֿיינע גאָב צו שרייבן פּשוט און פּיקאַנט, ראָמאַנטיש און אָפּטמאָל סענסאַציאָנעל אויך. ער האָט פֿאַרמאָגט קאָליר, דינאַמיק אוןליידנשאַפֿט פֿון וואָרט. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער זשורנאַליסט. ער האָט געלעבט זיין ראָמאַנטישן זשור־נאַליזם. ער איז געווען די צענטראַלע פֿיגור אין זיין שרייבן...

דאָס לעצטע מאָל, וואָס מיר האָבן שאָשקעסן געזען אַ לעבעדיקן, איז געווען ביי אַ היגער מאַסנפֿאַרזאַמלונג. איך בין געזעסן באַקוועם אויף אַ שטול און זיך צוגעהערט צום רעדנער. פּלוצלינג זע איך ד״ר חיים

שאַשקעס צווישן פובליקום. איך באַמערק, אַז דער מאַן, וואָס האָט מיט אַזאַ אימפּעט געשפּרייזט איבער דער גאַנצער וועלט, באַזוכנדיק קעניגן און שטאַטסמענער, און זוכנדיק אומעטום דאָס פּאַרצייטישע אידישע געטאָ און דעם אָפּטמאָל לעצטן איד, שטייט ממש איצט מיט זיינע לעצטע כוחות. ער מאַכט פּשוט אַן אָנשטרענגונג נישט אומצופאַלן. אין זיינע כמעט פאַרלאָשענע אויגן דערקען איך, אַז ער איז שוין שווער קראַנק. איך רוף אים צו און גיב אים פריינטלעך אָפּ מיין בענקל. ד״ר שאַשקעס זעצט זיך אַוועק, אַריינפאַלנדיק אין דער שטול ווי אַ שווערע משא. ער דאַנקט מיר און דריקט וואַרעם מיין האַנט, ווי ער וואָלט זיך מיט מיר געזעגנט. ער האָט זיך טאַקע אין יענעם מאָמענט מיט מיר אויף אייביק געזעגנט...

יאָ, חזר איך איבער מיינע רייד פונעם אָנהויב פון מיין קורצן מעמואַר. מיט ד״ר שאַשקעסן איז אַוועק יענער אַלטמאָדישער אידישער זשורנאַליסט, וואָס האָט אומעטום, וואוהין ער איז געקומען אין אַ לאַנד, אין אַ שטאָט, קודם כל געזוכט אידן. ער האָט זיי געזוכט אין די געטאָס, אין די האַלב־איינגעפאַלענע שולן און סינאַגאָגעס, אין פאַרבאָרגענע הייזער און קוואַרטאַלן. ער האָט זיך טאַקע געטראָפן מיט פירשטן און מלוכה־מענער. אָבער זיין אידישע נאָז האָט געשנאָפּט נאָכן גייסטיקן ריח פונעם אוראַלטן, היסטאָרישן ברודער, אָפּטמאָל נאָכן לעצטן איד אין אַ געגנט, וואָס זיצט ווי אַ סאָווע צווישן רואינען און מויערן און האַנדלט מיט טעפּיכער אָדער מיט אַלט־גאָלד; האַמערט אויס פון מעטאַל בעכערס, קרוגן, מנורות און חנוכה־לאָמפּן; אָדער פאַרקויפט בשמים און פירות... דער לעצטער טיפּ פון אַ אידישן זשורנאַליסט, וואָס שפּאַנט מיט אַ שיכרות איבער דער גרויסער וועלט, זוכט דעם אייביקן איד אויפן מאַסקנבאַל, אין אַ ים מיט פאַרשטעלטע מענטשן, אונטער טויזנט מאַסקעס און קאָסטיומען... אָפּטמאָל געפינט ער אַזאַ איד אין דעם קייסערס פּאַלאַץ, אַלס פינאַנצמיניסטער; און אַמאָל אין סמירנאַ, צווישן די סאַמע לעצטע נאָכפאָלגער פון שבתי צבי, ביי אַ פאַרבאָרגענער פאָלקס־פאַרזאַמלונג, ערגעץ־וואו אין אַ קעלער פונעם אַנטיקן געטאָ... ד״ר שאַשקעס איז געווען באַזעסן פון דער שיכרות: צו זוכן דעם באַהאַלטענעם איד אין דער קריסטלעכער, מחמנישער, באַלקאַנישער, און אָפּטמאָל אַפילו אַפריקאַנישער אָדער אַזיאַטישער וועלט. ער איז געגאַנגען אין די פוסטריט פון דעם לעגענדאַרן וואַנדערער בנימין פון טודעלאָ...

און, ווען איך האָב אים איבערגעגעבן אויף דער שטורעמדיקער פאַר־זאַמלונג מיין שטול, האָט ער זיך געזעצט מיט דער לעצטער מידקייט אין זיינע ביינער...

## באָרדאָנעם אַ מאָלעריי

דער געליבטער שטייט לעבן זיין בלאָנדער שיינקייט, פול מיט באַוואונדערונג פאַר איר עקזיסטענץ. אַזוי ווי דער גאָט־געבענטשטער

פּאַעס, פֿול מיט ענטוזיאַזם, שטייט פּאַר אַ כּישופֿדיקער לאַנדשאַפֿט, אַזוי שטייט דער געליבטער פּאַר זיין געליבטע. זי איז טאַקע געטלעך־שיין. זי איז באַלויכטן פֿון אַ מיסטעריעזן ליכט, וואָס טיילמאָל דאַכט זיך, אַז עס באַלויכט די פֿרוי אויסערלעך, ווי עס וואָלט קומען פֿון די שטערן; און אַט דאַכט זיך, אַז עס שטראַלט גאָר אַרויס פֿון איר אייגענעם לייב; אַ געהיימנישפֿול ליכט, וואָס עמאַנירט פֿון איר האַרצן. די דאָזיקע יינגע פֿרוי איז געמאָלן מיט פֿיבערישע הענט...

אין הינטערגרונט פֿון דער סצענע שטייט אַ מאַן, איינגעהילט אין דער טונקלקייט. ער איז שוואַרץ פֿון יסורים. ער ווערט ממש צעגריזשעט פֿונעם וואָרעם, וואָס הייסט אייפֿערזוכט. זיין פּנים איז פֿאַרזשאַווערט. דער קינסטלער האָט דעם מאַן אַריינגעשטעלט אינעם טונקעלן הינטערגרונט, כּדי ער זאָל מוזן צוזען פֿון דער נאָכט אַרויס דאָס האַלדזן און קושן זיך פֿון דעם פֿאַרליבטן פּאָרל. ער זעט צו מיט קריינקונג ווי אַ פֿרעמדער מאַנצביל צערטלט זיין ווייב...

פֿון דער טונקלקייט קוקט ער אַרויס; אַ טראַגישע מאַסקע פֿון איינעם אַ מאַן, וואָס ווערט פֿאַרצערט פֿון אַ גיהנומדיקן פֿייער, בשעת ער זעט ווי די זעלטענע פֿרוי ווערט אַלץ שענער און זוניקער, און ווי אין עקסטאַז פֿון ליבע ציט זיך אַרום איר עלאַסטישער און שלאַנקער פֿיגור דאָס געשטאַלט פֿון איר גליקלעכן געליבטן. מען קען לייענען אויף זיין שטערן שרעקלעכע מחשבות און גרויזאַמע פּלענער.

אפֿשר האָט דער מאָלער פֿונעם בילד געמאָלן אַ סצענע פֿון זיין אייגענעם לעבן...

## טיפֿן, מענטשן, געשטאַלטן

איך זע אונטער די שטיינער, מויערן און פּיראַמידן, זינדיקע און הייליקע באַשעפֿענישן. דער דאָזיקער מאַן, מיט פֿלאַמיק־פֿינצטערע האָר, זעט אויס ווי ראַספּוטין. און יענער, מיט דער קאַלבדיק־בלייכער מאַסקע, קוקט אויס ווי אַ הייליקער. אָט ליגט אַוועקגעוואָרפֿן אַ ריזיקע ליאַלקע, ווי אַ פֿאַרלאָזן קינד פֿון די געטער, אַזאַ נישטיק און באַחנט מתל, אָדער ממזרל. און אָט זע איך ווי עס זינקט אין דעם זשאַווערנדיק־רויטן זומפּ אַ קאָלאָס פֿון אַ מלאך. ער איז אַוודאי געהאַט אויסגעלעגן זיינע שיכּורע נעכט אין די ווינשענק. ער ברומט אונטער דער נאָז אַ פּויליש קינדער־ליד. דער דאָזיקער טיפּ האָט אפֿשר געטרונקען צוזאַמען מיט עדגאַר אַללען פּאָו אין קרעטשמע. ער האָט שפּעטער געזען אויסגיין דעם געניאַלן דיכטער אין אַ רינשטאָק אין באַלטימאָר. און דער־אָ, מיטן פּנים פֿון בודאַ, האָט אפֿשר געפּאַסט דורך זיין גאַנצן לעבן, ווי אַן אמתער צדיק...

זיי ליגן דאָ אַלע, שטייפֿע און געפֿאַלענע, אָדער שטאָלצע און ווירדיקע, ווי די געשטראָפֿטע פֿירשטן און קעניגן אין דאַנטעס „אינפֿערנאָ". אַלע דינען זיי איינגעהילט אין עפּעס אַ זעלטענער שטילקייט...

## די ערשטע שורות פון אַ דערציילונג

עס איז געווען אין גרויען באַגינען. אַ מלאכס אידעלע האַנט ווישט אויס מיט זיין ברייטן אַרבל די זיידענע סאַזשעס פון דער נאַכט. עס עפנט זיך אויף רחבותדיק גאָטס הימל אין אַזאַ בלויער און רירנדיקער פּייכט־קייט, ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַרבער וואָלט אים ביי דער נאַכט געהאַט אָפּגעפאַרבט מיט אַ העל־בלויער פאַרב פון דער הילצערנער באַליע, אין וועלכער מיין מאַמע פלעגט פאַרבן אַלטע מלבושים נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די זון הויבט שוין אָן אויפצושטייגן ווי אַ ריזיקע קרוין, וואָס איז באַשטימט פאַרן נאָך פאַרשלאָפענעם און צעפלאָשעטן קאָפּ פון איינעם אַ פאַסטוך אין דעם שטילן תהילימדיקן פעלד. גאָט אַליין גיסט אויס פולע קרוגן מיט געלן האָניק. די צאַרטע פייגל — די לעבעדיקע פליטלעך פון דער ערד — זינגען שוין צווישן די צווייגן זייערע אָפּטי־מיסטישע פאַרטאָגיקע מעלאָדיעס. עס איז שוין פאַר מיר איבעריק דער שלאָף אין מיין אייזערנעם בעטל. עפּעס איינער אַ שיכורער מלאך מיט רויטע אויגן זעצט אַריין אין מיין רעכטער האַנט די אייזערנע פעדער. ווי גרויסע און לויטערע פערל פון דעם מוטנעם, טיפן און טינט־מרה־שחורהדיקן ים, ווילסטו היינט אַרויספישן די זכרונות פון דיין לעבן. דער קאָסמישער מאַלאַזש, אַ שליח פונעם רבונו של עולם, מאָלט איצט איבער אויף גיך דאָס שטיק דעקאָראַציע פון הימל און ערד. שרייבער, עפן אויף דאָס סאַמע ערשטע בלאַט פון דיין פריער קינדהייט, ווען דער קוקו־פויגל קומט אַרויס פון דעם הילצערנעם זייגער, וואָס הענגט אויף דער אָפּגע־קאַלכטער וואַנט, און ציילט אויס די שפּעטע שעהען פון דער נאַכט. די לבנה שטייט אַזאַ לויטערע אין הימל ווי אַ ריזיקע פערל. די מאַמע זיצט נעבן דיין נידעריקן וויגעלע און זינגט אַ אידיש שלאָפליד. ווער איז אייגנטלעך די דאָזיקע יינגע און גאָלדיקע פרוי? ווען איך בין נאָך געווען אַ פרישע און ריינע נשמה, דאַכט זיך, בין איך געווען אויף איר חתונה מיטן שפּעטערדיקן טאַטן מיינעם...

## דאָס יאַפּאַנישע פאָרפאָלק מיטן קינד

דאָס יינגע יאַפּאַנישע פאָרפאָלק שטייען מיט שטאָלץ און שמייכלען איבער זייער זיסן קינדעלע, וואָס ליגט זיך אינעם וועגעלע ווי אַ פּיטשיג־קער פויגל אַזאַ פון די יאַפּאַנישע אינדזלען, וואָס האָט נאָך רעכט קיין צייט נישט געהאַט צו קריגן זיינע פליגלען און פעדערן. אָבער פּלוצלינג דערשרעק איך זיך פאַר מיין אייגענער מחשבה: אין מיין טונקעלן אויג זעט אויס דאָס וואונדערשיינע קינד ווי אַ שטייף מתעלע. עס שמייכלט אַרויס פונעם טויט אַזוי טרויעריק און ליאַלקעוואַטע. אויך די יינגע עלטערן ווערן אין מיין דמיון פאַרוואַנדלט צו זקנים. און דער פריינטלע־כער דרויסן, וואָס האָט ערשט אַזוי קאָסמיש געשמייכלט ווי אין פרילינג,

נעמט אַן דעם אויסזען פון אַן אומהיימלעכן שטורעם, וואָס דערנענטערט זיך פון ערגעץ אַ פינצטערן תהום...

## אָ, די גרויסקייט פונעם לעבן!

ביינאַכט האָב איך געזען אויפן טעלעוויזיע־עקראַן ווי אַזוי קליינע יינגלעך שטייען נעבן אַ קאַבילע, וואָס ליגט אויסגעצויגן אויפן פעלד, און זי קאַרטשעט זיך אין שרעקלעכע יסורים. אָבער וואָס אייגנטלעך קומט דאָ פאָר? צי שטאַרבט אפשר די אָרעמע און געטרייע חיה? ניין, זי גיט געבורט צו איר אויסגעדאַרטן, נאָך פייכטן־און־פאַרבלוטיקטן זשרעבאַקל, וואָס באַמיט זיך אינסטינקטיוו אַליין זיך צו באַפרייען פון זיין מוטערס טראַכט. ווען עס קומט ענדלעך אַרויס אויף גאָטס וועלט, קושט עס די אינערלעך־באַפרייטע מוטער, די קאַבילע. זי לעקט עס, צערטלט עס מיט איר הייסער צונג, און ווישט עס אָפּ דאָס פאַרשוויסטע און פאַרשוויצטע לייב מיט אירע שווערע און וואַרעמע ליפּן. זי „בייסט" עס געטריי מיט אירע פערדישע ציין פון גרויס ליבשאַפט...

דאָס יינגעטשקע זשרעבאַקל, אַזאַ דינס און אויסגעדאַרטס ווי אַ שפּאָן, ממש נאָך באַקעטע הויט־און־ביינער, פּרואווט זיך תיכף אויפצושטעלן אויף זיינע שוואַכינקע פיסלעך, דינע ווי שפּענדלעך. אָבער עס פאַלט כסדר אויפדאַסניי אום. די יינגלעך פּרואוון עס צו שלעפּן איבערן פעלד, צום טייך צו, כדי עס אָפּצוואַשן און אויסצובאָדן אינעם שטראָם. די מוטער־קאַבילע לויפט עס געטריי נאָך, כאַפּט עס מכלומרשט אויס פון די יינגלעכס הענט, שלעפּט עס אַוועק פון זייער ממשלה, און לעקט ביי דעם געליבטן זשרעבאַקל אירן ווידער און ווידער זיין נאַסע־און־נאַקעטע פעל. זי קושט עס מיט אַזאַ רירנדיקער חיהשער ליבשאַפט...

אָ, די גרויסקייט, די געוואַלטיקייט, די אומפאַרשטענדלעכקייט פונעם לעבן, טראַכט איך. און זאָל דאָס אַלץ טאַקע זיין איינגאַנצן הפקר אין אַן אוניווערס, וואָס האָט נישט קיין שום זין, קיין צוועק, קיין באַדייטונג, קיין געטלעכן כוח?!...

## אַ איד פון וואַרשע

מענטשן קומען שטענדיק צוריק צו די פלעצער וואו זיי האָבן פאַרבראַכט זייער יוגנט, אָדער וואו עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט זייערע ערשטע ליבעס, צי אַנדערע וויכטיקע מאָמענטן אין זייערע לעבנס. ביים ברעג פון ים קען מען אָפט טרעפן שטיין אין אַ לויטערן טאָג אַן אומעטיקן זקן, וואָס קוקט לאַנג איבערן ים־פלאַך, ווי די, צו יעדער ווילע זיך טווישנדיקע כוואַליעס, וואָלטן זיין די אָפּגעדרוקטע בלעטער פון זיין ראָמאַן, פון זיין לעבנס־בוך. ער לייענט דאָ ווידער אַדורך די הויפּט־געשעענישן פון זיין לעבן. ער זעט די מערסטע מענטשן, די וויכטיקע פיגורן, וואָס האָבן זיך, יעדער איינער אויף זיין אופן, באַטייליקט אין דער דראַמע פון זיין לעבן. ער

שטייט אויף דער בריק וואו מ'כאַפּט פיש, און קוקט אַרונטער צו די מעוון, וואָס קענען זיך מסתמא שוין אויך קיינמאָל נישט מער דערוויטערן פונעם ים־ברעג. אויך די קומען צוריק יעדן טאָג, דורך די מערסטע שיינע, בייזע און שטורעמדיקע וועטערן פונעם יאָר, צו די זאַמדיקע ברעגעס, און זיי שעפּן מיט זייערע לאַנגע און פעסטע שנאָבלען טראָפּנס מיטן געזאַלצענעם ים־וואַסער, ווי ווייַן...

אַנומלט, אין אַ ווינטישן טאָג, האָב איך געטראָפן שטיין ביים ברוויזנדיקן ים־ברעג אַן עלטערן איד פון אַרום אַכציק יאָר. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אַלס ניין־יאָריק ייִנגל, אַזש אין יאָר 1891. זיין מוטער איז יונגערהייט געשטאָרבן. זיינס אַ ייִנגערער ברודער איז צוריק־געפאָרן קיין וואַרשע, נאָכן האָבן דאָ פאַרבראַכט אַרום צוויי יאָר. ער איז דערנאָך דווקא רייך געוואָרן. אָבער היטלער האָט אים אומגעבראַכט צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפחה. מיט אַן ערך פופציק יאָר צוריק פלעגט דער איד דאָ קומען, כמעט אויפן זעלביקן אָרט, וואו מיר שטייען היינט. די געגנט, דערציילט ער מיר, איז איצט געוואָרן אינגאַנצן אַן אַנדערע; עס איז דעמאָלט דאָ געקומען אַ בעסערער קלאַס מענטשן. עס זיינען געווען, לענגאויס דעם ים־ברעג, פיינע רעסטאָראַציעס, קאַבאַרעטן, קאַסינאָס און שפּיל־הייזער. סוחרים, גבירים, אַפילו אויסלענדישע באַזוכערס; טוריסטן, אַפּיצירן און גלאַט אַזוי פאַרשיידענע געמבלערס און גענגסטערס, האָבן דאָ פאַרשפּענדעט אַ סך געלט. מען האָט געזען די שענסטע פרויען, פון די בעסערע פאַמיליעס. עס האָט דעמאָלט דאָ געהערשט אַ העכערער קולטור־ניוואָ. פאַר אַ גאַנצן „קוואָדער" (פערטל טאָלער), האָט אַ סטאַטעק געפירט פאַרווילנדיקע מענטשן, לוסטיקע פאַרלעך. דער סטאַטעק איז אַרויסגע־שוואומען איבערן ים פון דער הונדערט פינף און צוואַנציקסטער גאַס ביז צו די פּרעכטיקע „ראַקי"־לאַנדשאַפטן. מען האָט צו יענער צייט געהאַלטן אַ „באָרדער" אין אַ שיינעם צימער פאַר צוויי מיט אַ האַלבן טאָלער דורכן חודש. מען האָט אים נאָך צוגעגעבן יעדן פרימאָרגן, איידער ער איז אַוועק צו דער אַרבעט, אַ לייטישן פרישטיק, אין די שעהען פון דער נאַכט האָט מען אים נאָך דערלאַנגט טיי אויך. אַן אַרבעטער האָט דעמאָלט אינגאַנצן פאַרדינט אַרום צען טאָלער דורך דער וואָך. היינט פאַרדינט דאָך אַ פּראָסטער בלאַכאַזש צען טאָלער דורכן טאָג. דעם אידנס ווייב איז ערשט פאַראַיאָרן געשטאָרבן. ער קען זיך בשום אופן נישט צוגעוואוינען צו דער ווייסטער איינזאַמקייט זיינער...

אויפן ברעג פון ים שטייט אַ ריזיקע געמויערטע געביידע, וואָס האָט אַמאָל שטאָלץ געלויכטן מיט גאָלדענע קאַנדעליאַבערס, וואָס זיינען אַראָפּגעהאָנגען פון די סופיטן אין די געדרוימע זאַלן. עס איז דאָרט געווען אַ פּאָפּולערער נאַכט־קלוב. פּרינצן און קייסאָרים האָבן דאָרט פאַרבראַכט. דער ענגלישער קעניג עדוואַרד דער אַכטער, דער באַרימטער לעבע־יונג,

האָט דאָ געטאַנצט מיט זיינס אַ ניו־יאָרקער געליבטע. דער איד האָט טאַקע תתונה געהאַט אין איינעם פון די דאָרטיקע זאַלן מיט זיין שיין ווייב, „וואָס האָט געטראָגן אויף זיך מער פערל און בריליאַנטן, — זאָגט ער, — ווי די בריטישע קייסערינע.״ איצט, בשעת מיר שטייען דאָ, קוקט ער אַן פונדערווייטנס די חורבה פונעם אַמאָליקן פּאַבלהאַפּטן פּאַלאַץ. ער זעט אין איר חורבן זיין אייגענעם אונטערגאַנג. אַגב רעדט ער נאָך אַ אידיש ווי פון דער סמאָטשע, גענשע אָדער דזשיקע גאַס, אין וואַרשע. טראָץ דעם פאַרגאַנגענעם האַלבן יאָרהונדערט איז נאָך זיין לשון געבליבן אַזוי פריש, קערנדיק, און פול מיט פאָלקלאָר און באַטעממע שפּריכווערטער, ווי בשעת זיינע קינדערישע יאָרן אין וואַרשע. ער זאָגט צו מיר:

— דורך די אַלע יאָרן האָב איך געחלומט זיך אַמאָל אומצוקערן אויף אַ באַזוך קיין וואַרשע, צו זען מיין יינגערן ברודער מיט זיין משפחה, אָנצוקוקן דאָס בונטע אידישע לעבן. ביינאַכט צו גיין איבער די אַלטע וואַרשעווער גאַסן, וואו איך בין געגאַנגען אַלס קליין יינגל; דורכצולעבן ווידער מיין קינדהייט, מיינע ערשטע יוגנט־יאָרן. אָבער איך בין דערוויל אַלט געוואָרן. מיין ווייב איז מיר אָפּגעשטאָרבן. וואַרשע, מיין היים־שטאָט, איז חרוב געוואָרן. וועמען זאָל איך איצט באַזוכן אין דעם אַמאָליקן אידישלעך־טומלדיקן וואַרשע? עס איז אַפילו נישט איבערגעבליבן קיין ליטישע מצבה, מיט אידישע אותיות, נאָך מיין ברודערס משפחה...״ —

דער איד שטייט דאָ, אויף דער בריק, אַזוי אַלט, איינזאַם און גרוי, ווי אַ שטיינערנע מצבה אין אַ וויסט־געוואָרענעם בית־עולם, וועמענס קברים זיינען פאַרוואַקסן געוואָרן מיט הויכן גראָז, מיט ווילדע פלאַנצן און פּאַקשיווע...

## איך געדענק די קייסאָרים

פרייטיק ביינאַכט בין איך געווען ביי די גוטע פריינט פּאַסטער־נאַק. מיר האָבן ווידער באַרעדט, טרינקנדיק כוסות מיט ווין אין אָפּשיין פון די שבתדיקע ליכט, אַ שטיק וועלט־געשיכטע, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין אונדזערע צייטן. איך אַליין בין געבוירן געוואָרן אונטער דער בייזער הערשאַפט פון ניקאָלאַי דעם צווייטן. מיינע שוועסטערן, געדענק איך, זיינען געזעסן ביי זייערע ניי־מאַשינען און האָבן דערציילט וואָס זיי האָבן געדענקט פונעם צאַרס בלוטיקער קאָראָנאַציע. מיין פאָטער האָט געלעבט אונטער די רעזשימען פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, אַלעקסאַנדער דעם דריטן און ניקאָלאַי דעם צווייטן. מיין פאָטער האָט אַגב תמיד גערעדט מיט ליבשאַפט און פאַרערונג וועגן די מעשים טובים פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. און דער דאָזיקער צאַר שיינט טאַקע אַרויס פון דער גרוי־זאַמער קייט פון די ראָמאַנאָווס מיט זיין מענטשלעכן פּנים...

איך בין געווען אויף קייסער אַלבערט דעם ערשטנס לוויה אין ברוסעל. דאָס לעצטע ביסל קעניגטום פון אייראָפּע איז זיך צוזאַמענגעקו־

מען כדי צו באַגלייטן אַ קלאַסישן מאַנאַרך, וואָס האָט נאָך פּעסט געהאַלטן אין זיין האַנט דעם סצעפּטער און די שווערד. די לאַנגע פּראָצעסיע פון די קעניגן און גענעראַלער, די מיניסטאָרן און דיפּלאָמאַטן, באַגלייטנדיק דעם ארון פון „לע רוא־סאָלדאַ" (דעם קייסער־סאָלדאַט), ווי דאָס פאָלק האָט אים גערופן, האָט זיך געצויגן שטהענלאַנג אין אַ גראַנדיעז־טראַגישער פּראָצעסיע, ווייל עס איז שוין געווען ערב דעם אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען דאָס קעניגטום, און בכלל די אַלטע אייראָ־פּעאישע דינאַסטיעס, זיינען באַגראָבן געוואָרן בשעתן אויפגאַנג פון פאַ־שיזם און קאָמוניזם אין אייראָפּע. דאָס איז פּאַקטיש געווען די לוויה פונעם קעניגטום, בשעת דער פינצטערער פליגל פון היטלער האָט שוין געהאַט פאַרהילט מיט נאַכט און גרויל אַ האַלבע וועלט. די קייסאָרים מיט זייערע קייסערינעס האָבן פּאַקטיש זיך אַליין באַגלייט צום בית־עולם פון דער געשיכטע...

אַלבערט דעם ערשטן מיט זיין פרוי, די גוטע קעניגין, וואָס האָט געשטיצט קולטור, מוזיק און האָט זיך באַזונדערס נאָבל באַצויגן צו אידישע מוזיקער פון ישראל, האָב איך עטלעכע מאָל געזען פאַרבייפאָרן אין אַ קאַרעטע, אויף די גאַסן פון אַנטווערפּן, מערסטנס בשעת נאַציאָנאַלע פּראָצעסיעס...

איך געדענק אויך יענעם זוניקן טאָג, ווען אויף דער שעלדע האָט זיך דערנענטערט צום ברעג אין אַנטווערפּן אַ סקאַנדינאַווישע שיף, פון וועלכער עס איז אויסגעשטיגן מיט אַ סוויטע די בלוי־אויגיקע שוועדישע שיינקייט, די פּרינצעסין אַסטריד, ד כלה פון פּרינץ לעאָפּאָלד, דעמאָלט נאָך דער סימפּאַטישער קרוינפּרינץ און פּרעטענדענט אויפן בעלגישן טראָן. די פּרינצעסין אַסטריד איז מיט יאָרן שפּעטער, נאָכדעם ווי זי האָט געגעבן געבורט צום קרוינפּרינץ צווילינגלעך, פון וועלכע איינער איז דער איצטיקער בעלגישער קעניג באַדוען, איז שפּעטער אומגעקומען אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפּע. זי איז געווען, אַנקומענדיק פון סקאַנדינאַוויע אין יענעם זוניקן פרימאָרגן, אַזוי יונג, בלייך און שיין...

מיין גוטער פריינט פון די אַנטווערפּענער יאָרן, אַלבערט שאַריטאָן, איז געווען אַ „דאָלמעטשער" (איבערזעצער) אין אַן אַריסטאָקראַטישן קלוב אויף פּאַרק עוועניו. איינמאָל אין אַן אָוונט האָט אים געזאָגט דער קלוב־אייגנטימער, אַז ער זאָל אַריינגיין אין אַ באַשטימטן צימער, כדי צו טרעפן אַ געוויסן מאַן פון אייראָפּע. אין דעם דאָזיקן צימער האָט ער גערעדט פלעמיש מיטן געוועזענעם קעניג פון בעלגיע, לעאָפּאָלד דעם צווייטן. דער לעצטער פלעגט דאָרט איינשטיין ווען נאָר ער איז געקומען קיין ניו־יאָרק אין פאַרבינדונג מיט זיינע געשעפטן. דער אַבדיקירטער קעניג איז שוין געווען פאַרעלטערט. אַ טרויער איז געבליבן שטיין אויף זיין פנים;

אַ סאַרט פײַנלעכע חרטה האָט קענטיק געפּײַניקט דעם קײסער. ער האָט גערן געהאַט צו רעדן פּלעמיש, כאָטש פראַנצױזיש איז געװען די שפּראַך פון דער קעניגלעכער פאַמיליע. שאַריטאַן האָט אים געטאָן אַ טובה און האָט פאַר אים געבראַכט פּלעמישע צײַטונגען, און אױך הומאָריסטישע זשורנאַלן, װאָס ער האָט געקראָגן פון בעלגיע. װען מען װאָלט לעאָפּאָלדן באַגעגנט אויף דער גאַס, זאָגט שאַריטאַן, װאָלט מען אים טאַקע געקענט אָננעמען אַלס אַ פײַנעם און רעספּעקטאַבעלן סוחר. אָבער פאַר גאָרנישט מער...

איך געדענק אויך גאַנצע פינף קעניגן פון דער בריטישער אימפּעריע: פון קעניג דזשאָרדזש דעם פינפטן ביז צו דער קעניגין עליזאַבעט די צװײטע. אײנמאָל, געדענק איך, אינמיטן זומער, האָב איך זיך גראָד געפונען אויף דער היגער פינפטער עװעניו, אַרום דער שטאָט־ביבליאָטעק. אָבער באַלד איז שוין געװען שװער זיך צו באַװעגן װײטער, װאו איך האָב געהאַט מיט עמעצן אַ ראַנדעװו. דער עולם האָט זיך גענומען זאַמלען אויף די גאַסן און צו זוכן באַקװעמע פּלעצער, פונװאַנען אויס בעסער צו קענען אָבסערװירן די פּראָצעסיע, װאָס האָט געדאַרפט אָנקומען. איך האָב זיך אָװעקגעשטעלט בײַ אײנעם פון די מאַסיװע לײבן אין פראָנט פון דער ביבליאָטעק. עס האָבן זיך אָנגעזען מאַסן פּאָליצײ אויף פערד. אויך מיליטער. דאָס פּובליקום איז געװען שױן געקלײדט. אַלעמענס פּנימער האָבן יום־טובדיק געלױכטן. ענדלעך האָט זיך דערנענטערט דער מיט בלומען און פּענער דעקאָרירטער אויטאָמאָביל, װאו עס איז געזעסן אַזאַ שײנע, ליבנסװירדיקע, פײַנשמײכלענדיקע פרוי — די קעניגין עליזאַבעט די צװײטע, מיט איר סוויטע. אַ ים מיט קאָנפעטי איז געפאַלן פון די דעכער און איבער די קעפּ פונעם פּובליקום; איבער דער שײנער און סימפּאַטישער קײסערינע. קוקנדיק אויף דער היסטאָרישער פּראָצעסיע האָב איך זיך כסדר אָפּגעגעבן חשבון פון דעם אומגעװײנלעכן מאָמענט: איך זע די קעניגין פון דער „מעכטיקער" בריטישער אימפּעריע... װען די פּראָצעסיע איז אַדורך, זײַנען די גאַסן געװען פאַרשנײעט מיט אַ פיל־פאַרביקן קאָנפעטי־טעפּיך... װאָס דער װינט האָט קוים געװאָגט אָנ־צורירן...

און, איך געדענק שוין אויך פון אַמעריקע אפשר גאַנצע אַכט פּרעזי־דענטן: האַרדינג, קולידזש, רוזװעלט, טרומאַן, אײזענהאַוער, קענעדי, דזשאָנסאָן און ניקסאָן. איצט שטײען מיר אַלע ערב דעם טרויעריקן „אימפּיטשמענט" פונעם פּרעזידענט ניקסאָן... יאָ, אַ איד איז אַ היסטאָריש געשטאַלט. בשעת די שלאָפלאָזע נעכט, זע איך אונטער מײַן שאַרבן די סצענעס פון דער ערשטער װעלט־מלחמה, װען איך בין געװען קוים זעקס יאָר אַלט. דורכן גאַנצן לעבן האַלטן מיך געשפּאַנט, און פאַרפאָלגן מיך,

די דאָזיקע סצענעס. איך האָב שוין דעמאָלט געזען ריזיקע אַרמייען פון ייִנגע מענטשן, וואָס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן צו „קאַנאָנען־פלייש". איך געדענק כמעט די גאַנצע אידישע געשיכטע, וואָס איז געבונדן מיט דער היסטאָריע פון דער וועלט, מיט אַלע קעניגן, דיקטאַטאָרס און טיראַנען. איך געדענק די מערסטע מענטשלעכע דורות פון גאָטס טרויעריקן פלאַנעט...

## דער באָבע שבעס דרשה־געשאַנק

דאָס דאָזיקע מעשהלע האָט מיר דערציילט אַ ייִנגע, אידישע פרוי פון בודאַפּעשט:

— די מאַמע האָט אונדז, אירעביידע טעכטער, ווען מיר זיינען געווען אויפן וועג קיין אָרשוויץ, מיטגעגעבן אַ געשוואָלענע גאָלדענע מטבע, און געזאָגט:

— טייערע קינדערלעך מיינע, רחלע און לאהלע, אָט גיב איך אייך אַ גאָלדענעם צוואַנציקער־טאָלער, וואָס מיין באָבע שבע, זי זאָל זיך מיען פאַר אונדז אין דעם ליכטיקן גן־עדן, האָט מיר געשאָנקען אַלס דרשה־געשאַנק צו דער חתונה. היט אָפּ דעם דאָזיקן צוואַנציקער־טאָלער. וואו נאָר איר וועט ביידע גיין און שטיין, וועט אייך, מיט דער הילף פון דעם וואָס לעבט אייביק, באַשיצן און באַשירעמען דער גאָטזעליקער באָבע שבעס דרשה־געשאַנק, זי זאָל זיין אָפּגעשיידט פון אונדז...

— איך, די עלטערע טאָכטער רחל, האָב גענומען אין דער האַנט אַריין דעם צוואַנציקער־טאָלער, און איך האָב אים תמיד געהאַלטן צוגעדריקט צום האַרצן. איך האָב אים אַריינגענייט אין אַ קליינטשיקן קעשענקעלע פון מיין העמדל. דאָס העמדל האָב איך נישט אויסגעטאָן פון מיין לייב דורך די גאַנצע דריי יאָר פון אונדזער שמאַכטן אין דעם שרעקלעכן לאַגער אושוויץ, כדי איך זאָל חלילה נישט פאַרלירן דער מאַמעס אוצר. מיר זיינען געשלאָפן צוזאַמען. ביינאַכט האָבן מיר, ביידע שוועסטערלעך, אָנגעטאַפּט די זעלטענע קמיע אונדזערע. ווען אונדזער מאַמע איז אַוועק־געפירט געוואָרן אין גאַז־קאַמער, האָבן מיר געזען אויפגיין אויפן הימל, אין פייער און רויך, איר הייליקע נשמה. מיר האָבן זיך איצט ביידע נאָך שטאַרקער געקלאַמערט אַרום דער מאַמעס מתנה, אַרום אונדזער איינציקער הילף־און־האָפנונג, דעם גאָלדענעם צוואַנציקער־טאָלער...

— ווען די נאַציסטע רוצחים האָבן אונדז געטריבן אין באָד אַריין, הונדערטער נאַקעטע און דערשלאָגענע אידישע פרויען, וועמענס לייבער האָבן געלויכטן מיט זייער שיינקייט ווי די זון, האָבן מיר ביידע אָפּגעהיטן דאָס העמדל מיינס מיט טייערן אוצר, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. ווען מען האָט אונדז איינמאָל אויסגעדאַרטע און אויסגעהונגערטע, געטריבן ווי די משוגענע הינט אויף אַ סעלעקציע, פאַרביי די בלוטיקע מערדער, האָב

איך צווישן מיינע קניעס געהאַלטן איינגעקוועטשט דאָס צעריסענע העמדל. ווען אונדזערע האַפענונגען זיינען שוין געהאַט געפאַלן גאַר נידעריק, האָב איך, די עלטערע שוועסטער, זיך באַמיט צו טרייסטן מיין יינגערער שוועסטער לאהלע. איך האָב איר פאַרזיכערט, אַז אַזוי לאַנג ווי דער מאַמעס צווייער־טאַלער געפינט זיך נאָך מיט אונדז, וועלן מיר מיט גאָטס הילף אויסהאַלטן אונדזערע יסורים און איבערלעבן אונדזערע שונאים...

די חנעוודיקע רחל רעדט בשעת אין מיינע אויגן שטייען טרערן. וואָרים צי קענען דען די ייִנגע טעכטער ביי אַנדערע פעלקער זיך אויך אַנדערציילן ענלעכע מעשהלעך?...

— איינמאָל, ווען מיר זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן פון אוישוויץ צו אַן אַנדערן לאַגער, זיינען מיר ביידע געווען קראַנק אויף טיפוס. אונדזער האָפענונג, אונדזער מאָראַל, איז שוין אין יענע טעג געווען טיף געפאַלן. קומט איינמאָל ביינאַכט מיר צו חלום אונדזער גאָטזעליקע מאַמע, און זי זאָגט מיט אַ ליבלעך קול:

— רחלע־קרוין, האַלט פעסט ביי זיך דעם גאָלדענעם צווייער־טאַלער פון דער באָבע שבע. די באָבע און איך, אייער געטרייע מאַמע, היטן מיר אייך אָפּ יעדער רגע. איר וועט ביידע איבערלעבן אַלע אומגליקן, און איר וועט דערנאָך נאָך חתונה האָבן מיט לייטישע מאַנען. איר וועט נאָך געבן געבורט צו זיסע אידישע קינדערלעך. האָט בטחון, און האַלט זיך צוזאַמען איינס מיטן אַנדערן...

יאָ, זיין האָבן ביידע איבערגעלעבט די מוראדיקע צייט פאַר אידן, און זיי האָבן חתונה געהאַט, און זיינען דערנאָך געקומען קיין ניו־יאָרק מיט זייערע מאַנצלייט. ביידע שוועסטערן האָבן שוין קינדער אויך, קיין ביז אויג זאָל זיי נישט שאַטן. און איינס פון די באַטעמטע טעכטערלעך, אַ געזונט עס אין די ביינדעלעך אַריין, קומט צו צו מיר. זי הייסט טאָקע שבעלע, און זי איז דאָס קינד פון דער יינגערער שוועסטער לאַה. זי ווייזט מיר אין איר הענטל דעם גאָלדענעם צווייער־טאַלער. איצט שפילט זיך שבעלע מיטן אוצר פון איר עלטער־באָבע שבע, נאָך וועמען זי הייסט טאָקע...

## דאָס אויסגעבלייכטע הויקערל

דאָס שטילינקע הויקערל, וואָס האָט יאָרנלאַנג געוואוינט אין שכנות פון מיין שטוב, כמעט אַ טיר ביי אַ טיר, איז נעבעך אַנומלט אויסגעגאַנגען פון אַ האַרצאַטאַקע. געסט זיינען געקומען דעם פאַרגאַנגענעם זונטיק, כדי צו שפילן מיט איר אין קאָרטן ביי איר היימישן טיש. אָבער די טיר פון דער ציכטיקער וואוינונג איז געווען פעסט פאַרשלאָסן אויפן אייזערנעם שלאָס, וואָס דער טיזול אַפילו וואָלט נישט געקענט אויפברעכן.

די פּאָליצײ האָט זיך אַרײַנגעבראָכן און האָט זי געפֿונען זיצנדיק אַ טויטע, מיט אָפֿענע אויגן, אין דער וואַנע מיט וואַסער...

זי איז געווען גאָר אַ קלײנטשיקס, אַן אויסגעדאַרטס, אַן אויסגעזע־בלײכטס און אַזאַ מין אײַנגעשרומפּנס. זי האָט אויף איר שוואַכן רוקנדל געטראָגן פֿון קלײנערהייט אַן אַ פֿעסטן און האַרטן הויקער, ווי אַ פֿעלדזן, ווי קוואַזימאָדאָ; אָדער ווי אַ קעמל אין דעם מדבר טראָגט זײַן האָרב אויפֿן מעכטיקן רוקן. אַזוי דורכן גאַנצן בידנעם לעבן אירן. אָבער עס ווײַזט אויס, אַז פֿאַרן מלאך־המות, וואָס איז נישט קײן געוואַלטיקער איבערקלײַבער און קײן איבעריקער עסטעט, איז זי אויך געווען אַ לײַטיש שטיקל סחורה, אויב נישט דווקא קײן צו פֿעטער ביסן. אָבער דאָך אַ געשמאַק שטיקל רויב אין אַ הונגעריקן מאָמענט, ווען ער האָט אפֿשר נישט געהאַט קײן בעסערן קרבן צו דער האַנט און צו דער רגע. ער, דער נידעריקער לומפּ, וואָס ברעכט אַראָפּ גאָלדענע קרוינען פֿון שטאָלצע קעניגן, און רײַסט אַרונטער די שפּיציקע מיצן פֿון נאַרן בשעת נעכט פֿון מאַסקנבעלער, ווען עס פֿאַנעווען אין דער שטאָט די פֿײַערדיקע כאָלערע, דיסקרימינירט חלילה קײנמאָל נישט. ער קלײַבט זיך אויס זײַנע קרבנות צווישן קלײן־און־גרויס, צווישן ייִנגס־און־אַלטס, און צווישן דעם פֿאָלק און המון פֿון שיכורים און ניכטערע צוואַניאַקעס. אָבער די „מאַדאַם בינאַ", ווי זי האָט זיך גערופֿן, האָט תּמיד געשמייכלט מיט אַזאַ זיסן און גליקזעליקן שמייכל, ווי זי וואָלט געווען פֿאַרזיכערט מיט אַ לײַטישן פּאָטעל אין גן־עדן, צווישן די צדיקים און צווישן די סאַמע הייליקסטע לײַט.. מענטשן, וואָס האָבן איר געזען נאָכן טויט, דערציילן, אַז דער דאָזיקער שמייכל איז עפּעס געבליבן שטײן אויף איר פֿאַרצעליי־ענעם פּנימל ביזן סאַמע סוף, ווען מען האָט איר אַרונטערגעלאָזט אין דעם קבֿר, וואו מען לייגט אַרײַן אַלעמען, פֿון גרויס ביז קלײן...

עס טרעפֿט, אַז בײַנאַכט, ווען אין דרויסן רעגנט אַזוי אומהיימלעך־דריבנע, דאַכט זיך מיר אין שלאָף, אַז זי קלאַפּט מיט עפּעס אַזעלכע דראָבנינקע פֿינגערלעך אין מײַן טיר. זי רירט אָן מיט אירע אײַזיקע הענטלעך דעם אָפּגעפּוצטן קופּער פֿון מײַן קלאַמקע. זי האָט אפֿשר חשק אויף אַ מאָמענט אַרײַנצוקומען צו מיר, כּדי עפּעס צו דערציילן דעם שרײַבער וועגן אירע פֿרישע אײַנדרוקן, פּונקט ווי זי פֿלעגט אָפּטמאָל אויסדריקן פֿאַר מיר איר גרויס התפּעלות, אַהיימקומענדיק פֿון דער אָפּערע...

זי איז געווען די פֿרוי פֿון אַ רײַטש־אידישן פֿאַרלעגער אין בערלין, וואָס האָט מערסטנס אַרויסגעגעבן קינדער־ליטעראַטור. זי אַלײן איז פֿאַרבליבן אַ קינד ביז אין אירע אַלטע יאָרן, ווען זי איז שוין פֿאַר־בליבן זיצן אַזאַ שטאַרע אין דער וואַנע, ווי אַ סקולפּטור פֿון שטײן. איך האָב געזען ווי מען טראָגט אַרויס אויפֿן מיסט אירע ביכער, איר מאַנס

גרויסע ביבליאָטעק, בלויז איין בוך האָב איך ביי איר געהאַט געבאָרגט: געטעס „פֿאַוסט". אפשר קלאַפּט זי אָן ביי מיר אינמיטן פֿון דער נאַכט. זי מאָנט איר פֿאַאוסט". זי דאַרף עס נויטיק צו האָבן. אָבער איך אויך. איך קוק אַריין אין די מיסטישע בלעטער פֿון „פֿאַאוסט", און איך לייען דאָרט וועגן די באַציאונגען צווישן דעם מיטלאַלטערלעכן דאָקטאָר און זיין „באַדינער", מעפֿיסטאָפֿעלעס, וואָס פֿירט אים דורך די נעכט אויף זיין פֿייערדיקן פֿערד צו קעניגינס און צו פּראָסטיטוטקעס, אין קרעטשמעס און אין וויינקעלערן...

## די לאַלקע פֿון אַנטווערפּן

יינגערהייט פֿלעג איך זי זען אויף דער אידישלעכער קיוויט־סטראַטע אין אַנטווערפּן. זי איז געגאַנגען מיט אַ גראַציעזן גאַנגעלע. איך וואָלט דעמאָלט געגעבן וויפֿיל גאָלד, וואָס איך האָב נישט פֿאַרמאָגט, פֿאַר צדקה צי פֿאַרן טייוול, כּדי צו קענען קריגן פֿון איר דעם מינדעסטן שמייכל; צו הערן אַ פֿריינטלעך וואָרט פֿון אירע דיבינקע ליפּלעך, צו פֿאַרנעמען פֿון איר אַ פֿענעצל ווייבלעך אויפֿמערקזאַמקייט...

עס זיינען אַזוי אַוועק איבער פֿערציק יאָר. אַ סך פֿון די בעלגישע אידן זיינען אומגעקומען אין אוישוויץ, מאַידאַנעק און טרעבלינקע. איך אַליין בין שוין פֿון לאַנג כּמעט גרוי געוואָרן ווי אַ טויב. מיין וועלט און צייט האָט זיך געענדערט. די הימלען זיינען טונקל געוואָרן ווי בליי. און דאָ, ביים אַנומלדיקן פּורים־באַל, קומט זי מיר פּלוצלינג אַנטקעגן, אַזוי ווי גאָרנישט וואָלט געשען. אפשר אַלט און גרוי געוואָרן? האָט די צייט זי ברוטאַל איינגעביסן? ניין, עס איז כּמעט די זעלביקע לאַלקע מיט ראָזעווע בעקלעך; מיט רויטינקע ליפּלעך, וואָס רעדן, דאַכט זיך, קינדישע רייד; מיט זשאַווערדיק־אָפּגעפֿאַרבטע האָר; מיטן גרינגן און מעכאַנישן גענגעלע אירן. זי שמייכלט צו מיר אַזוי מאָדנע און אַלט־באַקאַנטיש ווי אַ פֿאַרצעלייענע „פּופּע" אינעם אַנטיקן־שענקל. איך קוק זי אָן, און איך ווער, דאַכט זיך, יינגער מיט יאָר צענדליקער. זי טאַנצט מיט ריזיקע מאַנצבילן, דאָס פּיטשינקע לאַלקעלע. האָט זי שוין זינט לאַנג חתונה געהאַט, און מסתמא אויך געבוירן אַ האַלב טוצן קינדער? זיי שוין געפֿירט צו דער חופּה אויך? איז איר פֿאַמיליע דערנאָך אומגעקומען? האָט זי פֿאַרלוירן איר מאַן, אָדער שוין עטלעכע מענער? דערציילן מיר, רעד אַרויס כאָטש אָן איינציק וואָרט, פֿאַרצעלייענע לאַלקע!...

כּסדר שמייכלט זי קינדיש מיטן איינגעשרומפּענעם און פֿאַרוויאַנעטן פּנימל אירן. זי שמייכלט מאָדנע, און מיך שווידערט עפּעס. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס קוקט אויף מיר די מיניאַטורנע נשמה פֿון יענער איינזאַמער לאַלקע אין אַנטווערפּן, אין דער טונקל־זיידענער קרינאָלינע, וואָס איז שוין זינט לאַנג אַרויסגעפֿלויגן פֿונעם קרעמאַטאָריע־אויוון אין טרעבלינקע, און וואָס געפֿינט זיך איצט אין גן־עדן. דער אָרקעסטער קלאַפּט הילכיק,

און פראָוואָצירט די פּאַרלעך צום טאַנצן. עס איז גליטשיק און גלאַנציק די פּאַדלאָגע. דער קלעזמער אין דעם אַטלעסענעם סמאָקינג, מיטן בלינדן אייגל, זעצט מיט דער איינציקער האַנט, וואָס ער פאַרמאָגט נאָך, אין די מעשענע טאַצן. איך פאַרמאַך אויף אַ רגע מיינע אויגן. איך טראָג זיך צוריק אין דמיון צו יענער צייט, צו יענעם פרילינג אין מיין לעבן, צו יענער טומלדיקער גאַס, וואָס איז געווען פול מיט אידישע שאַטנס; און צו יענעם מיטנשטאָטישן פּאַרק מיט די גרינפאַרגליווערטע קאַנאַלן און מאַט־קופּערנע אַלייען, פאַרווייעטע מיט רענדלעך פון געלע בלעטער. גראַציעז גייט די לאַלקע שפּאַצירן איבערן אַספאַלט ווי איבער אַ גלעזער־נעם וועג פון צייט און לבנה...

— ווער האָט פאַר איך אויפגעגייט, צאַרטע לאַלקע, דאָס דאָזיקע זיידענע קלייד? ווער האָט פרייטיק פאַרנאַכט, צו שקיעה, אַפּגעצוואָגן אייערע פרום־שבתדיקע לאָקן? ווער האָט מיט גאָלד אָפּגעפאַרבט אייערע שפּיציקע נעגל? ווער האָט אייך אויסגעבאַרגט אויפן מאַטן פנימל יענעם קינדיש־אַלטן שמייכל? ווער פירט אייך אַזוי גרינג מיט מוזיק אינעם ראָמאַנטישן טאַנגאָ־טאַנץ? ווער האַלט אייך זייער איידל ביי דער דינער טאַליע? אפשר ער אַליין, דער גאַלאַנטער מלאך המות, אין זיין הויכן און טונקעלן צילינדער אויפן שפּיציקן קאָפּ?...

שפּעט ביינאַכט, אונטער די ניו־יאָרקער מידע שטערן, גיי איך אַהיים, און איך טראַכט וועגן דער לאַלקע, וועגן יענע פערציק יאָר, וואָס זיינען, דאַכט זיך, אַזוי גיך פאַרפלויגן...

## דעם גראַפס שיינע טעכטער

איך געדענק עפּעס פון די יאָרן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין סאַנאַטאָריום: דער עלטערער איד איז געלעגן אויפן אייזערנעם בעטל אַ מסוכן־קראַנקער. מיט יעדן טאָג איז ער ממש געוואָרן קלענער און איינגעשרומפּענער. כמעט יעדן אָוונט האָט ער גערעדט וועגן זיין פאַר־גאַנגענער יוגנט אין דעם גאַליציאַנישן שטעטל, און וועגן די דריי שיינע טעכטער פונעם גראַף, וואָס זיינען אַראָפּגעריטן אויף זייערע העלדישע פערד פונעם זאַמדיקן באַרג־שלאָס, פאַרביי די שמאָלע געסלעך. זיי האָבן אויסגעזען אַזעלכע הויכע פּרויען, און זיי האָבן געהאַט ליכטיקע קעפּ מיט גאָלדענע צעפּ...

דער אַלטער איד האָט עפּעס אַרומגעטראָגן אין האַרצן אַן אייביקע בענקשאַפט צו די רייצנדיקע טעכטער פונעם גראַף, וואָס זיינען אַדורכ־געריטן דורכן שטעטל ווי דריי לעגענדאַרע אַמאַזאָנקעס, זיך איילנדיק צו דער שלאַכט מיטן שונא. און אַזוי רעדנדיק וועגן זיי, איז ער איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט שוין אויף אייביק פאַרשטומט געוואָרן. אַ שמייכל פון גליקזעלישקייט האָט באַלויכטן זיין בלייך און פאַרשוויצט פנים, ווי דעם

גראַפּס טעכטער וואַלטן נאָך אַלץ רייטן אין זיין מחשבה, באַרג־אַראָפּצו פונעם אַלטן שלאָס, דורך די ענגע און פאַרחושכטע אידישע געסלעך, איבערן שטילן הימל פון זיין קינדהייט...

## די געראָטענע פאַרלייענערין

עס איז שטענדיק פאַראַן פּאָעזיע און מאַלעריי אויף די גאַסן פון דער שטאָט: אָט זיצט אויף איר וועגעלע אַן עלטערע פרוי מיט פּאַראַליזירטע פיס, וואָס זיינען וואָרעם אַרומגעדעקט מיט אַ פּלושענער קאָלדרע. אָבער דער פריצהס פּנים איז נאָך שיין און סענסיטיוו. פון אירע אויגן קוקט אַרויס דער מידער טרויער פון רעזיגנאַציע, פון פערזענלעכן אונטערגאַנג. איר ייִנגע באַדינערין לייענט פאַר דער באַלעבאָסטע אַ קאַפּיטל פון אַ פראַנצויזישער נאָוועלע. יעדעס איינציקע וואָרט, וואָס זי זאָגט אַרויס, קלינגט אַפּ ווי ריינער זילבער. וועמענס נאָוועלע לייענט זי? עס איז נישט וויכטיק. די עלטערע מאַדאַם הערט זיך איין מיט אַלע חושים. זי פאַר־מאַכט אויף אַ מאָמענט אירע אויגן אין דעם בלענד פונעם זון־אונטערגאַנג. זי זעט אויסגעשפּרייט דאָס סאַמעט־גרינע פעלד פון דער קינדהייט; זי זעט דעם היימישן ברונעם מיט דער הילצערנער וואַדרע ערגעץ אין אַ שטילן דאָרף אין פראַנקרייך. זי באַטראַכט דאָס שיין געפאַרמטע פערד. עס פאַרכאַפּט איר דאָס געשטאַלט פונעם שלאַנקן רייטער מיט דער פעד־שוואַרצער טשופּרינע, וואָס איז דורכן ווינט צעפּלאָטערט: די זון פאַרגייט מיט אַרום אַכציק יאָר צוריק גענוי אַזוי ווי אין דעם היינטיקן פאַרנאַכט.

איך גיי זיך ווייטער אויף מיין זייטיקן וועג פאַזע דעם צענטראַל־פּאַרק, אָבער עס קלינגען אַפּ אין מיינע אויערן, ווי פון אַ זילבערנעם גלעקל, די מעלאָדיעזע ווערטער פון דער געטרייער פאַרלייענערין, בשעת אַ העלער אָפּשיין פון איר אַמאָליקן פרילינג באַלויכט דאָס אומבאַוועגלעכע פּנים פון דער פאַרטראַכטער זקנה...

## נאָטיצן פאַר אַ דערציילונג

די „פייפּס", די אייזערנע רערן, האָבן ביינאַכט געקרעכצט ווי פון ווייטיק. דאָס רויט־זשאַווערדיקע וואַסער האָט געגומען טריפן ווי אַלט און טונקל בלוט פון די בלעכערנע אַרטעריעס. מען האָט ממש געשניטן שטיקער פונעם פרעכטיקן הויז ווי די אברים פון אַ גראַנדיעזער לעבע־דיקער חיה, וואָס האָט אויפגעטויכט פון די רויע כוואַליעס פון ים ווי אַ פּאַלאַץ. דאָס אַלץ איז געשען בשעת די לאָקאַטאָרן זיינען נאָך עקשנותדיק געזעסן אינעווייניק אין די חדרים, ווי געלע מלאָכים אויף אַלטע מאָלע־רייען. די אַרבעטער, מיט האַמערס און העק, האָבן צו להכעיסדיק אָפּגע־בראָכן שטיקער געביידע, פראַגמענטן מיט אַרכיטעקטור, מאַסיווע באַלקאָנען, די פיינע שטוקאַטורן פון ווענט און געזימסן; פון דעכער, טרעפּ און סקולפּטורן. מען האָט אויך אָפּגעשטעלט די וואַסער־ליטונג, דעם אָפּגעלויף

פונעם ברודיקן וואַסער; דאָס פונקציאָנירן פון די טואַלעט־צימערן. מיר, ווי די עקשנותדיקע און דערשראָקענע פּאַסאַזשירן פון אַ זינקענדיקער שיף, האָבן געפילט ווי מען שניידט אָפּ גאַנצע שטיקער פון אונדזער געמיינ־זאַמען אָרגאַניזם. מען איז ממש געגאַנגען אויף אונדזער קאָלעקטיוון לעבן מיט אַן אַרמיי פון חורבן און צעשטערונג. אונדזער אַלעמענס גורל איז געווען אַ געחתמעטער.

***

מען קען זאָגן, אַז כמעט יעדער געביידע, קרעטשמע, ווייַנשענק, האָטעל, שיף אָדער באַן, וואו נאָר מענטשן וואוינען און חלומען, האָפן און שטרעבן, און וואו זיי ווערן אַלט און שלאַבעריק; וואו זיי קומען סוף־כּל־סוף אום פון דער שווערד פונעם מלאך המות; צי פון דעם מעסער פונעם שטרענגן כירורג, אָדער בכלל פון דעם אַלמעכטיקן קייסער, וואָס רופט זיך אַן „צייט"; דאָס אַלץ איז אַן אוניווערס אין מיניאַטור...

מען מעג אויך צוגעבן, אַז וואָס באַדייטנדיקער אַ שרייבער איז, אַלץ וויכטיקער באַמיט ער זיך קינסטלעך אויסצוטראַכטן זיינע כאַראַקטערן, און אַפילו די געשעענישן און סיטואַציעס פון זיינע ווערק. זיי שטייען ממש ווי לעבעדיקע און פּאַרטיקע אַנגעגרייט אומעטום, וואו נאָר עס פאַלט זיין שעפערישע אויג: אין וואָקזאַלן, קאַבאַרעטן; אין טורמעס, קאַזאַרמעס און אַזילן; אין רעסטאָראַנען, באָרדעלן און פּיונעראַל־הייזער; ביים ברעג פון ים, אויף קורערטער אין די בערג, בשעת די זומערדיקע חדשים; אין די מערסטע הייזער, היימען, היילן און אָפּגרונטן פון לעבן...

אָבער מיר שרייבן דאָך איצט נישט קיין דיסערטאַציע וועגן ליטעראַ־טור. מיר האָבן בלויז אין זינען צו שילדערן אַ גרופּע מענטשן, די אייביקע מענטשן פון דער ערד, געבונדן צו עפּעס אַ צענטראַלער טעמע...

## ווי גרויסע בריליאַנטן אין הימל

איך זע ווי פון אונטער אַ גראַניטענעם מאָנומענט איבער אַ פרישן און רויטלעך־ליימיקן קבר קוקט אַרויס אַ טינט־שוואַרץ און דערשראָקן קעצל מיט אירע שאַרפע פאַספּאָרישע אויגן, ווי זי וואָלט געווען דער גייסט פון אַ געהאַנגענעם פאַרברעכער, וועמענס אַש־בלויען גוף די קברנים האָבן אָפּגע־נומען פון דער פּאָליציי, וואָס האָט אים געבראַכט פונעם עלעקטרישן שטול, און זיי האָבן אים דאָ באַגראָבן אין איינעם אַ הערלעכן, און נאָך זייד־טונקעלן באַגינען, ווען די שטערן אויפן הימל ווערן איינציקווייז אָפּגע־מעקט און אויסגעלאָשן דורך די הענט פון מלאָכים, כדי אין אָוונט זיי ווידער אָנצוצינדן ווי ריזיקע בריליאַנטן אין אַ קעניגס צירונג־שטיק...

## וועגן האַרמאָניע צווישן די מענטשן

שטענדיק, ווען איך שפּאַציר אין מיין איינזאַמקייט פאַזע דער דיקער און טונקעלער מויער פונעם ריזיקן קריסטלעכן צמענטאַזש, און איך

קוק אַריין אינעווייניק, דורך די אײַזערנע שטאַכעטן פון דער מאַסיווער מויער, גייט אויף אין מיין מוח דער זעלביקער געדאַנק ווי אַלע מאָל:

— ווען עס וואָלט אויך צווישן די לעבעדיקע מענטשן אויף דער וועלט געהערשט אַזאַ טיפע רו און אָרדענונג ווי עס הערשט ביי די מאַכטלאָזע סקעלעטן, וואָס רוען איינזאַמע אונטער די שטיינערנע מצבות און שטאָלצע מאָנומענטן!...

## דער איבערגעשניטענער האַלדז פונעם נעגער

מיין פריינט י. ל. גרוזמאַן, דער רעדאַקטאָר פון בוענאָס איירעסער אידישן זשורנאַל „דער שפיגל", דערציילט מיר אַנומלט, זיצנדיק מיט אים אין אַ צימער פונעם היגן אַלטן האָטעל „דיפּלאָמאַט":

— עס איז געווען שפּעט ביינאַכט אין אַ טאָג פון אָקטאָבער. די לופט איז געווען פייכט און שטיקנדיק, די ביימער איבער די גראַניטענע גאַסן פון ניו־יאָרק שטייען ווי פינצטערע סילועטן אָנטקעגן אַן אומפריינטלעכן און האָפענונגסלאָזן הימל. די לבנה, דעם הימלס רויטלעכער פּופּיק, פליסט אָפּ מיט איר קאַלטן און קאַלכדיק־ווייסן ליכט, ווי גיפטיקע מילך פון שלאַנגען, איבער די דעכער פון די איינזאַמע מויערן. דער שאָסיי, אויף וועלכן איך גיי, איז טונקל און גלאַטיק, אָבער דער דראָבנער רעגן, וואָס איז פריער געהאַט געפאַלן, גיט דעם אַספאַלט אַן אויסזען פון גלאַנציקן פּאַרקעט אין אַ ריזיקן טאַנץ־זאַל. דער וועג פאָרויס פון מיר איז ווי אַ בלעכענער שפיגל, וואָס זויגט איין שטומערהייט די שאָטנס פון מענטשן, הינט, קעץ, ביימער און גרויע ווענט, וואָס האָבן חשק זיך צו פאָרן מיט אַנדערע ווענט פון פּאַלאַצן, טויזנטער מיילן ווייט, אין פרעמדע שטעט. די אײַזערנע לאַמטערנס קניען געבויגענע, ווי אין אַ תפילה עקזאַלטירט, זיך שפּיגלענדיק אינעם אָפּגרונט־טיפן שאָסיי־פּלאַך. פונדערווייטנס זע איך ווי עס דערנענטערט זיך צו מיר אַ זיך וואַקלענדיקע פיגור, וואָס זעט אויס צו זיין שיכור. עס איז אַן אומגעווייגלעך הויך געשטאַלט פון אַ טונקעלן מענטש. מיר דאַכט זיך, אַז ער פאַלט שווער אַרויף אויף מיר מיט עפּעס אַ שרעקלעכן אימפּעט, ווי אַ מעטעאָריט, וואָס איז אַנגעגליט מיט נישט קיין ערדישער היץ. ער זעט אויס צו זיין פינצטער און פאַטאַל, ווי דער שוידערלעכער מאַנסטער־גורל פון פאַרמשפּטע מענטשן, ווען מען גייט זיי הענגען אין דעם פריען באַגינען. איז ער טאַקע לוט־שיכור?...

— פון דער נאָענט דערזע איך אַ ריזיקן נעגער. זיינע אויגן זיינען פאַרלאָפענע מיט טרערן פון אַנגסטן און יסורים. מיט אַ הייזעריקער שטימע, וואָס קומט, דאַכט זיך, פון דער טיפעניש פון אַ קבר, כריפּעט ער אויס צו מיר שטרענג און באַפעלעריש, מיט דער קראַפט פון איינעם, וואָס רעדט אין נאָמען פון מלאך המות:

— וואו איז דאָ ערגעץ פאַראַן אַ שפּיטאָל? „ביגער" האָט מיך צע־שטאָכן און צעשניטן אין האַרלעם...

— איך וויז אים אָן אין דער ריכטונג פונעם בעלוויו־שפּיטאָל, ביים באָכטיש־גלאַנציקן איסט־ריווער...

— ווען ער גייט אַוועק, באַגריסט ער זיך פריינטלעך צו מיר און שטרעקט אויס זיין פייכטע און פאַרבלוטיקטע האַנט, ווי ער וואָלט זיך מיט מיר געזעגנט. אָבער ווען ער נעמט אַוועק אויף אַ מאָמענט די האַנט מיט אַ רויטלעך־פאַרפלעקטן טיכל פון זיין האַלדז, זע איך דעם שאַרפן שניט פון אַ ראַזיר־מעסער אין זיין גאַרגל...

— איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך האָב אין דער נאַכט געהאַט אַ ראַנדעוואו מיטן מלאך המות. בלויז אָפּגייענדיק עטלעכע טריט וויטער, איז ער אומגעפאַלן ווי אַן אָפּגעבראָכן שטיק מויער פון אַ טורעם, וואָס איז געטראָפן געוואָרן פון אַ שראַפּנעל. דער ברענענדיקער ציגאַרעט האָט נאָך ווי אַ קליין און בלוטיק אויג געלויכטן אין זיין מויל, צווישן זיינע דיקע ליפּן; געלויכטן ווי אַ גאָלדיקער פונק — אַ לעצטער טראָפּן בלוט פון זיין עקזיסטענץ אין דער ניו־יאָרקער טונקעלער און אומהיימלעכער נאַכט...

דאָס האָט מיר דערציילט גרוזמאַן, דער „גאַסט אויף אַ וויל, וואָס זעט אויף אַ מייל"...

## דאָס פּערזענלעכע און אוניווערסאַלע

בשעת ער איז באַרוישט פונעם לעבן איז אַ מענטש סוביעקטיוו, פּערזענלעך, אַליין־זיך. אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט, גייט אים אָן אויף וויפיל עס האָט צו אים אַליין אַ דירעקטן שייכות. אַפילו גאָט עקזיסטירט בלויז פאַרן מענטש צוליב אים אַליין, כדי אים טאָג־און־נאַכט צו באַדינען און באַשיצן פון כלערליי סכנות און קראַנקהייטן. דער מענטש פונעם אַנדערן געשלעכט האָט צו אים אַ ווערט, ווייל ס׳דערגאַנצט זיין אייגענע געשלעכטלעכקייט, זיין חוב צום אוניווערס. יעדע זאַך: אַ בוך, בריוו, פאָטאָגראַפיעס, אַנדענקונגען; אַלץ איז ביי אים טייער, צו אים אַליין בלויז, ווייל עס איז דורך אַלערליי אופנים פאַרבונדן מיט זיין אייגן לעבן. אַפילו גאָט, וועלט און די גאַנצע מענטשהייט, זיינען בלויז וויכטיק צו אים לויטן גראַד פון זייער שייכות צו זיין עקזיסטענץ...

אָבער נאָכן טויט פון זיין שרעקלעך־עגאָאיסטישן גוף ווערט ער אוניווערסאַליסטיש. זיין באַדייטונג פאַר דער דרויסנדיקער וועלט ווערט איינסטינקטיוו דעצידירט דורך זיינע מעשים לטובת הכלל. דאָס פּערזענלעכע און עגאָאיסטישע פאַלט אָפּ פון אים ווי די פרעמדע הויט ביי אַ שלאַנג. זיין גאַנץ לעבן, אַלע זיינע מעשים און טואונגען, ווערן איצט געוואויגן אויף דער אייזערנער וואָגשאָל פונעם נאַציאָנאַלן, סאָציאַלן און

אוניווערסאַלן ווערט, נוצלעכקייט און מאָראַל. בלויז דער עלעמענט פונעם אייביקן אין זיין כאַראַקטער בלייבט עקזיסטירן פאַר דער וועלט, בשעת אַלץ אַנדערע ווערט צעפאַלן ווי שטויב־און־שפּינגעוועבס. זיין עגאָ — דער גוף — ווערט אַראָפּגעגנידערט אין דער טיפענייש פון דער ערד, בשעת אויף זיין מצבה ווערט אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות זיין באַדייטונג פאַר דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, פאַר דער אייביקייט...

## זי האָט מורא פאַר ליטעראַטור

דאָס דראָבנע און דאַרינקע דאַמעלע זיצט זיך אויף דער באַנק ביים ברעג פון אַטלאַנטיק און זי זופּט קראַנקערהייט די גאָלדענע קראָפּלעס מיט וואַרעמער זון אין דעם אַנהויב־חודש מערץ. דאָס רויטע קעפּעלע אירס איז פאַרוואָרפן אין דער הויך, ווי זי וואָלט זיין פאַרחלשט פון עפּעס אַ צויבערהאַפטן חלום. זי האַלט שטרענג פאַרשלאָסן אירע אויגן אונטער אירע גלעזער, פאַרוויאַנעטע בעלמעס. אָבער פאַרט האָב איך מורא איר לענגער צו אָבסערווירן, מחמת איך פיל באַשיימפערלעך, אַז זי זעט מיך קוקן אויף איר דורך אירע שפּינוועבסטיק־דינע און כמעט דורכזיכטיקע אויגן־לעדלעך, ווי אַ פלעדערמויז. פונעם קורצגעכאַפּטן און רגעדיק־איילנדיקן אָבסערווירן מיינעם איר אָרעמער פיזיאָנאָמיע, קען איך שוין גאַנץ גענוי און פּרעציז לייענען, ווי דער פּאָעט שאַרל באָדלער שרייבט ערגעץ וועגן אַ געוויסער זקנה, וועגן איר גאַנצן מישטיינסגעזאָגטן לעבן, וואָס איז גרוי און עלנט ווי אַ שטיין אין פעלד, וואָס ווערט דורכן לאַנגן ווינטער געוואַשן דורך אַ טויזנט שטורעמדיקע האַגלען און הוראַגאַנען.

זי האָט, קענטיק, קיינמאָל נישט חתונה געהאַט. מען האָט נאָך איר דינטשיק און שלאַבערדיק פיגורל נישט אַרומגעפּירט אַרום דעם שטרוי־ענעם קוקלע־חתן, אונטער די פיר דינע סלופּקעלעך. זי איז, וואָס אַן אמת, אַמאָל געווען אַ געראָטענע און דעליקאַטע פרוי. אָבער איצט איז זי שוין היפּש פאַרוויאַנעט, און טאַקע פאַרעלטערט אויך, ווי אַ גרויע מאַדאָנע, וואָס האָט די זון נישט אָנגעזען, און האָט געלעבט בלויז מיטן שאָטן פונעם געקרייציקטן. זי האָט אין איר לעבן געהאַט, ווי עס גייט דער זאָג, גאַנצע הונדערט גלענצנדיקע געלעגנהייטן חתונה צו האָבן. אָבער זי איז פון יוגנט אָן געווען אַזאַ שטאָלצע, אַ קאַפּריזנע, אַ מיסטעריעזע, אַ אַ פאַרבאָרגענע פּרינצעסין. זי וואָאוינט, ווי אַן איינזאַמער שפּין, אין אַ מעבּ־לירטן צימער, מיט ווילגאָטנע ווענט, אויף וועלכע עס וואַקסן משוגענע שוואָמען, אָפּגעפאַרבטע מיט זעלטענע קאָלירן פון עפּעס אַן אומבאַקאַנטן מאָלעריי־קעניגרייך. דאָס אַנטיטשנע מעבל אירס, וואָס זי האָט געירשנט פון אַן אַלטער מומע אירער, וואָס האָט אין אירע יוגנט־טעג געהאַט צו טאָן מיט געגעראַלן און מיט פּרינצן, און וואָס האָט וואויל געדענקט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, איז שוין פון לאַנג אָן צעגריזשעט פון מאָלן

און פאַרברודיקט פון דעם אַפּפאַל פון פליגן. זי איז אַנגעטאָן אין אָפּגע־טראָגענע מלבושים, וואָס שכנים שענקען איר אָפּ אויס רחמנות. די גינגאָלדענע פּאַנטאָפלעך אירע זיינען צעקנייטשטע, און קיינמאָל נישט קיין געפּוצטע. זי אַנדולירט, אָדער קאַרבירט זיך אַליין די זשאַווערדיק־רויטלעכע לעקלעך אירע, וואָס זיינען שיטער געוואַקסענע, ווי קאַרגע וועלדלעך ביי אַן אויסגעטרוקנטן טייכל; און מען קען דורכזען דורך זיי שטיקלעך פון דעם ווייסן שאַרבן אירן, ווי ביי אַ מת, וואָס ליגט שוין אין זיין קבר צוויי הונדערט יאָר. זי פאַרמאָגט נישט קיין שום קרובים אין ניו־יאָרק. זי לאָדט מערסטנס אויס איר אומעט בשעת אירע איינזאַמע, טאָג־טעגלעכע שפּאַצירעכצן ביים זאַמדיקן ברעג, וואָס זאַפּט איין אויף אַ גלייכגילטיקן שטיגער אַלע מענטשלעכע אָפילו פויגלשע, איינזאַמ־קייטן, וואָס דויערן טויזנטער יאָרן לאַנג. טיילמאָל טרעפט, אַז זי ווערט באַפאַלן פון אַזאַ מין נערוועזער שעה, אַז זי לויפט אָפּ מיילן ווייט, ווי אַ משוגענע פרוי, ביים ברעג פון ים, ווי עס וואָלט איר יאָגן דאָס בייזע מזל אירס, און שמייסן אירע קראַנקע ביינער מיט זיינע טויזנט ברוטאַלע בייטשן...

בשעת איך טראַכט אַזוי וועגן דעם ביטערן גורל פון דעם דראָבנינקן דאַמעלע, וועקט זי זיך פּלוצלינג אויף ווי פון אַ חלום. זי נעמט גיך לויפן, ווי אַן אָפּגעבריטע פון אַ געהיימנישפולן פייער אין אירע געדע־רים. זי האָט ווייזט אויס, אינסטינקטיוו דערפילט דעם שטעכיקן ברי פון מיין שרייבערישן שוואַרצאַפּל. זי האָט מסתמא מורא פאַר ליטעראַטור. זי וויל בשום אופן נישט ווערן „באַשריבן‟ אין די גאַזעטן. זי האָט אַ באַשטימט געפיל, אַז ווער־ווער, אָבער דער שרייבער איז אַ מבין אויף איר לעבן, מישטיינסגעזאָגט. ער איז דער גרויסער הימלישער מלאך, וואָס איז איר נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט פון אירע קינדישע טעג אָן; וואָס איז ווי אַ קראַנקנשוועסטער געזעסן בשעת די רעגנדיקע נעכט נעבן איר וויגעלע, און האָט זי שטילערהייט געוויגט, און זי אַריינגעוויגט ביז אין אירע אַלטע יאָרן...

## אַ איד רעדט צו מיר

אַנומלט רופט מיך אָפּ אויפן טעלעפאָן מיינס אַ פריינט פון לאַנגע יאָרן, אַ גוטער אידישער אינטעליגענט, וועמענס נאָמען איך דערמאָן דאָ נישט, נישט זייענדיק זיכער צי ער וואָלט דערלויבט צו פאַרעפנטלעכן זיין אידענטיטעט אין שייכות צו די אַרויסגעזאָגטע ווערטער, אָדער מחשבות, וועלכע איך האָב תיכף פאַרצייכנט, ווייל זיי זיינען, ווי מיר דאַכט זיך, נישט קיין גאַנץ געוויינלעכע רייד, און וואָס זיינען אָגב נאָך וואַרעם פון זיין מויל־און־אָטעם:

— וואָס קענען מיר דען, אָרעמע מענטשן־ברואים וואָס מיר זיינען, וויסן געצוי וואָס עס איז גוטס און וואָס עס איז שלעכטס? אַז דער וואָס

לעבט אייביק האָט אַזוי וואַנזיניק און סאַדיסטיש באַשאַפן אַ וועלט, מסתמא האָט ער דאָך געהאַט אַ באַשטימטן רעיון דערביי, לויט אונדזערע מענטשלעכע באַגריפן (ווייל „רעיון" און „צוועק" זיינען אַוודאי אויך בלויז מענטשלעכע קאַטעגאָריעס). שוין אונדזערע אַמאָליקע קבליסטן פון צפת, מיט זייערע אַנגעצונדענע שטערנס, האָבן דערפון געוואוסט. וואָס עס איז הייגט נאָך שיין און שטראַלנדיק, איז שוין מאָרגן מיאוס און פאַרפוילט. איך האָב אין מיין לעבן געזען די שענסטע פרויען, וועמען די שטאָלצסטע און גרעאָטנסטע מאַנצלייט וואָלטן זיין גרייט זיי צו קושן אין זייערע אינטימע ערטער אפילו, אַבי צו קענען געווינען זייער גונסט און פריינטשאַפט — איז איצט זע איך ווי די דאָזיקע אַמאָל מיט גאָלדענע קרוינען געקרוינטע שיינקייטן זיינען איינזאַמער ווי די קרעציקע הינט, אָדער ווי די אָרעמע מייז אויפן בית עולם, צווישן די גרויע שטיינערנע מצבות. די דאָזיקע פרויען ליגן דורך די לאַנגע און שלאָפלאָזע נעכט אויף זייערע ברודיקע מאַטראַצן, אָדער אויף די מיט שטרוי־פאַרפוילטע געלעגערס, ווי געל־פאַרזשאַווערטע סקעלעטן, און זייער ביטערע איינזאַמקייט גריזשעט זיי אויף פון קרענקונג, און זיי וואַרטן אָפּ ממש גאַנצע יאָרן אויף אַ מאַנס זינדיק אויג, וואָס קערט זיך אָפּ פון זיי מיט עקל. וואָס קענען מיר דען עפּעס זאָגן לויט שכל און לאָגיק, אַז מיר זעען באַשיימפערלעך ווי אַזוי היינטיקע צייטן פאַרנעמען קעניגן, פּרינצן, שטאַטסלייט און דיקטאַטאָרס, ממש די העכסטע טראַגנען און שטולן באַדעקטע מיט גאָלד, און עס קניען צו זיי די גרעסטע לייט מיט הכנעה, ווי מאַסן מענטשלעכע קנעכט; און מאָרגן הענגען זיי אַליין ברודיקע און נאַקעטע אויף תליות פון בוימער און פון אָפּגעשונדענע צווייגן, מיט זייערע אָפּגעראַזירטע שאַרבנס אַרונטער צו דער ערד; מיט די געשוואָלענע קעפּ פון לויב־און־כבוד, וואָס האָבן ערשט געטראָגן שווערע קרוינען פון גינגאָלד; און מיט זייערע צעבראָכענע פּיס אַרויף; און ווער נאָר פונעם קוויטשיקן און היסטערישן פעבל עס גייט נאָר אַדורך אויף זייער וועג פון צאָרן, שפּייט ער אָן אויף זיי, און אויף זייערע יונגע דערמאָרדעטע געליבטע, ווי אויף שמוציקע ווערעם און עקלהאַפטע שלימאַקעס...

## אַ נישט־געלונגענער זעלבסטמאָרד

איך האָב געזען ווי אינמיטן פונעם זומערדיקן טאָג איז פּלוצלינג אָנגעקומען די „גיכע הילף", אַ פּאָליצייאישער אויטאָמאָביל־וואָגן, צום ים־ברעג. נייגעריקע פאַרשווינען, אַן ערב־רב פון אַלערליי ברואים, האָבן זיך פאַרזאַמלט. די דערשראָקענע מעוועס זיינען זיך צעפלויגן, ווי זיי טוען עס שטענדיק, ווען צופיל באַשעפענישן גרופּירן זיך אויף אַ באַשטימטן אָרט. מען האָט עפּעס גערעדט אַז איינער, אַן עלטערער מאַן, זיך ברענענדיק אין דער הייסער זון, האָט פּלוצלינג געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע. אָבער ראַפּטום זע איך ווי די פּאָליציי־לייט פירן גאָר אַרויס פונעם זאַמד־ברעג

עפעס אַ מיידל, וואָס האָט זיך געוואָלט דערטרינקען. זי האָט אויסגעזען צו זיין אַזאַ היסטערישע און צעבראָכענע נשמה, אוודאי אַ פּאַרטאָריקאַנישע. אַזאַ דינע, מיט לאַנגע פיס ווי ביי אַ באַטשאַן. מיט גאָלדנברודיקע און געפאַרבטע האָר, פון וועלכע עס איז גערונען דאָס ימישע וואַסער אין שווערע טראָפּנס. איין ברוסט איז ביי איר געווען אָפּגעדעקט. דאָס נאַסע און גרינע קליידל האָט געקלעפּט צו איר דינער און דורכגעווייקטער פיגור. דאָס קינדישע געוויין איז געשטאַנען פאַרגליווערט אויף איר בלוטלאָזן פנים. מען האָט בולט אָנגעזען דורכן קלייד די רונדקייט פון אירע גלידער. וואָס האָבן דאָך געקענט פאַרשאַפן פרייד און פאַרכישופן אַ לייטישן מאַן. אָבער עס ווייזט אויס אַז זי האָט אין דעם דזשאַנגל פון ניו־יאָרק נישט גרינג געקענט געפינען איר באַשערטן...

דאָס דאָזיקע צעמישטע מיידל, וואָס האָט דווקא חשק געהאַט צו פאַר־ענדיקן איר יונג און צאַפּלדיק לעבן אין אַזאַ גאָלדיקן זומער־טאָג, איז אפשר איינגאַנצן בלויז אַלט געווען אַ יאָר ניינצן, אָדער העכסטנס צוואַנציק. אָבער די נאַכט, און עפעס אַ משוגענע פאַרצווייפלונג, האָט פינצטער אַרויס־געבליט, ווי פאָקשיוועס, פון אירע פאַרטרערטע אויגן, פון איר טרויעריקער נשמה. איך האָב געטראַכט:

נישט איין עלנטער מאַנצביל אין דער ברייטער וועלט פון איינזאַמ־קייט און אומגליק זוכט זי אַרום איבער די פוסטע גאַסן און תהומיקע ווינקעלערן פון דער גרויסער שטאָט. ער רויכערט אויס נערוועזערהייט מאַסן ציגאַרעטן פון אומגעדולד און פון בלינדער בענקשאַפט. ביידע יונגע מענטשן, ווען זיי וואָלטן זיך נאָר אַמאָל באַגעגנט, וואָלטן אפשר געקענט זיין גליקלעך. אָבער די געשלאָגענע און געפייניקטע נשמות קענען זיך פאַרט נישט געפינען איינס דאָס אַנדערע. זיי גייען זיך שטענדיק פאַרביי, כאָטש זיי רירן זיך אפשר כמעט אָן אויף זייער וועג פון זוכן דאָס גליק, אָדער דאָס לאַנד עלדאָראַדאָ...

מען האָט דאָס אויסגעווייקטע, און איצט וויינענדיקע מיידל, אָפּגעפירט אין דעם היגן בעלוויו־שפיטאָל. מסתמא וועט זי דאָרט באַגעגענען, ווען זי וועט אַ ביסל קומען צו זיך, נאָך אַנדערע טיפּן פון שיכורע פרויען, פון מיידלעך וואָס רויכערן האַשיש און שטעכן זיך אַריין אין די אָדערן נאָדלען מיט מאַריוואַנאַ. זי וועט ווידער טרינקען וויסקי, שפּילן אין קאָרטן און פאַרגעמבלען איר שיינקייט און ליבע צו בלאָטע לייט און צו די מענלעכע שקלאַפן פון גיפט, זינד און משוגעת...

## זוסמאַן סעגאַלאָוויטש שרייבט אויף דער קני

דער פאָפּולערער ראָמאַניסט זוסמאַן סעגאַלאָוויטש, געדענק איך, האָט געשריבן די לעצטע קאַפּיטלעך פון זיינע ראָמאַנען „אייביק איינזאַם" און „אונדזער פרוי", אויף וועמענס מאַנוסקריפּטן די זעצערס פון שלמה שייג־בערגס זעצעריי אין אונדזער שטעטל פולאַווי האָבן געוואַרט, אויף דער

קני. ער איז געזעסןביים ברייטן און רחבותדיקן טיש, וואָס ציפּה, שיינ־בערגס בלייכע און מאָדאָניש־צאַרטע פרוי, די טאָכטער פון דער פּאָפּו־לערער משפּחה פון וואַלד־סוחרים, די האַלבערשטאַדטס, האָט איבערגע־דעקט מיט אַ יום־טובדיק און מולטיפאַרביק טישטוך, און פול באַשטעלט דעם טיש מיט פלעשער פינקלענדיקן וויין און בראָנפן, און מיט זילבערנע טאַצן מיט האַניקדיקן לעקעך, און מיט זעלטענע געבעקסן, וואָס האָבן ממש פאַרשמעקט דאָס הויז פון שלמה שיינבערג, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער דרוקעריי פון זיין קרוב, פּנחס קרימער, און וואו זוסמאַן סעגאַלאָוויטש האָט געקענט שרייבן זיינע ראָמאַנען רואיק און באַקוועם, בשעת די ראָ־מאַנטישע ציפּה האָט מיט אירע לאַנגע און ליליענבלייכע הענט פאַרליב־טערהייט געגלעט און געצערטלט זיין פעך־שוואַרצע טשופּריגע, כאָטש שיינבערג, איר מאַן, איז געווען גענוג איפּערזיכטיק...

ווען ציפּה, די יונגע, שיינע און שלאַנקע פרוי פון שלמה שיינבערג, וואָס האָט אויסגעזען, איך חזר איבער, ווי אַ גאָלדענע מאָדאָנע אויף אַ ראַפאַעליש־וואַרעמען און פלאַמיק־גאָלדיקן פּאָרטרעט פון אַ „הייליקער", איז פאַרזיכטיקערהייט צוגעגאַנגען צום חשובן דיכטער־גאַסט פון וואַרשע, און האָט ביי אים שטילערהייט, ווי שעפּטשענדיק קוים הערבאַר, גע־פרעגט פאַרוואָס ער שרייבט זיינע קאַפּיטלעך פּראָזע דווקא אויף דער קני, אין אַזאַ אומבאַקוועמער פּאָזע, און צי ער שרייבט טאָקע אויף אַזאַ שטיי־גער זיינע מערסטע ראָמאַנען, וואָס זיינען צו יענער צייט, תיכף נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, געווען אַזוי שטאַרק פּאָפּולער ביי דער אידישער לייענערישער יוגנט אין די אָרעמע, אָבער קולטור־הונגעריקע פּוילישע שטעטלעך, האָט ער זיך פאַר איר מודה געווען, אַז יאָ. פאַרוואָס? ווייל זייענדיק מיט יאָרן צוריק, נאָך ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַ סאָל־דאַט אין דער רוסישער אַרמיי, און שרייבנדיק אַהיים זיינע בריוו אויף דער קני אין די אָקאָפּעס, ווי די מערסטע סאָלדאַטן האָבן עס געטאָן, ווייל עס איז נישט געווען קיין אַנדערער אופן ווי אַזוי באַקוועמערהייט צו שרייבן, האָט ער שוין שפּעטער אויך, דורך זיין גאַנצן לעבן, אַלע זיינע ראָמאַנען געשריבן אויף אַן ענלעכן שטייגער...

אָבער עס איז ביי מיר פאַרבליבן עפּעס נישט קיין שטאַרק אָנגענעם געפיל פון דעם דאָזיקן געדענקעניש. עס האָט אויף מיר דווקא נישט גע־מאַכט דעם סאַמע בעסטן איינדרוק צו שרייבן ערנסטע קינסטלערישע ווערק אויף אַזאַ אופן. עס האָט זיך געפילט עפּעס אַ גרינגקייט, אַ מין לייכטזיניקייט, אין זיינע מערסטע נאָוועלן, וועלכע די אידישע ליטעראַטור־קריטיקער אין פּוילן, צו יענער צייט, האָבן אָראָפּגעריסן, צוליב סעגאַלאָ־וויטשעס מכלומרשטער „איבערפלעכלעכקייט", און אויך האָט מען אים פאַרגעוואָרפן אין כסדרדיקן שרייבן וועגן זיין אייגענער פּערזאָן, אַלס הויפּטהעלד. זיין שאַרפסטער קריטיקער איז געווען י. מ. ווייסענבערג,

וואָס האָט דווקא סעגאַלאָוויטשן פאַרגליכן צו שעקספּירן. פאַרשטייט זיך אַז סעגאַלאָוויטש האָט אַזאַ „דועל" נישט אויסגעהאַלטן...

איצט, מיט אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, האָב איך גאָר אַן אַנדערן געפיל צום שריפטשטעלער און צו זיינע לירישע ראָמאַנען. ווייל זיי שמעקן צו מיר, ווי פרישער בעז אין דעם חודש מאַי, מיטן טיפיש־פּוילישן פּייזאַזש, איבערהויפּט מיטן בונטן און דינאַמישן לעבן פונעם היימישן אידנטום, מיט איר טאָג־טעגלעכן, שווערן און ביטערן לעבן פאַר פּרנסה, ווי אויך מיט איר ראָמאַנטיק, אין די יאָרן צווישןביידע וועלט־מלחמות. ווייל זיין זוניקע און גראַציעזע פּראָזע לויכט העל, ווי די זומערדיקע זון, מיט אירע וואָרעמע באַשרייבונגען פון די לאַנדשאַפטן פון קאַזשימיערזש; מיט דעם טרויער און דער ראָמאַנטיק פון זיין העלדין, „רייזעלע דעם שוחטס", וואָס אַלע דינסטמיידלעך און אויך בחורים האָבן געזונגען אין די היימישע שטעטלעך. ווייל זיינע רעפּאָרטאַזשן און דערציילונגען שמעקן מיטן לעבן פון אידישע טרעגערס, דראָזשקאַזשעס, פישערס און קצבים אין דעם אַמאָליקן טייערן אידישן פּוילן. זיין יעדעס וואָרט־און־שורה איז מיר איצט אַזוי טייער און באַלזאַמיק־זיס צום האַרצן. זיין שאַפונג איז ווי זיסער מעד צו מיין געמיט. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיין פּאָעמע „אין קאַזשימיערזש", און זיין ערשטן באַנד „די גאָלדענע פּאַווע" מיט פאָלקסטימלעך־היימישע דערציילונגען. פּונקט ווי מאַנע קאַץ האָט געליטן צוליב דער דערשיינונג און דערפאָלג פון מאַרק שאַגאַל, כאָטש מאַנע קאַץ אַליין איז געווען אַזאַ גרויסער און וואָרעמער אידישער קינסטלער, האָט סעגאַלאָוויטש געליטן צוליב שלום אַשס רום אין דער וועלט. דער אמת איז אַז עס זיינען אין דער אידישער ליטעראַטור אין פּוילן געווען אַ סך שלום אַשס און זוסמאַן סעגאַלאָוויטשעס, וועמענס ווערק האָבן געאָטעמט מיט היימיש אידיש לעבן פון דור־דורות...

## דאָס זילבערוואַרג טרויערט

איך בין אַנומלט געווען צוגאַסט ביי דער פרוי יהודית. זי טרויערט נאָך איר געליבטן מאַן, וואָס איז לעצטנס געשטאָרבן אין פלאָרידע. עס דאַכט זיך מיר אַז עס טרויערט אויך נאָך דעם באַלעבאָס פון דער גבירישער היים די שאַנק מיטן יחוסדיקן זילבערוואַרג. עס אבלה'ן די ברייטע קרעדענצן, די גאָלדענגעבעטע שטולן, די דעמבענע טישן, די באַקוועמע קאַנאַפּעס, דאָס גאַנצע פון מאַהאַגאָני־געשניצטע מעבלוואַרג; אויך די זילבערנע ליוסטרעס און בלישטשעדיקע זשיראַנדאָלן. איך זע טאַקע, וואָס אַן אמת, אַז די פרוי יהודית, די בגידותטע, גייט ממשל איין פון „זשאַל" און באַדויערן. פונדעסטוועגן דערציילט זי מיר אַז זי האָט זיך שוין לעצטנס געזען מיט גאַנצע צוויי מאַנצבילן. מען רעדט איר לייטישע שידוכים. שדכנים קלאַפּן ממש אָפּ די טירן ביי איר. די מאַנצפאַרשויגען זיינען איר מכלומרשט פרעמד. זי פּראָוווט זיי אינסטינקטיוו פאַרגלייכן

צו איר גאָטזעליקן מאַן. אָבער איך וואונדער זיך פאָרט ווי גיך זי האָט שוין חשק חתונה צו האָבן. שוין דאָס רעדן וועגן מאַנצבילן שאָקירט מיך. איך זע באַשיימפּערלעך אַז עס וועט אין אַ טאָג אַריינפאַלן און הערשן אַ גאַנץ פּרעמדלעכער מענטש אינעם רחבותדיקן און גרויסאַר־טיקן הויז, וואָס האָט אָפּגעקאָסט איר פריערדיקן מאַנס בלוט און טרערן...

אָבער דאָס אידישלעך־אַנטיקוואַרישע זילבערוואַרג, געטריי צו זייער פריערדיקן באַלעבאָס, וועט ווערן טונקל און מאַט ווי פּראָסטער בליי. אַלץ וועט דאָ שטילערהייט זשאַווערן פון צאַרן אין פּראָטעסט פאַרוואָס די אַלמנה האָט אַזוי גיך אַריינגעבראַכט אַ גאַנץ פרעמדלעכן מאַנצפּאַר־שוין, ווען דער טרויער הענגט נאָך אַזוי פריש אויף דער סטעליע, און די בלייך־פּאָרטרעטע שפּיגלען וויינען נאָך מיט זיין הויכן און פּרינצלעכן געשטאַלט אין זייערע תהומות־און־טיפענישן. דער רויטלעך־פינקלענדיקער וויין אין די כוסות, וואָס די אַלמנה גיסט אַריין פון איר מאַנס איבערגע־בליבענע פלעשער מיט געטראַנקען, וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין שוואַרצן סם, און וועט פאַרברענען און פאַרגיפטיקן די געדערים פון אַ כיטרען און פאַלשן באַלעבאָס, וואָס וועט זיך דאָ אין דער שפּעטער נאַכט, אין אָפּשיין פון דער שימלדיק־גרינער לבנה, אַריינברעכן מיט חוצפה, ביינאַכט, אין זיין אומרואיקן שלאָף, ווען ער וועט ליגן אין דעם ווייכן און זיידע־נעם בעטגעוואַנד, מיט זיין פרישן ווייב, יענעמס אַלמנה, וועלן אים ווערגן ביים גאָרגל די ביינערדיק־פעסטע און פאַרקראַמפּטע פויסטן פון איר טויטן מאַן...

## פּיקאַסאָס סקיץ פון דעם פּאָעט אַרטור רעמבאָ

דאָס בילד פונעם פּאָעט אַרטור רעמבאָ איז ווי פון אַ גאַנץ נאָרמאַלן און אָרנטלעכן מענטש. עס שטעלט פאָר כמעט אַן אומבאַדייטנדיקן און יינגלערישן פּנים פון אַ פּראָווינציעלן פראַנצויזישן יונגערמאַן, וועלכן מיר וואָלטן היינטיקע צייטן געקענט אָנרופן אַ „היפּי". אָבער מיט אַ געניאַלן שטריך האָט פּיקאַסאָ צעבראָכן און צעברעקלט דאָס דאָזיקע פרישע און מכלומרשט־געוויינלעכע פּנים, און האָט עס אַלט געמאַכט ווי אַ שטערן אין אַ פינצטערן הימל. אַלט געמאַכט דעם דיכטער ווי די מענטשהייט איר אוראַלט מיט איר דזשאַנגליקער און קאָסמישער עלטער...

## די קאַריקאַטור פון דאָמיע

די קליינע סקולפּטור פון אַנאָרע דאָמיע שטראַלט, לעבט און אָטעמט מיט איר אייגענעם פייער און לעבן. ראַטאַפּואַל שטעלט אוודאי פאָר אַ טיפישן „האָכשטאַפּלער". דער מענטש פאַרמאָגט אַבסאָלוט גאָרנישט ביי זיין לייב־און־נשמה. אָבער ער טראָגט אין דער האַנט זיין פאַלש־באַגיל־דערטן שטעקן מיטן זשעסט פון אַ גביר און דאַן זשואַן. ער פאָזירט און ער שטעלט אויס אויף אַ ציניש שטייגער דעם קרעציקן און אויסגע־דאַרטן סקעלעט זיינעם. די איבערגעטראָגענע מלבושים פוילן ממש פּייכ־

טע־און־פאַרפּעצטע אויף זיין אָפּגעצערטן און שטינקענדיקן פלייש. אין זיין געשטאַלט האָט דער געניאַלער מייסטער דאָמיע אוודאי פאַרגעשטעלט אַן אמתן און טיפּישן קאַריקאַטוריסט און בעל־גאווהניק, וואָס ווערט זיך נישט אָפּהאַלטן פון צו באַנוצן זיך מיט מענטשלעכע סקעלעטן און בערג מיט ביינער פון זיינע אומגעבראַכטע פריינט, כדי צו שטייגן, ווי אויף טרעפּ, צו זיין טראָן־און־טריאומף, און אפשר אויך סוף־כל־סוף צו זיין תליה...

## די פרוי פון דעם מאָלער רובענס

פון אַ בוך אין דעם פענצטער פון אַ קונסט־געשעפט זע איך ווי עס שטראַלט זוניק אַרויס העלענע פערמאַנט, דאָס צווייטע ווייב פון דעם פלעמישן מאָלער רובענס. איר פּעט און קלאָר לייב שטראַלט ווי די זון אינמיטן חודש אויגוסט...

אָט דאָס הייסט, טראַכט איך, מענטשלעכע אומשטערבלעכקייט. אַ בעל־גישער מייסטער האָט מעגלעך געמאַכט מיט זיין געניוש אַז דאָס פלייש און דער גייסט פון איינער אַן אַנטוועריפּענער פרוי זאָל לויכטן אַזאַ צעפּלאַמטע איבער דריי הונדערט יאָר שפּעטער אויף אַ רעפּראָדוקציע פון איר פאָר־טרעט. קוקנדיק אויף איר פּנים, האָב איך געהאַט דאָס געפיל אַז איך האָב זי פּערזענלעך געקענט, און אַפילו נישט איינמאָל באַגעגנט אין פלאַנדערן. זי איז פאַקטיש קיינמאָל נישט געשטאָרבן. זי פלאַמט אַף אַזאַ ליכטיקע אין דעם קינסטלערס פּאַראייביקטע פאַלקס־קערמעסן. בשעת די לוסטיקע קאַרנאַוואַלן אין אַנטווערפּן האָב איך זי אוודאי באַגעגנט אויף די גאַסן ביים קאַנאַל, ביי דער שעלדע, צווישן די פאַרצייטישע קאַשטשאַלן און באַרדעל־הייזלעך, אין אפשר אַ טויזנט פלעמישע פרויען. אירע ציי־רונגען זיינען איר מאַנס אומפאַרלעשבאַרע קאָלירן, ווי גאָטס אייביקע שטערן. איר לויכטנדיק גאָלד זיינען די פלאַמיקע פאַרבן פון זיין געניוש. זיין רייכער פּענדזל מיט פייכטע פאַרבן האָט באַשאַפן דעם טרויער פונעם מענטש און די סאַטאַנישע לוסט פון דער פרוי אין אירע חוה׳ש־תאווהדיקע און וויינגאָלדענע אויגן. גאָט האָט זי אין איינער אַ נאַכט נאַקעטערהייט אַרויסגעבראַכט פון איר מוטערס טראַכט. אָבער דער מאָלער האָט איר געשאַנקען דימענסיעס פון שיינקייט, גליק און תאווה. ער האָט איר אָנגעטאָן אין סאַמעט און אין זייד. איר גאַנצער גוף איז „אַרעסטירט" אין דעם רייכסטן צירונג פון מאָלעריי. אָבער דעם טויט האָט זי נישט אויסגעמיטן. דעם סאַמע לעצטן טאַנץ אויפן באַל פון לעבן האָט מיט איר רוישיק געטאַנצט דער מלאך המות. דעם לעצטן קוש האָט איר געגעבן דער דאָן זשואַנישער קברן, איידער ער האָט צוגעדעקט איר טרומנע און זי גע־לאָזט זינקען אין אַ זומפּיקן קבר...

## דאָס פאַרזשאַווערטע רייפדל

ביים פּאַרקאַן פונעם בית עולם, וואו איך גיי אָפט שפּאַצירן אין מיינע איינזאַמע און פאַרנאַכטיקע שעהן, האָב איך געפונען דאָס רויט־פאַרזשאַ־

ווערטע ריינדל. יענע מיילער וואָס האָבן אַמאָל דערפֿון געגעסן געשמאַקע מאכלים און געפּרעגעכצן, זיינען שוין זינט לאַנגע דורות צעפֿאַלענע און צעפּוילטע. אפשר ליגן די געניסערס, די פּרעסערס, די וויינטרינקערס און שיכורים דאָ באַגראָבן אין דער ליימיקער ערד. דאָס אייזערנע ריינדל אַליין איז אויך אַלט געוואָרן, צעבראָכן געוואָרן און אַרומגעגריזשעט מיט די צעפּוילטע ציין פֿון צייט. איך ריר עס אָן מיטן שפּיץ פֿון מיין שוך, און עס צעפֿאַלט ווי דאָס רויטע ליים אויף אַ פּאַרצייטישן קבר...

## איינער אַ מאַן וואָס גייט זיין שרעקלעכן גאַנג

איינער אַ מאַן גייט מיט זיין אייזערנעם און מעכטיקן קאָפּ, און מיט זיינע געדהאַמערטע און גיבורישע פּלייצעס אַראָפּגעבויגן צו דער ערד, ווי אַ פֿאַרשאָלטענע און געשלאָגענע חיה. די ביטערע זאָרגן, די שווערי־קייטן פֿון זיינע אַמאָליקע טעג; די אוראַלטע אימה פֿון זיינע שלאָפֿלאָזע נעכט; די שטעכיקע יסורים פֿון זיין מענטשלעכן פֿלייש; די גראַוויטאַציע פֿון דער מאַמע־ערד זינט זיין געבורט, וואָס ציט אים צוריק צו איר קברדיקער טראַכט; אַלץ, אַלץ שלעפּט אים פּאַטאַליש צוריק אַרונטער צו דער טיפֿעניש פֿון דער ערד, פֿון דעם אור־ערשטן חומר אין זיין אַנהויב־עקזיסטענץ...

אָבער מיט זיין מאַסיוון און אויסגעקרימטן אַטלעטישן קאָפּ ווענדט ער זיך פֿאָרט, כאָטש מיט אַן אומגעהויערער אָנשטרענגונג, אַרויף צו די הויכקייטן פֿון די הימלען. ער האָט עפּעס אַ שרעקלעכן חשק אָנצוקוקן די שטערן פֿון גאָט, ווי גאָטס אויגן אין דעם פּוסטן חלל, מיט זיינע אייגענע געשוואָלענע שוואַרצאַפּלען, וואָס שטייען מיט פּחד אין זיין געשלאָגענעם און געפּאַטשטן פּנים דורך אַלע ווינטן, שטורעמס, הוראַגאַ־נען און בליצן...

## דער גאַנג פֿון צוויי איינזאַמע זקנים

ביים געמויערן פּאַרקאַן פֿונעם בית עולם גייען אין פֿריען באַגינען צוויי איינזאַמע מענטשן. זיי גייען פֿעסט אַרומגענומען מיט זייערע הענט און אָרעמס: אַ טאַטע מיט זיין זון. אָבער ווער פֿון זיי בײדע איז דער פֿאָטער, און ווער איז זיין פֿאַרקריפּלט קינד? ביידע זעען זיי אויס ווי צוויי עלטערע גלאַדיאַטאָרן, וואָס זיינען געבליבן לעבן נאָך צאָלרייכע געשלעגן מיט ווילדע חיות אין וואַלד. ביידע זעען אויס עלטער איינער פֿונעם אַנדערן ווי צוויי שטומע, פֿאַרשאָלטענע חיות, וואָס טראָגן אויף זייערע רוקנס די יאָרטויזנטער פֿון עוואָלוציע...

דער פֿאָטער, זע איך, טראָגט אויף זיינע טרויעריקע פּלייצעס אַ פֿעסטן הויקער, ווי אַ שטיק פֿעלדז, וואָס געדענקט אַ גאַנצן מיליאָן יאָר, מיט ווילדע שטורעמס און הוראַגאַנען איבערן איינזאַמען און הפקרדיק־נאַקעטן געבירג. דאָס דינערע מענטשל זעט אויס ווי אַ ציגײַשער און אומ־היילבאַרער קריפּל. זאָל ער דאָס זיין אַ מיטלמעסיקע קאָפּיע פֿונעם פֿאַר־

שאָלטענעם טאָטן זיינעם, וועמען דער טייוול האָט בשעת אַ שטורמישער וואַלפּורגיס־נאַכט חוזקדיק אַרויסגעבראַכט פונעם תהום פון כאַאָס? ביידע פאַרשווינען גייען אין דעם קאַלטן און רויען באַגינען דעם מיזע־ראַבעלן און פאַמעלעכדיקן גאַנג זייערן ביים שטיינערנעם פאַרקאַן פונעם קריסטלעכן צעמענטאַרזש. ביידע שיינען צו זיין פון זייערע געבורטן אָן פאַרשאָלטענע פון גאָט...

## אַלץ ווערט אויסגעקרימט

איך קוק זיך צו ווי אַזוי אַלץ אין דער נאַטור ווערט אויסגעבויגן און אויסגעקרימט: מענטשן, חיות, בוימער און פלאַנצן. קיין שום זאַך ווערט נישט געבוירן גלייכליניק, האַרמאָניש און שלימותדיק. קיין שום עקזיס־טענץ גייט נישט אַוועק ערעקט, מאָנומענטאַליש־אויסגעשטרעקט אין דער הויך , צו די שטערן, פון דער לעבעדיקער וועלט פון ווייַן און גיפט, פון תאווה און יסורים, פון גאָלד און זשאַווער. אין משך פון צייט־און־געשיכטע ווערט אַלץ אין דעם אוניווערס מיאוס, מיד און אַלט. און דאָס ווערן אַלט מיינט זיך צו בויגן און צו בוקן צו דער ערד, צום ענדלעכן קבר. עס מיינט צו ווערן סוף־כל־סוף פיזיש צעבראָכן און גייסטיק — אַ חכם. עס מיינט ענדלעך פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ ציגיש־טראַגישער און גראָטעסקער סטראַשידלע אויפן איינזאַמען און ווינטישן פעלד פון דער וועלטס נאַכט און שניי. עס מיינט צו ווערן אַ ביטערע קאַריקאַטור פון דעם וואָס עס איז אַמאָל געווען, ווען עס איז געבוירן געוואָרן פול מיט האָפענונג, גלויבן, קראַפט, אַמביציע און פאַרבעם. אַ בייזער שמייכל פון אַ בעטלער צירט איצט דעם קעניגס פנים, וואָס איז ענלעך צו אַ סאָווע...

## דער בכור וואָס הענגט אויף דער וואַנט

דער טונקעלער מענטש באַטאַפּט מיין מאַנטל, מיך אַראָפּפירנדיק מיטן עלעווייטאָר:

— פונקט אַזאַ מאַנטל ווי דו טראָגסט אַציַנד, האָב איך אַמאָל אַליין פאַרמאָגט. איינמאָל זאָגט צו מיר מיין עלטסטער זון, דער בכור:

— פאָטער, אין דרויסן ווערט שוין קאַלט. גיב מיר דיין מאַנטל. ער געפעלט מיר. זיין שטאָף וועט מיך באַשיצן פון רעגן, ווינט און שניי...

— זיכער, מיין זון, — זאָג איך. — אָבער איך מוז אים פריער אַוועק־געבן צום שניידער, כדי אים צו רייניקן, צו פרעסן און אָנצונייען די קנעפּ וואָס פעלן אין אים...

אין אַ טאָג שפּעטער גייט מיין בכור אייזאַקס ביינאַכט אויף דער גאַס אין ברוקלין. פון אַ טומלדיקער שענק קומט אַרויס אַ שוואַרצער מאַן, אַ גיבור פון אַ פאַרשוין, ווי אַ מאָנסטער פונעם אורוואַלד. יאָ, דאָס איז אוודאי געווען דער מלאך המות אַליין, וואָס האָט זיך ערשט אָנגעטרונקען מיט וויסקי אין דער ווינשענק, צווישן גענגסטערס. ער שטעכט אַריין

אין מיין זונס ברוסטקאַסטן זיין לאַנגן מעסער גאַנצע צוועלף מאָל. ער צע־שניידט אים ממש לעבעדיקערהייט ווי אַ טויטע חיה. מיין אַרעמער בכור האָט שוין דעם שיינעם מאַנטל, וואָס זאָל אים באַשיצן פון די ווינטער־דיקע קעלטן און ווינטן, מער נישט באַדאַרפט צו האָבן. ער האָט אויך איבערגעלאָזט זיין יונג ווייב, עלזאַ, מיט וועמען ער האָט ערשט געהאַט חתונה געהאַט און זי איז שוין געווען שוואַנגער זינט דריי חדשים...

— פאַרוואָס האָסטו דאָס אָפּגעטאָן אין קאַלטן בלוט, דו פינצטערער רוצח, דו רויער קין? — האָט דער ריכטער, אַ גרייז־גרויער נעגער, גע־פרעגט דעם מערדער, בשעתן פּראָצעס. פאַרוואָס האָסטו קאַלטבלוטיק אומגעבראַכט אַ יונגן און אומשולדיקן ברודער־נעגער?

— איך ווייס נישט. — ענטפערט דער רוצח, און ער פינטלט מיט די אויגן...

און, איך ווייס אויך נישט ביז היינט־צו־טאָג פאַרוואָס מיין טונקעלער „ברודער" האָט דערהרגעט מיין עלטסטן זון, מיין בכור, אייזאַק. ער איז דעמאָלט בלויז אַלט געווען אַכצן יאָר. איך האָב שוין קיינמאָל מער נישט אָפּגענומען פונעם שניידער דעם שיינעם פּאַלטאָן מיטן פוטערנעם קאַלנער. מיט יאָרן שפּעטער בין איך איינמאָל פאַרבייגעגאַנגען דורכן געוועלב פונעם שניידער. איך האָב אַריינגעקוקט דורך דער שטויביקער שויב פונעם פענצטער. דער שניידער האָט רואיק געאַרבעט ביי דער ניי־מאַשין. אין מויל ביי אים האָט געשטעקט אַ טויטער, צעריבענער ציגאַר. אויף אַ טשוואָק, איבער דער ברודיקער וואַנט, איז געהאָנגען דער שיינער מאַנטל, וואָס האָט מיך איצט אַזוי טרויעריק געמאַכט. איך האָב לאַנג געקוקט אויפן מאַנטל. מיר האָט זיך געדאַכט אַז מיין זון אייזאַק הענגט דאָרט אויפן טשוואָק, און ער שטיקט זיך שטאַרק. איך האָב פלוצלינג מיט אַ משוגענעם צאָרן אויפגעבראָכן די טיר און אַראָפּגעשלעפּט פון דער תליה מיין עלטסטן און איינציקן זון אייזאַק. דער שניידער האָט גערופן די פּאָ־ליציי. זיי האָבן מיך פאַרפּאַקט אויף איבער נאַכט אין געפענגעניש, וואָס איז געווען פול מיט מייז...

## די האַנט פון ציצעראָ

זינט אַ סך יאָרן האָטזיך אַרומגעוואַלגערט אין אונדזער שטוב די אייזערנע האַנט. אַזאַ מאָדנע און אומהיימלעכע האַנט פונעם גורל. זי איז געווען ווי דעם טאַטנס דיקטאַטאָרישע האַנט אין דער משפּחה. זי איז געווען אין מיינע קינדישע אויגן דער סימבאָל פון מאַכט אין דער ברו־טאַלער מענטשלעכער געזעלשאַפט. מיט דער דאָזיקער שטרענגער און געהיימנישפולער האַנט בין איך צוזאַמען אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין דער היים. די מאַמע, ווען זי פלעגט זיך פלוצלינג אָנטרעפן אויף דער מעטאַלענער האַנט, האָט זי מיט עקל איר אָוועקגעשליידערט אין אַ ווינקל,

צום טאַטנס אַנדערע אומנוצלעכע זאַכן, שמאַכטעס און קלאַגעס. זי האָט פּײַנט געהאַט די דאָזיקע נישט־אידישלעכע האַנט...

יאָ, דאָס איז געווען, ווי מיר, קינדער, האָבן זי גערופן: דעם טאַטנס דריטע האַנט. די געהײמנישפולע, מישטײנס געזאָגטע פֿאָטערלעכע האַנט. ווען איך האָב, מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, געזען אין די מוזעאומס די כינעזישע קונסטווערק פון געטער און געצינס, מיט פּילצאַליקע קעפּ, מיט איבעריקע הענט און פיס, ווי ביי ריזיקע שפּינען, האָב איך ערשט רעכט פאַרשטאַנען דעם סימבאָלישן זין פון דער טונקעלער און אומהײמ־לעכער האַנט. די האַנט האָט שטומערהייט ווי געהערשט אין אונדזער הויז. דעם גורלס מעכטיקע לאַפּע האָט געפירט די קלײנע געשיכטע פון אונדזער באַשיידענער הײם. די דאָזיקע האַנט האָט זיך קיין מאָל נישט געענדערט און נישט געעלטערט, ווי אַ געוויינלעכע מענטשלעכע האַנט, וואָס איז אונטערגעוואָרפן דער שליטא פון צייט. קיין שום קנייטשן פון מידקייט זיינען נישט געווען אָנצוזען אויף איר אייזערנעם פלייש. איר הויט האָט זיך נישט געריינצלט, ווי אַ מענטשלעכע האַנט, מיט צייט און יאָרן. אירע נעגל זיינען נישט געוואַקסן און האָבן זיך קיין מאָל נישט געשפּאָלטן. אָבער זי האָט אונדז אַלע אַלט געמאַכט. די מיטגלידער פון דער פאַמיליע האָבן זיך שווייגנדיק געעלטערט אונטער דער לאַסט פונעם גורל: גע־דריקטע פון נויט, אָרעמקייט און אומפרייַנטלעכקייט; פון די קאַפּריזנע וועטערן פון דער נאַטור; פון שווערע שנייען, וואָס פאַלן פון ווייטע און פרעמדע הימלען מיט אַ געטלעכער גלייכגילטיקייט איבער גערטנער, גאַסן, זומפּן און קברים. די קאַץ האָט אויך נישט פאַרטראָגן די איינזאַמע און קאַלטע האַנט פון אַ דיקטאַטאָר. זי פלעגט אַ שמעק טאָן צו איר, אַ ריר טאָן אירע קאַלטע אייזערנע פינגער מיט די שאַרפע נעגל פון איר פיסל, און גיין איר וועג...

איך פלעג זיך וועלן שפּילן מיט איר, זי היימלעך און מענטשלעך מאַכן. איך פלעג אָפט מאָל וועלן אָנטאָן די האַנט ווי אַ פּראָסטע הענטשקע אויף מיין קלײנער, קינדערשער און אומשולדיקער האַנט. אָבער די אומבאַ־קאַנטע און אָפּשרעקנדיקע האַנט, ווי אַן אָפּגעהאַקטע פון עפּעס אַ מערדער, אַ פאַרברעכער, האָט זיך נישט געפּאַסט צו מיר. מחמת איך האָב קיין מאָל, שוין פון קלײנערהייט אָן, נישט געזוכט קיין שום מאַכט איבער די מענטשן. די דאָזיקע מיסטעריעזע האַנט האָט מיך שוין דעמאָלט געמאַכט צו טראַכטן וועגן גוטע און שלעכטע מענטשן. זי האָט אַנגעגנומען אין מיין דמיון אַ סך זין, זינד און באַדייטונג. זי האָט געקענט זיין די האַנט פון אַ הענקער, וועמענס שאַרפע האַק האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קאַרקן פון פאַרמשפּטע העלדן. זי האָט געקענט באַשטראָפן גנבים און גזלנים. וואָס עלטער איך בין געוואָרן, און איך האָב זיך צוגעקוקט צו די מעשים פון די מענטשן; און וואָס מער איך האָב שוין אָנגעהויבן צו לייענען

ליטעראַטור און וועלט־געשיכטע; אויך די באַשרייבונגען פון שלאַכטן און מלחמות; אַלץ מער האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין איר אוניווער־סאַלע ראָלע. די האַנט, האָט זיך מיר געדאַכט, האָט דעצידירט איבער אונדזערע לעבנס, און האָט שטילערהייט אָנגעפירט מיט אונדזערע מעשים. איך האָב אויך קיין מאָל נישט געקענט געוואויר ווערן ווען געגוי די האַנט האָט זיך באַוויזן אין אונדזער שטוב; ווער האָט זי אין אַ נאַכט צו אונדז געבראַכט, און וואוהין איז זי מיט דער צייט פאַרשוואונדן געוואָרן. אפשר איז זי אַוועק אין דער נאַכט פון דעם טאַטנס טויט...

די קאַלטע און מרה־שחורהדיקע האַנט, דעם טאַטנס דריטע האַנט, דער צייכן פון זיין שטרענגער הערשאַפט, איז געבליבן שטיין אין מיין זכרון ווי די שאָטנדיק־אומפּריינטלעכע האַנט איבער אונדזערע אומעטיקע קעפּ־און־שאַרבנס. זי איז דראָענדיק געהאָנגען איבער אונדזערע נאַקעטע לעבנס, ווי אַ דאַמאָקלעס־שווערד...

די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן. איך האָב געזען זיך כסדר טוישן די ריזיקע אַרמייען אין אונדזער געגנט, ביי דער ווייסל. דאָס וואַסער פון דער ווייסל איז געוואָרן רויט פון בלוט ביי אירע ברעגן, וואו די קריגער האָבן זיך קעגנזייטיק אויסגעשאָכטן. אַנומלט, שפּעט ביינאַכט, לייען איך אין פּלוטאַרכס לעבנס פון גריכישע און רוימישע גענעראַלן און שטאַטסמענער, אַז אַ געוויסער צעזאַר האָט אָפּגעהאַקט די האַנט פון ציצע־ראָן, ווייל ער האָט מיט דער דאָזיקער רעכטער האַנט געשריבן זיינע מעכטיקע רעדעס, און האָט באַשולדיקט די רוימישע הערשער אין פאַר־ברעכנס און אין קאָרופּציע. די האַנט פון אונדזער שטוב האָט עפּעס אין מיין דמיון איצט געקראָגן אַ נייע באַדייטונג...

## דאָס פאַרפאַלק אינעם שניי־גרוב

עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אַ ליטעראַרישע פאַרזאַמלונג אין דעם הויז פון די קלינגס, אין בראָנקס. עס איז געווען, געדענק איך, אַ קאַלטער טאָג פון מיטן ווינטער, אַרום דעם חודש יאַנואַר. אין דרויסן איז געפאַלן אַ געדיכטער שניי ווי צעריסענע שטיקער וואַטע. דער שניי איז געגאַנגען אויף דער וועלט ממש אָן אַ סוף, פון אין דער פרי ביז ביינאַכט. איך האָב זיך אָנגעטאָן אין וואַרעמע בגדים, און זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער נסיעה. ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען פון דער סאָבוויי, האָט דער שניי נאָך אַלץ געשאָטן איבער די הייף און דעכער פון די הייזער. איך בין זיך פּאַוואָליע־דיק געגאַנגען איבערן גליטשיקן וועג, ווי איבער אַ זילבערנער לאָנקע. איך בין שוין געווען נישט ווייט פונעם הויז, וואו די פאַרזאַמלונג האָט געדאַרפט פאָרקומען, האָב איך געהערט עפּעס אַ געוויין, אַ געיעדעריי פון מענטשן, אַ קרעכצעניש. איך בין צוגעקומען צו אַ גרוב, וואָס איז געווען פאַרשאָטן מיט שניי. דאָרטן זיינען געלעגן צוויי מענטשן, וואָס איך

האָב גלייך דערקענט: דער דיכטער מענדל מלאך, און זיין ווייב, די אַקטריסע סאָניאַ...

זיי זיינען ביידע געלעגן אינעם איזיקן קאַטאַקאָמב ווי צוויי איינזאַמע און רעזיגנירטע נשמות. מען האָט געקאָנט דערקענען, אַז זיי האָבן זיך אפשר לאַנגע שעהען געהאַט געראַנגלט כדי ווי עס איז אַנטרונען צו ווערן פונעם דאָזיקן אָפּגרונט. זיי זיינען שוין קענטיק געווען שטאַרק פאַרמאַ־טערט. פון וויין, פון זיין אומהיילבאַרער שיכרות, איז מענדל מלאכס פנים געווען רויטלעך אַנגעצונדן, ווי אַ הויכער בוים אין די לעצטע פאַרגיי־ענדיקע פלאַם־צויטן פון זון־אונטערגאַנג. אָבער זיינע אויגן זיינען געווען געשלאָסן, ווי שוין גרייט אַיינצושלאָפן אויף אייביק. סאָניאַ האָט אים אָנגע־קוקט מיט עפּעס אַ סאָרט עקסטאַז, ווי אַ מאַדאָנע, קוקנדיק אויפן געלן און גיפּסענעם יויזל. אָבער איר עקסטאַז האָט זיך שוין אָנגעהויבן איינצו־לעשן, צוליב דער האָפענונגסלאָזיקייט פון דער סיטואַציע. אַזוי, האָב איך געטראַכט, האָבן אַוודאי געמוזט אויסזען די נשמות אין די קאַטאַקאָמבן און טאָלן פון גהינום, וועלכע דער דיכטער דאַנטע האָט געזען אויף זיין גייסטיקער נסיעה אין די הימלען. ביידע מענטשן זיינען געווען איינגע־שמידט אין אייז און אַרומגענומען פון שניי. די טרערן אויף זייערע באַקן זיינען דורך דער פראָסטיקער קעלט פאַרוואַנדלט געוואָרן צו שטיקלעך גלאָז. פון צייט צו צייט האָבן זיי אַרויסגעלאָזט דינע קרעכצן, ווי קעץ אָדער פייגל. צייטנווייז האָבן זיי געווינט און זיך געהאַלטן אַרומגענומען מיט זייערע מאַכטלאָזע אָרעמס, דערמאָנענדיק אין יענעם פאַרליבטן פּאָר־פאָלק, פראַנצעסקאַ דאַ רימיני און פּאַאָלאָ, אין דעם פינפטן קאַפּיטל פון דער „געטלעכער קאָמעדיע", וועלכע שוועבן אַרום אין די אומענדלעכקייטן, געבונדן אין אַן אייביקן עקסטאַז פון ליבע. אַ הונט איז פּלוצלינג צוגע־לאָפן און האָט ווילדערהייט גענומען בילן, האַווקען, און ווי שעלטן די צוויי אומגליקלעכע אידישע נשמות. דאָס הינטישע בילן האָט נאָך מער פאַר־ערגערט זייער לאַגע, און ביידע האָבן זיך אָנגעהויבן צו קריגן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט דער שיכורער דיכטער אויפגעהויבן זיינע הענט, אָנשטאָט צו פּרואוון אָוועקטרייבן דעם בייזן הונט, איבערן קאָפּ פון דער דיכטערין, נישט ווויסנדיק אייגנטלעך וואָס ער טוט...

אַליין אַרויסצוציען די צוויי אומגליקלעכע פאַרשוינען, אין אַזאַ לעבערלעכע לאַגע, בין איך געווען מאַכטלאָז. אָבער איך האָב פּאָרט באַוויזן צוצורופן עטלעכע נאָבעלע פאַרבייגייערס, און צוזאַמען האָבן מיר גע־פּרואווט זיי אַרויסצוציען פונעם גרוב. סאָניאַ האָט מיך גלייך דערקענט און זי האָט אָנגעהויבן צו קושן מיינע הענט אויס דאַנקבאַרקייט פאַרן ראַטעווען זיי, מחמת זיי וואָלטן דאָרט אפשר ביידע געווען פאַרפרוירן געוואָרן. דער דיכטער האָט קוים געקענט שטעלן אַ לייטישן טריט אינעם שניי. איך האָב זיי ביידע גענומען אונטער די אָרעמס און קוים מיט צרות זיך דערשלעפּט

צום הויז פון די קלינגס. איך בין שוין דערנאָך דורך דער גאַנצער צייט געווען פאַרמאַטערט פון דער איבערלעבעניש...

מענדל מלאך, ווי עס איז געווען זיין שטייגער, האָט זיך איצט אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, געווינלעך ביים טישל וואו עס זיינען געשטאַנען די פלעשער מיט אַלערליי מאַגישע געטראַנקען, וואָס האָבן געפינקלט אין דעם עלעקטרישן אָפּשיין פון די לאָמפּן. ער האָט געהאַלטן זיינע אויגן פאַרשלאָסן. אָבער ער האָט דורך דער גאַנצער צייט אַריינגעגאָסן אין זיך כוסות מיט וויין, מיט בראָנפן און מיט ביר אויך. עפּעס אַ ווילדער דורשט צו ווערן שיכור מיט געוואַלט האָט אים באַהערשט. ער האָט קיין איינציק וואָרט נישט אויסגערעדט, און אַוודאי האָט ער נישט געהערט וואָס מען האָט דאָרט געזאָגט אין די לאַנגע ליטעראַרישע רעדעס...

איך האָב זיך איצט דערמאָנט, אַז איך בין געווען אַנוועזנדיק מיט עטלעכע יאָר צוריק אויף זיין חתונה מיט אַ געראָטענער פרוי, אויך אַ שוישפּילערין. שוין דעמאָלט, אויף זיין אייגענער חתונה, האָט ער זיך דערלויבט אַנצוטרינקען ביז משוגעת. ער איז דערנאָך געווען ווי פאַראַ־ליזירט און ער האָט רעכט נישט געוואוסט ווערמענס חתונה דאָס איז. דאָס פאַרפאַלק איז דערנאָך געפאָרן זיך צו באַזעצן אין רוים. אָבער צוליב זיין אומהיילבאַרן שיכורן, האָט זיין אַנטוישטע פרוי אים שפּעטער פאַרלאָזן און אַפּגעגט...

ער איז צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק און האָט געפונען פריינטשאַפט אין האַרצן פון דער איינזאַמער שוישפּילערין סאָניאַ. אָבער ער האָט שוין דערנאָך נישט לאַנג געלעבט. ער איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל פון אַ בלוט־שטורץ. מענדל מלאך אַליין איז געווען אַ באַגרענעצטער דיכטער. ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין אָריגינאַליטעט. אָבער ער איז געווען אַ לייטישער איבערזעצער פון דער איטאַליענישער פּאָעזיע, וואָס ער האָט אויסגעצייכנט געקענט. זיין שיכורן האָט מיך שאָקירט. עס איז, ווייזט אויס, ביי אים געווען אַן אויסדרוק פון אַ צעבראָכענער נשמה, וואָס האָט אינסטינקטיוו געוואָלט פאַרמאַסקירן מיט שיכרות זיין קאַרגן דיכטערישן טאַלאַנט. אָבער אויך צום איבערזעצן פּאָעזיע פון אַנדערע דיכטער איז אַ סך געזונטער ווען מען איז אַליין אַ באַדייטנדיקער פּאָעט...

## ווי אדם און חוה

אין דעם נאָך בלויען באַגינען. דער שניי ליגט אויף אומעטיקע גאַסן און סקווערן שוין אַזאַ ברודיקער און צעדעפּטשעטער, אַ צעטראָטענער פון די ביינאַכטיקע פוסגייער. עס דערמאָנט זיך מיר עפּעס מאָדנע אין דער אומבאַוועגלעכער און טויטער לאַנדשאַפט פון דער לבנה. פון ערגעץ אַ שטילן געסל שפּאַצירן זיך שטילערהייט אַרויס אַ פאַרעלטערט פאַרפאָלק. זיי גייען זאַלבענאַנד, פעסט צוגעטוליעט איינער צום אַנדערנס לייבער־

און־סקעלעטן, ווי זיי וואָלטן זיין אַ סיאַמעזער צווילינג. זיי גייען זיך אַזוי שטיל און פּאַוואָליע, טריט־ביי־טריט, ווי די גאַנצע ערד וואָלט זיין זייער פּערזענלעכער פּלאַנעט. זיי שפּאַנען זיך געלאַסן איבער די שטיקער פּאַרפרוירענעם שניי, ווי אויף קרישטאָליקע טרעפּ, ווי זיי וואָלטן געווען אדם און חוה, ערשט־אַרויסגעטריבענע פון גן־עדן...

אַ נייגעריקע קאַץ מיט פּאַספּאַרישע אויגן פּאָלגט זיי פּאַרזיכטיק נאָך פון דער ווייטנס, באַשמעקנדיק זיי, און פאַרשנדיק זייערע עקסיסטענצן...

מען זעט נישט אַרום קיין שום אַנדער מענטשלעך באַשעפעניש. בלויז דאָס שווייגנדיקע פּאַרפּאָלק שפּאַנען זיך אַזעלכע איינזאַמע אין דעם קאַלטן אוניווערס ווי צווי מידע שטערן אויף אַ פּעך־שוואַרצן הימל. אַן אומגע־ווינלעכע רואיקייט באַהערשט זיי ביידן...

## דער אַלטער איד וואָס הוסט

איך האָב געזען שטיין אין אַ וויטטאַווע אַ פּלאַמיק־פּאַרקאָפּטשעטע איקאָנע. אומעטיקע זיצן אַרעסטירט אין דער ראָם אַ אידיש־אויסזעענדיקע מוטער מיט איר קינד. אויף דער גאַס האָט דערווייל געהאַלטן אין כליאָפּען מיט אַ מבול פון רעגן און שניי. די וואָלקנס איבערן טריבן הימל האָבן זיך געצויגן פּאַוואָליעדיק און זייער נידעריק, ווי מידע חיות, וואָס גייען שטאַרבן פון עלטער אין די אוראַלטע וועלדער־פּאַרבאַרגענישן. ווי אַ טונקל און דערשטיקט פייער האָט דורך דער שטויביקער שויב פונעם פענצטער שטיל אַרויסגעשטראַלט די איקאָנע: די טרויעריקע פרוי, ווי געמאָלן מיט די קאָלירן פון אַ ווינטערדיק־אַלטן זון־אונטערגאַנג, האָט מיך עפּעס שטומערהייט ווי אַנגערירט מיטן בליק פון אירע טרויעריקע מאַנדל־אויגן. דאָס קינד אויף איר שויס איז שוין געווען אַן עלטערער, קראַנקער איד, מיט אַ גרייז־גרויער באָרד, וואָס האָט שווער געקרעכצט און געהוסט מיט בלוט...

איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין פריער יוגנט: אין די ענגע דאָרפישע כאַטקעס פון אונדזערע פּוילישע שכנים: די פּויערים, אין וועמענס נידע־ריקע שטיבלעך איך האָב געזען אַזעלכע טרויעריקע איקאָנעס, מיט וואַקס־געלע פּנימער, באַקראַנצטע מיט גרינע ריטלעך, מיט רויטע, פּאַרטריקנטע בלומען און אַלטע גראָז־און־בלעטער פון דעם פּאַראַיאָריקן זומער...

מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די פרוי מיטן גרייז־גרויען קינד זייגען אַרויסגעגאַנגען פון דער ענגער ראָם, וואו זיי האָבן זיך געשטיקט, און זיי באַגלייטן מיך איבער די איינזאַמע גאַסן אין דער נאַכט, וואָס כליאָפּעט נאָך מיט נחס צאַרנדיקן מבול, און וועלכן עס ווערן דערטרונקען סיי די זינדיקע און סיי די ערלעכע לייט. און עפּעס האָב איך זיך ווי צוגעוואוינט צו דער שטילער פרוי, וואָס האָט אויסגעדריקט אַ קענטיקן באַגער צו אַנטלויפן פון די גויים, און אויך צו ראַטעווען פון שמד איר איינציקן זון, דעם אַלטן איד, מיט בלוט אויף זיינע בלויע ליפּן...

## דער בוים

אין פריען באַגינען, ביים אָפּשיין פון דעם פּערלדיק־בלייכן לאַמטערן־לאָמפּ, דערזע איך עפּעס טיפער ווי דורך די אַלע יאָרן, זינט איך וואוין אין דעם איצטיקן הויז, דעם אייגנטלעכן וועזן פונעם בוים. געוויינלעך פלעג איך שטענדיק קוקן אויף די בוימער מיט באַדויערן צוליב זייער גורל צו מוזן שטיין דורך זייער גאַנצן לאַנגן לעבן אויף איינעם און דעם זעלביקן פּלאַץ אין דער ערד, ווי געפאַנגענע. אָבער דאָ פּלוצלינג דערזע איך דעם בוים אין עפּעס אַ נייער דימענסיע. ער שיינט מיר צו זאָגן:

— פּונקט ווי דו, מענטש, וואַגל איך און וואַנדער איבער אַלע קאָנטינענטן. עס איז טאַקע אמת, אַז מיין קאָזשען וואָרצלט פעסט אין די טיפענישן פון דער פינצטערער און מעכטיקער ערד. אָבער הויך איבערן הימל שוועבט מיין גייסט. זע ווי איך לויכט פון שמחה אין דעם אָפּשיין פון די שטערן ביינאַכט, בשעת בייטאָג גלי איך איינגעאָרעמט אינעם פייער פון דער זון. איך בין נישט קיין אַרעסטירטער, קיין געפאַנגענער פון קיינעמס כוחות, עלעמענטן, אָדער קייטן. איך שוועב הויך אין די קאָסמישע רוימען אויף די פליגל פון מיינע צווייגן, אומגעשטערט דורך קיין שום צוימען און געזעצן. איך פאַרטראָג אויך נישט קיינעמס קייטן אויף מיין לייב, אויף מיין אַלטער קאָרע. מיטן גייסט פון פרייהייט, אַזוי ווי דו, אָטעם איך דורך טאָג־און־נאַכט פון מיין לאַנגן לעבן...

## אידיש בלוט אויף די סלופּעס און מויערן

מיין פריינט יצחק פּאַסטערנאַק דערציילט מיר, אַז אין יאָר 1945 איז ער צוריקגעקומען פון אוישוויץ אין זיין היימשטאָט טורנע. אויפן ברייטן מאַרק, איבער די אַלטע מויערן, זיינען נאָך געשטאַנען די בלוטיקע פלעקן, ווי פאַרגליווערטע שטיקער רויטע פאַרבן, פון די דערשלאָגענע און אומגע־בראַכטע אידן. דריי יאָר צייט האָבן די פוילישע רעגנס, שנייען, האָגלען און ווינטן נישט געקענט אָפּוואַשן און אָפּווישן פון די אַלטע מויערן און הילצערנע טעלעגראַף־סלופּעס דאָס פאַרגאָסענע אידישע בלוט...

## איינדרוק פון פּאָל קלע'ס מאָלערישע שאַפונגען

אין דער היגער „סערזש סעבאַרסקיס קונסט־גאַלעריע" האָב איך געזען אַן אויסשטעלונג פון פּאָל קלעס קונסטווערק. עפּעס זייער נאָבלס איז פאַר־ראַן אין זיינע פלושענע מאָלערייען, וואָס זיינען ווי שטילע בין־השמשותן. קוים־קוים האָט זיין איידעלער פּענדל אָנגערירט דעם קאַנווע, ווי מען פאַרגינט זיך רעכט נישט הייליק אָנצורירן די שניי־ווייסע האַנט פון דער ערשטער געליבטער, אָדער איר סאַמעטענעם און טונקעלן קלייד. דער זון־אונטערגאַנג ערגעץ אויף אַ פעלד בריט צאַרט־און־שטיל ווי אַ קוש וואָס איז געשאָנקען געוואָרן מיט דער ריינסטער ליבשאַפט. די קאָלירן זיינע זיינען קיינמאָל נישט קיין שאַרפע, קיין רייסנדיקע אָדער רייצנדיקע;

נייערט געצוימטע, געדעמפטע, ווי זיין שטילער הימל, זיין רואיקע ערד, זיין איינזאַם פעלד, זיין פאַרחלומטער גאָרטן, זיין גרוי־זילבערנער נעפל, זיין געטלעכער עטער, ווי גאָטס לופט־און־אָטעם אין אָוונט. דו קענסט אים פערזענלעך נישט קלאָר דערקענען דורך זיינע שאַפונגען. אָבער זיין גייסט איז פאַרט אַזוי שטאַרק אַנזעעוודיק אין אַלע זיינע שטילע און נאָבעלע ווערק, ווי גאָט, וואָס אָטעמט שטיל און רואיק אין דער געוואָלטיקער שטיל־קייט פון דער וועלט, ווען די שטערן לויכטן אין דער נאַכט ווי אָנגעצונ־דענע לייכטער אין קאָלאָסאַלן טעמפל...

דו קענסט אים אפשר אויך דערפילן און דערגיין צו זיין עצם ווען דו טראַכסט וועגן אים, אַן אָנגעצונדענער פון זיין שטרענג־פאַרבאָרגענער, ממש מיסטישער קונסט. ווען דו פאַרגינסט דיך מיט דיין אויג קוים אָנצו־קוקן זיין מאָלעריי, ווי מען קוקט איינער אַליין אינמיטן נאַכט ערגעץ אויף אַ פעלד, צי אין אַ טיפן וואַלד אויף דער קופער־רויטער לבנה־בלום. פאָל קלע איז אַן אַריסטאָקראַט פונעם ריינסטן בלוט. ער מוז אוודאי אין זיין געהיימנישפולן לעבן אַלץ האָבן געטאָן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן טאַקט־און־מאָס. עס איז מערקווירדיק ווי איך ווייס כמעט גאָרנישט וועגן אים פערזענלעך. (אפילו דער „כמעט״ איז דאָ אויך אַן איבעריק וואָרט.) אָבער זיין מאָלעריי, אַזוי ראַפינירט און סענסיטיוו, דערציילט מיר פון אַ שטילן, רואיקן, דיסציפּלינירטן און טיף־טרויעריקן מענטש. איבער־הויפּט בלייבט גליען אין דיין דמיון און געמיט דער איינדרוק: אָט דאָס איז אַ קינסטלער! אָט דאָס קען מען זיך דערלויבן אָנצורופן אמתע מאָ־לעריי! עס איז די שטילסטע שטילקייט פון די שטילע שטערן אַזוי שטי־לערהייט לויכטנדיק אין אַ שטילער נאַכט פון גאָט. דאָס איז זיין שטייגער־און סטיל פון שאַפן זיין אייגענע וועלט־און־וויזיע. עס הערשט תמיד אין זיין פערזענלעכן אוניווערס דער גאָלדיק־פלושענער בין־השמשות. זיינע טעג־און־נעכט, דאַכט זיך, ענדערן זיך נישט דורך קיין שום דרויסנדיקן וועטער. קיין ווינטל וויברירט נישט אין זיין באָטאַניק, אין זיין לאַנדשאַפט, וואָס איז סטאַטיש און אומבאַוועגלעך ווי אין אַ ליד פון שאַרל באָדלער. אַ שטיקעלע טונקל־מאַטער פאַרמעט, שוואַך און נאָבל פאַרגאָלדיקט מיט אַ קוים־אָנגעמערקטן טראָפּן פאַרב — דאָס איז זיין אייביקע און אומפאַר־ענדערלעכע לאַנדשאַפט. דאָס איז דער פייזאַזש פון זיין שטילקייט, די לאַנדשאַפט פון זיין דמיון, האַלב־וואַך און האַלב אין חלום...

— מייסטער פאָל קלע, מען באַדאַרף שרייבן וועגן אייך מיט די שטיל־סטע ווערטער. עס איז סוף־כל־סוף נישט נויטיק צו לויבן אייער אַריסטאָ־קראַטישע פראַכט, וואָס איז אַזוי שטאַרק פאַרבאָרגן פונעם געוויינלעכן מענטשלעכן אויג... אייער קונסט פאַרמאָגט יענע שפּראַך וואָס דער־ציילט מיט שטאָלצע ווערטער וועגן אייער קעניגלעכן ווערט און אייער מיסטישער שיינקייט, וואָס איז איינציק־און־זעלטן...

## גאַטס וואַרעמער אָטעם אין דעם פינצטערן באַגינען

אין דעם פריען און פינצטערן באַגינען שטעקסטו אַרויס דורכן פענצ־טער דעם האַלב־פאַרשלאָפענעם קאָפּ דיינעם. עס בליט נאָך אויפן הימל די פולע און פלאַמיקע לבנה ווי אַ ריזיקער רובין, אָדער ווי אַ בלוט־רויטע רויז. דו דערפילסט באַלד גאָטס וואַרעמען און מענטשלעכן אָטעם אַריינ־אָטעמען אין דיין גייסט זיין אומענדלעכע ליבשאַפט...

שפּעטער, דורכן לאַנגן און טומלדיקן טאָג, וועסטו אויף די הילכיקע גאַסן און גרילציקע געמאַרקן, אין פאַרויכערטע קרעטשמעס און קאַפעען, באַגעגענען אַלערליי מענטשן. זיי אָטעמען שוין באַצייטנס אויף דיר מיט שנאה, קנאה און חיהשן צאָרן. אַ טייל פון זיי צישען ווי די גיפטיקע שלאַנגען אין דזשאַנגל. פאַרוואָס?! און דו בענקסט ווידער צו דער נאַכט, צו דער גרויסער רובינענער לבנה, צו די שווייגנדיקע שאָטנס פון די ביימער...

## וועגן די מעשים פון אונדזערע עלטערן

דער טאַטע, ווי עס איז געוויינלעך זיין טבע, קריטיקירט די מעשים און אויפפירונג פון זיינע זין און פון זיינע טעכטער. אָבער ער אַליין לעבט אויך אויפן שטייגער פון זייערע לעבנס. די זין מאַכן חוזק; זיי שפּעטן אָפּ פון דעם טאַטנס מכלומרשטער שלימזלדיקייט און מישטיינס־געזאָגטן אַוואַנטוריזם. אָבער זיי אַליין חזרן איבער ווי בלינדערהייט אין זייערע אייגענע מעשים, אויפפירונגען און טעטיקייטן — זייער פאָטער, און זיין אָרעמען און אומגעלומפּערטן לעבן. זיי גייען געגנוי, ווי דורך אַ בלינדער און אינסטינקטיווער קראַפט געטריבן און געצוואונגען, אויף דעם טאַטנס וועגן־און־שטעגן ביזן טויט, ווי די געהאַרכזאַמע און „פאַר־שקלאָפטע" פלאַנעטן גייען אייביק אין דעם אַרביט אַרום זייער אָנגעצונ־דענער און טיראַנישער מוטער־זון...

וואָס שייך די מאַמע, לעבט זי אויך ווייטער אין דעם לעבן פון אירע טעכטער אויף דעם זעלביקן שטייגער ווי זי אַליין וואָלט איבערגעחזרט די מעשים, די כראָניק און די געשעענישן פון דעם לעבן פון אירע מאַ־מעס, פון אירע פאַרצייטישע באָבעס און עלטער־באָבעס...

פאַקטיש לעבט אויך אדם, דער סאַמע ערשטער מענטש, אין די לעבנס פון אַלע קומענדיקע דורות פון מאַנצפאַרשוינען. און חוה, די אור־מוטער, לעבט אין אַלע צוקונפטיקע דורות פון אירע טעכטער דורך די לאַנגע יאָרטויזנטער פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ. כדי דאָס צו באַווייזן אויף מיין אייגענעם אופן, און לויט מיינע פערזענלעכע מעגלעכקייטן, האָב איך געפּרוּאווט צו שילדערן דאָס לעבן פון מיינע אייגענע עלטערן, ווי אויך די פירונגען פון מיינע ברידער און שוועסטער, אין די בלע־טער פון מיין מאָסיווער אויטאָביאָגראַפיע. די לעבנס פון אַלע דורות זייען אין געוואַלטיקע קייט פון איבערחזרונג...

# די איינזאַמע פרוי אין מיין געגנט

כמעט דורכן גאַנצן לאַנגן זומער, ווערנדיק אַליין קראַנק און זייענדיק געצוואונגען צו פאַרברענגען אין מיין געגנט, נעבן מיין היים, קוק איך אויף דער איינזאַמער פרוי, וואָס זיצט נעבן דער מויער פונעם ריזיקן קריסטלעכן בית־עולם, און רויכערט טאָקע די מערסטע שעהען פונעם טאָג נעבן די פאַרזשאַווערט־רויטע שטאַכעטן פונעם אייזערנעם טויער, וואָס נעמט אויף די טויטע גראַפן און בעטלער אויף זייערע רייכע אויטאָמאָבילן; און טייל מאָל אין זייערע אָרעמע און אַלטמאָדישע וואָגנס, עקיפּאַזשן, דראָשקעס און קאַרעטעס...

עס דאַכט זיך מיר, אַז זי האָט נאָך דורך איר גאַנצן מיזעראַבעלן לעבן רעכט נישט געשמייכלט. איך האָב נאָך אַזאַ שרעקלעך־עלנטן מענטשן פון אַ פרוי אין מיין לעבן נישט אָנגעזען, סיידן בשעת איך האָב געלייענט וועגן די מיזעראַבעלע לעבנס פון די פּאַריזער זומפּן, שפּיטעלער, קאַזאַר־מעס, אַזילן און ווינקעלערן, ווי זיי ווערן געשילדערט אין די גראַנדיעזע לידער פון דעם גענישאַלן „אַדוואָקאַט" פון די אָרעמע, שאַרל באָדלער, וואָס האָט געעפנט אין זיין גרויס גענאָד די גאָלדענע טויערן פון זיין פּאָעזיע פאַר די ליידנדיקע, איינזאַמע, באַליידיקטע און געשלאָגענע מענטשנ־שאַטנס פון דער ערד...

אַרום פאַרנאַכט־צייט, ווען די זון האַלט שוין אין אונטערגיין אין טייכן פון ווייך־און־פייער, און די מערסטע מענטשן פונעם בית־עולם־מויער־און־טויער איילן זיך אַהיימצוגיין פאַרמאַטערטע פון דעם לאַנגן און הייסן טאָג, וואָס שטיקט אומברחמנותדיק דער ניו־יאָרקער באַפעל־קערונג, און מורא קריגנדיק פאַר כוליגאַנעס, דעגענעראַטן, פאַרברעכערס און שיכורים, ערשט דעמאָלט זע איך ווי אַזוי די איינזאַמע פרוי שלעפּט זיך אויך אַהיים מיט אירע געשוואָלענע פיס אין די צעריסענע שיך, ווי לוטס ווייב, אַ באַגאָסענע מיט די פלאַמען פון דעם שטרענגן און אָפּ־שרעקנדיקן זון־אונטערגאַנג. אָבער זי קוקט זיך קיין מאָל נישט אום אויף צוריק. צו וואָס אייגנטלעך? אין קעגנזאַץ צום טרויעריקן ווייב פונעם תנ"כישן שיכור פון סדום, האָט זי, קענטיק, נישט געהאַט קיין שום לייטישע קינדהייט, קיין אידילישע יוגנט, קיין ראָמאַנטישע און קיין רייצנדיקע צייט פון מיידלשאַפט. זי איז אַרויס אַ פאַרטיקע, דאַכט זיך מיר, פון אַ פאַרשלאָסענער פעלדזיקער טראַכט, ערגעץ־וואו ביים ברעג פון אַ בייזן און אומהיימלעכן ים, וואָס האָט נישט פאַרגאָסן אַפילו קיין איינציקן טראָפּן בלוט בשעתן געבן געבורט צו איר — דעם פאַרענדיקטן מאָנומענט פון זאַלץ, זויערקייט, זקנה און פאַרגעגנגלעכקייט...

אין דעם שטיקנדיקן פאַרנאַכט, ווי געזאָגט, ווען די זון פאַרגייט ענדלעך מיט איר פלאַמענדיקן פנים פון אַן אַכזר, אין דער שרעקלעך־הייסער און שטיקנדיק־שטיינערנער שטאָט, זע איך ווי זי גייט שטילערהייט

און פּאַוואַליע, שטעלנדיק פּאַרזיכטיק און גלאַטן איבער די שטיינערנע און צעבראָכענע טראָטואַרן, באַגאַסענע מיט גרינעם יורין פון די באַטרונקענע און באַזויפענע טרעמפּס און האָבאָס, אירע שוואַר־געשוואָלענע פיס, וואָס זיינען אַרעסטירט אין ענגע, פאַרשטויבטע און פאַרדאַרטע כאַדאַקעס.

גייט זי טאַקע אַהיים אין פאַרנאַכט ערגעץ צו אַ בוידעם, פול מיט ראַצן, שפינען און גיפטיקע ווערעם; אָדער צו אַ קעלער, פרעג איך זיך אַליין, וואו עס וואַרט אויף איר אַ קראַנקע און שוואַר־קרעכצנדיקע עלטערע פרוי, איר מוטער אָדער מומע?! צי וואוינט זי אפשר צוזאַמען מיט אַנדערע פאַרעלטערטע פּראָסטיטוטקעס אין אַ באַרדעל, צווישן קראַנקע פאַרשווינטעס, וואָס זיינען אַמאָל געווען רייצנדיקע שיינקייטן, און איצט זיינען זיי פון וואַנצן, מייז און ווערעם־צעגריזשעטע סקעלעטן, וואָס געפינען זיך אין אַ מין בשותפותדיקן קבר, מיט אַנדערע אומגליקלעכע ברואים, און מיט אַן ענלעכן גורל ווי אירן??!...

און דאָך, ביי גאַר איר וויסטן עלנט און אומטרייסטבאַרער איינזאַמקייט, זעט זי פאַרט אויס אין מיינע אויגן ווי אַ פרוי, וואָס איז אַמאָל געזעסן אַזאַ שטאָלצע און געוואַלטיקע ווי די קעניגין קלעאָפּאַטראַ, אויף אַ קעניגלעכן טראָן, און צירונג פון גאָלד און פּאַבלהאַפטע בריליאַנטן, וואָס שקלאַפן האָבן זיך געגראָבן צוליב זיי אין די טיפענישן פון דער ערד, און זיי געבראַכט פון אַפריקע און אינדיע, האָבן באַלויכטן און באַשיינט איר אַמאָליקע פּרווילעכע שיינקייט; און שנירלעך פּערפעקטע פּערל האָבן רייך־און־רייצנדיק געצירט איר האַלדז; און די גליענדיקע ליפּן פון אַ געליבטן, וואָס פאַרמאָגט אָן אַ שיעור מאַכט אין זיין אימפּעריע, האָבן געקושט איר געטלעך־שיינעם פנים. זי גייט אַהיים אַ זיך וואַקלענדיקע און צעבראָכענע געטין, און מיר דאַכט זיך, אַז שאַרל באָדלער האָט בלויז זי אין זינען געהאַט, ווען ער האָט געשריבן אין זיין באַרימטן ליד „דער אידעאַל״:

„דו גרויסע נאַכט, פון אַנדזשעלאָ געשטאַלטיקט,
וואָס מאָדנע אויסגעשטרעקט באַט רואיק און געוואַלטיק
די רייכע ברוסטן אָן דעם קוש פון אַ טיטאַן״ (אידיש: מ. ליטווין.)

## אַ שרייבערס קרעדאָ

וואָס עלטער אַ שרייבער ווערט מיט צייט און יאָרן, אַלץ בעסער, רייכער, שוואונגפולער און בריליאַנטענער ווערט זיין שאַפונג. זיין וואָרט קריגט ליכט, גלאַנץ, לויטערקייט און גראַציעזקייט, ווי די געמאָסטענע באַוועגונגען פון אַ געניטער און שוועבנדיקער טענצערין. די ווערטער זיינע טאַנצן, און די שורות שוועבן אויף זייערע אייגענע פליגל. ער ווערט פּרעציז, ראַפינירט, און גלייכצייטיק קריגט ער וואָג־און־אינהאַלט...

אָבער, דאָס איז נאָך נישט די פולע און לעצטע דערגרייכונג אין דעם קעניגרייך פון ליטעראַטור. אפשר וויכטיקער ווי אויבערפלעכלעכער גלאַנץ, און ווי פּאָלירטקייט פון וואָרט־און־סטיל, איז פּאָרט דאָס סאַמע רויע און עלעמענטאַרע; דאָס פינצטערע אור־פּנים פונעם דזשאָנגל־מענטש, וואָס קוקט אַן אינמיטן נאַכט מיט פּחד די שטערן אין אַ חושכדיקן הימל; די אומצאָליקע פּאַזן און די אומענדלעכע מעטאַמאָרפאָזן פונעם אור־מענטש, אַדורכגייענדיק מיליאָנען יאָרן מיט ווילדער פון אינערלעכן גהינום־און־גערויגל; פון פּחד, ציטערניש און ביטערע יסורים; זיך שלאָגנדיק מיט די געטלעכע עלעמענטן און אַטאַוויסטישע כוחות, ווי יעקב אָבינו, אין זיין פירכטלעכן געראַנגל מיטן מלאך־מאָנסטער, וואָס האָט פאַרמאָגט מוראדיקע און שטעכעדיקע פליגל, און אויגן שרעקלעכע ווי אָפּגרונטן; פרואוונדיק מנצח צו זיין, און טאַקע זיגנדיק אַ דאַנק זיין הויכן גראַד פון טאַלאַנט איבער דעם תוהו־ובוהו, איבער גאָטס אומהיימלעכן חושך, אין וועלכן עס לויכטן, וואָס אימהדיקער די נאַכט איז, אַלץ בליי־ציקער־און־בלוטיקער די שטערן, ווי די אויסגעשטאָכענע אויגן פונעם קעניג חזקיהו; און מנצח זייענדיק זיינע אייגענע אינערלעך־דעסטרוקטיווע דראַנגען און צעשטערערישע כוחות...

מיט איין וואָרט, און אין סאַמע לעצטן סך־הכל: דער אמתער גאָט־געבענטשטער קינסטלער מוז דערגיין, און סוף־כל־סוף דערגרייכן, דורך זיין אייגענער גייסטיקער עוואָלוציע, צו דער אַנטוויקלונג פונעם גאַנצן קאָסמאָס, און פון זיין מחבר, דעם רבונו של עולם, דורך זיינע מיליאַרדן באַשעפענישן און אומענדלעכע פיזישע און נשמהדיקע עקסיסטענצן, וואָס יעדע איינציקע פון זיי איז אויף דאָס ניי אַ פּערזענלעכע עוואָלוציע...

## וואָרים יעדע איינציקע זאַך

וואָרים כמעט יעדע איינציקע זאַך, וואָס דו נעמסט נאָר אַריין אין דיין האַנט, ווייַנט צווישן דיינע ציטערנדיקע פינגער. מחמת אַן אַנדערער מענטש, מיט אַן אַנדער פּנים, און מיט אַן אַנדערער נשמה אין זיין גוף, האָט עס שוין פעסט געהאַלטן אין זיין אייזערנער דלאָניע מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק, ווי עס וואָלט געווען אויף אייביק זיינס. עמעצנס אַ וואַרעמע און מענטשלעכע האַנט האָט עס אַוודאי שטילערהייט אין דער נאַכט געגלעט, און געצערטלט מיט אַזוי פיל איידלקייט, ווי עס וואָלט געווען אַזאַ געליבטע און לעבעדיק־נאָענטע זאַך, וואָס גייט אויף אייביק אַריין אין דיין האַרצן, זיס צום גערעבקען. זיין באַלעבאָס איז אין איינעם אַ פאַרנאַכטיקן פּערל־אָוונט, צי אין אַ בריליאַנטענעם רעגנדיקן פרימאָרגן, געגאַנגען אין דער ווייטער אייביקייט פון שטערן זיין פּאַטאַלן וועג, לאָזנדיק שטיין אין דער גאַנצער וועלט אַזאַ מין אומפאַרגענגלעכן טרויער, ווי אַ זייל פון ווייטיק, ווי אַ ספּיראַל פון פייער, גאָלד און בלוט...

## ביים ים אין חודש סעפטעמבער

איך זאָג צום פּאָעט יוסף רובינשטיין:

— ביים ברעג פון ים, אין דעם חודש סעפּטעמבער, קענט איר זען אַ סאָרט שמעטערלינגען, וועמענס גרויסע זיידענע פליגל זשאַווערן רויט־און־פייערדיק. זיי זופן ממש די ריינע און דורכזיכטיקע לופט מיט עפּעס אַן עקסטאַז פון אומהיילבאַרע שיכורים, וואָס ברעכן אַזש אָפּ מיט זייערע ציטערנדיקע ציין די ראַנדן פון די גלעזערנע ווייבעכערס, ווי יענע מלאכים, וואָס טרינקען ביינאַכט פון די שטערן גאָטס שאַמפּאַניער, ווען זיי קושן די לבנה מיט גרויס ליבשאַפט. עס ווילט זיך זיי כאַפּן, און קושן, און רעדן צו זיי מיט פּונקט אַזאַ וואַנזין און הייסן פיבער ווי זייערן...

## דער מלאך וועט נישט פוילן

דאָס לעבן איז פאַר די מערסטע מענטשן קאַלט און אומהיימלעך. אַ סך מענטשן טראָגן אויף זייערע פּנימער פאַלשע און בלעכענע מאַסקעס, ווי אויף אַ מאַסקנבאַל פון שדים און נישט־גוטע. אָבער לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשיס מילך־קלאָרער מלאך, מיט זיינע גאָלדענע אויגן, שמייכלט צו דיר אַנטקעגן אין דער נאַכט מיטן גליקזעלישן שמייכל פון גן־עדן; מיטן נאָך־נישט פאַרגעסענעם חלום אויף זיינע כמעט באַגאַל־רוזשירטע בעקלעך; און אויף זיינע דינע ליפּן בליט נאָך אַלץ אַזאַ געהיימנישפולע שעפּ־טשעריי...

דער דאָזיקער מלאך וועט מסתמא קיינמאָל נישט אַלט ווערן. זיין פּנים וועט נישט זשאַווערן פון ביטערער קרענקונג און קראַנקהייט, וואָס מאַכט אַ מענטשן צום שטאַרבן. ער וועט אפשר טאַקע קיינמאָל נישט אויסגיין. ער וועט מסתמא אויך נישט פאַרפוילט ווערן אין קיין ערדיש קבר. אַזוי ווייניקסטנס דאַכט זיך מיר...

## דער מאַן און די קאַרשן

דער מאַן אויף דער טומלדיקער טיימס־סקווער, וואָס איז געשטאַנען נעבן זיין וואָגן פול באַלאָדן מיט רייפע און זעלטענע פרוכטן, ווי שטערן אין אַ האָניקדיקן און האַרבסטיקן סאַד, וואו די בינען באַוועגן זיך פון איין בלום צו דער אַנדערער מידע און געזעטיקטע פון די וויין־זיסע זאַפטן, — און ער האָט אויסגעדריקט זיין שרעק פאַר דער פּאָליציי, איז געווען ברודיק און ברוטאַל. זיין געגנסטעריש פּנים איז געווען צעשניטן פון קינדזשאַלן. דאָס רעכטע אויער האָט ביי אים אין גאַנצן געפעלט, ווי ביים מאָלער וואַן גאָג, וואָס האָט עס אַמאָל אָפּגעשניטן און געשיקט צו אַ פריינט אַלס אויסדרוק פון חרטה. און דאָס לינקע אויג איז געווען פון פאַרטויטן גלאָז, אָדער ווי פון העלן פּערל. אָבער דעם פולן פונט מיט די רויט־פלאַמיקע קאַרשן, וואָס איך האָב ביי אים איינגעקויפט, זיינען

געוועזן געפּורעמט ווי שלימותדיקע קליינע זונען, אָדער ווי לויטערע שטערן אַריינגעזעצטע אין אַ טינט־נאַכטישן הימל־פירמאַמענט. די קאַרשן האָבן מיך דערמאָנט אין היימישע פּוילישע סעדער, וואָס פעסטע אידישע סאַדאָווניקעס האָבן יעדן יאָר, אויפן זומערדיקן סעזאָן, אָפּגעדונגען ביי די פּויערים. די קאַרשן האָבן מיך מאָדנע דערמאָנט אין דער אַלטער היים; אין די ערשטע און גאָלד־געצוואָגענע מיידלעך פּריטיק צונאַכטס, שוין אין דעם שטילן ערב־שבת אַריין, אין דעם פלאַמיקן זון־אונטערגאַנג אויפן פרומען אידישן הימל, אין וועלכן עס האָט פעסט געהערשט און ברייט געטראָגט אויף אַ געוואַלטיקן גאָלדענעם טראָן אונדזער אוראַלטער און מעכטיקער רבונו של עולם פון די נביאים, פון די קלוגע פּאָעטן־קייסאָרים, פון אונדזערע געלייטערטע אָבות, פון משה רבינו און אהרן הכוהן, און פון אונדזערע אייגענע פרומע זיידעס און באָבעס, בראש מיט דער שטראַלנדיקער מוטער רחל, וואָס קען נעבעך נישט איינליגן רואיק אין איר קבר, מחמת אומעטום מוז זי אַנטקעגנגיין די מחנות פאַרפאָלגטע און פאַרטריבענע קינדער אירע, און זיי טרייסטן, און קושן זייערע קליינע קינדער...

## ביי טאַטע־מאַמעס טיש

— מענטש, וואַרף קיינמאָל נישט אַרויס קיין שפּייז פון דיין שטוב. וואָרים עס איז הייליק. עס איז געוואַקסן אויף גאָטס ערד. גאָטס וואַרעמע זון האָט עס געקושט, געטוליעט צום האַרצן, און האָט עס אַרויסגערופן צום לעבן פון דער טיפעניש פון דער ערד. דעם מענטשנס האַנט האָט עס מיט מיעניש און מאַטערניש פאַרפלאַנצט אין פעלד. דער רעגן איז איבער דעם געפאַלן און האָט ווייך געמאַכט די קערנער און האָט דערוועקט דערין די בענקשאַפט צום זיין, צום וואַקסן און צום ווערן. האָט עס געמאַכט זיך אַרויסצוהויבן פון דעם גרונט...

דעם דאָזיקן פּשוטן אמת האָב איך אויסגעפונען נאָך קליינערהייט נישט דורך קיין שום געבאָט און קיין מענטשנס רייד, ווי איך שרייב זיי דאָ אויבן אויף: נייערט דורכן שטייגער ווי מען האָט זיך געפירט ביי אונדז אין דער היים.

נאָך אַ היימיש מאָלצייט ביי טאַטע־מאַמעס טיש האָב איך קיינמאָל נישט געזען קיין שום איבעריק איבערבלייבעכץ פון די היימישע מאכלים אויף די טעלערס. נישט קיין פאַרשווענדונג חלילה פון קיין איבעריקער קרישקע ברויט. די ליימענע און בלעכענע טעלערס זיינען געבליבן שטיין אַזעלכע ליידיקע, כמעט אויסגעפּוצטע, אַזוי ווי די ערדענע און אייזערנע טעפּ אויפן קאָמין...

אָרעמעלייט קענען זיך ליידער נישט דערלויבן די זינד און דעם קעניגלעכן לוקסוס אַוועקצוואַרפן גאָטס טייערע מאכלים. שפּייזן זיינען הייליק. פּראָדוקטן פון פעלד זיינען קאָסטבאַר. עס וואַקסט טאַקע אויס

געטלעך־שיין אויפן שטילן און פשוטן פעלד, וואָס איז באַלויכטן פון דער זון. אָבער עס ווערט פאַרפלאָנצט און פאַרזייעט מיט מענטשלעכער האָרעוואַניע און יסורים, מיט שוויס און טרערן. מיט גאָטס ברכה און גענאָד איז עס געבענטשט. „הא לכמא עניא״ — דאָס איז דאָס אָרעמע ברויט, ווערט געזאָגט אין אונדזערע הייליקע ספרים...

ווען מיר זיצן ביים טיש און עסן אונדזער געבענטשטן מאַלצייט, קוקן אונדז אָן מיט זייערע גיריקע אויגן די היימישע הויז־חיות נעבן אונדזערע פיס. זיי שלינגען זייער סלינע בשעת יעדן איינציקן ביסן אונדזערן. און ווען מיר זיינען, גאָט צו דאַנקען, שוין פאַרטיק מיט אונדזער מאַלצייט, זיינען נאָך אַלץ פאַראַן הונגעריקע באַשעפענישן אויף דער וועלט: אַנדערע אָרעמע מענטשן, און טאַקע אויך דער הונט און די קאַץ. און אָפטמאָל אין דער שטאַל: די פערד און די קי; דער אָקס און דער שעפּס. זייערע געדערעם שרייען פון הונגער. די קו, דער שעפּס און די קאַצע גיבן אונדז פאַר דעם בידנע ביסל שפּייז, וואָס מיר גיבן זיי, וואונדערלעכע מילך, וואָס גיט כוח צו גרויס און קליין. די עופות לייגן אייער, פון וועלכע מיר, און אונדזערע קליינע קינדער, געניסן און וואַקסן אויס גרויס און שטאַרק. טאָ זאָרג זיך, מענטש, וועגן זיי אויך. זייערע אויגן ווייען מענטשלעך פון הונגער און זיי מאָנען. געדענק דאָס העכסטע געבאָט: פאַרגעס נישט דעם שטילן אָרעמאַן! לאָד איין אַ באַשיידענעם אורח צום שבתדיקן און יום־טובדיקן טיש, ווי עס האָבן זיך נוהג געווען אונדזערע עלטערן, אונדזערע זיידעס. גיב דעם גאַסט צו טרינקען פון דיין זיסן ווין אין אַ פּסחדיקן בעכערל...

די לעקציע פון דער היים איז ביי מיר געבליבן הייליק ביזן היינטיקן טאָג: רעכן זיך מיט גאָטס גאָב און שפע. צעשטער נישט חלילה קיין ברעקעלע שפּייז. פאַרגיס נישט קיין איבעריק טראָפּן מילך, אָדער דאָס גאָלד פונעם האָניק, צי דעם טריף פון ווין, וואָס ווערט געמאַכט פון גאָטס הערלעכע ווינטרויבן; אָדער דעם קאָנצענטרירטן זאַפט פון רייפע פירות. עס איז געשאַפן געוואָרן צו שפּייזן און צו זעטיקן דעם מין מענטש. עס וואַקסט אין גאָטס סאָד און פעלד כדי צו שטילן דעם הונגער און דאָרשט פון די מענטשן, און אויך פון די היימישע שטוב־חיות, וואָס דינען אַזוי געטריי און געהאָרכזאַם צו דעם מין מענטש...

## תלוש וואָלט אַוועקגעשאָנקען צום טיול זיין פאַרציע עולם הבא

מיט יאָרן צוריק האָב איך געזען אַוועקפאָרן קיין פלאָרידע, צוליב זיין קראַנקן האַרצן, דעם שריפטשטעלער י. תלוש, דעם מחבר פון סענ־טימענטאַלע דערציילונגען, וואָס דערציילן וועגן זיינע וואַגלענישן איבער דער וועלט אַלס אַ סאָרט גאַרקישער בראָדיאַגע. ער איז נאָך דעמאָלט,

אַרום דעם יאָר 1936, געווען אַזאַ יינגער און קרעפּטיקער, מיט אַ סלאַוויש־פּויערישן, זוניק־פֿאַרברענטן פּנים, אָפּגעזעגנקט פֿון דער הייסער זון אין קוני איילאַנד, וואו ער פֿלעגט זומערצייט ליגן אויף די גראַניטענע שטיקער פֿעלדזן, ווי יעקב אָבינו אויף די לוחותדיקע שטיינער אין באר־שבע. מיט אפשר אַ צוואַנציק יאָר שפּעטער איז ער געקומען צו גאַסט קיין ניו־יאָרק כדי זיך צו טרעפֿן מיט די שרייבער פֿון דער היגער „קאַפֿע ראָיאַל"; צו זען זיין צעקריגטע ווייב, וואָס האָט געוואוינט אין די אידישע בראָנקס, נעבן דעם היימישן קראָטאָנאַ־פּאַרק, וואו איך פֿלעג אָפּט שפּאַצירן, ווען איך בין ערשט געהאָט אָנגעקומען פֿון אייראָפּע, און איך האָב זיך געפֿילט אַזוי שרעקלעך עלנט אין אַמעריקע, אַז איך האָב אַזש געוויינט הויך אויפֿן קול צווישן די ביימער, אונטערן שטורעמדיקן רעגן. און אפשר גאָר, טראַכט איך איצט, איז תלוש צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק הויפּטזעכלעך צו זיין איינציקער טרוימענדיקער טאַכטער זיינער, וואָס האָט געחלומט אַמאָל צו ווערן אַן אַקטריסע, און וואָס האָט איצט, ווען איך פֿלעג באַזוכן מיין עלטערן קאָלעגע תלוש אין „זיין" היים, זיך שעהענלאַנג אָנגעקוקט אין שפּיגל, וואָס האָט צו מיר אויסגעוויזן צו זיין פֿון בלעך אָדער פֿון שטאָל. עס זיינען געשטאַנען אין אירע, פֿון יוגנטלעכן צער און אומעט טרויעריקע אויגן, אפשר אַ הונדערט שאלות וועגן איר „צוקונפֿט", וואָס זי האָט אַריינגעפּרעגט מיט אַזוי פֿיל יינג־מיידלשן אומעט און ממש פֿאַרצווייפֿלונג אין דעם זשאַווערדיק־זילבערנעם, שפּיגלדיקן תהום... זי האָט אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי אַ געלע, גיפּסענע מאַדאָנע, וואָס ווערט פֿאַרברענט פֿון ליבע און פֿונעם פֿאַרלאַנג עפּעס צו ווערן אין דער וועלט. ער אַליין, דער אַלטער און איינזאַמער טאַטע, האָט אַזאַ אומבאַהאָלפֿענער און פֿאַרעלטערטער זקן, דורך טרערן, אָנגעקוקט מיט גרויס צערטלעכקייט זיין איינציק און געליבט קינד. ער האָט עפּעס אַזוי שטיל געציטערט און געמורמלט מיט זיינע אַלטע ליפּן, ווי אין אַ תּפֿילה, כאָטש ער איז געווען הימל־ווייט פֿון צו זיין אַ גלוביקער, און אַוודאי נישט קיין אַבערגלויבערישער מענטש. (אָבער טרויער דערנענטערט, דאַכט זיך, צו גאָט אַ סך מער ווי פֿרייד.) ער האָט אויסגעזען געזנוי אַזוי גרוי און אַלט ווי יעדער טרויעריקער פֿאָטער־זקן, פֿון וועמענס פֿאַרזשאַווערט־געשוואָלענעם פּנים און שלאַבעריקן גוף עס איז, ווי אין מיטן נאַכט, מיט אַ מאָל אַראָפּגעפֿאַלן זיין יוגנטלעכע הויט, ווי ביי אַ שלאַנג אין דזשאַנגל, אָדער ווי פֿון אַ קלאָון אין באַגינען, ווען ער טוט אויס אַזאַ מידער און טרויעריקער פֿון זיין געפּאַרבטער און איינגעריסטער הויט, נאָך דער צירקוס־פֿאָרשטעלונג פֿאַר די קינדער, זיין פּילפּאַרביקע מאַסקע און לויזן דאַמינאָ־קאָסטיום...

תלוש האָט מיך אומעטיקערהייט אָנגעקוקט. ער האָט, ווי אַ געניטער שרייבער, געקענט געזנוי און ניכטער לייענען די מחשבות אונטער מיין

שאַרבן. ער האָט צו מיר געזאָגט מיט אַ קול, וואָס איז געווען פאַרשטיקט דורך טרערן:

— איר זעט שוין צו וואָס פאַר אַ סאָרט נחת איך בין דאָ צוריק־געקומען אין מיין היים נאָך איבער צוואַנציק יאָר, ווי דער האַמערישער העלד אָדיסייאוש, וואָס קערט זיך אום נאָך אַלע זיינע שטורעמדיקע לעבנס־וואַנדערונגען איבער די אומבאַקאַנטע ימען און פרעמדע לענדער. און איר זעט ווי איך אַליין זע איצט אויס?! ווי אַזוי די הויט פון מיין פּנים איז איינגעריזצלט געוואָרן; ווי די מיאַמער זון האָט מיך פאַרברענט, און טאַקע אויסגעברענט אין מיר דאָס האַרץ און די האָפענונג. זאָגט מיר דעם אמת: צי וואָלט איר מיך כאַטש דערקענט, ווען איר וואָלט מיך געזען גיין צווישן מענטשן אויף דער גאַס, אָדער זיצנדיק אין אַ קנייפּע, צווישן גנבים; צי טרינקענדיק „וואָדקאַ" צווישן זונות און שיכּורים?!

יאָ, איך וואָלט איצט גערן אָוועקגעגעבן צו מעפּיסטאָפעלעסן, אָדער צו וועלכן אַנדערן פאַרשאָלטענעם טייוול, מיין מישטיינס געזאָגטע פאַרציע עולם הבא פאַר אַ פּאָר שוואַרצע האָר אויף מיין נאַקעטן שאַרבן...

תּלוש האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגערוט פון זיין פאַרביטערטן אופן פון רעדן. ער איז געווען קורצאָטעמדיק. דערנאָך האָט ער צוגעגעבן, ווי רעדנדיק צו זיך אַליין, צו זיין אייגענעם ריזיקן שאָטן אויף דער וואַנט:

— אָבער נאָך ד"ר יאָהאַן פאַאוסטוס קלינגען די דאַזיקע אַלע רייד מיינע נישט שטאַרק אָריגינעל. איבעריקנס, עס איז שוין פריער אַלץ געזאָגט געוואָרן אין אונדזער תּנ"ך, איבערהויפּט אינעם קלוגסטן פון אַלע ספרים, אין דעם „ספר קהלת", און אינעם גראַנדיעזסטן פון אַלע אוניווערסאַלע ווערק — אין דעם קאָלאָסאַלן באַרג פון אַ ספר: „איוב"...

— דער מענטשלעכער טרויער, — האָב איך זיך געטראַכט, אָדער שטילערהייט געמורמלט צו תּלושס ריזיקן שאָטן אויף דער קאַלכדיקער וואַנט, וועמענס קאָפּ האָט עפּעס מאָדנע געפּעלט, ווי ער וואָלט גיליאָטי־נירט געוואָרן, — באַשעפּטיקט זיך גאָרנישט מיט קיין אָריגינאַליטעט. אַלע דורות חזרן מער־וויניקער איבער די אייגענע רייד, איידער זיי רוקן זיך אַלע אַוועק אין דער אומבאַקאַנטער אייביקייט...

אַגב איז תּלוש אַהיימגעפאָרן אין אַ פּאָר טעג שפּעטער צוריק קיין פלאָרידע, צום גרויסן ים, וואו ער האָט זיך יעדן טאָג געבאָדן, און אפשר אָפּגעוואַשן זיינע פאַטערשע טרערן אין שאַמפּאַניערדיקן שוים פון די גרינע כוואַליעס. ער האָט דאָרטן יאָרנלאַנג געוואוינט אין אַ „גאַראַזש", שרייבנדיק ביינאַכט זיינע דערציילונגען פאַרן היגן „מאָרגען זשורנאַל", און בייטאָג טרינקענדיק פלעשער מיט שנאַפּס, וואָס פאַרשידענע ווייבער־פאַרערערינס פלעגן אים ברענגען. ער איז אַ פּאָר יאָר שפּעטער אַריינ־געגאַנגען אין אַ מושב זקנים, כּדי דאָרט צו פאַרענדיקן זיינע לעצטע טעג און וואָכן פון אַן אָרעמען און איינזאַמען אידישן שרייבערס לעבן...

עס ליגן נאָך ביי מיר אין דעם אייזערנעם קופערט עטלעכע הונדערט בריוו זיינע, וואָס ער האָט דורך די יאָרן צו מיר געהאַט געשריבן פון פלאָרידע. איין בריוו איז מיר באַזונדערס געבליבן שטיין פיינלעך אין זכרון. אין דעם דאָזיקן בריוו האָט ער זיך באַקלאָגט, אַז עס איז אומגעווינלעך ביטער פאַר אַ שריפטשטעלער אָנצוקוקן די פּנימער פון די פלעגמאַטישע זקנים יעדן טאָג; צו זען זיין פערזענלעכן סוף, און קיין מאָל מער נישט קענען זיין שיכור מיט לוסט, וויין און לעבן...

## די וואונדן פון יוליוש סלאָוואַצקי

כמעט יעדן פאַרטאָגס, פאַרן אַוועקזעצן זיך צו שרייבן ביי מיין טאַטנס אַנטיטשנעם שרייבטישל, שוין אַזוי זיבט די פאַרגאַנגענע פיר צענדליק יאָר, און נאָכן האָבן געזאָגט מיטן גאַנצן אידישן האַרצן אַ קאַפּיטל האַניקדיק־שמעקעדיקן תהלים פון מיין מאַמעס זיסן תהילימל, וועמענס געלע און הייליקע בלעטלעך צעפאַלן זיך שוין ממש ווי שטויב, ווי די ביינער אירע אין איר אַלטן קבר אויפן ברוקלינער בית־עולם — גיי איך צו צו דער וואַנט וואו עס הענגט דאָס בילד פון יוליוש סלאָוואַצקין, אין אַ גאָלדיקן רעמל איינגעראַמט, וואָס דער דיכטער אַברהם סוצקעווער האָט עס מיר געשאָנקען, אויף מיין בקשה, עס צושיקנדיק מיר פון ווילנע האַרט ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה. איך שטיי אַ ווילע פאַרטראַכטערהייט ביים פאַרטרעט פון דעם פּוילישן דיכטער, וואָס גליט און פיבערט אַפילו אין מיטן דער ווינטערדיקער שניי־נאַכט. איך בויג אינסטינקטיוו צו מיינע ליפּן צו זיין בלאַסן פּנים, צו זיינע שווינדזוכטיקברענענדיקע אויגן. איך באַריר מיט מיינע ציטערנדיקע פינגער זיינע גאָלדנבלוטיקע וואונדן, וואָס שמעקן, דאַכט זיך מיר, ווי פּשוטע בלומען אויפן פּויליש־דאָרפישן פעלד פון אונדזער קינדהייט. איך קוק אויף אים אַזוי ברידערלעך־נאָענט, כאָטש איך בין נישט אין גאַנצן זיכער, אַז ער האָט ליב געהאַט אידן, און אַוודאי נאָך ווייניקער פאַרשטאַנען די יסורים, די געשיכטע און דעם גורל פון אונדזער אַלטן פאָלק...

## צו די מערסטע מענטשן

צו די מערסטע מענטשן, אין אַ באַשטימטער צייט פון זייער רוישיקןאון־רעשיקן לעבן, ווען עס דאַכט זיך זיי, אַז זיי זיצן שוין גאַנץ פעסט און מעכטיק אויפן גאָלדענעם טראָן פון רייכטום, כבוד און מאַכט; און ווען זיי מיינען אין זייער פאַררייסנקייט און געמיינער חוצפה, אַז זיי מעגן שוין אויך הויך און דונערנדיק לאַכן פאַר די אויגן פונעם אָרעמאַן; פאַר די אויערן פון דעם געפאַלענעם מענטש, דעם יתום און דער אלמנה — קומט ממש פּלוצלינג צוגיין דאָס פינצטערע אומגליק, און דערלאַנגט אים מיט דער לאַנגער און אייזערנער שווערד אַזאַ שטאַרקן זעץ איבערן שאַרבן, אַז דער קרבן פאַלט אום פון שרעק אַ צעשמעטערטער, און ער

איז שוין מער נישט אימשטאַנד זיך אויפצוהויבן, בשעת דער הימלישער מלאך־ציניקער און ווילדער רוצח אַנטלויפט מיט זיין פאַרבלוטיקטער שווערד פאַרקלעמט אין זיין ביינערדיקער פויסט. קיינער קען אים דעמאָלט מער נישט כאַפּן און אויך נישט משפּטן פאַר זיינע בלוטיקע פאַרברעכנס...

## די שטערן ווערן פאַרשוואונדן אין באַגינען

אין פריען באַגינען שטעק איך אַרויס מיין נאָך פאַרשלאָפענעם קאָפּ דורכן פענצטער צום נאַכטישן און מיסטישן דרויסן, וואָס איז נאָך באַ־הערשט פון גייסטער, שדים, נישט־גוטע און — קעץ... איך זע אינעם דאַזיקן נאַכטישן רוים ווי די שטערן שוועבן ערגעץ־וואו אַוועק אין דעם טונקעלן תהום פון קאָסמאָס, ווי אין פּיסק פון אַן אומענדלעכן אָפּגרונט. טרינקט זיי גאָט אייביקוויילטן אויס, ווי וויין פון ריזיקע פּאָמעראַנצן אין זיין קאָסמישער איינזאַמקייט און שיכּרות?! קאַלט, פּוסט און זינלאָז בלייבט שטיין פאַר מיינע אויגן גאָטס מענטשלעכער אוניווערס...

## דער אומעט וויינט אַפילו

די דיכטערין חנה אַפּער־אַפּאָטשינסקי זאָגט צו מיר איין מאָל, אַז דער טרויער באַהאַלט זיך אַפילו ביי די גבירים אין זייערע רייכע און לוקסוסדיקע הייזער און ווילאַס. איך זאָג צו איר: — חנה, איר האָט איצט געשאַפן אַ ליד פון בלויז צוויי פערזן:

„דער אומעט וויינט אַפילו

אין קעניגלעכע שלעסער"...

## אייניקע שורות וועגן דער אַלטער לבנה

אין דרויסן איז נאָך היפּשלעך קאַלט, כאָטש די צייט איז שוין אין מיטן פון דעם אַפּרילישן חודש. אויף אַן איינציקער גליקלעכער מינוט, פאַרן הערלעכן און שוויגנדיקן אונטערגאַנג אירן, האָב איך מיט מיין תמיד אַנטציקטן אויג נאָך געכאַפּט דעם אָנבליק פון דער לבנה, שטיי־ענדיק ווי אַ ריזיקער שפּליטער, אָדער ווי אַ רויט־אָנגעגליטע שטאַרץ, איבערן פינצטערן האָריזאָנט. איך טראַכט: טויזנט מענטשלעכע דורות האָבן דיך אָנגעקוקט אין זייערע פריע קינדהייטן, פון זייערע קינדישע וויגעלעך אויס, און געמיינט, אַז דו ביסט זייער מאַמע. דו האָסט אָנגעפילט מיט העלן גאָלד זייערע ווינענדיקע אייגלעך, פון זייערע קינדישע טרערן האָסטו אויסגעגאָסן גאָלד...

און אַנדערע טויזנט דורות האָבן דיך טרויעריק באַטראַכט פאַרן טויט זייערן, פדן זייערע איינזאַמע בעטן אויס, פון זייערע האַרטע שטיי־נערנע געלעגערס, פאַרגאָסענע פון פּחד פאַרן מלאך המות מיט זייער געזאַלצענעם יורין. דו זינקסט איצט אַרונטער אַזוי גלייכגילטיק צום אָפּגרונט, ערגעץ־וואו אויף אַן אַנדערן קאָנטינענט שוין, ניין, דו נידערסט

אַרונטער אין מיין סאַמע האַרצטיפעניש, ווי אַ שטערן אין דעם אָפּגרונט פון אַ פינצטערן ברונעם...

## אַן אומגליקלעך באַשעפעניש

דאָס פישעלע איז יעדעס מאָל אינעם קיבעל וואַסער, וואוהין מען האָט עס אַריינגעשליידערט, אַטאַקירט געוואָרן דורך צוויי בייזע און הונגעריקע קרעבסן, וועלכע האָבן יעדער מאָמענט אויסגעצויגן זייערע שרעקלעכע אָרעמס כדי עס צו פאַנגען און אַנצוהויבן פּאַוואָליע צו גריזשען דאָס דערשראָקענע באַשעפענישל. דאָס אָרעמע פישעלע, שווימענדיק פּאַרזיכטיק איבערן פלאַך פון וואַסער, מיט זיינע לעצטע כוחות, ממש זיך האַלטנדיק ווי ווייט מעגלעך אָפּגעזונדערט פון די צוויי פינצטערע מאָנסטערס, וואָס זיינען אַזעלכע מיאוסע אַרומגעקראָכן איבערן דנאָ פון קיבעל, איז יעדעס מאָל געלונגען בראַוו אַנטרונען צו ווערן פון זייערע לאַפּעס. אָבער די גאַנצע צייט האָט עס זיך געפונען אין דער סכנה אַטאַקירט צו ווערן פוןביידע העסלעכע קרעבסן. צייטנווייז האָט דאָס ממש אידישע פישל אויפגעהויבן דאָס אויבערשטע טייל פון זיין גופל, זוכנדיק אין אַ הילפלאָזן און פאַרצווייפלטן אָנשטרענג אַרויסצואַנטלויפן פון דער פּאַסטקע. אָבער עס איז פשוט נישט געווען די מינדעסטע מעגלעכקייט צו קענען אַנטרינען מיטן אָרעמען לייב און נפש. עס האָט דעריבער געמוזט קונציק מאַנעווורירן צווישן ביידע מאָנסטערס, וואָס האָבן עס כסדר געדראָט און אַטאַקירט.

איך מיין, אַז קיין שום פעדער קען נישט גענוג שטאַרק שילדערן די ביטערע אַנגסטן, די שרעק און דעם פחד פון דעם בראַוון, אָבער שוואַכן באַשעפעניש, פאַר וועמען די געמיינע מענטשן האָבן באַשטימט אַזאַ גרויזאַמען אומקום. איך בין צוגעגאַנגען צו דעם ברוטאַלן פישער, אַ נידעריקן און קרעפטיקן איטאַליענער, מיט אַ גאָלדענעם קרייץ אויף זיין באַוואַקסענעם ברוסטקאַסטן, און וואָס קומט דאָ אָפט מיט זיין ווייב, וואָס זעט אויס צו זיין ענלעך צו אַ היפּאָפּאָטאַמוס, מיט זייערע פיצלעך אייניקלעך. איך האָב זיך ביי אים געבעטן און געפּרוּווט אָפּקויפן פאַר אַ טאָלער דאָס לעבן פונעם בידנעם פישל. איך האָב אים פאַרגעלייגט פאַרן באַנקנאָט מיר צו דערלויבן אַרויסצונעמען דאָס פישל פונעם קיבעל און עס, נאָך אַזאַ צאַפּלדיקס און לעבעדיקס, צוריק אַריינצוואַרפן אין גאַנץ טיפן ים...

דער צינישער איטאַליענער האָט געלאַכט פון מיין אָנבאָט. מיין אידישער רחמנות־געפיל האָט אים שאָקירט. איך האָב אויסגעזען שטאַרק לעכערלעך אין זיינע אויגן. ער האָט, מיר צו להכעיס, אַרויסגענומען דאָס זיך צאַפּלענדיקע פישל. ער האָט עס געהאַלטן אין זיינע גרויסע הענט אַזאַ נאַקעטס און בלייכס פון שרעק, און ער האָט דערנאָך מיט געוואַלט עס

געפּרוּאווט איבערצוגעבן צו די קרעבסן אין זייערע אָרעמס אַריין. אָבער עס ווייזט אויס, אַז ביידע קרעבסן זיינען שוין געווען אַ ביסל אויסגעשעפּט פון דעם געראַנגל און זיי האָבן איצט נישט רעאַגירט אויף דער צינישער האַנדלונג פון דעם פישער. אַן אַנטוישטער האָט דער אוממענטש עס צוריק אַריינגעלאָזט אינעם קיבעל מיט וואַסער, און דער געראַנגל צווישן די באַשעפענישן האָט זיך איצט אויף דאָס ניי אָנגעהויבן. צום סוף האָט דאָס בראַווע באַשעפעניש, שוין אין גאַנצן אויסגעשעפּט פון זיינע כוחות, זיך איבערגעדרייט און האָט אויסגעאָטעמט זיין לעצטן אָטעם אויס מאַנגל אין זויערשטאָף...

וויפל איך האָב דאָ געפּרוּאווט צו באַשרייבן די גרויזאַמקייט, איז עס אַ נישטיקער טייל פון דער געמיינקייט און רוצחישקייט צו וועלכן מענטשן האָבן אַזוי ציניש פאַרמשפּט אַן אומשולדיק און הילפלאָז באַשעפעניש פון אַן אָרעם פישל, נעבעך...

עס איז געווען, ווי מען וואָלט דעם פּרינץ דניאל אַראָפּגעלאָזט אין דעם לייבנגרוב, אָדער ווי מען וואָלט אַן אָרעמען איד איבערגעגעבן אין די הענט פון די בלוטדורשטיקע נאַציס. אין מיינע אויגן איז דאָס פישל געווען אַ איד. און די ביידע העסלעכע קרעבסן — נאַצישע סאַדיסטן. דער איטאַליענער, וואָס האָט זיי צוזאַמענגעפּאָרט אין איין קיבעל, מיט ווייניק וואַסער נאָך דערצו, כדי דער קרבן און זיינע פּייניקערס זאָלן זיין גאָר באָענט איינס צום אַנדערן, דער דאָזיקער פישער אַליין איז אין מיינע אויגן געווען אַ מין אַדאָלף אייכמאַן...

## דעם קייסערס שווערד טוט מיר וויי

מען האָט ביי אונדז אין דער היים אָפט גערעדט וועגן עפּעס אַ וויטן, לעגענדאַרן פאָלק פון כינעזער. זייערע מאַנצבילן טראָגן לאַנגע צעפּ. די פרויען טראָגן ענגע שיכלעך, וואָס לאָזן נישט פריי אַנטוויקלען זייערע שיינע פיס. איך וואָלט געקענט הערן אפשר הונדערט יאָר צייט, ביז איך וועל ווערן גרוי און אַלט, די מעשיות וועגן יענע פאַנטאַסטישע כינעזער. דאָס זיינען געווען אונדזערע ערשטע פאַרבענקטע וואַנדערונגען צו דער צוקונפט...

אונדזערס אַ פריינט האָט איין מאָל, אַרום פּורים־צייט, ווען אידן שענקען זיך איינס דאָס אַנדערע שלח־מנות, געבראַכט פאַר מיר אַ מתנה: אַ כינעזיש פאַרפאָלק פון ווייסן און גלאַנציקן צוקער, אַזוי ווי שניי. זי, די דינע און נאָבעלע קייסערינע פון כינע, טראָגט אַ ברילִיאַנטענע קרוין אויף איר קאָפּ מיט טונקעלע האָר. זי טראָגט אויף איר צאַרטן און פּערל־דיקן האַלדז אַ שנירל מיט גרינע שטיינדלעך פון טורקאַז; און אויף אירע דינטשיקע פיסלעך אַזעלכע קליינע, ענגע און מיט גאָלד־אָפּגעפּאַרבטע לעטשלעך...

איך וואַרט נישט לאַנג און בייס טאַקע איין אירע צאַרטע פּיסלעך. איך עס זי אויף צוזאַמען מיט די צוקער־זיסע לעטשלעך. די שטילע קייסערינע ליידט איצט נישט מער פון די ענגע שיכלעך, וואָס קלעמען איין אירע פינגער. די קייסערינע איז איצט פאַרוואַנדלט צו אַ לויטערער נשמה אין מיינע געדערים...

איר מאַן, דער מעכטיקער פּאַרצייטישער קייסער פונעם גרויסן לאַנד כינע טראָגט אויפן קאָפּ אַ ריזיקע קרוין מיט בריליאַנטן און כאַלצעדאָנען. ער טראָגט אויך אַ קעניגלעכן מאַנטל מיט גאָלדענע פראַנדזן אַרום די לאַנגע און ברייטע אַרבל. זיין פּנים איז געל ווי די שאָל פון באַנאַנעס. אַרום זיין האַלדז טראָגט דער שיינער כינעזישער קייסער אַ ברייטע קייט פון ריינעם גינגאָלד...

אָבער ווי וואויל און חנעוודיק עס זיינען דער לייטישער קייסער און די האַרציקע קייסערינע, זיינען זיי דאָך ביידע געמאַכט פון צוקער. עס האָט נישט לאַנג געדויערט ווי איך האָב זיי שוין ביידע געהאַט אויפ־געגעסן מיט זייערע ביידנס סקעלעטן און באַטעמטע ביינדלעך. שפּעטער אַ ביסל, שוין אַ געזעטיקטער מיט זייער זיסקייט, טוט מיר עפּעס באַנג פאַר מיין „קאַניבאַליזם". איך וואָלט איצט אַ סך געגעבן, אַז איך זאָל ווידער קענען קוקן אויף דעם פּרעכטיק־אָפּגעפּאַרבטן קייסער, מיט דער שלאַנקער קייסערינע. מיר דאַכט זיך, אַז די איידעלע מלכה וויינט עפּעס שטילערהייט אין די טיפקייטן פון מיינע געדערים. און ביינאַכט, אין מיטן שלאָף, קומט מיר טאַקע צו חלום דער גוטער קייסער. מיט פּחד דערזע איך, אַז דער צאָרנדיקער הערשער האַלט אין דער האַנט זיינער אַ צוויי־זייטיקע שאַרפע שווערד. איך האָב טאַקע אויפגעגעסן דעם קייסער מיט זיין קייסערינע. אָבער זיין שווערד טוט מיר נאָך אפילו איצט וויי אין בויך...

## ווי רויזן ושאָווערן די שטערן אין האַרבסט

די פאָלגנדיקע שורות האָב איך געשריבן וועגן אַ אידיש מיידל אין שפּיטאָל, אַ קאַנסער־ליידנדיקע, וואָס גייענדיק שפּאַצירן איבער די קאָרי־דאָרן, האָט זי תמיד מיטגעטראָגן מיט זיך אַ ריזיקן אייזערנעם אינסטרו־מענט, ווי אַ לייכטער אין אַ טעמפּל, וואָס האָט אַריינגעטריפט אין אירע בלוט־געפעסן אַ געוויסע מעדיצינישע סובסטאַנץ, וואָס האָט אויפגעהאַלטן איר טרויעריק לעבן. מיט איר צוזאַמען, ווי צווי עלנטע און מאַכטלאָזע מלאכים, זיינען אויך מיטגעגאַנגען איר פאָטער און איר ברודער, ווי צווי פאַרשטיינערטע סטאַטועס פון יסורים. אַט זיינען מיינע אָרעמע פּערזן:

צי טריפט פון דעם „לייכטער" גאָטס מילך פון די שטערן?

צי פירסטו דעם „לייכטער" ווי אַ לאָגל מיט טרערן?

צי גייט ער פאַראויס דיר ווי דער עמוד האש ?
אָ, צערפּולע פרוי, פון גאָלד איז דיין פלייש.
איך פאַל אויף דער קני ; איך קוש דיינע טריט ;
איך גיי אין דיין שאָטן, וואָס ברענט מיך און בריט.
מעג גאָט מיט די שטערן זיך גאווהדיק גרויסן ;
אַנטקעגן דיין צער זיי זשאַווערן ווי רויזן...

## גאָט שיצט און באַשירעמט דיך

דער אָוונט פאַלט צו שטילערהייט איבער דער גאַנצער געטלעכער ערד. דו זיצסט אין אַ שטילן געסל אויף די שטיינערנע טרעפּ פון אַ פרעמדן הויז, פון וואַנען די מענטשן זיינען עפּעס מיסטעריעז פאַרשוואונדן געוואָרן. דאָס ביסל מאַגערע גראָז, וואָס שפּראָצט אַרויס פון צווישן די טראָטואַרן־שטיינדלעך נעבן דיינע אָרעם־באַשוכטע פיס, גיט דיר די אילוזיע פון יענע דאָרפיש־פייכטע, גרין־געשמאַקע לאַנקעס פון דיין פריער און פרישער קינדהייט אין פוילן. פאַראַן דאָ אַפילו גאָלדענע פייער־פליגעלעך אין דער נאַכט, וועלכע צינדן זיך מיסטעריעז אָן יעדע ווילע, ווי בשעת די ערשטע נאַכטישע איינדרוקן פון דיין לעבן. גאָט שיצט און באַשירעמט דיך אַפילו ווען ער איז טיף פאַרזונקען אין שלאָף. דו האָסט פאַרט ביז איצט געפונען ליבשאַפט און פריינטשאַפט אין דער אַזוי שרעק־לעך־ברוטאַלער וועלט. דו האָסט אויך אויסגעמיטן אין דיינע רייפע יאָרן צו דינען אין אַרמייען, צו מוזן שעכטן חלילה מענטשן־ברידער, נישט צו ווערן אַליין שטערבלעך פאַרוואונדעט אויף ערגעץ אַ שלאַכטפעלד אויף דער פרעמדער ערד, אין ווייטע דזשאַנגלען, וועמענס מאָסן קאַמאַרעס טרינקען דאָס בלוט פון דעם פאַרוואונדעטן קרבן. גאָט באַזאָרגט דיך געטריי מיט דיין שטיקל אָרעמען ברויט־מיט־זאַלץ, און מיט אייז־קאַלטן און ריינעם וואַסער פונעם קרישטאָליקן קוואַל. וואָס אַזוינס אייגנטלעך ווילסטו נאָך, דו שטערבלעכער מענטש ?!...

## דאָס מיידל און דער פּאַפּוגיי

ביים ברעג פון ים האָט דאָס מיידל געטראָגן אויפן דאַרן און ביינער־דיקן שפּיץ פון איר דינעם און צאַרטן אַקסל דעם פּילפּאַרביקן, נערוועזן, אָבער אויך שטויביקן פּאַפּוגיי. דער פויגל, וואָס איז געוויינלעך תמיד פּיל־באַרעדעוודיק און אַפילו ציניש, האָט זיך געפילט ווי פאַרלוירן אין מיטן פונעם נאַקעדיקן אינטערנאַציאָנאַלן פּעבל, און ער האָט זיך געטריי געטוי־ליעט צום מיידל, ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד צו זיין מוטערס שויס. דער גרויסער זוניקער רוים פונעם דאָזיקן געטלעכן טאָג מיט זיין אומגעהויערער פרייקייט און פאַרנעם, וואָס האָט געהערשט פון דער ערד הויך ביזן הימל, האָט אים אַפילו נישט געמאַניעט, אָדער פראָוואָצירט, אויסצושפּרייטן

זיינע פליגל צום מעכטיקן געשוועב איבער אַלע טונקעלע תהומען און טיפסטע אָפּגרונטן פון דער ערד...

איך קלער, אַז דאָס איז געווען אַזאַ רירנדיקע סצענע, וואָס איז ווערט צו ווערן פאַרשריבן אין דעם באַשיידענעם נאָטיץ־בוך פון אַ שרייבער. דער מוסר השכל איז געווײנלעך, אַז יעדעס איינציקע באַשעפעניש קען ווערן געוואונען דורך איין זאַך בלויז אין דער וועלט פון איינזאַמקייט און אומבאַגרייפלעכן פּחד: פריינטשאַפט, ליבשאַפט און צערטלעכקייט...

## נאָך דער פאַרשטעלונג

שפּעט ביינאַכט, נאָך דער פאַרשטעלונג, ווען די שטערן אין הימל לויכטן גרויס און אָפּשרעקנדיק אין דעם פינצטערן הימל, לייגט דער רעזשיסאָר די געשניצטע, הילצערנע און ליימיקע מאַריאָנעטן צום שלאָפן און אויסרוען זיך אין אַ הילצערנעם קאַסטן, ווי מענטשלעכע מתים נאָך זייער רייכן לעבנס־שפּיל, וואָס ווערן געשלאָגן מיט אַ פאַטאַלער עפּידעמיע. זיי זעען אויס ווי אומשולדיקע, מיט גאָלד־און־סאַזשעס אָפּגעפאַרבטע, קינדערישע ליאַלקעס. דער מייסטער, וואָס האָט זיי געמאַכט מיט אַ באַשטימטן צוועק, אָדער בלויז אַלס פּראָדוקטן פון זיין ביטערער לאַנג־ווייליקייט און איינזאַמע נעכט, מאַכט זיי צוריק שטום, מיד און אומבאַ־וועגלעך, נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך מיט אַ ווילדע צוריק, אין בליציקן אָפּשיין פון די עלעקטרישע לאָמפּן, אַזוי גלענצנדיק געלעבט, געליבט, געשפּילט, זיך געקושט, זיך געשלאָגן און דועלירט, זיך קעגנזייטיק פאַר־בלוטיקט מיט קינזשאַלן און בלאַנקע שווערדן, און האָבן העלדיש געקעמפט פאַר ליבע, חלומות, און מיט געשפּענסטער. דער אכזריותדיקער רעזשיסאָר, אָדער מלאך המות, מאַכט זיי איצט ווידער קאַלט און ליימיק, ווי דער מהר״ל פאַראַליזירט דעם געוואַלטיקן גולם, וואָס האָט נישט קיין איבעריקן חשק צוריק צו ווערן שטומע ערד, נאָך דעם ווי ער איז אויפגעשטאַנען פון די טונקעלע און שטורעמדיקע עלעמענטן; און ער וויל בשום אופן נישט שטאַרבן ביי זיינע פולע און גראַנדיעזע כוחות; ווי גאָט, וואָס פאַרשטומט זיינע מענטשלעכע דורות, מיט אַלע זיינע באַשעפענישן, חיות, שלאַנגען, עקדישן און אינסעקטן אין די טיפע דזשאַנגלען און אורוועלדער...

## די אומעטיקע קאַרטנלייגערין

אין דעם גרינגן בודקעלע פון דער קאַרטנלייגערין ביים ברעג פון ים, זיצט אַן עלטערע ציגיינערטע מיט עפּעס אַזאַ טרויעריקן און אָפּגעב־ברענטן פּנים, וואָס איז שוואַרץ ווי סאַזשעס פונעם קומען אין אַ ווינטער־דיקן־און־ווינטישן טאָג. אַזאַ צרהדיקע און שלימזלדיקע פאַרשווינטע קען אָפּשרעקן און פאַרטרייבן דעם גלויבן פון די סאַמע פרימיטיווסטע און אַבערגלויבערישע מענטשן אין דעם אמת, און אין דער מיסטעריע פון

קאַרטנלייגן. איר טונקל־פאַרפלעקט און דערשלאָגן פּנים, ווי געפאַרבט מיט פּייער, שמעקט מיט מענטשלעכער איינזאַמקייט, מיטן דורכפאַל אין איר אייגענעם וויסטן לעבן, מיט דער אומהיימלעכקייט פונעם ציגיינערישן פאָלק, אייביק וואַנדערנדיק איבערן פיינטלעכן פּלאַנעט, צווישן אומ־פריינטלעכע פעלקער. זי אַליין זאָגט נישט אָן קיין שום גוטס, קיין שום טרייסט און קיין פּיצל האָפענונג צו די טויזנטער פאַרביגייערס, וואָס זיינען, פונקט ווי ד"ר פאַאוסטוס, און דער מהר"ל, אַוודאי נייגעריק און הונגעריק אויפצוהייבן דעם אייזערנעם פאָרהאַנג פון דער מענטשלעכער צוקונפט. אָבער ווי שטאַרק הונגעריק זיי זאָלן נישט זיין צו די סודות פון גאָט, צום אָפּגרונטיק־פינצטערן שפּיגל פון זייערע גורלות, ווי דער טרויעריקער קייסער שאול, וואָס איז אין מיטן פון דער נאַכט, בשעת אַ מוראדיקן שלאַקסרעגן, אַן אַדורכגעווייקטער ביז צו זיינע ביינער, פון בליץ־און־טרערן, געקומען צו דער מכשפה — מיידן זיי אינסטינקטיוו אויס די אומעטיקע קאַרטנלייגערין...

## דעם אידנס גרויסע פלאַמיקע תורה

אַ גוטער פריינט האָט מיר פריינטלעך צוגעשיקט אַ ווינטשקאַרטע מיט אַן איינדרוקספולער צייכענונג: איך קוק אויפן דאָזיקן אידעלן איד, וואָס אַנטלויפנדיק צוזאַמען מיט אַ מחנה אידן פונעם שטעטל, טוליעט ער הייס־און־הייליק צו זיין האַרצן די גרויסע פלאַמיקע תורה פון דער נאָך איבערגעבליבענער און פאַרברענטער שול, ווי אַ פאָטער טוליעט פעסט צו זיך זיין איינציק און געליבט קינד, וואָס ער האָט אָפּגעראַטעוועט פון אַ שרפה. ער, און די הייליקע תורה, זעען ביידע אויס ווי זיי וואָלטן זיין אויסגעהאַמערט און צוזאַמענגעשמאָלצן אין איין געמיינזאַמען גאָס פון גוף־און־נשמה. ביידע, דער איד און זיין תורה, זיינען פאַראייניקט אין עפעס אַזאַ מעכטיקער ליבשאַפט דורך די דורות, און פאַרקניפּט מיט טויזנט קנופּן צו דער אייביקייט...

## דעם קלאָונס מאַסקעס

אַ, דאָס שטויביק־לויטערע גאָלד פון די אָקטאָבערדיקע טעג! די מחנות משוגענע בלעטער לויפן נאָך, דורכן יאָמערנדיקן ווינט געטריבענע און געשלאָגענע, נאָך דעם איינזאַמען און הונגעריקן קלאָון און זיין טונקעלן, גראָטעסקן שאָטן אין דער נאַכט פון דער העלער און גאָלדענער לבנה, וואָס טריפט מיט זשאַווער און מיט אַלטן וויין. די בלעטער זיינען זיינע נערוועזע מאַסקעס, וואָס וואַיען אויס, ווי איינזאַמע הינט, אין דער פוסטער וועלט זייער קראַנק געוויין. די דאָזיקע רויטע מאַסקעס שטעלן פאָר זיינע יוגנטלעכע טעג, ווען ער האָט הויך געהאַלטן דעם גאָלדענעם בעכער מיט וויין, און אויף דער קני איז ביי אים געזעסן די רייצנדיקע סאַסקאַ, ווי אין דער מאָלעריי פון דעם יונגן פרינץ רעמבראַנדט. די מאַסקעס שטעלן

איך פאַר זײַנע מיטעלע יאָרן; און דערנאָך, ביים סאַמע סוף פון זײַן לעבן, זײַן טראַגישער עלטער, ווען ער בענקט שוין אַזאַ מידער אין די גלידער צו דער גרויסער מאַמע־ערד, און ווען זײַן פאַרפלעקט און אָפּגעפּאַרבט פּנים מיט גאָלד און סאַזשעס קען שוין קיינעם נישט מאַכן צום לאַכן, נייערט צום וויינען און צום יאָמערן ביטער...

## מיטן סקולפּטאָר אין דעם אונטערערד

איך געדענק מײַנע אָפטע נסיעות מיטן סקולפּטאָר הענעך גליצענשטיין אין דעם ניו־יאָרקישן אונטערגרונט־באַן. אין יעדן איינציקן בעגערישן און פּאַרטאַריקאַנישן פּנים האָט ער געזען אַ פּאַרטיקע בראָנדזענע אָדער גראַניטענע סקולפּטור, וואָס גאָט אַליין האָט אויסגעהאַקט אין מיטן נאַכט צווישן די בערג און סקאַלעס. פון איינעם אַ מיידלס טונקל־הויטיקן גע־זיכט האָט צו אים אויפגעלויכטן, ווי אַן אַנטפּלעקונג, דאָס אויסגעהאַ־מערטע פּנים פון אַ רוֹאיקער, גליקזעלישער און גאָלדיק־שמייכלענדיקער בודאַ־מאַסקע, וואָס איז פּאַרזונקען אין נירוואַנאַ־טראַכטעניש. מענטשלעכע פּרצופים און כאַראַקטערן זײַנען צום גאָט־געבענטשטן קינסטלער געווען אָפענע און אַנטפּלעקטע, ווי די בלעטער פון אַ ספר, אָנגעצונדענע מיט שיינקייט, מיט קאָנפליקט און העלדישקייט. ער האָט געקענט לייענען די לעבנס און גורלות ווי אַ חכם לייענט די אילומינירטע אותיות פון אַ טיפזיניקן און געהיימנישפולן מאַנוסקריפּט. ער האָט כמעט קיין מאָל נישט געמאַכט קיין טעות ביים באַשיידן, פּותר חלום זײַן און אויסטייטשן די רעטענישן פון די מענטשן. מער פון אַלע זאַכן אין דער וועלט האָט אים אינטריגירט דאָס לעבן, די דראַמע, די יסורים און דער גייסטיקער געראַנגל פון עם איינצלנעם מענטש...

## איך דערפיל דעם לעצטן סך־הכל

עס איז די צייט פון פאַרנאַכט. די ריזיקע זון, ווי אַ קעסל פול מיט פייער, זעצט זיך אויף אַ הינטערגרונט פון בלוטיקע לאַנדשאַפטן. איך גיי פאַרביי דאָס שטיקל פייכטע און פינצטערע ערד אין צענטראַל־פּאַרק, וועלכן די בוימער־צווייגן באַשיצן און פאַרשטעלן פאַר דער זון. איך שטעל זיך דאָ אָפּ אַ ווײַלע, געטריי צום פּלאַנעט, ווי איך וואָלט וועלן זאָגן אַ תפילה צום צופאַלנדיקן אָונט. די טונקלקייט פון דער ערד קילט מיך אָפּ פון עם פיבער. פּלוצלינג דערפיל איך דאָס לעצטע פילן פון טויט, דאָס זײַן אַ פּרינץ־מת אין דער טיפער און הייליקער מאַמע־ערד, ווי איך וואָלט געוואָרן צוריק אַן עמבריאָן אין מײַן מוטערס בויך. איך פיל ווי עס פאַרצערן מיך ממש טאָגען און מיילן מיט שוואַרצע ערד. די דאָרשטיקע טייכן, די אוראַלטע וועלדער, די נידעריקע וואַלקנס; זיי אַלע טרינקען מיך אויס און געניסן מײַן בלוט. עס דערגרייכן צו מײַן געביין די וואָרצלען פון די ביימער. די נאַטור נעמט מיך ביסלעכווייז צוריק פון דער וועלט

אין אירע טונקעלע איינגעווײדן אַריין. מאַסנהענט פֿאַרזאַמלען אַלע מיינע מאַרכן און עלעמענטן. איך קער זיך צוריק אום צו דער אייביקייט. איך ווער צוריקגענומען צום באַשעפֿער, וואָס האָט מיך אַמאָל, אין איינער אַ רעגנדיקער נאַכט, אויסגעקנאָטן פֿון בלוט־רויטער ליים און שוואַרצער ערד מיט זיינע אייגענע געוואַלטיקע הענט. ער דערקענט מיך ווי אַ קעניג זיין פֿאַרבלאָנדזשעטן פּרינץ. ער האַלדזט מיך ווי אַ טאַטע האַלדזט און אומאַרעמט זיין געליבטן קינד. איך בין שוין אַצינד קליינטשיק ווי אַ פֿויגל. איך דערקען שוין נישט מיינע אייגענע גרוי־געוואָרענע פֿעדערן. איך ווער איינגעשרומפּן ווי אַ שטערן אין דער טיפֿער פֿינצטערניש פֿון דער אורנאַכט... שוין טראָגט מיך גאָט אַליין אין זיין פֿויסט ווי אַ שמע־טערלינג, ווי אַ זעמדעלע, ווי אַ שטויבעלע — קליין...

## דו האָסט אַמאָל געחלומט

דו האָסט אַמאָל געחלומט פֿון כּבֿוד און רום. איצט ווילסטו אַפֿילו נישט דערקענט ווערן צווישן טויזנטער מענטשן. דו באַהאַלטסט אויס דיין פּנים פֿונעם המון ווי אַ הענקער, וואָס האָט מורא צו באַגעגענען ביינאַכט די נשמה פֿון זיין געהענקטן קרבן. דיין וועג אין לעבן, בעטסטו ביי דעם וואָס לעבט אייביק, זאָל דווקא זיין דער סאַמע שטילסטער און נישט־באַמערקטער דורך קיין שום איפּערזיכטיקן אויג. זאָל קיין מכלומרשטער פֿריינט אין מיטן נאַכט חלילה נישט דערקענען די געזאַלצענע טרער, וואָס גלאַנצט ווי אַ ברילִיאַנט אין דיין ווײנענדיקן אויג. מחמת דו שעמסט זיך פֿאַר די מענטשן מיט דיין איינזאַמקייט פֿון אַ שטיין אין פֿעלד, מיט דיין טרויער פֿון אַ סטראַשידלע, וועמענס הילצערנע גלידער עס שמייסט דער ווינט בייטאָג און עס שלאָגט ביז בלוט דער שטורעם אין מיטן דער נאַכט...

## דער מלאך המות

די צייכענונג פֿונעם מלאך המות מיט דער בלאַנקער קאָסע פֿון געפּוצטן שטאָל אין זיין דאַרער און ביינערדיקער האַנט, וואָס ווערט שוין זינט יאָרהונדערטער לאַנג געוויזן, אַוודאי נאָך פֿונעם אומהיימלעכן מיטל־אַלטער אָן, איז ווייזט אויס אַ ריכטיקע. דער נאַקעטער סקעלעט פֿונעם מוראדיקן מלאך פֿאַרמאָגט גאָרנישט צו געבן דער מענטשהייט. ער איז לויטער ביינער און קנאָכן, פּונקט ווי הונגעריקע הולטייעס וואָלטן אים געהאַט אָרומגעגריזשעט אויף אַ באַנקעט אין אַ פּאַלאַץ פֿון הורן און ליידיקגייערס. אָבער ער שפּאַנט מיט אַ נישט־דאָאיקן אימפּעט איבער די דעכער פֿון לענדער, שטעט, הייזער, פּאַלאַצן און קרעטשמעס. ער וועקט אויף די שיכורים אין די ווינקעלערן און די סאָוועס אין די בוידעמער און קעלערן. ער זייעט טויט און פֿאַרוויסטעניש איבער וועלדער, גערטנער, און שלאַכטפֿעלדער, וואָס שטינקען פֿון דעם בלוט פֿון די מתים. ער

קאַסעט אויס אומברחמנותדיק די וויבער מיט פּאַרטרוקנטע בריסטן, די מאַגצלייט, וועמענס העלדזער זיינען פאַרצויגן מיט גאַלגנשטריק, די זקנים וואָס קייען פון הונגער דעם שניי פון הימל, די קינדער וואָס חלומען פולע בריסטן מיט מילך פון די מאַמעס. ער שפּייט אויס מיט פייער די כאָלערע, די „דזשומע", די „הישפּאַנקע". ער שפּייט אַריין גיפט אין די כוסות מיט ווייַן אויף די טישן פון די קרעטשמעס און ווייַנקעלערן. ער נעמט צו הילף פּאָר זיין טויטלעכער מלאכה די מאָסן באַצילן, מיקראָבן, שפּינען פון די זומפּן, בלוטזויגנדיקע פליגן פון די דזשאָנגלען און דעכער פון טורמעס און היילן. אין אונדזערע צייטן נעמט ער צו הילף די וויסנשאַפטלער, די כעמיקער, די ביאָלאָגן, די גענעראָלן, די פאַלשע שופטים, די איבערגע־קויפטע עדות, די געגנסטער־אַדוואָקאַטן, די הענקער מיט זייערע ווייסע הענטשקעס אויף די שפּיציקע פינגער מיט נעגל ווי טשוועקעס און שטילעטן. ער האַקט בסדר מיט דער פויערישער קאָסע איבער די גרוי־האַריקע קעפּ פון די אַרעסטאַנטן און אויף די זילבער־נאַקעטע שאַרבנס פון די באַגראַבערס — זיינע געטרייע קנעכט. באַלד וועט ער נוצן איבער די קעפּ פון דער פאַרשאָלטענער מענטשהייט פליענדיקע שיפן מיט אַטאָם־באָמבעס פון פּלאַנעט מאַרס...

## גאָטס באַלוינונג צו איובן

וווען מען לייענט אין די שפּעטע שעהען פון דער נאַכט, אָדער גאָר זייער פרי אין באַגינען, ווען די רונדע לבנה געזעגנט זיך שוין כמעט, קושנדיק דעם ראַנד פון דער ערד, און אַראָפּשטייגנדיק צו אַן אַנדערן קאָנטינענט — דעם סוף פון דעם גראַנדיעזן ספר איוב, פאַרדריסט עס אַביסל דעם לייענער, וואָס דער געוואַלטיקער מחבר פּרואווט מכלומרשט אויף אַ גאַנץ נאַאיוון און לעכערלעכן שטייגער „אָפּצוצאָלן", אָדער צו באַלוינען, אין נאָמען פון רבונו של עולם, צו דעם מוראדיק געליטענעם איובן פאַר אַזוי פיל מענטשלעכע ליידן און יסורים, חרפּות און בושות, קרעכצן און אויסגעשרייען, אומגליקן און טראַגעדיעס, מיט אַ ביסל מאַטעריעלע גיטער און ממשותדיקע באַלוינונגען. וואָרום וואָס פאַר אַ ווערט, צום ביישפּיל, האָבן שוין די פערצן טויזנט שאָף; די זעקס טויזנט קעמלען; די איין טויזנט אייזעלינס; די צען הונדערט קרעפּטיקע אָקסן; אַפילו איובס זיבן שלאַנקע זין, און די דריי פּרעכטיקע טעכטער, ווען זיי זאָלן שוין אַפילו געוועזן זיין צווישן די סאַמע שענסטע קראַסאַוויצעס אויף דער גאַנצער ערד, וואָס אין דעם גאַרן לאַנד עוץ האָט מען נישט געקענט געפינען אַזעלכע רייצנדיקע ווייבס־פאַרשוינטעס, ווי איובס טעכטער?!...

וואָס איז דאָס אַלץ, מישטיינס געזאָגט, פרעגט דער לייענער אין דער טיפער שטילקייט פון דער נאַכט, פאַר אַ סאָרט מכלומרשטער „אָפּ־

צאָלונג פון גאָט״, צו אַזאַ מאַן ווי איוב, וועלכן גאָט, צוליב זיין שוין גאָרנישט אַזוי שטאַרק סימפּאַטישן געוועט מיטן שטן, האָט אַזוי ביטער און ממש אוממענטשלעך, און אַוודאי אומגעטלעך, אויסגעפּרואווט מיט כלערליי ווייטיקן און אומגליקן, איבער זיין לייב און זיין נשמה, וואָס נאָר אַזאַ קאַלאָסאַלער מחבר פון דעם ספר איוב, וועמענס אויסערגעוויינ־לעכער ליטעראַרישער טאַלאַנט שטייגט אפשר איבער מיט דער דונערנ־דיקער קראַפט פון זיין פייערדיקן און באַרגיק־ריזיקן וואָרט, אַ הונדערט דאַנטעס, מילטאָנס און שעקספּירס, האָט געקענט אָנשרייבן און שילדערן מיט אַן אייזערנער פעדער, ווי איבער פעלדזיקע טאָוולען געשריבן, אויף יאָרטויזנטער לאַנג, ווי אויסגעקריצט טאַקע אויף דער שטאָלענער וואַנט פון דער אייביקייט, וואָס אַפילו די געניאַלסטע ווערק פון די סאַמע גרעסטע גאונים זיינען נישט מער ווי אַ נישטיקער קריץ מיט אַ שפּיציק־שאַרפן נאָגל אויף דעם לייב פון אַ קיזלשטיין?!...

עס דאַכט זיך מיר, אַז עס איז פּשוט אַ סאָרט חוזק. דאָס מעכטיקסטע ספר אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור, וועמענס יעדע איינציקע וואָרט איז ווי אַ שטיק הייסער גראַניט; און וועמענס יעדע איינציקע שורה איז ווי אַ מעשה בראשיתדיקע לאַנדשאַפט; דאָס דאָזיקע ספר, זאָג איך, פאַר־ענדיקט זיך שיעור נישט אויף אַ לעכערלעכן אופן, און ממש אויף אַ באַ־ליידיקנדיקן שטייגער אויפן אַדרעס פון דער מענטשלעכער אינטעליגענץ. מיר דאַכט זיך, אַז געטעס „פאַאוסט״ פאַרענדיקט זיך אַ סך אינהאַלטס־רייכער ווי דאָס געוואַלטיקע ספר איוב, וואָס איז אַגב, אַלס קינסטלעריש ווערק, איין ריזיקער באַרג מיט גאָלד...

## דער אמת איז נישט ביי גאָט

לויטן קאָצקער אַריסטאָקראַטישן און אומהיימלעכן צדיק, און לויט דעם דענישן פילאָזאָף קירקעגאַרד, איז דער אמת ביי גאָט, בשעת דער היפּאָקריטישער ליגנט איז ביים מענטש, אין זיין ברענענדיקן עגאָאיזם, אין זיין נטיה אָנצוזאַמלען רייכטימער, וועלכע ער קען סיי ווי נישט מיטנעמען מיט זיך אויף „יענער וועלט״. „דער גרעסטער שונא פון מענטש איז דער הייליקער עגאָאיזם״. ווי קען מען אָבער באַקעמפן און אויסראָטן אָט דעם מסוכנדיקן שונא; די קללהדיקע סיבה פון אַל דאָס בייז? אין דער חסידישער טערמינאָלאָגיע פון קאָצק, ווי דער געוואַלטיקער איד העשל באַטאַנט, איז דער איינציקער ווירקנדיקער כלי־זין, דער פּחד, דער שאָק, די גוואַלד. „מען מוז אָנוואַרפן אַ מורא, אַרויסרופן אַן עקל צו פאַלשקייט״. אויך פאַר גירגערגאַרדן איז דער ריינער אמת דאָס, וואָס עס איז אמת פאַר גאָט. דער מענטש איז שקר און שיכרות, בשעת גאָט איז דער העכסטער אמת. די קאָנסעקווענץ דערפון איז, אַז עס באַשטייט אַ מחיצה, ממש אַ תהום, צווישן מענטש און גאָט. ביידע מיסטישע דענקערס האָבן

געזען די אינערלעכע טראַגישע געשפּאַנטקייט, וואָס עקסיסטירט אינעם לעבן פונעם יחיד, און זי האָבן אים געוואָלט לייטערן און געבן אַ תיקון. נאָר די ריינע קוואַליקע אמונה, אַן פּניעות און נגיעות, איז בכוח גובר צו זיין דעם קריזיס אינעם לעבן, מיט זיין עגאָצענטרישקייט און דעם קנויל פון סתירות". (ד"ר יעקב מייטליס: „קאָצקער חסידות", אויפן ראַנד פון י. העשלס „קאָצק".)

איך דענק פאַרקערט: אַז דער אמת איזביים מענטש און דער ליגנט איז ביי גאָט, זאָל ער מיר מוחל זיין מיינע געוואָגטע און חוצפּהדיקע רייד. גאָט פאַרמאָגט געוואַלטיקע כוחות צו זיין אמתדיק און הונגעריק נאָך יושר, ווייל ער פאַרמאָגט נישט קיין מענטשלעכן מאָגן, וועמענס געדערים אין זיין בויך, ווי די גיפטיקע שלאַנגען, מאָגען נישט ביי אים די דריי מאָלצייטן דורכן טאָג, אָדער גיפטיקע געטראַנקען אין מיטן נאַכט. דער פאַרפאָלגטער און פאַרשאָלטענער מענטש אדם האָט חשק צו שלאָפן מיט יעדער יונגער און רייצנדיקער פרוי, וואָס ער באַגעגנט מיט זיינע גיריקע אויגן אין דעם שטאָטישן דזשאַנגל. דער „אמת" איז ביי אים, אין זיין בלוט, אין זיין באַגערנדיקן פלייש, אַפילו ווען ער שענדט זיין קרבן, ווען זי גייט אַרום כמעט נאַקעט, אָדער ווען זי צירט זיך פרעך און ראַפינירט אין זיידנס אָדער אין גאָלד, און רייצט אים אומברחמנותדיק מיט איר סאַטאַנישער קראַפט. דער אמת איז בשום אופן נישט ביי גאָט, וואָס איז געשלעכטלאָז, און וואָס באַדאַרף נישט באַזיצן קיין שום גאָלד און קיין לוסט־און־לוקסוס. דער מין מענטש קען פּשוט נישט אַהיימפאָרן שפּעט ביינאַכט מיטן שטינקנדיקן און שטיקנדיקן סאַבוויי, אָן אַ קוואָדער אין קעשענע, וואו עס זיצן ברייט אויסגעזעצט דאָס ווייבערטום פון אַלע ראַסן פונעם פּלאַנעט, מיט צעשפּרייטע פיס, מיט נאַקעטע אָרעמס, און מיט אָפענע בוזעמס מיט פולע בריסטן, און זיי פאַרלייגן זיך אינסטינקטיוו אים מערדערלעך און משוגענערהייט צו רייצן ווי חיות רייצן אַן אַנדערע לוסט־הונגעריקע חיה. גאָט האָט אינעם אָרעמען מענטשנס זינדיקן בלוט געעפנט אַ מיליאָן פייערדיקע אַפּעטיטן, באַגערן, לוסטן און באַדערפענישן, וועלכע ער צווינגט אים, דעם אָראַנג־אוטאַנגישן מענטש־און־גאָרילע, צו דערפילן און צו זעטיקן, טראָץ זיין גהינומדיקן כאַראַקטער און שוואַכן, ממש נישטיקן ווידערשטאַנד־כוח און קנאַפער מאָראַל־מעגלעכקייט. דער מין מענטש איז אַ טראַגישער און גראַנדיעזער מערדער־קאָלאָס, ווי גאָיאַ צייכנט אים אויפן הינטערגרונט פונעם כאָאָס און נאַכטישער לאַנדשאַפט. אַ פאַרשאָלטענער אדם־פאַרברעכער; אַ מאַרטירער פון זיינע ווייטיקן, וואונדן, זינדיקייטן און אינערלעכע חרפּות און פאַרשעמונגען. ער טוט אַלץ אָפּ אַ געצוואָונגענער פון טויזנט פייערדיקע שדים געטריבן און פאַרמשפּט אין זיין גיפטיקן בלוט. דערנאָך קומט דאָס מכלומרשטע געזעץ און עס משפּט אָן אומשולדיקן און וואַנזיניקן מאָנסטער, וועמענס שוידערלעכע

באַגערן מאַכן זיין כאַראַקטער שוואַך ווי ביי אַ קינד, אָדער ווי ביי אַן אומשולדיקן וואַלגענעם לעמעלע. נישט די מענטשענטשנחיה איז שולדיק, נייערט גאָט אַליין, וואָס האָט אים איבערהויפט באַשאַפן, און האָט אים געפּרואווט פירן אין סינאַגאָג, אין דער קירכע, אין דער פּאַגאָדע, אין קלויסטער און אין זונה־הויז. ריכטיק שרייבט באַדלער וועגן דעם מהות פונעם מין מענטש:

„פון שטות, קמצנות, טעות, זינד מכל המינים ווערט אונדזער גייסט באַהערשט און אונדזער גוף פאַרצערט. מיר קאַרמען רק באַדויערס פרומע, ווי עס נערט אַ בעטלער מיט זיין גוף ער גופא זיינע כינים". (איבערגע־זעצט אין אידיש: פון מ. ליטווין.)

## אין אַ פריען באַגינען

אין אַ גאַר פריען באַגינען, ווען די וואָלקנס האָבן אויסגעזען צו זיין טונקל־צעמישטע, האָב איך געזען אפשר זיבעציק באַזונדערע פּאַזן פון מיין לעבן, אין געשטאַלטן פון ייִנגערע און עלטערע אידן, אַזש ביז צו דער זקנה, מיטן אויבערשטנס הילף. אין זיי האָב איך דערקענט מיין „איך" צו פאַרשידענע צייטן. זיי האָבן צו מיר גערעדט:

— דו האָסט אונדז אַלע ביסלעכווייז אַריינגענומען אין זיך, ווי דער ים נעמט אַריין אין זיינע תהומות די צייטווייליק־אויפגעטורמטע כוואַליעס; ווי אַ פּאַרצייטישע שטאָט נעמט אַריין אין איר עקזיסטענץ די ווענט און די דעכער פון אירע הייזער, מויערן און פּאַלאַצן. דו האָסט אונדז אַלע איינציקווייז איינגעשלונגען: דאָס צאַרטע קינד, וואָס זויגט נאָך ביי דער מוטערס פּערלדיקער ברוסט; דאָס ייִנגל, וואָס שפּילט זיך איבערן וועג מיט דער רייף, ווי טרייבנדיק מיט זיינע דינע פינגערלעך די אונטערגייי־ענדיקע זון; דעם יוגנטלעכן מאַן, דעם מיטליאַריקן איד, דעם שוין עלטערן און רייפן מענטש. מיר האָבן זיך קיין מאָל נישט געווערט קעגן דיר. מיר זיינען פרייוויליק אַלע אַריינגעגאַנגען אין דיין עקזיסטענץ. מיר האָבן דיך געטריי געלעבט דורך די מערסטע פּראָצעסן און געשעענישן אין דיין לעבן. באַלד וועסטו שוין אפשר דערגרייכן די אויסגעבענקטע זקנה אויך, אויב גאָט און דער גורל וועלן דיך פריינטלעך באַשערן מיט צייט און יאָרן. דיינע האָר ווערן שוין ווייס ווי שניי. דו וועסט אונדז באַלד איינציקווייז פאַרלירן. מיר זיינען ביסלעכווייז געוואָרן אויפגעלייזט אין דיר, אין דיין וואַקסנדיקן געשטאַלט און נפש. מיר האָבן אין די פאַרשידענע קרעטשמעס אויף די וועגן געטרונקען דיינע כוסות מיט וויין, געקושט און געטאַנצט מיט דיינע פרויען, געפּרואווט טראָגן דיין שווערע קרוין פון גאָלד, געגאַנגען אויף אַלע דיינע שטרויכלענדיקע וועגן. ענדלעך האָבן מיר אַצינד דערגרייכט די שעה פון דעם לעצטן פאַרטראַכטן זיך. מיר האָבן זיך איצט אומגעקערט, ווי דאָס טראַכטנדיקע און געדענ־

קענדיקע ווייב פון לוט, אויף דער אַנגעצונדענער שטאָט אין קלייד פון שקיעה, אויף יענע זשאַרנדיקע מויערן, צווישן וועלכע עס איז אַמאָל היימלעך געשטאַנען דיין הילצערן וויגעלע...

## גאָט איז מוראדיק אומדאַנקבאַר

גאָט איז מוראדיק אומדאַנקבאַר צו די שטערבלעכע מענטשן. זיין מכלומרשטדיקע באַלוינונג צו די העלדן, וועמענס ברייטע שטערנס זיינען פאַרבלוטיקט פון די שאַרפע שווערד־געפעכטן מיטן ברוטאַלן שונא, זיינען קרויגען פון די שטעכעדיקע דערנער; זיינען שטיקבדיקע גאַלגנס און אייזערנע קנופּן פון תליות אויף זייערע אָטעמלאָזע גאָרגלען און העלדזער. פאַר די שאַפונגען פון די אַנגעצונדענע גאונים; פאַר די מעכטיקע און מענטשלעכע ווערק פון זייערע נשמות, שענקט ער מכלומרשט דעם לייט־זעליקן, און אָפטמאָל פון שרעקלעכע יסורים אויסלייזנדיקן טויט. די ווערעם עסן אויף צום סוף דעם געניאַלן געהירן־סיסטעם פון איינשטיין, ווי ראָבן וואָלטן אויספּיקן דאָס ברענענדיקע האַרץ פון דער זון. די געניאַלע הענט פונעם שעפערישן מייסטער־סקולפּטאָר אויגוסט ראָדען, וואָס האָבן אויסגעהאַקט פון גראַניטענע שטיקער ווייבלעכע פיגורן פון צויבערהאַפטער שיינקייט, אין די סאַמע אידלסטע פאָרמען, ווערן פאַר־פוילט אין דער ערד ווי גיפטיקע שלאַנגען. פון דעם הייליקן און מאַר־טירערישן גוף פון דעם דיכטער דזשאָן קיטס, וועמענס פּאָעטישע שלימות ביי אַזאַ יונגן עלטער עס איז אַבסאָלוט נישט צו באַגרייפן; אָדער פון אונדזער אייגענעם פרינצלעכן ליד־מייסטער לייבניידוס, ווערט מיט דער צייט אַ הויפן פון אַש־און־שטויב, אין וועלכע ווערעם און שפּינען ראַיען זיך. (אָבער אויף זייערע קברים שפּראָצן אַרויס מיט עקשנות, און צו להכעיס דער ציינישער געטלעכקייט, פלאַם־רויטע רויזן, וואָס ווערן געקושט מיט ליבע דורך מלאכימדיקע ליפּן און פאַרליבט־רייצנדיקע פרויען.) גאָט באַלוינט זיינע הייליקע זשעניען מיט קאָשמאַרן, מיט גרוילן, און אָפטמאָל אויך מיט תליות און עשאַפאָטן, ווי פאַר פראַנסואַ וויליאָן און אַנדריי שעניע. גאָט שענקט די שטערנגעקרוינטע גיבורים פון גייסט ביטערע יסורים, איוב־קרעץ און קראַנקהייטן; מיט אַ לאַנגער גסיסה און מיט ענדלעכן טויט באַלוינט ער די געטלעכע קינדער, די קדושים, די גאונים מיט פלאַמיקע פאַנטאַזיעס, וואָס באַשאַפן ממש פון גאָרנישט — גאָלד־גע־מייסטערטע שאַפונגען...

## די אידישע מאָסקיטאָ

אַ אידישער שיכור אין שטעטל איז געווייגלעך געווען אַ זעלטנקייט. סיידן אין שמחת תורה אָדער פורים, ווען עס איז ביי אידן אַפילו אַ מצווה צו ווערן אַ קאַפּעטשקע בגילופין; צו יום־טובן מיט גאָטס הייליקער תורה און צו קושן איר סאַמעטענעם פּרוכת מיט ציטערנדיקע ליפּן, ווי מען

קושט פאַרליבטערהייט אַ צאַרטע פרוי, אָדער אַ צניעותדיקע כלה אין אַ זיידענעם קלייד; אָדער זיך צו פרייען מיט המנס מפּלה און צו גרעגערן אין בית המדרש...

איך געדענק ווי שושן פורים ביינאַכט האָט פאַרבלאָנדזשעט אין שטעטל עפּעס אַ פרעמדער איד, וואָס האָט זיך אַוודאי געהאַט אָנגעשי־כורט ביי דער יום־טובדיקער סעודה, באַזוכנדיק זיינע קרובים אָדער פריינט. ביים דאָזיקן איד האָט זיך פריי אויפגעבונדן די צונג. ער האָט גערעדט סענטימענטאַלע און פּאָעטישע רייד פון שיר השירים. מיר איז דווקא געפעלן דער מאָדנער און איינזאַמער מענטש, וואָס שטייט אַזאַ וואַקלענדיקער ווי אין וואַסער, און אַן אָפּגעקאַלכטער אין אָפּשיין פון דער לבנה. חברה קליינשטעטלדיקע לאַבוזעס און לצים האָבן אים אַרומגערינגלט און אָפּגעחוזקט פון אים. זיי האָבן ענדלעך געפּאַקט אַ „קרבן", נאָכדעם ווי דער שטענדיקער „משוגענער לייבוש" איז עפּעס לעצטנס געהאַט פאַרשוואונדן געוואָרן...

געוויינלעך האָט דאָס אַלטמאָדישע שטעטל באַטראַכט יעדער ברוך אין טראַדיציע, אין קאָנווענציע, ווי אַ סימן פון מרידה, צי גאָר פון משוגעת. אידן האָבן געמוזט זיין אָפּגעהיטן צוליב מלכות, און אַוודאי אויך צוליב אייגענער עקזיסטענץ און גאַנצקייט אין אַ שנאהדיקער און גויאישער וועלט. פונדעסטוועגן האָבן זיך תמיד אַרויסגעריסן שעפערישע און רעוואָלוציאָנערע כוחות פונעם „אָפּגעשטאַנענעם" געטאָ, אין וועלכן עס זיינען געווען פאַרבאָרגן מעכטיקע פּאָטענצן, קולטור און גייסט. די קלאַסישע אידישע ליטעראַטור, ווי מען ווייסט שוין פון לאַנג, איז פאַקטיש די באַשרייבונג פון די דאָזיקע העלדן און כאַראַקטערן. די מאַרק שאַגאַלס, מאַנע קאַצס און חיים סוטינס, האָבן געעפנט בייע ווייטאָס אין דער מאָדערנער איראָפּעאישער מאַלעריי. נאָך פריער האָבן אַנדערע אידישע קינסטלער־גאונים, ווי שמואל הירשענבערג און הענעך גליצענשטיין, אי־בערראַשט די אַקאַדעמישע קונסט־שולן פון מינכען, רוים, לאָנדאָן און פּאַריז. ישראל זאַנגוויל האָט דורך זיין באַרימטן ווערק „די טרוימערס פון דער געטאָ" אַריינגעבראַכט אין דער וועלט־ליטעראַטור אונדזערע ברוך שפּינאָזאַס, אוריאל אַקאָסטאַס און היינריך היינעס, וואָס זיינען שוין פריער געווען זיילן אין דער וועלט־שאַפונג...

איז, זיך אומקערנדיק צום היימישן שטעטל: אונדזער פאַראומערטער און געשלאָגענער איד האָט בעמלעך פאַרמאָגט אַ רייכע פאַנטאַזיע און אַן אוצר מיט לשון און פאָלקלאָר. אויך האָט ער גערעדט וועגן ליבע. היינ־טיקע צייטן, אין דעם ליכט פון זיגמונד פרוידס טעאָריעס, וואָלט מען אַזאַ מין רעדעכץ, אָדער פלוידעריי, אָנגערופן אַ סאָרט דערשטיקטע „ליבידאָ סעקסואַליס". דער איד האָט אַוודאי אין זיין אייגענעם שטעטל, פון וואַנען ער איז געקומען, געשמאַכט און געשוויגן מיט פאַרחתמעטע

ליפן אַ גאַנץ יאָר צייט. ער איז געלעגן, ווי דאָס פאָלק זאָגט, ניין איילן טיף אין דער ערד, ביי אַ ווייב אַ מרשעת, אַ וויסטע קסאַנטיפּע, אָדער אַ „ברײַנדעלע קאָזאַק". ער האָט אַוודאי אויך געהאַט פאַר אַ צולאָג, אַ פאַרביטערטע שוויגער. זיינס אַ קינד איז אפשר געבוירן געוואָרן מיט אַ מום. די ביטערע אָרעמקייט האָט געגריזשעט זיינע ביינער. דאָ, ביי אונדז, אין דעם פרעמדן שטעטל, האָט ער אויף אַ מאָמענט זיך דערפילט אַ באַפרייטער פונעם שווערן יאָך, פון זיינע דאגות פרנסה. עס האָט דעריבער פון אים אַרויסגערעדט ממש אַ וועלט מיט באַגערן און פאַרדראָסן; מיט חלומות און פאָרשטעלונגען. חברה לצים האָבן נאָך דערצו אים פּראָוואָצירט מיט חוזקדיקע שאלות. דער דאָזיקער איד, ווער ווייסט, איז אפשר פּאָטענציעל געווען אַ טאַלאַנטפולער שרייבער, וואָס איז קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געקומען צום אויסדרוק, אַזוי ווי מיין איגענער טאַטע, צי ווי אַ סך אַנדערע טאַטעס, וועמען די אָרעמע לעבנס־באַדינגונגען האָבן אָפּגעמעקט זייערע אויסדרוקספולע און עקשנותדיקע פּנימער, ווי פון טיפּזיניקע פילאָסאָפן, און האָבן אויך צעבראָכן זייערע נעז און שאַרפע קינבאַקן, ווי ביי וועלף...

איינער, אַ שיכורער איד אַזאַ, אין אַ לבנהדיק־צעלויכטענער נאַכט, איז געבליבן שטיין אין מיין זכרון אַזאַ שלום־עליכמדיקער „באַזעסענער". דורך צייטן און געשעענישן איז זיין פאַרגרינט און סאַטיריש פּנים, מיט צוויי לויטערע אויגן ווי סאַפּירן, און מיט אַ צונג וואָס האָט געטריפט מיט שפּריכוואָרט און פאָלקס־חכמה, פאַר מיר נישט אָפּגעמעקט געוואָרן. איך פאַרשרייב אים מיט סענטימענט און נאָסטאַלגיע אין מיינע זכרונות פונעם שטעטל. איינער אַ איד פונעם שטעטלע ריקע, יונעווצע צי פון אָפּאָלע, האָט זיך באַהאַלטן אינעם פיבערישן מוח פון אַ אידישן פּענמענטש אַזוי ווי אַ לעצטע און איינזאַמע מאָסקיטאָ, און זי פּיקט אַזוי אומעטיק אין זכרון, און אין האַרצן, שוין זינט אַזוי פיל יאָרן...

## די הונגעריקע כלה

ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינטשיק ייִנגל, פלעגט טרעפן אַז ווען איך פלעג פאַרלירן בשעתן עסן אַ כזית ברויט אָדער אַ שטיקל קעז, צי אַן אָרעם שטיקל רויט מייערל, פלעגט די מאַמע זאָגן:

— שיעלע, דיין כלה איז הונגעריק.

קינדער ווייסן נישט פון קיין חכמות. זיי נעמען אָן אַ זאָג, אַ שפּריכוואָרט אָדער פאָלקסווערטל אין בוכשטעבלעכן זינען. אמת, עס איז מיר געווען אַ וואונדער פאַרוואָס מיין צוקונפטיקע כלה איז כמעט שטענדיק הונגעריק. איך פלעג טראַכטן: אפשר איז נעבעך מיין שטילע, צאַרטע און שעמעוודיקע כלה אַן אָרעמע יתומה. אפשר שלאָגט די ביטערע שטיפמאַמע מיין אײדעלע כלה. זי גיט איר אַוודאי קיינמאָל נישט קיין

לייטיש לעפל עסן צו דער זעט. דערצו מוז זי אפשר טאָג און נאַכט שווער האָרעווען און גיין גענג פּאַר דער בייזער שטיפמוטער. אַזאַ מאָדנער רחמנות פלעגט מיך באַהערשן צו מיין שטילער און אומבאַקאַנטער כלה. ווי אַ פּאַרצייטישער ריטער האָב איך שטילערהייט געבענקט נאָך איר און חשק געהאַט זי צו גיין זוכן אין די היימען, הייזער, טרינק־קעלערן אָדער ווינשענק פון דער גרויסער וועלט...

מיט דער צייט האָט זיך ביי מיר אין האַרצן אַנטוויקלט אַ רירנדיק געפיל צו מיין ווייטער, טרויעריקער כלה. אַזאַ נייגעריקער פלעג איך אָפט באַקוקן אין שטעטל די היימישע מיידלעך און קלערן: אפשר וועל איך אַמאָל פּאַרט דערקענען מיין קליינע פריינדין, מיין שטילע באַשערטע. אָפטמאָל פלעגט טרעפן, אַז איך פלעג באַגעגענען אין גאָרטן, צי אין זומערדיקן סאַד, אויף וועמענס פרומע בוימער עס זיינען געוואַקסן גאַטס שבתדיקע אויבסטן, אַ שטילע און אומעטיקע מיידל, וועמענס פּנימל, און די אַלגעמיינע שטריכן אירע, פלעגן ענלעך זיין צו דער אידעאַלער פאָרשטעלונג פון מיין צוקונפטיקער כלה. איך פלעג זיך דערנענטערן צו איר און זי פרעגן:

— דו ביסט אפשר הונגעריק, קינד?

— פאַרוואָס פרעגסטו דאָס? — פלעגט געוויינלעך דאָס איידעלע קינד פלוצלינג בלייבן שטיין אַזאַ איבערראַשטע און דערשראָקענע. אירע שיינע אויגן פלעגן אויפשטראַלן מיט וואונדער און שטוינונג.

— ווייל איך וויל וויסן צי דו וועסט אַמאָל זיין מיין כלה — פלעג איך איר אָפּנהאַרציק זאָגן, פון וואָס זי פלעגט רויט ווערן אויף ביידע בעקלעך פון איר ליכטיקן פּנימל.

אַמאָל פלעגט טרעפן אַז איך פלעג באַגעגענען אין שטעטל אַזאַ בלייך מיידעלע, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַ ביסל אַן אויסגעהונגערטע. איך פלעג צו איר צוגיין און שטילערהייט איינרוימען אַ סוד אין איר קליינעם אויער, וואָס האָט שוין געטראָגן אַ גילדערנעם אויערינגל אויפן צאַרטן לעפּל אירן:

— פּערעלע־קרוין, דו ביסט מיין צוקונפטיקע כלה. איך וויים עס אויף זיכער...

דאָס מיידעלע פלעגט זיך געוויינטלעך דערשרעקן. אויב זי איז נישט תיכף פון מיר אַנטלאָפן, און זי איז נאָך דערצו געווען אַ פריינטלעכע און מוטיקע, האָט זי מיר געענטפערט:

— וואָס פאַלט דיר איין! פונוואַנען ווייסטו דאָס?

— ווייל איך זע, אַז דו ביסט הונגעריק.

— עס איז אַ ליגן. דו ווייסט נישט וואָס דו פלוידערסט. איך האָב דאָך ערשט אָפּגעגעסן ביי דער מאַמעשי. — פלעגט זי זיך פרואוון אַנטקעגנשטעלן.

— אָבער איך זע אַז דו ביסט נאָך אַלץ שטאַרק הונגעריק. דו זאָגסט נישט דעם ריינעם אמת! — פלעג איך זיך ביי איר ממש בעטן און פּרוּוון אויף אַן אידעלן שטייגער איינצונעמען די זיך שוין וואַקלענ־דיקע פעסטונג מיינע...

אַט אַזוי פלעג איך תמיד אַרומזוכן מיין כלה צווישן די היימישע „הונגעריקע" מיידלעך אין שטעטל. אַזוי נאָך ביזן היינטיקן טאָג...

אַפילו איצט נאָך אַז איך דערזע פּלוצלינג ערגעץ־וואו אַן אַ ביסל בלייכע און פאַרמאַטערטע פרוי, ציטערט שטיל אויף מיין האַרץ: אָט איז מיין נאָבעלע כלה, מיין געטלעכער זיווג... און איך קוק טיף אַריין אין די אויגן פון דער צאַרטער און אומרואיקער פרוי... ביי מיר אין האַרצן, און אויף מיינע ליפּן, ציטערט שטיל אַ תפילה צו איר...

## צוויי פרויען ביים ים

איך האָב היינט געזען ביים ברעג פון ים בערנאַדעטן. איך האָב צופעליק באַמערקט, אַז אידער זי גייט אַריין זיך צו באָדן אין דעם שטראָמיקן וואַסער, צלמט זי זיך איבער עטלעכע מאָל. ווער ווייסט, טאָמער געשעט חלילה עפּעס אַן אומגליק, זאָל איר געטרייער גאָט, וואָס האָט אוודאי בלויז איר אַליין אין זינען און נישט קיין שום אַנדער באַשעפעניש אויף דער גאַנצער וועלט, זי באַשיצן. דאָס גאָלדענע צלמל ציטערט צווישן אירע פולע בריסטן, בשעת זי שניידט די כוואַליעס מיט אירע הענט און מיטן קאָפּ פאַראויס. אָבער צווישן די פינגער האָט זי לעצטנס געקראָגן אַ סאָרט אָנצינדונג, וואָס קומט, ווי עס גלויבן די דאָקטוירים, פון עפּעס אַ בלוט־אומריינקייט. „קאַרטיזאָן" העלפט איר נישט. קיין „פונגוס" זאָגט זי, איז עס אויך נישט. איך האָב אָנגעקוקט פון דער נאָענט איר לייב, אירע אָרעמס. זיי האָבן געהאַט אַ מין זשאַווער־קאָליר און זיינען געווען ווי צעפוילט. אָבי איך האָב געמיינט, שטענדיק אָבסערווירנדיק זי פון דער וויטנס, אַז זי איז נאָך אַ גאַנץ יונגע פרוי, מחמת איר קול איז אידל און ווי פון אַ צאַרטן שול־מיידל. בערנאַדעט קליידט זיך דווקא שיין און ציכטיק, מיט געשמאַק אויך. זי טראָגט צירגונג אויף איר לייב אַפילו דאָ, ביים ים. דעריבער, זאָגן די ווייבער, אַז זי איז עפּעס אַ מעטרעסע פון אַ פינאַנציר, פון אַן אויל־מאַגנאַט, צי פון אַ האָליוואוד־דירעקטאָר. אַנדערע אידענעס זאָגן, נאָכדעם ווי זיי האָבן זי שטודירט מיט זייער געניטן און ווייבערישן אויג, אַז זי איז אין דער אמתן אַ גאַנץ איינזאַמע, אָרעמע און עלטערע מויד, וואָס האָט צוליב עפּעס אַ סיבה פאַרטאָכלעוועט איר שיינקייט. שבת און זונטיק קומט זי געוויינלעך נישט צום ים־ברעג. טייטשן דאָס אויס די ווייבער, אַז זי פליט דעמאָלט אַרום מיט איר רייכן מאַן, טאָקע מיטן לעגענדאַרן אויל־מאַגנאַט, אין זייער פּריוואַטן עראָפּלאַן...

בערנאַדעט האַלט זיך אין איין שמירן דאָס שיינע פנים מיט פּאָמאַ־

דעס און מיט אוילן. אָבער וואָס איז די פּעולה? פּאַקטיש רייבט זי אָפּ די פרישקייט פון איר צאַרטער הויט; זי מאַכט זיך אָן לישייעס אויפן פּנים; זי פאַרעלטערט זיך פריציייטיק. אַפילו דאָס זילבערנע שפּיגעלע, אין וועלכן זי שפּיגלט זיך אַזוי אָפט, איז אַזאַ מין אָפּגעריבן און אָנטיטשנע שפּיגעלע, וואָס זי האָט געירשנט, ווי זי פאַרזיכערט, נאָך פון איר אײַרישער באָבען...

בערנאַדעט איז שטאַרק נערוועז. זי רעדט זייער גיך און אָן שום אָפּשטעל. זי האָט אויך נישט קיין איבעריקע צייט אויסצוהערן וואָס עס זאָגט דער אַנדערער צד. עס פעלט איר דאָס ביסעלע געמיט, דאָס געדולד. זי קושט זיך מערסטנס מיט עלטערע לייט. וואו עפּעס אַ טרייפענער גוי, מעג אַפילו זיין אַ בלאָטער יינגאַטש פון דער גאַס, אָדער גלאַט אַזוי אַן אַלטער „באָם", היידאַ, זי קושט זיך מיט אים. מען ליבט זיך שוין אויך. פון די אַלע קושן, דאַכט זיך, ווערט איר פּנים צעלעכערט, און איר גאַנץ לעבן ווערט אויך נישט לייכטער. זי קויפט זיך איין, מכלומרשט, לאַסקעס און צערטלעכקייטן פאַר שאָקאָלאַדע, פאַר „אייז־קריעם", און פאַר אייגן־אָפּגעבאַקענע קיכלעך, וואָס זי ברענגט מיט זיך און צעטיילט דאָ צווישן דעם ערב־רב. זי שפּילט טיילמאָל די ראָלע פון אַ היפּשער גבירטע, אַ שפּעטערדיקע, אַ רייכע מומע. אָבער אָפט עסט זי, ווען קיינער באַמערקט נישט, אַ שטיקל פאַרדאַרט ברויט מיטן זילבערנעם קאָפּ פון אַ הערינג. אַ טייל אידענעס זאָגן אַפילו, אַז זי איז אַן אַנטיסעמיטקע. אָבער זי רעדט דווקא צו די אידישע מענטשן מיט אַ מין צערטלעכקייט, וואָס לייקנט אָפּ דעם בילבול, אַז זי האָט פיינט אידן. זי איז אַ שטאָלצע אין איר כאַראַקטער. זי ווערט גיך ברוגז. זי באַליידיקט זיך אָפט אָן אַ ספּעציעלער סיבה, דאַכט זיך, אָבער זי בעט זיך גלייך איבער. זי ברענגט פרישע בלומען, אַנדערע מתּנות, און זי קושט זיך ווידער מיט די אידישע פּרויען ביים ברעג פון ים. מיר דאַכט זיך, אין סך־הכּל, אַז זי איז עפּעס אַ זייער אָרעמער פויגל אַזאַ, וואָס האָט שוין פאַרלוירן אַ סך שיינע פעדערן אין איר לעבנס־געשוועב. איך האָב אויך באַמערקט, אַז זי האָט זיך איין געציילטע חדשים פונעם היינטיקן זומער היפּש געעלטערט. עס איז לעצטנס פון איר אָפּגעטאָן געוואָרן דאָס פרישע גאָלד פון דער יוגנט. איך האָב געקראָגן עפּעס אַ טיף רחמנות אויף איר. זי קומט דווקא צווישן אידן, ווייל ביי אונדז קריגט זי אפשר מער סימפּאַטיע, מען האָט זי אַפילו ליב אויך. ערב יום־טוב קומט צו גיין איינע אַ ברייטע און פעטע אידישע פרוי און זי טיילט אויס ערשט־געבאַקענע קיכלעך, וואָס שמעקן טאַקע ווי מיין מאַמעס היימיש־געבאַקענע קיכלעך. די קיכלעך זיינען ווי נאָך וואַרעמע פונעם אויוון אַרויס. בערנאַדעט זאָגט טיילמאָל, אַז זי שטאַמט אָפּ פון אידן. זי דערמאָנט מיך אַפילו אין יענער געטרייער תּנכישער רות. אפשר זוכט זי אַרום בוען ביים ברעג פון ים...

## צוויי עלטערע פרויען

— קומט צו מיר, קריינדעלע־קרוין, איך האָב איך עפּעס וויכטיקס צו דערציילן, איך באַדאַרף אייך נויטיק צו האָבן, אויף אַ רגעלע בלויז. איך האָב חשק אייך עפּעס צו פרעגן. ביטע, גענעדיקע קריינדעלע, קומט צו צו מיר אויף אַ קורצער ווײַלעטשקע, אויף אַן איינציק מינוטקעלע!

— אַט אַזוי בעט זיך ממש רחמים אַן עלטערע אידישע פרוי ביי אַן אַנדערער איינזאַמער אידענע, וואָס גייט דורך אַזאַ שטאָלצע אויפן וועג, ביים ברעג פון ים, וואָס מישט כסדר זיינע שטורמדיקע כוואַליעס ווי בלעטער פון אַ געהיימנישפולן הימלישן בוך...

יענע גריסט זיך טאַקע גאָר פריינטלעך. אָבער דערמיט פּאַסירט. זי גייט זיך ווייטער אַזאַ רואיקע און מאַיעסטעטישע, ווי אַ קייסערינע, אויף איר איינזאַמען וועג נעבן דעם רוישיקן ים, אַ פאַרזונקענע אין זכרונות. זי האָט אַפילו גאָרנישט בדעה זיך דאָ אָפּצושטעלן, צו פאַרפּטרן איר איינזאַמקייט מיט פּוסטע, ווייבערישע רייד. די ערשטע אידענע בעט זיך ביי איר, און זי וויינט ממש. זי בענקט, זי גייט שיער חלילה אויס נאָך אַ ביסל מענטשלעכער געזעלשאַפט. זי האָט חשק זיך אויסצורעדן. זי וויל איר עפּעס פרעגן. זי באַדאַרף עפּעס געוואויר ווערן. זי וויל זיך מיט איר אַן עצה האַלטן וועגן אַ געוויסן ענין. זי איז דאָך אַ פרוי: זי וויל עפּעס אויספּלאַטקעווען וועגן זייערס אַ געמיינזאַמער שכנטע, וואָס גייט שוין לעצטנס אַרום מיט אַ נייעם „חתן"...

צוויי אידענעס ביים ברעג פונעם גרויסן ים. ביידע זיינען זיי איינזאַם ווי די שטערן אין פינצטערע נעכט, אָדער ווי די מתים אויפן בית עולם. אָבער די ערשטע פרוי חלשט ממש אַוועק אויס ליבשאַפט צו דער געזעלשאַפט פון מענטשן. זי האָט גערן זיך אויסצורעדן פאַר עמעצן איר פאַרביטערט האַרץ, נעבעך. זי דערציילט אַפילו עפּעס אַ דראַמאַטישע געשיכטע צו איר געדולדיקן הונט, וואָס קוקט איר גלייך אין מויל אַריין, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען יעדעס וואָרט פון זיין גוטער באַלעבאָסטע. בשעת די אַנדערע פרוי לאַדט איין די איינזאַמקייט. זי גייט שטילערהייט געאַרעמט מיט איר אומזעבאַרן געליבטן — דעם ימיקן ווינט. אירע דינע ליפּן זיינען עקשנותדיק געשלאָסן. זי גייט מיטן וועג פון דער אייביקייט. איר לעבן האָט שוין זינט לאַנג דערגרייכט כמעט צום טונקעלן ברעג פון דער נאַכט. זי שרעקט זיך שוין נישט מער פאַרן מענטשלעכן עלנט. אין אירע נאַכטיקע חלומות רעדט זי אָפּ שעהנלאַנג צום גייסט פון איר געשטאָרבענעם מאַן...

## „פאַר אים וועט אַפילו די טרויעריקייט טאַנצן פאַר פרייד"

אַ זייער דינער, אָבער ריזיקער אַרעאַל פון דורכזיכטיקן גאָלד קרייזט אַרום אין אַ טאַנץ פון פרייד־און־עקסטאַז אַרום דעם קאָפּ פון יעדן

איינציקן מענטש. זיינע אויגן לויכטן ווי צווי רובינענע שטערן אין הימל בשעת אַ חושכדיקער נאַכט, דורך וועלכע ער זעט תמיד אַן אָפּשטראַל פון דעם רבונו של עולם, וואָס מאַכט אים כסדר שיכורערהייט שטראַלן פון עקזאַלטאַציע און דערהויבנקייט. עס דערמאָנען זיך מיר פלוצלינג די הערלעכע רייד פון דעם גראַנדיעזן ספר איוב: „פאַר אים וועט אַפילו די טרויעריקייט טאַנצן פאַר פרייד"...

## געוואַלטיקע זאָגעכצן אין דעם ספר ישעיה

„ווי צו דעם וואָס קריגט זיך מיט זיין באַשעפער, וואָס איז אַליין אַ שאַרבן צווישן די שאַרבנס פון דער ערד. זאָל דען דאָס ליים וואָגן צו זאָגן צו זיין טעפּער: „וואָס אַזוינס מאַכסטו? אָדער וואָס איז דיין אַרבעט?", בשעת ער פאַרמאָגט נישט קיין אייגענע הענט. ווי צו דעם וואָס זאָגט צו זיין אייגענעם פאָטער: „וואָס אַזוינס האָסטו געבוירן?" און צום ווייב זיינעם: „וואָס האָסטו געוואונען?..."

די געשיכטע פון דער פּראָטעסטירנדיקער, שעפערישער, רעוואָלוציאָנערער און פאַרביטערטער מענטשהייט איז, ווי מיר דאַכט זיך, פאַרשריבן אין די דאָזיקע קאַרגע שורות...

## דאָס טויטן פיש ביים ים

יעדן טאָג זע איך אַלץ געמיינער און גרויזאַמער דאָס אַכזריותדיקע כאַפּן פיש ביים ים. איך קוק אויף די שטומע און אומבאַהאָלפענע פיש-באַשעפענישן, ווי זיי ווערגן און שטיקן זיך, בלייבנדיק אָן זויער-שטאָף צו אָטעמען. זיי זעען אַלע אויס ווי מענטשן. זייערע אויגן וויינען און זייערע טרערן זיינען מענטשלעכע. זיי זיינען אונדזערע געפּייניקטע ברי-דער און שוועסטער...

אַנומלט האָב איך זיך צוגעקוקט צו אַזאַ סאָרט סאַדיזם: אַ יינגער כוליגאַן האָט געכאַפּט אין זיין נעץ אַ פיש, וואָס בלאָזט זיך אָן בשעת מען באַרירט אים מיט דער האַנט. באַלד האָט דער אויסוואורף געטאָן אַ טרעט אַרויף מיט זיין סאָלדאַטסקן שטיוול אויפן בויך פונעם אָנגע-בלאָזענעם פיש. פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער קנאַק ווי פון אַ געפּלאַצטן באַלאָן. דאָס אָרעמע פישל האָט טאַקע בלוטיק אויפגעפּלאַצט. דערנאָך האָט דער נאַצישער רוצח אַריינגעוואָרפן דאָס געפּלאַצטע פישל אין ים אַריין...

קאָמענטאַרן זיינען, דאַכט זיך, איבעריק. מען דערהרגעט מערסטנס אַפילו אָן שום נוצן די אומגליקלעכע באַשעפענישן. יעדן טאָג קומט דאָ ממש פאַר אַ מאַסנעקזעקוציע פון די מענטשלעכע פיש. איך פאַרשטיי אויך דעם סאַדיזם פון די נאַציס איבער די הילפלאָזע אידישע קרבנות. די אידן זיינען אין זייערע הענט געווען אַזעלכע מין איינזאַמע און הילפלאָזע פיש. איך זע דאָ כסדר די גרויזאַמקייט פון די מענטשן, וואָס

פייניקן די פיש, וואָס ראָטן זיי אויס, וואָס שטעכן אויס זייערע אויגן, וואָס האַקן אָפּ זייערע לעבעדיקע קעפּ, וואָס שליידערן זיי צוריק צעהאַק־טערהייט אין ים אַריין, וואָס פאַרוואַנדלען זיי אין שפּייז פאַר די ים־פּאַראַזיטן...

גאָט אין הימל נעמט אויף די קדושים־פיש און ער שיקט זיי אָפּ ווי מלאכים אין גן־עדן אַריין, ווי די הייליקע. די יסורים פון זייער אומקום האָט זיי פאַרוואַנדלט אין מאַרטירער, ממש אין צדיקים, מיט קרוינען אויף זייערע צעבלוטיקטע קעפּ...

## פון חודש מאַי און פון דער מאַמעס בלויער פאַרב

איך געדענק פרימאָרגנס פונעם חודש מאַי. די מאַמע שיקט מיך אַראָפּ אין דרויסן, אויפן הויף פאַר אַ שליחות: כדי אָפּצוהיטן די ערשט־געפאַרבטע קליידער און וועש, וואָס הענגען אויף אַ שטריק און וויברירן אין דעם לינדן ווינט. די מאַמע פלעגט נאָך דער מלחמה, ווען אַלץ איז געווען בראַנד־טייער, אָפּפאַרבן הויזן און העמדער, אַפילו פּאַלטאָנס, מאַרינאַרקעס, אַלטע קאַפּעליושן און היטלעך, צוזאַמען מיט די לאַטעס, מיט די אָפּגעריבענע קנעפּ. אין דער הילצערנער באַליע פלעגט בלייבן שטיין אַזאַ העלער און דורכזיכטיקער בלוי, וואָס די מאָלערס, ספּעציעל די אימפּרעסיאָניסטן, פלעגן באַנוצן ביים מאָלן דעם ריינעם און שטילן הימל, און בכלל די לופטיקע אַטמאָספערע. די דאָזיקע נאָבעלע בלויקייט איז ביזן היינטיקן טאָג געבליבן שטיין אין מיין זכרון. און ווען אין גאַטס דרויסן שטעלט זיך אַוועק אַזאַ פרומער און ניואַנסנרייכער פאַר־נאַכט, אַזוי ווי עס וואָלט זיין דער שטילסטער און סאַמע טרויעריקסטער אָוונט אין דער וועלט, דערמאָן איך זיך די באַליע פול מיט וואַסער, וואָס האָט פאַרמאָגט אַזאַ מין געטלעכע בלויקייט.

די וועש, די העמדער און די מלבושים, זיינען זיך געהאָנגען אין דעם לופטיקן און מאַיאָוון דרויסן. עס איז אין דער וועלט עפּעס אַלץ ניי צו מיר. דאָס ציטערן פון דער נאַסער וועש אין דער דורכזיכטיקער לופט. דאָס פריינטלעכע קאָנקורירן פונעם פרישן בלוי מיטן ריין־אויסגע־וואַשענעם הימל, וואָס הענגט פרום איבערן שטעטל, און וועמענס אַטמאָ־ספערע האָט נאָך נישט געליטן פון קיין שום גאַזאַלין פון די אויטאָמאָבילן, פון קיין רויכיקן דאַמף פון די שיפן, פון קיין רויך פון די פאַבריקן. ווער טאַקע האָט עס דורך דער נאַכט אַזוי קלאָר אויסגעצוואָגן דעם הימל מיט זייף און מיט וואַרעם וואַסער? וועמענס מלאכימדיק־פרומע הענט האָבן די וואָלקנדלעך אַזוי צאַרט אויסגעוואַשן? דאָס זילבער פון די זייפענע מידלענעס זעט זיך נאָך אָן איבערן האָריזאָנט, אין די וואָלענע וואָלקנס, מיט וועלכע די אָבות דעקן זיך איין, ווי מיט קאָלדרעס. איך קען נישט פאַרשטיין איין זאַך: פאַרוואָס די זון גייט אויף און גייט

אונטער. פּאַרוואָס שטראַלט עס פלוצלינג אויף אין באַגינען ווי מיט אַ געוואַלטיק פייער, און פּאַרוואָס ווערט עס אין פאַרנאַכט צוריק טונקל, ווי אין אַ ווינטערדיקן טאָג? וועלכע געטלעכע האַנט באַהאַלט עס די זון אין דעם „פוטערפאַס", און שטעלט זי באַלד צוריק אַרויס אויסער דעם הימלישן פאַרהאַנג? איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט אַז עס זייַנען די פרילינגדיקע וואָלקנס, וואָס דעקן צו און דעקן אויף די גוטע זון, וואָס האָט אַזוי שטאַרק ליב דאָס לעבן פון דער ערד. אָבער דאָס שיינע שפּיל פון ליכט און שאָטן האָט מיך אינטריגירט. איך זע שוין אויך די ערשטע געלע בלימלעך, וואָס שפּראָצן אַרויס פון דער ערד אַזוי ווי פּיטשינקע פלעמלעך אין אַלע ווינקלען פונעם הויף, צווישן די שטיינער אַפילו, מיט אַזאַ עקשנות. די דאָזיקע פּשוטע בלימלעך האָב איך ליב. זיי זוכן נישט קיין באַזונדערן באַקוועמען פּלאַץ פאַר זיך, וואו צו בליען און וואו צו שפּראָצן, און צו דערמאָנען דעם הימלעכן פאַר־בייגייער אין דער צייט פון יאָר. ביז היינט צו טאָג, וואו נאָר איך דערזע אַזאַ געל זון־בלימעלע שפּאַצירנדיק ערגעץ אויף אַן איינזאַמען וועג, ביי דער וואַנט פון אַ לאַנגן בית עולם, ציטער איך אויף פון גערירטקייט. איך שטיי תמיד אין שטוינונג פאַרן ווילן צו וואַקסן און צו לעבן פון אַלע זאַכן אין דער נאַטור. פאַרן דראַנג צו ווייזן דאָס שטילע פּנים, צו זיין, צו עקזיסטירן אין גאַרן געטלעכן אוניווערס.

איך זע קאַלך־ווייסע אַקאַציע־בוימלעך, וואָס פּאַסן זיך אפשר אַריין אין דעם הינטערגרונט פון וואונדער־מעשות. דאָס זילבערנע און נאָבעלע צווייט באַהערשט די געשניצטע צווייגן פון די בוימער מיט אַזאַ שפע. מיידלעך טראָגן אין די האָר פון זייערע קעפּלעך פרישע בינטלעך בעז. דער בלויער בעז שמעקט צוזאַמען מיטן הויף און אָטעם פון גאַנס קינדער. עס שמעקט מיט זייער זיסן, פרישן אָטעם. עס איז נישטאָ קיין שענערע דערשיינונג ווי יינגע מיידלעך אין דרויסן, ווען עס גייט אויף דער חודש מאַי, און ווען זיי וויגן שטאָלץ מיט זייערע יינגע בריסט, און זיי קאָקעטירן אינסטינקטיוו מיט זייערע צאַרטע היפטן. זייער גאַנג איז ליד. זייער באַוועגונג איז פּאָעזיע. מען ווערט קיינמאָל נישט אַלט געגנוג, דאַכט זיך, פּשוט אויפגעציטערט צו ווערן ווען עס גייט אַדורך דער גאַס, צי בלויז איבערן הויף, אַ יינגע פרוי מיט אַ קאָפּ פרישע האָר, ערשט־אָפּגעצוואָגענע, פונקט ווי זי וואָלט אַרויסגעגאַנגען פון אַן ערשט־געפּאַרבטער מאָלעריי. עס איז פאַראַן אַן אייביקע שייכות צווישן די מיידלעך, די געלע בלימלעך, די ווייסע אַקאַציע־בוימלעך, דעם פרישן און שמעקענדיקן בעז וואָס בליט אַזוי שטיל אויף די דאָרפישע וועגן, און די גוטע זון, וואָס גייט אויף אין גאָלד און גייט אונטער אין פייער. אַלץ וואָס וואַקסט און לעבט, איבערראַשט מיך. דער מעכטיקער גאָניוס פון דער נאַטור ברעכט זיך אַרויס דורכן שטיין און דורך דעם פאַרפוילטן געהילץ; דורך דעם צעבראָכענעם טראָ־

טואַר און דורך פאַרצייטישע פונדאַמענטן פון הייזער. אַלץ שפּאַרט זיך באַשיידן, אָבער מיט אַ באַשטימטן אוניווערסאַלן באַוואוסטזיין, צום פאָדער־גרונט בשעת די ערשטע טעג פון פרילינג.

איך בין אַזוי יינג, הגם איך ווייס עס נישט. איך היט אָפּ מיט גע־טריישאַפט דער מאַמעס ערשט־אָפּגעפּאַרבטע און פריש־געוואַשענע וועש. אָבער מיין אויג נעמט שוין אַרום דעם גרויסן דרויסן. וואו איז איינגנטלעך דאָס הויז פון גאָט? פאַרוואָס עפעס באַהאַלט ער זיך אויס? צו וואָס איז ער ווי אָפּגעפרעמדט פון הימישן מענטש אין זיינע ווייטע און פרעמדע הימלען? איך וואָלט שטאַרק וועלן דערקענען גאָט.. עס באַהערשט מיך אַ סאָרט בענקשאַפט צום רבונו של עולם. איך וואָלט שוין וועלן באַגרייפן דעם זין פון דער גאַנצער עקזיסטענץ. „הלוואי צעררייסטו די הימלען און דו נידערסט אַראָפּ" — האָב איך געלייענט די רייד פון ישעיהו. דער נביא דריקט בפירוש אויס מיין געמיט. און אַוודאי אויך דאָס געמיט פון אַלע מענטשן, פון די מערסטע דורות אויף דער ערד. ער דריקט אויס די גאָט־שיכורע מאָמענטן, די אין גאָט־פאַרליבטע רגעס פון מענטשלעכע נשמות. זיינען דאָך פאַרט געווען צייטן ווען די מענטשן האָבן טאַקע גערעדט מיט גאָט פערזענלעך אין זייער פשוטן און מענטשלעכן לשון. ווען די מענטשן זיינען געשטאַנען אין דער אָפענער נאַטור, און האָבן ממש מיט זייערע קעפּ אַנגערירט דעם פרומען בלוי פון די הימלען. זיי האָבן זיך געראַנגלט מיט שטורעמווינטן, מיט עלעמענטן, און גאָט האָט אויסגעהערט זייערע רייד אַזוי ווי אַ פאָטער הערט אויס די טענות פון זיינע קינדער. גאָט האָט זיך דעמאָלט גאָרנישט געהאַלטן גרויס און גאַוההדיק, און די מענטשן האָבן אים געקענט דערגרייכן מיט זייערע נשמות.

עס איז פרילינג אין דעם אויפגעבראַכענעם דרויסן. עס איז דער לוי־טערער חודש מאַי. מחשבות און עמאָציעס ציטערן אויף אין דיין נשמה. דיין האַרץ ווערט סענסיטיוו און באַנעמט מער ווי געוויינלעך. גאָט אַל־מעכטיקער, איך בעט דיך, באַוויז דיך, אַנטפּלעק דיך, האַלט דיך נישט פרעמד, שטייג אַראָפּ מיט דיינע פיס פון די קאָסמישע טרעפּ. יעדער טרעפּ איז אַ הימאַלייאַישער באַרג. דיינע פיס — אַוודאי מיליאָנען מיילן הויך. דיינע אויגן — צוויי בלויע אָקעאַנען. דאָך ווילט זיך נאָענט אַריינקוקן אין דיינע אימהדיקע אויגן. עס איז אפשר ווערט פאַרברענט צו ווערן אין דיין פירכטלעכן בליק. עס איז ווערט דערשראָקן און פאַרציטערט צו ווערן פון דעם הילכן פון דיין קול — דאָס אימהדיקע דונערן אין געבערג. אָבער מיין יינגע נשמה בענקט נאָך דיר. זי וועט תמיד בענקען נאָך דיר, געוואַל־טיקער באַשעפער פון דער ערד און פאָטער פון אַלע באַשעפענישן, און מחבר פון דעם הימל מיט זיינע מחנות שוועבנדיקע און שיכורע מלאכים...

יאָ, „הלוואי נידערסטו אַראָפּ, די בערג זאָלן זיך טרייסלען פאַר דיר!"

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„מיר זיינען דער ליים און דו ביסט אונדזער טעפּער, און דאָס ווערק פון דיינע הענט זיינען מיר אַלע!"

## פאַרמשפּטע מענטשן

מיין ברודער מנחם האָט געהערט, מיר דאַכט זיך, צו יענע וואָס מען רופט אָן „פאַרמשפּטע מענטשן"; די וואָס טראָגן גאָטס גזר אין זייערע איינזאַמע ביינער נאָך זינט דער סאַמע קינדהייט זייערער, אָדער נאָך בשעת זייער מאַמעס שוואַנגערשאַפט, ווען די שטערן פון הימל האָבן אין טונקעלע נעכט געטריפט סם איבער זייערע קעפּ. אייגנטלעך איז דאָס האַלץ פון וויגל, אין וועלכן זיי זיינען קליינערהייט געלעגן, בלויז דורך אַ טעות געוואָרן זייער וויגעלע. פּאַקטיש איז שוין דער בוים בשעת זיין אויפשפּראָץ פון דער ערד באַשטימט געוואָרן צו זיין אַ תליה פאַרן האַלדז פונעם אומגליקלעכן מערדער אָדער רעוואָלוציאָנער. די דאָזיקע פאַרמשפּטע מענטשן, וואָס נאָר זיי זאָלן נישט טאָן אין זייער לעבן, און אויף וועלכע וועגן זיי זאָלן נישט גיין אין זייערע אַלע מעשים און אונטערנעמונגען, וועלן כסדר באַגעגענען מפּלה און דורכפאַל. אָפטמאָל טרעפט אַז זיי וועלן גיין אויף אַ וועג און געפינען אַן אוצר מיט גילדערנע רענדלעך. זיי וועלן זיך פרייען אַ מאָמענט מיטן פאַנטאַסטישן געפינס־און־געווינס. אָבער דאָס גאָלד וועט סוף־כל־סוף פאַרוואַנדלט ווערן אין שטויב, אין ווערעם, אין אַש. פון די דאָזיקע איינזאַמע מענטשן מאַכט חוזק דער גורל זייערער. וועגן זיי קען געזאָגט ווערן דאָס שפּריכוואָרט: „זיי וועלן זייען קערנער און שניידן ווינט..."

און אַזוי איז אויך געווען מיין פאָטער: אַ פאַרשאָלטענער פון אָנפאַנג אָן. וואָס ער האָט נאָר געטאָר דורך זיין גאַנצן לעבן, האָט קיינמאָל נישט געטויגט. און וואָס עס האָט נישט געטויגט, האָט ער געטאָן. איך האָב וואויל געזען דעם נעגעריש־שוואַרצן מלאך וואָס האָט אים פאַרשאָלטן ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד אין וויגל. יאָ, די דאָזיקע אַלע פּאַסאַזשירן פון דער לעבנס־שיף, וואָס וואַקלט זיך אויף די אימהדיקע וואַסערן, אַזוי ווי מיין טאַטע, און אַלע מיינע ברידער, ווי אויך שוין אַריינגערעכנט מיינע שוועסטערן טעמעלע און חיהלע, וועמענס נשמות זיינען שוין איצט אין הימל, זיי ווערן אַלע געבוירן מיט אַ קללה אין זייערע ביינער, מיט טרויער אין זייער בלוט. וואָס לענגער זיי לעבן, אַלץ גרעסער זיינען זייערע יסורים...

די מחברים פון די פאַרצייטישע גריכישע טרויערשפּילן האָבן געוואוסט פון דער דאָזיקער קללה, וואָס פאַרפאָלגט דעם העלד איבער אַלע זיבן ימים. און אַפילו אונדזער אייגענער יונה הנביא האָט עס אויך געוואוסט. אויף אַ נאַאיוון אופן האָט ער געפּרוּווט צו אַנטרינען פון גאָטס ממשלה. אַפילו אין דעם אָפּגרונט פון ים האָט ער זיך געפילט געבונדן און פאַרשקלאַפט

צו דער געטלעכער מאַכט. עס איז פּאַקטיש פּאַר אַזאַ נישט פּאַראַן קיין שום פּלאַץ פון אַנטריגונג. בלויז מיין ערלעכע מאַמע האָט געגלויבט, געטריי צו דער אידישער טראַדיציע און רעליגיע, אַז תּפילה און געבעט איז אימשטאַנד אָפּצואווענדן גאָטס גזרה. און זי האָט טאַקע דורך איר גאַנץ לעבן תּפילה געטאָן. זי איז געוואָרן גרוי און אַלט בעטנדיק צו דעם וואָס לעבט אייביק...

## די פּלעמישע פרוי

איך האָב היינט געזען אויפן שער־בלאַט פון אַ בוך וועגן ברוגע אַ פּרעכטיקע פלעמישע פרוי. זי האָט עפּעס געהאַט אַזאַ מין ענלעכקייט אין איר איידעלן און געל־וואַקסענעם פּנים, אין איר דינער פיגור, צו מיינס אַ פריינדין. איך בין געבליבן שטיין ביים אויסשטעל־פענצטער ממש אַ פאַרציטערטער. פון דעם קאַלכדיק־בלייכן פּנים פון דער צאַרטער און עקזאַלטירט־פרומער פלעמישער פרוי, מיטן דורכזיכטיקן שפּינוועבסטיקן שלייער איבער איר איידעלן קאָפּ; פון אירע ווייך־בלויע און דורכזיכטיקע אויגן, און פון די גלעזערנע טרערן, וואָס זיינען גערונען איבער אירע שניי־קלאָרע באַקן, ווי פּערל, און וועלכע האָבן מיך געמאַכט צום ווייגען — איז אין מיין זכרון, און אויך אין מיין האַרצן, אויפגעגאַנגען אַ שטיל־צופּאַלנדיקער פלעמישער פאַרנאַכט, ערגעץ אין אַ פּאַרק אין אַנטווערפּן, אַזוי נעפּלדיק־איידל, און ווי מיט אַ זילבער־גרויען און פּערלדיקן שלייער לייכט פאַרצויגן. און שוואַנען זיינען פאַרקלערטע און פּאַוואַליעדיק־שטילע געשוואומען איבער דעם פלאַך פון אַ פליטקע טייכל, וואָס איז געווען באַדעקט מיט פריש־גרינעם מאַך־און־שימל, און מיט רויט־האַרבסטיקע בלעטער. איך בין דעמאָלט אַלט געווען קוים פערצן יאָר. איך האָב פּונקט געהאַלטן אין לייענען ביים אָפּשיין פון אַ לאָמטערן סלאָוואַצקיס הערלעכע פּאָעמע „אין שווייצאַריע"...

## דער וואַלד פון תּליות

איך בין געווען פּרייטיק־צונאַכטס ביי מיינע פריינט. די קנויטלעך פון די חלבדיקע ליכטלעך ברענען און טריפן טרערנדיק אַראָפּ פון די אַלטע זילבערנע לייכטער, וואָס שטאַמען נאָך פון פּוילן. אָבער עפּעס אַן אימפּעט טרייבט די מענטשן יעדעס מאָל ווען איך קום צו זיי צו גאַסט, אַרויסצורעדן די גרוילן און אינקוויזיציעס פון די לאַגערן. עטל רעדט וועגן דעם ווי אַזוי דאָס לעמבערגער מיידל איז נאָך געווען אַזאַ יינגע און שיינע, און זי האָט געהאַט אויף איר דינעם פּנימל די „צערע" פון אַ מלאך. אָבער נאָך דער עקזעקוציע, דורך הענגען, איז זי געוואָרן געל ווי וואַקס. זי האָט איצט געקענט אינגאַנצן וועגן אפשר אַ דרייסיק פונט, ווי אַ קליינטשיק קינד אין איר הילצערנעם וויגעלע. איך הער אויס דאָס שטיקל כראָניק. מיטאַמאָל איז דאָס לעמבערגער געהאָנגענע מיידל געוואָרן מיין

כלה... אָ, איך האָב נישט געגוג קושן אין מיין האַרצן פאַר איר. גאָט, דו האָסט נישט אין דיין אָפּגעזונדערטן און ווייטן הימל אַפילו בשעת די פינצטערסטע נעכט קיין גענוג שטערן פאַר דעם געהאַנגענעם מיידלס האָלדז — פאַר אַ שנירל פּערל...

יצחק, עטלס מאַן, דערציילט מיר, אַז נאָך דער מלחמה האָט זיין חבר איין מאָל פּלוצלינג דערזען אין שפּיטאָל צווישן די פּאַציענטן זיין טאַטן, וואָס האָט אויסגעזען אַזוי שרעקלעך אַלט, און ער האָט קוים באַוויזן איבערצולעבן דאָס אויסגעצערער גהינום. האָט דער איבעראַשטער זון הילכיק אויסגעשריגן: „טאַטע!“ ווען דער אַלטער איד, אַזאַ פּריציטיק-פּאַרוואָנדל־טער אין אַ זקן, האָט דערהערט דאָס איינציקע וואָרט „טאַטע“, האָט ער געקראָגן אַן אַפּאָפּלעקציע און ער איז אויפן פּלאַץ געשטאָרבן...

דערציילט אַצינד עטל, מיט באַנעצטע ליפּן פונעם ביסל וויין אין כוס, אַז אַפילו קראַנקערהייט איז עווא, איינע אַ פּרוי פון טורנע, געווען אַ מרשעת, אַ שטיק שלעכטס איינס אין דער וועלט. זי איז געווען בלויז הויט־און־ביין. אָבער ווען עמעץ פון די פרויען אין דעם גרויען און קאַלטן באַראַק האָט זיך אַמאָל אין אַ יובל אַנגעטאָן אין אַ פרישׂ און אויסגעפּרעסט קליידל; אָדער אַ פּאַרגרינט אידיש מיידל האָט באַוויזן צו קריגן צוריק אָנגעוואַקסן אויף איר נאַקעטן שאַרבן אירע פרישע, ווייבלעך־לענגלעכע האָר, האָט איר די שלאַנגישע עווא ביטער געשאָלטן און באַליידיקט. דאָס פינצטערע שטיק רשעות האָט פון איר אַרויסגערעדט און אַרויסגעבראַנדיקט ווי פּאָקשיווע אויף אַ זומפּיקן פעלד...

עווא איז צוגעפאַלן צו דעם אָרעמען קינד און ביי איר אַרויסגעפּליקט די פרישע, שיינע, מיידלשע האָר...

יצחק דערציילט איצט ווידער:

— ליגנדיק אין דעם קראַנקנהויז, צוזאַמען מיט די אַנדערע קאַצעט־ניקעס, האָב איך ביינאַכט גערעדט מיט מיין נאָענטסטן בעט־שכן, דעם קראַקעווער דאָקטאָר. האָט עס איינעם, אַ געוועזענעם קאַפּאָ־רוצח, אַזוי ביטער געקריינקט פּאַרוואָס איך רעד נישט דווקא מיט אים, נייערט צום אידעלן דאָקטאָר, אַז ער האָט זיך איינמאָל אינמיטן נאַכט, בשעת אַ גאָס־רעגן, אַראָפּגעוואָרפן פונעם דריטן שטאָק, און ער איז שוין געבליבן ליגן טויט אויפן ברוק פון דער גאַס, אַ צעשאָטענער הויפן גיפטיקע ביינער פון אַ גהינומדיקן רשע...

דערציילט עטל ווי אַזוי דער דייטשער גהינומדיקער דאָקטאָר, וואָס האָט מכלומרשט אונטערזוכט קראַנקע אידן און זיי דערשטאָכן אין די הערצער מיט גיפטיקע נאָדלען, האָט זיי געזען שטיין, די אידישע פרויען, אינגאַנצן נאַקעטע, אין אַ פּראָצעסיע פון טויזנטער אומגליקלעכע באַשע־פעניש. האָט ער געזאָגט צו זיין טיוולשן קאָלעגע: „זעט נאָר וואָס עס געשעט דאָ: נאָך דעם יאָרנלאַנגן שרעקלעכן הונגער, אין ברודיקייט, זיך

נישט האָבנדיק חדשים לאַנג געוואַשן מיט אַ שטיקל זייף און אַ ביסל וואַרעם וואַסער, האָבן די דאָזיקע פאַרשאָלטענע אידישע ברואים נאָך אַלץ ריינע גופים, מיט לויטערע גלידער. און זיי זיינען אַפילו נישט קרעציק אויך. דאָס איז דאָך זעלטן צו זען. עס איז דאָך פּשוט אומדערהערט!"

דערציילט איצט יצחק:

— זיי האָבן אַלע געהאַט, די געפאַנגענע רוסישע סאָלדאַטן, אַזעלכע הויכע און זויניקע שטערנס, ווי פילאָסאָפן. זיי זיינען געווען אַזעלכע אינטע־ליגענטע מענטשן. אָבער די דייטשן האָבן זיי מאַסנווייז צעשאָסן. דערנאָך האָבן זיי מיט וואַלצער־מאַשינען צעדריקט זייערע ביינער, און זייערע סקעלעטן אויסגעפּרעסט אויף די שאָסייען; זיי אויסגעגליכן מיטן אַספאַלט; באַמיסטיקט מיט זייער מאַרך און בלוט די אַרומיקע פעלדער. זיי האָבן פעט געמאַכט די קרעציקע דייטשע ערד...

דערציילט עטל:

— די בעלגישע, האָלענדישע און פראַנצויזישע אידן, מערסטנס שיין־געקליידעטע, אין אָנהויב נאָך אַפילו לייטיש־אויסזעענדיקע עמיגראַנטן אינעם טויטנלאַגער, זיינען אָבער אַלע גיך געגאַנגען אַ גאַנג. דער נאַצישער אויפזעער האָט טאַקע געשריגן: „די פּאָלנישע יודען, זיי האַלטן אויס צום לענגסטן. זיי פאַרמאָגן אַ געהיימע קראַפט און עפּעס אַ סאָרט אײנגע־שפּאַרטקייט, אַ ווילד עקשנות דווקא צו בלייבן לעבן!"

יצחק דערציילט ווי אַזוי אין שפּיטאָל, מיט די איבערגעבליבענע רעשטלעך פון דער שארית הפליטא, זיינען יעדן טאָג אויסגעגאַנגען מאַסן אידן פון אויסצערונג, פון שווינדזוכט, פון פלעקנטיפוס, פון דיזענטעריע. דו האָסט בלויז געטאָן אַ לייכטן בלאָז אויף אַ מענטש, און ער איז גלייך אומגעפאַלן טויט. אַזוי שוואַך, ווי אַ פליג, איז ער געווען. אַן אַמאָליקער גיבור פון אַ מענטש האָט זיך איצט קוים געהאַלטן ווי אויף אַשיקע פיס...

מאַן און ווייב רעדן כסדר מיט היץ, מיט פיבער, מיט טעמפּעראַמענט, באַהערשטע פון עפּעס אַ נישט־דאַאיקער רעאַליטעט. זיי שרייען זיך איבער איינס דאָס אַנדערע. דער שיגעון, זע איך, איז זיי פּלוצלינג באַפאַלן. די איבערלעבענישן אין אוישוויצער גהינום ברעכן זיך פון זייערע מוחות איצט אַרויס. זעאונגען ציגדן זיך אָן אין זייערע געהירן. די שטוב זייערע ווערט אָנגעפילט מיט קרעכצנדיקע נשמות, מיט פאַרסמאַליעטע אידן. די מתים הויבן אָן צו שרייען און צו שעלטן. עס עפענען זיך אויף זייערע בלוטיק־פאַרטרוקנטע מיילער. זייערע שטומע און פאַרשטייפטע צונגען נעמען איצט רעדן מיט שטרענגע רייד, מיט מוראדיקע באַשולדיקונגען. זיי עפענען אויף אַ גרויליקע פּאַנאָראַמע מיטן רשעות און גרויל פון גאַנצע פעלקער און קעניגרייכן. דער נביא ירמיהו איז ממש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מפּול־קינד. זיינע איכה־שילדערונגען פונעם חורבן זיינען

בלייך. וואָס ווייסט ער, דער מעכטיקער נביא, פון וויטיק, פון די מוראדיקע יסורים פונעם פינצטערן אידנפאָלק אין אוישוויץ?!

איך גיי אַהיים שפּעט ביינאַכט. איך גיי ווי דורך אַ וואַלד פון תליות מיט הענגענדיקע אידן, מענער און פרויען, אין פאַרשידענע שרעקלעכע גרימאַסן, גרימירט דורך אַ משוגענעם מאָנסטער־רעזשיסאָר...

## שפּאַצירנדיק מיט מאַני לייבן

אַ דאַנק מיין פריינט, דעם בריליאַנטענעם וואָסט־מייסטער און וואונ־דערלעכן מענטש, חיים ליבערמאַן, וואָס האָט נאָך מיט יאָרן צוריק שטרענג קריטיקירט די פּאָעזיע פון די „יינגע״, באַשולדיקנדיק זיי אין אינהאַלטלאָזי־קייט און טריוויאַלישקייט, און נישט פאַרמאָגנדיק קיין ערנסטע באַציאונג צום מענטש, און אויך נישט קיין הויכע אידעאַלן, קיין הומאַניזם, קיין מאָראַל און קיין ליבשאַפט, האָב איך זיך באַקענט מיטן פרעכטיקן ליריקער מאַני לייב. איך בין פון תמיד אָן געווען פאַרכישופט פון זיין לבנהדיק־לויטערער ליריק, פון דער שטיל־שאָפּענישער מוזיק פון זיין ליד...

מאַני לייב איז צו מיר געווען פריינטלעך. איך בין געווען, פאַרשטייט זיך, אַ סך יינגער פון אים, און אַ ביסל צעטומלט אין זיין אָנוועזנקייט. מיין דרך־ארץ צום גרויסן פּאָעט פאַר עקסעלאַנץ, האָט מיר נישט געגעבן די בויטיקע גלייכגעוויכט פון געדאַנק און געמיט, כדי צו קענען מיט אים רואיק דיסקוטירן וועגן די ליטעראַרישע ענינים, וועלכע ער האָט באַרירט. מאַני לייב, אין קעגנזאַץ צו דוד איגנאַטאָוו אָדער יוסף ראָלניק, איז דווקא געווען שטאַרק באַרעדעוודיק. ער האָט זיך תמיד ווי מיט עמעצן געאַמ־פּערט; אָפּגעשלאָגן טענות; זיך פאַרטיידיקט און אַטאַקירט. עס איז פאַרגעקומען אין אים עפּעס אַ טונקל געראַנגל, ווי פון יעקבן מיטן מלאך, וועמענס הימלישער כוח האָט אים שלעכטס געטאָן אויפן גאַנצן לעבן. ווער אייגנטלעך האָט דען איצט, שוין לאַנגע יאָרן זינט יענע „היסטאָרישע״ וויכוחים און וואָרט־דועלן מיט די עלטערע דיכטער, וואָס זיינען געווען די פּיאָנערן פון דער סאָציאַלער דיכטונג אין ניו־יאָרק, און וועלכע זיינען, וואָס שייך שפּראַך, סטיל און פאָרעם, געווען ווייט אָפּגעשטאַנען פון די ראַפינירטע „יינגע״, אויף אַן ערנסט געקענט באַצווייפלען אָדער אָפּפרעגן דעם ווערט פון זיין שלימותדיקער שאַפונג, אָדער די באַדייטונג פון דער גרופּע „יינגע״ פאַר דער אידישער פּאָעזיע? אָבער, עס ווייזט אויס, אַז מאַני לייב, אַ קעניג אין דעם אידישן ליד, האָט פאָרט נויטיק געהאַט כאָטש אַן אויסגעטראַכטן קעגנער, כדי מיט עמעצן זיך צו קענען ראַנגלען, און ווייטער אָנצוגיין מיטן הייסן וואָרט־געפעכט, כאָטש די מערסטע קעגנער האָבן שוין רואיקע גערוט אין זייערע קברים אין ברוקלין, אָדער זיי זיינען שוין געווען אַלטע לייט, גרייז־גרויע שאָטנס, ווי מאָריס ראָזענפעלד, וואָס האָט נאָך אויף איסט בראָדוויי זיך באַוויזן, אַ האַלב־בלינדער שמשון הגיבור,

און געדראַט מיטן אויפגעהויבענעם שטעקן אין דער הויך זייַנע קאָנגער. יענע קינסטלער וואָס דערגרייכן ענדלעך זייער אָנערקענונג און פאַרדינטן רום נאָך לאַנגע יאָרן פון ביטערע קאַמפן אין די פאַררויכערטע קאַפעען און קיבעצאַרניעס, בלייבן שוין אפשר אויף אייביק פאַרביטערט, און זיי באַרואיקן זיך בשום אופן נישט מיט זייער דעראָבערטער גלאָריע. זיי פילן זיך דווקא באַקוועם אין דער גליענדיקער אַטמאָספערע פון קאַמף, אין אייביקן פאַרמעסט, אין ליטעראַרישע אַמפערנישן, בפרט ווען זיי זייַנען שוין טאָקע זיכער מיטן פאַראויסדיקן נצחון. איך האָב אין מיין לעבן געקענט אַ היפּש ביסל קינסטלער, וואָס אַנשטאָט צו רוען אויף זייערע דעראָבערטע לאָרבערקראַנצן, צו זיצן אויף זייערע טראָנען, און צו געניסן זייער כבוד, האָבן זיי בעסער הנאה געהאַט פאַרצוזעצן זייער דאָן קיכאָטישן געראַנגל מיט אויסגעטראַכטע שונאים און אימאַזשינערע קאָנקורענטן...

עס איז גראָד געווען אַ געלונגענער טאָג אין היינריך הייַנעס חודש מאַי. אַ זוניקער טאָג איז אומעטום שיין, און ער איז אַן אָנגעגעבעמער גאַסט צו יעדער צייט פונעם יאָר. דער פרילינג האָט פּונקט אַזוי געשטראַלט אין די טעג פון פּלוטאַרך און שעקספּיר. ער האָט געשאַטן זיין פילפאַרביקן קאָנפעטי אין דעם הימען צו דער זון פון דעם יינגן פרעה אַכנאַטאָן, און אויך אין דעם איידעלן ליד צו אָן עגיפּטישער טענצערין, פון ר׳ יהודה הלוי. אויפן טראָטואַר פון דער פינפטער עוועניו, וואו מיר זייַנען געגאַנגען, האָט די זון פון יאָר 1961 געשפּרייט פלושענע רויזן, באַגלייטנדיק מאַני לייבס געמאָסטענע טריט, וואָס זייַנען געווען אין שאַרפן קאָנטראַסט צו זיין אויפגערעגטן געמיט...

דער דיכטער האָט טאָקע פאַרביטערט און פאַרטונקלט די פרייד פונעם מייסטערהאַפטן און מאַיאָון טאָג, וואָס איז געווען גאָטס אַ מייסטערווערק. מאַני לייב האָט דורך דער גאַנצער צייט פון אונדזער שפּאַציר גערעדט מיט פאַראַכטונג וועגן יהואָשן. אין אָנהויב האָב איך זיך געפּרוּווט איינשטעלן דאָס לעבן און האָב געוואַגט אויסצודריקן מיט מיין יוגנטלעכן ענטוזיאַזם מיין דרך־ארץ צום גרויסן, אוניווערסאַלן נאַטור־ליריקער יהואָש. מיין אַפּאָלאָגיע האָט נאָך מער אויפגעצאַרנט דעם שטאַרק־צעפּיעשטשעטן דיכ־טער, וועמענס הויפט־באַזינגער איז געווען דער קריטיקער, און ספּעציעל דער גלענצנדיקער קענער פון די „יינגע״, אַברהם טאַבאַטשניק. איך האָב גיך איינגעזען, אַז עס איז אַ מין קאָמפּלעקס ביי מאַני לייבן. ער האָט שווער געליטן אויף אַ קראַנקהייט וואָס הייסט „יהואָש״. איך האָב זיך, פאַרשטייט זיך, אַליין געפרעגט: צו וואָס נויטיקט זיך אַזאַ אָנערקענטער ליריקער ווי מאַני לייב דווקא צו דערנידעריקן דעם ווערט און דעם גראַד פון יהואָשס פּאָעטישן טאַלאַנט? פאַרוואָס פאַרנעמט ער זיך איצט, ווען יהואָש לעבט שוין נישט מער, מיט דער טרויעריקער און געשמאַקלאָזער מלאכה פון אַראָפּצורייסן און צו באַליידיקן אַ גרויסן פּיאָנערס ליטעראַרישן

ווערק? מוז ער טאַקע יענעם קליין מאַכן כדי זיך אַליין גרויס צו מאַכן, ווי עס טוען עס אין אַלע צייטן די פאַרביטערטע און נישט־אָנערקענטע? יענע העסלעכע דיסקוסיעס אין דעם שטיקנדיקן רויך פון די קאַפעען זיינען דאָך שוין זינט לאַנג צוריק פאַרגאַנגען. די מערסטע רייד פון אַמביציעזע ליפּן, פון גיפטיקע צונגען, זיינען שוין לאַנג פאַרוויאַנעט און פאַרוויעט געוואָרן ווי די האַרבסטיקע בלעטער. ווער געדענקט איצט די שנאה צווישן היינריך היינען און לודוויג בערנען? צי אַנדערע איצט שוין היסטאָרישע און קוים־געדענקלעכע וויכוחים און קריגערייען אין דער געשיכטע פון ליטעראַטור און קונסט?!...

אָבער מאַני לייב, ווי אַ פאַרשיכורטער פון שנאה, האָט נאָך אַלץ נישט אָפּגעלאָזט דעם נאָבעלן און הומאַניסטישן גייסט פון זיין מכלומרשטן קעגנער. עס האָט ממש פון אים אַרויסגעשריגן אַ ים מיט נישט־געשטילטן צאָרן. מיין פריערדיקער דרך־ארץ פאַר אים איז געפאַלן. ער האָט מיט זיין אופן רעדן זיך אַליין געשלאָגן, און פאַרשעמט זיין אייגענע גרויסאַרטיקע פּאָעזיע. ער האָט ממש געפייניקט דעם גלענצנדיקן טאָג פון פרילינג, וואָס האָט בשום אופן נישט פאַרטראָגן דעם גיפט, טשאַד, און רויך פון קנאה און שנאה. בשעת מאַני לייב האָט ממש געשטורעמט די „פעסטונג" פון יהואָשן, איז יהואָש דווקא אויסגעוואַקסן אין מיינע אויגן דאָס וואָס ער איז באמת געווען: אַ שטאַרבנדיקער מייסטער, וואָס האָט ערב זיין שרייבן זיך ממש יעדן טאָג געטובלט, ווי אַ סופר, שרייבנדיק די הייליקע תורה. ער האָט יאָרנלאַנג געשפיגן מיט בלוט, געקעמפט מיטן מלאך המות, און פאַרגעזעצט איבערצוזעצן אויף אידיש דעם תנ"ך, אין וועלכן ער האָט פּאַקטיש אַריינגעטאָן זיינע לעבנס־כוחות. און דער תנ"ך האָט זיך טאַקע אָנגענומען ביים פאָלק אויף אידיש. מאַרטין לוטערס תנ"ך־איבערזעצונג אויף דייטש האָט געהאַט אַ געוואַלטיקע ווירקונג אויפן גאַנג פון דער גאַנצער דייטשער ליטעראַטור, וואָס פאַנגט זיך פּאַקטיש אָן מיט לוטערס תנ"ך־איבערזעצונג. פונקט אַזוי האָט דעם קעניג דזשיימס ענגלישע איבערזעצונג פון תנ"ך געהאַט אַ באַדייטנדיקע ווירקונג אויף די שאַפונגען פון די מערסטע גרויסע דיכטער אין דער ענגלישער ליטעראַטור, ווי מילטאָן און שעקספּיר. פון אַזאַ ראָלע אין דער אידישער ליטעראַטור האָט אויך געחלומט דער אײדעלער יהואָש, וואָס האָט פעסט באַשטימט ביי זיך פריער נישט צו שטאַרבן, איידער ער וועט פאַרענדיקן זיין מאָנומענטאַלע איבערזעצונג...

אַ סך יאָרן זיינען שוין אַדורך. און תמיד, ווען איך נעם אין דער האַנט אַריין אַ בוך לידער פון מאַני לייב, און איך לייען זיינס אַ מייסטער־האַפט־געשליפענעם סאָנעט, גייט אויף אין מיין זכרון יענער אומעטיקער שפּאַציר, ווען איך בין געווען מיט אַרום פערציק יאָר ייִנגער; ווען אַפילו די פינפטע עוועניו, מיט אירע פיינסטע געשעפטן, וועמענס אויסשטעל־

פענצטער האָבן זיך איינע די אַנדערע איבערגעשטיגן מיט דער שפע פון אַמעריקעס גלענצנדיקע אוצרות און שטאָפן, האָט געלויכטן מיטן פּרילינג פון מיט פיר צענדליק יאָר צוריק; ווען די גאַלאַנטע דאַמען, אַנגעטאָן אין זייערע שענסטע זיידענע קליידער, און באַצירטע מיט זייער קאָסט־באַרער צירונג, האָבן שפּאַצירט אויף די טראָטואַרן; און ווען מאַני לייב האָט עפּעס גאַרנישט זיך געקענט אויפהערן צו שלאָגן מיט אַן אומרעאַלן, און שוין זינט לאַנג פיזיש־נישט־עקזיסטירנדיקן אַפּאָנענט, וואָס וועט אַגב אייביק לעבן און לויכטן אין דער אידישער ליטעראַטור צוזאַמען מיט מאַני לייבס שאַפונגען, און מיט די פּרעכטיקע פּאָעטישע בלומען פון דער גאַנצער גרופּע „יינגע‟, וואָס יעדער איינער פון זיי איז מיט צייט־און־דויער אַוועק אויף זייערע אייגענע אָריגינעל־ליטעראַרישע וועגן, און איבערגע־לאָזן אומשטערבלעכע קינסטלערישע פּערל...

מסתמא איז דאָס געווען אַ לעצטער אַקאָרד פון אַ היסטאָריש־ליטעראַ־רישן קאַמף, וואָס די אַמאָליקע פּאָעטן פון דער גרופּע „יינגע‟ האָבן אַנגעפירט פאַר זייער אייגענער אַנערקענונג, אין הייסן געפעכט מיט די עלטערע דיכטער, ווי מאָריס ראָזענפעלד, אַברהם רייזען, און טאַקע דער גרויסער מייסטער יהואש.

פּודעסטוועגן דערמאָן איך זיך מיט עפּעס אַ שלעכטן בייגעשמאַק מאַני לייבס באַליידיקנדיקע עפּיטעטן אויפן אַדרעס פון יהואָשס העלדישן גייסט און טאַלאַנט. עפּעס צווייפל איך אַפילו אין מאַני לייבס ריינער פערזענלעכקייט. אויב אַ מענטש קען אַרומטראָגן דורך לאַנגע יאָרן אין זיין האַרץ און געמיט אַזאַ, מילד גערעדט, אומפריינטלעכע באַציאונג צו אַן עלטערן, קראַנקן דיכטער, וואָס איז געווען ממש אַ נאָבלמאַן, אַ ריטער פון איידלקייט און פון די שענסטע מאַניערן, הינקט אויך שטאַרק אונטער זיין מאָראַל און כאַראַקטער.מיר דאַכט זיך, אַז עס פעלט אים יענער אינטע־לעקטועל־פילאָסאָפישער טראָפּן קאָסמיש באַוואוסטזיין, וואָס קרוינט און דערהויבט אַ מחברס פּאָעטישע ווערק. טאַקע וועגן דעם האָט געשריבן, ווי שוין אָנגעוויזן, דער ליטעראַטור־קריטיקער חיים ליבערמאַן, צו ווען דאָס עטישע און הומאַניסטישע איז געווען פּונקט אַזוי וויכטיק אין אַ קינסטלעריש ווערק ווי דאָס שיינע און עסטעטישע. די ליטעראַטור, נאָך אַלע צייטווייליקע קינדער־קראַנקהייטן פון אַטעאיזם, ציניזם, סאַניניזם, לעסטערונג און פּאָרנאָגראַפיע, קערט זיך סוף־כל־סוף תמיד אום צום אַלמענטשלעכן און אוניווערסאַלן; צו דער ראָלע, באַדייטונג און דעם ווערט פון לעבן; צו מיטלייד און רחמנות צו די ליידנדיקע נשמות; צו דעם געראַנגל צווישן גוטס און שלעכטס אין דער מענטשלעכער געזעל־שאַפט; צו דעם קאַמף פאַר פרייהייט פון געוויסן; צו דעם רעכט פריי זיך אויסצודריקן וועגן די הערשער און זייערע רעזשימען, ווי דאָס האָבן נאָך פאַרשטאַנען די נביאים, די גרויסע פאָרגייער און פּיאָנערן פון וואָלטער

און רוסאָ, פון טאָראָ און טאָלסטאָי; פון יעדער רעוואָלוציע און קאַמף פאַר די רעכט פונעם מענטשן און זיין פרייהייט פון געדאַנק און קריטיק; מיט איין וואָרט: צו דער מאָראַליש־ריינער און מענטשלעכער פערזענ־לעכקייט...

## יאָרצייט נאָך אַ מאָלער

עס איז אַ שטילע פאַרזאַמלונג צום יאָרצייט פון דעם באַרימטן מאָלער. רירנדיקער און פּאַטעטישער פון אַלע רעדן די רוויבער, די פאַרערערינס, די געליבטע זיינע פון אַ סך לבנהדיקע נעכט, פון זיין זינדיקן און גהינומדיקן לעבן. זיי אַלע דערציילן מיט ווערטער, מיט רוויבערישע זיפצן, און מיט טרערן, אין וועלכע זיי זיינען שלימותדיקע מייסטערינס, פון דעם שרייבערס „גרויסקייט", פון די נסים פון זיין גאַנץ לעבן. דו הערסט זיי שטילערהייט אויס, און פילסט אַז אייגנטלעך איז פאַרן דאָזיקן מין פּרויענטום בלויז פאַראַן איין סאָרט פאַרערונג צו אַ מאַן: לויט דער אינטענסיווקייט פון זיין פיזישער ליבע...

אָבער צווישן דעם ענטוזיאַסטישן פּובליקום, וואָס טרויערט אמתדיק נאָך דעם שיינעם און שלאַנקן מאָלער, זיצט אויך איינע אַ שטומע און שווייגנדיקע פיגור: זיין געזעצלעכע פרוי, די אלמנה, צוזאַמען מיט די איבערגעבליבענע יתומים. זי אַליין, ווען זי וואָלט נאָר אימשטאַנד געווען צו דערציילן און פריי צו עפענען איר פאַרשטיינערט מויל, אירע שטומע ליפּן, און איר טרויעריק פאַרקלעמט האַרץ, וואָלט געקענט אַנטפּלעקן אינגאַנצן אַן אַנדערע געשיכטע וועגן איר מאַן: פון שלאָפלאָזע נעכט, אַן אַ טראָפּן וואַרעמקייט און ליבשאַפט צו איר; דאָס אַרויסקוקן מיט רויטע, פאַרטרערטע אויגן אויף דער נאַכטיקער גאַס ביז אין גרויען באַגינען, כדי צו זען ביים ליכט פונעם אויסגעקרומטן, אייזערנעם לאַמטערן ווי איר חנעוודיקער מאַן קערט זיך שוין ענדלעך אום אַהיים פון קאָרטנשפּיל און ווייבער. זי וואָלט אויך געווען אימשטאַנד צו דערציילן פון דעם קוויטשיקן געוויין פון די פּיצלעך קינדער, וואָס קענען נישט איינשלאָפן אויף זייערע אייזערנע בעטלעך און וואַנציקע געלעגערס, און פון אַ זשאַבעדיק שעלטן, וואָס גייט פון זיין ווערמדיקן מויל, ווען ער טרעט שוין ענדלעך איבער די היימישע שוועל, אַן אומהיימלעך־צעקנייטשטער און צעקנאָדערטער פון הוליען און הולטייעווען; אַ שיכורער און צעשלאָגענער פון געמבלערס אין דער קרעטשמע פון זיין באַהעמיש־הפקרדיקן לעבן...

אָבער דער פאַרזיצער וועט דאָך נישט וואַגן ביי דער איצטיקער יאָרצייט־פאַרזאַמלונג איר צו געבן דאָס וואָרט. זי אַליין וואָלט חלילה אויך נישט געוואַגט צו רעדן און איבערצוברעכן די פאַלשע רעדעס, די פּוסטע לויב־און־מליצה, אויפן אַדרעס פון אַן אומהיימלעכן שאָטן, וואָס האָט אין זיין לעבנס־סקאַנדאַל פאַרגאָסן אַ סך טרערן פון ריינע און ערלעכע מענטשן; און וואָס איז ביזן לעצטן פאַטאַלן טאָג־און־נאַכט פון זיין לעבן געווען

שרעקלעך גיריק נאָך כבוד, ווײַן און ווײַבער, וועלכע לויבן אים דאָ טאַקע אַזוי וואולגאַריש־פּאַלש און שונדעוואַטע מיט זייערע שטאַרק־רוזשירטע ליפּן...

## אַברהם טאַבאַטשניק

היינט בײַטאָג, אין דעם „פּיונעראַל פּאַרלאָר", ביי דער לוויה פון א. אלמי, קומט צו צו מיר דער אויסגעצייכנטער ליטעראַטור־קריטיקער אַברהם טאַבאַטשניק, אין וועלכן די דיקטער פון דער גרופּע „יינגע" האָבן געפונען זייער אידעאַלן אַפּשאַצער. ער זאָגט צו מיר:

— טענענבוים, איך פריי זיך אַזוי שטאַרק איך צו זען. איך לייען איך בסדר אין דער אידישער פּרעסע פון דער גאַנצער וועלט. איך האָב פון איך גרויס נחת. איר זענט אַ לירישער שרייבער. איר זענט באמת פאַרשקלאַפּט צו דער פעדער אפשר טאָג־און־נאַכט. און די פעדער, מעג מען פריי זאָגן, דינט איך פּרעכטיק, כאָטש איר פאַרמאָגט ערנסטע פעלערן. אָבער אַפילו מיט אייערע פעלערן וועט אייער שרייבן בלייבן לעבן צוזאַמען מיט די בעסטע ווערק אין דער אידישער ליטעראַטור. איך ווייס נישט צי איר האָט מיך ליב. איך פאַרדעכטיק גאָר, אַז איר קענט מיך נישט פאַר־טראָגן. עס איז אמת אַז איר רעדט נישט אויס קיין איינציק וואָרט אין „קאַפע ראָיאַל" צווישן די קאָלעגן. איר היט אָפּ אייער צונג. אָבער איך האָב איך סיי ווי שטאַרק ליב...

איך האָב בשום אופן זיך נישט געקענט צווינגען אים צו ענטפערן, אַז איך האָב אים אויך ליב, ווי עס פאָדערט די „עטיקעטע", הגם איך האָב עס שטאַרק געוואָלט טאָן, אויס פּשוטער העפלעכקייט, און בפרט נאָך אין דער טרויעריקער אַטמאָספערע, ביי דער לוויה פון אַ אידישן שרייבער. דאָס רשעות האָט אַרויסגעקוקט שאַרף ווי דער שאַרף פון אַ חלף פון טאַבאַטש־ניקס ביסטרע אויגן. זיין פּנים איז געווען ווי ביי אַ צערייצטן און הונגעריקן יאַגואַר. די אַטמאָספערע פון טויט האָט אויף אַ מאָמענט אים געמאַכט מענטשלעך און סענטימענטאַל, ווי אַ שיכור פונעם ערשטן שלונג בראָנפן. איך האָב אַפילו איצט, ווען ער איז שוין דווקא יאָ געווען אין זיינס אַ בעסערן מאָמענט, אין אימה־און־פּאַרכט פאַרן טויט, געוואָלט זיין וואָס ווייטער פון אים. מחמת ער האָט געקענט ווערן געפערלעך אין אַ רגע שפּעטער. איך האָב אים איין מאָל געזאָגט ביי בידערמאַנען אין בוד־געשעפט:

— איר האָט די צונג פון אַ קלאַפּער־שלאַנג!

## דער פילם וועגן דאַנטאָן

פאַרן איינשלאָפן, שוין שפּעט ביינאַכט, האָב איך געזען אין טעלעוויזיע עפּעס אַ פילם וועגן דאַנטאָן. מען ווייסט שוין פון לאַנג, אַז דאָס אַלץ איז טאַקע געשען מיט די העלדן און מאַרטירער פון דער פראַנצויזישער

רעוואָלוציע. אָבער מען ווערט צום וויפלטן מאָל פאַרכאַפּט פון די סצענעס ווי אַזוי גראַנדיעזע מענטשן, וואָס די געשיכטע ברענגט אַרויס פון איר שויס, אַזוי ווי בליצן, רעדן מיט אַזעלכע גרויסע און געדעכטע רייד ערב זייער אייגענעם אומקום. מען שטוינט צו זען ווי זיי דונערן מיטן נביאישן אמת אין שאָטן פון דער תליה; ווי דאָס ענגע וועגעלע פירט די אומשולדיק־פאַרמשפטע העלדן איבערן ברוק פון די פּאַריזער שמאָלע געסלעך; און ווי אַזוי דער אייביקער ברודיקער המון שרייט, שעלט און שפּייט אויף די היילים; און ווי דער תליון סאַנסאָן לאָזט אַראָפּזינקען ווי אַ שטיין דאָס גיליאָטינישע האַק־מעסער איבער די קאַרקן און העלדזער פון די אומשולדיקע מענטשן, און ווי ער וויזט שפּעטער די פאַרבלוטיקטע קעפּ צום צעיושעטן עולם; און ווי ער וואַגט צו פּאַטשן דעם שוין געקעפּטן קאָפּ פון דער אידעלער שאַרלאָט דע קאָרדיי. עס ווערט אַזוי טרויעריק צו טראַכטן שפּעט ביינאַכט ווי גענוי די זעלביקע סצענעס, נאָר מיט וויניקער „ראָמאַנטיזם“, חזרן זיך איבער בשעת דער רוסישער רעוואָלוציע, און ווי אַזוי ראָבעספּיער ווערט מיט איבער הונדערט יאָר שפּעטער מגולגל אין דעם גרוזינישן הענקער סטאַלין. דאָס אַלץ מאַכט אומענדלעך טרויעריק דעם מין מענטש. עס מאַכט אים אַלט אויך...

## דאָס אויג פונעם פיש

איך האָב געזען ביים ברעג פון ים ווי אַזוי אַ פּאָרטאָריקאַנער לאָבוז־יינג האָט אויסגעדזשיאָבעט מיטן מעסער די טויטע אויגן פונעם פאַר־שטייפטן און פערלדיקן פיש, וואָס זעט אויס ווי אַ שווערד. איין בלוטיק אויג פונעם פיש פאַלט אין ים אַריין, און די כוואַליעס ווערן, דאַכט זיך, רויט ווי פייער אין דער שקיעה. דאָס אַנדערע אויג בלייבט ליגן אין אַ ווינקל, נעבן מיינע פיס. דער בלינדער און טויטער פיש דינט אַלס פאַר־נאַר־פלייש צו פאַנגען זיינע לעבעדיקע ברידער־ און שוועסטער־פיש, ווי אויך די ראַקעס, און אַנדערע אומבאַהאָלפענע באַשעפענישן.

דער פיש ווערט אַרונטערגעלאָזט אויף אַ ווײַלע אין ים אַריין. יעדעס מאָל וואָס מען ציט צוריק אַרויס די נעץ, זעט מען ווי דער אָרעמער פיש איז אַלץ מער צעפּיצלט און צעהרגעט פון זיינע בעלנים, מחמת די קרעבסן, און די אַנדערע פּאַראַזיטן, פאַרזוכן אים, רייסן פון אים שטיקער אברים, כדי שפּעטער אַוודאי אַליין געפאַנגען צו ווערן, און ענדלעך אומצוקומען.

די אַרומיקע כוליגאַנעס, די מענטשלעכע שנעקעס און שלימאַקעס, חוזקן, כיכיקען און שפּאָטן אָפּ, ווי עס איז זייער טבע. דאָס אויג פונעם פיש, דאַכט זיך, זעט אַלץ צו מיט אַ טעמפּער רואיקייט. אַרום פאַרנאַכט־צו גייען די פישער צוריק אַהיים. די ציניקערס און שיכורים קערן זיך אום אין די שענקען און קנייפּעס. דאָס איינזאַמע אויג קוקט איצט אויף די

געטלעכע שטערן. דאָס בלוטיקע אויג זעט אין הימל דעם זון־אונטערגאַנג. עס באַנעמט גאָר די זינד און די רויבערישע מעשים פון די פאַרשאָלטענע מענטשן־ברואים. דאָס אויג פונעם טויטן פיש — ממש ווי דעם דער־הרגעטן נביאס איינזאַם און טרויעריק אויג, קוקט זיך צו, דאַכט זיך, צו זיין אייגענער פּאַוואָליעדיקער עקזעקוציע, וואָס גייט פאָר אים אויף דאָס ניי אויף אין רואיקן אָוונט ווען קיינער איז שוין נישטאָ ביים ים, אויסער גאָט און זיינע שטילע מלאכים...

## ציניזם ביים ברעג פון ים

איך האָב געזעען ביים ברעג פון ים ווי די געגערישע לאָבוזעס און הפקר־יינגען רייסן אויף מיט דינאַמיט די פיש און די ראַקעס. די אָרעמע באַשעפענישן ווערן צעפּלאַצט און צעפליקט בשעתן ברוך פון אַ סעקונדע. שטיקלעך פלייש, פעטס און מאַרך פאַלן אויף די מלבושים פון די פאַרביי־גייענדיקע. מען אַמוזירט זיך פּראַקטיק מיטן טויט פון די פיש און קרעבסן. שטענדיק האָט מען, פאַרשטייט זיך, פאַרגעניגן פונעם טויט פון יענעם, פון דעם אַנדערן באַשעפעניש. אָבער סוף־כל־סוף וועט זיך די קייט פון צעשטערונג און אומקום נישט אָפּשטעלן ביי די נישטיקע ברואים; אויך נישט מיטן אומקום פון דער מענטשלעכער ראַסע. וואָרים אַפילו דער גאָרער אוניווערס וועט באַצאָלן דעם פּרייז פון פאַרברעכן, און ער וועט אין אַ טאָג אויפגעריסן ווערן מיט זיינע בעבעכעס — די שטערן, זונען און פּלאַנעטן...

פּלוצלינג איז צוגעקומען אַ פּאָליציימאַן און ער האָט געפּרואווט חוקר ודורש זיין ווער עס האָט דאָ באַנוצט דינאַמיט. אָבער די מערסטע אַנוועזנדיקע האָבן געלייקנט שטיין אוןביין. עס האָט זיך אינעם געדיכטן פּעבל נישט געפונען קיין איינציקער מענטש, וואָס זאָל וועלן און וואַגן צו זיין אַן עדות קעגן פאַרברעכן...

## איינזאַמע מענטשן

עס פאַלט שוין צו ווינטערדיק־פרי דער פאַרנאַכט ביים ים. איך זע ווי אויף אַ באַנק זיצט אַזאַ טיף־פאַרשעמטע און עלנטע די עלטערע פרוי. אַן אַלמנה, אָדער אַ גאַך־קיינמאָל נישט חתונה געהאַט? דורכן גאַנצן טאָג האָט זי, זעט אויס, אַרומגעדזשוויגעט די שווערע פּעק מיט שמאַטעס, וואָס שטייען איצט נעבן אירע געשוואָלענע פיס. זי האָט אַוודאי נישט קיין אייגענע היים. איך האָב אָנגעקוקט אירע אויגן. עס ווייעט פון זיי אַזאַ טונקעלער אומעט...

און יענער שיכורער מאַן וויל דווקא צוגעוואוינען זיין ריזיקן הונט, אַז ער זאָל פאַר איר מורא האָבן. אָבער בשעת דער שטרענגער באַלעבאָס באַפעלט אים צו זיצן אָדער צו לויפן מיטן ביין אָדער שטיין אינעם פּיסק, פאַלט ער אַליין אום מיט אונטערגעטראָנטשעטע פיס. דער הונט האָט שוין

אינסטינקטיוו באַמערקט, אַז קיינער האָט נישט קיין רעספּעקט פאַר זיין שיכורן באַלעבאָס. האָט ער אַליין אויך נישט קיין איבעריקן דרך־ארץ פאַר אים. דאָך קומט ער שפּעטער צו און לייגט זיך מכלומרשט שקלאַפיש אַוועק צו זיינע פיס...

אַן עראָפּלאַן דערנענטערט זיך אין אָוונט איבערן שוואַרצן האָריזאָנט ווי אַ שטיק פייער. קומט ער אַנצושווען פון אייראָפּע? דערוויל צעשפּילט זיך זיין בענקשאַפט. עס קומט מיר אַנטקעגן מיין פריע קינדהייט אין פּוילן. עס ציטערן אויף מיינע יוגנטלעך־פאַרבראַכטע יאָרן אין בעלגיע. וועמען ברענגט עס דער עראָפּלאַן ביינאַכט קיין ברוקלין? אפשר איינע, שוין אַ גרוי־געוואָרענע פרוי, וואָס איז מיינס אַן אַמאָליקע פריינדין?...

שוין גאָר ווייניק געסט קומען נאָך איצט צום ים. ווי פאַרכישופטע מענטשן שטייען אַזעלכע שווייגנדיקע די מעוון אויפן ברעג. די צעלייגטע פייערן ברענען און קנאַקן מיטן פייכטן און צעפּוילטן האָלץ. אַ לעצטער עקשנותדיקער בעדער באָדט זיך נאָך אין די קאַלטע און טונקעלע כוואַליעס וואָס שוימען זיך ווי פאַרברודיקטער שניי. אַ שפּליטער פון אַ פרישער לבנה צייכנט שוין אָפּ דעם פריען אָנהויב פונעם חודש. עפּעס פיל איך זיך קרעפטיקער, כאָטש אויך אומעטיקער, מיטן שטילן אַרויסשטייגן פון אַ נייער לבנה. אין די נעכט פון דער רייפער לבנה וועט זיך מיר, דאַכט זיך, עפּעס גלוסטן צו שרייבן לוסטפולער ווי שטענדיק...

## מיין פריינט מאָזעס סאָיער

מיט צוויי טעג צוריק איז פּלוצלינג געשטאָרבן מיין גרויסער פריינט, דער מאָלער מאָזעס סאָיער, וועמענס פאָטער, אַברהם שוער, איז געווען אַ אידיש־העברעאישער שרייבער, פּעדאַגאָג און קולטור־טוער. מאָזעס סאָיער האָט פון מיר געמאָלן גאַנצע פיר פּרעכטיקע אויל־פּאָרטרעטן. דריי פון זיי האָט ער מיר געשאָנקען מיט אַ ליבן שמייכל אויף זיין פּנים, אידעלן פּנים, זעענדיק ווי שטאַרק גליקלעך איך בין, אַהיימטראָגנדיק די קאַנווע־זעס. זיי שטייען איצט פאַר מיינע אויגן, אין דעם פריען באַגינען, ווי דריי שטיקער לעבעדיק פייער...

ווען איך האָב דעם גרויסן מאָלער באַזוכט מיט עטלעכע וואָכן צוריק, האָט ער אויסגעזען זייער בלייך. זיין רונדער און אויסערגעוויינלעך־גרויסער קאָפּ איז געווען ריזיק און געשוואָלן ווי אַ גלאָבוס פון דער גאַנצער וועלט. זיין קאָפּ האָט מיך דערמאָנט אין אַן עמבריאָן, אָבער אויך אין אַ האָמונ־קולוס. ער איז געווען נידעריק געוואַקסן. די פיס זיינען ביי אים געווען ממש קינדישע און נישטיקע אין פאַרגלייך צו זיין אויבערשטן טייל קערפּער. ער האָט געראויכערט איין ציגאַר נאָך דעם אַנדערן, פאַרשטונקענדיק מיטן געדיכטן און גיפטיקן רויך די גאַנצע סטודיאָ זיינע, וואָס איז געווען פול אָנגעשטעלט ביי די זייטן פון די ווענט מיט נאָך פייכטע און אָנגעהויבענע

קאַנוועזעס. ער האָט דורך דער גאַנצער צייט פון מיין באַזוך געטרונקען גרויסע גלעזער מיט קאָניאַק, ווייסע ווי דאָס שטערנדיקע ליכט אין פינצטערע נעכט. ער איז כּסדר געלאָפן אין בית הכּיסא, ליידנדיק אויף אַ פּאַרגרעסערטער „פּראָסטאַטע". ער האָט געמאָלן ממש טאָג־און־נאַכט, ווי דער מחבר פון די דאָזיקע שורות האָט אויך געשריבן טאָג־און־נאַכט אין די פאַרגאַנגענע פערציק יאָר. אָבער מיר אַליין שרייבן אין דער נאַך פינצטערער איינזאַמקייט פון די באַגינענס, טיילמאָל אין גאָלדיקן און מרה־שחורהדיקן אָפּשיין פון דער לבנה ביים סוף פונעם חודש, זיצנדיק אַליין ביים שרייב־טישל. בשעת סאָיער האָט שטענדיק געהאַט פּאָר זיינע טריבע־און־טרויעריקע אויגן די יינגסטע און שענסטע מאָדעלינס, אויסגע־טועטע אינגאַנצן נאַקעט, אָדער טיילמאָל קוים צוגעדעקט מיטן זיידענעם העמדל אויף דעם לייב, וואָס האָט געלויכטן ווי שניי אין דער זון...

עס איז אַצינד צווײ אַזייגער ביינאַכט, בשעת איך שרייב מיט יסורים און טרויער די דאָזיקע שורות, אויף אַלע זייגער־ציפערבלעטער פון דער גרויסער נאַכטיק־איינזאַמער שטאָט. היינט קומט פאָר זיין לוויה. מען וועט אַרונטערלאָזן אין קבר אַריין זיין קורצן, זיין קליינגעוואוקסיקן גוף מיט די גאָלדענע מייסטער־הענט, וואָס האָבן דורך אַ לאַנגן לעבן פון 74 יאָר אַרויסגעבראַכט דאָס גאָלד און פייער פון דער שיינער און יונגער פרוי אין אַמעריקע. זאָל אים נישט די ערד, נייערט דער גרויסער בלויער הימל גרינג זיין אויף די ביינער...

מאָלנדיק אַ יינגע פרוי, אַן אַקטריסע, ווי עס איז געווען געמאָלדן אין די געקראָלאָגן, האָט אים דער טעמפער און געמיינער מלאך המות ברוטאַל אַ שלאָג געטאָן איבערן גרויסן און רונדיקן שאַרבן מיט זיין שווערן און אייזערנעם האַמער. ער האָט בשעת זיין רייך־שעפערישן לעבן, ווי רובענס, געמאָלן אפשר אַ טויזנט יינגע שיינקייטן. די מאָדעלן זיינע זיינען אויך מיט צייט־און־יאָרן, ווי אין אָסקאַר ווײלדס באַרימטן ראָמאַן „דער פּאָר־טרעט פון דאָריאַן גריי", געוואָרן עלטער און גרויער. אָבער אין סאָיערס קינסטלערישע ווערק, ווי אויף די מאָלערייען פון די רענעסאַנס־קינסטלער, זיינען זיי אויף אייביק געבליבן שטיין לויכטנדיקע ווי די זונען...

ער איז געשטאָרבן האַלטנדיק ביז דער לעצטער רגע פון זיין לעבן דעם פּענדזל פול מיט גאָלדענע פאַרבן אין דער האַנט. פון אידישקייט איז ער געווען אָפּגעפרעמדט, פונקט ווי זיין צווילינג־ברודער, דער מער־באַרימטער רפאל סאָיער, און זיין יינגערער ברודער יצחק. זיי האָבן אויך געהאַט אַ שוועסטער...

אָבער, ווי שוין געזאָגט, ער האָט אַריינגעפירט די יינגע אַמעריקאַנער פרוי אין דער וועלט־מאָלעריי. ער האָט געמאָלן דעם פּאָרטרעט פונעם אַרבעטער און דעם אַרבעטסלאָזן; פון דעם אָרעמאַן און שיכּור; פון דעם איינזאַמען טרעמפּ וואָס שלאָפט אויף אַ באַנק אין שטאָטישן פּאַרק, איינ־

געוויקלט אין אַלטע צייטונגען, ווי אין תכריכים. ער האָט געמאָלן די אַמעריקאַנער טרויעריקעווירקלעכקייט אין דער צייט פונעם „קראַך", אין יאָר 1929, און יאָרן שפּעטער. ער האָט זיין לעבן געווידמעט דעם פאָלק...

משה סאָיער, מיין פריינט, איך קוש איצט, אין דעם נאָך חושכדיקן באַגינען, ערב דיין לוויה מיט געציילטע שעהען שפּעטער, דיין שטראַלנדיקע נשמה, דיין וואונדערלעכן געניוס מיט די גרויסע אַלבאַטראָסישע פליגל. מיט פּאַראַד פירן דיך די מלאכים אַריין אין גן־עדן, דו פּרינץ פון מאָלעריי אין ניו־יאָרק, וואו עס וואַרט אויף דיר דיין פאַרשטאָרבענע פרוי, די טענצערין; ווי אויך דוד בורליוק, דער גרויסער רוסישער קינסטלער, מיטן גלאָז קאָניאַק אין דער האַנט, און זיין פרוי, די קראַנקע אויפן האַרצן, מאַרי בורליוק...

אויף די טאַבורעטקעס אין דיין סטודיאָ האָב איך געזען ליגן די שענסטע ביכער פון דער קלאַסישער וועלט־ליטעראַטור, באַזונדערס פון די רוסישע שרייפטשטעלער טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, גאָרקי און אַנדרעיעוו. אָבער דיין באַליבטער שרייבער איז געווען טשעכאָוו. פונעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט האָבן זיך געהערט די שענסטע מעלאָדיעס פון באַך, בעטהאָווען און מאָצאַרט, בשעת דו האָסט געמאָלן די איינע שיינע און גראַציעז־בלאַסע פרוי, די טענצערין, אין אַ טויזנט וואַריאַציעס, דערמאָנענדיק אין דעם פראַנצויזישן מייסטער דעגאָ — אָבער אויף דיין אייגענעם גרויסאַרטיקן שטייגער, אין דיין פערזענלעך־לירישן און ראָמאַנטישן נוסח...

## הענעך קאָן דערציילט וועגן פּרצן

— איינמאָל קומט אַרויף דער גועניאַלער דערציילער אפרים קאַגאַ־נאָווסקי צו פּרצן אין אַ ברייטער פּעלערינע, ווי דער טייוול, לויט דער לעגענדע, אונטער גרויסע און טונקעלע פליגל. עס שטייט אין דרויסן, איבער וואַרשע, אַ שרעקלעכע היץ. מנחם באַריישאַ פרעגט קאַגאַנאָווסקין:

— וואָס טראָגט איר עפּעס, קאַגאַנאָווסקי, אַזאַ שווערע פּעלערינע אין אַ שטיקנדיקער חמימה?

— איך טראָג צעריסענע הויזן! — רוימט ער אין אַ סוד אין מנחמס אויער.

פּרץ דערהערט דאָס געמורמל, און ער נעמט תיכף אַרויס פון זיין וויבס לעדערנעם האַנט־בייטל עטלעכע מאַרקן און דערלאַנגט זיי זייטיק קאַגאַנאָווסקין, כדי ער זאָל זיך קויפן אַ פּאָר נייע הויזן...

## איר רעדט אפשר אידיש?

ביים צענטראַל־פּאַרק שטייען אַלטמאָדישע דראָשקעס מיט געדולדיקע פערד און עלטערע קוטשערס. טייל מענטשן, באַזונדערס טוריסטן, ווילן אַ

נאָך טאָן פון דער פאַרגאַנגענער צייט אין דער ריזיקער און מאָדערנער ניו־יאָרק.

— איר רעדט אפשר אידיש? — האָט געפרעגט דער אָפּגענוצטער באַלעגאָלע, אַ איד מיט אַ הויכן גלאַנציקן צילינדער, וואָס האָט אויס־געזען ווי אַ מיטגליד פון דער חברה קדישא.

— אַ ביסל! — האָט זיך שווערלעך אָנגעשטרענגט אַרויסצוברענגען אויף די „יענקישע" ליפּן זיינע אַ לייטיש אידיש וואָרט דער מיטליאָריקער אייגנטימער פון אַ ייִנגער פאַמיליע, וואָס זיינען אַוודאי טוריסטן, און וואָס זיינען געקומען צוגאַסט פון ערגעץ אַ ווייטער שטאַט. די פרוי, מיט זייערע ביידע ייִנגע טעכטער, זיינען געווען עלעגאַנט געקליידעט. (אין דער היים וואָלט מען געזאָגט: אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק.) זיי האָבן גליקלעכע געשמייכלט און געלאַכט ביי יעדער געלעגנהייט. איך האָב דערביי באַמערקט אַז אידיש ברענגט, ווייזט אויס, אַפילו דאָ, אין אַ פרעמדער און אינטערנאַציאָנאַלער סביבה, אַ גאַנץ פיינע באַלויבונג. עס וועקט אויף, זעט אויס, דאָס פאַרבאָרגענע „פּינטעלע איד". דער עלטערער און געניטער באַלעגאָלע ווייסט וואויל, אַז אַ אידיש וואָרט מאַכט ווייך אַפילו דאָס האַרץ ביי אַן אָפּגעפרעמדטן איד, און עס עפנט זיין לעדערן טייסטערל...

די דראָשקע האָט גערירט. דאָס פערדל האָט גענומען שטעלן פיס און האָט זיך שטילערהייט אַריינגעלאָזט אינעם חושך פון צענטראַל־פּאַרק, וואו עס זיינען דאָ און דאָרט געשטאַנען בוימער און סטאַטועס, באַלויכטענע פון די עלעקטרישע לאָמפּן. (היינטיקע צייטן וואָלט מען עס דרייסט געקענט אָנרופן אַ „דזשאַנגל".) דער עלטערער קוטשער מיטן הויכן צילינדער אויפן גרויען קעפּל, מעשה דיפּלאָמאַט, איז געזעסן אויפן פּראַנטאַוון געזעס פון דער דראָשקע. ער האָט לייכט אַ פּאַכע, אָדער אַ שמיצל געטאָן מיט דער בייטש איבערן ביינערדיקן רוקן פון דעם פערדל, וואָס איז געווען סיי דאַר און סיי אויסגעפּאַשעט. איך האָב זיך דערפילט עפּעס מאָדנע נאָענט און פאַרקרובהט צו דער אידישער פאַמיליע פון שטאַט טעקסאַס, אָדער פון אָקלאַהאָמאַ, דעם צענטער פון רייכע אויל־קוואַלן, וואו עס וואוינט אַגב מיינס אַ ברודער, אַן עלטערער בחור, וואָס שרייבט אַפילו אונטער צו ביסלעך. איך האָב דערפילט עפּעס אַזוינס ווי אַ בענקשאַפט צום הויפּט פון דער קליינער משפחה, וואָס סטאַרעט זיך פונדעסטוועגן נאָך צו רעדן אַ אידיש וואָרט. אין דער דראָשקע זיינען אַגב געזעסן גאַנצע דריי דורות, אַריינגערעכנט, פאַרשטייט זיך, דעם שוין גרוילעכן באַלעגאָלע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ געשמאַקן טיפּ פונעם ניינצענטן יאָרהונדערט; פון דער צייט פון דער דראָשקע, קאַרעטע, עקיפּאַזש און פון דעם פּראָסטן פערד־און־וועגעלע, וואָס מען האָט באַגעגנט אויף די וועגן פון אייראָפּע,

און אין די בלעטלעך פֿון אַמאָליקע מעמוארן, באַזונדערס אין קאַזאַנאָוואַס זכרונות און אין באַלזאַקס ראָמאַנען...

איך בין אַהיימגעגאַנגען אין דער שפּעטער נאַכטיקער שעה פֿונעם צענטראַל־פּאַרק. עס שמעקט דאָ עפּעס, זע איך, מיט פּאַריז, מיט ווענעציע, מיט לאָנדאָן און מיט ווין. מען זעט דאָ שפּאַצירן מאַסן אויסלענדער, טוריסטן פֿון אייראָפּע און סוחרים פֿון דרום־אַמעריקאַנישע לענדער. מען זעט דאָ גבֿירים און מאַגנאַטן, ווי אויך אַלערליי שיינע פּרויען, וואָס טראָגן נאָך אַפֿילו ווינטערדיקע שטיקלעך פֿוטער און עלעגאַנטע פֿעלצלעך אויף זייערע נאַקעטע און געטאָקטע פּלייצעס. אַן עלטערע און גרווילעכע טויב בלאָנ־דזשעט דאָ אַרום אין שפּעט־ביינאַכטיקער איינזאַמקייט. זי פּלאָנטערט זיך צווישן די פֿיס פֿון די מענטשן. זי קען, ווייזט אויס, היינט ביינאַכט נישט שלאָפֿן רויק. עפּעס אַ פּיינלעכע מחשבֿה מאַטערט איר אַוודאי. איך טראַכט: ווי דאָס לעבן טומלט דאָ! ווי אַזוי דאָס לעבן איז ממש מנצח דעם טויט. דאָס לעבן וויל בלייט און קעניגלעך געלעבט ווערן. בלויז אויף אַ בית עולם הערפּילט מען די פּאַראַליזירנדיקע קראַפֿט פֿון טויט וואָס מעקט אָפּ, ווי עס גייט די מליצה, לענדער, פֿעלקער און גאַנצע אימפּעריעס. וואָס פּאַרוואַנדלט אויף שטויב און שפּינגעוועבס מדינות און קעניגרייכן...

איך גיי דאָ פֿאַרביי אַ סך מענטשן. אָבער אין דער נאַכט הער איך פֿון דער וויטנס דעם אָפּקלאַנג פֿונעם פֿאַרצייטישן פֿערדל וואָס האָפּקעט אונטער אויפֿן אַספֿאַלט פֿון שאָסיי. איך הער די פֿראַגע פֿונעם עלטערן באַלעגאָלע וואָס קלינגט צו מיר אַזוי מין היימיש:

— איר רעדט אפֿשר אידיש?!

— אַ ביסל! — ענטפֿערט דער מאַן און אַלע פֿון זיין קליינער משפּחה צעלאַכן זיך...

## די העלדישע גאַנדז

עס איז שווער צו זאָגן באַשטימט צו וועלכער צייט אין זיין לעבן אַ שרייבער הויבט אָן צו שרייבן, פּונקט ווי עס איז שווער צו זאָגן ווען אַ קינד הויבט אָן צו שטעלן זיינע ערשטע אומזיכערע טריט אין דער וועלט. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מיין מוטער אַרויסגענומען אַ שטיקל קרייד פֿון אַ יאַפּאַנישער שקאַטולקע מיט אַלטמאָדישע קנעפּ, העקעלעך און זאַ־טשאַסטקעס. זי האָט צו מיר געזאָגט:

— שיעלע, ווען דו ביסט געווען אַ קליין ייִנגעלע, האָסטו מיטן דאָזיקן שטיקל קרייד פֿאַרשריבן די ווענט פֿון די הייזער אין אונדזער דאָרף. די פּויערישע שכנים האָבן אַפֿילו פּראָטעסטירט. יאָ, ווייזט אויס, אַז דו האָסט שוין קליינערהייט גערן געהאַט צו שרייבן...

מיין האַנט האָט געציטערט בשעת איך האָב געהאַלטן דאָס שטיקל קרייד צווישן די פֿינגער. דער ווינט און דער רעגן, וואָס איז געפֿאַלן פֿון

דעם פוילישן הימל, האָבן שוין לאַנג געהאַט אויסגעווישט און אָפּגעמעקט די קינדיש־אומגעלומפּערטע קרייד־צייכנס אויף די ווענט אין אַ פּוילישן דאָרף. איך האָב שוין זינט יענער צייט ממש פאַרנוצט גאַנצע פלעשער מיט טינט. אפשר האָט זיך טאַקע אין יענע קינדישע יאָרן אָנגעהויבן, אַזוי צו זאָגן, מיין „ליטעראַרישע קאַריערע"...

שפּעטער איז געשען אַ פאַל, וואָס האָט אַוודאי געמאַכט אויף מיר אַ טיפן איינדרוק. מיינע עלטערן האָבן מיך, ווי עס איז קענטיק דורכן עפּיזאָד וואָס איך וויל דאָ באַשרייבן, באַטראַכט פאַר עפּעס אַ מאָדנעם פאַרשוין, וועמענס כאַראַקטער עס פּאַסט טאַקע פאַר אַ שפּעטערדיקן טיפּישן ליטעראַט. איך האָב איין מאָל, אין אַ טאָג פון ערב יום־טוב, געטראָגן אַ גאַנדז צום שוחט. צוריקקערנדיק זיך אַהיים מיט דער געשאָכטענער גאַנדז, האָב איך צו מיין פרייד באַמערקט אַז זי לעבט נאָך. זי האָט זיך געצאַפּלט אַ נישט־דערקוילעטע אין מיינע הענט. איך בין זיך רואיק געגאַנגען לענגאויס פונעם טייך־ברעג. פלוצלינג האָב איך רחמנות געקראָגן אויף דעם בלוטנדיקן באַשעפעניש. איך האָב זי אַריינגעלאָזט אינעם מוטנעם וואַסער. מיט צעשפּרייטע פליגל האָט זי, נישט־טויט און נישט־לעבעדיק, זיך אימפּעטיק געלאָזט שווימען מיטן שטראָם. איך האָב תיכף דערפילט די געפאַר: איך בין איר נאָכגעלאָפן און געוואָלט זי צוריק אַרויסכאַפּן פון וואַסער. זי איז אָבער פאַרשוואונדן געוואָרן ביזן היינטיקן טאָג, מיטן איבערגעשניטענעם האַלדז אירן. איר רירנדיקער דראַנג צו לעבן און צו פרייהייט איז מיר אויף אייביק אַריין אין האַרצן, ווי אַ פייער...

מען קען זיך שוין וואויל פאַרשטעלן וואָס פאַר אַ גרויסאַרטיקן באַנקעט מיינע עלטערן האָבן מיר געמאַכט, איבערהויפּט מיין דערצאָרנטער טאַטע, ווען איך בין אַהיימגעקומען מיט רויט־איינגעשמירטע הענט פונעם אומשולדיק־פאַרגאָסענעם בלוט...

— וואו איז אַהינגעקומען די גאַנדז? — טאַטע־מאַמע פרעגן עס נאָך ביזן היינטיקן טאָג אויף יענער וועלט...

די העלדישע גאַנדז איז אַוודאי גלייך אַוועקגעשוואומען אין גן־עדן אַריין, כדי דאָרט צו זיין צוזאַמען מיט אַלע צדיקים און הייליקע. מלאכים האָבן זיכער מיט זייערע טרערן אָפּגעוואַשן דאָס בלוט פון איר גערגל...

## נאָך שענער פון דער כלה

ווען איך בין געווען אַ קליינטשיק ייִנגל, בין איך איין מאָל אין דער נאַכט מיטגעגאַנגען מיט דער מאַמען אויף אַ היימישער חתונה. עס זיינען דאָרטן געווען פאַרזאַמלט אַ סך שיינע פרויען מיט זייערע געראָטענע מאַנס־פאַרשוינען. די ווייבער האָבן פרום געלויכטן מיט זייער צירונג פון גאָלד און בריליאַנטן, און מיט זייער אייגענער שיינקייט, וואָס גאָט האָט זיי געשאָנקען אין זיין גענאָד. קלעזמאָרים האָבן געשפּילט באַטעמטע און

זעלטנשיינע מעלאָדיעס. פאַרלעך האָבן געטאַנצט אַזעלכע ליכטיקע, האָבן ממש געשוועבט אין דער לופט ווי שיכורע מלאָכים...

מען האָט געגעסן האָניק־לעקעך און געטרונקען ווײַן פון גילדערנע בעכערס. די כלה אַליין איז געווען אָנגעטאָן אין זייד און אין סאַמעט. איר בלייך און רונדיק פּנים האָט אַזוי צניעותדיק געלויכטן ווי אַ פרומער שטערן ביינאַכט אויפן טונקעלן הימל אָדער ווי אַן ערשט־צעבליטע בלום אין פרילינג...

איך האָב זיך די גאַנצע צייט פעסט אָנגעהאַלטן אין דער מאַמעס געלן קלייד, וואָס זי האָט נאָך געטראָגן זינט איר אייגענער חתונה מיטן טאַטן. אָבער אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך אָפּגעלאָזט דער מאַמעס קלייד און, אין דעם געדראַנג, בשעת מען האָט אַזוי לוסטיק געטאַנצט, און די, ווי מיט סאַזשעס פאַרקאָפּטשעטע, און מיט גאָלד־געפאַרבטע קלעזמאָרים האָבן געשפּילט, האָב איך פאַרלוירן די מאַמע. איך האָב אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען. עפּעס האָבן מיך איצט געשראָקן די פרעמדע און אומבאַקאַנטע פּנימער פון אידן, וואָס האָבן מיך ערשט מיט אַ ווײַלע צוריק געהאַט דערפרייט און געוואַרעמט. דעם בדחנס פּנים האָט איצט צו מיר אויסגעזען ווי דאָס קרייד־ווײַסע פּנים פון אַ שד. אַפילו דאָס האַסטיקע לאַכן פון דעם בדחנס גלייכווערטלעך און וויצן אויפן אַדרעס פון די רייכע בעלי־בתים אין שטעטל האָבן מיך איצט געשראָקן. פרויען, געדענק איך, וואָס איך וואָלט אַפילו היינט אויך געהאַלטן פאַר גאָר וואָזשנע שיינקייטן, האָבן מיך געקושט און געהאַלדזט. מען האָט מיך געזוכט צו באַרואיקן מיט אַלערליי נאַשוואַרגן. עפּעס אַ אידיש־שמייכלענדיקער מלאך אַזאַ, מיט אָפּגעפאַרבטע באַקן, ווי אַ מיידל, האָט מיר צוגעטראָגן צו די ליפּן אַ גרויסן כוס ווײַן און האָט מיך ווי געצוואונגען אים צו טרינקען, פון וואָס איך בין געוואָרן שרעקלעך שיכור. אָבער איך האָב פאָרט נישט אויפגעהערט צו וויינען. עס איז מיר, געדענק איך, אַדורך עפּעס אַ געדאַנק אין מוח, אַז די מאַמע מיינע איז פשוט פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער נאַכט, אַ ביסל אַ שיכורע און לוסטיקע פון ווײַן, און זי האָט מיך איבערגעלאָזט אַליין אויף דער וועלט צוזאַמען מיטן טאַטן...

— ווי אַזוי זעט אויס דיין מאַמע? — האָבן מיך געהאַלטן אין איין פרעגן מיט געגנוג־קענטיקן חוזק די שיינע ווייבער אויף דער וואונדערלעכער חתונה. די כלה אַליין האָט זיך צוגעבויגן צו מיר און מיך געגלעט...

— ווייסט איר דען נישט ווי אַזוי מיין מאַמע זעט אויס? — האָב איך זיך געוואונדערט. — זי איז די שענסטע פרוי פון אַלע פרויען דאָ...

— זי איז אַפילו נאָך שענער פון דער כלה אַליין? — האָבן די צאַרטע פרויען, ווי געמאָלענע מיט גאָלד און באַרוישטע פונעם מעד, צובויגנדיק זייערע פערלדיקע פּנימער צו מיר, געפּרואווט אָפּחוזקן פון מיר.

— יאָ, טויזנט מאָל שענער פון דער כלה אַליין! — האָב איך פאַר־זיכערט.

— אויב אַזוי, ייִנגעלע, וועלן מיר באַלד געפינען דיין שיינע מאַמע. וויין נישט און שרעק זיך נישט...

מען האָט מיך טאַקע באַלד צונויפגעפירט מיט דער גוטער מאַמען מיינער. איך בין מיט פרייד אַריינגעפאַלן אין אירע אָרעמס. אַ שפּילקעלע פון איר זיידענער בלוזקע, געדענק איך, האָט מיך לייטיש אַ שטאָך געטאָן. די מאַמע האָט מיך אָבער שטאַרק געקושט, האָבנדיק געהערט מיין „באַשיי־דענע" מיינונג, אַז זי איז די סאַמע שענסטע פרוי אויף דער חתונה. טרערן פון פרייד זיינען געשטאַנען אין אירע זיידענע אויגן. איך האָב אָנגעכאַפּט איר געל קלייד ווי עפּעס אַ לופטיקן וואָלקן וואָס נידערט שטיל צו דער ערד אין זיין הימלישן געגנאַד, כדי צו שטילן איר דאָרשט. איך האָב זיך שוין איצט געפילט אַזוי זיכער אין דער וועלט..

עס טרעפט, אַז איך גיי אַהיים שפּעט ביידערנאַכט פון טומלדיקע פאַרזאַמלונגען, צי פון אַ סעודה און באַנקעט, צי טאַקע פון ערגעץ אַ היימישער חתונה, זע איך ווי עס גייט מיר שטילערהייט נאָך מיין טונקעלער און סאַמעטענער שאָטן ביי דער זייט, און אויבן, אויפן גרינלעך־בלויען הימל, פריש אָפּגעמאָלן און נאָך נאַס פון די פאַרבן, לויכט שטיל די קופּערנע לבנה. דאָס טריפנדיקע ליכט אירס דערמאָנט מיך אין דער מאַמעס ברייטן און געלן קלייד, וואָס זי האָט שווייגנדיק געטראָגן דורכן גאַנצן לעבן אירן, פון דער חתונה אָן ביזן קבר... און אין דעם דאַזיקן קלייד אירן זיצט זי אויך אין גן־עדן, אויף דער גאָלדענער שטול, צווישן די לויטערע צדיקים...

## דער קעניגלעכער בעטלער

פון די קינדערישע יאָרן איז געבליבן שטיין אין מיין זכרון דאָס שטאָלצע, ממש מאָנומענטאַלע געשטאַלט פון איינעם אַ אידישן בעטלער. פאַרוואָס עפּעס האָט דער קאַפּריזנער זכרון פאַרגעסן אַ סך מענטשן פונעם ליבן און היימישן אַמאָל, און דווקא ער, דער בעטלער, איז געבליבן שטיין אין מיין זכרון, און אין האַרצן, ווי אויף אייביק איינגעקריצט, איז מיר שוין איצט שווער צו פאַרשטיין. ווייזט אויס אַז דער פרינץ־זכרון פאַרמאָגט זיין אייגענע לאָגיק, זיין קאַפּריז און סיבה דווקא צו פאַרגעדענקען איינעם, און אַן אַנדערן אויסצומעקן און צו פאַרגעסן אויף אייביק...

איז דער דאָזיקער אַנטיטשנער בעטלער, ווי געזאָגט, געבליבן שטיין אין מיין געדעכעניש ווי דאָס געשטאַלט פון ממש אַ קייסער: הויך, מעכטיק און שטאָלץ. עס האָט אים בלויז געפעלט אַ גאָלדענע קרוין אויף זיין מאַסיוון קאָפּ מיט צעפלאָמט־רויטלעכע האָר, ווי ביי אַ משוגענעם, וואָס ברענט אין זון־אונטערגאַנג. איין מאָל אין אַ זומערדיק־שיינעם טאָג, איז

ער טאַקע געקומען אָנצוגיין מיטן דאָרפישן וועג. פון דער טיפעניש פון וואַלד איז ער פלוצלינג אַרויסגעקומען מיטן אימפעט פון עפעס אַ דעמ־בענעם בוים אין אַ שטאַרקן ווינט. ער האָט אַליין אויך אויסגעזען ווי אַ שטיק ווילדער און אוראַלטער וואַלד. אָבער ער איז עפעס באַלד געוואָרן גרין ווי אַ פעלד וואָס גייט אויף אין פריען, זאַפטיקן פרילינג, מאָכיק און שוויַגנ־דיק ווי די סאַמע שטילקייט און געדיכטעניש פון דער נאַטור, אין דעם גרויסן לויטערן טאָג פון דאָרפישן מיטנזומער, ווען דער וואַלד שטייט אַוועקגע־שטעלט פון גאָט אַליין אינמיטן וועלט ווי אַן אומגעהויערער, סודותדיקער פּאַלאַץ, פול מיט וואונדער, מעשה און געהיימניש...

ווי נאָר ער האָט אויפגעפּראַלט אונדזער היימישע טיר, האָט ער גלייך אָנגעהויבן צו שרייען, צו קאָמאַנדעווען, צו באַקלאָגן זיך, אַז ער איז הונגע־ריק ווי אַ וואָלף און דורשטיק אין די געדערים, וואָס ברענען ממש, און ער האָט מיט אַ הייזעריק־שטאַרקן און עפעס ווי אָפּשרעקנדיקן קול שטרענג באַפוילן אַז מען זאָל אַוועקשטעלן פאַר אים אַ היפּשן מאָלצייט. אַזוי ווי מיר האָבן געוואוינט נעבן דעם שאָסיי, ביים ברעג פון אַן אימהדיקן וואַלד, אויף וועלכן אַלערליי אידן, מערסטנס בעטלערס און מאָדנע, פאַרבאָרגענע שליחים, זיינען געגאַנגען פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, האָבן מיר איינגעאָרדנט אין אונדזער הויז אַ שטיקל גאָרקיך, אַ סאָרט רעסטאָראַציע, און טאַקע טיילווייז דערפון געצויגן אונדזער בידנע חיונה.. איז די מאַמע, זי זאָל זיך מיען פאַר אונדז אין דעם ליכטיקן גן־עדן, תיכף אַרויסגעלאָפן צו די הינער און האָט אַריינגעבראַכט פרישע אייער, וואָס זיי האָבן ערשט געהאַט געלייגט, און זיי זיינען נאָך געווען וואַרעם מיט זייער פיזישער וואַרעמקייט. מען האָט פאַרן אויסגעהונגערטן איד צוגעגרייט אַ מאָלצייט ווי פאַר אַ שררה. עס איז, וואָס אַן אמת, געווען שווער צו זעטיקן זיין מוראדיקן אַפּעטיט, פּונקט ווי ער וואָלט ממש געהאַט געפאַסט יאָרנלאַנג. וויפל מאכלים און געטראַנקען מען האָט נאָר אַוועקגעשטעלט אויפן רחבות־דיקן טיש, האָט ער אַלץ גלייך פאַרצערט, און האָט נאָך געפאָדערט מער און מער. קעז מיט סמעטענע; ערשט־געבראַכטע שמעקעדיקע פּירות פונעם געדיכטן סאָד, מיטן סאַמעטענעם טוי ווייך געמאָלן פון דער נאַטור אַליין אויף זייערע גילדערנע הויטן; פלעשער מיט וויין אַזש פון ירושלים, וואָס זיינען געשטאַנען פאַרבאָרגן אין דער קילקייט פונעם טונקעלן קעלטער. דערנאָך שוין כמעט ביים סוף פונעם רייכן מאָלצייט, האָבן מיינע שוועסטערן אים צוגעטראָגן גלעזער טיי מיט ציטרין, פאַרזיסטע מיט פסחדיקן ווישניאַק, מיט די טייערסטע סאָקן. מען האָט אים אויך דערלאַנגט אויף אַ זילבערנעם בעכער זיסע קיכלעך, וואָס די מאַמע האָט אַליין געבאַקן לכבוד שבת און אַ יום־טוב־טאָג. אָבער פאַרן בעטלער איז דאָס אַלץ נישט געווען גענוג. מען האָט שוין פאַר אים אויך געהאַט אַוועקגעשטעלט דאָס באַטעמטע

איינגעמאַכטס, וואָס מען האָט צוגעגרייט פאַרן ווינטער. און אויך פּאָווידלע פון די פיינסטע פלוימען פון אונדזער סאָד, און ערשט־אָפּגעקאָכטן קאָמפּאָט פון געשמאַקפולע עפּל און באַרנעס. אָבער דער קיינמאָל נישט־געזעטיקטער איד האָט נאָך אַלץ געפּאָדערט נייע און פרישע מאכלים און כלערליי זיסע געטראַנקען און געבעקסן; ווי זיין מאָגן וואָלט גאָר קיין שום דנאָ נישט פאַרמאָגט. מען האָט שוין איצט מיט רעכט ערפּעס אָנגעהויבן מורא צו קריגן אַז סוף־כל־סוף וועט ער נישט קיין חשק האָבן צו באַצאָלן פאַרן גרויס־אַרטיקן מאָלצייט, וואָס מען האָט פאַר אים געשטעלט אויף אַ ברייטן טיש, וואָס איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ הערלעך יום־טובדיק טישטוך, ווי פאַר אַן אמתן מלך...

ביים סוף פונעם לאַנגן מאָלצייט, שוין קענטיק אַ ביסל זאַט געוואָרן פון די זעלטענע מאכלים, און אַ פאַרשיכורטער פון די קאָסטבאַרע געטראַנקען, וואָס האָבן אָפּגעלויכטן מיט גאָלד אין דעם פּרעכטיקן זון־אונטערגאַנג, איז אונדזער אורח אין אַ פּראָסטן און וואָכעדיקן טאָג, טיף איינגעשלאָפן, און אַפילו אָנגעהויבן פעסט צו שנאָרכן. ערשט ווען די זון האָט זיך שוין רויטלעך־און־טונקל געגומען זעצן אויפן מערבדיקן האָריזאָנט, האָט ער דערוואַכט און געעפנט אַ פּאָר רויטע און שיכורלעכע אויגן. איצט האָט ער זיך ענדלעך געגומען גרייטן אין וועג אַריין...

— פּעטער, פריער וועט איר זיין אַזוי פריינטלעך און אונדז באַצאָלן פאַרן מאָלצייט! — האָט דער טאַטע, וואָס האָט שוין באַלד פון אָנהויב פון דער קעניגלעכער סעודה פאַרן געקומענעם אורח, געהאַט אַן אומהיימלעכן פאַרגעפיל, געזאָגט צו אים.

— פּאַר ברויט מיט ציבעלעס באַצאָלט מען נישט. דאָס קומט מיר!

— האָט דער בעטלער אויסגערופן, און זיין פעט פנים איז ממש רויט געוואָרן פון רציחה...

— ס'טייטש, איר האָט דאָך ביי אונדז געגעסן עפּעס מער ווי ברויט מיט ציבעלעס. איר האָט דאָך גאַנץ בריוחדיק אַריינגעהאַקט די ריכטיקע סעודה. מיר האָבן דאָך אייך דערלאַנגט אַלץ וואָס עס איז געווען צוגעגרייט ביי אונדז אין הויז. אונדז אַליין, מיט די קליינע קינדער, וועט דאָך אויסקומען אַציגד צו הונגערן! — האָט דער טאַטע צו אים געטענהט האַלב מיט כעס און האַלב מיט געבעט...

עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. דער פרעמדער מאַן האָט כסדר איבער־געחזרט זיין מאָדנעם לייט־מאָטיוו: פּאַר קיין ברויט מיט ציבעלעס באַצאָלט ער נישט קיין אייניציקן גראָשן. דאָס קומט אים אַלס אורח, אָדער, ווער ווייסט, אַלס פאַרבאָרגענער שליח... ווער קען וויסן צי ער האָט באַוואוסט־זיניק געשפּילט קאָמעדיע, אָדער ער איז געווען באַזעסן פון עפּעס אַ טונקל משוגעת...

דער סוף פון דער מעשה איז געווען, אַז דער מאָדנער אורח האָט נאָך

אין דעם זעלביקן אָוונט אָוועקגעשפּאַצירט אין וואַלד אַריין, און ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן ביזן היינטיקן טאָג. יאָרנלאַנג האָט מען דערנאָך גערעדט וועגן אים, און מען האָט תמיד איבערגעחזרט ווי דעם רעפריין פון אַ פאָלקס־ליד: „פאַר קיין ברויט מיט ציבעלעס באַצאָלט מען נישט. דאָס קומט מיר!...״

צי האָט זיך דער בעטלער געמאַכט תמעוואַטע, און אַזוי אַרום אויס־גענאַרט ביי אונדז, אָרעמעלייט, אַ קאָסטבאַרן מאָלצייט? צי איז ער גלאַט אַזוי געווען אַ משוגענער, וואָס איז אפשר אַנטלאָפן פון די „באָניפראַטן״? (אַ פּאָפּולער הויז פאַר גייסטיק־קראַנקע אין וואַרשע). ווער און וואָס איז ער אייגנטלעך געווען? די מאַמע, ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, האָט אויסגעטייטשט אַז ער איז געווען אַ „נישט־גוטער״, איינער פון „יענע לייט״, אַ שד. אלא ער האָט דאָך באַשיימפּערלעך געקייט מיט אַ געזונטן און מענטשלעכן אַפּעטיט, און אַן אמתער שד איז דאָך עפּעס נישט טועם פון קיין מענטשלעכע שפּייזן און געטראַנקען? איז טאָקע שווער צו פאַרשטיין. און עס איז געבליבן שטיין אַ רעטעניש אין אונדזער שטוב אויף לאַנגע צייטן...

פונדעסטוועגן, דאַכט זיך מיר, אַז דער געהיימנישפולער איד איז שוין דווקא יאָ צוריקגעקומען צו אונדז, אויב מען קען און מען וויל דערין גלויבן. אָבער יעדעס מאָל איז ער געווען פאַרקליידט אין דעם געשטאַלט פון אַן אַנדערן. אָט האָב איך אין איינעם אַזאַ איד דערקענט זיין לאַנגע און רויט־לעכע באָרד, ווי די לבנה. אין אַן אַנדערן איד — זיינע רויט־אָנגעצונדענע אויגן, ווי ביי אַ פיש. ביי אַ דריטן איד — דאָס פאַרוואַקסענע מויל זיינס, מיט קאַליעדיק־צעפּוילטע ציין. ביי אַ פערטן פאַרשוין האָט עס אויסגעזען ווי עס וואָלט שטיל געלויכטן אויף זיין גרייז־גרויען און אַלטן קאָפּ אַ גאָלדענע קרוין. איך האָב דורך די יאָרן שטענדיק אים געזען זיך אומקערן צו אונדז אין אַן אַנדערן, פאַרענדערטן געשטאַלט. אָבער עס זיינען אין אים פאַרט געווען די שטריכן פון דעם זעלביקן איד, דעם פאַרבאָרגענעם שליח. אַזוי ווי עפּעס אַ לעגענדאַרישע פיגור פון פאַרצייטנס, וואָס גייט אַרום איבער היימען־און־הייזער פון די קליינע אידישע שטעטלעך, און מען דערקענט אים וואויל: מען וואָלט ממש געקענט שווערן אַז דאָס איז ער אַליין, אליהו הנביא, וואָס קומט צוגאַסט בשעתן פייערלעכן סדר ביי אידן, און ער טרינקט שוויגנדיק אויס די גאָלדענע בעכערס מיט וויין — אַגב אויך פאַר „אומזיסט״. אָבער ער באַצאָלט מיט זיין גרויס ליבשאַפט צום פאָלק...

וואָס שייך אים אַליין, דעם בעטלער, וואָס האָט אונדז טאָקע נישט געוואָלט באַצאָלן פאַרן מאָלצייט, האָט ער פונדעסטוועגן אונדז פאָרט געבראַכט אַ מתנה — אַ מעשה וועגן אים, וואָס מיר געדענקען שוין אויף תמיד, און מיר לאַכן אַ סך, און מיר האָבן טאָקע גרויס פאַרגעניגן ביים

דערמאָנען זיך פון אונדזער אַמאָליקער היים, און פון אונדזער קינדהייט. דער „ליטעראַט" אין מיר האָט חשק געהאַט אים צו פאַרוואַנדלען אין נישט קיין אַנדערן ווי אין דעם הערלעכן אליהו הנביא, וואָס איז אַזוי שטאַרק באַליבט ביי אַלע אידישע דורות; אָדער אין אַן אַנדער הייליקן געשטאַלט. ער איז אָבער געווען אַזאַ פאַרגרעבטער כאַראַקטער, וואָס האָט זיך פאַרט נישט געלאָזט פאַראידעאַליזירן...

## דאָס קינד און דער זקן

פון דער מאַמעס רויער טראַכט גייט אַרויס אין אַ פינצטערער מיטנאַכט דאָס ניי־געבוירענע עופּהלע מיט דער זיידענער קלאָרקייט פון אַן ערשט־געפאַלענעם שניי. צו דער מאַמע־ערד קערט זיך אום, נאָך אומגעפער די זיבעציק יאָר, אַן עלטערער, טונקל־פאַרפלעקטער און רויט־פאַרזשאַווערטער מאַן, וואָס ציטערט פון אַנגסט און פחד. אָפטמאָל טרעפט אַז מען נעמט אַזאַ זקן־רעוואָלוציאָנער, אָדער גענגסטער, אַראָפּ פון דער הויכער תליה אין דעם בלויען פאַרטאָגס, וואָס טריפט אָפּ פון הימל מיט טרערן און מיט טוי...

## ער איז אַנטלאָפן פון גאָט

ווי יענער אַלטער און טרויעריקער נביא האָט ער אויך געפּרואווט צו אַנטלויפן פון גאָט. די שטערן זיינען אים נאָכגעלאָפן ווי פאַרשאָלטענע משוגעים, מיט פאַרענדערטע פּנימער און מיט געזאַלציק־פאַרטרערטע אויגן. ער איז געווען בלייך ווי דער פּרינץ דניאל צווישן די לייבן אין דער הייל פון די חיות, אָבער אין זיינע אויגן זיינען רואיק געשטאַנען געטלעכע פלאַמען...

## ווי געפאַנגענע נאָך אַ שלאַכט

איך בין היינט געווען ביים ים. דער הימל איז געוואָרן באַדעקט מיט וואָלקנס פון טינט, וואָס האָבן געדראָט איינצושלינגען די וועלט. איין טייל פונעם דרויסן האָט געשיינט מיטן ליכט פון טאָג, מיט האָפענונג און אָפּטימיזם. אָבער אין דעם אַנדערן טייל פון דרויסן האָט געהערשט חושך מצרים. פּלוצלינג זיינען אָנגעקומען אַ גרופּע גייסטיק־צוריקגעשטאַנענע קינדער, מיט פּאַוואָליעדיקע באַוועגונגען, און מיט „אַזיאַטישע" פּנימער. אַזעלכע שטייפע מאַראַנס וואָס זיינען פיזיש־מיאוס, ווייל דער גייסט לויכט נישט אין זיי. עטלעכע פרויען האָבן זיי שוויגנדיק באַדינט. זיי האָבן פאַרשנורעוועט זייערע לויזע שיך, פאַרקאַמט מיט אייזערנע קאַמען זייערע גראָבע חזיר־האָר, זיי אָפּגעווישט דעם שוויס פון די פאַרשטייפטע פּנימער. זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט ווי געפאַנגענע נאָך אַ שרעקלעכער שלאַכט. דערנאָך האָט זיך ראַפּטום אַראָפּגעלאָזט אַ שלאַקס־רעגן. דער ים האָט זיך געקאָכט ווי אַ טייוולישע געקעכטס. די כוואַליעס האָבן ציניש געלאַכט און געשפּעט. דער הימל האָט זיך געשפּאָלטן, און אַ בליץ, ווי אַ גאָלדענער אָדער, האָט גענומען טריפן מיט בלוט...

## וואו־טשען

איר קוקט אויף דער צייכענונג „באַמבו אין ווינט", פון וואו־טשען, אַ פּאַרצייטישער כינעזישער קינסטלער. דער צייכענער האָט אַליין קאַלי־גראַפיש אויפגעשריבן די פּערזן צום בילד: „דער באַמבו איז פון דער נאַטור כמעט נישט באַשאַנקען מיט געדאַנקען. פונדעסטוועגן זעט מען ווי זיינע מחשבות שיינען צו דערגרייכן ביז צו די וואָלקנס. שטיל שטייט עס זיך אין דעם איינזאַמען געבירג, געאיידלט, פאַרשטעלנדיק דעם כאַראַקטער פון אַ נאַבלמאַן".

יאָ, דער אומעט פון אַן איידעלן מענטש איז אַריינגעטאָן אין דעם בויגעוודיקן באַמבו־צווייגל. זיינע בלעטער זעען אויס צו זיין אַדורכגענומען פון מענטשלעכן טרויער, און צו זיין אָנגעזאַפּט מיט די געדאַנקען פון אַ סטאָיקער. די בלעטלעך זיינען ענלעך צו די מיסטעריעזע אותיות פונעם כינעזישן געשריפטס, און צו זיינע פאַרבאָרגענע אידעען. דיכטער און צייכענער האָבן צוזאַמען באַשאַפן אַ באַשיידן קונסטווערק, וואָס רעדט נאָבל און אינטים צום אייביקן עולם, וואָס שאַצט אָפּ מיט דאַנקבאַרקייט פּאָעזיע און שיינקייט...

## גליצענשטיינס אַ געדאַנק

— די אידן האָבן פון תמיד אָן, זינט דעם חורבן פון זייער מלוכה, געוואַנדערט. זיי האָבן קיין מוזעאומס נישט געקענט מיטטראָגן. שיינקייט איז געווען אַ לוקסוס, ווייל עס האָט געהאַט וואָג. קונסט? וואו טוט מען דאָס אַהין? וואו שטעלט מען עס אוועק, ווען די ערד איז נישט אונדזערס? אויף וועלכע עפנטלעכע פּלעצער שטעלט מען אויס די מאָנומענטן, ווען פיזיש פאַרמאָגט דער איד נישט קיין פּלאַץ אויפן פּלאַנעט? ער האָט דעריי־בער זיין גאָט געשטעלט אין די הימלען. אַזוי אַז וואו ער וועט זיין געצוואונגען צו וואַנדערן איבער דער ערד, זאָל גאָט אויך זיין איבער אים, אין די אומענדלעכע הויכקייטן פון קאָסמאָס. ער האָט פאַר זיין גאָט דעראָבערט דעם גאַנצן הימל, בשעת די פעלקער האָבן אונדז באַזייטיקט פון דער גאַנצער ערד. בשעת זיי האָבן אַפילו פון אונטער אונדזערע פיס אָפּערגענומען יעדן שפּאַן באָדן, כדי מיר זאָלן אַפילו נישט האָבן וואו אָנצושפּאַרן זיך. מיר האָבן דעריבער געמוזט איינטונקען אונדזערע פיבערנ־דיקע קעפּ אין דער בלויקייט פון רוים. און אַוועקגעמענדיק די אויגן פון אונדזערע אייביקע שונאים, האָבן מיר זיי געווענדעט צום פּנים פון אונדזער גאָט, וואָס פילט אויס מיט זיין עקזיסטענץ אַלע אומענדלעכקייטן...

## דאָס קונסטווערק פון פּאָמפּיי

אַ קליין קונסטווערק פון אייזן. אָבער דער אינהאַלט איז פון דעם ריינסטן גאָלד פון לעבן: אַ רוימישע מוטער הויבט אויף ביי זיינע דינע הענט איר ליבן און שלאַנקן יינגל. ביידע זיינען מוטער־נאַקעט. די מוטער

איז אַ פּולע, אַ ליבלעכע, מיט אַן אײַזערנעם לאָרבער־קראַנץ אַרום איר פּרעכטיקן שטערן. דאָס ייִנגל איז אַזוי צאַרט און חנעוודיק. עס איז די העכסטע און אײביקע טעמע: מוטער און קינד...

פּאָמפּיי, אַזוי ווי סדום, איז פֿאַרשאָטן געוואָרן מיט אַש און לאַווע. די מענטשן זײַנען לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוואָרן אין פֿײַער. זיי זײַנען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין מומיעס. נאָר עס איז געבליבן שטיין נאָכן שרעקלעכן חורבן אַ קליין אײַזערן קונסטווערק, אין דער פּולער שיינקייט פֿון רײַפֿער און שלימותדיקער קונסט. דער אײביקער סענטימענט, דער סימבאָל פֿון פֿאַראויספּלאַנצונג פֿון לעבן — מוטער און קינד — טראָגט זיך פֿון דעם שטילן און טויטן פּאָמפּיי מיט אַזאַ לויטערער קינסטלערישער קלאָרקייט און שיינקייט. אין אַ שטיקל פֿאַרזשאַווערט אײַזן איז געבליבן שטיין דער עסענץ פֿון דער מענטשהייט. דורך דורות רעדט צו אונדז דער סוד און די מחשבה פֿון דעם מענטשלעכן לעבן אויף דער ערד...

## צוויי מתים רעדן זיך אַראָפּ פֿון האַרצן

ערשטער מת: — איך האָב באמת געהאַט אַ הערלעכע לוויה. ממש אויף אַלע אידן געזאָגט געוואָרן אַזאַ זעלטענע לוויה, איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, פֿאַרשטייט זיך. די חשובסטע בעלי־הבתים פֿון שטעטל האָבן מיך באַגלייט. מען האָט געהאַלטן רירנדיקע הספּדים, און ממש הילכיק, ווי מיט גלעקער, געלויבט מײַנע מעשים טובים. און איצט זעסטו דאָך אַליין: קיין האָן טוט נישט אַפֿילו קיין קריי. קיין הונט באַוויַזט זיך נישט. קיין פֿויגל שמעקט נישט אַהער צו מײַן בידנעם יאָרצײַט...

צווייטער מת: — וואָס באַדאַרפֿסטו צו גיין ווײַט? אָט נעם מיך אַליין: זי האָט נעבעך אַזוי שטאַרק געקלאָגט און געיאָמערט, אַז זי איז שיִער נישט צעשמאָלצן געוואָרן פֿון טרערן. אַלע מײַנע קרובים זײַנען נאָכגעגאַנגען נאָך דעם אָרון מיט געבויגענע קעפּ. מען האָט מיך באַגראָבן מיט אַזוי פֿיל כבוד און פּאַראַד, אַז איך האָב זיך קוים געקענט אײַנהאַלטן אין קאַסטן. קיין שום גענעראַל, אָדער שטאַטסמאַן, האָט נאָך נישט געהאַט קיין שענערע לוויה. נו, איצט, צו מײַן יאָרצײַט, דאָס אײגענע וואָס ביי דיר. עס זאָל זיך כאַטש באַוויַזן אויפֿן קבר עפּעס אַ משוגענער, צי גלאַט אַמאָל אַ ליץ. אַזאַ מין שרעקלעכע אַנטוישונג! זי האָט שוין מסתמא חתונה געהאַט אויך. כאָטש זי האַלט מכלומרשט נאָך אין קרעכצן פֿאַר די ווײַבער...

ערשטער מת: — אַזוי איז עס, ברודערקע, מען דאַרף זיך נישט לייגן קיין פֿייגעלעך אין בוזעם. ביים לעבן מוז מען זיך כסדר מקריב זײַן פֿאַר די קינדער, פֿאַר די קרובים, פֿאַר אַלערליי קבצנים און אָרעמעלײַט; פֿאַר די קרומע, לאָמע און בלינדע; פֿאַר אינסטיטוציעס, פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. מען כאַפּט, מען צאַפּט ביי דיר אויס דאָס בלוט פֿון די אָדערן, מען צעגנבעט ממש גאַנצע פֿאַרמעגנס; מען נאַרט דיך תמיד אָפּ. אָבער דו ווײַזט אַרויס צו יעדן אײנעם גרויס געדולד. מען ווערט פּשוט אויס־

געריסן אַלעמען העלפנדיק. אָבער אַזוי גיך ווי מען מאַכט צו אַן אייגל, איז מען פּאַקטיש עלנט ווי אַ שטיין אין פעלד. ווען איך וואָלט פריער געוואוסט אַז עס וועט אַזוי אויסזען...

צווייטער מת: — נו, וואָס וואָלט שוין געווען ווען דו ווייסט טאַקע פריער?

ערשטער מת: — גאַרנישט, איך וואָלט זיך כאָטש נישט אָפּגענאַרט און נישט דערוואַרט נאָכן טויט קיין שום גליקן...

## ווערטער וועגן מיין טאַטן

מיין פאָטער איז געווען דאָס וואָס מען רופט אַן אין די היינטיקע צייטן אַ „פּרימיטיווער קינסטלער". עדות אויף זיינע קינסטלערישע פעאי־קייטן זיינען זיינע זילבערנע און גאָלדענע מאַלערייען פון בוימער, ווי מנורות אין בית המקדש; פון די פּנימער פון מענטשן און חיות; פון פייגל מיט ריזיקע פליגל; און פון כלערליי נישט־עקזיסטירנדיקע באַשעפענישן, די קינדער פון זיין פאַנטאַזיע. ער האָט ליב געהאַט די ווענט פון אונדזער וואוינונג, ווי אויך דאָס אַלטע און זינט לאַנגע יאָרן געניצטע מעבלוואַרג, צו פאַרצירן מיט אַלערליי פאַנטאַסטישע אָרנאַמענטן און באַפּוצונגען. ער האָט וויזט אויס, געפילט די שיינקייט פון דער פאַרב. ער האָט געהאַט דאָס פאַרגעניגן, די קינסטלערישע סאַטיספאַקציע פון לייגן קאָלירן, פון אַראַנזשירן די פאַרבן, און באַשיימפּערלעך פילן זייער געטלעכע שיינקייט, זייער געהיימנישפולע האַרמאָניע, ווי עס טוט דאָס די נאַטור אַליין אויף איר אינסטינקטיוון און גראַנדיעזן שטייגער...

מיין פאָטער האָט אויך געהאַט אַ נייגונג צו סקולפּטור, צו שניצערייען אין האָלץ. ער פלעגט מיט אַ סך געדולד אויסאַרבעטן פיגורן און סטאַ־טועטקעס פון פאַרשידענע פּניאָקעס, פון צעבויגענע צווייגן, וואָס זיינען בשעת אַ ווינט, אָדער אַ שטאַרקן רעגן, אַראָפּגעפאַלן איבעריקע פון די בוימער. ער האָט געזען פאָרעם און פאַרטיקע שאַפונג, וואָס איז געווען פאַרבאָרגן צום געוויינלעכן מענטש, אין פאַרשידענע מאַטעריאַלן, וואָס די נאַטור ברענגט אַרויס. ער האָט אויסגעשניצט הענטלעך צו שטעקנס, וואָס האָבן טיילמאָל פאַרגעשטעלט די גראַציעזע גופים פון נאַקעטע פרויען. ער האָט אויך אויסגעאַרבעט טייסטערס און פּאָרטפעלן פון די פעלן פון חיות, געפאַלענע אין די שלאַכטן, און פון זעלנערישע ראַניעצעס. ער האָט פון די אויסגעשאָסענע גילזן פון ביקסנקוילן געמאַכט רערן צו לייכטערס, מנורות און חנוכה־לאָמפּן. ער האָט אויך געמאַכט ליולקעס און ציגאַרעטנ־האַלטערס. ער האָט פאַרמאָגט, ווי דאָס פאָלק זאָגט, גאָלדענע הענט, און איך מעג צוגעבן, אַ רייכע קינסטלערישע פאַנטאַזיע. אָבער דאָס גאָלד האָבן אַנדערע מענטשן פאַרמאָגט, און ביי אונדז אין שטוב האָט געהערשט אָרעמקייט און דחקות. מען האָט זעלטן אָנגעזען אַ שטיקל ברויט אין אונדזער היים. די קינדער זיינען אַלע אויסגעוואַקסן שוואַכע, צעבראָכענע

מענטשן אין זייער שפעטערדיקן לעבן, ווייל זיי האָבן זיך קליינערהייט שלעכט דערנערט...

## דאָס אָנטאָפּן שטאָפן אינמיטן נאַכט

דאָס אָנרירן בשעתן אָנטאָן זיך דיינע מלבושים אינמיטן נאַכט מיט דיינע געטרייע און דיך וואַרעם־דינענדיקע הענט, ווי מיט צוויי געשוואוי־רענע קנעכט, וועלכע דו צאָלסט קיינמאָל נישט קיין פּרוטה. אָבער זיי ענדערן נישט זייערע געפילן צו דיר. דאָס פילן די וואַרעמקייט פון די שטאָפן וואָס שמעקן צו דיר מיט אייגן לייב־און־לעבן, און מיט אַלע וועטערן פון דיינע יאָרן. דאָס אָנטאָן דיינע קליידער מיט אַזוי פיל ליבשאַפט צו דיין געביין, צו דיין וואַרעמען לייב. זייער כסדרדיק באַשיצן דיך דורך די אַלע צייטן פון קעלט און ווינט, פון רעגן און שניי, פון האָגל און זאַווערוכע. און דיין וויינען, און די טרערן אין דיינע אויגן, ביים אָוועקוואַרפן ענדלעך אַן אַלט־און־אויסגעטראָגן מלבוש, וואָס האָט דיך, איבערצוחזרן דיינע אייגענע ווערטער, יאָרנלאַנג געוואַרעמט און דיך געשיצט פון שלעכטס און פון קראַנקהייטן, געטרייער ווי פעלדשערס און ווי דאָקטוירים פאַר געלט. עס זיינען נישטאָ קיין ווערטער אין דעם מענטשלעכן לשון צו קענען שילדערן דעם ווייטיק, יענעם רירנדיקן מאָמענט פונעם זיין געזעגענען זיך צו שיידן זיך מיט אַן אָפּגעטראָגענעם און געטרייען מלבוש. אין יאָרן שפּעטער געפינסטו נאָך אין דיינע קעשענעס די וואַרעמע פּערלמוטענע קנעפּ פון דיינע פריערדיקע מלבושים. דו רירסט זיי אָן ווי שטיקלעך פלאַמיקע רובינען אין אַ צירונג־שטיק; ווי זעלטענע בריליאַנטן. דו קושסט זיי; דו צערטלסט זיי; דו דאַנקסט זיי מיט טרערן אין דיינע אויגן פאַר זייער יאָרנלאַנגן דינען דיר, פאַר זייער געטריישאַפט, ווי אַ קעניג דאַנקט אָפּ מיט מתנות זיינע וועכטער, זיינע מענטשן, וואָס האָבן מיט זייערע לייבער אים באַשיצט דורך אַלע שלאַכטן פון לעבן. ער דאַנקט זיי ווען ער גייט אַראָפּ פון זיין טראָן אין די יאָרן פון זיין זקנה...

## די לבנה וועט אייביק לויכטן

דו אַליין וועסט שוין מער דאָ נישט זיין. אָבער איבער דיין בערגל ערד וועט אייביק די לבנה לויכטן געטריי ווי אַ מאַמע. עס איז גוט צו וויסן אַז דיינע ביינער וועלן זיך באָדן אין איר ליכט, אין דעם זעלביקן ליכט וואָס האָט באַגריסט דיין געבורט, דיין קומען פון אומבאַקאַנטע מרחקים אין דער וועלט אַריין. און צוליב וועלכן צוועק? ווער קען ענטפערן און באַשיידן דאָס רעטעניש?...

## די עלטערע פרוי און די שיכורע כוליגאַנעס

די עלטערע פרוי, אַזאַ דאַרע און קליינע ווי אַ פאַרוואָרלאָזטע ליאַלקע, וואָס איז פריצייטיק פאַרעלטערט געוואָרן נישט דווקא דורך צייט, נייערט

דורך צרות און אומגליקן אין איר לעבן, קומט פונדעסטוועגן מיט אירע לעצטע כוחות יעדן טאָג צום קליינעם סקוועך כדי צו שפּייזן מיט קרישקעס פייכטן ברויט די אַש־גרויע טויבן, און אַנדערע פייגל. דאָס איז איר איינציק פאַרגעניגן אויף אירע אַלטע טעג: צו שטילן דעם הונגער פון די אָרעמע באַשעפענישן. אָבער די כוליגאַנישע שיכורים, וואָס זיצן דאָ אויס זייערע זומערדיקע טעג, און זיי שיכורן, זויפן, שפּייען און רעדן נבול פה, און זיינען משתין צווישן די מאָגערע קושאַקעס פאַר אַלעמען אין די אויגן, וואַרפן שטיינער, שליידערן ליידיקע פלעשער פון בראָנפן און ביר, שלאָגן מיט די אַרומגעגריזשעטע ביינער פון די אויסגעגנאָגטע שטיקער פלייש די אָרעמע פרוי, די צדקות, און זיי שרעקן איבער די טויבן, וואָס צעפליען זיך מיט שרעק, און זיי שטעלן זיך אַוועק הויך אויף די בריקן פונעם עלעוויטאָר, און זיי קוקן נאָך מיט נאָסטאַלגיע ווי די גוטע פרוי איז געצוואונגען צו גיין אַהיים אַזאַ טרויעריקע און איינזאַמע צו איר קאַלט חדרל, ערגעץ אין אַ האַלב־חרובדיקן הויז...

## „ווען דער שפּילער האָט געשפּילט, איז די האַנט פון גאָט..."

טויזנט מאָל וועסטו איבערחזרן דאָס לייענען אין דעם אַלטן תנ"ך דיינעם די זעלביקע ווערטער און פסוקים פון ספר איוב, פון משלי, פון קהלת, פון תהילים, און פון דעם ספר מלכים. דו וועסט קושן די אותיות אין דעם נאָך פינצטערן באַגינען. די הייליקע ווערטער וועלן פאַרברענען דיינע ליפּן. דו וועסט זען ווי דער קעניג יהושפט, ווען מואב איז אים באַפאַלן, האָט פאַרצווייפלטערהייט געזוכט אַ נביא, כדי אים פאַראויסצו־זאָגן דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה צוזאַמען מיט די דריי מלכים, און איינער פון די קנעכט פון דעם מלך פון יהודה האָט געענטפערט און געזאָגט: „דאָ איז אַלישע, דער זון פון שפט, וואָס האָט געגאָסן וואַסער אויף די הענט פון אליהו". און יהושפט האָט געזאָגט: „ביי אים איז דאָ דאָס וואָרט פון גאָט". אַלישע האָט אָבער נישט קיין איבעריקן חשק נביאות צו זאָגן פאַר אַלע דריי קייסאָרים. און דאָך וויליקט ער איין צו זאָגן נביאות: „און אַצינד ברענגט מיר אַ שפּילער, און עס איז געווען אַז ווען דער קלעזמער האָט געשפּילט, איז די האַנט פון גאָט געווען אויף אַלישען"...

דו לייענסט די דאָזיקע ווערטער און דו ווינסט אין דעם פריען באַגינען. דו וואָלסט וועלן זיי לייענען נאָך טויזנטער מאָל אין דיין לעבן. און עס איז אַ ווייטיק אַז פון די נביאים זיינען אַרויסגעגאַנגען די מאָדערנע דעמאַגאָגן, די פאַרקויפטע פענקנעכט, די שרייבער מיט גלאַטע צינגער, מיט זינדיקע נשמות, וואָס שרייבן יעדע וואָך אין דעם בלאַט־צייטונג אַרטיקלען וועגן מאָראַל, צדק און יושר. די מענער אָן שום געוויסן, וואָס שרייבן פאָרנאָגראַפיע און געמיינקייט. אין די אַמאָליקע צייטן האָט געקענט

אלישע אַזוי רעדן צו אַ קעניג ביי אידן, צו יהושפטן אַליין: „אַזוי ווי דער האָס פון די הערשאַרן לעבט, פאַר וועלכן איך שטיי דאָ, אַז ווען איך וואָלט נישט געאַכט דאָס פנים פון יהושפט, מלך פון יהודה, אויב איך וואָלט דיך גאָר געוואָלט אָנקוקן, אויב איך וואָלט חשק געהאַט דיך אַפילו אָנצוזען". אָט אַזוי האָבן זיי גערעדט, די פאַרצייטישע מענער פון אמת. זיי האָבן אין זייערעביינער געפילט די קראַפט, די גרויסקייט, די אַבסאָלוטע אָנוועזנקייט פון דעם אויבערשטן. זיי האָבן נישט געקענט אַנטרינען פון זיין פורכטבאַרער מאַכט; די מענטשן וואָס האָבן ממש וואָרעם אָנגערירט גאָט מיט זייערע הענט, כאָטש ער האָט געלויכטן און געבריט איבערן גאַרן אוניווערס...

## די סקולפּטור־קונסט פון חיים גראָס

גאָט האָט אין משך פון בלויז זעקס טעג באַשאַפן פון דער ערד און פון ליים דאָס לעבן פון גאָר די באַשעפענישן. ער האָט דאָס לעבן באַ־פליגלט מיט זיינע אייגענע הענט. אויפן זיבעטן טאָג האָט גאָט גערוט און ער האָט באַטראַכט זיין אָפּגעטוען ווערק.

דורך זיין געוואַלטיקן שוואונג און קינסטלערישן אימפּעט, טוט אָן דער סקולפּטאָר חיים גראָס דעם רויען נאַטור־חומר אין קינסטלעריש־געלייטערטן לעבן. ער געשטאַלטיקט בוימער צו מענטשן, און שטיינער צו פרויען, צו קינדער, צו טענצער, צו קלאָונען, צו אַקראָבאַטן, און צו לעבעדיקער פאָרעם בכלל.

חיים גראָס פאַרוואַנדלט דעם רויען נאַטור־מאַטעריאַל צו לעבן, וואָס באַזיגט נישט בלויז דעם שטומען מאַטעריאַל; ביירעט זיין קונסט באַהערשט אַפילו דאָס ניוטאָנישע געזעץ פון גראַוויטאַציע. אַלע זיינע גראַציעזע און עלאַסטישע טענצער, אַקראָבאַטן, קונצנמאַכער, ספּאָרטלער און צירקוס־לייט שפּרינגען, טאַנצן, שוועבן, און פּרואוון צו ברעכן דער נאַטורס געזעץ פון גראַוויטאַציע. עס פאַרוואַנדלט די גראַוויטאַציע זעלבסט אין אַ כוח וואָס טאַנצט, שוועבט און דערהויבט דעם חומר צום קאָסמישן...

חיים גראָס האָט שטאַרק ליב פייגל. ער איז געבוירן געוואָרן אין דער געגנט פון די קאַרפּאַטנבערג, אין גאַליציע. ער מאָלט, צייכנט און סקולפּטירט דאָס שוועבנדיקע פאָלק פון דער וועלט. אָפּטמאָל באַרגט ער אויס זייערע פליגל און ער שענקט זיי צו יינגע פרויען און צו קינדער. ער באַפליגלט זיינע מענטשלעכע באַשעפענישן. זיי פליען אַרום אין חיים גראָסעס לופטיקן און אומרואיקן אוניווערס אַזוי ווי פויגלשע זונען, ווי זיי וואָלטן חשק האָבן צו אַנטלויפן פון דער ערד אין דער אומענדלעכקייט אַריין...

חיים גראָס זינגט אין האָלץ, אין שטיין, אין בראָנדז און אין אייזן דאָס געזאַנג פון לעבן. זיין שאַפונג איז אַ סימפאָניע פון לעבן וואָס געפינט זיך תמיד אין אומרו, אין באַוועגונג, אין אויפברויז, אין געשוועב צום

קאָסמאָס. זיינס איז דער גרויסער און אוראַלטער אידישער אויפשאַל און אויפשטראַל פון דעם מין מענטש, און פון די פייגל, צו זון און צו פרייד. דאָס איז אַ קינסטלער וואָס האָט ליב דעם מענטש, אַ נישט־פאַרשקלאַפטן, נייערט אַ פרייען און אַ באַפרייטן. און עס איז די דאָזיקע הייסע ליבשאַפט און די שעפערישע שיכרות צו גאָר דעם לעבן, וואָס טרייבט אים צו שאַפן דורך דער סקולפטורעלער פאָרעם די סימפאָניע און די געשטאַל־טיקונג פונעם אוניווערסאַלן לעבן. ער טוט דאָס מיט אַן אומדערמידלעכן קינסטלערישן כוח, אַמביציע און פאַרנעם. אָבער אויך מיט אַ סך חן, שפילעוודיקייט און הומאָר. לעצטנס פירט ער אַריין אין זיין אייגענעם אוניווערס די שוין דערמאָנטע פייגל, וואָס באַפעלקערן די לופט און וואָס שאַלן שירה צו גאָט, ווי מלאכים. ער באַפעלקערט זיין וועלט מיט גאָטס ריטמישן, אומרואיקן, צאַפלענדיקן און דינאַמישן שוואונג־און־שוועב. וואָס עלטער עס ווערט דער קינסטלער, אַלץ לייכטער, לייכטזיניקער און גראַ־ציעזער ווערט ער אין זיין קונסט־מעדיום — סקולפטור — וואָס איז געוויינלעך מאַסיוו, פאַסיוו און סטאַטיש. עס איז מערקווירדיק אַז וואָס עלטער דער קינסטלער ווערט אין זיין פיזיק, און ווען זיין קאָפּ איז שוין גרייז־גרוי, אַלץ ייִנגער און שוואונגפולער ווערט ער אין זיין גייסט. חיים גראָס איז איינער פון די אידישסטע קינסטלער, וואָס ווערט פון טאָג־צו־טאָג געלייטערטער, קרישטאָלענער און אומרואיקער אין זיין קונסט. ווייל אידישע קונסט און אידישע קינסטלער זיינען בכלל אָפּטימיסטיש, אימפעטיק, פול מיט אַ קאָסמישער אינערציע. זיי ווערן קיינמאָל נישט פאַרגליווערט און פאַרפרוירן ווי די פּיראַמידן, וואָס זיינען אייגנטלעך גראַנדיעזע קברים פאַר זייערע קייסאָרים, די אַמביציעזע פרעהס. אידישע קונסט איז אַ תורה פון לעבן, פון פרייד, פון טאַנץ, פון געזאַנג, פון באַוועגונג און פון שירה צו דעם וואָס לעבט אייביק.

היינט־צו־טאָג איז חיים גראָס אַ באַרימטער סקולפּטאָר און מאָלער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין ישראל, אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. ער פאַרטרעטירט גרויסע אידן אין ישראל. ער שאַפט פרעסקן פאַר אינסטיטוציעס, רעגירונגס־געביידעס און גיט נייעם לעבן און באַדייטונג צו אונדזערע אידיש־העברעאישע אותיות, צו די פסוקים פון די נביאים, וואָס האָבן געפרידיקט גערעכטיקייט, ליבשאַפט און שלום צווישן די פעלקער. זיין רום, ווי געזאָגט, גרייכט ווייט אַריבער די גרענעצן פונעם היגן לאַנד. מיט אַן אומגעוויינלעכער ענערגיע האָט דער דאָזיקער אידישער ייִנגערמאַן אַדורכגעבראָכן די שווערקייטן און די שטרויכלונגען, וואָס שטייען פאַר יעדן נייעם און ייִנגן שעפערישן מענטש, און ער האָט זיך אויפגע־שטעלט אַן אומשטערבלעכע קאַריערע פון אַ גרויסן וועלט־קינסטלער פון אַ הויכער קוואַליטעט. פון אַן אָרעמער אידישער היים אין גאַליציאַנישן שטעטל קאָלאָמיי, איז אַרויסגעגאַנגען אַן אָרעם אידיש ייִנגל אין דער

וועלט אַריין, און ער האָט דערגרייכט רום, כבוד, רייכקייט און אָנערקענונג.
זיין ברודער, דער באַרימטער דיכטער און תנ״ך־איבערזעצער, נפתלי גראָס,
האָט אַ סך געווירקט אויף חיים גראָסעס אידישן באַוואוסטזיין און האָט
אין זיינע לידער געטריי באַזונגען זיין ברודערס, חיים גראָסעס, מעכטיקע
קינסטלערישע שאַפונגען. ווי זיין ברודער נפתלי, איז חיים גראָס אויסגע־
וואַקסן צו ווערן אַ נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניקער איד, וואָס טראַכט אָפּט
פון זיין אידישער הײם, טראַדיציע, געשיכטע און פאָלקלאָר. אין דעם
דאָזיקן גייסט שאַפט ער זיין קינסטלעריש ווערק...

## דאָס אַלטע הויז

וואוהין זיינען די מענטשן אַוועק? אין וועלכער טונקעלער הייל האָבן
די זיך פאַרבאָרגן? דאָס צעגריזשעטע הויז איז געבליבן שטיין אין טיפן
טרויער און איינזאַמקייט. דאָס מאַסיווע מעבל אין די רחבותדיקע זאַלן; די
פּאַרצייטישע פּאָרטעפּיאַנאָ; אַלץ ווערט טונקעלער און פאַרשלאָסענער אין
זיך אַליין מיט שליסלען פון אייזן און קופּער.. די קרעדענצן, שענק, טישן
און ליוסטרעס, וואָס געדענקען אַזוי פיל אָפּגעפּלאָסענע טייכן צייט פונעם
פאַרגאַנגענעם לעבן: פון מאַסקעראַדן, בעלער, באַנקעטן, סעודות, חתונות,
לזויות, משפּחה־יום־טובים, מחלוקותן, קריגערייען און אומגליקן. אין די
ווינקלען, אויף שפּינוועבסטיק־זיידענע פעדעם, באַוועגן זיך אויסגעדאַרטע
שפּינען. די מולבן פאַרצערן די בלעטער פון די ביכער, פון די סאָלידע
בענדער פון קלאַסישע מחברים, פון פאַרצייטישע חכמים, פון ווייזע און
גרייז־גרויע לייט, וואָס האָבן בשעת די לאַנגע נעכט געקוקט צו די שטערן
דורך טעלעסקאָפּן מיט זייערע שלאָפלאָזע אויגן.

איצט פעלט דאָ דער אָטעם פון ליבע; די וואַרעמקייט פון משפּחה;
די פּשטות פונעם פאָלקס־לעבן; דאָס גאָלד פון היימישן פאָלקלאָר, וואָס
ווערט געשאָפן אויף געמיטלעכע שוועלן. עס פעלט דאָ די פולבלוטיקע
פרוי וואָס זאָל מיט אירע געטרייע הענט אָפּווישן דעם שטויב פון די
שווערע קרעדענצער, פון די מאַהאַגאָני־טישן, פון די ברייטע ביכער־
שראַנקען, פון די זילבערנע שפּיגלען, פון די מאַרמאָרענע סקולפּטורן
און טונקל־אויליקע פּאָרטרעטן אין פעסטע ראָמען. עס פעלט דאָ אַ מוטער,
אַ ווייב, אַ באַלעבאָסטע, וואָס זאָל אָנצינדן חלבדיקע ליכט אין די לייכטער;
וואָס זאָל אָנהייצן דעם גרויסן אויוון; וואָס זאָל אַריינבלאָזן אָטעם אין די
קינדלעך פון קאַמין; וואָס זאָל פאַרנאַכט־צייט עפענען די בלעטער פון
אַ ראָמאַן; וואָס זאָל אַריינקוקן אין אַ דיקן בוך, וואָס באַשרייבט די ליבע
און די מנהגים פון לעבן, פון דער געזעלשאַפט, פון משפּחות און פון
פעלקער. עס פעלט דאָ אַ פרוי וואָס זאָל מיט אירע אויגן שטיל זופּן די
שורות אינעם וואונדערלעכן ראָמאַן; וואָס זאָל זיך אין אָוונט לאַנג פאַר־
טראַכטן וועגן די כאַראַקטערן אין דער דורכגעלייענטער פּראָזע; וואָס זאָל

דיסקוטירן מיט קרובים און מיט אייגענע וועגן די פֿאַרשידענע ליטעראַרישע, פּאָליטישע און געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען...

פֿאַרן הויז, אויפֿן פֿאַרוואָרלאָזטן גאַנעק, צווישן שימל און פּאָקשיווע, קרישלען זיך אין שטויב די לייבן, די גראַנדיעזע חיות, וואָס זעען איצט אויס אַזוי לעכערלעך און נישטיק. עדער שקצש ייגגל ברעכט אָפּ אַ שטיקל אויער, אַ פּענעץ גאָמבע, אָדער אַ מאַסיוון צאָן אינעם פּיסק פֿון דעם לייבישן פּנים. יעדער לאָבוז־יינג דזשיאָבעט אויס אַ שטיקל שוואַרצאַפּל פֿון זיין טרויעריקן ריזנאויג, אָדער אַ שטיק ליפּ, אָדער נאָז. די צוויי לייבן ביים אַריינגאַנג צום הויז קרישלען זיך. אָבער אין זייערע שטיינערנע געהירנס געדענקען זיי נאָך וואויל די גלענצנדיקע פּרינצן און פֿירשטן, וואָס פֿלעגן דאָ פֿאַרבייגיין בשעת די פֿריערדיקע יאָרהונדערטער. זיי געדענ־קען די הערלעכע קעניגינס און בלייכע פּרינצעסינס; די דיפּלאָמאַטישע געסט פֿון פֿרעמדע מדינות; די גענעראַלן און אָפֿיצירן פֿון דער לאַנד־אַרמיי. זיי געדענקען נאַפּאָלעאָנען אַליין, און אַפֿילו דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, ווען ער האָט דאָ אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביי זיין פֿריינט, דעם ליבעראַלן פּרינץ אַדאַם טשאַרטאָריסקי, צו וועמען דער פּאַלאַץ האָט אַמאָל געהערט. די דאָזיקע אַלטע לייבן געדענקען אַ וועלט מיט מענטשן, וואָס זיינען דאָ פֿאַרבייגעגאַנגען, אין זייער שטאָלצן געשיכטלעכן גאַנג...

די היימישע אידישע גאַס טומלט. די קינדער שפּילן זיך זאָרגלאָז. דאָס הויז פֿאַררוקט זיך אַליין אַלץ טיפֿער אין אַ זייט, אין אַ ווינקל, אינעם שאָטן פֿון די באַיאָרנטע דעמבעס און טאָפּאָלעס, וועלנדיק אַלץ בעסער געניסן פֿון זיינע אייגענע זכרונות, און כסדר אַרויספֿירנדיק פֿונעם זכרון אַמאָליקע מאָנומענטאַלע געשטאַלטן; אַזעלכע ייִנגע און שיינע פּערזענ־לעכקייטן ווי בשעת די ערשטע, פֿרילינגדיקע טעג אין דעם לעבן פֿונעם היסטאָרישן הויז...

## דער מין מענטש אין אַ מאַסנשוחט

איך לייען אַז אין איין־און־איינציקן דור האָט דער ברוטאַלער מין מענטש אויסגעשלאַכטעט זעכציק מיליאָנען מעכטיקע ביזאָנען איבער די פֿעלדער און אין די ווילדערנישן פֿון דער בתולהדיקער אַמעריקע. דער דאָזיקער אַכזריותדיקער פֿאַקט רעדט, דאַכט זיך, פֿאַר זיך אַליין, אויף זיין אייגענער שפּראַך, וועגן דעם מענטשנס משוגענער ברוטאַליטעט. דער ביזאָן האָט געדינט צו די אינדיאַנער אין אַ סך הינזיכטן: קודם כל פֿאַר מילך־און־פֿלייש. זיי האָבן אויסגעאַרבעט נוצלעכע אינסטרומענטן און כלים פֿון די הערנער, פֿון די ביינער, פֿון די ציין, פֿון זיין גאַנצן סקעלעט. זיי האָבן זיך געוואַרעמט ווינטערצייט אין די פֿעלצן, געמאַכט פֿון זיין הויט. די ווייסע קאָלאָניסטישע באַנדיטן האָבן אומגעבראַכט דעם ביזאָן, וועמענס אַלט און ערנסט פּנים פֿאַרמאָגט עפּעס מענטשלעכס, און אַפֿילו אידיש־טרויעריקס איז פֿאַראַן אין זיינע ערלעכע אויגן, אין זיין אַלט אידיש פּנים.

דאָס אַלץ האָבן די ערשטע קאָלאָניסטן געטאָן כדי די אינדיאַנער זאָלן אויך אומקומען, נישט האָבנדיק קיין שום מעגלעכקייט פון וואַנען צו עקזיסטירן און צו ציען זייער חיונה... און ביי די אַלע בלוטיקע פאַרברעכנס האָבן זיי חלילה נישט אַרויסגעלאָזן דעם תנ"ך פון זייערע הענט...

און דאָס איז טאַקע די ווייסע הענקערס געלונגען אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט. דער ביזאָן איז אַ העלדיש באַשעפעניש. ווען ער ווערט בלוטיק פאַרוואונדעט, קעמפט ער ווייטער זיין טויטלעכן קאַמף מיטן פינצטערן שונא. ער אַנטלויפט קיינמאָל נישט פונעם געפערלעכן שלאַכטפעלד. ער האָט בטבע ליב די רואיקייט. אָבער ווען מען רופט אים אַרויס צום קאַמף, צום טויטלעכן פאַרמעסט, איז ער גרייט צו פאַרבלוטיקן פאַר זיין עקזיסטענץ, און פאַרן פאַרטיידיקן זיין פאַמיליע, וועמען ער בלייבט געטריי ביזן סוף...

יאָ, וואָס לענגער איך לעב, אַלץ מער ווער איך געוואויר, אַז דער מענטש איז די ברוטאַלסטע חיה אין דער וועלט. זיין שטראָף וואָלט באַדאַרפט צו זיין אינגאַנצן אָפּגעווישט, אָדער אָפּגעמעקט צו ווערן פון דעם פּלאַנעט מיט אַ בליציקן מעקער. אַן ערד־ציטערניש וואָלט אים באַדאַרפט פולקאָם איינשלינגען אין אַן אומענדלעכן תהום, ווי די ערד האָט איינגעשלונגען קורחן און זיינע לייט. זאָל ער זיך ענדלעך גיין באַכן חרוב מאַכן אַזוי פיל ציוויליזאַציעס, שטעט, פעלקער און וועלדער מיט מאַסן באַשעפענישן, זיין טויטלעכן און לעצטן מאַרש אין דער אייביקייט. ער האָט שוין אין משך פון זיין מיליאָנען־יאָריקן לעבן געפירט געניג שלאַכטן און מלחמות. ער האָט שוין געניג געשאָכטן, געשונדן, געטויט, געבראַכט אומגליקן, קאַטאַסטראָפעס און טראַגעדיעס צו די שוואַכערע באַשעפענישן פון אים. ער איז אַן אומהיילבאַרע חיה. ער איז אויסגעטאָן פון יעדער סאָרט רחמנות און מאָראַל. דער גאַנצער אוניווערס איז צו קליין כדי צו קענען אַריינבנעמען, ווי אין אַן אָפּגרונט, אין אַ תהום, אָדער קבר, זיינע רוצחים און בלוטיקע משוגעים, צווישן אירע וועגט־און־וועלדער. עס איז שוין די העכסטע צייט, אַז ער זאָל גיין שלאָפן אויף אייביק זיין טויטלעכן און אייביקן שלאָף. קיינער וועט מער נישט באַדויערן אין אוניווערס דעם אונטערגאַנג פונעם משוגענעם מאָנסטער־מערדער... אויב עס זיינען אינעם אומענדלעכן רוים פאַראַן אַנדערע אַנטוויקלטע ציוויליזאַציעס, זיינען זיי געניג פאַרזיכטיק זיך אויסצובאַהאַלטן פאַרן מער־דערלעכן אויג פונעם ערדישן רוצח־מענטש...

## וועגן די אידישע קינסטלער אין טעריעזענשטאַדט

אַנומלט איז אויפגעטראָטן אויף טעלעוויזיע, אין די פאַרכטיקע טעג פון ערב יום־כיפור, די באַרימטע אידישע שוישפּלערין אידאַ קאַמינסקאַ, אין אַ פּראָגראַם וואָס איז געווען געווידמעט דעם הייליקן אָנדענק פון די אומגעבראַכטע אידישע קינסטלער אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער פון

טערעזיענשטאָדט. זי האָט אויסגעזען גאָרנישט ווי קיין לעבעדיקע שוישפּי־
לערין, נייערט ווי אַ גייסט, ווי אַ אידישע מאַרטירערישע נשמה פון איינער
פון די אומגעקומענע טאַלאַנטפולע אידישע פּרויען־פּירשטינס. איר איידעלע
שטימע האָט געציטערט עמאָציאָנעל. איר מכלומרשטער „ענגליש" האָט
כמעט געקלונגען ווי דאָס אומגליקלעכע אידיש פון די קרבנות. די הויט
פון איר טרויעריק־שמייכלענדיקן פּנים איז געווען געל און געריגצלט ווי
ביי אַן עגיפּטישער באַלזאַמירטער פּרינצעסין־מומיע. איר גוף האָט אויס־
געזען צו זיין צעבראָכן פון יסורים. אָבער די געלייטערטע נאָביליטעט פון
דעם טרויער און אומגליק פון אַ גאַנצן און גרויסן פאָלק, אין דעם אָפּשיין
פון זיין שטאָלצער און מעכטיקער פאָלקס־געשיכטע, האָט אַזוי רואיק־און
נאָבל געערט אויף איר דעליקאַטער פיגור, ווי זי וואָלט געווען באַגילדעט
מיט די לעצטע שטראַלן פון אַ טראַגישן און גראַנדיעזן זון־אונטערגאַנג...

אידאַ קאַמינסקאַ האָט אין איר קינסטלערישער געצוימטקייט, מכלו־
מרשט בלויז אַלס „קאָנפעראַנסיע", אויסגעדריקט די יסורים פון יענע
אומגעקומענע אידן אין טעריעזענשטאַדט; באַזונדערס פון די הויך־
מוזיקאַלישע טאַלאַנטן, וואָס האָבן געהאַט די כוחות און דעם קוראַזש
אין שאָטן פון די מאָנסטער־מערדער אויסצוזינגען, אויסצושפּילן, אויסצו־
שאַלן און צו קאָמפּאָנירן זייערע טראַגיש־גרויסע, מוזיקאַלישע ווערק.
און וואָס קען שוין זיין אַ מער פּאַטעטישע איבערלעבעניש ווי צו זען
ווי אַזוי קליינע קינדער, וואָס זיינען פאַקטיש גרויסע, אמתע און ראָמאַנ־
טישע דיכטער, מיט אַזוי פיל אומגעווינלעכער און זשעדנע־געטרייער
ליבשאַפט צו דער נאַטור, און צום געטלעך־קלאָרן הימל, וואָס שטרעקט
זיך אויס הויך איבער אַלע נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן; ווי אַזוי
זיי ליידן און קומען אום פון הונגער און קראַנקהייטן, און זיי ווערן
דערשטיקט אין ענגשאַפט און ברודיקייט, ווי די ווערעם?!... (אין אַננאַ
פראַנקס טאָג־בוך געהערן די שטעלן, בשעת זי קוקט אַרויס ביינאַכט
דורכן קליינעם פענצטערל פון איר פּיטשינקן דאַך־שטיבל צו די שטערן,
צום הימל, און זי שעפּט גלויבן, קראַפט און באַגייסטערונג אין איר
געפאַנגענשאַפט און „געפאַלנקייט", צו די שענסטע שטעלן פון דעם בוך.
אויך ראָזאַ לוקסעמבורג, זיצנדיק אין טורמע, דערקענט די גרויסקייט
פונעם אוניווערס דורך די אייזערנע גראַטעס, דורך וועלכע זי זעט גאָטס
שטערן, גאָטס קליינע באַשעפענישן, גאָטס שמעטערלינגען און גאָטס
בלומען און לויטערע גרינע פלאַנצן...)

די אַנדערע אָנטיילנעמער אויף דעם רירנדיקן פּראָגראַם האָבן אויך
אויסגעזונגען און אויסגעשפּילט יענע גרויסאַרטיקע מוזיקאַלישע שאַפונגען
פון די קינסטלער וואָס האָבן געוואַגט צו שאַפן ביי די מוראדיקסטע
באַדינגונגען, אין שאָטן פונעם שרעקלעכן אונטערגאַנג אין טערעזיענ־
שטאַדט, שפּילנדיק און זינגענדיק פאַר די נאַצישע תלינים, פאַר די

עקלהאַפטע דייטשע דעגענעראַטן, הענקער און מערדער פון אומשולדיקע קינדער...

מען איז ערשט לעצטנס געוואויר געוואָרן וועלכע גרויסע פּאָעטישע, מאַלערישע און מוזיקאַלישע זשעניען עס זיינען געווען צווישן די טויזנטער אידישע קרבנות. און דאָס אידישע האַרץ האָט שטאַרק געוויינט ביים הערן זינגען פון איינער אַ זינגערין די דאָזיקע טראַגישע מעלאָדיעס; ביים פאַרנעמען דאָס שפּילן אויף דער פּיאַנאָ פון די דאָזיקע הויך־טאַלאַנטפולע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס; ביים טראַגיש־גרויסן אויפשפּילן פונעם אָרקעסטער די אומשטערבלעכע ווערק פון די שטאַרבנדיקע אידן דורך הונגער, טיפוס, לייז און בענקשאַפט צו דעם אייגענעם הויז־און־גאָרטן, צום אייגענעם ריינעם און בלויען הימל, צו דער ערשט בישט לאַנג צוריק נאָך פרייער היים; וואָס האָבן איצט געוואַגט, איך חזר איבער, צו שאַפן אויף אַזאַ הויכן ניוואָ זייערע ווערק, אַפילו, ווי שוין אויבן געזאָגט, ביי די סאַמע מוראדיקסטע באַדינגונגען פון „לעבן״, מישטיינס געזאָגט, און אין שאָטן פון דעם נאַצישן מלאך המות, וואָס האָט פאַקטיש קאָנקורירט און ווייט איבערגעשטיגן די טויטלעכע מעשים פונעם אמתן „געטלעכן״ מלאך המות, וואָס האָט טאָג־און־נאַכט, דורך די יאָרטויזנטער, זיין שווערד־און־קאָסע איבער די נאַקעטע און שוצלאָזע שאַרבנס פון די דורות...

און, דורך דער גאַנצער צייט, זיך צוקוקנדיק מיט אויגן פאַרפלייצטע מיט טרערן, צום דאָזיקן אומגעוויינלעכן מאַרבידן קאָנצערט פון די קאָמפּאָזיציעס פון שטאַרבנדיקע קינסטלער, האָט מען געטראַכט אַז דאָס ציט זיך אין לאַנגע קייט פון דער העלדישער אידישער געשיכטע, ווען אונדזערע בלוטיקע היסטאָרישע שונאים האָבן געצוואונגען צו שפּילן אונדזערע עלטער־עלטער־זיידעס ביי די טייכן פון בבל, און צו פאַרווילן מיט ניגונים און געזאַנגען אויף די סטרונעס פון אונדזערע האַרפן, אויס־געשפּילטע מיט אידישע פאַרבלוטיקטע פינגער און מיט הערצער קרעכ־צנדיקע אין אונדזער פינסטערער פאַרצווייפלונג...

## פּאָרטרעט פון דעם מאַן

עס איז דאָס בילד פון איינעם אַ מאַן וואָס שמייכלט אַ באַטרונקענער. איז דער פּאָרטרעט געמאָלן דורך דער פיינער האַנט פונעם מייסטער וועלאַסקעז, וואָס האָט אומסימפּאַטיש געשילדערט דעם שפּאַנישן קעניג און זיין פאַמיליע, און האָט דווקא מיטן שוואונג פון זיין געניאַלן פּענדזל דערהויבן די צווערגן און קריפּלען, וואָס האָבן געפּרוּווט צו אַמוזירן דעם קעניג? איז דער פּאָרטרעט געשאַפן געוואָרן פון דעם פּינצטער־בליציקן האָלענדישן גאון רעמבראַנדט, וואָס האָט אַן איינזאַמער ביינאַכט געבלאָנדזשעט אין די געסלעך פון דעם אידישן געטאָ אין אַמסטערדאַם?

זיין פּנים איז געווען פינצטער ווי די נאַכט. אָבער די נשמה האָט ביי אים געלויכטן ווי גאָלד...

איז אפשר דער מענטש, וואָס איז אַריינגעשטעלט אין דער מאַסיווער ראַם, דער איינזאַמער קאַפּיטאַן קאָלאָמבוס מיט זיין אידישער מרה־שחורה, מיט זיין אייזערנעם כאַראַקטער און ווילן, באַוואָפנט מיט היסטאָרישן חוש, אויספירנדיק אַ אידיש שליחות פאַר דער צוקונפט; און וואָס טראָגט זיך מיט זיין לעצטער שיף, צוזאַמען מיט די הונגעריקע, פאַרצווייפלטע און רעוואָלטירנדיקע מאַטראָזן, וואָס פּרואוון גריזשען ביינאַכט די שטערן, איבער די רויע כוואַליעס פונעם אומבאַקאַנטן און אָפּשרעקנדיקן אַטלאַנ־טיק, וואָס פירט, ווער ווייסט, אַזש ביז צום סאַמע עק פון דער וועלט?...

איז אפשר דער מאַן אויפן מיסטעריעזן פּאָרטרעט ד״ר יאָהאַן פאַאוסט, דער מיטלאַלטערלעכער מיסטיקער און שאַרלאַטאַן, דער אַלכעמיקער און היילער פון מענטשלעכע נשמות, וואָס זוכט דאָס גאָלד פון לוסט און פאַרגעניגן פאַרן פּרייז פון זיין הונגעריקער נשמה, וואָס ער פאַרשאַכערט צום צינישן מעפיסטאָפעלעס? אין די אויגן פון דעם געהיימנישפולן מאַן איז פאַראַן אַזאַ הונגער נאָך וויסן וואָס האָט שוין אייגנטלעך געבליצט אין די אומהיימלעכע שוואַרצאַפּלען פון אָדמען, נאָך אײדער חוה האָט זיך אָפּגעבראָכן פון זיין ריפּ...

עס קען אפשר זיין דער פּאָרטרעט פונעם הינקענדיקן און קעניגלעכן לאָרד בייראָן מיטן זוניקן פּנים פון אַפּאָלאָ, און מיט דער צעריסענער נשמה פון האַמלעט? אָדער לויכט פונעם קאַנווע דאָס עקסטאַטישע פּנים פונעם לעגענדאַרן ריצעזש פון שפּאַניע, סערוואַנטעס, דעם איינהענ־טיקן מחבר פון דער נאָוועלע „דאָ קיכאָט״, וואָס האָט זיין רעכטע האַנט פאַרלוירן בשעת דער שלאַכט ביי לעפּאַנטאָ, און מיט דער צווייטער האַנט, אָנשרייבנדיק זיין ראָמאַן, האָט ער פאַר זיך אויסגעפאָכטן אומ־שטערבלעכקייט?...

עס איז זיכער דאָס שטאָלצע פּנים פון איינעם אַ מאַן, וואָס האָט געאָטעמט מיט קוראַזש און כאַראַקטער. עס איז דאָס אומפאַרגעסלעכע פּנים פון אַ שטאַרקער פּערזענלעכקייט, אָנגעצונדן אין ליידנשאַפט און עקשנותדיק אין זיינע געדאַנקען צו קעמפן פאַר גערעכטיקייט; מיט אַ שטראַלנדיקן גייסט, וואָס איז הונגעריק נאָך פאָרשונג און וויסן, און מיט אַ שטאַרקער און שיינער געשטאַלט, וואָס דריקט אויס געזונטע און נאָרמאַלע אַפּעטיטן. דאָס בלוט אין זיינע אָדערן שטראָמט מיט פייער און שטורעם, און זיין האַרץ דריקט אויס ליבשאַפט און רחמנות צו מענטשן. ער איז פריינטלעך צו די געסט אין זיין קעניגלעכן פּאַלאַץ. ער באַדינט די באַזוכערס מיט בעכערס וויין און טאַצן מיט לעקעך. ער איז באַזונדערס גענייגט צו שמייכלען און צו קאָמפּלימענטירן די שלאַנקע און גראַציעזע פרויען, וואָס קוקן אויף אים מיט גליענדיקע אויגן פון

ליידנשאַפט און באַוואונדערונג. דער דאָזיקער מאַן איז אַ לעגיטים קינד פונעם רענעסאַנס־פעריאָד; אַ פערזענלעכער פריינט פון די אומשטערב־לעכע מאָלערס; אַליין אויך אַ דיכטער, אַ דענקער, אַן איינזאַמער אַסטראָ־נאָם, וואָס פאָרשט פון זיין אָבסערוואַטאָריע אויס ביינאַכט דעם גאַנג פון די שטערן אויפן פינצטערן הימל...

עס איז דער פאָרטרעט פונעם אייביק־שעפערישן, טראַדיציע־ברעכנ־דיקן, טראַנען און דינאַסטיעס־שטירצנדיקן, קעגן פאַרשימלטע געוואוינ־הייטן־רעוואָלטירנדיקן; פאַר פרייהייט־קעמפנדיקן מאַן פון דער געשיכטע. דער העלד פון ראָמאַנטישע און פאָליטישע דראַמעס. ער לויכט אַרויס פון די מערסטע מאַסיווע אויל־בילדער אין די גרויסשטאָטישע מוזעאומס. ער צאָלט מיט גאָלדענע דוקאַטן פאַר יעדן טראָפּן בלוט און פאַרב פונעם מאָלער וואָס ברענגט אַלץ גרויסאַרטיקער אַרויס זיין פולן פאָרטרעט. עס איז כמעט דער זעלביקער מאַן, דערשיינענדיק מיט זיין נאָבעלן און איינדרוקספולן פנים אין אַלע דורות, מיטן גליענדיקן כוס מיט ווייַן אין זיין פיינגעצייכנטער האַנט, וואָס איז געוואוינט אויך צו האַלטן די געגדזענע פעדער, וואָס שרייבט לידער און טראַקטאַטן וועגן פילאָסאָפיע, פּאָליטיק און געשיכטע; געוואוינט צו האַלטן דאָס פערלמוטערנע הענטל פון דער פעסטער שווערד און גלייכצייטיק דעם איידעלן אָרעם פון זיין געליבטע; בויענדיק און שאַפנדיק; זיך יאָגנדיק אויפן פעגאַזישן פערד נאָך די רויבערס און אַוואַנטוריסטן, וואָס מאַכן חרוב שטעט און לענדער, און באַרויבן די גטטאָס פון די בלוטיקע אָרעמעלייט. עס איז דער מאַן וואָס ברענגט טרייסט און ליכט צו די מענטשן, ווי דער פּאַרציִיטישער פּראָמע־טעאוס האָט עס געפּרואווט צו טאָן, גנבענענדיק פייער פון די געטער פאַר די שטערבלעכע. דער דאָזיקער מאַן פאַרפאָלגט תמיד דעם טיראַן, דעם הערשער און דיקטאַטאָר, וואָס יאָגט זיך דורך די פינצטערע נעכט מיט מאַסן ווייַנענדיקע נשמות פון אומגעבראַכטע אָרמייען, פעלקער און קעניגרייכן...

איך שטיי ביים קאָנוועז אין מוזעאום. עס ווילט זיך מיר אָנגיסן אַ כוס מיט פלאַמיקן וויין און צוטראָגן הכנעהדיק צו די פולע ליפּן פון דעם מאַן וואָס איז מיין פאַרשטעלונג פון אַן אינטעלעקטועלער און ראָמאַנטישער פערזענלעכקייט פון גייסט, קוראַזש און פאַרמעסט...

אָבער, צי האָבן טאַקע ביי די קריסטלעכע פעלקער עקזיסטירט אַ סך אַזעלכע געוואַגטע און געבענטשטע פערזענלעכקייטן?!...

## דאָס פאַרזעסענע מיידל

דאָס פאַרזעסענע מיידל אין שטעטל, מיט איר גרויען צאָפּ און אויסגעווייַנטע אויגן, האָט מיט אַ זיפץ געקענט איבערחזרן אין איר איינזאַמקייט די שורות פונעם ראַפינירטן און קלוגן דיכטער עמנואל הרומי,

וואָס האָט געלעבט אין איין צייט מיטן פּאָעט דאַנטע, און ווי עס דערציילט די לעגענדע, האָט ער אים אַפילו פּערזענלעך געקענט...

„אַז אויסגערונען זיינען אַלע מיינע פרייד, כאָטש נעם שטעל אָפּ די צייט; וואָס איז די פּעולה, אַז ווי אַ היישעריק צעפּליען זיך די יאָרן — און מענטשן האַלטן נאָך דערצו אין איין באַריידן: אַ פרוי, מישטיינס געזאָגט, וואָס שטאַרבט אַ בתולה — פון דער וועלט און פון יענער וועלט פאַרלאָרן!" (אידיש: י. י. שוואַרץ).

גיטעלע האָט געהייסן די איינציקע טאָכטער פונעם שטעטלדיקן גביר, דעם וואַלד־סוחר און פּאַדריאַטשיק, מענדל געווירצמאַן. איך געדענק נאָך גיטעלען פון מיינע קינדישע יאָרן: געווען אַזאַ צאַרטע און דעליקאַטע שיינקייט, ווי זי וואָלט זיין אויסגעמאָלן מיט אידעלע וואַסער־קאָלירן אויף אַ כינעזישער מאָלעריי. איר קעפּל מיט געקרייזלטע האָר איז געווען אַזאַ קופּערדיק־ברוינער, ווי געגנבעט פון די אַלטע קאַשטאַנאָווע בוימער אין דעם געדיכטן פּאַרק פון דעם פירשט טשאַרטאָריסקי. זי האָט פאַרמאָגט אַ גראַציעזע פיגור וואָס האָט זיך געפּאַסט פאַר אַ פאַריזער מאָדעלקע. גיטעלע פלעגט אַרומגיין אין שטעטל מיט געראָטענע בחורים. זי האָט זיך אַפילו געחברט מיט רוסישע אָפיצירן פון די קאַזאַרמעס, ווי אויך מיט די אידישע זעלנער פון די אַרומיקע שטעטלעך, וואָס פלעגן קומען קיין פולאַווו כדי אָפּצודינען זייער דינסט צום צאַר. זי האָט זיך אָפּט אַרומ־געפירט מיט די סטודענטן וואָס האָבן מיט שטאָלץ געטראָגן זייערע דיקע לערנביכער, האָבן דעקלאַמירט מיצקיעוויטשן און סלאָוואַצקין, האָבן גערויכערט, און האָבן אויך געטרונקען בראָנפן און אַפילו שוין געהאַט דערפאַרונג מיט פרויען. אָבער ביי איר גאַנצן דערפאָלג ביים מענער־פאָלק האָט גיטעלע פאָרט נישט געהאַט קיין מזל צו געפינען איר אמתן באַשערטן...

ענדלעך האָט זי זיך באַפריינדעט, און מיט דער צייט זיך אויך צו־געבונדן צו איינעם אַ גאַנץ לייטישן יינגערמאַן פון קאָנסקעוואָליע. דאָס גאַנצע שטעטל האָט פאָראויסגעזאָגט אַז זיי וועלן באַלד שטעלן אַ חופּה. אָבער עס וויזט אויס אַז עמעץ, אַ שלעכטע צונג, וואָס האָט נישט געקענט פאַרגינען דאָס ביסל מישטיינס געזאָגטע גליק פון די היימישע מענטשן, האָט אויסגעפּלוידערט אַז דער יינגערמאַן האָט זיך געהאַט אָפּגעגט מיט זיין ערשטן ווייב, ווייל ער איז געווען אימפּאָטענט. (יאָ, דאָס שטעטל איז געווען פול מיט אינטריגעס און פּליאָטקעס. נאָך אידער פרויד איז געוואָרן וועלט־באַרימט, האָבן אין די קליינע שטעטלעך עקזיסטירט קאָמ־פּליצירטע פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען. כמעט די מערסטע באַדייטנדיקע שריפטשטעלער, אָנהויבנדיק פון די מחברים פון תּנ"ך, האָבן שוין זינט טויזנטער יאָרן באַהאַנדלט „פרוידיאַנישע" פּראָבלעמען.)

די גערעדעכצן וועגן דעם יינגנמאַן האָבן זיך פאַרשפּרייט ווי אַ פייער.

אין אַ שיינעם, אָדער בעסער געזאָגט, אין אַ מיאוסן טאָג, זיינען זיך גיטעלע מיט איר חתן צעגאַנגען. ווי גרויס איז אָבער געווען גיטעלעס קריינקונג, ווען איר אָפּגעזאָגטער „חתן" האָט אין אַ קורצער צייט אַרום חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערער גבירישער טאָכטער, און דאָס ייִנגע ווייבל האָט אים שפּעטער באַשאָנקען מיט עטלעכע חנעוודיקע קינדערלעך...

פון דעם דאָזיקן מאָמענט אָן האָט גיטעלע אָנגעהויבן ממש איינצוגיין. עס האָבן גאָרנישט געהאָלפן די אוצרות פון איר פאָטער, מיט זיינע וועלדער, פעלדער, מילן און פּראָפּינאַציעס. גיטעלע איז שוין אויף שטענדיק פאַרבליבן אַן אַלטע און פאַרזעסן מיידל, מיט אַ שניי־גרויען צאָפּ. אין דעם פּאַרצייטיש־פּריצישן פּאַרק, צווישן די בוימער פון די אַלייען, פלעגט אָפט אין די היימישע פאַרנאַכטן אַרומשפּאַצירן איינע אַ דינע, שלאַבערדיקע געשטאַלט, אַזאַ פאַרלוירענע אידישע פּרינצעסין, וועמענס באַשערטער ריטער איז געפאַלן ערגעץ־וואו אין אַ שלאַכט, אַ טויט־לעך־פאַרוואונדעטער אין הארצן. זי האָט געטראָגן אונטערן אָרעם אַ דיקן ראָמאַן. דאָס איז אפשר געווען די באַשרייבונג פון איר ליבע, פון אירע האָפענונגען, פון איר דורכפאַל אין לעבן...

די יאָרן זיינען זיך געגאַנגען אין שטעטל צוזאַמען מיט די ווינטערן און זומערן, מיט די פרילינגען און האַרבסטן. אַזוי ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די שטעטלדיקע אידן זיינען אין איינער אַ שרעקלעכער נאַכט אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען און הייזער, ווערנדיק געיאָגט ווי משוגענע הינט דורך די נאַצישע חיות. מיט דער דאָזיקער טרויעריקער פּראָצעסיע איז אויך מיטגעגאַנגען די שטילע גיטעלע. צווישן די אומגליקלעכע אידן, ווי אין אַ צוגעטראַכטער נאָוועלע, האָט זיך אויך געפונען איר אַמאָליקער חתן מיט זיין שיינער פרוי און זייערע שוין דער־וואַקסענע קינדער. גיטעלע איז שוין נישט געווען ביי די קלאָרע געדאַנקען. זי האָט געשאָלטן די נאַציס מיט שרעקלעכע קללות. ווען איינער, אַ היטלעריסטישער רוצח, האָט איר געשאָסן, און זי איז געבליבן ליגן אויפן וועג אַ פאַרוואונדעטע, איז צו איר פלוצלינג צוגעלאָפן אַ ייִנגערמאַן און האָט איר געפּרואווט צו ראַטעווען מיט אַ טרונק בראָנפן פון אַ מעטאַלן פלעשל וואָס ער האָט מיט זיך געטראָגן. דער נאַצישער מערדער האָט גלייך דערשאָסן דעם ייִנגנמאַן, וועלכער איז, פאַרשטייט זיך, געווען איר אַמאָליקער חתן. ביידע ייִנגע מענטשן זיינען געבליבן ליגן פאַרוואונדעטע אויפן פאַרנאַכטישן פוילישן פעלד, פאַראייניקטע אין זייער בלוט, וואָס איז גערונען פון זייערע טויטלעכע וואונדן, בשעת די מחנה מיט אידן זיינען ווייטער געטריבן געוואָרן צו זייער אומקום...

קלאָר, אַז די אויבן געבראַכטע היימישע כראָניק, וואָס אַ לאַנדסמאַן האָט מיר דערציילט, וואָלט געקענט דינען אַלס אַ טעמע פאַר אַן אומ־היימלעכער באַלאַדע. וואו איז ערגעץ דער דיכטער וואָס זאָל איינלאַדן

די אידעלע גיטעלע מיט איר אַמאָליקן חתן אין זיינס אַן אויסגעוואָרעמט פאָלקס־ליד ?!...

## דער ראָמאַן „ירושלים"

די מאַרקיזין, דערציילט העלענע גליצענשטיין, איז געווען אין אירע מיטעלע יאָרן, אַ הויכע, אַ פולע, ווי אַן אַנטיקע סטאַטוע. זי האָט געהאַט רויטע, געפאַרבטע האָר. זי האָט געטראָגן אַ רויט קלייד און האָט געפלירטעוועט מיטן קליינעם עמנואל, איר זון. זי פלעגט אים יעדן פרימאָרגן ברענגען שאָקאָלאַדע און בוקעטן מיט פרישע בלומען. זי פלעגט אויך שרייבן דורך איר גאַנצן לעבן עפּעס אַ לאַנגן ראָמאַן. דער ראָמאַן האָט געהייסן „ירושלים"...

ווען העלענע האָט איר איין מאָל געפרעגט צי זי האָט געלייענט סעלמאַ לאַגערלעפּס באַרימטע נאָוועלע „ירושלים", האָט זי זיך באַליידיקט און האָט צו איר נישט גערעדט אפשר חדשים לאַנג...

די מאַרקיזין האָט אויך געגוצט אָפּיום, און זי פלעגט דערציילן ווי פאַנטאַסטיש עס זיינען אירע איבערלעבענישן. זי פלעגט אויך צורעדן העלענען צו פאַרזוכן אָפּיום. די מאַרקיזין האָט געהאַט אַ גרויסן רויטן הונט, וועלכן זי האָט גערופן דאָגי. דאָגי פלעגט מערסטנס שטיין אַ צוגע־בונדענער אין הויז אויף אַן אייזערנער קייט. העלענע האָט געהאַט אַ קליין הינטל, וואָס פלעגט זיך רייסן, בילן און זיך מאַכן פאַר אַ גאַנצן העלד, ווען דער גרויסער הונט פון דער מאַרקיזין פלעגט זיין אָנגעבונדן אויף דער קייט. ווי נאָר אָבער דאָגי פלעגט באַפרייט ווערן, פלעגט דאָס קליינע, ציטערנדיקע הינטל, וועלכן מען האָט גערופן „נאַפּאָלעאָן", זיך באַהאַלטן ביי העלענען אונטערן קלייד. די מאַרקיזין איז אויך געווען אַן אויפּזעערין אין אַ טורמע פאַר אָרעמע און געפאַלענע פרויען. זי פלעגט זיי אויסטיילן אַרבעט. דערביי פלעגט זי שרעקלעך עקספּלואַטירן די אומגליקלעכע פרויען, צאָלנדיק די קלענסטע לוינען פאַר די שענסטע זאַכן וואָס זיי פלעגן פּראָדוצירן אין זייערע מאָנאָטאָנע טעג און נעכט. זי האָט אויך געהאַלטן אין שרייבן אַ ראָמאַן וועגן די אַרעסטאַנטקעס, דערציילנדיק פון זייער סאָרט לעבן, פון זייערע אומגליקן. אָבער דאָס האָט איר פאָרט נישט געשטערט צו פייניקן אירע שקלאַפינס, בשעת זיי פלעגן אַרבעטן, אַזעלכע בלייכע און פאַרמאַטערטע, ווי אויך שלעכט־דערנערטע.

וועגן אַ געוויסער פרוי, וואָס האָט געהאַט דערמאָרדעט איר מאַן, האָט די מאַרקיזין באַזונדערס אַ סך דערציילט. דאָס איז געווען אַ גאָלד־בלאָנדע פרוי, מיט אַ פּנים ווי אַ צעבליטע בלום; מיט אַ שלאַנקן, צאַרטן קערפּער, אַזאַ דינע און גראַציעזע, אין וועלכער די מאַרקיזין האָט זיך געהאַט פאַרליבט...

אַ סך יאָרן זיינען שוין אַוועק זינט יענער וויטער צייט. וואו איז איצט ערגעץ די מאַרקיזין? וואו איז דער רויטער הונט דאָגי? ווער לייענט

איצט דעם ראָמאַן „ירושלים", וואָס זי האָט געהאַלטן אין שרייבן דורך איר גאַנצן לעבן, קיינמאָל נישט האָבנדיק באַזוכט די הייליקע שטאָט? וואו זיינען יענע יינגע, שיינע און איינזאַמע פרויען אין דעם רוימישן געפענגעניש, אויסאַרבעטנדיק מיט זייערע צעווייטיקטע פינגער פּרעכטיקע טעפּיכער, טישטוכער, פאָרהאַנגען, זיידנוואַרגן, סאַמעט־שטאָפן, ווי אויך פאַרשידענע גאָלדוואַרגן און זילבערוואַרגן, כדי צו באַצירן די שענסטע און רייכסטע פרויען, בשעת זיי אַליין זיינען פאַרוויאַנעט געוואָרן פאַר דער צייט? יאָ, וואו איז טאַקע דער נעכטיקער טאָג!?...

## דער דאָקטאָר און די שיינע פרוי

אין מיין זכרון איז געבליבן שטיין אַ מאָלעריי, וואָס איך האָב געזען נאָך אַלס קליין יינגל. דאָס בילד האָט געהייסן „די אָפּעראַציע". די רעפּראָדוקציע איז געווען געדרוקט אין דעם וואָגיקן זשורנאַל „דער שטראַל", וואָס ווייניק לייענער, אַפילו אידישע שרייבער, געדענקען אים קוים, פונקט ווי מען געדענקט שוין מער נישט די מאַנאַטשריפט „ראָמאַנ־צייטונג". די סצענע האָט פאַרגעשטעלט ווי אַזוי אַ דאָקטאָר האָט אָפּערירט אַ יינגע פרוי. ער האָט גאַרנישט געזען פאַר זיך די שיינקייט פונעם געטלעכן פרויענגוף. ער איז געווען שטרענג פאַרנומען מיטן גאַנג פון דער קאָמ־פּליצירטער אָפּעראַציע. זיין קאַלט, שאַרף און כירורגיש מעסער האָט זיך פלינק באַוואויגן צווישן די אָדערן, אַרטעריעס, נערוון און לאַבירינטן פון דער נאַבעלער פרויס בלוטנדיקן פלייש. דער שטרענגער דאָקטאָר איז בלויז געווען קאָנצענטרירט אויף אַ באַשטימטן פונקט פון דער פרויס קערפּער: דאָרטן וואו ער האָט פּעסט געפירט דאָס מעסער און האָט פאַר־שניטן אַ שעדלעכן געוויקס...

אָבער אויפן אָפּעראַציע־טיש איז דאָך געלעגן אַ וואונדערשיינע פרוי. איך געדענק נאָך איצט, אפשר אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער, איר שלאַנקן גוף, ביז צום ברעג פונעם אייזערנעם טיש גרייכן אירע פּערלדיק־געשניצטע פיס. דער מאָלער, וואָס האָט געמאָלן די סצענע, איז אָן שום ספק געווען פאַרליבט אין דער פרויס שלימותדיקער פאָרעם. אַפילו אויף איר ליידנדיקן פנים בשעת דער אָפּעראַציע, כאָטש זי איז געווען כלאָראָ־פאָרמירט, האָט געלויכטן אַ געטלעכער שמייכל. אירע לאַנגע האָר זיינען געווען צעוואָרפן איבערן טיש ווי אַ בראַנדזענער שטראָם, וואָס פליסט, פונקט ווי די לבנה וואָלט שטילערהייט אין דער נאַכט צעוואָרפן איבער די טונקעלע לאַנדשאַפטן איר דורכזיכטיק גאָלד, וואָס זי האָט אַגב אויס־געבאָרגט ביי דער זון. די פרוי, דאַכט זיך, שלאָפט טיף אונטער דער ווירקונג פונעם עטער. אָבער עס קען זיך דאַכטן אַז זי חלומט אַן אָנגענעמען חלום, ווי זי וואָלט צום ערשטן מאָל אין איר יינגן לעבן גיין צום באַל, און איינער, אַ סטודענט, גיט איר דעם ערשטן קוש, און ער מורמלט עפּעס

פאַרליבטע רייד, וואָס קלינגען ווי די פּערזן פון אַ ליבע־ליד. אָט קלינגען אויף ראָמאַנטישע מעלאָדיעס פון די אינסטרומענטן, וואָס די ציגיינערישע קלעזמאָרים שפּילן. פאַרלעך צעלאָזן זיך אין אַ טאַנץ. זיי נעמען זיך וואַרעם אַרום. די פרויען לענען אָן זייערע קעפּ אויף די אַקסלען פון די קאַוואַליערן. דער פּלאַנעט שווימט צווישן די שטערן אין ריטם פון דער מעלאָדיע. די פרוי טאַנצט און פאָלגט נאָך דעם אינסטינקטיוון באַפעל פון איר פאַרליבטן סטודענט. דורכן אָפענעם פענצטער לויכט אַריין די לבנה. פּאַסן ליכט פאַלן אויף דער פרויס פרעכטיקע בריסטן; אויף אירע לאַנגע און איידעלע אָרעמס; אויף איר שיין־געפאָרעמטן בויך, וואָס אָטעמט...

שוין אַ סך יאָרן דעריבער, ווי געזאָגט. נאָר אין מיין זכרון איז געבליבן שטיין די סצענע מיט איר גאַנצן שווידער און שיינקייט. איך פלעג אָפּט מישן די בלעטער פון דעם מאַסיוון באַנד מיט זשורנאַלן, וואָס האָט געהייסן „דער שטראַל", וואָס איז דערשינען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און וועלכן איך האָב שוין עטלעכע מאָל געהאַט אויסגעבאָרגט אין דער שטעטלדיקער ציוניסטישער ביבליאָטעק. און תמיד, נאָכן האָבן געליינט דעם כישופדיקן ליטעראַרישן מאַטעריאַל, די איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור, די לידער פון לייב ניידוס, משה בראָדערזאָן, זוס־מאַן סעגאַלאָוויטש און קאַצענעלסאָן, פלעג איך צוריקקומען צו דער מאָלערײַ־רעפּראָדוקציע, וואָס פלעגט מיך פאַרכישופן מיט דער שיינקייט פון דער שלאַנקער פרוי, וואָס פאַסט פאַרצושטעלן אויף אַ מאַרמאָרענעם פּיעדעסטאַל דעם דענקמאָל פון אַ גריכישער געציִן, זיך אויסצודריקן כמעט שוין באַנאַל, בשעת דער דאָקטאָר אָפּערירט קאַלטבלוטיק איבער איר גוף, און איך פלעג בעטן צו גאָט מיט די זעלביקע ווערטער פון מיין אייגענער תפילה: „אַלמעכטיקער פון די הימלען, איך בעט דיך מיט פּשוטע ווערטער פון מיין טיפן געמיט: גיב אַריין קראַפט און חכמה אין די הענט פונעם רופא, כדי צו ראַטעווען די הערלעכע פרוי פון דער טויטלעכער קראַנקהייט. גאָט, פיר אָן צום גוטן די האַנט מיטן שאַרפן מעסער פונעם כירורג, און מאַך אַז די אָפּעראַציע זאָל געלונגען. זאָל די פרוי ווערן געהיילט און קענען אויפשטיין פון בעט אַ געזונטע. דעמאָלט וועט זי זיין אימשטאַנד צו דינען צו דיין געטלעך ווערק, און זי וועט שענקען דער וועלט אירע קינדער, ווי די מלאכים". אַזאַ איז געווען מיין תפילה צום רבונו של עולם...

## מיט דער לבנה צוקאָפּנס

שפּעט ביי דער נאַכט קומסטו אַהיים אין דיין אָרעמען שטיבל. די ווענט שטייען פּוסטע און נאַקעטע. עס כאַפּט דיך אַרום אַ גרויל פאַר דיין אָרעמען לעבן. אויף אַן איינציקער רגע דערשרעקסטו דיך פאַר דער

רויער רעאַליטעט. אָבער באַלד דערמאָנסטו דיך, אַז דו טאָרסט נישט אַריינפאַלן אין יאוש. דו ביסט אַ סאָלדאַט וואָס שלאָפט ביינאַכט אויף דעם אייזערנעם בעטל מיט דער אָנגעצונדענער לבנה צוקאָפּנס. אויף די פּאַליצעס שטייען גרייט פאַר דיר די ביכער צום לייענען און צום שטודירן. חכמים מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָבן געשריבן, אין זיבעץ האָבנדיק דיך. די געלע מאַנוסקריפּטן ליגן גרייט אין די שענקלעך כדי דו זאָלסט זיי אין די שפּעטע נעכט איבערשרייבן, רייניקן פון פּסולת, און ממש קושן יעדעס וואָרט. אויפן אויוון וואַרט דער אייזערנער טאָפּ כדי אין פריען באַגינען אויפצוקאָכן די שוואַרצע קאַווע, וואָס זאָל שטאַרקן דיין האַרץ, דיין האַנט, און פירן פעסט דיין פעדער איבערן ווייסן פּאַפּיר, ווי דו וואָלסט טאַקע שרייבן פאַר דער אייביקייט אַליין, פאַר די גייסטיק־הונגעריקע דורות פון דער צוקונפט. דאָס פענצטער שטייט ברייט אויפ־געפּראַלט ווי אַ טויער צום הימל, כדי די שטראַלן פון די וויטסטע שטערן אינעם חושך פון דער נאַכט זאָלן דיך דערגרייכן. דיך אָנרירן און וועקן צו טאָן דיין הייליק ווערק. דו מוזט תמיד זיין אָנגעברייט צו דער שלאַכט פון לעבן, צו דער מלחמה פונעם גייסט. דיינע אידעאַלן און געדאַנקען זאָלן זיין דיין פלאַמיקע אַרמיי. די אידישע אותיות זאָלן ווערן דיינע פלינקע רייטערס. דו ביסט דער וועכטער, דער סאָלדאַט פון דיין ווערק, און דיין חוב איז צו קעמפן מיטן עקשנותדיקן שונא פון דער ניכטערקייט, פון ציניזם, פון גלייכגילטיקייט, פון אַפּאַטיע. דאָס לעבן איז טאַקע פאַר דיר און פאַר דיינס גלייכן האַרט און שטיינערדיק, ווי דאָס געלעגער פון פעלדזן אונטערן מידן גוף פון יעקבן. אָבער אויבן שטייט אַ געוואַלטי־קער הימל מיט שטערן. און דיין גורל האָט דיך שטרענג און באַפעלעריש אַוועקגעשטעלט אויפן פּאָסטן ווי אַ נביא, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין פּער־זענלעך לעבן. דו טאָרסט דיך אַליין , און דיין צוועק, נישט פאַרראַטן. דיין וואָרט באַדאַרף זיין צו דיר פעסט און הייליק, ווי דאָס וואָרט פון גאָט צום נביא, וואָס דינט קנעכטיש צום קאָסמישן באַפעל און שטרענגן אָנזאָג פון דער געטלעכקייט...

## די צייט ערב אַן אָפּעראַציע

אין סאַנאַטאָריום פון דענווער פלעג איך זען און אָבסערווירן מיין קראַנקן פריינט לעאָן סיגאַלאָף ערב אַן אָפּעראַציע. ער פלעגט זיך דערצו גרייטן ווי איינער אַ מענטש גרייט זיך צו אַ וויטער און ערנסטער נסיעה. ער האָט זיינע וויכטיקסטע זאַכן און אַסטראָלאָגישע מאַנוסקריפּטן ווי געהעריק פאַרפּאַקט. ער האָט די אַלע פּעקלעך גענוי אַדרעסירט, צו וועמען, אין פאַל פון זיין טויט, זיי זאָלן אָפּגעשיקט ווערן. ער האָט פּינקטלעך צוגעגרייט זיין צוואה. ער האָט געמאַכט שטרענגע אָרדענונג אין זיין לעבן. ער האָט מיט אַלע זיינע פריינט פריינטלעך געשמועסט, און האָט זיך מיט זיי געזעגנט מיט אַ טרויעריקן שמייכל אויף זיין סאַרקאַסטיש־

אויסגעדאַרטן פּנים, וואָס האָט דערציילט פון לאַנגע יאָרן מיט קראַנק־הייטן. ער האָט גיך אויספאַרענדיקט זיינע אַסטראַלאָגישע שריפטן, וואָס ער פלעגט דרוקן אין זשורנאַלן, און אויך פאַרענדיקן די אַנגעהויבענע מאָלערייען. ער האָט אָפּגעטאָן ממש אַ וועלט מיט אַרבעט אין משך פון אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט. יעדע איינציקע רגע און מינוט האָט זיך ממש געציילט...

איך האָב בכלל אין דער אַטמאָספערע פונעם סאַנאַטאָריום אַ סך געזען און געלערנט ווי אַזוי די מענטשן פון גייסט און אינטעליגענץ נוצן אויס זייער באַגרענעצטע צייט ערב אַן אָפּעראַציע. ווען די מענטשן וואָלטן מיט אַזאַ ערנסטקייט און פיבערישער ענערגיע געאַרבעט דורך די מערסטע יאָרן פון זייערע רייפע לעבנס, זייענדיק כסדר באַוואוסטזיניק פון דעם ווערט־און־וויכטיקייט פון צייט, און האָבנדיק פאַר זיך די אַנגסטיקע פאַר־שטעלונג פונעם באַלדיקן סוף פון זייער פיזישער עקזיסטענץ, דעמאָלט וואָלטן אַוודאי אויפגעשטעלט געוואָרן גאַנצע סיסטעמען און ממש וועלטן מיט שכל, שיינקייט, האַרמאָניע און גערעכטיקייט. דעמאָלט וואָלט דער מין מענטש נישט פאַרלוירן קיין איבעריקע צייט־און־כוחות אויף פּוסטע האַזאַרד־שפּילן, אין קאָרטן, אין ווירפל־שפּיל, אין דאָמינאָ; אַפילו אין שאַך, אין כלערליי אַנדערע פאַרשווענדונגען פון צייט־און־כוחות. בפרט וואָלטן גאַנצע פעלקער זיך נישט קעגנזייטיק חרוב געמאַכט, זיך נישט פאַרניכטעט, זיך נישט געשאָכטן, נישט פאַרברענט זייערע הייזער, זייערע פאַבריקן נישט פאַרניכטעט, נישט פאַרשרפהט זייערע וועלדער און מיט די אייזערנע קאָפּעטעס פון די פערד נישט צעטראָטן די בליענדיקע פעלדער און גערטנער. עס וואָלט דעמאָלט פשוט נישט געווען דאָס געמיט פאַר שנאה, קנאה, אינטריגע און קריגעריי. די מענטשלעכע כוונות וואָלטן געווען ריינע, ערלעכע און נוצלעכע פאַר דער מענטשלעכער געזעלשאַפט...

עס זיינען שטענדיק פאַראַן אין דער וועלט אַ באַגרענעצטע צאָל חכמים וואָס לעבן זייער גאַנצן לעבן, ממש יעדן איינציקן מעת־לעת, ווי זיי וואָלטן זיך צוגרייטן יעדן טאָג צו אַ זייער לאַנגער רייזע אין דער צוקונפט, צום גאַנג אין דער אייביקייט אַריין, אין געשוועב צו די ווייטסטע שטערן אין דעם אומענדלעכן חושך פון דער נאַכט...

## די באַרוויסע שיינקייטן

איך געדענק די רייצנדיקע מיידלעך פון מיין שטעטל. בשעת די זומערדיקע טעג און אָוונטן פלעגן זיי אַרומגיין באָרוועסע איבער די גראָזיקע וועגן און שטעגן פון די געסלעך. זיי פלעגן זיך באַווייזן ווי די געהיימנישפולע געטינס אין דעם אַלטן און היסטאָרישן פּאַרק פון דעם פּרינץ אַדאַם טשאַרטאָריסקי; אויך אויף די קליינשטעטלדיקע געמאַרקן, בריקן און ברוקירטע פּלעצער. זיי האָבן שטיל און באַשיידן אָפּגעלויכטן אין דעם היימישן שטעטל, די דאָזיקע הייליקע קראַסאַוויצעס, די פּריוו־

צעסינס פון די אָרעמע אידישע היימען און געוועלבלעך פון סאָדע־וואַסער און הערינג. אַזוי זיינען מיט יאָרהונדערטער צוריק אַרומגעגאַנגען האַלב־נאַקעטע די פּויערישע שיקסלעך, וואָס זיינען דורך די רענעסאַנס־קינסטלער אין איטאַליע אויסגעווילט געוואָרן צו ווערן די מאָדעלן פאַר די געטינס און מאַדאָנעס, פאַר די רעליגיעזע פּרויען־געשטאַלטן, מיט זייערע גאָלדענע צעפּ און עקסטאַטישע פייערלעך אין די גרויסע, פאַרוואונדערטע אויגן.

די קינסטלער פלעגן זיי דערזען צווישן די געדיכטע מאַסן מענטשן אין די שטעט, בשעת די יערלעכע קאַרנאַוואַלישע ספּעקטאַקלען און פייערונגען, אין די שמאָלע און אַלטפרענקישע געסלעך פון רוים, פלאָרענץ און ווע־נעציע. די מאָלערס פלעגן ווערן אָנגעצונדן פון באַגייסטערונג, קוקנדיק אויף די פון גאָט אַליין אָפּגעפּאַרבטע פּנימער פון די פּשוטע טעכטער פונעם פאָלק, ווען זיי פלעגן אויפכאַפּן פון די דערפער, סעדער, גערטנער, וועלדער און פעלדער, און זיי מיט געוואַלט ברענגען אין זייערע סטודיאָס; זיי אָנטאָן אין זיידענע קליידער ווי אַריסטאָקראַטישע דאַמעס; זיי איינהילן אין זייד און סאַמעט; זיי באַצירן מיט פּרעכטיקע בראַסלעטן, שנירלעך פּערל, גאָלדענע קייטלעך און בראַשקעס מיט בריליאַנטן, און זיי פאַר־אייביקן מיט עקסטאַז אין זייערע אומשטערבלעכע ווערק. די פּראָסטע שיקסעס פון די געשמאַקע איטאַליענישע פעלדער און לאַנדשאַפטן זיינען שטיין געבליבן אויף די לייוונטן אין זייערע קאָשטשאַלן און פּאַלאַצן פון די פּריצים און פּרינצן אַלס הייליקע יינגפרויען, אַלס העלדינס פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע, אַלס געצינס. די מאַסן מענטשן, דער רעליגיעזער און פאַנאַטישער המון, האָט צו זיי געקניט און זיי האָבן געשעפּטשעט תפילות צו זייער בלענדנדיקער שיינקייט, הייליקייט און פרויאישן רייץ...

איך געדענק אַ פּרימאָרגן אין מיין שטעטל. איך בין געגאַנגען אַ פאַרטראַכטער איבער די גרינע אַלייען מיט די ריזיקע אַלטעביימער אין דעם היסטאָרישן פּאַרק. איך האָב מיט אַ סך נאַאיוויטעט געקלערט פון עפּעס אַ וויכטיקער טעמע כדי אָנצושרייבן אַ לייטיש ליד, אַ לענגערע פּאָעמע, און עס צו קענען ברענגען צו מיין ערשטן ליטעראַרישן פּריינט, שלמה שיינבערג, דעם היימישן פּאָעט און איבערזעצער פון דער רוסישער ליטעראַטור — באַזונדערס פון די פּאָעטישע ווערק פון פּושקין און לער־מאָנטאָוו. איך פלעג ברענגען אַ ניי ליד און הערן די שבחים פון זיינע ליפּן וועגן מיין פּאָעטישן טאַלאַנט. אויף יעדן צווייג פון אַ בוים, וועלכן איך פלעג פאַרבייגיין אויף מיין וועג צו שיינבערגס היים, ביי דער ווייסל, איז געשטאַנען אַ מאָדנער פויגל, ווי עפּעס אַ פאַרוואַנדלטע מענטשלעכע נשמה, און האָט שטילערהייט געטרילערט, ממש גערעדט צו דער וועלט אויף זיין אייגענעם ניגון און לשון. די פּנימער פון די פייגל זיינען ממש געווען מענטשלעכע. בלומען זיינען ווי איבער נאַכט אויפגעגאַנגען פון גאָטס אַלטער און אייביק־פרישער ערד ווי שטילע פלאַמען. אין אַ וועלט

פון לויטערער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך ממש געוואָלגערט צו מיינע פיס, אין אַלע ווינקלען און פּלעצער פון דעם אידישן שטעטל אין פּוילן, האָב איך נאַרישערהייט זיך געמאַטערט און געזוכט אַ טעמע פאַר אַ ליד. פּלוצלינג, בשעת איינעם אַזאַ שפּאַציר אין די אַלייען, זע איך ווי עס קומט אַרויס פון ערגעץ לאהלע, די טאָכטער פונעם קליינשטעטלדיקן קברן. זי גייט באַרוועסרהייט איבער די שפּיציקע שטיינער פונעם ברוי־קירטן וועג. ווייך טרעטן אירע ראָזלעכע פיסלעך אינעם ברוינעם שטויביקן זאַמד, אָדער אויפן ווייכן און זיידענעם גראָז. און אַזוי ווי זי גייט, דאַכט זיך מיר אַז עס שפּאַצירט אַרויס פון אַ פּאַלאַץ אַ צאַרטע פּרינצעסין פון עפּעס אַ מעשה־ביכל. זי איז ווי אַרויסגעגאַנגען פון מאָוריצי גאָטליבס אַ מאָנומענטאַלער מאַלעריי, אין וועלכער ער האָט אַריינגעמאָלן מיט זיין רעמבראַנדטישן טאַלאַנט זיינע אייגענע שוועסטערן און זייערע חברטאָרינס פון דראָהאָביטש. איך בין שעמעוודיק, און איך וואַג נישט אויסצורעדן צו דער שיינקייט אַפילו אַן איינציק וואָרט, כאָטש אירע פאַספאַרישע אויגן בעטן זיך ממש צו הערן אַ וואַרעם אידיש וואָרט פון לויב, און אפשר אויך פון ליבע. בשעת איך אַליין גיי טאַקע שיער אויס פון ליבשאַפט צו איר. ווען לאהלע גייט נעבן מיר זייער נאָענט פאַרביי, אַזוי נאָענט אַז מיר קענען זיך ממש אָנרירן איינס דאָס אַנדערע מיט אונדזערע גופים, און זי ווערט פאַרשוואונדן צווישן די בוימער ווי אַ געשטאַלט אין אַ ליכטיקן חלום, גיי איך דערנאָך בלינדערהייט נאָך די צייכנס פון אירע טריט, וואָס אירע איידעלע פיס האָבן געלאָזט שטיין אינעם זאַמד, אָדער אויפן גראָזיקן וועג. זי זעט נישט ווי איך בויג זיך ריטערלעך איין און איך קוש די הייליקע צייכנס פון אַ רייצנדיקער אידישער פרוי. איך קוש אַ פאַרליבטער אירע טריט אין דער וועלט. אָבער צו דער פריש־געפאַרבטער שיינקייט אין גאָטס שמעקעדיקע פאַרבן און טויען האָב איך נישט געוואָגט זיך צו דערנעענטערן. נישט געהאַט די דרייסטקייט מיט איר צו רעדן, איר צו שענקען אַ קאָמפּלימענט...

דאָ וואו זי איז שטיל געגאַנגען און האָט געאָטעמט מיט גאָטס ריינער לופט, האָב איך געשפּירט דעם פאַרפיום פון איר עקזיסטענץ. עס איז געבליבן שטיין דער אַראָמאַט פון איר יונגן גוף אין דער לופט, וואָס האָט געשמעקט מיט בעז און מיט ווייץ. איך האָב פאַרמאַכט מיינע אויגן, און איך בין בלינדערהייט, אַזאַ פאַרליבטער אין דעם פּרעכטיקן אידישן פאָלקס־קינד, איר שקלאַפיש נאָכגעגאַנגען. אָבער עס טוט מיר נאָך ביז היינט ווייי, אַרום אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער, ווען איך דערמאָן זיך אין דעם עפּיזאָד, פאַרוואָס איך האָב נישט גערעדט, און נישט געפּרואווט צו איר זיך צו דערנעענטערן...

די מערסטע פון די דאָזיקע היימישע אידישע גראַציעס, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אין אָרעמקייט און נויט, זיינען אין די שפּעטערדיקע יאָרן

אומגעקומען אין די גרויזאַמע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, בשעת דער מורא־דיקער קאַטאַסטראָפע פונעם גרויסן פוילישן אידנטום...

## די יינגע פרוי וואָס שטראַלט

איך דער האַרבסטיקער אַלייע גייט אַ יינגע פרוי. דו וואָלסט קענען שווערן: זי איז אַרויסגעגאַנגען פון אַ מאַלעריי. איר גראַציע, דער דינער און גליקזעליקער שמייכל אויף איר מלאכימדיקן פנים, איז ווי פון אַן אידעלער און סענסיטיווער פרוי אויף אַ מאַלעריי. זי גייט אַזאַ געלאַסענע און איינזאַמע, ווי אַ קעניגין אויפן שטילן און זייטיקן וועג, פאַרהילט אין אַ דינעם און נעפלדיקן וואואַל. געלע בלעטער פאַלן ווי מידע און פאַר־חלשטע פייגל צו אירע פיס. עס ווילט זיך אַזוי שטאַרק־און־שטילערהייט איר נאָכגיין ביז צום עק פון דער וועלט, ביז צום סוף פון צייט...

## די שווייגנדיקע פערד

איך האָב געזען שטיין אויף דער גאַס צוויי שווערע וועגענער אָנגע־פולטע מיט קעסטלעך זאַפטיקע פירות. די פערד, אַזעלכע רואיקע און געדולדיקע, זיינען געשטאַנען אין פראָנט פון די וועגענער. איין פערד איז געווען גאָלדיק־ברוין, ווי אַ האַרבסטיק פעלד. דאָס צווייטע פערד האָט געהאַט אַ ווייסע פעל, ווי אַן ערשט־געפאַלענער און הימלישער שניי. בלויז די קליינע יינגלעך פאַרמאָגן אײדלקייט און סענטימענט פאַר אַ שיינער חיה. זיי באַרירן די שטומע און איינזאַמע חיות מיט זייערע קורצע און וויכע הענטלעך. איך גיי נאָענט צו די פערד און דורך מיין סימפּאַטיע צו זיי ווערט צו מיר אַנטפּלעקט זייער עלנטקייט, זייערע ליידן און זייער געדולד מיטן גורל. אין זייערע טרויעריקע און געשלאָגענע ביינער, וואָס סטאַרטשען אַרויס פון אונטער די דאַרע, געלע און אויסגעקראָכענע פעלן, איז פאַראַן אַזוי פיל חיהשער אומעט. ווער האָט דען איצט צייט און געמיט אָנצוקוקן די קלוגע, געטרייע, געהאַרכזאַמע און געשלאָגענע חיות?!...

עס גייען אויף אין מיין זכרון די געצייכנטע פערד פון באַרימטע מאַלער אין דער מאַלעריי־קונסט: פון פּיזאַנעלאָ, פון ברויגל דעם עלטערן, פון דעלאַקרואַ. פערד זיינען שטענדיק געמאָלן געוואָרן מיט סימפּאַטיע דורך די הענט פון גרויסע קינסטלער. עס זיינען זיי וואָס האָבן אין פאַרשידענע יאָרהונדערטער, אפשר נאָך פון די צייטן פון די אורמענטשן אין די היילן, זיך דערקענט אויף דער קראַפט און שיינקייט פון די שטילע און שיינע פערד...

## שנעקעס אין דער וויסטאַווע

איך זע רויטע שנעקעס אין דער וויסטאַווע פון אַ רעסטאָראַציע. מידע, פלעגמאַטישע און אומבאַהאָלפענע באַוועגן זיי קוים און פאַוואָליעדיק מיט זייערע פאַרקרומטע און פאַרפלאָנטערטע גלידער. צו וואָס, פרעגט זיך

נאַאיוועריהייט, האָט גאָט באַשאַפן די דאָזיקע אומסימפּאַטישע באַשעפענישן? כדי זיי זאָלן מיט זייער פליישׁ אָנפילן די מאָגנס פון מאַנצבילן און פון זייערע ווייבער, וואָס זיצן אין די קאָסטבאַרע רעסטאָראַציעס, און וואָס זעען אויס נאָך אומבאַהאָלפענער ווי די שנעקעס, וואָס זיי פאַרצערן אין זייער שרעקלעכן הונגער?

די אַנדערע איבערגעבליבענע שנעקעס וועלן נאָך לעבן אַ ווײַלע. שפּעטער וועלן זיי זאָט מאַכן די דזשענטלמענער און זייערע רייך־גע־קליידטע דאַמעס, וואָס וועלן אַוודאי שטאַרבן פון איבערעסן זיך, און וועלן סוף־כל־סוף באַגראָבן ווערן, און זייערע פעטע לייבער וועלן זעטיקן די ווערעם אין די קברים, און די ראַצן אויף די בית־עולמס. דערנאָך וועלן אַנדערע ווערעם פון דער ערד פאַרצערן די פריערדיקע, פעט־געוואָרענע שרצים און אינסעקטן...

## די קליינע פאַמיליע

דאָס מיידעלע איז אַ פּרעכטיק מלאכל — אָבער שוין אַ קראַנקע ליאַלקע, וואָס הוסט און שרייט היסטעריש. דאָס יינגעלע איז שיין — אָבער שוין אויך געל און אויסגעדאַרט. זי אַליין איז אַזאַ צעוואַקסענע און ריזיקע. זי האָט רויטע אויגן פון וויינען און אַוודאי פון נישט־דער־שלאָפענע נעכט. זי האָט אַזאַ בלייך־קיטענעם פּנים, און די פליגל זיינען ווי אָפּגעבראָכן פון אירע אַקסלען ווי רויטער ליים פון אַ קבר, אָדער ווי גיפּס...

## ווען דער מענטש וואָלט געפונען גאָט

וואָרעם ווען דער ציינישער מין מענטש וואָלט טאַקע ערגעץ־וואו געפונען גאָט, וואָלט ער אים פשוט געממיתט. ער וואָלט נקמה גענומען אין גאָט פאַר אַלע זיינע איבערלעבענישן. גאָט איז שוין איינמאָל אַ חכם: ער האַלט זיך שטענדיק פון דער וויטנס פונעם מין מענטש. ער היט זיך די ביינער פאַר דער געפערלעכער חיה. גאָט האָט פאַר אים מורא. ער האָט אים איין מאָל באַשאַפן, און ער איז אַוועק, דער מענטש, מיט זיין אייגענעם בלוטיקן גאַנג פון גיפט, בלוט און מאָרד. —

## דער מענטש און זיין איינציק לשון

דער מענטש פאַרמאָגט אַ שלל מיט שפּראַכענישן, וואָס ער האָט זיך אפשר אויסגעלערנט פון די דונערן און שלאַקס־רעגנס; פון דעם ברומען פון חיות און פון דעם זינגען פון די פייגל; פון דעםווילדן יאָמערן פון פאַרוואונדעטע באַשעפענישן אין די דזשאַנגלען און היילן; דער דאָ־זיקער מענטש קען אייגנטלעך, אין דעם אמתן זין פון וואָרט, בלויז איין און איינציק לשון, אין וועלכן עס גיסן זיך אַריין אַלע לשונות פון די פעלקער, ווי די ברויזנדיקע כוואַליעס לאָזן זיך אַרונטער שטראָמיק אין

די תהומיקע טיפענישן און טונקלענישן פון ים. פונקט ווי פון דעם איינציקן גאָט־געדאַנק האָבן זיך געעפנט אַלע רעליגיעס, אַלע קרעדאָס, אַלע גלויבונגען, אַלע גאָט־פאַרשטעלונגען און אָפּצווייגונגען.

## ווער עס שעלט אידיש

איך טראַכט: ווער עס וואָגט צו שעלטן, שענדן, שעכטן און שינדן די אידעלע הויט פון אידישע רייד, ווי וואָרעם־אָטעמדיקע לעמער, דער דאַזיקער מענטש זאָל פאַראַכט ווערן און פון אַלע אידנס רויט־פלאַמיקע צונגען זאָל ער פאַרשאָלטן און פאַרלענדט ווערן פון דער ערד. וואָרים עס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן אין דער וועלט, אַז אַ פאָלק זאָל אַליין אומברענגען זיין מאַמע־לשון.

## דער מין מענטש

דער מענטש איז אַ משוגענער מערדער פון זיין געבורט אָן. ער וועט זיך גערן יאָגן צו ווייטע לענדער און שטעט, וואָס טראָגן אים אַנטקעגן אויף זילבערנע טאַצן שוואַרץ ברויט מיט זאַלץ, און ער וועט אויסראָטן פריינטלעכע, פרימיטיווע פעלקער. ער וועט צעשטערן זייערע טראַדיציאָנעלע אוצרות פון קולטור און קונסט, זייערע רעליגיעס און ציוויליזאַציעס. דער רוצחישער מענטש וועט אַראָפּרוימען פון דעם פּנים פון דער ערד און פון די טיפענישן פון די וועלדער די שענסטע חיות, עופות און פויגלוואַרג. ער וועט אויך אַראָפּנידערן צום אָפּגרונט פון די אָקעאַנען, אַ באַוואָפנטער פון קאָפּ ביז צו די פיס, כדי אומצוברענגען זעלטענע באַשעפענישן. ער וועט, אין לעצטן סך־הכל, אויסשעכטן און פאַרטיליקן גאָטס לעבן. צום סוף וועט ער נאָך האָבן פּרעטענזיעס צו גאָט, פונקט ווי דער רבונו של עולם אַליין וואָלט אים טאַקע געצוואונגען צו שעכטן און בלוטיק צו פאַרפלעקן די ערד מיט זיינע שלעכטע מעשים און מערדערייען. אָט דאָס הייסט: טרויעריקע חוצפּה...

## שפּראַכן

דער אמתער שרייבער שרייבט קיינמאָל נישט מיט קיין אויסגעלערנטער און פאַרטיקער שפּראַך. בייערט ער שאַפט מיטן טאַטעשן און מאַמעשן לשון פון גאַנצע דורות. די שפּראַך הויערט אין זיין בלוט און געביין ווי אַ שטורעם פון פאַרצייטנס אָן. עס דונערט אין זיין זינט אורצייטן אָן, נאָך איידער־איידער זיין פיזישן געבורט. זיין נשמה האָט די ווערטער נאָך געהערט אין גן־עדן. זיי פינקלען אין אים ווי פאָספאָר אינעם אָפּגעבראָכענעם שטאַם פון אַ בוים. דאָס ערשטע און איינציקע לשון איז אין אים אַריינגעטאָן געוואָרן ביים סאַמע געבורט. גאָט האָט אין אים, ווען ער איז נאָך געלעגן אין וויגל, אַריינגעטאָן דעם מבול פון קללות און ברכות. דאָס לשון איז זיין ערשטע מאַמע. ער ווערט געבוירן און ער שטאַרבט מיטן איינציקן לשון אין זיין געביין...

## זיי האָבן זיך נישט געשיידט מיטן מאַמע־לשון

איך האָב אין משך פון די יאָרן פּערזענלעך געקענט אַ צאָל שרייבערס, וואָס האָבן גלענצנדיק געקענט פרעמדע שפּראַכן. זיי האָבן אפשר מיט דער צייט אויך געקענט מאַכן ליטעראַרישע קאַריערעס אין אַנדערע לשונות און לייטישע קולטורן. פונדעסטוועגן האָבן זיי אַפילו נישט געחלומט, נישט געפּרוּווט און אויך נישט געוואָגט אויפצוהערן צו שרייבן אין זייער אויסגעוואָרעמטן מאַמע־לשון. זיי האָבן אַוודאי רעכט געהאַט. קען זיך דען עמעץ פאָרשטעלן פּושקינען, דעם מייסטער און באַנייער פונעם רחבות־דיקן רוסישן לשון, שרייבנדיק אויף ענגליש? אָדער לאָרד בייראָן — אויף רוסיש? צי ר׳ שלמה בן־גבירול — אין פּלעמיש? אָדער פּרץ — אין שפּאַניש? צי סערוואַנטעס — אין העברעאיש? מיצקעוויטש — אין דייטש? געטען — אין פּויליש?

די גרונטיקע שריפטשטעלער און דיכטער זיינען ווי פון דער השגחה אַליין גערופן געוואָרן צו שאַפן און אַריינצוברענגען ליכט און קראַפט אין זייערע אייגענע שפּראַכן און ציוויליזאַציעס. זייערע לשונות האָבן אין זיי געפיבערט, געמאָנט און געוואָרט יאָרטויזנטער לאַנג אויף זייערע זשעניען. די נבאים האָבן געמוזט שאַפן אין לשון קודש. עס איז יעדן קינסטלער צוגעטיילט און פּעסט באַשטימט זיין אייגן לשון, ווי זיין פאָלק, זיין גורל, זיין זיווג, די לענג פון זיין לעבן און די טעג פון זיין שאַפן זיינען צוגעטיילט געוואָרן צו אים פון דעם וואָס לעבט אייביק.

## די מומיע האָט געוויכערט

ער האָלט צווישן זיינע פאַרזשאַווערטע שפּיצן־פינגער דעם פּיטום פונעם ציגאַרעט. דאָס קליינטשיקע פייערל בריט אים צווישן די פינגער. אָבער דאָס אַרט אים נישט. ער אַליין איז שוין כמעט אינגאַנצן אויסגע־ברענט ווי אַ גלאָווניע. זיין קאָפּ איז אַן אורנע וואָס איז פול מיט רויטלעכן אַש פון אַ מת. זיינע געדערעם זיינען שוין אויך פאַראַשיקטע. זיין בלוט איז אויסגעלאָשן און קאַלט ווי אייז. זיינע גלידער זיינען אָפּגעסמאַליעטע. זיינע ביינער זיינען פאַרוואַנדלט אין סאַזשעס און קאָפּעטש. עס גייט פון זיינע מחשבות אַ שטינקנדיקער רויך, ווי פון אַ קוימען. ער פאַרמאָגט שוין נישט מער קיין הארץ, קיין נשמה, קיין מוח, קיין בריעבץ פון גאונות.. טו אים אַ לייכטן שטופּ־און־שטורקע מיטן שטעקן, און ער וועט תיכף צעפאַלן ווי אַ פאַרצייטישע מומיע אין מוזעאום. ער וועט ווערן אַ קליינטשיק בערגל מיט אַש...

## טיציאַנס מאָלעריי אין קאָנקורענץ מיט דער זון...

אין דער שפּעטער און רעגנדיקער נאַכט שטיי איך נעבן דעם קונסט־געשעפט און איך קוק אַריין אַ געפאַנגענער פון אַ זוניקן בילד פון דעם

רענעסאַנס־מייסטער טיציאַן. איך באַד מיין אויג אין די הייסע אָטאָמען פון דעם גוף פון דער לויטערער פרוי, אין וועלכן דער קינסטלער האָט אַריינגעטאָן זיין אייגן לעבן. יאָ, זי איז געווען ווי אַ פלאַם, וואָס האָט אַרויסגעלויכטן פון דער ראַם. פאַקטיש איז זי געווען איינגעראַמט אין דעם גאַנצן אוניווערס. די האַניק־טריפנדיקע האָר אירע האָבן רייצנדיק, ווי די שטערן, אַנגערירט אירע פולע בריסטן, וואָס זיינען געווען מילך־קלאָרע, ווי פון גאָט אַליין אויסגעקוקשטע. עס איז נישט געווען גוט און געזונט צו לאַנג אויף איר צו קוקן; צו באָדן דעם שוואַרצאַפּל פון מיין אויג אין דער ווייַ־טועדיקער שיינקייט, בשעת אַרום מיר איז נאַכט־און־ניו־יאָרק; פול מיט טומל, רויבעריי, מערדעריי און פּראָסטיטוציע...

שפּעטער וועסטו גיין איבער די אומענדלעכע גאַסן פון דער שטיינערנער ריזנשטאָט, ווי אין דעם פאַרצייטישן סדום. דו וועסט אָנקוקן דאָס פּנים פון צעקרומטע און אינוואַלידישע מענטשן. דו וועסט אַנטקעגנגיין צעבראָכענע דאַמעס און פאַרוויאַנעטע מאַדאַנעס. אַ גאַלעריע פון לעבנס־צעפּרעסענע, פאַרזשאַווערטע פרויען וועט זיך עפענען פאַר דיר אין גאָר זייער גהינומדיקער פּראַכט, ווי אין באָדלערס „בלומען פון שלעכטס". און אַנטקעגן דעם תהום פון שיכורע נשמות, אין דעם אָפּגרונט פון פאַרגיפטעטע ברואים, וועסטו אייביק מיטטראָגן מיט זיך אונטערן אַנגעגליטן שאַרבן דעם כישוף, די פאַרגיפטנדיקע פּראַכט, פון דעם ווענעציאַנישן מאָלערס מאַדעלן, וואָס האָט זיי שיכורערהייט געמאָלן מיט כוסות וויין און מיט בעכערס פייער, און פון וועלכע דו ביסט שוין אויף תמיד געפאַנגען און פאַרכישופט ווי פון זיך אַליין. און פון וועמענס סענסועלן שמייכל דו וועסט דיך שוין קיינמאָל נישט קענען באַפרייען. דו וועסט שוין פון דער דאָזיקער גהינומדיק־שיינער פרוי אויף אייביק מיטטראָגן מיט זיך אַ שלעכטן און גיפטיקן פלאַם. טיציאַנס מאָדעל פאַרמאָגט אין זיך די עלעמענטן פון בריענדיקער פאַקשיווע, הגם זי איז שטערבלעך ווי אַ געוויינלעכע פרוי. דו ביסט אַ געפאַנגענער פון דער פרוי, פון וועמענס לייב עס טראָגט זיך דער ריח פון גהינום און גן־עדן צוזאַמען. דו וועסט שוין דורך דיין גאַנצן לעבן קוקן אויף פרויען, אין זינען האָבנדיק יענע אומנאַטירלעך־שיינע דאַמע פון טיציאַנס פלאַמיקן פּענדזל, נעבן וועלכער דער לוט־שיכורער מייסטער, קאָנקורירנדיק מיט גאָטס באַשאַפונגען, האָט אַ סך מאָל דאָ געמוזט שטיין און הנאה האָבן זעענדיק ווי די ליבע באַלויכט איר בראַנדזענעם גוף, און ווי די דאַמע באַלויכט די אונטערגייענדיקע זון מיט נאָך אַ שטאַרקערן ליכט ווי זי, די זון אַליין, פאַרמאָגט...

## אויסגעגאַנגען אין גאָלד

אַהיימגייענדיק שפּעט ביינאַכט פון עפּעס אַ שלעכטער פּאַסירונג; צי פון אַ באַגעגעניש מיט אַ ביטערן מענטש; אָדער נאָך אַן אומהיימלעכן

רעגן, בשעת אַ רויט שטיק לבנה שטייט גרייט ווי אַראָפּצופֿאַלן פֿון הימל, מולמל איך פֿאַר זיך אַליין: „שוין ווידער היינט באַגראָבן אַ טאָג”. אָבער באַלד כאַפּ איך זיך: צי קען מען באמת באַגראָבן אַ לעבעדיקן טאָג? לאָזט ער זיך טאַקע אַראָפּנידערן אין דעם חושך פֿון אַ תהום? ער איז דאָך אויסגעגאַנגען אין גאָלד, אַזאַ פּאַרחלשטער אין די ליבע־אָרעמס פֿון דער ראָמאַנטישער נאַכט. איך פֿריי זיך טאַקע וואָס מען האָט דעם, מיט לעבן אָנגעשטאָפּטן טאָג, נישט באַגראָבן. פּונקט ווי איך פֿריי זיך ווען איך קוק אָן דרימלענדיקע ליאַלקעס, וואָס זיי לעבן נישט, און זיי וועלן במילא נישט דאַרפֿן שטאַרבן ווען זייער צייט וועט זיך דערנענטערן אויס־צוגיין. פּונקט ווי איך פֿריי זיך אויך נישט וואָס דענקמעלער און סטאַטוען פֿאַרמאָגן נישט קיין לעבן, און זייערע אָדערן פּולסירן נישט מיט קיין בלוט, און זיי וועלן דעריבער נישט דאַרפֿן קרענקען און ליידן פֿון קאָמ־פּליצירטע קראַנקהייטן, און זיי וועלן קיינמאָל נישט צעשטערט ווערן פֿון מיקראָבן...

ווייל מעגן די מענטשן, און די שיינע פֿרויען, בליען און לייכטן מיט מיט אַלע זייערע שיינקייטן און לוסטן פֿון לעבן, מאַכט מיך שטענדיק טרויעריק דער באַוואוסטזיין, אַז עס וועט אַמאָל פֿאַרט קומען אויף זיי טרויער, פֿאַרדאַרבעניש און אומקום...

## סור־רעאַליסטישער שפּאַציר נאָך אַ קראַנקהייט

איך בין געפֿאַרן נאָך לאַנגע חדשים קראַנק זיין אין דער שטאָט. אַפּריל האָט מיך געכישופֿט פּונקט ווי איך וואָלט געווען דרייצן־פֿערצן יאָר אַלט, און איך וואָלט געגאַנגען מיטן שוין גרוי־געוואָרענעם טאַטן אין שטעטל אַריין דורך שמעקעדיקע סעדער, גערטנער און טיפֿע וועלדער, וואָס זיינען אָפּעראַס מיט פֿייגלשן געזאַנג. אָט קומט מיר אַנטקעגן דאָס ערשטע מיידל פֿון מיין יוגנט. יאָ, עס איז זי! די זעלביקע דין־בלויע אויגן ווי שטיקלעך הימל איינגעפּאַסט דורך אַ גאָלדשמידס אונטער אירע לאַנגע זיידענע וויעס. עמעצנס, אַוודאי אַ מלאכס, קוים אָנגעצייכנטע ברע־מען אויף איר קרייד־ווייסן שטערן. די ליפּן זיינען ווי דינע און צאַרטע רויזן, וואָס האָבן זיך איבער נאַכט פּלוצלינג צעבליט. זי וועט אַרויסרעדן בלויז איין־און־איינציק וואָרט, און די גאַנצע וועלט וועט אויפֿשטראַלן מיט אַ פּלוצלינגן גאָלדיקן ליכט. זי גייט פּאַוואָליע און קאָקעטיש, און איך קוק איר נאָך אַזאַ צעטומלטער ביז עק וועלט, אַזש ביזן סוף פֿון מיין לעבן...

איך קום אָן אין לאָקאַל פֿון „ציקאָ”־פֿאַרלאַג. אויף די טישן איבער די רעגאַלן ליגן ממש בערג און עס שטייען ליכטיקע זיילן מיט פּרעכטיקע אידישע ביכער, וואָס וואַרטן אומגעדולדיק אויף היימישע ברידער און שוועסטער כדי זיי צו לייענען, און וואָס זאָלן צאַרט גלעטן זייערע בלעט־

לעך; און אַרויסאַנטפּלעקן פון זייערע טיפענישן דאָס גאַרע לעבן פון גאָר דער מענטשהייט; ממש פון אַלע ווינקלען פון דער ערד. פון דער ווייטנס מאַניעט צו מיין אייביק־עקזאַלטירטן אויג, וואָס שטייט אין מיטן פון מיין שטערן ווי אַ שטיק אַנגעצונדענער רובין, דער שוין העל־צעגריג־טער אַפּרילישער צענטראַל־פּאַרק, וואָס בריט און כישופט ווי דער גן־עדן מיט זיינע ווינקעלערן צום אַלטן שיכור..

דערנאָך זעסטו מענטשן אויף די גאַסן, וואָס דו האָסט באַגעגנט אויף די אַנדערע פּלאַנעטן און לבנות מיט טויזנט, צי מיט אפשר אַ מיליאָן יאָר צוריק. אָבער דיר דאַכט זיך, אַז דו האָסט זיי ערשט נעכטן געזען אויף דער שטילער רעגנדיקער גאַס, וואו גאָטס וואָלקן שטייט אייביק אַזאַ פאַרקלערטער ווי אַ מענטש מיט אַ קרוין איבערן שאַרבן. אָט איז דער פּאָעט לי־טאַי־פּאָ מיטן פּלאַמיקן פלעשל אין דער געלער האַנט זיינער, פול מיט פייער־ווין, וואָס ער גיסט אַריין אין זיין האַלדז. איך בין שיכור מיט וועלט, מיט מיידלעך, מיטן בלייכן בעז, מיט יינגע שטראַלן פון דער ביליאָנען יאָריקער אַלטער זון; מיט דער פרישער לופט וואָס שמעקט ווי ווין; מיטן לינדן ווינט ווי שאַמפּאַניער; מיט זיך אַליין, וועלכן איך זע כמעט צום ערשטן מאָל אין אוניווערס; מיט מיין טינט־נאַסער פעדער, מיטן ערשטן שפּאַציר אין קאָסמאָס נאָך אַזאַ לאַנגער צייט פון נישט זיין געזונט. אָ, גאָט, איך דאַנק דיר פאַר מיין היינטיקן סור־רעאַליסטישן שפּאַ־ציר אינמיטן פון דעם שוין־בריענדיקן פרילינג...

## ביים ברעג פון ים

איך האָב געזען ביים ים ווי אַזוי אַ ברוטאַלער פּאָרטאָריקאַנישער יינגאַטש האָט אַכזריותדיק צעטראָטן מיט זיין זעלנערישן קנאַפּל אַן אָרעם און גרייז־גרוי פישעלע, וואָס זיין רויער חבר האָט געהאַט געפאַנגען. ער האָט פשוט מיט עפּעס אַ ווילדער און דזשאַנגלדיקער פרייד געטאַנצט איבער דעם צעקוועטשטן פישלס גסיסהדיקן לייב. מען קען זיך שוין פאָרשטעלן וועלכן שרעקלעכן טויט דאָס אָרעמע באַשעפעניש, מכלומרשט פון גאָטס הענט אויסגעקנאָטן, האָט געהאַט. צום סוף האָט ער עס, אַ צעמזיקטס און אַ צעקוועטשטס, אַריינגעשליידערט צוריק אין ים אַריין. ער האָט עס, הייסט עס, סאַדיסטיש אומגעבראַכט, אָן שום נוצן, אַפילו נישט כדי צו זעטיקן זיין אייגענעם מערדערישן הונגער...

איך האָב צום דאָזיקן נידעריקן נאַצישן סאַדיסט געקראָגן אַזאַ מורא־דיקע פאַראַכטונג. זיין פיזישע עקזיסטענץ האָט מיך געעקלט. ער האָט ערשט געהאַט געפּייניקט און סאַדיסטיש אומגעבראַכט גאָטס אַן אומשולדיק באַשעפעניש, וואָס איז געוווען טויזנט מאָל שענער ווי זיין מערדער און תליון. אָבער איך בין זיכער, אַז ער קען אויך פּייניקן מענטשן מיט אַזאַ ציניש קאַלטבלוטיקייט. ער וועט ווערן אַ קיילער פון חזירים, אַ הענקער

פון אַרעסטאַנטן, אַ תליון פון רעוואָלוציאָנערן, אַ באַגרעבער אויפן בית עולם, אַ ריכטער אין געריכט, אויך אַ פאַלשער עדות לטובת פאַרברע־כערס...

דאָס פישל האָט אַגב אויסגעזען ווי אַ פאַרשאָלטענער מענטש, ווי אַ אידישער קרבן פון די נאַציס אין אוישוויץ. עפּעס אַזאַ מין רויע אומהיימלעכקייט האָט דערפון געוויייעט. מען האָט געקענט דערקענען, אַז די פינצטערניש און די ברוטאַליטעט אין די ים־טיפענישן איז ממש אַ גהינום פאַר די שוואַכע ברואים, וועלכע דער באַשעפער פון גאָר די מינים געפינט אַפילו נישט פאַר נויטיק צו פאַרטיידיקן...

## וועגן הימל און ערד

„ביי אים איז אפשר פאַראַן דער סינטעז פונעם ערדישן מיטן הימ־לישן". אַזוי שרייבט י. מאַניטש, אַ שרייבער פון פּאַריז, וועגן דעם בוך וועגן אידישע קינסטלער, פון באַרוויך־פרענקעל. איך דענק, אַז יעדער גרויסער שרייבער און מאָלער פאַראייניקט גייסט־און־מאַטעריע אין זיין ווערק. ער אַנטפּלעקט דאָס רעאַליסטישע פונעם הימלישן, און ער פירט אַרויף אויפן הימל די ערדישע איינוואוינער. ער טרעפט אָן, ווי דאַנטע אין גן־עדן, די זינדיקע מענטשן; און אין די טאָלן־און־תהומען פון פייער לויכטן אויף צו זיין בליציקן אויג די הייליקע, די מאַרטירער, מיט קרוינען פון פייער און גאָלד אויף זייערע אָפּגעזונקטע און צעבראָכענע שאַרבנס. אין די ווינקעלערן און קרעטשמעס באַגעגנט ער זיך מיט יענע קראַנקע און שיכורע מלאכים, וואָס זיינען פאַרשטעלט אַלס מענטשן...

## אין דעם זונטיקדיקן סאַבוויי־וואַגאָן

אַ קריסטלעכער בעטלער האָט אויפגעשפּילט אין וואַגאָן פון סאַבוויי אַ מעלאָדיע אויף זיין האַרמאָשקע. דער גאַנצער וואַגאָן, אין וועלכן עס זיינען געזעסן מערסטנס אידישע מענטשן, האָבן אַריינגעוואָרפן ניקלנע און זילבערנע מטבעות אין דעם אָרעמאַנס אויסגעשטרעקטן בלעכענעם טעפּעלע. בלויז איין מענטש האָט נישט געהאַט קיין האַרץ זיך צו שיידן מיט אַ באַשיידענער מטבע פון זיין פעטן לעדערנעם טייסטערל: דאָס איז געווען אַ באַלייבטער גלח, וואָס איז בכיוון, בשעת דעם בעטלערס רירנדיקן זינגען, געווען „שטאַרק פאַרטיפט" לייענענדיק אַ קאַפּיטל וועגן דעם אַפּאָסטאָל פּאַולוסעס וואַנדערונגען אין זיין גאָלדיק־געליישטן עוואַנגעל־יום...

## נאַפּאָלעאָנס טויטנמאַסקע

איך האָב היינט אין אָוונט געזען אין אַ שווייצער ענציקלאָפּעדיע אַ בילד פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטעס טויטנמאַסקע. איך בין אַזש פאַרצי־טערט געוואָרן. ער האָט אַפילו טויטערהייט דערהאַלטן די שטאָלצע שטריכן פון אַן אימפּעראַטאָר אויף זיין ביינערדיקן און בלייכן פנים...

די הויט־דינע און אָפּגעצויגענע מאַסקע האָט דערציילט פון אַ טראַגישן דעראָבערער פון אַ האַלבער וועלט, נאָך דעם ווי ער האָט דורך נאַכט און שטורעם געפּאַכטן מיט זיינע ריזיקע אַרמייען גאַנצע זעכציק וועלט־היסטאָרישע שלאַכטן. עפּעס אַ געהיימנישפולער שמייכל האָט זיך אַנגעזען אַרום זיינע ליפּן־ווינקלען. אפשר, ווער ווייסט, זעט איצט דער טויטער הערשער, וואָס האָט שיער געהאַט דעראָבערט די גאַנצע וועלט; האָט געפּרואווט גרינדן אַן אייגענע דינאַסטיע; און האָט בשעת זיין קאָראָנאַציע אַליין אַרויפגעזעצט די שווערע גאָלדענע קרוין אויף זיין שאַרבן פון אַן אימפּעראַטאָר, אויפשטעלנדיק אַן אייגענע אימפּעריע, מכלומרשט אויף טויזנטער יאָרן פאָראויס — אפשר זעט ער איצט מיט די אויגן פון זיין גייסט אַ פיל גרעסערע אימפּעריע, אַנטקעגן וועלכער זיין אייגענע איז בלויז געווען אַ נישטיק קינדער־שפּיל?!...

## „עראָס, דו ברישט מיך!"

איך לייען אין דער שפּעטער נאַכט אַ גאָלד־באַצירטן באַנד מיט די לידער פון דער פאַרצייטישער גריכישער פּאָעטעסע סאַפּאָ. „עראָס, דו בריסט מיך!" — פאַרכאַפּט מיך דער אויסדרוק אין איינער פון די קורצע און צאַרטע לידער. אָדער אַן אַנדערע שורה: „איך ליג אין בעט אַליין". צו יענער ווייטער צייט פון באָמבאַסטיק, מליצה, פּאָמפּעזקייט און מערסטנס רעליגיעזע הימנען, בלויז באַזינגענדיק די גרויסקייט פון די געטער, און זייענדיק בלינד צום לעבן פון דעם געוויינלעכן מענטש, צו זיינע ליידן און צו זיין גורל; צו קענען שרייבן אַזוי אינטים און פּערזענלעך; און צו קענען סטימולירן אַזעלכע פּשוטע געפילן, איז באמת אַ מדרגה. סאַפּאָס ליד איז דאָס נישט פּרעטענציעזע ליד. אָן שום אָנשטעל. אירע פּשוטע און באַשיידענע ווערטער גייען ווי גאָלד פון האַרצנס טיפעניש, ווי ווין פון אַ קרוג. שורות פאַלן פון איר געמיט ווי דופּטיקע רעגנטראָפּנס פון הימל בשעת אַ זומערדיקן טאָג. דאָס איינפאַכע און לירישע ליד, בלויז עטלעכע קורצע שורות לאַנג, אָן באַזונדערער מליצה, בלייבט שטיין אויף אייביק ווי אַ בלום אויפן פעלד, ווי אַ פלאַמיקע מאַקואווקע פון מיינע פריע יאָרן אין דעם פּוילישן קאָרנפעלד, זיך דערהויבנדיק איבער פעסטונגען און דענקמעלער וואָס קראַכן, און עס לעבט ווייט אַריבער די הויכע און ברייט־פאָרנעמיקע פּאַלאַצן, געמאַכן פון מאַרמאָרשטיין, און מאָנומענטן פון אייזן און באַזאַלט, ווי עס האָט שוין אַגב אָנגעמערקט מיט טויזנטער יאָרן פריער דער רוימישער פּאָעט האָראַציוש. ווייל עס רירט אָן עכטע געפילן, טיפע איבערלעבענישן און שטימונגען פונעם לעבעדיקן מין מענטש...

איך לייען אין דער פאַרצייטישער כראָניק, אַז די פּאָעטעסע סאַפּאָ פונעם אינדזל לעסבאָס איז געווען אַ טונקעלע און אַ קליינוואוקסיקע פרוי. מיר דאַכט זיך אַפילו, אַז איך זע זי פאַר די אויגן. זי איז ווי געבליבן

שטיין אַזוי פּשוט, מענטשלעך און ווייבלעך־רייצנדיק אין מיין דמיון, און אין הארצן. דער טרויעריקער פינקל פון איר שטילן און פּאַספּאַריש־גליענדיקן אויג איז געבליבן גליען אין מיין בלוט. די לעגענדע דער־ציילט, אַז זי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך אַריינוואַרפן זיך אין די שטורעמדיקע כוואַליעס פונעם טייך אַרום איר היים, דעם אינדזל לעסבאָס. אין די נעכט ווען די לבנה שיינט מיט אַ באַזונדערער זילבערנער ליכטי־קייט, דאַכט זיך מיר, שפּאַצירנדיק ביים ים אין קוני איילאַנד, ווי איך זע שוועבן דעם נאָבעלן גייסט פון דער פּאָעטעסע, און זי שמייכלט צו מיר מיט גאָלדענע אויגן, וואָס זיינען פייכט פון טרערן. „עראָס, דו ברייסט מיך!" שעפּטשען נאָך אַלץ אירע דינע ליפּן טויזנטער יאָרן שפּעטער...

# אַ וואָרט וועגן זיך אַליין

זאָל מיר דער חשובער אידישער לייענער מוחל זיין אַ וואָרט וועגן זיך אַליין: איך בין אַזוי פול און רייך מיט גאָט אין מיין הארצן, אַז דער מינדעסטער טראָפּן גיפט פון קנאה־און־שנאה גייט נישט אַריין אין די אָדערן פון מיין בלוט; און אַז רשעות־און־רציחה האָט נישט קיין פּלאַץ אין מיין הארצן און אין מוח. מיין גאַנצע עקזיסטענץ, זינט מיין יוגנט אָן, איז פריי פון די דאָזיקע זינדיקע געפילן. איך נויטיק זיך גאָרנישט פיינט צו האָבן עמעצן, בפרט נאָך אונדזערע היימישע אידישע שרייבער, די לעצטע און איינזאַמע אידישע דיכטער אין דער טראַגישער „אידיש־אימפּעריע", מישטיינס געזאָגט, וואו די זון גייט נישט אויף אין ערגעץ, נייערט זי גייט כסדר אונטער אין אירע פלאַמען. עס זיינען געווען מאָמענטן אין מיין לעבן ווען איך האָב אומישנע עמעצן געפּרואווט „פיינט" האָבן, כאָטש אויף אַן איינציק רגעלע, ווי כדי אויסצופּרואוון דעם כלומרשטן „טעם" דערפון. אָבער אַזאַ געפיל האָט בשום אופן נישט געאַרבעט אין מיר. דער פאַרדראָס אויף עמעצן האָט זיך ביי מיר ממש איבער נאַכט אויסגעוועפּט, ווי אַ בייזער חלום...

איך בין אַוודאי נישט קיין הייליקער מאַן, און זיכער נישט קיין צדיק; יענע לייט וועלכע פּרואוון מיט אָנשטרענגונג צו באַקעמפן דאָס שלעכטיקייט און די אייפערזוכט צו אַנדערע שרייבער אין זייער בלוט, און זיי פּרואוון מער־ווייניקער צו באַהערשן די נידעריקייט און געמיינקייט אין זייערע כאַראַקטערן, די דאָזיקע לייט זיינען אפשר די אמתדיקע צדיקים, ווייל זיי קעמפן מיט דער טויזנט־דערנערדיקער דראַכע פון רשעות אין זיך. וואָס אַן אמת: איך האָב פּערזענלעך געקענט אַ היפּשע צאָל אַזעלכע אידישע שרייבער. אַ טייל פון זיי האָב איך בפירוש געזען שטאַרבן פון קרענקונג און קנאה. אָבער איך אַליין האָב זיך אַפילו נישט גענויטיקט אין דער דאָזיקער מאָדנער אָנשטרענגונג, ווי עמעץ וואָס נויטיקט זיך גאָרנישט איינצונעמען סם אָדער ריצינאייל...

איך חזר איבער דאָס זעלביקע וואָרט, וואָס איך האָב געשריבן ביים

אַנהויב: זאָל מיר דער גוטער לייענער מוחל זיין מיין אומבאַשיידנקייט ביים פאַרלירן אַ וואָרט וועגן זיך אַליין...

## דאָס פיטשינקע שטעטעלע אין גאָטס אומענדלעכקייט

### דער מיניאַטוריסט דוד טושינסקי

דוד טושינסקי, מיט זיין דינעם בערדל, און מיט זיין שלאַנקער, אַריסטאָקראַטישער פיגור, זעט אויס צו זיין מערקווירדיק־ענלעך צום איטאַליענישן גראַף ספאָרצאַ, ווי איך האָב אים איין מאָל געזען צו גאַסט אין דעם הויז פון די גליצענשטיינס, צו וועמען עס פלעגן אָפט קומען אויף באַזוכן געסט־אַריסטאָקראַטן פון רוים, פון דער דאָרטיקער אויס־לענדישער קאָלאָניע, צווישן וועלכע הענעך גליצענשטיין, דער באַרימטער סקולפּטאָר, האָט געלעבט מיט זיין פאַמיליע, און האָט דאָרט געשאַפן איבער דריי צענדליק יאָר זיינע מעכטיקע קינסטלערישע ווערק...

— שרייבט אָן וועגן מיר אַ מיניאַטור. מיר זיינען דאָך ביידע מיניאַ־טוריסטן. — זאָגט צו מיר אַזאַ פריינטלעכער דער עלעגאַנטער קינסטלער דוד טושינסקי, וואָס פאַרט אָפט אַרום אין די וויטסטע שטעט און לענדער פון דער וועלט, אויסשטעלנדיק אומעטום מיטן גרעסטן דערפאָלג זיינע מיניאַטורן פונעם אידישן שטעטל, און וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ גאַנצן אידישן אוניווערס אין זיינע פיצלעך קונסטווערק, אַזוי דין און פּרעציז געצייכנט אויף אַ געניאַלן שטייגער, דערגרייכנדיק קינסטלערישע שלי־מות... און ווערנדיק געריימט סיי פון פרינצן און סיי פונעם פשוטן פאָלק...

— אָוודאי, פריינט טושינסקי, — זאָג איך צו אים, בשעת זיין חנעוו־דיקע פרוי פאַרענדיקט דאָס אויסטרינקען איר בעכער מיטן גאָלד־געפאַרבטן וויין אין הויז פון דער היגער זינגערין רחל רעליס און איר מאַן, בען־באַרדאַך. — עס איז טאַקע נישט מער ווי רעכט צו „פאַרפאַסן" וועגן איך און וועגן אייער כישופדיקער אידישער קונסט־וועלט, אַ צאַרטע, זיי־דענע און קרישטאָל־לויטערע מיניאַטור. אָבער ווער קען דען וואַגן צו קאָנקורירן מיט אייער ראַפינירטער און געלייטערטער מיניאַטורן־קונסט?!...

דאָס וואָס מאַרק שאַגאַל טוט אין דער גרויס־מאָלעריי, טוט אין דער קליינקונסט דוד טושינסקי: די לבנה שטייט ריזיק־גרויס, און אַזאַ אָנגעצונדענע ווי אַ פלאַמיקע רויז, איבער די דעכער פונעם נישטיקן חלום־שטעטל. די שטערן אין הימל זיינען אַ סך רעאַליסטישער ווי דאָס ערדישע אידישע לעבן. די בלייכע כלה, ווי אַן אויסגעשניצטע פון העל־פאַנט־ביין; דער בוקעט מיט מיסטישע קוויטן; די געוואָלטיקע הימלישע לאַנדשאַפט, וואָס רירט אָן מיט אירע זיידענע וואָלקן־הענט, און הילט איין דאָס פיטשינקע שטעטל ווי אַ זיידענער שאַל פון אַ קעניגין; ווי אַ דינער וואואַל, וואָס איז נאָך ווייכער און לופטיקער ווי דער רויך פונעם היימישן

קוימען מיט די טונקל־זיידענע סאַזשעס־און־קאַפּעטש; ווי אַ ריזנשטראַל... און די נאַכטיש־שבתדיקע פרומע שטערן ליגן איבער די דעכער ווי דער איבערגעבליבענער קאַנפעטי פון אַ פאַנטאַסטישן און הימלישן מאַסקנ־באַל... דוד טושינסקי צייכנט די מולטיקאָלירטע אידיליע פונעם שטעטל מיט זיינע פיצלעך ליניעס, ווי דער פאַרצייטישער כינעזישער מיניאַטור־ריסט, וואָס האָט די קליינטשיקע מענטשן ביים ברעג פון ים; און די לאַנג־בערדיקע פישער־לייט, קליין געמאָלן ווי מוקן און ווי פליגן. נאָר דאָס נאַכטישע אומגעהויער, פול מיטן רויק פון די שטערן, דערהויבט זיך צוזאַמען מיטן גראַנדיעזן מענטשלעכן חלום אַזוי אומענדלעך הויך איבער דעם פיטשינקן אינדזל פון אַ שטעטל, ווי עס וואָלט כסדר דעמאַנ־סטרירן צום שטערבלעכן מענטש זיין פלעגמאַטישע אייביקייט, און זיין אומברחמנותדיקע אומענדלעכקייט...

און דוד טושינסקי וואַנדערט אַזוי יאָר־איין און יאָר־אויס, ווי אַ אידישער שטערן איבער דער גרויסער וועלט, מיט אַ לעדערנער טעקע אונטערן אָרעם, אין וועלכער עס רוט זיין גאַנץ אומשטערבלעך לעבנס־ווערק; אין וועלכער עס שלאָפט רואיק זיין קינסטלערישער גאָלד־אוצר...

## קונסט אויף מעדיסאָן עוועניו

איך בין געגאַנגען איבער מעדיסאָן עוועניו בשעת עס האָט גערעגנט, און אַ ווינט האָט בייז געיאָגט פון איסט־ריווער. אָבער די רחבותדיקע אויסשטעל־פענצטער מיט קונסט האָבן מיך פשוט איבערראַשט: פּאָבל־האַפטע אוצרות מיט אייראָפּעאישע, אַזיאַטישע און אָריענטאַלישע קונסט־ווערק; סקולפּטורן, מאָלערייען, אַנטיקן און רעליגיעז־צערעמאָניאַלע חפצים. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אַ פאַרכישופטער ביי יעדער וויסטאַווע: דער דאָזיקער עלטערער מלאך, צוגעטונקלט מיט סאַזשעס און צוגעפוצט מיט אַלט־גאָלדישקייט, סיי ער בליט ווי אַ קינד און סיי ער וועלקט שוין ווי אַ זקן. דאָס פּנים פונעם פאַרצייטישן פילאָזאָף סיי עס שרייט, דאַכט זיך, ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה, און סיי ער איז רואיק און פאַר־קלערט ווי אַן אידילישער פאַרנאַכט...

די סטאַטוע פון דער שלאַנקער און הויכער פרוי זעט אויס אַזוי יונג און גראַציעז. און כאָטש דאָס האַלץ איז שוין פון לאַנג אַלט געוואָרן, וואַקסט זי הויך אינעם רוים ווי אַ לעבעדיקע פרוי און בליט נאָך אַלץ מיט אַ שיינקייט וואָס טוט וויי... איך שטעל זיך וואויל פאַר, אַז מאַנצ־בילן זיינען אַמאָל אויסגעגאַנגען פון באַגער נאָך איר, און געטער האָבן זיך אויפגעהאַנגען...

אַ נאָבעלע פיגור פון איינער אַ גריכיש מיידל, וואָס איז שוין אָוודאי אַלט עטלעכע טויזנט יאָר, טרייבט מיך פשוט אַריין אין אַנטציקונג. זי זעט אויס און דערמאָנט מיך טאַקע אין מיינס אַן אומגעקומענער פריינדין

און קרובה פון לובלין. איך האָב אַ פאַרלאַנג זי וואָרעם אַנצורירן מיט מיינע הענט; איר שטילערהייט צו גלעטן; און איר צו זאָגן עפּעס זייער איידלס, אינטימס און האַרציקס. איבערהויפּט ווילט זיך מיר שטאַרק מיט־וויינען אויף איר פּריצייטיקן טויט...

די יאַפּאַנישע שדים און טייוולאָנים שרעקן מיך סטראַשנע. אַ קראָקאָדיל פון גאָלד געגאָסן שטראַלט אָפּ מיט זיין גלאַנציקער פעל, כאָטש ער האָט חשק מיך איינצושלינגען מיט זיין ריזיקן פּיסק. ערגעץ אין טיף־נאַכטישן און רויטלעך־האַרבסטיקן וואַלד פון אַן אַלטער מאַלעריי בלאַנדזשעט אַרום עפּעס אַן איינזאַמער מענטש. די לבנה צווישן די גע־שפּענסטישע ביימער גליט ווי אַ בלוטיקע רויז אין פרילינג. מאָדנע ווי אין דעם פרעמדן מאַן דערקען איך, דאַכט זיך, מיין אייגענע פּערזאָן...

## דערוואַכנדיק אין באַגינען

דאָס פלוצלינגדיקע אויפכאַפּן זיך אין פערלדיק־גרויען באַגינען פונעם נאַכטיקן שלאָף און דאָס פרייען זיך מיטן אייגענעם נפש; דאָס פּשוטע דאַנקען דעם אויבערשטן אַז מען לעבט נאָך; דאָס דערזען שטיין אין דמיון די געליבטע, דיין אייביקע כלה; דער ערשטער אַרויסקוק דורכן אָפענעם פענצטער אין דעם ביליאָנענדיקן שטערן־אוניווערס, און דאָס זען גיין אויף דיין טונקעלער גאַס אַן איינזאַמען שאָטן, אַזוי אינטים געאָרעמט מיט דער אייזערנער לאַמטערנע, ווי מיט אַ שיכורן מלאך; דאָס אַנקוקן טיף דעם רחבותדיקן הימל וואָס עפנט זיך מיט זיינע זיך אויסלעשנדיקע שטערן, מיט דער שוין פאַרעלטערטער לבנה פון בלייכן גאָלד; דאָס דערזען אין דעם אַנטקעגנאיבערדיקן פענצטער אַן ערדענעם וואַזאָן וואָס קוקט אַרויס ווי דער געצוואָגענער קאָפּ פון דער כלה; דאָס שטראַלן פונעם גאָלדיקן לאַמטערן־לאָמפּ אויף דער רויער און פרעמדער גאַס; דאָס דערהערן דעם ערשטן אויפשאַל פון אַ יינגן פויגל־דיכטער, וואָס זינגט אויס פון דער טיפעניש פון זיין סענטימענטאַלן האַרצן אַ ליד וועגן זיין פּיטשינקן לעבן...

דאָס אַלץ, און נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן, מאַכט ציטערן דאָס האַרץ דיינס ווי ביי אדמען, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל דערזען די וועלט מיט זיינע ברייט־אויפגעריסענע אויגן, און די פון דער לבנה באַגילדעטער חוהן...

## אַרויסרוף פון דער געטלעכקייט

איך האָב אַמאָלט געזאָגט צו אַ נאָענטן קאָלעגע:

— בכלל געבוירן צו ווערן אַלס אַ לעבעדיק באַשעפעניש, איז גענוג טרויעריק אַ געשעעניש. אין איינער אַ נאַכט אַרויסצוגיין אַלס מענטש פון דער מאָמעס טראַכט, איז גאַנץ קלאָגעדיק. צו קומען אויף גאָטס וועלט אין געשטאַלט פון אַ איד, ווי אַלע ווייסן, איז שוין איין מאָל אַ גראַנדיעזע

אונטערנעמונג. צו האָבן אַספּיראַציעס אויף צו ווערן בכלל אַ קינסטלער, איז אויך נישט קיין קלייניקייט. אָבער צו ווערן אַ אידישער שרייבער, און אויפגענומען צו ווערן צווישן יידישע ליטעראַטן, דאָס איז שוין ממש אַן אמתע אויספּרופונג, אָדער אַן אַרויסרוף, ווי צו איובן, פון דער סאַמע געטלעכקייט אַליין...

## איך בין אַ „באַזעסענער”

איך בין אַ „באַזעסענער” פון מיין שרייבעריי. דאָס שעפערישע אידישע וואָרט איז צו מיר דער פלאַמיקסטער וויין, וואָס מלאכים, אויך געגנוג באַזעסענע, טראָגן צו אין מיטן נאַכט צו מיינע דורשטיקע ליפן, און זיי באַצווינגען און באַשווערן מיך צו טרינקען. איך זופּ די טראָפּנס פונעם תהומיק־טיפן בעכער, און איך ווער שיכור מיט גאָט, מיט מענטש, מיט ליבשאַפט, מיט שיינקייט און מיטן אָפּשיין פון די שטערן אין דעם אימהדיקן הימל...

## אָנגעטאָן אין אייביקייט

אויף אַן אויסשטעלונג פון פּאָרטרעטן פון באַרימטע אַמעריקאַנער קינסטלער זע איך ווי אַ טייל פון די חשובע פּערזענלעכקייטן פון דעם סוף אַכצנטן יאָרהונדערט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן זיינען אָנגעטאָן אין לויכטנדיקע מאַנטלען פון דויערהאַפטיקייט און רום אַ דאַנק זייערע מעשים טובים. די קעפּ און די פּנימער פון אַנדערע באַדייטנדיקע און היסטאָרישע פיגורן לויכטן אין דעם אָפּשיין פון זייערע מעשים און אויפטואונגען ווי אומפאַרלעשבאַרע שטערן אין אַ חושכדיקן הימל. און די נשמות פון נאָך אַנדערע מאַנצליים און שיינע פרויען זעען אויס ווי נאָך נישט קיין געבוירענע, כאָטש די מלבושים אויף זיי צעפאַלן זיך שוין שטויביק און שפּינוועבסטיק. זייערע קומענדיקע גופים זיינען נאָך פאַר־קנופּט־און־פאַקנוילט מיט די זאַמדן און שטיינער פון די זומפּן און וויסטעניישן...

## די מתים לעשן זייער דורשט אין רעגן

פאַרבייפאָרנדיק דורכן באַרגיקן בית עולם, בשעת אַ זומערדיק־וואַרעמען און געדיכטן רעגן, וואָס איז געפאַלן פון די הימלען ווי דער־פרישנדיקער מן אינעם מדבר, דאַכט זיך מיר, אַז די טויטע לעשן דערין זייער בראַנדיקן דורשט. און אפשר זיינען זיי אויך אַזוי שיכור פונעם פּרילינג, ווי איך...

## אין דער פינצטערניש ווערט מיר ליכטיק

יעדעס מאָל, נאָכן האָבן אָנגעשריבן אין דעם פּריען באַגינען עטלעכע בלעטלעך מיט פּראָזע, שטעל איך זיך אויף פונעם שרייב־טישל, און איך קוק אַן דורך דער שויב פונעם פענצטער די זיידענע פינצטערניש פון דער וועלט. עס ווערט עפּעס גייסטיש־ליכטיק אין מיין געמיט...

# דעם מלך חזקיהוס קרוין פון טונקל גאָלד

אָרום פאַרנאַכט־צייט זע איך ווי עס שוועבט שטילערהייט פאַרביי אויפן הימל אַ פויגל, צווישן די גרויע וואָלקנס, אַנגעטאָן אין אַ קרוין, וואָס איז געהאַמערט פון אַלטן און מידן גאָלד. די קרוין איז טונקל, צעבויגן און צעקלאַפּט פון שווערע האַמערס. זי איז עפּעס גרוי און שטויביק ווי ברודיקער בליי, ווי דער פאַרעלטערטער שניי וואָס קען נישט שטאַרבן, ווייל די פראַסטיקע קעלט שטייט שווער און עקשנותדיק איבערן לאַנד, ווען די מענטשן הונגערן און דאַרן אין די פוסטע כאַלופּעס. די איידל־שטיינער וואָס האָבן אַמאָל בליציק אַרויסגעלויכטן פון די לעכער פון דער קרוין, ווי גליענדיקע אויגן, זיינען איצט פון איר אויסגעדזשיאָבעט גע־וואָרן, ווי מיט נעגל פון מאַראָדערן, אָדער מיט שאַרפע שנאָבלען פון רויב־פייגל. צייטן און דורות האָבן ממש אָפּגעגריזשעט פון דער קרוין גאַנצע שטיקער גאָלד...

אַ גאָלדענע קרוין אַזאַ טראָגט זיך אין הימל מיט עפּעס אַ טונקעלער און טראַגישער פּראַכט, ווי זי וואָלט זיין די פאַריתומטע קרוין פון אַ יינג־פאַרשטאָרבענעם פּרינץ, וואָס האָט ווי אַ מידער פויגל צוגעמאַכט זיינע גרינע אויגן באַך איידער ער איז רעכט געקרוינט געוואָרן אַלס הערשער פון ערגעץ אַן איינזאַם און טונקל לאַנד. עס קען אפשר זיין, אַז עס איז די קרוין פון דעם קייסער חזקיהו, וועמען דער אַכזריותדיקער זיגער איבער ירושלים, נבוכדנאצר, האָט געלאָזט אויסשטעכן די אויגן און האָט אים אַריינגעשליידערט אין געפענגעניש כדי די שפּינען, לייז און ווערעם זאָלן עסן זיינע אברים לעבעדיקערהייט...

די זון פאַרגייט מיט אַ צעקנייטשט און איינגעבראָכן פּנים, ווי אַ וויינענדיקע אלמנה, מיט אַש אויפן קאָפּ. עס פאַלט אַראָפּ דעם קעניגס צעבראָכענער סצעפּטער אין דעם אומעטיקן מערב־לאַנד. איבערן האָריזאָנט גייט אויף אַ וואָלקן ווי אַ פּריצייטיק גרוי־געוואָרענע פרוי. זי פאַלט צו מיט איר ווילד־צעפלאָשעטן קאָפּ, מיטן פאַרטרערטן פּנים, צו דער גרויער קרוין. אירע זודיקע טרערן באַנעצן דאָס אַלטע גאָלד. אַ שטערן אין הימל פאַרנבויגט זיך מיט אַ טרויעריקן שמייכל צו דער מאַסיווער, אָבער צע־קלאַפּטער קרוין — צום סימבאָל פון דעם באַטריבטן און געפאַנגענעם קייסער פון דער אידישער מלוכה, וואָס וועט אין איינעם אַ טאָג פון דער לאַנגער אידישער געשיכטע ווידער אויפגעריכט ווערן צו איר אַלטער פּראַכט און הערלעכקייט. דער אַש־גרויער קייסער דריקט צו זיין האַרצן, אין טונקלקייט פון דער תפיסה, אַן אַלט ספרל מיט פאַרגעלטע בלעטלעך. זיינע בלויע ליפּן מורמלען די קאַפּיטלעך תהילים, וואָס אַן אַנדערער גרויסער קעניג ביי אידן האָט געשריבן אין די איינזאַמע שעהען פון זיין לעבן. ער וועט זיך שוין קיינמאָל מער נישט אומקערן קיין ירושלים, צו

זיין כסא המלוכה, צו זיין טראָן און סצעפּטער. ער וועט אויסגיין אַ בליג־דער, אַ געפאַנגענער, אין דעם ווייטן, פרעמדן און זינדיקן בבל...

## העגעך קאָן וועגן שכר און עונש

העגעך קאָן וויל האָבן, אַז ערגעץ וואו זיינען פאַרט פאַראַן אין דער וועלט שכר און עונש; אַז דאָס שלעכטס וואָס אַ מענטש באַגייט, ווערט באַצאָלט מיט שלעכטס און ער אילוסטרירט פאַר מיר מיט שטאַרקע ביי־שפּילן פון דעם לעבן און די געשעענישן פון איינצלנע מענטשן, און אַפילו פון גאַנצע פעלקער. איך פּרואוו אים אָפּענטפערן:

— מיט נאַכט, צייט און לבנה ווערן סוף־כל־סוף אַלע מענטשן אויף דער ערד צעגריזשעט און אויפגעגעסן. דער רשע אַזוי ווי דער צדיק, אַלע קומען זיי אום מיט פאַרשידענע מיתה משונות. עס איז בלויז אַ פראַגע פון צייט. דער רשע פאַרניכטעט זיך דעם אָרגאַניזם דורך פאַרגעניגנס, דורך פרעסן, זויפן און נואפן. דורכן באַרויבן דאָס גאָלד און די רייכטימער פון אַנדערע מענטשן. און וואָס שייך דעם צדיק, קומט ער אָפּט אום פון הונגער און קרענקונג אין זיין באַשיידנקייט און איידלקייט...

## עפּיטאַף אויף אַהרן לוצקים מצבה

דאָס זיינען די ווערטער פונעם עפּיטאַף אויף דעם פּאָעט אַהרן לוצקיס קבר, וואָס איך האָב איבערגעשריבן פון זיין מצבה, ווען עס איז געפאַלן אַ רעגן און די שורות האָבן געוויינט ווי מיט טרערן, איינגעקריצטע אין דעם קאַלטן גראַניט:

„דער שטראָם איז אַוועק
און דער שליאַך איז געבליבן;
פון שטראָמיקן טייך
איז אַ זמר פאַרבליבן.
עס האָבן לעגענדן
צום ליד זיך פאַרקליבן.
אַזוי וועט עס בלייבן
אין ספר פאַרשריבן.

אַהרן בן הערש וואָלף צוקער
15טער מאַי 1892 — סעפּטעמבער 13, 1952".

## זיי קענען אים אויך נישט

אַברהם אייזענבערג, דער פאַרשטאָרבענער סקולפּטאָר און מצבה־קריצער, אַגב אַ נאָענטער פריינט פון פּרצן, האָט מיר איין מאָל דערציילט:

— דאָס איז פאָרגעקומען נאָך מיט יאָרן צוריק. גליצענשטיין קומט אַריין אין אַ פּאַריזער קאַפע, וואו עס פאַרזאַמלען זיך געוויינלעך קינסטלער און באַהעמען. אָבער קיינער קוקט זיך אויף אים נישט אום.. די יינגע

מאָלער זיינען פאַרנומען מיט זיך אַליין און מיט זייערע רייצנדיקע פריינ־דינס. גליצענשטיין, צוזעענדיק מיט פאַרדראָס, אַז ער ציט דאָ נישט קיין שום אויפמערקזאַמקייט אויף זיך, שטורעמט אויס מיט זיין טיפּישן צאָרן אין אַזעלכע מאָמענטן:

— וואָס איז, איר דערקענט מיך שוין גאָרנישט? איך בין דאָך ענריקאָ גליצענשטיין, פון רוים...

ביי אַ זייטיקן טישל שטעלט זיך אויף אַן עלטערער מאַן מיט אַ סעמע־טענעם בערעט אויפן גרייז־גרויען קאָפּ. ער גייט צו פּאַוואָליע צו דעם זיך קאַכנדיקן אידישן קינסטלער, און זאָגט:

— מייסטער, רעגט אייך נישט אויף. עס לוינט נישט... זיי קענען מיך אויך נישט. מיין נאָמען איז אויגוסט ראָדען!...

## אָוונט לכבוד אַ ראָמאַנטישן פּאָעט

דער אָוונט קומט פאָר אין דעם אַזוי־גערופענעם אידיש־ליטעראַרישן סאַלאָן אין די בראָנקס, וואָס געפינט זיך טאַקע ביים בראָנקסער ריזיקן פּאַרק, דעם דיכטערס מוטער האָט איבערגעלעבט איר באַהעמישן זון. אַן עלטערע פרוי, אַזאַ צעקנייטשטע, איז זי מיט אַ געהויבענעם קאָפּ געזעסן אויפן יאָרצייט־אָוונט פון איר זון, דעם לירישן פּאָעט. אירע אַנדערע זין האָבן זי ספּעציעל אַרויסגענומען פון אַ מושב זקנים, פון דער היים פאַר עלטערע מענטשן, צום דאָזיקן אָוונט. איר פּנים איז צעשניטן פון יסורים. עס איז דאָס פּנים פון אַ אידישער מאַמע, וואָס האָט געהאַט דאָס „גליק" צו האָבן אַ זון אַ דיכטער. אַ קינד וואָס האָט שוין קליינערהייט פון אירע בריסטן צוזאַמען מיט דער מאַמעשער אידישער מילך אויך געזויגן זיין קינפטיקן טרויער, זיין וויסטן אומעט, זיין שרעקלעכן מענטשנעלנט, זיין וויזיע פון אַן אייביקן האַרבסטיקן אָקטאָבער...

אויפן רחבותדיקן טיש, איבערגעצויגן מיט אַ זייער ברייטן, יום־טובדיק־געשטיקטן טישטוך, שטייען אָנגעבראַכטע פלעשער וויין און וויסקי, וואָס מיניען זיך גאָלדיק אינעם עלעקטרישן אָפּשיין פון די לאָמפּן. עס גיסט זיך דאָ וויין ווי וואַסער. עס גלאַנצן די דאַמען אין זייערע בעסטע קליידער און שענסטער צירונג. די מאַנצלייט לאָזן פריי און פלינק זייערע גלאַטע צינגלעך זיך אויסרעדן גוטס און שלעכטס, פּרעכטיקס און וואול־גאַרס, טרויער און וויץ אויפן חשבון פון זייער אַמאָליקן פריינט, דעם פּאָעט, דעם ציגיינער, דעם מחבר פונעם איינציקן באַנד „געלע בלעטער", וואָס זיינע קאָלעגן האָבן אַרויסגעגעבן נאָך זיין טויט...

— וואָס קומט דאָ אייגנטלעך פאָר? אַ פּורים־מאַסקאַראַדע? פאַר־וואָס, ווען די מערסטע באַווייגען און באַדויערן איצט דעם האַרצקראַנקן ליריקער, איז ער פּאַקטיש אויסגעגאַנגען אין נויט און אין ווייטיק, און ער איז געפאַלן אַ טויט־קראַנקער אינעם שפּיטאָל־בעטל, קושנדיק די

הענט פון אַ צופעליקער באַזוכערין? פאַרוואָס האָבן אים די איצט־געטרייע קאָלעגן און פריינט דעמאָלט נישט געיובלט און אים געשאָנקען ברויט מיט שאַמפּאַניער?

דאָס פרעגט זיך אַזוי אומשולדיקערהייט איינע אַ מאַסקע פון גיפּס, וואָס הענגט דאָ אין אַ ווינקל פון דער פיין־מעבלירטער, גבירישער וואוינונג. דאָס פרעגט זיך אַזוי באַשיידן די אידעלע מאַסקע מיט אַזאַ שטיל־לירישן און טרויעריקן קול. און אַ טרער, דאַכט זיך, רינט אַראָפּ אויף איר געלער, פאַרוויאַנעטער באַק...

אָבער דאָס איז דאָך ממש אַ באַנקעט לכבוד דעם פאַרשטאָרבענעם באַהעם. ער זיצט דאָך דאָ אין אַ ווינקל, ווי אַ גראַף, אין זיין טונקעלן טאָקסידאָ, מיט בריליאַנטענע ספּינקעס אין די שטייף־געקראָכמאַלעטע מאַנזשעטן. ער האָט זיך מטריח געווען פון זיין לאַנגווייליקן קבר, פון דער פוילנדיקער טרונע, כדי צו כאַפּן אַ כוסה צוזאַמען מיט זיינע גוטע ברידער. כדי צו כאַפּן, אָן אַ פּרוטה צו באַצאָלן, אַ זופּ פונעם בעכער מיט שאַמפּאַניער. וואָרים קיין איבעריקן גראָשן האָט דער פּאָעט קיינ־מאָל נישט פאַרמאָגט ביי זיין נשמה. ער איז אויך געקומען זיך אַרומ־כאַפּן מיט עפּעס אַ באַקאַנטער דולציניייע, און ווען קיינער זעט נישט, צו קושן ביי איר דעם טיף־אָפּגעדעקטן דעקאָלטע; זיך איינצובויגן רי־טערלעך און באַרירן מיט זיינע געשוואָלענע ליפּן אירע צאַרטע פיס, ביז צו די שפּיצנפינגער. (דער שטויב פון אירע סאַמעטענע פּאַנטאָפל איז ביי אים ווי געטלעכער טוי פון פרימאָרגן. אויך צו קושן דעם זוים פון איר זיידענעם קלייד. וואָרים קיין לייטיש ווייב האָט ער נישט גע־האַט. קיין אמתדיקע געליבטע אויך נישט. אונטער קיין רעכטער, לייט־טישער חופּה איז ער קיינמאָל נישט געשטאַנען. מיטן ווייב פונעם גע־טרייעסטן קאָלעגע איז ער נישט געשלאָפן, ווי אַנדערע שרייבער טוען דאָס. ער האָט אָבער שטענדיק געפיבערט מיט אַ האַרץ פול מיט ליבע. ער האָט אויך פאַרמאָגט פולע קעשענעס אין זיינע צעריסענע בגדים, אָנגעשטאָפּטע מיט רירנדיקע ליבע־לידער; מיט פיין־געשניצטע סאָנעטן, געווידמעט צו רעאַליסטישע און צו אויסגעטראַכטע פרויען; צו היימישע שיינקייטן און צו די זינגערינס אין די אָפּעראַס. צו טענצערינס, שאַנסאָ־נעטקעס, שוישפּילערינס. ער האָט דורך זיין גאַנצן לעבן פאַרערט דאָס שיינע און גראַציעזע מין, די פּרעכטיקע דאַמען פון קאַבאַרעטן, טעאַטערן, טרינק־הייזער און אַפילו קרעטשמעס, ווי טולוז־לאָטרעק. ער האָט אַ סך קרוינען געזעצט אויף די אידעלע קעפּ פון פרויען, וואָס האָבן שוין אַפילו אָנגעהויבן גרוילעך צו ווערן, ווי שניי וואָס לויכט אין דער נאַכט ווי פּערל...

עס זיצט דאָ ביים טיש דער עלטערער קאָלעגע, ווי אַ מומיע, וואָס האָט צוזאַמען מיט לירישן פּאָעט פאַרבראַכט אַ סך יאָרן אין דעם שטאָטישן גאָרטן, אין דעם האַרבסטיקן און מאָלערישן צענטראַל־פּאַרק. איצט שטעלט

ער זיך אויף מיט ווירדע, און עס ציטערט טרעמאַדיק זיין שטימע: זכרונות גייען אויף, ווי די געלע בלעטער פון די געאָרדנטע פּאַרקן, וואָס דער ווינט ווייעט און פאַרווייעט ווי שפּינוועבסטיק צירונג. יאָ, זיי האָבן זיך ביידע ביטער געזידלט און זיך אַפילו געשלאָגן צוליב די מיידלעך, די „מאַדאָנעס" פון יענער צייט. זיי האָבן אויסגעקעמפט אַ סך דועלן און ממש אמתע שלאַכטן. אָבער די פרויען זיינען שוין כמעט אַלע פאַרשוואונדן געוואָרן. זיי האָבן שוין אַוודאי חתונה געהאַט מיט געזונטע, נאָרמאַלע, נישט קיין ראָמאַנטישע שלימזלניקעס און סענטימענטאַלע ריטערס. די פרויען האָבן געבוירן קינדער. זיי זיינען מיט דער צייט געוואָרן מאַמעס, און אַפילו באָבעס אויך. זיי זיינען שוין איצט פאַרוועלקטע מומיעס, וואָס זיינען איינגעוויקלט אין אפשר הונדערטער אַרשינען לייוונט, ווי לאַרוועס...

עס זיצט ביים טיש דער הויקערדיקער קינסטלער מיטן סאַרדאָניש־טראַגישן פּנים פון אַ קראַנקן, פאַרוואונדעטן לייב אין אורוואַלד. איך האָב שוין דאָס דאָזיקע חיהש־טרויעריקע פּנים אַוודאי ערגעץ־וואו געזען. דאַכט זיך: אויף אַ פאַרצייטישן סאַטיר־פּאָרטרעט פון פּערסיע. עס איז ענלעך צו דער טראַגיש־דעמאָנישער מאַסקע פון סאָקראַטעס. אויך צום פּאָרטרעט פונעם פּאָעט פּאָל ווערלען, מיט דעם פאַרקרומטן מויל, מיט די שאַרפע קינבאַקן און מיט דער ציניש־אומעטיקער עקספּרעסיע פון אַ שטיינערנעם פאַון. ער זיצט, דער דאָזיקער קראַנקער לייב, מיט זיין יינגער פרוי, וועמען ער האָט געבראַכט מיט יאָרן צוריק אַזש פון זיין היימ־שטאָט. ווייזט אויס, אַז טראָץ זיין פאַרקרומטן קוואַזימאָדאָ־אויסזען, זיין גראָטעסקן געשטאַלט, זיין פיזישע אָפּשטויסנדיקייט, זיין איינזאַמער פאַר־קריפּלטקייט, האָט זי זיך דאָך צו אים צוגעוואוינט נאָך פון קליינערהייט אָן. אַ פרוי וויל זיין אַ קרבן. זי וויל זיך מקריב זיין צו אַ לעבעדיקן אידעאַל אין דער געשטאַלט פון אַ מאַן...

דער פּאָעט און עסייאיסט, מיט דער שרעקלעכער צונג פון אַ קלאַפּער־שלאַנג, עפנט אויף די בלעטער פון זיינס אַ קריטישער עסיי. די דאָזיקע פיין־פאַרפאַסטע, מיט די פאַסיקסטע ווערטער אויסגעצירטע עסיי, וואָלט דער פּאָעט אַליין, דער ראָמאַנטישער טרובאַדור, וועמענס הייליקן אָנדענק מיר פייערן דאָ היינט ביינאַכט, אַוודאי מיט צאָרן צעריסן. זי איז צו גוט, צו געלונגען ליטעראַריש פאַרשניטן, ווי די געשליפענע און פּאָלירטע ברעטער פון אַ טרומנע פאַר אַ מיליאָנער; ווי דער שטייפער אָנצוג פאַר אַ רייכן מת...

— יאָ, מען קען אייך אויסגעצייכנט, גלאַט־צינגלדיקער ליטעראַטור־אָפּשאַצער. וואָס פאַר אַ שייכות האָט איר דען, זעלבסט־צופרידענער און זאַטער ליטעראַט, מיט יענעם גרויסן ליריקער, וואָס האָט זיך געוואָרגן מיט זיין געשריי פון פּחד און ווייטיק, ווי פראַנסואַ וויאָן אויף דער תליה? וואָס איז דערשטיקט געוואָרן מיט דעם גרויסן מיליאָנעניאָריקן יאָמער

אין זיין קראַנקן האַרצן, וואָס האָט געפּלאַצט פון טרויער און קרענ־קונג?!...

עס זיצט אויך צווישן די איינגעלאַדענע געסט דער ברודער פונעם פּאָעט, וואָס האָט פאַרן וואוילזיין אָדער לטובת זיין טויטן ברודער־דיכטער קיינמאָל אַפילו נישט איינגעטונקען די האַנט אין קאַלטן וואַסער. מיט גאָרנישט חשק געהאַט אים צו העלפן כאָטש צו פאַרגרינגערן מיט אַ לאַבל ברויט יענעמס הונגעריקע טעג און נעכט. עס וואָלט דאָך געווען אַזוי פיל נאָבעלע אַרבעט פאַר אים צו טאָן: דאָס ווערק פון זיין פּאָעטישן ברודער צו פאַרשפּרייטן ביים פאָלק, אָפּצוהיטן זיינע בערג מיט מאַנו־סקריפּטן כדי זיי זאָלן זיך נישט צעווייען ווי געלע בלעטער אין האַרבסטיקן ווינט. אָבער ער איז תמיד געווען פאַרנומען מיטן שפּילן אין קאָרטן מיט בלאַטע לייט, מיטן טרינקען בראַנפן אין די קנייפּעס פון דער בויערי; מיטן אויסנעמען די ווייבער און די אַלמנות אין קינאָס, ווינשענקען און טעאַטערן. ער איז אויך אַ באַהעם, אַ ציגיינער; אָבער אָן זיין ברודערס ראָמאַנטישן גייסט און פּאָעטישן טאַלאַנט צו קענען ווינען און קרעכצן אין געניאַלע פערזן. ער איז דער מכלומרשטער רעוואָלוציאָנער אין דער קאַפעטעריע, דער בונטאַר אין „סאַלון”. ער רויכערט ביזן פאַרברענט ווערן אויף אַש. ער לאָזט די ליולקע נישט אַרויס פונעם מויל. ער טרינקט גרויסע גלעזער שנאַפּס ווי וואַסער. און אין דער היים, צווישן אַלטע ביכער, אַנטיטשנע מאַלערייען, פאַרצייטישן שפּינגעוועבס, וויאַנעט די טרויעריקע סטאַטוע פון זיין פריצייטיק אַלט־געוואָרענער פרוי. די קעניגין מאַריאַ אַנטואַנעט, ווען מען האָט זי געפירט אונטער די אָרעמס צו דער גיליאָטינע, האָט שענער אויסגעזען. איצט זיצט ער שווער, ערנסט און עפּעס פאַר־טונקלט. ווער ווייסט: אפשר קלאַפּט אונטערן שאַרבן פון זיין געוויסן דער טויטער ברודער מיט זיינע אייזערנע און שווער־באַנעגלטע פינגער...

עס זיצט דאָ אויך די עלטערע פרוי, אַזאַ איינזאַמע און אומעטיקע, וואָס שרייבט ראָמאַנען. די שטילע דינסט, וואָס אַרבעט זומערצייט אין די קעמפּס, און ווינטערצייט רייניקט זי אין אידישע הייזער; נערוועז, שווער־הוסטנדיק מיט אַסטמע־קרעכצן; אָפּגעלעבט און עלנט; אויפן פּנים זיינען שטענדיק אויסגעקריצט די שווועריקייטן פון איר לעבן; קיינמאָל קיין אמתן טראָפּן ליבע נישט פאַרזוכט. בשעת די רעוואָלוציאָנערע יאָרן פון 1905 האָט זי זיך באַטייליקט אין די בונדישע פאַרזאַמלונגען, אין די וועלדער, קעגן צאַר. שרייבט זי איצט לאַנגע ראָמאַנען און דערציילונגען, אין אַן ערלעכן לשון, ווי עס איז ערלעך איר קלייד, איר פאַרבלייכט פּנים, די אָרעמקייט וואָס קוקט אַרויס פון אירע אויגן. זי רעדט זייער זעלטן אויס אַ וואָרט, וואָס מען זאָל קענען הערן און אפשר אויסטייטשן אויך. אין אַזאַ איינזאַמער נאָוועליסטקע איז דער ראָמאַנטיקער־באַהעם זיכער נישט געווען פאַרליבט. אָבער זי וואוינט דאָ אין דעם הויז, אין אַ

זייטיקן צימערל, וואָס זי האָט געדונגען ביי דער פאַמיליע. (אַגב איז זי פאַראַ׳אָרן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, זיך אַראָפּוואַרפנדיק פון אַ הויכן גאָרן, און ווערנדיק צעשמעטערט אויף די שטיינער פונעם ברוק. מען זאָגט אַז זי האָט זיך געטויט צוליב דעם, וואָס דער רעדאַקטאָר האָט אויפגעהערט צו דרוקן אירע דערציילונגען. אין איר ביטערער איינזאַמקייט האָט איצט דאָס לעבן פאַר איר פאַרלוירן יעדער מעגלעכן זין און באַדייטונג...

אַנטקעגן איר זיצט די דערציילערין קלאַראַ. זי איז דווקא דער קעגנזאַץ פון דער אַלטער רעוואָלוציאָנערער נאָוועליסטקע: זי איז די אייביקע העטערע, די לוסטיקע פרוי, די אומדערזעטלעכע געניסערין פון ליבע, די געליבטע פון פילע מאַנצלייט מיט מאַכט און איינפלוס. דער גאַנג פון דער אַכזריותדיקער צייט, די יאָרן וואָס לייגן געוויינלעך זייער ברוטאַלן שטעמפּל איבער מענטשלעכע געשעענישן, זעען זיך לגמרי אויף איר נישט אָן. זי איז די טאַלאַנטפולסטע מאָלערין. זי פאַרשמירט אויף איר פּנים די צייט. זי פאַרמעקט אונטער אירע אויגן די צייכנס פון לעבן. זי פאַרגיסט מיט שמינקע די חדשים. זי פאַרוואַנדלט אירע נעכט מיט אַלערליי מאַנצלייט אין ביליקע פאַרבן. אויף איר אייביק־יינגן פּנים זעט זיך נישט אָן קיין שפּרענקעלע פון איר שוין טיפער עלטער. זי שמייכלט שטענדיק אויף אַ שטייגער ווי זי וואָלט טריאומפירן איבער אַלע אירע דורכפאַלן. זי איז די געבוירענע קאָקעטקע. מען רופט זי אין „קאַפע ראַיאַל״, וואו זי זיצט אָפט און עסט און טרינקט אויף יענעמס חשבון: „די ליטעראַרישע דאַמע״. אויך אין איר איז דער צעבראָסטעטער פּאָעט פון די „געלע בלעטער״ נישט געווען פאַרליבט. דער לירישער באָהעם, דער געבוירענער ראָמאַנטיקער, האָט פאַרערט פּרינצעסינס, אַקטריסעס וואָס שפּילן די ראָלעס פון באַרימטע קעניגינס אין דער געשיכטע; וואָס שטעלן פאַר דראַמאַטישע פרויען, וואָס האָבן געשפּילט וויכטיקע ראָלן אין קעניגלעכע הויף. דער ראָמאַנטישער ציגיינער איז געווען פאַרליבט אין געהיימנישפולע, אומפּראַקטישע פרויען, צו וועמען עס איז געווען פרעמד די ווייבערישע געוואוינשאַפט אויסצונוצן אדמען. עס איז באמת געווען אַ פּראָפאַנאַציע, אַז די וואולגאַרע שרייבערין קלאַראַ איז מכלומרשט דאָ אויך געקומען כדי צו פייערן דעם הייליקן פּאָעטס נאָבעלן אָנדענק. זי — דער קאָנטראַסט, דער אַנטיטעזיס פון זיינע אויסגעחלומטע פרויען־געשטאַלטן, איר וואָרט־און־וויץ איז פאַר אים געווען די וואולגאַריטעט אַליין, אַ באַליידיקונג פאַר זיינע געפילן . דער פּאָעט, ווען ער וואָלט נאָך געווען צווישן די לעבעדיקע, וואָלט זיכער פאַרבלוטיקט פון יסורים, ווען ער וואָלט זיך טאַקע פיזיש דאָ געפונען אויפן דאָזיקן מאָדנעם געדענק־אָוונט...

און אָט איז דאָ אויך אָנוועזנדיק די פּאָעטעסע. זי זעט פּאַקטיש אויס ווי אַ גאַרגוילע, וואָס איז ביינאַכט, בשעת אַ שניי־שטורעם, אַנטלאָפן

פונעם הויכן דאַך פון דעם נאַטר־דאַם־קאַשטשאַל. זי האָט עפּעס אַ טרויעריקע הנאה פון פאַרקרומען זיך פיזיש, פון פייניקן אירע מיאוסע גלידער, פון באַליידיקן זיך אַליין קערפּערלעך. זי ווייסט קיינמאָל נישט וואָס אַזוינס זי זאָגט און וואָס זי מיינט מיט אירע פאַרדרייטע, אומזיניקע און קאָמפּליצירטע רייד. זי איז אויך קיינמאָל נישט ערנסט און ווירדיק, כאָטש ערגעץ־וואו, אין אַ ווינקל פון איר ריזיקן גוף, ווייגט שרעקלעך איר נשמה, און די אויגן פון איר גייסט זיינען טיף פאַרטרערט. אַ פרוי וואָס פאַרמאָגט דווקא אַ נישט־דורכשניטלעכן פּאָעטישן טאַלאַנט, פאַרמאָגט זי אָבער די טרויעריקע געוואוינשאַפט זיך דווקא צו פאַרמיאוסן אין מענטשנס אויגן. זי טוט אַלץ צו זיין נאָך מער פאַרקרומטער און גראָטעסקער ווי די נאַטור אַליין האָט איר געמאַכט מיאוס און אָפּשטויסנדיק. זי שרייבט מערסטנס עראָטישע לידער. אָבער וועלכער לייטישער מאַנצביל וועט זיך וועלן צורירן צו איר, סיידן דער הענקער פון פּאַריז, שפּעט ביינאַכט, אין דעם אָפּשיין פון דער לבנה, ווען ער גייט אַהיים פון אַן עקזעקוציע, אַ טויטלעך־שיכורער, און ער איז הונגעריק נאָך דער וואַרעמקייט פון אַ פרוי...

און די בעל־הביתטע פונעם הויז זעלבסט, די אַלטע און פאַרוויאַנעטע לידער־שרייבערין, וואָס איז קראַנק פון ביטערער קרענקונג פאַרוואָס זי האָט נישט קיין דיכטערישן טאַלאַנט. שוין מיט יאָרן צוריק, ווען זי איז נאָך געווען יונג און מער־ווייניק לייטיש אויסזעענדיק, האָט איר מאַן, דער וועטערינאַזש, זי אויסגעטוישט אויף איר יינגערער שוועסטער. אָבער אָפּיציעל צעשיידט האָבן זיי זיך קיינמאָל נישט. זי זוכט אויס יעדע ווילדע עפּעס אַ וויץ, אַן אַנעקדאָט, וועגן יענעם לעכערלעכן און אומגליקלעכן פּאָעט, וואָס האָט אין זיין אומבאַהאָלפנקייט אָפּגעטאָן זאַכן וואָס פּאַסן זיך פאַר אַן אָפּעראַ וועגן באַהעמען און ציגיינער. אַלע אַנוועזנדיקע געסט לאַכן הילכיק, בפרט ווען זיי זיינען שוין היפּש אָנגעפּרעסן און באַטרונקען. אָ, ווי די דאָזיקע אַנעקדאָטן זיינען געלונגענע! ווי זיי פּאַסן זיך צו זייער איצטיקן גליקלעכן געמיט. אַלע לאַכן. אַלע כיכיקען און זיי הערן זיך הילכיק ווי די שווייבען. אַלע זיינען גליקלעך, אַזש ביז צום דערשטיקט ווערן. און ווי אַנגענעם איז צו הערן קלינגען ווי די הייזעריקע קאָשטשאָל־גלעקער דאָס אייגענע זאַטע און צעזעצטע געלעכטער!...

אָ, עס איז באמת אַ גרויסאַרטיקער באַנקעט פון גראַפּאָמאַנען און סנאָבן. די אַלטע מוטער, בלויז זי אַליין, וואָס האָט דעם דיכטער אַלס נאַקעטן עמבריאָן אויף דער וועלט געבראַכט, און צום ערשטן מאָל אים געזען און געקושט אַ נאָך נאַסן פון איר שוויים, בלוט און טרערן; זי, וואָס האָט ביטער און מעכטיק געוויינט ווען מען האָט אים נאַקעט אָפּגעריסן פון איר האַרצן, און געוואָרפן אין דער אַכזריותדיקער נאַכט־פינצטערניש פון דער געלער און ליימיקער ערד; נאָר זי אַליין ציטערט אויף ווי אַ

געשאָסענע חיה אין דזשאַנגל, און זי בלוטיקט ווידער אויף און טרערט אויף איבעם שרעקלעכן טרויער פון איר האַרצן, ווען אַלע אַמוזירן זיך דאָ גלענצנדיק און אויסערגעוויינלעך מיט די מעשות און פאַנטאַזיעס פון איר מכלומרשט שלימזלדיקן זון...

עס רעדט נאָך אַ קליינטשיקע פרוי, וואָס זעט אויס ווי עפּעס אַן אַלטפרענקישע ליאַלקע, רייך פאַרמאָלן און פאַרשמירט מיט גאָלדיקע קאָלירן. זי איז די פרוי פון אַ אידישן פּאָעט. זי זאָגט, אַז דער ראָמאַנטי־שער באַהעם האָט וואונדערשיין גערעדט, און זי פלעגט פונדערווייטנס זיך צוהערנדיק צו אים, ווי צו אַ סימפּאָניע, קושן אַ פאַרליבטע זיינע בלויע ליפּן. אָבער, ווי אָפט האָב איך געהערט פון נאָענטע קאָלעגן זיינע ווי אַזוי דער פּאָעט האָט דווקא געזוכט אין זיינע קאַלטע און איינזאַמע נעכט פון ווינטער, אָדער אין די טעג פון רויטן האַרבסט, ווען ער אים סעזאָן ער האָט צום מערסטן באַזונגען אין זיינע געשליפענע סאָנעטן; אַ פרוי, מיט וועמען צו קענען טיילן עטלעכע שטילע רייד, ווי ברויט, געבאַקן פון בלוט, געוויין און טרערן. וואָלט די דאָזיקע קליינע פרוי, וואָס זעט איצט אויס ווי אַן עגיפּטישע מומיע פון אַ פּרינצעסין, אים טאַקע געוואָגט צו קושן ביים לעבן זיינעם, וואָלט ער נאָך אפשר פון גרויס נחת געלעבט, און ער וואָלט דאָ נאָך אַנוועזנדיק געווען ביים דאָזיקן אומעטיקן „באַנ־קעט״, מיט זיין אייגענעם, נאָך לעבעדיקן און פּערזענלעכן גוף...

עס רעדן כמעט אַלע געסט, די פאַרבעטענע לייט, די פּראָפעסיאָנעלע ציניקער און חשובע קאָרטנשפּילער. עס האָט פונדעסטוועגן יעדער איינ־ציקער אָנטיילגענומער דאָ, מיט נאַסע ליפּן פון ליקער, גרייט אַ שטיקעלע זייד פון לויב פאַרן פּאָעט, וועלכן זיי האָבן תמיד אויסגעלאַכט. נאָר בלויז מיין ווייניקייט, און די מוטער פונעם באַהעם, און יענע שטומע און טראַגישע מאַסקע וואָס הענגט דאָ טרויעריק אין אַ ווינקל פונעם זאַל, מיר אַלע דאָ קענען בשום אופן נישט רוען. און עפּעס אַ טיפע מרה־שחורה וויקלט אונדז איין ווי אַ נעפּל, און נעמט אונדז אַרום ווי אַ הייליקער טלית־וואָלקן...

עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. לייזדיקע שטייען די פלעשער ווייך איבער די טישן, בענק און אויף די קעפּ פון די שטיינערנע און הילצערנע סקולפּטורן און קונסטווערק. שטיקער צעגריזשעטע וואורשט־פּענעצן ליגן צעביסענע דורך אַלערליי ציין אויף די טעלערס און בעכערס. שוין פאַררויכערט, פאַרברודיקט און פאַרחזרט איז דאָס רחבותדיקע און יום־טובדיקע טישטוך. מיט אַש פון מאַסן אויסגערויכערטע ציגאַרעטן זיינען פאַרשאָטן די אָראַנזשנשאָלן, וועמענס אינהאַלט פון פרעכטיקע זאַפטן מען האָט שיכורערהייט פאַרצערט. נאָך אַלץ זיצט די קליינע און איינזאַמע מוטער פונעם דיכטער; די עלטערע, אידישע פרוי, אַזאַ איינזאַמע. אַלע מוטערס פון די ראָמאַנטישע דיכטער זיינען אַזעלכע אומגליקלעכע, ווי די מוטער פון פּאָל ווערלען. און די ליפּן פון די לוסטיקע, שוין מידלעכע

און פאַרלאָשענע סאַטירן רינען נאָך אַלץ מיט די לעצטע וויצן אויפן אַדרעס פון דעם טיפּישן שלימזל, דעם מלך אביון, דעם מכלומרשטיקן נאַר, דעם אמתן דאָן קיכאָט, וואָס האָט זיך דורך זיין גאַנצן לעבן געבעד נאַריש געמאַכט; געטראָגן וואָרעם וואָרט און לויב צו די פאַלשע קאַלעגן אין טאָג פון זייער יובל, אין דער נאַכט פון זייער באַנקעט; מיט ליבשאַפט און זאָרג אַראָפּגענומען אַ פעדערל פון זייער אַטלאַסענער לאַץ, ווען מען האָט זיי „געפּייערט", און וואָס האָט שפּעט ביינאַכט, אַהיימקומענדיק פון „קאַפע ראָיאַל", ווען דער מאָרגנשטערן האָט שוין ווי אַ ריזיקע רויז געבליט אויפן האָריזאָנט, זיך געזעצט אַ מידער אויף דער צעבראָכענער טאַבורעטקע און מיט דער טעמפּער בלייפעדער אָנגעשריבן אַ ניי ליד וועגן די רויטע, פאַרבלוטיקטע בלעטער אין שפּעטן האַרבסט. די בלעטער וואָס ווייען ווינטיש איבער די קברים פון דער געשטאָרבענער מענטשהייט, איבער די מיט גראָז־פאַרוואַקסענע בית עולמס פון דער געשיכטע...

עמעץ, שוין איינער פון די לעצטע און אפשר שוין מער לאָיאַלע קאָלעגן פונעם דיכטער, לייענט נאָך איבער אַ ליד פון דעם אַלבאָם פון דעם ציגיינערישן און האַרצקראַנקן דיכטער, מיט אַזאַ הייזעריקן און טרויעריקן קול:

„איך שלאָף אין פּאַרק צווישן צעקאָרטשעט אויף דער האַרטער ערד —
איך שפּיר די האַרטקייט פון דער גאַנצער וועלט.
עס הענגט דער אָסיען־הימל פינצטער איבער מיר;
דער פּאַרק, דער אויסגעדאַרטער, איז מיין היים און מיין געצעלט.
איך שלאָף אין פּאַרק צווישן צעקאָרטשעט אויף דער האַרטער ערד —
ס'דעקט עמעצער אַ שוואַרצער מיך אין שוואַרצן איין.
איך פיל אויף זיך די שוואַרצקייט פון דער שוואַרצער, האַרטער וועלט.
שטאַרקער, שטאַרקער, עלנטער זאָלסטו, מיין עלנט, זיין!"

איך פאָר אַהיים מיט מיין קאָלעגע, זיין עקסעלענץ, דעם שאָטן פונעם לירישן פּאָעט, וועגן וועמען מען האָט היינט ביינאַכט זיך אָנדערציילט אַזוי פיל וויצן, מעשות און אַנעקדאָטן. איך פיל, און זע, ווי ער ווייגט, ער כריפּעט, ער ווערגט זיך טיף אין האַלדז, און אין האַרצן, מיט זיין דיקן געוויין, נאָך שטאַרקער ווי פריער, ווען אַלע האָבן געטרונקען ווין, נאָר ער אַליין האָט געמוזט זיין זויבער, ניכטער, הייסט עס, ווייל נשמות זיינען דווקא נישט געניגט צו שיכורן ווי די שטערבלעכע. דאָס וואָס דער באמת־פייערלעכער געדענק־אָוונט איז געווען פאַר זיין כבוד וועגן, אין דעם זעלביקן הויז, ביים בראָנקסער שיינעם פּאַרק, וואו ער פלעגט גאַנץ אָפט פאַרברענגען, האָט ווייניק געענדערט זיין לירישן געמיט. האַרבסטיקע בלעטער טאַנצן אַרום אין דעם פרייען און קאַלטן ווינט. מיר דאַכט זיך אַז דאָס זיינען די זעלביקע געלע בלעטער פון זיין איינציקן, ערשטן און לעצטן בוך לידער: „געלע בלעטער", וואָס דער פּאָעט האָט

אין זיין פאַרצווייפלונג איצט צעריסן און צעפליקט, און די בלעטער פאַרווייען און פאַרפלייצן אַלע אָפּגרונטן און תהומות פון דער גאַנצער וועלט...

## חוה, די קייסערינע אסתר און מיין מאַמע

געווידמעט מיט ליבשאַפט און האַרציקער באַגריסונג צו זיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג מיין טייערן פריינט משה רובינ־שטיין, דעם חשובן שריפטשטעלער, מחבר פון ראָמאַנען, רעדאַקטאָר פון „די שטימע" און געזעלשאַפטלעכן עסקן — און זיין וואונדערלעכער פרוי בלומאַ — איר זאָלט לעבן לאַנגע יאָרן אין געזונט, נחת און אין שלום פאַר ישראל, פאַר אַלע אידן און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט...

דאָס איז פאָרגעקומען אין דערפל נאָוואָגוראַ, אַרום דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך געדענק, אַז דער טאַטע איז אַהיימגעקו־מען פון ערגעץ און ער האָט מיט זיך געבראַכט עפּעס אַ לאַנגע קייט פון טונקל גאָלד, צי פון ברודיקן בראָנדז. איך בין געשטאַנען ביים גרויסן דעמבענעם טיש און געקוקט מיט דערשטוינטע אויגן. וואו ערגעץ האָב איך געהאַט געזען אַזאַ אומגעווייגלעכע קייט? ווען, אין מיין פריערן לעבן? אין וועלכע פאַרבאָרגענע שלעסער פון חלום האָב איך געזען אַזוי פיל טרויעריק גאָלד? אפשר אין מיינע געדענקענישן מיט אַ טויזנט יאָר צוריק?

ווען דער טאַטע האָט די קייט געלאָזן ליגן אויפן טיש, וואָס איז געווען איבערגעצויגן מיט אַ צעשניטענער צעראַטע, און וואָס איז שוין געווען פאַרמאַדזשעט פון מיינע פינגערלעך מיט טינט, האָט עס אויסגעזען ווי אַ בערגל מיט איינזאַם גאָלד, וואָס איז געבליבן ליגן צונויפגעשאַרט נאָך אַ ווינטערדיקן זון־אונטערגאַנג. אָדער איז עס געווען ענלעך צו אַ בערגל מיט דאַרע בלעטער פון אונדזער הוימישן סאַד, וואָס קאָרטשען זיך אין חודש אָקטאָבער, נאָך דעם ווי זיי האָבן געהאַט געטריי אָפּגעדינט דורכן גאַנצן זומער? טיילמאָל האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַז די קייט זעט אויס ווי אַ צונויפגעדרייטע שלאַנג, מיט אַ סך וואונדן, וואָס בלוטיקן אָפּ גרין און פורפורדיק. די שטאַרבנדיקע שלאַנג, אַזאַ שרעקלעך־צעביסענע, קאָרטשעט זיך אין שרעקלעכע ווייטיקן, ווי זי וואָלט וועלן פּרואוון ווי עס איז צו באַשיצן אירע געפערלעכע הויט־וואונדן פון דער שאַרפער לופט, פונעם זאַלץ פון דער נאַכט...

מיט זשעדנעקייט האָב איך געקוקט אויף דער קייט. וואו, און ווען, האָב איך זי טאַקע פריער געזען? אין מיין דמיון האָט זיך אויסגעטיילט איינע אַ פרוי, מיט דער מינע פון אַ קעניגין. זאָל עס געווען זיין די דערשראָקענע אסתר המלכה, וואָס שמייכלט קינדיש אַרויס צו אַלע אידישע

דורות פון די געלע בלעטלעך פון דער מגילה? אַ קליינטשיקע, אַ שלאַ־בעריקע, אין אַנגסטן, ציט זיך די קייט אַרום איר דינער טאַליע, אַרום אירע קוים־אויפשפּראָצנדיקע, גרינגע בריסטן. שלענגלט זיך די מאַסיווע קייט ווי אַ שלאַנג, און שמידט אסתרן איין אין איר נאַציאָנאַלן גורל, און צווינגט איר צו „ליגן" מיט אַן אידיאָטישן קייסער, וואָס איז איר אינגאַנצן פרעמד, און צווינגט זי ממש מיט געוואַלט אַריינצוגיין אין דער אידישער געשיכטע. אסתר ציטערט פאַר איר קומענדיקער ראָלע, און די קייט בליט אויס אין מעכטיקע רינגען אויף איר נאַך גרינעם און אומרייפן לייב.

דו ווילסט, אידישע פרוי פון פערסיע, לעבן דיין אייגן באַשיידן לעבן. אָבער, גנעדיקע פרוי, דאָס פאָלק רופט דיך אַרויס מיט זיינע שטילע ליפּן פון דיין איינזאַמען פעטער צו דיין היסטאָרישער ראָלע. יהודית האָט אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פונעם בייזן גענעראַל, און זי האָט זיך איינגעשמירט די הענט אירע אין זיין רשעותדיק בלוט. אָבער דו, אסתר, פאַרבלוטיקסט אין דיינע אייגענע טרערן בשעת דער חופּה־נאַכט, נאָבעלע און צאַרטע אסתר...

אָני פּוילישן דרויסן האָט איצט געבושעוועט אַ שניי, אַזאַ פרעמדער, נערוועזער און אַנטיסעמיטישער שניי. איך קוק אַרויס דורך די מוטנע שויבן צום קאָכן און בושעווען פונעם אוראַלטן שניי. ערגעץ ווייט, איבערן בלאָטיקן וועג, האָט זיך אַרויסגעטיילט פון דער זאַווערוכע אַ טרויעריקע פיגור, אַן איינגעבויגענע און שוואַכע אַזאַ. דאָס איז געווען די פיגור פון מיין מאַמען. זי גייט און פאַלט אום יעדע ווילע פון דער משא, וואָס זי שלעפּט אויף אירע פּלייצעס. זי טראָגט אויף אירע דאַרע און אָרעמע פּלייצעס אַ האַלב קערצל קאַרטאָפל, וואָס עס איז איר, מיט גרויסע שוועריקייטן, געלונגען אָפּצוקויפן פון אַ באַקאַנטן פויער אויפן דאָרף. די קעלט אין אונדזער שטוב איז אַ שרעקלעכע. אויך דער הונגער האָט זיך איינגעגעסן אין אונדזערע גופים שוין זיבט יאָרן. מיר קוקן אַרויס דורכן פענצטער, און מיר זעען ווי די מאַמע שלעפּט זיך אַן איינגעהויקערטע אין דרייען מיטן זעקל קאַרטאָפּלעס אויף די פּלייצעס, וואָס ציט איר אַרונטער צו דער ערד. אָט פאַלט זי אום צום לעצטן מאָל און זי וועט זיך חלילה נישט קענען מער אויפהויבן...

אָנשטאָט מיר זאָלן אַלע אַרויסגיין העלפן דער מאַמען, זיינען מיר מאָדנע פּאַסיוו און אומבאַוועגלעך. דער טאַטע אַרבעט אַלץ מיט זיינע צווענגלעך און פּינצעטן. ער פּרוּווט ווי עס איז צו פאַרריכטן די רינגען פון דער מאָדנער און מיסטעריעזער קייט. ער טשעפּעט אָפּ די איינצלנע רינגען ווי גלידער פון אַ שלאַנג וואָס איז צעהאַקט געוואָרן אין קאַמף מיט ווילדע חיות. אָדער האָט אַ גזלן אין וואַלד מיט אַ האַק צעבראָכן די רינגען פון דער שלאַנג, וואָס האָט צוגערעדט חוהן צו זינד?

איך האָב באַמערקט דאָס שרעקלעכע מויל פון דעם באַשעפעניש;

דאָס מיאוסע מויל פון אַ מסור, פון אַ דעמאַגאָג, פון אַ טיוול. די בייזע צונג אירע אַרבעט מעשים. די נאַקעטע און נאַאיווע חוה שמעלצט זיך ממש אין דעם האַניק פון די פאַלשע, קלוגע און פאַררעטערישע רייד. די שלאַנג פאַרמאָגט גרויס טאַלאַנט אַנצורעדן אַ שוואַך ווייבספאַרשוין צו זינד, צו שלעכטס, צו אינטריגע, צום טויט. און דערנעבן בליט אויס דער בוים מיט זיינע פינקלענדיקע עפּל. באַלד וועט זיך אַנטפּלעקן צו אָדמען דאָס פורכטיקע ווייסן, וואָס איז אַזוי טרויעריק. עס וועט סוף־כל־סוף דורך די מאָסן מענטשלעכע דורות פירן צום זעלבסטמאָרד פון דער מענטשהייט...

ביינאַכט, ווען איך דרימל איין אַזאַ מידער פון דער לאַנגווייליקייט פון אַ לאַנגן און קאַלטן ווינטערטאָג אין דעם פוסטן דאָרף, חלומען זיך מיר פאַבלהאַפטע סצענעס: איך זע מאַסקנבעלער מיט די גראַציעזסטע פרויען; מיט זיידענע מאַסקעס אויף זייערע רייצנדיקע פּנימער, דורך וועלכע עס פינקלען זייערע פון וויין־פאַרשיכורנדיקע אויגן; אין אַלערליי פּרעכטיקע קליידער און צירונג. איינע אַ פרוי טראָגט אויף זיך אַ גאָלדענע קייט. יאָ, איך דערקען די פאַנטאַסטישע קייט, וואָס צירט יעדעס מאָל אַן אַנדערן גוף פון אַ פרוי, וואָס פירט אַ מאַנצביל צום טאַנץ, און פאַרפירט אים צו תאווה, נאַכט און גהינום. די קייט שמידט איין זייערע גלידער, אַרעסטירט זיי, ווי די שווערע קייטן פונעם שטרענגן רעזשים שמידן איין מיט אייזערנע רינגען די פריהייטס־העלדן פונעם לאַנד. דער מאַסקנבאַל דויערט ביז שפּעט אין דער נאַכט. אָט פאַרציען זיך די קייטן איבער די ווייבלעכע לייבער אַלץ ענגער און שטאַרקער. די שטילע און סענסיטיווע פרויען־באַשעפענישן קענען שוין מער נישט אָטעמען. די מעכטיקע רינגען ציען זיך צוזאַמען אַלץ רציחהדיקער און עקשנותדיקער. אָט ליגן שוין די טאַנצנדיקע פאַרלעך אויף דער ערד, איבער די טעפּיכער, אין די רויטע און פלושענע פאָטעלן — מידע, שיכורע, פאַרחלשטע און דערשטיקטע...

עס זיינען שוין אַדורך אַ סך יאָרן פון מיין לעבן. און איך האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן יענער זשאַוווערנדיקער קייט. איין מאָל, אויף אַן אויסשטעלונג פון רעמבראַנדטס פאָרטרעטן, האָב איך באַמערקט ווי דעם טאַטנס קייט צירט קעניגלעך איינע פון דעם מייסטערס עלטערע פרויען־געשטאַלטן. די קייט האָט זיך ממש איינגעשניטן אין איר אַלטן לייב ווי חוהס שלאַנג. מען האָט געקענט זען ווי די איינזאַמע פרוי גייט אויס אַ דערדריקטע און איינגעקלאַמערטע אין דער מעכטיקער שלאַנג...

איך בין לאַנג געשטאַנען ביי רעמבראַנדטס מאָלעריי, און האָב באַ־טראַכט די קאַלכדיקע בלייכקייט פון דער זקנה. אַ טיפע וואונד אין האַרצן האָט איר, קענטיק, פאַרצערט. אין אירע אויגן איז געווען אויסגעדריקט אַזוי פיל אויסגעלאָשענער צער און ווייטיק. איך האָב זיך געפילט שולדיק, מחמת עס איז געווען דעם טאַטנס מאָסיווע קייט וואָס האָט שטיל געמאַ־

טערט און געוואָרגן אַ פרויס היילִיק און אומגליקלעך לייב־און־לעבן. איך האָב אין דער דאַזיקער אָרעסטירטער קעניגין דערקענט מיין לייבלעכע מאַמע...

## אידיש קומט פון געטאָ

די סטודיאָ פון דעם מאָלער משה סאָיער איז גרוי, אַשיק־בלוי, הויך און ברייט־פאַרבעמיק. די ווענט זיינען אָנגעשטעלט מיטן גאָלד פון זיינע מאָלערייען. ער אַליין האָט לעצטנס געקראָגן אַ געשוואָלענעם קאָפּ מיט שניי־גרויע האָר, און מידע, פאַרלאָשענע אויגן. ער האַלט אין זיין ביינערדיקער האַנט אַ גלאָז מיט וואָדקאָ. די קלאַסישע מוזיק וואָס הערט זיך פונעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט פאַרטויבט די מענטשלעכע רייד. אַ יינגע מאָדעלקע טראָגט אַריין אין דער געדוימער סטודיאָ דעם רייץ און די וואַרעמקייט פונעם פרויענגוף. עס שמעקט פון אירע נאַסע האָר מיט היימיש סאָד און פעלד. זי איז יינג, מילד, שיין און דערפרישנדיק, ווי גאָטס זוניקער טאָג. די פולקייט פון אירע ווייסע, האַלב־אָפּגעדעקטע בריסטן דערפרייט דאָס אויג. זי זאָגט, האַלטנדיק אין דער האַנט מיין ניי־דערשינענעם בוך מיט עסייען און זכרונות:

— אידיש קומט פונעם געטאָ און איז באַשטימט פאַרן געטאָ־איד. אין ישראל איז פאַראַן אַ שטאַרקע מעגלעכקייט זיך ענדלעך אַרויסצורייסן פונעם געטאָ...

— צאַרט מיידל, פּרעכטיקע סאָיער־מאָדעלקע, אַלע קולטורן, קען מען זאָגן, הויבן זיך אָן מיט געטאָ, מיט פאָלקלאָר, מיט אַבערגלויבן, מיט היימישקייט, מיט איינגעזונקייט, מיט שטויב־און־שימל פונעם שטייגערלעבן, מיט דער מאַמעס קינדער־ליד ביים קינדס וויגעלע, מיטן אייביקן פּחד פאַרן טויט, מיטן פאָלקס־הומאָר און פאָלקס־ניגון. אָבער זיי ווערן מיט דער צייט אוניווערסאַל. זיי ווערן דורכפילטרירט דורך דער פאַנטאַזיע, קולטור און קינסטלערישער קראַפט פונעם אינדיווידועלן שעפער. זיי וואַקסן אויס צו אַלמענטשלעכקייט. די מיטאָלאָגיעס, מעשהלעך, לעגענדעס, פרימיטיווע פאַרשטעלונגען און נאַאיווע פאַנטאַזיעס, קריגן פליגל. זיי ווערן דערהויבן צו וועלט־באַדייטונג. פון די בעטלערס ווערן קעניגן, ווי אין די מאָלערייען פון רעמבראַנדט. פונעם תנ״ך גייען אַרויס גאַנצע וועלט־ליטעראַטורן. די נאַראָנים און אביונים שטראַלן אויף צו העלדן און פילבאַדייטיקע כאַראַקטערן פון דער וועלט־ליטעראַטור. זיי ווערן פאַרוואַנדלט אין האַמלעט, דאָן קיכאָט, פאַאוסט, טייל אוילנשפיגל, דער מהר״ל, טוביה דער מילכיקער, מנחם מענדל....

משה סאָיער זופּט פונעם גלאָז דעם ווייסן ווייסקי. זיינע שוואַרצאַפּלען ווערן גרעסער. ער זאָגט:

— אָבער ליזאַ האָט אַ „פּונקט״. זי זאָגט אויך עפּעס ריכטיקס...

— אַוודאי איז זי אויך גערעכט: דער אָנפאַנג איז — געטאָ, דער

סוף איז — אוניווערסאַלע קולטור. די אידישע, פונקט אַזוי ווי די גריכישע, לאַטייּנישע, ענגלישע און פראַנצויזישע קולטורן. און קיין שום פאָלק איז נישט גרייט אָוועקצוואַרפן איר אַלטע, פּאַרצווייגטע און פאַרוואָרצלטע קולטור, אַ גאָלדענע אָנזאַמלונג פון אַ סך דורות. מען קען נישט אויסטוישן קיין קולטורן ווי מען טוישט אויס העמדער אויפן לייב...

## אַ סעקטע ביים ים

אַ געהיימע סעקטע מענטשן דינען פאַנאַטיש צום ים, ווי צו אַ שטרענגן גאָט און ריטואַל. זיי מוזן ממש קומען אין יעדער פרייער שעה צום ים ווי צו אַ בית התפילה. דער ים מיט זיינע כוואַליעס איז זייער טעמפּל. דער שטורעם — זייער גאָטהייט. די פעלדזן — דער סימבאָל פון זייער גלויבן. אומבאַוועגלעך שטייען זיי שעהענלאַנג און זיי קוקן נאָך די שיפלעך מיט אויפגעשטעלטע און שטייפע זעגלען, די גרויסע טונקעלע שלעפּשיפן, די ברייטע אָקרענטן מיט הויכע קוימענס וואָס ברענגען מענטשן פון איראָפּע, פון דרום־אַמעריקע, פון אַפריקע, אַזיע, און אויסטראַליע. זיי קוקן נאָך די מעוון מיט בענקשאַפט און פונקט ווי די מעוון, שטייען זיי אויך ביים ברעג פון ים און קוקן אַריבער פאַרבענקטע צו דער אַנדערער זייט פונעם קאָנטינענט, דאָרטן וואו עס פאַרגייט די זון, און זינקט טיף אַרונטער אין פאַרנאַכט, כדי ווידער אויפצוגיין איבער די ווייטע קאָנטינענטן און צו ברענגען גרוסן פון פרעמדע און אייביקע פעלקער. די דאָזיקע מענטשן גלויבן, אַז דער ים גיט זיי אַריכת ימים. די לופט לייטערט אויס זייערע נשמות. דאָ איז פאַראַן דער אמת פון לעבן. זיי ווערן אויסמיידן שפּיטעלער, מעדיצינען, אָפּעראַציעס און דאָקטוירים. די קראַפט פון ים וועט זיי שענקען כוחות צום לעבן...

איך אַליין געהער אויך צו דער דאָזיקער סעקטע. איך קום דאָ זומערצייט כמעט יעדן טאָג. עס איז מיין פאַרגעניגן צו גיין אַן איינזאַמער פּאַזע דעם ברעג פון ים, צו קוקן אויף די וואָלקנס, צו אָטעמען מיט דער קאָסמישער אומענדלעכקייט, צו טראַכטן פון מיינע טאַטע־מאַמע, פון דער משפחה, און פון די ווייטע דורות פון מיין פאָלק; צו וועגן מיינע פאַרגאַנגענע מעת־לעתן און זייערע מעשים און פּאַסירונגען. איך פיר דאָ מיין שטילן און אייביקן חשבון הנפש. דאָ העלפט מיר גאָט צו זען, צו דערקענען זיך און צוריקצוקומען צו זיך אַליין, צו מיין אָפּשטאַם, מיין שורש, מיין קינדהייט, מיין יוגנט און מיין קעגנוואָרט. אין דער ווייטקייט פון צייט און רוים עפנט זיך פאַר מיר דאָס טויער פון מיין צוקונפט. דאָס לעבן אין דער אייביקייט האָט נישט קיין שום גרענעץ...

## די פאָרשטעלונג פון שלום עליכמס „סטעמפּעניו"

איך האָב אַנומלט געזען די פאָרשטעלונג פון שלום עליכמס „סטעמ־פעניו" אין דער היגער „פאָלקסבינע", וואָס ווערט אַגב אַלט זעכציק יאָר

מיט קינסטלערישער טעטיקייט. „סטעמפעניו״ פאַרמאָגט נישט קיין באַזונ־
דערן וויכטיקן אינהאַלט. אָבער דווקא די „אינהאַלטלאָזיקייט״ איז אפשר
טאַקע דער תוכיקער אינהאַלט פונעם ווערק. די זינלאָזיקייט, פוסטקייט,
איינזאַמקייט און פאַרלוירנקייט פון די העלדן; דער פאַרס, דאָס „שפּיל״,
די אידיליע, די אילוזיע, די פאַרגענגלעכקייט פון אַלע מענטשן, איז אפשר
דער עסענץ פון דער פיינקינסטלערישער פאָרשטעלונג...

מען באַדאַרף זיך זייטיק צוקוקן ווי אַזוי דאָס פובליקום קוקט מיט
אַזוי פיל שפּאַנונג אויף דער סצענע, וואו עס גייט אָן דאָס מכלומרשט
זינלאָזיקע שפּיל. וואָס אייגנטלעך דערוואַרטן זיי דען צו זען? זייפנבלאָזן,
פאַנטאַזיעס, חלומות, דאָס אויסגעטראַכטע און דאָס אוממעגלעכע. אָבער
טאַקע דאָס סור־רעאַליסטישע, דאָס וואָס שטייגט איבער דאָס געוויינלעך־
רעאַליסטישע, ציט זיי אפשר צו זען. דאָס מענטשלעכע נאַרישקייט צו
אָבסערווירן, איינצוזאַפּן אין זיך דאָס נישטיקע, דאָס אומדערגרייכבאַרע
און דיאַבאָלישע...

גראַד איז געשען אַז דער אַקטיאָר, וואָס האָט באַדאַרפט צו שפּילן
די צענטראַלע ראָלע פונעם בדחן, מנשה אָפּענהיים איז בשעת דער
רעפּעטיציע אויף אַן אמת געשטאָרבן. געשטאָרבן טאַנצנדיק, מאַכנדיק אַ
קאַזשלקע, וואָס איז אַרויסגעקומען אַ „סאַלטאָ מאָרטאַלע״, אַ טויטנשפּרונג.
דער שוישפּילער, וואָס האָט פון אים אין איילעניש געירשנט די ראָלע,
איז אַוודאי געווען טאַלאַנטפול, קרעפטיק, געוואַגט, און אויך, אפשר מיט
רעכט, אַ ביסל גראָטעסקיש. אָבער טראָץ זיין „איבערטרייבן״ די ראָלע,
האָבן די מערסטע פונעם פובליקום דווקא אין זייער דמיון געזען דעם
שטילן, אידעלן און פיינפילנדיקן מנשה אָפּענהיים. עס איז מאָדנע ווי זיין
גייסט האָט דורך דער גאַנצער צייט נאָבל געשוועבט איבער דעם חנעוודיקן
שפּיל. מנשה אָפּענהיים איז, הייסט עס, טראָץ זיין טויט, נישט אינגאַנצן
אַוועק פון דער פאָרשטעלונג. ער האָט פון גן־עדן אויס געשפּילט געטריי
און ערלעך זיין פאַלקסטימלעך־קאָמעדיאַנטישע ראָלע. ווייניקסטנס אַזאַ
איינדרוק האָבן מיר געהאַט...

אין סאַבוויי, שפּעט ביינאַכט, פאָרט אַהיים פון דער פאָרשטעלונג
איינע פון די שוישפּילערינס וואָס האָט אָנטיילגענומען אינעם שפּיל. עס
איז מערקווירדיק, טראַכט איך, ווי דאָס נשמהדיקע ליכט פון דער בינע
האָט זיך איצט ממש אָפּגעטאָן פון איר. זי זעט איצט אויס צו זיין מיד,
אויסגעשעפּט, איינזאַם און אויך מענטשלעך־אַלט. די פרוי אין איר זעט
איצט אויס צו זיין פשוט פאַרוויאַנעט און קראַנק אויך. זי איז איצט נישט
מער יענע שוישפּילערין וואָס האָט מיט אַ ווײַלע צוריק, אינעם פיבער
פונעם קינסטלערישן שפּיל, ממש באַלויכטן די בינע. זי איז מער נישט
דאָס אימאַזשינערע שוישפּיל, נייערט דער ברוטאַלער רעאַליזם פון לעבן,
פון דער גאַס, פון סאַבוויי, פון הויז, פון רעסטאָראַן, פון ניי־יאָר־בעלער,

פון איר אייגענעם איינזאַמען בוידעם־שטיבל, פון דעם שפעט־האַרבסטיקן רעגן אויף דער גאַס. יעדן אָוונט זיצט זי אַוודאי ביז אין דער שפעטער שעה פון דער נאַכט ביים טעלעוויזיע־מאַשין און זי זאַפּט פּאַסיווערהייט איין אין זיך די סצענעס, די געשטאַלטן, די מאַסן פּוסטע פּנימער, מיט וועלכן דער עקראַן אָפּערירט היינטיקע צייטן...

האָט דאָס אַלץ אַ זין, אַ צוועק? יאָ, מיר דאַכט זיך אַז עס האָט אַ געוויסן צוועק, פון זיך אַליין איז פּאָרט דער גאָרער קאָסמאָס נישט גע־שאַפן געוואָרן. זינלאָזיקייט און אומאָרדענונג האָט נישט געקענט שאַפן אַן אוניווערס וואָס פאַרמאָגט אַזאַ ריזיקן של מיט קלוגע פּערזענלעכ־קייטן, סיסטעמען און אינסטיטוציעס; אַזעלכע מייסטערהאַפטע סצענעס און טעטיקייטן; אַזוי פיל קאָמפּליצירטע לעבנס, און אַפילו גאַנצע וועלדער מיט ווילדקייטן. די וועלט איז צו שטאַנד געקומען אַ דאַנק אַ געניאַלן באַשעפער, אַן אַרכיטעקט פון געוואַלטיקן טאַלאַנט, פאַרנעם, קראַפט און שיינקייט. אָבער דער טרויער פונעם לעבן, וואָס פאַרוועלקט און פאַר־שווינדט יעדע אייציקע רגע דורך די מיליאַנען יאָרן פון דער ערדישער אייביקייט, איז אויך עכט, אמתדיק און שעפּעריש אויף זיין אומגעהויערן און טרויעריקן שטייגער...

## אַנאַ פראַנקס בריוו צו איר פאָטער

איך בין היינט געווען אויף דער היגער וועלט־אויסשטעלונג. עס איז אַ הערלעכע מלוכה פון דעם חלום פון פעלקערישער פאַרברידערונג, ווי ביי די נביאים פון תנ״ך. איך בין אָבער ספּעציעל געגאַנגען אָנקוקן אין דעם אַמעריקאַניש־ישראלדיקן פּאַוויליאָן אַנאַ פראַנקס רירנדיקן בריוו צו איר פאָטער, וועמען זי האָט באַזונדערס ליב געהאַט נאָך מער ווי אירע אַנדערע משפחה־מיטגלידער צוליב זיין גרויסאַרטיקן כאַראַקטער, זיין טאַקט און פאַרשטענדעניש פאַר מענטשן, און פאַר זיין אידעלער באַציאונג און ליב־שאַפט צו איר, צו דער קלוגער, טאַלאַנטפולער און סענסיטיווער אַנאַ, וואָס האָט באַנומען אַזוי ייִנגערהייט דעם היסטאָרישן גורל פונעם אידישן פאָלק, און האָט אין דער אַנגסטיקער באַהעלטעניש אין אַ דעמאָלט נאַציש־פאַר־גיפטעטער וועלט געוואָגט צו אָטעמען מיט דער לופט פון פרייהייט, האָפע־נונג און גלויבן אין דער אידישער צוקונפט, און אין דער גאולה פון דער גאַנצער מענטשהייט...

איר בריוו איז געשריבן מיט בלייפעדער אויף צוויי אָרעמע שטיקלעך פּאַפּיר, אין דעם 5טן מאַי פון טראַגישן יאָר 1944, ווען די וועלט האָט געברענט אין נאַציסטישן וואַנזין און גהינום־פייער. דער דאָזיקער בריוו איז אָבער ערשט לעצטנס אויסגעשטעלט געוואָרן...

אַנאַ פראַנקס בריוו־דאָקומענט איז צונויפגעפּאָרט מיט עפּעס אַן אומ־באַקאַנטן מיידל, וואָס האָט געשריבן אַ העברעאיש ליד. די הייליקע נשמות

פון די ביידע מיידלעך־קדושים שטייען אונטערן דורכזיכטיק־קלאָרן גלאָז ווי צווי פייגל אין אַ שטייגל. דאָס ליד פון דער ייִנגער מאַרטירערין רירט ביז טרערן, פונקט ווי אַנאָס פּשוט, ציכטיק און ליכטיק כתב. די אותיות פון דעם ליד זיינען געשריבן דווקא פעסטע, גרויסע און קינדערישע. דער זאַץ איז אַ קורצער, אַן אָפּגעהאַקטער ווי אין פעלדזנשטיקער. נישטאָ קיין סך צייט ביי אַזעלכע גרויזאַמע באַדינגונגען צו שרייבן לאַנג און אויספיר־לעך. די דיכטערין הייסט רחל סעלקין. דאָס איינציקע ליד אוודאי פון דער דאָזיקער הייליקער אידישער פּאָעטעסע איז געשריבן צום אָנדענק פון דער „אַקציע" איבער די קינדער און זקנים, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 27סטן און 28סטן מערץ 1944. איך האָב מיט אַ ציטערנדיקער האַנט, און דורך פאַרטרערטע אויגן, איבערגעשריבן די ערשטע פיר שורות פונעם ליד:

„דם — מים.
חללים — כעוף שמים.
רוצחים — ככל הים.
דמע — דם, דמע — דם."

ווער וויסט וואו עס איז ערגעץ פאַרלוירן געוואָרן דאָס אידיש־מאַרטי־רערישע געביין, אָדער דאָס הייליקע אַש פון דער דיכטערין רחל סעלקין, אין אַ וועלט פון רוצחים, צאָלרייך ווי דער ים...

דערנאָך האָב איך געזען טאַנצן און זינגען אין דער ישראלדיקער אָפּטיילונג אויף דער אויסשטעלונג אַ גרופּע ישראלדיקע יוגנטלעכע. דאָס האַרץ האָט שטילערהייט געוויינט. עס גייט אויף אין אַ אידישן געמיט אַ טויזנט־יאָריק געפיל פון טרויער, אומגליק, העלדישקייט און טראַגעדיע פון אַ פאָלק. און דאָ זעסטו די קינדער פון ישראל זינגען, שפּילן, טאַנצן און פרייען זיך. דיין האַרץ ציטערט אויף. דאָס בלוט פון דיין אייגן און אַלטן פאָלק און נישט קיין וואַסער. דו האָסט מיט דיין שטאַם־און־אָפּשטאַם אַ שטרענגע און מעכטיקע פאַרוואַנדשאַפט ביזן לעצטן טאָג פון דיין לעבן. מען ווערט פּשוט אויפגעציטערט פון עמאָציאָנעלע איבערלעבענישן. נאַ־ציאָנאַלע געפילן צינדן זיך אָן אין דיינע בלוט־אָדערן. זיי געבענטשט, מיין אַלט פאָלק! דו זאָלסט מער אין דיין היסטאָרישן גאַנג איבער דעם פּלאַנעט נישט וויסן פון קיין צער. זיי געבענטשט און באַשיצט, לאַנד ישראל, ערד פון די טריט פון נביאים, וואָס האָבן אָנגעצונדן די וועלט צו פרייהייט און ליבשאַפט צווישן די פעלקער. זאָלן ציטערן דיינע קרע־ציקע שונאים פאַר דיין פיזישן און גייסטיקן כוח. אָבער דו זאָלסט אויך נישט פאַרלייקענען דעם טויזנט־יאָריקן גראַנדיעזן אוצר פון דער אידישער קולטור. לעבן־און־אָטעם, און פאַרשעם נישט שענדלעך די מעכטיקע שאַ־פונגען פון אַלע אידישע דורות. דריק נישט אונטער, באַליידיק נישט און דערנידעריק נישט דיין לעבעדיקע קולטור־ירושה. פאַרלייקן נישט היינט

וואָס די אידישע דורות האָבן געשאַפן אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער פון דיין פאָלקס־געשיכטע ... דער בעל שם טוב, ר׳ נחמן בראַצלאַווער און דער באַרדיטשעווער צדיק; און פרץ און שלום עליכם, זיינען טויזנט מאָל גרעסער ווי בן־גוריון, אין וועמענס אויערן די העלדישע דערציילונג פון אַ אידישער פּאַרטיזאַנקע האָט געגרילצט, ווייל זי האָט גערעדט אויף אידיש און נאָך הייס געצאַפּלט פון די מוראַדיקע איבערלעבענישן אין די פּוילישע וועלדער. שעם דיך טיף, בן־גוריון, אין דיין קבר, פאַרן לויב פאַר דער גריכישער קולטור, און פאַר דיין טויבקייט און בלינדקייט צום מינ־דעסטן אידישן פאָלקס־ליד, וואָס איז דער אויסדרוק פון נאַציאָנאַלן אידישן אומעט און צער ... אידיש איז איינגעשניטן אין דעם אידישן גוף ווי אַ בלוטיק־גאָלדענע וואונד, ווי אַ שטערן וואָס באַלויכט איר היסטאָרישן לעבן־און־אָטעם ...

אַפילו דאָ, אינעם אַמעריקאַנער־ישראלדיקן פּאַוויליאָן, אויף דער אויסשטעלונג פון דיין שטאָלצער קולטור־און־גייסט־געשיכטע, פעלט דאָס אידישע בוך, איז נישט אַנצוזען דאָס זילבער און גאָלד פון דיין אידישער שעפערישקייט דורך אַלע דיינע שטאָלצע און מאַרטירערישע דורות...

## די לבנה אין פאַרנאַכט

שוין שניידט זיך אַרויס אין אָוונט די לבנה ווי אַ זיידענע מאַסקע אויף אַ געהיימנישפולן און ראָמאַנטישן פּנים פון אַ דאַמע. עס לייכט אויף אַ גאָלדיקער כוס וואָס איז אָנגעגאָסן מיט וויין, און אויף וועמענס ראַנד עס איז געבליבן שטיין דער אָפּדרוק פון אַ פּרויס רוזשירטע ליפּן. עס ציט זיך דער גרויער רויך פון אַ ציגאַרעט, וואָס עמעץ רויכערט שווייגנדיק מיט זיין זילבערנעם ציגאַרעטנשפּיץ. ווער עס רויכערט אין דעם נאַכטיקן טונקל, זעט מען נישט. און וועמענס ליפּן באַנעצן זיך מיטן שוימענדיקן וויין אינעם דינעם כוס: דאָס ווייסט מען אויך נישט. אַ שטערן אין הימל וויגט־און־וואַקלט זיך שיכורערהייט. אָבער מיין געמיט איז סיי ווי אַן אומעטיקער ...

## כינעזיש קונסטווערק אין פערל

אין דעם כינעזישן רעסטאָראַן הענגט אויף דער וואַנט אַ פּרעכטיק קונסטווערק, וואָס ציט תמיד מיין אויג־און־אויפמערקזאַמקייט: אַ טיפּישע לבנהדיקע לאַנדשאַפט איז אויסגעקריצט דורך אַ קינסטלערישער האַנט אין בלייכן פערל. צוויי ייִנגע פרויען, אַוודאי דעם קייסערס טעכטער, אויסגעקריצט אין ראָזלעכן פערל, רייטן אויף אַ שיין־געפּאַרמטן און לויטערדיק־פערלדיקן פערד. מיט זייערע בלאַסע און ווייבלעך־פערלדיקע הענט האַלטן ביידע רייטערינס פעסט די לייצעס, פירנדיק דאָס רואיקע און שטאָלצע פערד ערגעץ־וואו, אין אַ ווייטן און רעטענישפולן לאַנד, הינטער זייערע צאַרטע רוקנס זעען זיך אָן אין דער נעפּלדיקער ווייטקייט

די הויכע און פערלדיק־גראַניטענע בערג און שטיקער פינקלענדיקער פערלמוטערנער הימל. די זון אַליין, אַ ריזיקער פּענעץ אויסגעוואָרמטע פערל, פאַרגייט אַ רעזיגנירטע אינעם טיפן הינטערגרונט פון די איינזאַמע פערלדיקע סקאַלעס. ביידע פרויען, דריקנדיק אין זייערע לויטערע און אומשולדיקע הענט די דינע לייצעס, ווי זיידענע ציצית, ציען ערגעץ־וואו וויט אַוועק, אין דער גרויער און פערלדיקער אומענדלעכקייט...

די גאַנצע לאַנדשאַפט אין פערל איז עפּעס אַזאַ אידעלע און פּאָעטישע זעאונג אין דער פערלדיקער דיסטאַנץ. (איך דענק אַגב, אַז די אַזיאַטן פאַרמאָגן מער זין און פאַרשטענדעניש פאַר דער שיינקייט פון פערל, ווי מיר, די ניכטערע אייראָפּייער...)

די צוויי כינעזישע פּרינצעסינס זעען אויס ווי צאַרטע און גייענדיקע פערל־פיגורן איבער שטילע און איינזאַמע גאַסן פון אַ לבנהדיק־פאַנטאַס־טישער שטאָט. זייערע דינע און פערלדיקע העלדזער, ווי ביי שוואַנען, ווערן דאַכט זיך שטילערהייט געוואָרגן דורך זייערע שווערע פערל־שנורן. זייערע שטיל־שעפּטשענדיקע רייד האָבן אויך די מעלאָדיע, די געדרוישלאָזע קלאַנגען, פון שוויגנדיקע און פאַרטראַכטע פערל, ווי חלבדיק־פאַרטריפטע טראָפּנס איבער זילבערנע און גאָלדענע לייכטער אין אַ טעמפּל...

## אויסטייטש פון מאַרק שאַגאַלס אַ מאָלעריי

דאָס קאָזעלע מיט זיינע ריזיקע ווייסע און וואָלענע פליגל איז ווי עס וואָלט סימבאָליזירן דעם אומשולדיקן אידישן גייסט, דעם איד פון אַלע צייטן. דאָס הינדעלע מיטן טרויעריקן פּנימל דערציילט ווי נעבעכדיק עס זעט אויס אין דער גרויזאַמער גוישער וועלט דער אידישער גורל. דאָס גראָזיקע און גרינע פּנימפּונעם אידנקאָפּ; די געלע אויגן זיינע פול מיט פּחד, וואָס קוקן אַן דעם ברוטאַלן שוחט, וואָס שאַרפט אין דעם לבנהדיקן שטיין זיין שטאָלענעם חלף, כדי זיך איינצושניידן אין אומשול־דיקן אידישן האַלדז. דער יינגער איד שפּיל מיט זיינע שנייאיק־בלייכע הענט אויף די סטרונעס פון דעם פלאַמיקן וויאָלאָנטשעל. דער וויאָלאָנטשעל איז דאָך זיין אייגן וואַרעם לייב, זיין פערזענלעכער גוף, וואָס טוט אים וויי־און־ווינד ביי יעדן באַריר פון זיינע סענסיטיווע סטרונעס. די מילכ־דיק־קלאָרע כלה מיט אירע נאַכטיש־ציגיינערשע צעפּ, בליט מיטן בוקעט פון בעז אין פרילינג, וואָס איז פאַרט דאָס אייביק־אידישע בטחונדיקע לעבן. דער וויין גליט פלאַמיק אינעם גאָלדענעם כוס, פון וועלכן דאָס דאַרינקע און הונגעריקע קאָזעלע זופט ביז וואַנזין און שיכרות. עס איז די אידישע שמחה, די אידישע האָפענונג פון אַ סך דורות, די אידישע אידיליע, דער אידישער חלום פון גאולה און משיח, דער אייביקער אידי־שער פריקהייטס־מאָטיוו, טראָץ דער לאַנגער און טראַגישער אידישער געשיכטע. עס איז שמחת תורה אין קאָסמאָס...

## פייגל, פעלדזן און כוואַליעס

עס איז פֿאַרנאַכט. איך גיי אַזאַ איינזאַמער שפּאַצירן אויפֿן ברעג פֿון ים. די זון שטייט שוין באַ'ענט צו מערבֿ־זייט. זי ציטערט גרויס און פֿלאַ־מיק. איך זע מיט מיין קליינטשיקן שוואַרצאַפּל דאָס ברייטע בילד: אַלע ים־פייגל שטייען אויסגעשטעלט ווי אין עפּעס אַ רירנדיקער תּפֿילה. זייערע פּנימער זיינען געווענדט צו דער רויטער זון. מיר דאַכט זיך, אַז עס שטייען פֿאַרקליידעטע קעניגן אין ערגעץ אַן אימפּאָזאַנטן טעמפּל, וועמענס ווענט זיינען ווי פֿון דורכזיכטיקן קרישטאָל. אַלע פייגל זיינען פֿאַראייניקט אין עפּעס אַ געהיימנישפֿולער פֿאַרערונג צו דער מעכטיקער זון־געזעגן.

איך טראַכט: די דאָזיקע שטומע און פֿאַרשטיינערטע פייגל וויסן פֿון דעם זין פֿון אייביקייט. זיי טראָגן אין זיך אַ סאָרט ערנסטקייט, אַ טיפֿע סערעניטעט, וואָס פֿאַרוואַנדלט זיי צו אַ שטאָלצער ראַסע פֿון דעם אָקעאַנס מאַיעסטעטישער לאַנדשאַפֿט. זיי צירן דעם ים־ברעג מיט זייערע קלוגע, פֿאַלירטע און גראַציעזע עקזיסטענצן; מיט זייערע שלימותדיקע פֿאָרמען. זיי שטייען דאָ אַוודאי נאָך פֿון די צייטן פֿון אדמען אַן און ווען עס איז אויפֿגעגאַנגען אויף דער וועלט חוה, די ערשטע פֿרוי...

די פייגל, פעלדזן און כוואַליעס זיינען אומצעשיידבאַר און אומ־צעברעכלעך אויף דעם הינטערגרונט פֿון ים. אַזוי ווי גאָט אַליין וואָלט מיט זיינע אייגענע הענט די דאָזיקע לאַנדשאַפֿט געגאָסן אין אייזן און קופּער.

## די ציקאַדע

עס איז אַ זומערדיקער פֿאַרנאַכט. העלענע גליצענשטיין זיצט אויפֿן באַלקאָן פֿון איר וואוינונג. זי דערציילט מיר:

— אַן אומהיימלעכע דראַמע האָבן מיר אין די לעצטע טעג דאָ צוגעזען. אַ גרויסע, גרינע ציקאַדע איז געפֿלויגן הויך אין דער לופֿט און האָט יאָמערלעך געשריגן. נאָך איר איז נאָכגעפֿלויגן אַ גרויסער פֿויגל, אַ הונ־געריקער נאָך דער אָרעמער ציקאַדעס קליינעם, שיינעם און ליבן גוף. דאָס געיאָמער פֿון דער ציקאַדע האָט געקענט צעררייסן אַ האַרץ. און אַזוי איז זי פֿאַרשטומט געוואָרן צווישן די צווייגן, וואו דער בייזער פֿויגל האָט זי איינגעשלונגען...

העלענע רוט זיך אָפּ אַ ווײַלע. זי רעדט דערנאָך ווידער:

— ווען עס קומט דער האַרבסט, פֿאַלן זיי אַרונטער פֿון די בוימער, די ליבע, גרינע ציקאַדעס. און ווען זיי פֿאַלן איינציקווייז אַרונטער, שטאַרבט אָפּ צוזאַמען מיט זיי דער ליבער זומער... אַנומלט פֿאַלט אַראָפּ אַזאַ ציקאַדע פֿונעם בוים. איך זאָג צו מיין טאָכטער: „בישעטאַ קאַראַ, נעם אים צו זיך...” זי נעמט אים טאַקע אין דער האַנט. זי טוליעט אים און דערנערט אים. אָבער ער האָט נישט קיין חשק עפּעס צו פֿאַרזוכן...

— נו יאָ, זאָג איך, — ער וועט לעבן בלויז אײן טאָג אָדער צוויי. שפּעטער וועט ער אויסגײן. ווי האָט געזאָגט דער פּאַרצײטישער גריכישער פּאָעט :

„ער לעבט פון אַ טראָפּן טוי
און זיגט דעם גאַנצן זומער.“

בשעת העלענע רעדט, הערט זיך אין דער נאַכט דער טומל פון די אינזעקטן. אָבער, אַזוי ווי אַן אײדעלער קלאַרנעט, זעגט די ציקאַדע גאָר נאָענט צווישן די צווײגן. עס פּילט זיך שוין דער ריח פון האַרבסט. נאָך אַ טאָג אָדער צוויי, און די מידע ציקאַדע וועט אַרונטערפאַלן פונעם בוים אין פּײכטן גראָז אַרײן. עס וועט זיך דעמאָלט אָנפאַנגען דער אמתער האַרבסט...

דעריבער זעגט און זיפצט אַזוי טרויעריק די ציקאַדע. איר געזאַנג איז פול מיט אַגאָניע, מיט האַרבסטיקער שטימונג, ווי די בלײכע העלענע, וואָס זיצט אַזאַ אומעטיקע אויפן אײזערנעם באַלקאָן, אַן אײנגעהילטע אינעם ליכט פון דער לבנה, צווישן די געלע צווײגן פון די בוימער. עס איז גוט וואָס זי קען אין דעם מאָמענט נישט לײענען מײן מחשבה: זי זעט אויס אַזוי מיד, אַזוי אַלט, אַזוי טונקל באַלאָדן מיט פאַרברענטער צײט. אויך זי וועט באַלד אַרונטערפאַלן צו דער ערד...

## ווען די טויטע וואָלטן קענען וויינען

ווען די מתים, וועלכע ליגן טיף אין זײערע געלע און לײמענע קברים מיט אַלע זײערע קראַנקהײטן און מיקראָבן אין די פוילנדיקע בײנער, און מיט זײער אומענדלעכן, שטענדיקן און אײביקן טויט אונטער די פאַר־מאַכטע ברעמען, אָן אַ שום סימן פון אַ סוף, פון אַן־ענד־און־אַ־ברעג, וואָלטן קאָנען שרײען, וויינען, קרעכצן, יאָמערן, און אַ מאָל אויך אויס־ברעכן אין אַזאַ אומגעהויערן און ווילד־דונערנדיקן געשריי, ווי אַ ים בשעת אַ שטורעם, אַזש די פלעגמאַטישע און אימפּאָטענטע מלאכים אין הימל וואָלטן זיך דערשרעקן און אויפּציטערן, און גאָט אַלײן וואָלט זיך אויך ענדלעך אויפגעוועקט פון זײן פעלדזיקער גלײכגילטיקײט לגבי זײנע אומענדלעכע באַשאַפונגען — וואָלט קײן שום מענטש פּשוט זיך נישט געקענט דערנענטערן צו אַ בית עולם. דאָס געוויין און געשריי פון די סקעלעטן וואָלט שיער נישט צעשמעטערט די וועלט ; וואָלט גע־לעכערט ווי מיט דראָטן די אויערן פון ממש יעדן אײנציקן פאַרבײגײענדיקן מענטש, און וואָלט ווי מיט האַמערס צעשמעטערט די שאַרבנס פון די לעבעדיקע באַשעפענישן. בפרט וואָלט דער בלינדער יאָמער פון קלײנע קינדער אויפגעשוידערט די פאַרבײגײערס און זײ פאַרפירט צו די אָפּ־גרונטן פון גהינום מיט קללות אויף זײערע ליפּן...

## גאָט שלאָפט זיין גרויסן שלאָף אין זיינע קליינע קינדער

אין די שלאָפנדיקע קינדער ביינאַכט, ליגנדיק אויף די שויסן פון זייערע מידע מוטערס אין די אונטערגרונט־באַנען, אָדער אוף די שטאָטישע טראַמווייען און אויטאָבוסן, וואויגט דער וואָס לעבט אייביק, און וואָס דערלעבט טאָקע זינט יאַרטויזנטער דעם טויט פון אַלע זיינע באַשעפעניש, פון גאָר זיינע אַלט־און־גרוי גצוואַרענע דורות... גאָט שלאָפט זיין מידן שלאָף און די קליינע מלאכים־קינדער נאָך אַלע גראַנדיעזע געשעענישן, קאָסמישע קאָמעדיעס און בלוטיקע מלחמה־ספעקטאַקלען...

## די דאַמע מיטן לופטיקן שירעם

די דינע פרוי טראָגט דעם לופטיקן שירעם איבער אירע אידעלע אַקסלען ווי אַ ריזיקן פליגל וואָס הויבט איר אויף, דאַכט זיך, הויך צו די הימלען, ווי אַ שיכורן מלאך, כאָטש זי קען גאָר זיין אינעם לעבן אַ גאַנץ געוויינלעכע און אַפילו באַנאַלע פרוי...

## דער אומזיסטער ריח פון געבראָטענע קאַשטאַנעס

דער געשמאַקפולער ריח פון די געבראָטענע קאַשטאַנעס אין ווינטיש־קאַלטע און שנייאיק־ווינטערדיקע נעכט אויף די גרויס־שטאָטישע בולוואַרן און טומלדיקע גאַסן־און־סקווערן קאָסט נישט קיין גאָלד און קיין זילבער. דעריבער זעט מען ווי עס דרייען זיך אַרום ביינאַכט, ווען עס איז אין דרויסן ביטער־קאַלט, די איינזאַמע קבצנים, די אָרעמע פּראָסטיטוטקעס, די אָפּגעשליסענע בעטלערס און די אייביקע אָרעמעלייט, נעבן דעם קאַשטאַנעס־פאַרקויפער, און זיי האָבן דעם זעלטענעם פאַרגעניגן, דעם לוקסוס און די פּריווילעגיע פון צו קענען שמעקן פריי־און־אומזיסט דעם פאַרשיכורנדיקן ריח פון די צוגעברענטע קאַשטאַנעס, וואָס רופן תּמיד אַרויס אין מיר די אַסאָציאַציע פון יענע ריזיקע און טונקל־שאָטנדיקע ביימער פון מיין קינדהייט, אין די פּוילישע דערפער, פון וועמענס צווייגן דער ווינט האָט אַראָפּגעפליקט ווי שמעקעדיקע פּרוכטן די פּשוטע און וואונדערלעכע קאַשטאַנעס...

## פון אַ בריוו צו אַ פריינט

אייער ווערק איז מענטשלעך געשריבן, און מענטשלעכקייט שטייט אין מיינע אויגן העכער ווי יעדער סאָרט קונסט, ווי ליטעראַטור, און איז אַוודאי וויכטיקער ווי שטאַטסמענישע און מיליטערישע פעאיקייטן, און ווי אַלץ אין דער וועלט, מעג עס אַפילו זיין באַרימט און געלויבט דורך די אָנערקענטע קריטיקער און היסטאָריקער. בלויז ווען די קונסט און ליטעראַטור, און יעדער זשאַנר, אָדער מין, פון גייסטיקער שאַפונג, שטייט אויף אַ הומאַניסטישער מדרגה, האָט עס אַ ווערט פאַר דער קעגנוואַרט, און פאַר דער אייביקייט אויך...

## איך בין אייפערזיכטיק אויף דעם רבונו של עולם

אין יעדן פריען באַגינען, איידער איך זעץ זיך שרייבן ביי מיין טאַטנס שרייב־טישל, לייען איך פריער עטלעכע זיידענע בלעטלעך אין תנ"ך. איך טרינק אַזאַ דורשטיקער, ווי אַ שיכור נאָך ווייַן, די געוואַלטיקע קאַפּיטלעך תהילים, וואָס נייטיקן זיך אַבסאָלוט נישט אין מיינע קריטישע אַדיעקטיוון, מחמת יעדעס קאַפּיטל איז אַ גראַנדיעזער באַרג פון וואָרט־גרויסקייט. איך שטיי אין שטוינונג פאַר די מאַיעסטעטישע שורות פון דעם ספר איוב. איך וואונדער זיך איבערן אייזערנעם אמת, וואָס קיין שום בוך האָט עס נישט געוואַגט אַזוי סך־הכולדיק אַרויסצוברענגען, ווי אין קלוגן קייסער קהלתס דינעם ספר, וואָס טראָגט אין זיך דעם עסענץ וועגן מענטשלעכן לעבן פון אפשר אַ טויזנט ביכער צוזאַמען. אומעטום, אין דעם גאַנצן תנ"ך, איז דער מין מענטש אַזוי נישטיק און באַליידיקנדיק־פאַרגעגנגלעך, טאַקע ווי דאָס שטילע גראָז, וואָס גייט אויף גרין־און־גלאַנציק אין דער פרי, און פאַרגייט צוריק אין אָוונט, ווי עס ווערט אומצייליקע מאָל איבער־געחזרט אין ספר תהילים. גאָט איז הייליק. אַלע שרייבערס און גאָר די פאַרפאַסערס שרייבן, לויבן, זינגען די מעכטיקסטע שבחים און הימנען, און זיי שילדערן דעם וואָס לעבט איביק מיט די סאַמע העכסטע אַדיעקטיוון, און זיי זיינען באַגייסטערט פון זיין גרויסקייט און שטאַרקייט, וועמענס „גוף", אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן לויט דער אידיש־רעליגיעזער אויפפאַסונג, באַשטייט פון מיליאַנען־און־מיליאַסן שטערן־קאָנסטעלאַציעס און פון אָן אַ שיעור גאַלאַקסישע סיסטעמען פון וועלטן און אוניווערסן...

אָבער סוף־כל־סוף ווער איך פּשוט אייפערזיכטיק אויף דעם רבונו של עולמס מאַנאַטאָנער און אומענדלעכער איביקייט, וועלכע די טאַלאַנט־פולע מחברים ווערן טאָג־און־נאַכט, דורך די יאָרטויזנטער ממש, נישט מיד צו שילדערן אין אפשר אַ מיליאָן דערהויבענע הימנען און ספרים. וואָס עלטער און שוואַכער איך אַליין ווער, אַלץ פיינלעכער פאַרדריסט מיך גאָטס אומשטערבלעכקייט, זיין געוואַלטיקע קראַפט, וועלכע די אייביק־פאַרגייענדיקע „הויף־זינגער" ווי שטויב און ווי שפּינגעוועבס; די שטאַר־בנדיקע דיכטער און עקסטאַטישע פּאַנעגיריקער פונעם תנ"ך, און פון אַנדערע רעליגיעזע ספרים, וועלכע גייענדיק זיך לייגן אַזעלכע קינדעריש־געהאָרכזאַמע אין זייערע קברים, דור נאָך דור, באַזינגען און באַשרייבן, בשעת די מענטשלעכע גענעראַציעס, אַפילו די שטאַרקסטע און די מעכטיקסטע, גייען אַלע שלאָפן אין דעם קאָסמישן אָוונט, ווי די קליינ־טשיקע קינדער אין די הילצערנע וויגן, איינגעוויגטע דורך דער מאַמעס זיסע מעלאָדיעס...

## גאָטס הנעווידיקע מעשים!

וואָס טיפער די מיליאָנען מתים צעפאַלן זיך אין זייערע פייכטע,

געלע און ליימיקע קברים ביים ברעג פונעם גרויסן טייך, אַלץ העכער און נאָך מעכטיקער פון מלאכים, אָדער פון שדים און נישט־גוטע מיט פייערדיקע פליגל, שטייגן אויף זייערע נשמות צו די העכסטע הויכקייטן פון די הימלען. און גאָט אַליין, מיר דאַכט זיך, לאָזט אַרונטער צום תהום זיינע אויגן אין חרפּה און אין טיפער שולדיקייט. ער פאַרשעמט זיך פאַרן האָבן זיי דערטרינקען; געהאָנגען אויף נידעריקע הילצערנע תליות; זיי פאַרשרפהט מיט ווילדן פייער, און זיי דערוואָרגן ביי די גאָרגלען מיט אייזערנע פויסטן; זיי בלינד געמאַכט, אויסשטעכנדיק זייערע אויגן; געלאָזט אויסטרינקען דורך וואַמפּירן זייער בלוט פון די מוחות־און־אָדערן; זיי אָפּגעשונדן די בלוטיקע הויטן; זיי אומגעשליידערט צום אָפּגרונט, כדי זייערע נאַקעטע שאַרבנס זאָלן צעשמעטערט ווערן אין די שאַרפע קאַנטן פון די קיזל־שטיינער אויף די בערג. אָט אַזוי, גאַרנישט צום פאַרשטיין און צו באַגרייפן זייער זינען, זיינען אָפּטמאָל גאָטס וואָזשנע מעשים און פאַרברעכנס קעגן די אָרעמע מענטשן...

## די מאַמע זאָגט מיך אָן צום טאַטן

איך בין געווען קליין און איך האָב זיך אָפט צוגעהערט צו מיינע בידע שוועסטערן, טעמעלע און חיהלע, וואָס פלעגן רעדן וועגן אונדזער משפּחה. זיצנדיק גאַנצע טעג, אָפּטמאָל ביז שפּעט אין דער נאַכט, ביי די ניי־מאַשינען, האָבן זיי אַרויסגעבראַכט שטיקלעך כראָניק, וואָס האָבן זיך אָפּגעזעצט ערגעץ־וואו אין מיין מוח, אין מיין נשמה. אַ סך זאַכן וועגן מיין לעבן, וואָס איך האָב געשריבן אין די שפּעטערדיקע יאָרן, זיינען רעזולטאַטן פון זייערע מעשהלעך, וואָס האָבן מיך, ווייזט אויס, אָנגעריירט און באַווירקט, האָבן דעצידירט מיין אופן פון זען מיין טאַטן, און מיינע אַנדערע משפּחה־מיטגלידער. דאָס פּאָגלנדיקע מעשהלע האָב איך, זעט אויס, אויך נישט אין גאַנצן אויסגעטראַכט...

עס איז אַ מיטנדעצעמבערדיקער פאַרנאַכט. דער זון־אונטערגאַנג איז געמישט מיט אַ טונקל־נאַכטישער מרה־שחורה. געלע צויטן, ווי טייכן, ציען זיך איבערן אָנגעגליטן האָריזאָנט. מלאָכים שוועבן אַרום אין דער לופט מיט פלעדערמויזישע פליגל. דער פּוילישער שניי זשאַווערט און ווערט פאַרברודיקט פון מענטשלעכע טריט. עס קומט אַהיים אַזאַ טרויעריקער דער טאַטע, דער „מחבר” פון מיינע פריערדיקע ברידער און שוועסטער, וואָס איז אויך מיין לייבלעכער טאַטע„ דער אָנצינדער פון מיין עמבריאָן, דער וואָס האָט צוזאַמען מיט דער מאַמען אַרויסגעבראַכט פון דעם שטויביקן און ליימיקן תוהו ובוהו מיין לייב־און־לעבן. די מאַמע האָט מיך שוין געהאַט דערפילט אין אירע איינגעווייד. זי ציטערט שטיל פון פחד און צער. איך זיץ אין איר לייב ווי דער נביא יונה אין די געדערים פונעם וואַלפיש. און, ווי דער נביא, בין איך אויך אַדורכגענומען מיט אַנגסט און אימה. די אייגנשאַפט פון מיין שליחות איז צו מיר אומ־

באַקאַנט. איך געדענק אַלע מיינע גילגולים, מעשים און גהינומדיקע וואַנדערונגען. דער מלאך האָט מיר נאָך נישט געטאָן קיין שנעל אונטער דער נאָז. מיין זכרון גייט צוריק אויף גאַנצע יאָרטויזנטער.

די מאַמע דערזעט דעם טאַטן און זי גרוילט אויף. זי נעמט זיך אָן מיט מוט און גייט אַנטקעגן זיין אומהיימלעכן אַריינקום. ער איז פּשוט באַקלעפּט מיט אומהיימלעכקייט, מיט די געלע שטראַלן פון גאָטס שיכורן זון־אונטערגאַנג. די מאַמע, אַזאַ צאַרטע און ציטערנדיקע, צאַפּלט אַנטקעגן אים ווי אַ ייִדענער זייל פון ליכט, מיט אַ שטילער תפילה אין האַרצן, מיט אַזאַ געבעט אין איר שולדיקן קול, ווי זי וואָלט ערשט געהאַט אומגעבראַכט אַ מענטש:

— מאַטלשי־קרויק, זיי נישט בייז...

— ?

— עס איז צו אונדז ווידער געשען, מאַטלשי־קרויק, איך טראָג שוין ווידער. מיין טראַכט איז געוואָרן פול מיט אַ נייעם לעבן...

דער טאַטע שוויגט פינצטער ווי אַן אָפּגרונט. אומהיימלעך ווי אַ וואָלקן פון הימל אין חודש דעצעמבער...

— מאַטלשי־קרויק, זאָג עפּעס... דערפריי מיך. זאָג מיר, איך בעט דיך, אַ וואָרעם וואָרט. עס איז מיר אַזוי שווער. איך שרעק זיך פאַר דיר. איך ווייס, אַז דו ביסט אומגליקלעך און בייז אויף מיר...

דעם טאַטנס פּנים איז שוואַרץ ווי אַן אייזערנער טאָפּ. זיין שאָטן שטייגט און וואַקסט הויך אויף דער קאַלכדיקער וואַנט. דער קייסער נבוכדנצר איז פריינטלעכער פון אים.

איך פאַרנעם אַוש דורך דער מאַמעס בויך זיין פאַרדראָס. זיין בלוט טריפט מיט כעס און מיט גרימצאָרן. עס האָט זיך אין אים אָנגעצונדן דער רוצחישער כעס. ער בורטשעט אויס צו דער דערדריקטער מאַמען, ביי דער שוואַנגערשאַפט פון איר פערצנטן קינד:

— שוין ווידער?! דו האָסט דאָך ערשט געהאַט פּנחס־וועלוולען. וואָס טוט זיך מיט דיר, צויג? דו מיינסט טאַקע, אַז דו מעגסט קינדלען אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק ווי דער הונט, ווי די קאַץ? אַ וועלט איז פּשוט הפקר? איך וועל „עס" אַליין מיט מיינע אייגענע הענט אַוועקטראָגן ערגעץ־וואו...

— מאַטלשי־קרויק, דו ווייסט דאָך אַז עס איז נישט „אינגאַנצן" מיין שולד. איך האָב דאָך דיך כסדר געהאַלטן אין איין וואָרענען, און דו האָסט מיך נישט געהאָרכט...

— דו פאַרשאָלטענע צויגטשינע, איך וועל פּשוט אַנטלויפן פון שטוב אַרויס. וואָס טוט זיך עס אָפּ מיט דיר?! דו קינדלסט דאָך אָן אַ סוף. אַזוי פיל הונגעריקע מיילער צום פרעסן און טרינקען האָסטו מיר אַריינגעשטעלט אין שטוב. וואָס וועט זיין? איך האָב דאָך שוין פּשוט נישט

קיין כוח צו טראָגן די לאַסט אויף מיינע אָרעמע פּלייצעס. וואַרף בעסער אַריין אַ קיזלשטיין אין דיין טראַכט וואָס ווייסט נישט פון קיין סוף און קיין עק. שענק בעסער געבורט צו אַ הונט, וועסטו גלייכער טאָן. דו ברענגסט מיך פּשוט אום...

— מאַטלשי־קרוין, באַרעכן דיך. רעד נישט אַזוי אַכזריותדיק צו מיר. יעדעס וואָרט דיינס טרעפט מיך אין פּנים אַריין ווי אַ שטיין. דער וואָס לעבט אייביק, וועט אונדז העלפן אין זיין גענאַד...

— פּונקט ווי ער האָט אונדז ביז איצט געהאָלפן. יאָ, שיין האָט אונדז גאָט געהאָלפן דורך די אַלע יאָרן זינט איך האָב דיך דערקענט. ער האָט אונדז געשאָנקען אַ מחנה מיט קינדער און ער האָט פאַרגעסן אונדז צו געבן אויף ברויט און פלייש. די ביטערע אָרעמקייט האַלט אין איין גריזשען אונדזערע ביינער. דער קאָפּ דאַרט מיר פון דער זאָרג ווי אַזוי צו פאַרדינען אַ קערבל ביי די אָרעמע פּויערים. די מענטשלעכע הערצער זיינען היינט האַרט ווי די שטיינער...

— אָבער, מאַטלשי־קרוין, מען טאָר נישט זינדיקן. זיי פאַרזיכטיק מיט די רייד. דער וואָס לעבט אייביק הערט זיך צו צו יעדן וואָרט וואָס דו רעדסט אַרויס. מען טאָר נישט רעדן שלעכטס קעגן זיין ליבן נאָמען...

— אָבער דו זינדיקסט דאָך כסדר...

— מאַטלשי־קרוין, וואָס רעדסטו? דער רבונו של עולם קען חלילה אויפגעצאָרנט ווערן פון דיינע שרעקלעכע רייד. עס איז דאָך דו אַליין וואָס פאַלט צו צו מיר אין דער נאַכט ווי אַ חיה...

— ווער שוין שטום, דו פאַרשאָלטן ווייב מיינס...

— מאַטלשי, רחמים! איך בעט ביי דיר אַ ביסעלע רחמים. דיינע בייזע רייד פאַלן ווי קלעפּ פון האַמערס אויף מיין צעוויטיקטן קאָפּ. שלאָג נישט אונדזער צוקונפטיק קרוינדעלע מיט אַזעלכע שלעכטע רייד, ווי מיט אַ האַק. דאָס „קינד" וועט זיך דאָך דערשרעקן...

— רחל־לאה, עס קען ווייטער אַזוי נישט אָנגיין. איך האָב שוין נישט מער קיין כוח...

— מאַטלשי, דו וועסט זען אַז גאָט וועט וואויל געפינען אַ ביסל שפּייז פאַר אונדזער קליינטשיק קינד ווען...

— נאַריש ווייב מיינס, זינט איך קען דיך, רעדסטו נאָר מיט גאָט. אָבער וואָס טוט דיין גאָט פאַר אונדז?!

ביים פענצטער ציטערט די גרויסע און רונדע לבנה, אַזאַ אויפגעשוואָלענע, ווי זי וואָלט זיין שוואַנגער. דער טאַטע גייט אַריין אַ בייזער אין זיין חדר. ער זעצט זיך אַוועק ביים טיש און הויבט אָן פונאַנדערצונעמען דאָס געוועדק פון אַ פּויעריש־הילצערנעם זייגער. אין זיינע נערוועזציטערנדיקע הענט צעפאַלן זיך די מעטאַלענע בעבעכעס פונעם זייגער. די אָרעמע מאַמע, אַזוי קליין געוואָרן, אַזוי מין איינגעשרומפּן, זעצט זיך

שטילערהייט אַוועק אין אַ ווינקעלע פון דער קיך. זי האָט אירע מידע און איבעריקע הענט אויף איר אײנזאַמען בויך, אַזאַ אַוועקגעוואָרפענע און באַליידיקטע. עס איז ווי זי וואָלט וועלן מיטן אַנריר פון אירע הענט באַרואיקן דאָס פּיצל לעבן אין איר געבער־מוטער. און איך, דער עמבריאָן, הער זיך איצט איין צו איר פאַרשטיקטן געוויין. צום שטילן קרעכץ און צער פון דער שוואַנגערנדיקער מאַמען. איך האָב עפּעס חשק אַרויסצו־שווימען פון דער מאַמעס בויך ווי אַ פיש פון ים. איך וואָלט וועלן אַרומ־נעמען און קושן דער מאַמען, וועמענס פּנים איך האָב נאָך רעכט נישט געזען, און אין וועמענס פאַרטרערטע אויגן איך האָב נאָך נישט אַריינגע־קוקט. אָבער איך בין אַרעסטירט אין איר פליייש און בלוט. איך בין פשוט נישט אימשטאַנד אַרויסצושווימען פון דער מאַמעס טראַכט. עס זיינען נאָך נישט צייטיק געוואָרן די טעג פון די פולע ניין חדשים. איך האָב נאָך אַפילו נישט קיין אָרעמס מיט וואָס איך זאָל קענען אַרומנעמען דער מאַמעס הייליקן גוף. איך האָב נאָך רעכט נישט קיין ליפּן מיט וואָס צו קושן דער מאַמעס טרערנפאַרגאָסענעם פּנים. אָבער איך טראָג שוין די פלאַמיקע נשמה אין מיינע גלידער. און איך האָב שוין אויך פאַרנומען דעם ברוטאַלן רעאַליזם פון לעבן, זיך צוהערנדיק צו דער טאַטע שעלט און באַליידיקט דער מאַמען. איך האָב שוין אויך באַגריפן די איבעריקייט פון מיין לעבן; די אומגעוואָונטשנקייט פון מיין קומענדיקער עקזיסטענץ. איך האָב שוין אויך געהאַט דערזען דעם טאַטנס איינזאַמען און פאַרשטיי־נערטן פּנים, וואָס האָט מיט אַזעלכע אומפריינטלעכע רייד, איינגעטונקענע אין דער געזאַלצענער פינצטערניש, ווי אין וויטריאָל, געשלאָגן דער מאַמען. ער האָט באַליידיקט איר שוואַנגערנדיקע טראַכט. אפשר, טראַכט איך, האָט ער אויך באַליידיקט די טראַגעדיקע פרוכט פון דער גאַנצער וועלט און דאָס געבורט פון אַלע מענטשלעכע דורות, זינט אָדמען אָן...

# אַ וואָרט וועגן יעקב כהן

אַנומלט איז דאָ הי געשטאָרבן דער שרייבער יעקב כהן. ער איז נעבעך געווען אַן אָרעם מענטשל; אַ בידנע שרייבערל; מיט נישט קיין באַזונדערס סימפּאַטישע אייגנשאַפטן. מען לאַכט אין די הימישע ליטעראַרישע קרייזן פון זיין קאַרגשאַפט, פון זיין ביטערן אָפּהיטן דעם גראָשן, אַז ער זאָל חלילה נישט לאַנדן אין קיין אַנדערן מענטשנס קעשענע. אויב עס איז אמת, ווי מען זאָגט, אַז כהן האָט איבערגעלאָזן פופציק, צי גאָר זיבעציק טויזנט טאָלער, איז טאַקע גאַנץ מאָדנע ווי אַזוי אַזאַ מענטש האָט געקענט זיין אַזוי מוראדיק קאַרג און זיך נישט פאַרגינען קיין לייטישן מאָלצייט אין אַ רעסטאָראַציע; קיין אָנשטענדיקע דירה און וועלכן עס איז באַלע־באַטישן האָטעל; קיין בכבודיקן מלבוש און קיין ציכטיק העמד אויפן לייב. יעקב כהן איז, וואָס אַן אמת, אויך נישט געווען מיין „שרייבער־ און נישט „מיין מענטש"...

אָבער עפּעס זיינען די נאָקעטע פּרטים פון זיין טויט זייער טרויעריקע, כאָטש יעדן איינציקן מענטשנס שטאַרבן איז נישט פון די פריילעכע זאַכן. ער איז געלעגן אַ לענגערע צייט כמעט אַ פּאַראַליזירטער אין דעם בראָנקסער „שלום"־שפּיטאָל. ער האָט געהאַט „אַפּגענומענע פיס", אין ווּעמענס אָדערן, ווי די באַזוכער האָבן זיך אויסגעדריקט, דאָס בלוט האָט נישט פונקציאָנירט. דאָקטוירים, שטייענדיק ביי זיין בעט, האָבן איין מאָל געפּרוּווט צורופן אַ פאַרביגייענדיקן אידישן כירורג, אפשר כדי זיך מיט אים אַן עצה צו האַלטן וועגן דעם אומגליקלעכן פּאַציענט. האָט דער דאָקטאָר זיך גיך אויסגעדרייט צו זיי מיטן רוקן. אויף דעם הילפלאָזן דיכטער האָט דאָס געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק. ער האָט מסתמא געטראַכט, אַז זיין גורל איז אַ געחתמעטער. ער האָט געבעטן ביי זיינע באַזוכער, אַז מען זאָל אים שיקן אַ דאָקטאָר פון דער אָרגאַניזאַציע, וואו ער איז געווען אַ מיטגליד. האָט מען זיין לעצטע בקשה פשוט איגנאָרירט. איין מאָל בין איך גראָד געקומען אים באַזוכן ווען די קראַנקנשוועסטערן האָבן אים געפירט אויף אַ וועגעלע, ווי אַ געבונדן קעלבל צו דער שחיטה, ערגעץ אין אַ צימער, וואו דאָקטוירים האָבן אים אַוודאי באַטראַכט און אפשר געפּרוּווט עפּעס צו באַשליסן. אָבער ער אַליין האָט נישט געוואוסט וואוהין מען פירט אים. האָט ער מיט געוויין אין זיין פאַרצווייפלטן קול צו מיר געשריגן, אַז איך זאָל נאָכגיין נאָך דער „מיטה", אַזוי האָט עס צו מיר אויסגעזען, כדי צו דערגיין וואוהין מען פירט אים. ווייזט אויס, אַז דורך דעם האָט ער מסתמא געוואָלט קלאָר מאַכן זיין אייגענעם פּיזישן צושטאַנד, און די באַשלוסן צי ער ליידט טאַקע פון קאַנסער און אין וועלכער אָפּטיילונג פון שפּיטאָל מען פירט אים, כדי מכלומרשט צו באַשטימען זיין גורל... ליגנדיק אַזוי אויסגעצויגן אויפן שמאָלן וועגעלע, איבערגעדעקט מיט אַ ווייס ליילעך, ווי אין תכריכים, האָב איך געזען ווי אומגליקלעך ער איז, און ווי נעבעכדיק עס איז אַ מענטש, וועמענס גורל ווערט דעצידירט דורך אַנדערע שטערבלעכע מענטשן...

עס פרעגט זיך: אַז איינער אַ מענטש, אַ קלענערער אָדער גרעסערער שרייבער, פאַרמאָגט פעלערן, מוז מען אים טאַקע פיינט האָבן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן? און צי מעג מען פון עמיצן כסדר חוזקן, ווען דער מין מענטש בכלל איז אַ נישטיקע און שטערבלעכע בריאה, און ער קען זיך צו יעדער צייט פון זיין לעבן געפינען אין אַן ענלעכער הילפלאָזער לאַגע?!...

אַ מענטש איז היינט אַ קאַרדינאַל, אַן אַמבאַסאַדאָר, אַ רבי, אַן אָראַ־טאָר, אַ שוישפּילער, אַ דיפּלאָמאַט, אַ קעניג וואָס זיצט מכלומרשט פעסט אויף אַ טראָן און מיליאָנען אונטערטאַנער בוקן זיך צו אים, און זיינען נישטיק ווי די ווערעם אַנטקעגן זיין הערשאַפט. עס באַדינען דעם הערשער כלערליי דינער, דינסטן, דיגניטאַרן און שמשים. אָבער מאָרגן קען דער

אַלמעכטיקער זיין אין אַ לאַגע אַז ער זאָל נישט קענען גיין דערלייזיקן זיינע באַדערפענישן...

דריי מאָל בין איך געקומען אין שפּיטאָל אַריין צו יעקב כהן. געפילט אַז איך טו ממש יעדעס מאָל אַ מצווה, וואָס איז ווערט אַ שטיק גאָלד. זיך אפשר איינגעשטעלט דאָס לעבן פאַרנדיק ביינאַכט אַהיים אין די אומהיימלעכע סאָבוויי־וואַגאָנען, אָנגעשטאָפּטע מיטן ערב־רב, מיטן „חושך" פון דער מענטשהייט. איך בין געשטאַנען נעבן בעט פון מיין געפאַלענעם ברודער יעקב מיט אַ טיפער הכנעה. געזוכט אין מיר דאָס אוממעגלעכע וואָרט, וואָס זאָל פאַרמאָגן דעם כוח אים צו טרייסטן. איך האָב געוויינט טיף אין מיין האַרצן, און יעדעס מאָל האָב איך געטראַכט די אייגענע מחשבה: דער טויט, די יסורים, די אומבאַהאָלפנקייט פונעם מין מענטש, וואָס קוקט זיך צו מיט אָפענע אויגן צו זיין אייגענעם שטאַרבן, צו זיין אויסגיין און זיין צעפאַלן ווערן לעבעדיקערהייט, מאַכט פון אַזאַ מענטש ממש אַ הייליקן, אַ קרבן, אַ קדוש. דאָס האָט שוין אַגב געזאָגט אָטאָ וויינינגער, דער ייִנגער גאון. דער טויט הייליקט אַפילו דעם זינדיקן, דעם אויסוואורף, דעם תם און דעם רשע. און שטייענדיק ביי זיין בעט, ווי נעבן אַ שיפל וואָס טרינקט זיך אין די שטורעמדיקע כוואַליעס, און אין וועלכן עס ליגן געבונדענע מענטשן, און קוים הערנדיק זיינע שטילע, ממש שעפּטשענדיקע רייד, זיין לעצטן זאָג צו מיר פאַר מיין לעצטן אַוועקגיין פון אים, אַז ווי נאָר ער וועט אַרויסגיין פון שפּיטאָל, וועט ער באַזוכן אַ לייטישן אַדוואָקאַט, כדי אויסצושרייבן די ריכטיקע צוואה, אַז מען זאָל אים נישט קענען „באַרויבן" פון זיינע געלטער; און זיך צו־קוקנדיק צו זיין לעצטנס אָנגעוואַקסענער שניי־ווייסער באָרד, האָב איך אַלץ געטראַכט ווי גערעכט עס איז געווען יענער אידיש־עסטרייכישער פילאָסאָף, זאָגנדיק, אַז דער טויט פאַרוואַנדלט יעדן קרבן אין אַ בפירושן הייליקן מענטש. און, איך האָב אויך געטראַכט, הערנדיק די ציניִשע באַמערקונגען וועגן זיין מאָדנער אויפפירונג, ווי אַזוי אונדזער ווירקלעכ־קייט איז די מישטיינס געזאָגטע מאָראַל פונעם דזשאָנגל...

אין דעם זעלביקן פרימאָרגן ווען איך האָב זיך ווידער געגרייט צו גיין באַזוכן יעקב כהן, וואָס האָט זיך שוין איצט געפונען אין אַ „היים" פאַר אומהיילבאַרע, האָט מיך אָפּגערופן דער שרייבער י. בירנבוים, און האָט מיר אָנגעזאָגט די איוב־בשורה, אַז יעקב כהן איז געשטאָרבן. איך האָב, צום באַדויערן, אין דער פרי נישט געקענט גיין צו זיין לוויה. שפּעטער האָב איך געהערט, אַז בלויז פינף מענטשן, פריינט צי שרייבער, זיינען געווען אָנוועזנדיק. אפשר איז די ידיעה נישט קיין גענוי ריכטיקע. (אפשר זיינען געווען זעקס, אָדער אַפילו גאַנצע זיבן פּערזאָן.) אָבער, איך חזר איבער, עס איז גרויזאַם זיך צוצוקוקן ווי פון אַ דערוואַקסענעם מענטש ווערט ממש איבער נאַכט אַ זקן; און ווי פון דעם זקן ווערט אַן

אומבאַהאָלפן קינד, ווען קיינער האָט אָבער נישט ליב; מיט וועמענס עקזיסטענץ קיינער פרייט זיך נישט. און, עס רעדט פון מיר אַרויס אַן אַלטער טרואיזם, ווי אַ דיבוק: ליטעראַטור אַן מעשים איז אַ טויטע זאַך. קונסט אָן באַציִאונג צום מענטש, איז געצבנדינערײַ. די שאַפונג אָן אַ מאָראַל איז פאַלשע קונסט; עס מיינט צו דינען דעם עגל הזהב; צום גראָבן, צום שטאַרקן, צום ברוטאַלן, צו דער פויסט, אַפילו צו אַכזריות...

## דאָס שעכטן פון אַ חזיר

מיין גוטער פריינט פון טורנע, אַ ייד וואָס איז אַנגעשטאָפּט מיטן שווערן גאָלד פון דעם טויזנט־יאָריקן אידישן פאָלקלאָר אין גאַליציע, דערציילט מיר ווי אַזוי דער חזיר־קיילער פון זיין געגנט, אַ פעטער אַנגעפּרעסענער גוי, מיט אַ רויט פּנים, האָט איינמאָל אומגעבראַכט אַ פעטן, שוואַרצגע־פלעקטן און ריזיקן חזיר, וואָס האָט, ווי יעדעס גאָטס באַשעפעניש, פון אַ מויז ביז להבדיל אַ מענטש, שטאַרק חשק געהאַט צו לעבן. פריער האָט דער ברוטאַלער קיילער מיט אַ שווערן האַמער דערלאַנגט אַזאַ שטאַרקן זעץ איבער זיין שאַרבן, אַז דאָס בלוט האָט אין דער חיה תיכף אָנגעהויבן פאַרגליווערט צו ווערן. דערנאָך, ווען דאָס חזיר האָט זיך נאָך געצאַפּלט אין גסיסה, האָט דער גראָבער חזיר־קיילער מיט אַ שאַרפן מע־סער אויפגעשניטן דעם בויך פון דער טרייפענער באַשעפעניש ביזן האַלדז זיינעם, און האָט נאָך הייסערהייט געלאָזט אַפּרינען דאָס זיך קאָ־כעדיקע בלוט אין אַ קופערנעם קעסל אַריין, כדי דערפון צו מאַכן בלוט־וואורשטן, מיט וואָס די פויערים, בשעת אַ יאַריד, אָדער אַ חגא־טאָג, האָבן זיך שטאַרק פאַסמאַקעוועט, פאַרטרינקענדיק מיט גרויסע קופּעלס גרינעם ביר...

## אַ איד פון נאַוואַגורא

אין פאַרנאַכט גיי איך שפּאַצירן איבער די שטילע געסלעך פון פאַר ראַקאַווי. איינזאַמער מענטש גייט שטילערהייט שפּאַצירן מיט גאָט אין האַרצן. דאָ וואו עס שטייען גרינע און תפילהדיקע בוימער, איז דער וועג זיס. דו באַטראַכטסט מיט אַ רואיקן געמיט די הייזער פון האָלץ און ציגל. וויניקע מענטשן געניסן די היימען וואָס זיי האָבן געבויט מיט זייערע אייגענע הענט. עס איז כמעט תמיד די זעלביקע געשיכטע ווי מיט חוני המעגל, וואָס האָט געזען ווי אַזוי אַ מאַן פלאַנצט ביים זייט פון וועג אַ באָקסער־בוים נישט פאַר זיך אַליין, נייערט פאַר זיינע קינדער און קינדס־קינדער...

דו קומסט אַרויס צום ברייטן און זוניקן בעי. עס טראָגט זיך אידי־ליש אַ שיפל אין דער גלעזערנער ווייטקייט. די קינדהייט שווימט דיר געררוישלאָז אַנטקעגן. די מערסטע געשעענישן פון דיין שפּעטערדיקן לעבן מיינען פאַר דיר דערמאָנונג פון דער קינדהייט. אַלע דיינע קומענ־

דיקע טעג זיינען עפּעס ווי אַן איבערחזרונג פון דער קינדהייט. דיין ליטעראַריש ווערק איז אויך דער רעזולטאַט פון דעם פריען קינדערשן איינדרוק פון דער וועלט; דער סאַמע ערשטער אַריינקוק אינעם פאַר־הויכטן און פאַרנעפּלטן פּענצטער פון קאָסמאָס; די ערשטע נסיעה אין וואַלד מיטן טאַטנס בריטשקע, פול מיט אַנגסט און מיט וואונדער; דער ערשטער אויפציטער פאַרן ריינעם און ווייסן פלוש פון דער שנייאיקער לאַנדשאַפט; דאָס טיפע און קינדישע אויסגעשריי פון פרייד און פּחד; דער קוש פון דער שענסטער און געטרייסטער פרוי, דיין אידעלע מאַמע, פאַר דיין איינשלאָפן מיטן פלושענעם טיגער נעבן זיך; די ערשטע מעשה וואָס דו האָסט געהערט אין דיין לעבן; דער ערשטער אימאַזש פון אַ פאַרכישופטער וועלט מיט פינקלענדיקע שטערן; די דערינערונג פון רעגן, האָגל און שניי, וואָס איז אויף אייביק אַריינגעגאַנגען אין דיין גע־ביין. די דאָזיקע איינדרוקן האָבן זיך שוין אויף תמיד באַזעצט אין דיר. דיין גאַנץ קינסטלעריש ווערק, ווי געזאָגט, דער רעזולטאַט פון אַלע דיינע שפּעטערדיקע יאָרן שווערער מיעניש און מאַטערניש, קומט פון די טיפסטע טיפענישן און טונקעלע היילן פו דיינע פריסטע איבערלע־בענישן, ווען אַלץ איז פאַר דיינע אויגן געווען אויסגעמישט מיט סוד און חלום; מיט מענטשן און מלאָכים; מיט פייגל און ליאַלקעס, מיט פאַנעלעך און אַלטע באָבעס...

און אַזוי, שטילערהייט גייענדיק אין די טיפענישן פון סאַמעט־גרינע, טאָליקע לאַנדשאַפטן, גייט פאַר מיר אויף דאָס שטילע דערפעלע וואָס האָט געהייסן באָוואַגורא. עפּעס איינער אַ איד, וואָס גייט פאַרנאַכטצייט איבערן פוילישן וועג, ביים וואַלד צו, טויכט פלוצלינג אויף ווי אַ פריינט־לעכע געשטאַלט פון אַ פרינץ. די גוטע זון פאַרגייט שוין, און זי טונקט אָפּ אין פייכטן גאָלד זיין נאַכטישע באָרד־און־פּאות. אַ הויכער און שלאַנקער איד, ווי אַ חסידיש געשטאַלט אין אַ מאָלעריי פון מאַנע קאַץ, וואָס שטייגט אויף ביזן הימל. דער דאָזיקער איד פון שטעטל איז גע־קומען צו אונדז אין דאָרף אַריין כדי זיך אַ ביסל צו באַרואיקן זיינע צעשרויפטע נערוון. זיין נאָמען איז ר׳ מאיר לאָם. עס גייט פון זיינע אויגן עפּעס אַן אומהיימלעכע מרה־שחורה. זיין גייסט פלאַמט ווי די שקיעהדיקע זון. אפשר איז עס דער שווינדזוכטיקער רבי און ראָמאַנטי־קער ר׳ נחמן בראַסלאַווער, שטראַלנדיק אַ באַפליגלטער איבער די פוי־לישע וועגן, אין זיין בענקשאַפט און ליבשאַפט צו דעם וואָס לעבט איי־ביק? איך האָב דעם דאָזיקן פאַרחלומטן איד שוין קליינערהייט ליב גע־קראָגן. ער איז אַריין אין מיין האַרצן מיט זיין דין און שטראַלנדיק גע־שטאַלט, אַן איינגעטונקענער אין דעם גאָלד און טונקל פונעם בין־השמשות...

די גרילן זעגן האַרבסטיק אין דער נאַכט. אַ פויגל זינגט אויס זיין לעצט רירנדיק ליד צו גאָט. דער הימל פאַרציט זיך מיט פייכטער און

נאַכטישער פרישקייט. איבער פערציק יאָר שפּעטער, זינגט מיר האָבן געוואוינט אין דעם פּוילישן דאָרף ביי דער ווייסל, גיי איך אַזאַ איינזאַ־מער שפּאַצירן מיטן שטילן גייסט פון איינעם אַ ייד, וואָס איז זומערצייט געקומען צו גאַסט צום היימישן פעלד און וואַלד, און וואָס איז אַריין אין מיין זכרון, און אין האַרצן, שוין אויף תמיד...

## אַ פרוי גיסט וואַסער אין דער לופט

איינע אַ מיטליאָריקע פרוי ברענגט אַרויס אַן ערדענעם קריגל, און זי גיסט אַן וואַסער אין אַ קלאָרן גלאָז, עס האַלטנדיק מיט איר וויי־סער האַנט אין דער דורכזיכטיקער לופט. די האַנט פון דער פרוי איז אַ דין־געשניצטע, און זעט אויס ווי פון ברוינעם גאָלד. די דורשטיקע זון כאַפּט זיך דערוויל זילבערנדיק אַריין אין דעם בריליאַנטענעם טריף פונעם קילן וואַסער. די פאַכישופטע ווייבלעכע האַנט גיסט נישט מער קיין געוויינלעך וואַסער, נייערט עפּעס אַ צעשטראַלטן זילבער. דערנאָך שטעל איך צו דאָס דורכזיכטיקע און געפּוצטע גלאָז צו מיינע טרוקענע ליפּן. איך טרינק דעם צעפּלאָסענעם זילבער אין אַ גלאָז פון ריינער לופט, אין אַ געשליפענעם כוס פון לויטער זון. איך טרינק אינמיטן גאַס ברי־ליאַנטענעם רוים פליסנדיק זילבער פון אַ שטראַלנדיקער פרויענהאַנט...

## שלום אויף דיר, מענטש!

ביי די דריי הייזער, וואָס מען בויט פון די מילך־בלייכע ברעטער פון די בוימער פון אַ מיט זשיוויצע־שמעקנדיקן וואַלד, שטייט דער שוואַרצער מאַן מיטן פאַרשוויצטן שטערן. ווען ער באַגעגנט דיך, לויכט אויף זיין פריינטלעכער בליק. ער טראָגט מיר אַנטקעגן אַ ליכטיקן שמייכל אויף זיין אַלטן און טיף־צעאַקערטן פנים.

— שלום אויף דיר, — רופט ער אויס, און ער שטרעקט אויס צו מיר זיין גרויסע, ברייטע און וואַרעם־תנכישע האַנט.

— שלום אויף דיר, מיינט פריינט! — ענטפער איך אים פון גאַנצן האַרצן. און מיר זעצן זיך ביידע אַנידער אויף דער הילצערנער באַנק. דריי הייזער ווערן דאָ געבויט דורך מענטשלעכער אַרבעט, שווייס און טרערן, מיט האַמער און זעג.

מיר זיצן דאָ, און רעדן היימלעך וועגן דעם וויטן שטאַט נאָרד־קאַראָליינאַ, פונוואַנען עס שטאַמט דער פריינטלעכער נעגער. און ווי ער רעדט אַזוי מיט זיין באַסאָוון קול, דאַכט זיך מיר אַז עס רעדט פון אים אַרויס די וואַרעמע שטימע פון די ליידנדיקע נעגערס פון „אָנקל טאָם׳ס קעבין״. און עפּעס תנכישס שטראַלט אויף. עס איז פאַראַן אין זיין מענטשלעך־וואַרעמען קול די דורותדיקע טראַדיציע פון זיין פאַר־שקלאַפטן פאָלק. אין זיין, ווי אין אייזן־געהאַמערטן פנים, קען מען לייע־נע די געשיכטע פון זיין שטאַם. מיר דאַכט זיך, אַז ער איז איינער פון

די אבות אין תנך, ווי זיי ווערן פאַרגעשטעלט אין דעם נעגערישן שפּיל „גרינע פּאַשע־פעלדער״.

ווער ווייסט, אפשר רעד איך דאָ מיטן „לאָרד״ גאָט אַליין...

## דאָס דינע און סענסיטיווע צווייגל

איך האָב געפונען אין פעלד אַ דין און סענסיטיוו צווייגל. עס איז סיי יונג און סיי אַן אַלט צווייגעלע פון אַ בוים. די בלעטער זיינען דער־רויף שוין געווען רויטע ווי פייער. יעדעס איינצלנע בלעטל ווי אַ פלאַ־מיקע מאַלעריי. דאָס צווייגל האָט פאַרמאָגט אַ קאָרע ווי די הויט פון אַן אַלט און פאַרצייטיש באַשעפעניש. קיין שום מוזעאום אין דער וועלט פאַרמאָגט נישט קיין מעכטיקער קונסטווערק, דאַכט זיך מיר, ווי דאָס דאָזיקע אַנטיטשנע צווייגל, וואָס אָטעמט שוין באַצטיינס מיט דער פול־יעריקייט און אַלטקייט פון אַ זקן־בוים אין אורוואַלד אויסגעוואַקסן, ווע־מענס וואָרצלען שטעקן אין דער טיפער ערד, און וועמענסהויכע צווייגן באַרירן די וואָלקנס ווען זיי ציען צו ווייטע לענדער, כדי אָנצוטרינקען די דורשטיקע ערד מיט דער שפע פון דער גרויסער נאַטור...

## דער פּראָסטער מאַן רעדט

אין דעם פריען פרימאָרגן זאָגט דער גרייז־גרויער, פּראָסטער מאַן:

— די בוימער זיינען גליקלעך. אין האַרבסט הויבן אָן צו וועלקן די שיינע בלעטער. זיי פאַלן צייטיקע אַראָפּ צו דער ערד ווי גאָלדענע שטיקלעך שטויב. דורכן גאַנצן ווינטער שלאָפן די בוימער אין זייער טיפן שלאָף. זיי געדענקען מעשה בראשית. אין פרילינג דערוואַכן זיי אויס־גערוטע, און זיי הויבן אָן צו גרינען. זיי לעבן אויף צום גרויסן לעבן פונעם זומער. אָבער עס איז נישט אַזוי מיטן מין מענטש. ער ווערט אַלט מיט דער צייט און ער פאַרגייט אויף אייביק. גאָט לאָזט אים צייטיש אַראָפּפאַלן פונעם געוואַלטיקן בוים פון לעבן. ער קערט זיך קיינמאָל נישט אום צוריק צו זיין ווייב, צו זיינע קינדער, צו זיין גאָרטן, צו זיין שטילער היים. פון זיין גאַנצער מיעניש און האָרעוואַניע ווערט גאָרע אַש און שטויב. די גרויסע ערד שלינגט איין זיינע פוילנדיקע קנאָכנס...

דאָס זיינען די פּשוטע רייד פון דעם פּראָסטן מאַן פון פאָלק. אָט אַזוי האָב איך זיי געהערט פון זיינע ליפּן, און איך האָב זיי געפּרוּווט צו פאַרצייכענען. דאָס איז די קהלתדיקע סומירונג פון זיין גאַנצן לעבן, און פון זיין מיען זיך אונטער דער זון. זיינע ווערטער קלינגען אָפּ, דאַכט זיך, מיט דער מעלאָדיע פון תהלים. זיי דערמאָנען אין די רייד פון דעם קייסער קהלת, אין די גראַנדיעזע פּסוקים פון ספר איוב. אָט אַזוי דריקט ער זיך אויס, דער פּראָסטער און פּשוטער מאַן, וועגן דעם גאַנג און גורל פון גאָר די מענטשן אויף דער ערד...

איך קוק אים אָן. ער זעט אויס גרוי, מיד און מענטשלעך־אַלט. אים ציט עפּעס אַ פינצטער געוויכט צו דער אַלטער ערד. ער וועט טאַקע באַלד

אַרונטערפאַלן פון דעם בוים פון לעבן. מיר קומען תמיד אויפן זכרון די ווערטער פון דעם „ספר איוב״:

„וואָרום איך בין פול מיט ווערטער, מיך דריקט דער גייסט פון מיין לייב. זע, מיין לייב איז ווי ווייַן וואָס איז ניט געעפנט, ווי נייע לאָגלען ווערט ער צעפּלאַצט. איך וועל רעדן און מיר וועט פרייער ווערן, איך וועל עפענען מיינע ליפּן און ענטפערן. — — באַלד וועט מיך אָוועקנע־מען מיין באַשעפער״.

## שטאַמען פון בוימער

איך קוק אָן די שטאַמען פון אַלטע און פּאַרצייטישע בוימער. עס זיי־נען דאָ מעכטיקע גיבורים געפאַלן צו דער ערד. ריזן זיינען מאַכטלאָזע געבליבן ליגן; דורכגעווייקטע און דורכגעפוילטע; פאַרצערטע פון אַלער־ליי ווערעם און באַצילן. דאָס אינעווייניקסטע פלייש פון די שטאַמען איז פאַרגעלט און אויסגעטרוקנט ווי די בייכער פון קעניגלעכע און גענעראַל־סקע מומיעס אין מוזעאום...

אָבער עס איז גאָרנישט צו וויינען און נישט צום באַדויערן. די נאַטור פאַרטראָגט נישט קיין טרויער און קיין געוויין. עס איז נישט פאַראַן קיין שום שטאַרבעניש אין דער נאַטור. עס איז בלויז דער איינזאַמער, דער מיט טרויער פאַרשאַלטענער מין מענטש וואָס האָט אַריינגעטראָגן אין דער וועלט זיין פּעסימיזם, זיין ווייטיק און זיין טרויעריקן געפיל פון פּערזענלעכן אונטערגאַנג...

אין דעם מוזעאום פון נאַטור־געשיכטע האָב איך געזען די גופים פון די אַמאָליקע באַלזאַמירטע מענטשן. פון דעם פאַרגעלטן און שוין צע־ריסענעם לייוונט שטעקן אַרויס די מענטשלעכע ביינער, די אויסגעטרוקנ־טע קנאָכנס, ווי דאָס פּאָספּאָריש־פאַרפוילטע האָלץ פון בוימערשע שטאַ־מען, וואָס ליגן דאָ צו דער ערד צוגעטוליעטע. מענטש, גיי אפשר צו דער נאַטור און לערן ביי איר רואיקייט, פלעגמאַטישקייט און קאָסמישע גלייכ־גילטיקייט...

— מענטש פאַרוואונדעטער, דו וועסט זיך אוודאי דאָס קיינמאָל נישט אויסלערנען אין דיין לעבן. פון דיין אומעטיקן געמיט וועט טאָג און נאַכט גיין דער שטומער צער איבער די לעבנס וואָס פאַרגייען. דו וועסט שטענ־דיק באַדויערן דאָס פריצייטיקע אָוועקגיין פון דיינע באַליבטע קרובים אין דער אייביקייט. דער טויט פון דיין געליבטער וועט דיך טרייבן אין אַן אימהדיקער בענקשאַפט, צו די שטערן, אַזוי ווי דעם פּאָעט דאַנטע. יאָ, איינזאַמער מענטש, דער טויט האָט דיך פאַרוואַנדלט אין דעם מייסטער פון עלעגיע...

## דער גאַנג פון גאָר דעם פלייש

גאָר אַ סך זיינען היינט פאַרזאַמלט די מענטשן ביים ברעג פון דעם גרויסן און שטורעמדיקן ים. די זון ברענט איבערן געלן זאַמד. מאַן און

וויב זיינע דאָ אויסגעלייגט אין פאַרשידענע פּאָזעס. דער ברעג פונעם איי־ביקן ים נעמט אויף די צייטווייליקע באַשעפענישן ווי אומצאָליקע מו־ראַשקעס. די כוואַליעס ברעכן זיך אימהדיק פאַנטאַנדער איבער די רוקנס פון די זיך באָדנדיקע. די קעפּ פון די מענטשן זיינען קליינטשיק ווי די קעפּלעך פון שוועבעלעך. צווישן די געדיכטע מענטשנמאַסן זעען זיך פּראָמינענט אַרויס די רייצנדיקע גופים פון די פרויען אַזוי ווי גילדערנע דענקמעלער. זיי זיינען עס די ניסים וואָס מאַכן אונדזער פּלאַנעט צו אַן אינדזל פון ליבע, אייפערזוכט, אַנטציקונג און אַנטוישונג. זיי, וואָס מיט זייערע שיינע פאָרמען, אַזוי „קיל און קאָקעטיש", ווי דער פּאָעט ווערלען וואָלט געזאָגט, ברענגען זיי אומענדלעכן טרייסט צום תמיד־הונגעריקן אויג פונעם ענטוזיאַסטישן מאַנצביל...

אָבער טונקעלע מחשבות גריזשען ווי ראַבנשנאָבלען דעם מוח: אַלץ וועט מיט צייט און כוואַליעס פאַרגיין. עס איז דער אומפאַרמיידלעכער גאַנג פון גאָר דעם פלייש אויף דער ערד. אַפילו די דאָזיקע קליינע קינ־דער, אַזוי ווי מלאָכים, וועלן אַלט און פאַרוויאַנעט ווערן. דער גלייכגיל־טיקער ים נעמט אַריין אין זיינע טיפענישן גאָר די לעבעדיקע גופים אַזוי ווי שטויב און שפּינגעוועבס. די ערד שלינגט איין די קנאָכנס פון גאַנצע אַרמייען און פעלקער, און זי גריזשעט זיי אויף מיט אירע זאַמ־דיקע ציין. מיר דאַכט זיך אַז ווי אַן אומענדלעכער גרויער נעפּל טראָגן זיך די מחנות נשמות אין דער אומענדלעכקייט...

דער דיכטער זיצט ביים ברעג פון ים. פון אַלע מענטשן, פון גאָר די געשרייען און געלעכטערן, ווערט קוים געבוירן אַן איינציק ליד; גייט אויף אַמאָל אַ ליטישע שורה אין אַ געוואַלטיק בוך; לויכט אַ זאַץ אין דער געשיכטע פון דעם אוניווערס...

## פאַרקרומטע פּנימער

עס זיינען פאַראַן מענטשן מיט אַזעלכע טרויעריקע און אויסגעקרימטע פּנימער, וואָס זעען אויס ווי זיי וואָלטן זיך שטיקן אויף תליות, אָדער ווי געצן וואָלטן זיי געהאַלטן פעסט מיט זייערע שטיינערנע הענט איבער גרויסע פייערן...

## די ליפּן פון דער אייזערנער פּעדער

דאָס מין שרייבן איז אַ שרעקלעכע אונטערנעמונג. יענע מענטשן וואָס מיינען דערמיט ערנסט, באַצאָלן מיטן סאַמע רויטסטן בלוט פון זייער האַרצנס־אָדער. די וואַמפּירישע ליפּן פו דער אייזערנער פּעדער זויגן אויס דאָס חיות פון לעבן ביים פאַנאַטישן מחבר. דאָס שרייבן איז אַן ערשטע, איינציקע און לעצטע ליבע, וואָס נעמט אַרויס פונעם פאַרליבטן דעם מאַרך פון זיינע ביינער...

## קוק אַן אונדזער צער!

צו לייענען ביכער אָדער צייטונגען אין דער אונטערגרונט־באַן איז ממש אַ פאַרברעכן צום געוויסן פון אַן אמתן קינסטלער. וואָרום מענטשן קוקן און שמאַכטן צו דיין קינסטלערישן אויג פון אַלע זייטן פון דער וועלט. זייערע פון צער און יסורים־אויסגעהאַמערטע פּנימער בעטן זיך ווי יענע איינזאַמע מאַרטירערס אין דאַנטעס גיהנומדיקע גריבער און קאַטאַקאָמבן פון פייער און שניי:

— מענטש, קוק אַן אונדזערע טונקל־בלוטיקע וואונדן. פאַרשרייב, פאַרקריץ און פאַרבליץ אונדז אויפן טאָוול פון דער אייביקייט. שפּעט ביינאַכט, ווען דו פאַרשרייבסט אין דיין בוידעם־שטיבל די איינדרוקן פון דיין לאַנגן טאָג, געדענק אונדזערע שרעקלעכע אויגן. אונדזערעליידן מאַכן אונדז ראוי אַריינצוגיין אין דער תיבה פון דיינע שאַפונגען. עס וועט דיר נישט פאַרגעבן ווערן די זינד פון צו האָבן אונדז חלילה אויסגעמיטן...

## בערגער מיט קנאָכנס

די וואָלקנקראַצערס פון ניו־יאָרק זעען אויס ווי די פלאַקערנדיקע בערג מיט צעבראָכענע ביינער און קנאָכנס. עס זיינען אין זיי בלוטיק אַריינגעמויערט געוואָרן דאָס מאַרך פון מענטשלעכע סקעלעטן. די גראַניטענע זיילן און זאַלן לויכטן פינצטער מיטן פלאַמיקן בלוט פון זייערע בויער און שעפער...

## די פּשוטע און רויע ערד

עס טרעפט אַז ווען מען גראָבט אַמאָל אויף די טראָטואַרן פון דער ריזנשטאָט ביים רעפּאַרירן די שטיינערדיקע, בבלישע גאַסן, דערזעט דאָס אויג, און עס דערפרייט זיך פלוצלינג, מיט פּשוטער ערד וואָס לויכט אַרויס פון די גריבער און לעכער, ווי דאָס רויטע לייב פון אַ רויער מענטשלעכער וואונד. דו טראַכסט אַזאַ אומעטיקער:

— אויך דאָ איז אַמאָל געווען פּראָסטע ערד און פּשוטע נאַטור. אויך דאָ האָט שטיל געגרינט אַ מעכטיקער וואַלד. פייגל האָבן דאָ געטרילערט זייער האַרציק געזאַנג. מען האָט מיט פאַרגעניגן אָנגעקוקט דאָס זיידענע גרינס פון גראָז, די פּשוטע בלעטלעך פון ביימערשע צווייגן. מען האָט דאָ הכנעהדיק געלויבט דעם אויבערשטן און מען האָט ליב געהאַט קליינע קינדער...

## די באָרד פון אַ פּוילישן איד

איינער אַ איד מיט אַ ברייטער באָרד באָדט זיך אין דעם אָפּענעם ים. אַ כוואַליע האָט געכאַפּט זיין באָרד און טראָגט זי פאָרויס ווי אויף אַ זילבערנער טאַץ. די דאָזיקע באָרד דערמאָנט מיך אין פּוילישע אידן. עס יאָגט אַן אויף מיר אַ טרויער. עס דערמאָנט מיך אין מיין

אייגענעם טאַטנס גרויסער, שיין־אויסגעקעמטער און שניי־ווייסער באָרד, ווי פון אברהם אבינו. מיר דאַכט זיך אַז דער טאַטע באָדט זיך אין דעם פאַרנאַכטיק־פּלושענעם ים. איך הער נישט זיין קויל. אָבער זיין מויל איז געעפנט און איז פול מיט געשריי. איינע אַ כוואַליע גיסט אויס איבער זיין שאַרבן אַ פולע קרוג מיט בלוט און פייער...

## איך האָב היינט געטראַכט

איך האָב היינט געטראַכט וועגן די קברים פון מיינע עלטערן. ווי אַזוי עס זעען נעבעך אויס זייערע פאַרפוילטע גופים און קנאָכנס. אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכן צושטאַנד געפינען זיך טאַטע־מאַמעס הייליקע גופים? ווי אַזוי זעט איצט אויס מיין מוטערס צעשלאָגן פנים? אַלץ וואָס איך האָב געקענט זען אין דמיון, איז געווען מיין טאַטנס שטילע און איינזאַמע באָרד...

## יעדע זאַך איז פאַר זיך אַליין

יעדע זאַך איז פאַר זיך אַליין. דער ים זעט אויס אין פאַרנאַכט ווי איידעלער זייד, טונקל־פּלאַמיק געפלעקט. ער געדענקט נישט די פּיל־צאַליקע מענטשנקינדער וואָס האָבן זייערע גופים און נשמות געבאָדן דורכן לאַנגען זומער אין זיינע מילך־שוימענדיקע טיפענישן. דער הימל איז לויטער און ריין ווי אַ בלייך־בלויע פּערל. ער ווייסט אודאי נישט פון די פרומע און געפייניקטע זעלן וואָס בעטן ביי אים גענאָד און רחמים אין די טונקעלע שעהן מיט זייערע טרערן פאַרטריפטע הערצער. די פייגל צוויטשערן מיט זייערע פשוטע געזאַנגען אויף די קברים פונעם רחבותדיקן בית עולם. וואָס וויסן זיי פון די מאַסן מענטשן וואָס פוילן דאָ מיט זייערע אין טרערן געוואַשענע לייבער אונטער די מעכטיקע מצבות און שטיינערנע מאָנומענטן? יעדע איינציקע זאַך איז מיט זיך אַליין און פון אַלעמען, דאַכט זיך, אָפּגעשיידט. איין לעבן ווייסט נישט פון קיין שום אַנדערן לעבן. בלויז איין און איינציקער גורל פאַראייניקט אפשר אַלע לעבנס און עקזיסטענצן: דאָס אומפאַרמיידלעכע ווערן צו־נישט; דאָס אויפלייזן זיך; דאָס שטומע און איינזאַמע אונטערגיין; דאָס אייביקע שטאַרבעניש אונטער די קאַלטע און פרעמדע שטערן...

## קליינשטעטלדיקע ראָמאַנסן

אין מיי שטעטל, ווי אין יעדן פאַרמלחמהדיקן שטעטל אין פוילן, זיינען פאָרגעקומען ליבעס און ראָמאַנסן געגנוג ווערטפולע און קאָמפּלי־צירטע אַריינצוגיין אין די זיידענע בלעטער פון נייע שיר השירימס, געט־לעכע קאָמעדיעס", „טריסטאַן און איזאָלדעס" און „אַבעלאַר און העלוי־איז"־געשיכטעס. אויפן היימישן באָדן האָבן זיך אָפּגעשפּילט שטילע און אָפּטמאָל טראַגישע ליבע־שפּילן. אונטער די טונקעלע הימלען מיט גרויסע שטערן זיינען אויפגעגאַנגען דראַמעס און נאָוועלעס פון דער

ליבשאַפט צווישן אדם און חוה. נישט אַלע שטעטלעך זיינען געווען אַזעל־
כע אויסדערוויילטע ווי זאַמאָשטש, קוטנע, זשעלעכאָוו, שקלאָוו און קיי־
דאַנאָוו, וואָס האָבן זוכה געווען אַרויסצוגעבן פון זייערע געסלעך און
געטאָס טאַלאַנטפולע שריפטשטעלער, גרויסע קינסטלער פון וואָרט און
געשטאַלט, וועלכע זאָלן אין אומשטערבלעכע ווערק פון ליד, דערציילונג
און ראָמאַן, פאַראייביקן יענע קליינשטעטלדיק־אַנגעצונדענע מעשות און
ראָמאַנטישע פּאַסירונגען. אָט בעט זיך טאַקע אַזאַ שטיקל כראָניק צו
ווערן פאַרצייכנט אויפן שניי־לויטערן פּאַפּיר:

מעכל, זיינוועלע רייוויצעס זון, האָט נאָך יונגערהייט געגומען פאַר
אַ ווייב מירעלען, די איינציקע טאָכטער פונעם קברן דידיע. צום באַ־
דויערן האָבן זיי קיין קינדער נישט געהאַט. אַ פּאָר יאָר נאָך דער חתונה
איז מירעלעס טראַכט נאָך אַלץ געווען פרוכטלאָז און פאַרשלאָסן. זיי
זיינען געפאָרן צו „גוטע אידן" און „זנאַכערס". זיי זיינען אין געהיים
געגאַנגען צו קאָרטנלעגערינס און כישופמאַכערינס. מען האָט געריסן
קברים פון הייליקע און צדיקים. מען האָט געצונדן ליכט אין שול און
געגעבן צדקה צו אָרעמעלייט. אָבער קיין קינד האָט זיך פאָרט נישט
געהאַט באַוויזן צום פאַרצווייפלטן פּאָרפאָלק. מעכל האָט אָבער שטערב־
לעך ליב געהאַט זיין יונג ווייבל מירעלע, די רויט־האָריקע טאָכטער
פונעם איינאויגיקן קברן דידיע, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ געשפּילט צוזאַ־
מען מיט אירע חברטאָרינס אין שטראָלקעס אויף די היימישע קברים,
וואו איר טאַטע האָט געקעניגט...

ר' טוביה רייוויצעס, מעכלס טאַטע, איז געווען דער גבאי ביים
קאָצקער רבין, ר' משה מאָרגנשטערן. ווען דאָס פּאָרפאָלק האָט נאָך אַלץ
נישט געהאַט קיין קינד, האָט דער רבי בטול געמאַכט די חתונה...

מירעלע האָט דערנאָך צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט. זי האָט מצליח
געווען, און געבוירן אַ ייִנגל און אַ מיידל. מעכל האָט אויך חתונה גע־
האַט, און זיין ווייב האָט אים אויך געשאָנקען צוויי קינדערלעך, ווי צוויי
שטערן. ביידע זיינען אַצינד געווען סיי גליקלעך און סיי אומגליקלעך.
מחמת ביידע יונגע מענטשן האָבן זיך נישט געקענט פאַרגעסן. זיי האָבן
זיך ליב געהאַט מיט אַ ליבשאַפט וואָס איז געווען שטאַרקער ווי דער
טויט. ביידנס הערצער האָבן ממש אָפּגעבלוטיקט פון ליבע און בענק־
שאַפט איינס צום אַנדערן...

עס איז גראָד געווען דאָס יאָר 1914, ווען מעכל איז גערופן גע־
וואָרן אַלס סאָלדאַט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. מירעלע האָט זיך
דערפון דערוואוסט. איז זי געקומען צו לויפן צו די קאַזאַרמעס מיט אַ
פּעקעלע עסן פאַר מעכלען, איר געוועזענעם מאַן...

עס איז דעמאָלט געשטאַנען פרילינג אויף גאָטס וועלט. די ביימער
האָבן זיך געגומען פאַרציען מיטן צאַרטן גרינס. די ערד איז געווען פייכט
פונעם פרילינגדיקן רעגן, פון די אינערלעכע געבורטס־ווייען. אָט איז

אַ ברייט פעלד, וואָס איז פאַרצויגן מיט שטעכעדיקע דראָטן. פון איין זייט פאַרצוימונג שטייט מעכל. פון דער אַנדערע זייט שטייט מירעלע מיטן פעקעלע שפייז, וואָס זי האָט געטריי מיטגעבראַכט צו איר אָמאָ־ליקן מאַן. זיי קוקן זיךביידע אַריין אין די אויגן. פלוצלינג ברעכט זיך אַרויס פון זייערע אויפגעריסענע מיילער אַ געשריי. איבערן גאַנצן פעלד הערט זיך דאָס יאָמערלעכע געוויין פון צוויי מענטשן, וואָס וויינען פון אומגעזעטיקטער ליבשאַפט איינס צום אַנדערן...

און דער כראָניק־דערציילער פונעם שטעטל דערציילט:

— מען האָט לאַנג, לאַנג נישט געקענט אָפּשטעלן זייער געוויין...

— — —

עס איז שוין זינט לאַנג חרוב געוואָרן דאָס היימישע שטעטל מיט אירע זעלטענע טיפן און געשטאַלטן. נאָר דאָס געוויין פון ליבשאַפט ציטערט נאָך אַלץ, דאַכט זיך, אין דער לופט.

עס שטייגט אַרויף צום הימל דאָס געוויין פון צוויי נשמות. עס וואַנ־דערט דורך די הימלישע מרחקים אַ שרעקלעך געוויין פון צוויי פאַר־ליבטע מענטשן, וואָס אַפילו דאָס געבורט פון זייערע גראָטעסקע קינדער מיט זייערע נייע „באַשערטע" האָבן נישט געקענט אָפּשוואַכן די ליב־שאַפט וואָס איז, ווייזט אויס, געווען פאַרויס באַשטימט דורך זייערע זי־ווגים אין הימל...

דאָס איז איינער פון די ריינע און אומשולדיקע ראָמאַנסן אינעם שטעטל, וואָס דעם שרייבערס ציטערנדיקע האַנט האָט געפּרוּווט צו פאַרצייכענען מיטן באַגרענעצטן מענטשלעכן וואָרט...

## די נאָענטשאַפט צווישן מענטש און גאָט אין תנ"ך

דאָס מערקווירדיקסטע אין אונדזער גרויסן תנ"ך איז אַן ענין וואָס איך מערק יעדן טאָג, ווען־און־וואו נאָר איך עפן אויף דאָס הייליקע ספר, כדי צו לייענען און צו שעפּן קראַפט און גלויבן פאַר מיין לעבן אין די ברייטע און זיידענע בלעטער פון תנ"ך.

עס איז דאָס וואָס די אַלע נביאים, די גאָלד־געקרוינטע קייסאָרים, און אַפילו די פּראָסטע מענטשן, בפרט נאָך אונדזערע הייליקע אָבות, שטייען נאָענט צו גאָט. זיי לעבן מיט גאָט. זיי טוען נישט קיין שום זאַך פריער, איידער זיי עצה'נען זיך מיטן רבונו של עולם. דער וואָס לעבט איביק איז תמיד נעבן זיי אַזוי נאָענט ווי עפּעס אַ גרויסער, קלוגער און געטרייער פעטער, וואָס וואוינט דאָ ערגעץ נישט ווייט פון דער משפחה. די מענטשן פון תנ"ך טראַכטן, פילן און רעדן מיטן אויבערשטן גאַנצע פיר־און־צוואַנציק שעה אינעם מעת־לעת...

גאָט איז אין זייערע ביינער, אין זייער געמיט. גאָט וואוינט צווישן זיי, ער איז תמיד נעבן זיי, און אייביק יט זיי, און מיט זייערע גורלות. זיי זיינען פריי פון יעדן סאָרט פחד, ווייל זיי זיינען זיכער אין דעם איי־

בערשטנס געטרייער און מעכטיקער באַשיצונג. ער באַטייליקט זיך מיט זיינע חיילות מלאכים אין זייערע צאָלרייכע און אומענדלעכע מלחמות מיט די שונאים. אַזאַ מין נאָענטשאַפט צווישן מענטש־און־גאָט ווערט אין קיין שום אַנדערן רעליגיעזן ווערק נישט געבראַכט...

און דאָס איז אַ רירנדיקע און ממש מענטשלעך־קרובה׳שע נאָענט־שאַפט צו גאָט, וואָס איז דווקא דער ווייטסטער און אומבאַקאַנטסטער גאָט פון אַלע געטער, וואָס די מענטשלעכע פאַנטאַזיע האָט געשאַפן. דער יידישער גאָט איז דאָך דער אומבאַגרייפלעכסטער, פרעמדסטער און אַב־סטראַקסטער גאָט, וואָס האָט טאַקע זיין פאָלק אויסגעוויילט פון אַלע פעלקער, ווער ווייסט ווי ליב ער האָט זיי... ער לאָזט זיי כסדר אומ־קומען אין די שווערע מיליאָנען, דורך אַלע צייטן פון דער אידישער געשיכטע...

## מיין בוך אויף דיינע קניען

מיין בוך האָט געקראָגן זין און שיינקייט אין דעם מאָמענט ווען דו האָסט באַוויליקט עס צו נעמען אין דיינע פערלדיקע הענט. דו האָסט עס פלוצלינג אָנגעצונדן מיט דיין חן־און־חכמה. דו האָסט עס געשאָנקען אַ תיקון. מיין זאַמלונג מיט קליינע פראָזע־פאַרצייכענונגען האָט שטיל און שעמעוודיק געציטערט אויף דיינע צאַרטע קניען, און איך, דער באַשיי־דענער מחבר, האָב שטילערהייט מיטגעציטערט, ווי אַ שטאַרקער ווינט וואָלט מיך געהאַלטן אין זיינע אָרעמס, און וואָלט מיך געטרייסלט אין דער נאַכט, הויך ביז צו די שטערן. איך האָב שטיל געוויינט, ווי אַ פאַר־צייטישער ריטער, וואָס רייט אַוועק פונעם הויכן מורעם, בשעת ער פילט אויף זיך דאָס באַגלייטנדיקע פייער פון אירע פאַרליבטע אויגן...

## די לעצטע ווערטער פון שלמה ראָזענבערג

שלמה ראָזענבערג, דער מחבר פון אידיש־היסטאָרישע ראָמאַנען, ווע־מען איך האָב נאָך געקענט אין מיין שטעטל מיט איבער אַ האַלבן יאָר־הונדערט צוריק, ווען ער האָט געוואוינט און געאַרבעט אַלס זעצער אין שלמה שיינבערגס זעצעריי, האָט מיך אָפּגערופן אויפן טעלעפאָן ערב ראש השנה...

— וואָס מאַכסטו, ברודער־שלמה? — האָב איך אים, אַזוי ווי תמיד, געפרעגט, וויסנדיק אַז ער איז זייער קראַנק, כמעט ווי פאַראַליזירט און קרוב למות...

— זייער ביטער. די זיקנה ברענגט מיר דעם מלאך המוות פאַר די אויגן. מיין טייער ווייב רעגינע, זי זאָל מיר זיין געזונט, באַדאַרף אַלץ טאָן אַרום מיר, ווי אַרום אַ קליינטשיק קינד. איך בין אַלט און אומבאַ־האָלפן ווי דער טויט. דאָס קבר איז שוין אַ סך „זיסער” ווי אַזאַ פינצטער לעבן... — האָט ער זיך באַקלאָגט.

— שלמה, דו וועסט נאָך אַריינלעבן אַ סך יאָרן, מיט גאָטס הילף.

דו ווערסט נאָך שרייבן דיינע זכרונות וועגן די אידישע שרייבער אין פוילן; וועגן אַלע יענע פריינט און קאָלעגן פון „טלאָמאַצקע דרייצן"; וועגן דיין באַרימטן „לערער", י. מ. ווייסענבערג; וועגן אַלטער קאַציזנע, יהושע פּערלע, שלמה גילבערט, ה. ד. נאָמבערג, י. י. טרונק, זוסמאַן סעגאַלאָוויטש; וועגן דער צייט ווען מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט אין שיינבערגס דרוקעריי...

— און איך זע שוין דעם סאַמע שוואַרצן סוף מיינעם פאַר די אויגן. איך האָב אַ געפיל אַז איך וועל בלויז נאָך לעבן געציילטע טעג...

— ווען דו וואָלסט געוואוינט נאָענט, און נישט אַזוי ווייט אין די בראָנקס, וואָלט איך געהאַט אַ פאַרלאַנג דיך כמעט צו באַזוכן יעדן טאָג. איך וואָלט געקומען צו דיר, און זיך געפילט ווי איך וואָלט פאַרברענגען מיטן רויט־האָריקן שלמה שיינבערג, וואָס זעצט איבער אין פריען באַגינען, נאָך אַ נישט־געוואַשענער, און כאָטש ער איז געווען אַזאַ פּוילער, אַ קאַפּיטל אויף אידיש פון טאָלסטאָיס „מלחמה און שלום". זיין שיינע און מאַדאַניש־בלאַסע פרוי ציפּה, די טאָכטער פון די רייכע וואַלד־סוחרים, די משפחה האַלבערשטאַדט; מיט דער שלאַנקער און קוועקזילבערדיקער לאהלע, ציפּהס יינגערע שוועסטער, וואָלטן מיר ווי לעבעדיקע געשטאַנען פאַר די אויגן. איך וואָלט אַנגעקוקט די מרה־שחורהדיקע יהודיתל, שיינבערגס אַ ביסל נערוועזע און אומפריינטלעכע שוועסטער, וועמענס קליינעם און גאָלדענעם מגן־דוד איך האָב חשק געהאַט צו קושן צווישן אירע פולע בריסטן. איך וואָלט ווידער געזען אַלע יענע יונגע שרייבער, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם רויט־האָריקן און טאַלאַנטפולן איבערזעצער שלמה שיינבערג: אברהם צימערמאַן, מרדכי ניידין, שלמהס ברודער דוד שיינבערג; דיין אייגענער ברודער משה ראָזענבערג, וואָס האָט צוזאַמען מיט שלמהס ברודער דוד איבערגעזעצט גאָגאָלס „דער שי־נעל", און אַנדערע דערציילונגען זיינע. איך וואָלט ווידער אַנגעקוקט אַלע יענע יונגע און אינטעליגענטע זעצערס, וואָס האָבן, זעצנדיק די מאַנו־סקריפּטן פון מאַסן אידישע איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור, אַרויסגעזאָגט קריטישע מיינונגען, וואָס זיינען געווען ווי משפּטים פון לעבן אָדער טויט צו די מחברים פון אַלע געזעצטע ווערק. שלמה, דו געדענקסט אוודאי זייער גוט יענע ליכטיקע צייט אין דעם אידישן קול־טור־רענעסאַנס אין פוילן, תיכף נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה...

— זיכער געדענק איך. אָבער עס איז ביטער, ברודער־שיע, צו ווערן אַלט און אומבאַהאָלפן. עס דויערט אפשר אַ גאַנצע שעה ביז איך באַ־וויז זיך קוים צוצושלעפּן צום טעלעפאָן־אַפּאַראַט כדי עמעצן וואָס ר׳פּט, צו ענטפערן. אין די אַמאָליקע צייטן האָב איך דורך דער צייט געקענט מאַכן אַ יאַזדע פון איין שטאָט אין דער אַנדערער: לאָמיר זאָגן, פון מיין געבורטס־שטעטל מאַטיטש אַזש ביז קיין לובלין...

— אָבער שטאַרבן ייִנגערהייט ווילט זיך דאָך אויך נישט! — זאָג איך.

די זון איז שוין געשטאַנען נאָענט צום האָריזאָנט. זי האָט זיך שוין געגרייט צו באַטרעטן איראָפּעס קאָנטינענט, ווען די טיפּיש־ראש־השנהדיקע פּאַרכטיקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק. איך בין געבליבן זיצן אַ פּאַרטראַכטער, אַ פּאַרזונקענער אין זכרונות און רעיונות. ווען שלמה ראָזענבערג האָט זיך אַרום דעם יאָר 1924 באַוויזן ביי אונדז אין דער זעצעריי, האָט מען אים גערופן דער „העלפאַנט", צוליב זיין פיזישער מעכטיקייט און פּאַרנעם. איך האָב נישט געוואוסט אַז בלויז אַ פּאָר וואָכן שפּעטער וועט דער „העלפאַנט" מער נישט לעבן. איך האָב פונדעסטוועגן אין איילעניש פאַרצייכנט אין מיין טאָג־בוך אונדזער קורצן שמועס ערב ראש השנה... איך האַלט אַז פון שלמה ראָזענבערגס באַשיידענער פּעדער איז געבליבן שטיין אַ וויכטיק ווערק: זיין קרעפטיקע איבערזעצונג פון ריימאָנטס עפּישן ראָמאַן „פּויערים", אין פיר מאָסיווע בענדער, וואָס צעפאַלן זיך שוין אויך, ווי דער פיזישער שלמה ראָזענבערג...

# די מענטשלעכע טראַגעדיע

די טראַגעדיע באַשטייט דערין וואָס דער מין מענטש איז דאָ בלויז ציטווייליק אין אַלץ וואָס ער טוט, שאַפט און בויט, דורך זיין גאַנצער עקזיסטענץ. אָבער ער האָט פון די אורצייטן אָן, בפרט זינט זיין גע־בורט אַלס מענטשלעכער עמבריאָן, אַנטוויקלט אַזאַ טראַגישן זין פאַר דער אייביקייט, און ער טראַכט און פילט אין טערמינען פון אומשטערב־לעכקייט און אומענדלעכקייט. ער רירט ממש אָן די סאַמע ווייטסטע שטערן, און זיינע מחשבות גרייכן דורך מיליאָנען־און־מיליאָסן ליכט־יאָר...

# אייער גלעזערנע שטייפקייט

ווי אָפט באַטראַכט איך פון אַ זייטיקן ווינקל אויס אייער גלעזערנע שטייפקייט. ווען עמעץ זאָל אין אייך פּרואוון צו שליידערן דאָס מינדעסטע שטיינדל, וועט ער אייך, דאַכט זיך, מוזן צעברעכן. איר מיינט אוודאי אַז איר וועט אייביק לעבן און די ערד וועט אייך קיינמאָל נישט מאַכן צום פוילן. עס איז פשוט נעבעכדיק אייך אָנצוקוקן, ווען איר נעמט אָן די חוצפּהדיקע פּאָזע פון גענעראַלן, שטאַטסמענער און אַפילו קייסאָרים...

# אינמיטן נאַכט, בשעת שרייבן

אינמיטן נאַכט, בשעת שרייבן, זע איך ווי דער פּאַספּאַרישער ווייַ־זער פונעם ציפערבלאַט אויף מיין זייגערל יאָגט און לויפט העגדום־פּענדום, ווילד־גאַלאָפּירנדיק ווי אַ פלאַמיק־באַפליגלטער רייטער, מיט

זיינע מאָסן רגעס און מינוטן, וואָס זיינען אַ טייל פון דעם ביליאָנעניאָריקן מאַרש פון די שטערן, און פון גאָר דעם באַשאַף...

## אַפילו אַזאַ אומענדלעכע שטרעקע פון צייט

אַנומלט האָב איך געלייענט אַז געוויסע שטיינער אויף דער לבנה, ווי די וויסנשאַפטלער זאָגן, זיינען אַלט גאַנצע פיר און אַ האַלב ביליאָן יאָר. איך בין דערנאָך געלעגן אויף מיין אייזערנעם בעטל אַזאַ טרויע־ריקער, און איך האָב נאָכגעקלערט:

— אַפילו אַזאַ געוואַלטיקע שטרעקע פון צייט איז אויך אַדורכגע־גאַנגען, און וויפל דורות, וואָס האָבן געוויינט, געלאַכט און געליבט, זי האָט איינגעשלונגען ווי אַ פינצטערער תהום...

## דרך־ארץ און ליבשאַפט צום מענטש

איך גיב תמיד אָפּ דרך־ארץ און ליבשאַפט צום אַנדערן מענטש, נישט דווקא ווייל איך אַליין פיל זיך אין מיין געמיט, און אין האַרצן, שוואַך און געפאַלן; נייערט ווייל איך פיל זיך דווקא שטאַרק ביי זיך, און נאָך מער דערהויבן, ווען איך פּרואוו דערהויבן דעם גייסט און די עקזיסטענץ פון דעם נאָענטן מענטש, בשעת זיין פּנים און זיינאויג דריקט אויס צווייפל אין זיך אַליין, און האָפענונגסלאָזיקייט אויף זיין צוקונפט. בשעת די מערסטע מענטשן, מעגן זיי אַליין זיין נישקשהדיקע גאַרנישטן, דערני־דעריקן יענעם ביי יעדער געלעגנהייט, כדי מכלומרשט, אויף יענעמס חשבון, זיך אַליין צו דערהויבן. אָבער עס העלפט זיי וויניק...

## איך בין געגאַנגען צוגאַסט צו די קברים

איך בין היינט אַוועקגעגאַנגען פון דעם אָרעמען גערטנדל אויפן סקווער, וואו עס זיצן תמיד די זאַטע, די וואולגאַרע או די זעלבסט־צופרידענע, וואו עס שפּילן אין קאָרטן די לעבעדיקע ברואים, די פּי־ליסטערישע באַלעבאַטים מיט זייערע גראָבע טייסטערס. איך בין גע־גאַנגען אין מיין שטילער און שטומער איינזאַמקייט צו די מאַסן טויטע אין די קברים פונעם שכונותדיקן בית עולם, וואָס דווקא אין זייער נישט־ריידן קיין גראָבע רייד; אין זייער געצוואונגענעם שווייגן; אין זייער עלנטקייט אונטער שניי, האָגל און רעגן; זיינען זיי רירנדיק, מאַיעסטעטיש און דערהויבן, ווי די נאָבעלע און פילאָזאָפישע קעניגן און חכמים. בשעת די לעבעדיקע פּאַראַזיטן און קליינהענדלער ווילן נישט אַז די הייליקע פּריווילעגיע וואָס גאָט האָט זיי געשאָנקען אין זיין גרויס גענאָד, דאָס לעבן און די מעגלעכקייט צו דענקען, צו פילן, צו אָבסערווירן און צו טאָן גוטס אויף ווי ווייט זייערע מעגלעכקייטן גרייכן, פאַדערט עפּעס פון זיי אַ מין גייסטיקע קוואַליטעט און אַ העכערקייט פון דער נשמה. איך האָב זיך געפילט רואיק און געלייטערט אין דער שטילער סביבה פון די מתים, פון זייערע נשמות און סקעלעטן...

# דער רעדאַקטאָר אין רעסטאָראַציע

דער רעדאַקטאָר איז געזעסן ביים ווייס־געדעקטן טיש אין דער רעסטאָראַציע אָנגעטאָן אין אַ שווערן פּאַלטאָן מיט אַ פוטערנעם קאָלנער פון אַ געהרגעטן פוקס, ווי אַן אַמאַליקער קרעפּקער בעל־עגלה אין שטעטל. ער האָט געטראָגן אַ ברייטע בורקע, און האָט זיין רחבותדיקן מאָלצייט געגעסן ווי מיט געוואַלט. מען האָט געקענט באַמערקן, אַז דער איצטיקער זקן פון אַמאַליקער מאַכט און גבורה, וואָס איז ענלעך צו אַן אַזיאַטישן דיקטאַטאָר, פאַרמאָגט מער נישט קיין איבעריקן אַפּעטיט צו די טייערע מאכלים אין דעם פּאָפּולערן „פּאָליאַקאָווס רעסטאָראַן״, אויף טיימס־סקווער. אָבער ער צווינגט זיך פאָרט צו עסן די פעטע יויך; דאָס באַטעמטע און באַווירצטע פלייש, אַפילו די שמאַלציקע קישקע, בפרט דאָס פרישע גרינצייג. ער האָט דאָס גבירישע מאָלצייט געקייט מיט זיין מויל פרעמדע ציין פון שיינענדיקן גאָלד, וואָס האָבן אַ ביסל אַרויסגע־סטאַרטשעט פון זיינע ביידע ליפּן ווי ביי אַ פאַרפרוירענעם מת, וואָס האָט מיט אַ מעת־לעת צוריק נאָך געלעבט און געטומלט אַ וועלט. ער האָט געקייט דאָס עסן גיך און ריטמיש, אָן שום באַזונדערן געָנוס, ווי זיין איינגעפאַלן מויל, מיטן קאַסטן ריזיקע ציין פון גאָלד, וואָלט געווען אַ מאַשינדל. ער האָט געשלונגען די פאַרציעס מאכלים מיט כעס, מיט צאָרן, מיט עקשנות, מיט אַ לעצטן ווילן צום לעבן מיט געוואַלט, מיט בראַוואַדאַ, מיט צו לעהכעיסדיקייט צו גאָט, צו די מענטשן, באַזונדערס צו זיינע לייב־וועכטער: די קאָלעגן, די מיטאַרבעטער, וואָס האָבן פאַר אים געציטערט ווי פאַרן דיקטאַטאָר טרוכילאָ, אָדער פאַר מוסאָלינין. דערביי האָט ער געניטערהייט אָבסערווירט צי די געסט ביי די שכנותדיקע טישלעך האַלטן אים אויפן אויג, און זיי שאַצן אָפּ זיין „יינגן, ווילדן און געזונטן אַפּעטיט״, וואָס איז געוויינלעך אַ סימן פון אַריכת ימים. אָבער זיין אַפּעטיט איז געווען אַ סימן פון אַן עקשנותדיקן פּרעה, וואָס באַדויערט וואָס ער קען נישט אויפגריזשען זיין קעניגרייך, זיין אימפּעריע, זיין וועלט...

אָבער פאָרט האָט קיינער נישט געקענט מאַכן דעם טעות און נישט באַמערקן, אַז דאָ זיצט אַ גאַנץ אַלטער, אָפּגעריבענער נבוחדנאצר, וואָס איז שוין שווער באַקלעפּט מיט די שמות פון געשיכטע, און אַז די גרויזאַמע צייט, וואָס בויגט איין די באַקרוינטע קעפּ פון די הערשער פון קעניגרייכן, האָט אויך געלייגט איבער אים די אומפאַרמיידלעכע פלאָסטן פון עלטער, ווי איבערן שאַרבן פון דוד המלך, ווען ער האָט אויסגע־פּרוּווט צום לעצטן מאָל זיין מאַנצבילקייט מיטן זיסן, יינגן און רייצנדיקן לייב פון אַבישג השונמית...

יאָ, גאָטס שפּינוועבסטיקע צייט איז גרויזאַם און באַצווינגנדיק. פאַר איר טיראַנישער מאַכט בויגן־און־בוקן זיך, קניען און קנעכטיקן נידעריק

ביז צו דער בלאָטיקער און בלוטיקער ערד, די פרינצן און פירשטן, די העלדן און די פחדנים צוגלייך. און דער אַלמעכטיקער רעדאַקטאָר, פאַר וועלכן זיינע מיטאַרבעטער האָבן געציטערט אין פחד כמעט אַ גאַנצן האַלבן יאָרהונדערט צייט, האָט בשום אופן נישט געקענט זיין קיין אויסנאַם. נאָכן פאַרצערן מיט געוואַלט זיין מאָלצייט, האָבנדיק איבערגעלאָזן אויף די טעלערס כמעט מער ווי מען האָט אים געגעבן דערלאַנגט, פונקט ווי אַ לייב לאָזט איבער אין דזשאַנגל בערג מיטביינער און קנאָכנס פון זיין אומגעבראַכטן און צעגריזשעטן קרבן, איז איצט געזעסן ביים טיש מיט ווייַן און לעקעך פאַר זיין כבוד ווערגן, אַן אַלטער איד, וואָס האָט ווי עפּעס פּלוצלינג, צום ערשטן מאָל אין דער היינטיקער נאַכט מורא געקראָגן פאַר גאָט און פאַר זיין גרויזאַמען מלאך, און ער האָט אין זיין אַנגעצונדענעם דמיון דעריזען די סקעלעטיקע פּנימער פון יענע מיטאַרבעטער, וועמענס בלוט ער האָט פריער פאַרצאַפּט און סאַדיסטיש געטרונקען ווי די רוימישע ברוטאַלע צעזאַרס האָבן געטרונקען דאָס בלוט פון זייערע סאַטראַפּן, בירגער, באַזיגטע העלדן און ספּאַרטאַקיסטן...

אָבער עס וואָלט אויך געווען אומגערעכט נישט צו דערמאָנען דעם דאָזיקן רעדאַקטאָרס מאַסיווע אויפטואונגען אין אַ דור פון אידישע פּיאָ־נערן; זיינע געוואַלטיקע פאַרדינסטן פאַר דער אידישער קולטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן...

## ווי אַ טייך מיט טינט

איך שטעק אַרויס דעם קאָפּ דורכן פענצטער אין דעם נאָך פריען באַגינען. אפשר בלאָנדזשעט נאָך אַרום אַ שיכורער שטערן אויפן בלע־כענעם דאַך, איינגעהילט אין אַ וואָלקנעם וואָלקן, זיך באַשיצנדיק פון דער שרעקלעכער נאַכטישער קעלט. איך טרינק ביז וואַנזין דעם אומגע־הויערן טאָפּ מיט נאַכט, ווי גיפטיקן וויין, אָדער ווי אַ טייך מיט טינט, מיט וועלכן איך וועל אָנשרייבן הונדערט ביכער. דער חושך איז אַ באַנ־דאַזש צו מיינע צערייצטע און מידע נערוון. עס איז אַ טונקל געשאַנק אין אַ ריזיקן גאָלדיקן בעכער, וואָס מיין געטרייער, אָבער אויך שטרענגער שר־מלאך טראָגט מיר געגעדיק צו צו מיינע ליפּן. איך וויל פון אים טרינקען פּאַוואָליע, מיט ישוב הדעת. אָבער דער שר, ווי עפּעס אַ פאַר־מאַסקירטער תליון מיט אַ נעגעריש־ברוטאַלן פּנים, צווינגט מיך פון אים צו טרינקען גיך, ביזן טיפסטן דנאָ, ממש ביזן דערטרונקען ווערן. ווען נישט דער אויפגייענדיקער טאָג, וואָלט מיין מלאך מיך דערטאָפּיעט (דערטרונקען) אין טאָפּ מיט חשכות. די שטערן אין דעם שוואַרצן הימל שטייען שאַרפע, אָפּגעפּוצטע, ווי שטיקער באַקאַראַט, אָדער ווי אייזיקע צאַפּנס וועמען גאָט האָלט אַרעסטירט אין אַן אייביקער אייזיקער קעלט, און פאַרפרוירן צו דער האַרטקייט פון רויע בריליאַנטן...

## קעניגן און דיכטער גייען צו מכשפות

איך האָב גערעדט מיטן פּאָעט יוסף רובינשטיין, און האָב אים דער־ציילט, אַז עמעץ וויל וויסן עפּעס וועגן דעם פאַרגעסענעם און מינאָרנעם דיכטער פון פוילן, אַלעקסאַנדער פּאַרבאַ. דערציילט מיר רובינשטיין, אַז פּאַרבאַ האָט זיך פאַר אים איין מאָל פאַרטרויט, אַז ווען ער האָט אין אַ טאָג דערפילט אַז ער האָט אויפגעהערט צו קענען שרייבן, איז ער ביינאַכט, בשעת אַ גאַס־רעגן, ווי דער איינזאַמער שאול המלך, געגאַנגען צו אַ כישופמאַכערין, און האָט זיך פאַר איר שטאַרק צעוויינט. איר אַריינ־שטעקנדיק גלייכצייטיק אַ זילבערנע מטבע אין דער אַלטער און געלער האַנט. זי האָט אויף אים שטאַרק רחמנות געהאַט און האָט אים מיטן כוח פון איר כישוף ווידער שעפעריש געמאַכט...

דער באַאיוועט פּאַרבאַ האָט דעריין שטאַרק געגלויבט. און ער האָט שטילערהייט ווייטער געשריבן זיינע באַשיידענע לידער, און זיך אָפּט געדרוקט אין די אידישע ליטעראַרישע זשורנאַלן פון יענער צייט, ווי די „אילוסטרירטע וואָך”, וואָס איז דערשינען, געדענק איך, אין וואַרשע, און וואו איך האָב טאַקע געלייענט אַלעקסאַנדער פּאַרבאַס פּאָעזיע...

גיי וויס אַז כישופמאַכערינס קענען נישט נאָר אַרויסרופן די נשמות פון פאַרשטאָרבענע נביאים אויף די באַפעלן און געבעטן פון מעכטיקע קייסאָרים; נייערט זיי קענען אויך באַפעלן די מוזעס אַז געוויסע דיכטער זאָלן ווערן שעפעריש־פּאַטענט...

## צוויי געשטאַלטן פון אַ פרוי

מיט יאָרן וריק, אין אַמסטערדאַם, האָט מיר איינער אַ מאַן דער־ציילט, אַז ער האָט געזען דורכן פענצטער פון דער מאַסאַרדע נעמען אַ זון־באָד די אַקטריסע סאַניאַ. זי איז, ביי איר דעמאָלטיקער קוים אַכצן־יאָריקער יוגנט, געווען אַזוי שיין געוואַקסן און ממש געטלעך געפאָרמט ווי אַ פולקאָמענע סטאַטוע פון אַ געציו, און אפשר נאָך שענער. די פולע בריסטן אירע; דער בויך וויס ווי מאַרמאָר; די אָרעמס ענלעכע צו די פון דער ווענוס פון מילאָס (הגם איינע פעלט ביי דער סטאַטוע); די פרעכ־טיק־געשניצטע פיס, אירע רונדיקע קניעס, ביז צו די שפּיצן פון אירע געשניצטע פיס־פינגער, מיט די געפאַרבטע נעגל; אַלץ אין איר גוף איז געווען ווי געגאָסן און געהאַמערט אין גאָלד דורך אַ געניאַלן קינסטלער, ווי אַ פּראַקסיטעלעס אָדער דאָנאַטעללאָ, וואָס איז קענטיק געווען פאַרליבט אין איר, בשעת ער האָט זי אויסגעפאָרעמט פונעם פייער און בלוט פון זיין געניוס. ווי יעדער גרויסער קינסטלער איז פּלאַמיק פאַרליבט אין זיין ווערק, וואָס ער האָט אויסגעקאָנט פון זיין אייגענעם בלוט און פלייש, ווי אָדם האָט אויסגעחלומט חוהן פון זיין ריפּ. דער שמייכל האָט גליק־זעליש געלויכטן ווי גאָלד אויף איר פּנים, אויסדריקנדיק אַזוי פיל הימ־

לישע תאווה און פאַרגעניגן, ווי זי וואָלט געווען אין מיטן פון אַן „אַקט" מיט אַ געץ, אָדער מיט דער זון...

ווען איך האָב אַרום דרייסיק יאָר שפּעטער, אין אַ שנייאיקן פרימאָרגן אין ניו־יאָרק, זי געזען ליגן אין דעם הילצערנעם אָרון, וואָס איך האָב געזען שטיין אַליין אין דעם נאָך־לײדיקן זאַל, ערב דער לוויה אירער, נאָך דעם ווי זי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך איינגעמען אַ גרויסע דאָזע ציאַנקאַלי, וואָס האָט געקענט טויטן צען מענטשן — און איך האָב אויפגעדעקט די דעק פון איר אָרון, איז די אַמאָליקע באַרימטע שיינקייט איצט געווען אַלט, קאַלט און גרוי ווי אַ זקנה. איר פּנים איז געווען געל ווי וואַקס. איר קאָפּ איז געווען באַוואָקסן מיט אַ קנויל ווייסע האָר, ווי ביי אַ גרייז־גרויער בעטלערין, פּונקט ווי זי וואָלט געטריבן געוואָרן צו באַגיין זעלבסטמאָרד, נישט דורכן גאָט פון אירע פרומע אָבות, פון איר טאַטן דעם רב, נייערט דורך אַ ציניש תליון, מיט וועלכן זי האָט בשעת אירע אַנגסטן און פּחד פאַרן פאַרזעסן ווערן ביזן גרויען צאָפּ, חתונה געהאַט. ער האָט טאַקע אין משך פון אַ צענדליק יאָר אויפ־געגריזשעט איר געטלעכע שיינקייט און דערנאָך זי אומגעבראַכט מיט אירע אייגענע הענט...

## אין דעם הויז פון הענעך גליצענשטיין

מען איז דאָ אַרומגערינגלט מיט מאַסן קונסטווערק: מאָנומענטן, סקולפּ־טורן, מאָלערייען, מאַסיווע שטיקער אַנטיטשנע מעבל, נאָך געבראַכטע פון רוים; און מיט טויזנטער צייכענונגען. פראַגמענטן אויף פראַגמענטן פון אָנגעהויבענע סקולפּטורן; שטיקער ליים, אין וועלכע עס פעלט בלויז דער רוח החיים; רויע, אָפּגעזעגטע שטאַמען פון בוימער, אין וועלכע עס זעט זיך שוין אויפגיין דער מין מענטש, די חיה, דאָס געשטאַלט; מעכטיקע שטימער האָלץ און פּניאַקעס, מיט פלאַמיקע אָדערן, פון דונערן געטראָפענע בשעת די שלאַקס־רעגנס; פון בליצן דורכגעזעגטע; און פון דעם קינסט־לערס הענט גרויזאַם אַטאַקירטע, און באַצוואונגענע פון זיין אייזערנעם ווילן זיי זאָלן ווערן צו קונסט. מען זעט דאָ אויך מאַסקעס פון היסטאָרישע געשטאַלטן; מאַסקעס, ווי אָראָפּגעריסענע פון פרינצן און פירשטן בשעת אַ מאַסקנבאַל; מאַסקעס פון קינדער, פרויען און זקנים; פון געהאָנגענע, צעפוילטע, פון אוראַלטע מתים, וואָס דערציילן מיט זייערע אָפענע מיילער עפּישע געשיכטן און העלדישע מעשים און מעשיות. מאַסקעס פון קעניגן, דיפּלאָמאַטן, שפּיאָנען, שטאַטסמענער און קלאָונען. מאַסקעס פון פרינצן, בעטלערס, נביאים און הענקערס. מאַסקעס פון קאָרטנשפּילער, קורטעזאַ־נעס, אַקטיאָרן און קברנים. פון אַלצדינג וואָס גליצענשטיין האָט נאָר אַמאָל אַנגערירט מיטן פייער פון זיין געניוס, ווייעט איצט מיט אַ ווינט פון טרויער און פון מענטשלעכער פאַרגענגלעכקייט. עס איז דער טרויער פון אומענד־לעכן קאַמף פון די דורות, פון זייער ווילדן ווילן צום לעבן, פון דעם

מכלומרשטן נצחון, און פון זייער ענדלעכן אונטערגאַנג; און אויך פון דעם געזעגענען זיך מיט פּאַלאַצן און טראָנען; מיט פריינט און פיינט; מיט שיינע פרויען, און מיט געטרייע קנעכט; מיט אוצרות און רייכטימער. עס איז דער טרויער פון יעדן איינציקן מענטשנס אומפאַרמיידלעכן גיין אויף זיין לעצטן וועג. איבער אַלע קונסטווערק פונעם איד פון דעם שטעטעלע טורעק, ביי דעם טייך וואַרטע, איז שווער אַריינגעדריקט דער שטעמפּל פון צייט, וואָס גיט געבורט צום לעבן און צום טויט...

אין זיין גאַנצער מאַסיווער שאַפונג דאָמינירן די מאָטיוון פון ליבע און טויט; פון אויפקום און פון פאַרגיין; פון געבוירן ווערן אין דער סביבה פון גליקלעכע מענטשן, און פון דעם לעצטן געזעגענען זיך מיט פריינט און מיט געליבטע ביים סוף פון יעדן איינעמס טעג. דער טויט מאַכט טרויעריק אַפילו די פלאַמיקסטע ליבע, וואָס פּרוּווט מכלומרשט מנצח זיין דעם אייביקן אונטערגאַנג, דעם פּראָסטן און ברוטאַלן סוף. די דאָזיקע צוויי קאַרדינאַלע מאָטיוון, ווי שוין געזאָגט, דאָמינירן פּאַקטיש דעם גאַנצן אינהאַלט און די סאַמע עקזיסטענץ פון זיין קונסט, און פון דער וועלט־קונסט בכלל, פון דער וועלט־ליטעראַטור איינגעשלאָסן...

## העניעך גליצענשטיין לויפט צו לוויות

גליצענשטיין הויבט זיך אויף אין דעם נאָך פינצטערן באַגינען; ער וואַשט זיך קוים אָפּ דאָס פּנים און באַנעצט זיך די הענט, און אַן אומגעגעסענער און אומגעטרונקענער לויפט ער גיך, ווי אַ וואַנזיניקער, געטריבן פון געהיימנישפולע ווינטן, אימפּעטן און אינסטינקטן, צו די לוויות פון פריינט, פון קרובים, פון אידישע שרייבער און קינסטלער. ער רייסט אַרויס שטיקער לעבן פון די אייזערנע לאַפּעס פונעם מלאך המות; שטיקער פאַרגליווערטע פּנימער; פאַרפרוירענע שטריכן; לעצטע טראַגישע מינעס און יסורימדיקע אויסדרוקן אויף פאַרטערטע פּנימער — זיי צייכענענדיק אין ווילד געאיילעניש, און מיט הייסן קינסטלערישן אָטעם, איידער די באַאַמטע פון דער חברא קדישא, אין זייערע גלאַנציק־שוואַרצע פראַקן, ווי די ראָבן, קומען אָן, כדי אים צו שטערן אין זיין קינסטלערישער אַרבעט. פּנימער פון מתים לעבן אויף און קריגן ווידער דורך זיין פּען וואַרעמען אָטעם. ער איילט זיך בשעת די ערגסטע וועטערן פונעם טאָג אין די שפּיטעלער פון דער גרויסער שטאָט, אין די פאַרוואָרפנסטע געגנטן, כדי צו ברענגען טרייסט און אַ וואַרעם וואָרט צו די קראַנקע און דערשראָקענע חולאים. ער פּליקט אַרויס מיט געוואַלט און מיט עקשנות שטיקער נאָך זשיפּיענדיק לעבן פון מענטשן, וואָס גייען אויס ווי חלבדיקע ליכט אין בית המדרש; פון נשמות, וואָס פאַרלאָזן די נאָך וואַרעמע גופים, וואָס פאַרלעשן זיך. עס איז פאַראַן אין אים די אייביקע שרעק, די פאָרכט, דער פּחד, ווי אין דעם אומבאַהאָלפענעם אורמענטש אין דעם אור־דזשאָנגל און

בשעת דער אורנאַכט, וואָס קוקט מיט זײַנע גרויסע און פאַרטרערטע אויגן אויפן געפאַלענעם זיידן, אויפן אומבאַוועגלעכן טאַטן, אויף זײַן פאַרגלי־ווערטן ברודער, אויף דעם שטומען פּנים פון זײַן מוטער, אויף אַ שוועס־טערס פאַרשטאַרטן גוף, וואָס איז פּלוצלינג געבליבן ליגן ווי אַ פעלדז, אָן שום אויסדרוק פונעם וואַרעמען לעבן; און ווען פּנים דריקט אויס די אימה און די ציטערניש פאַרן טויט, צי פאַר דער ווילדער חיה, וואָס האָט זי געטויט. גליצענשטיין, אין זײַן הייליקער נאַאיוויטעט, פאַרמאָגט בלויז איין־און־איינציקן ענטפער, זינט ער האָט געשטעלט זײַנע סאַמע ערשטע טריט אין דער וועלט פון קונסט, צו אַלע אומגליקן, ליידן און צרות פונעם מין מענטש: קונסט! צו אַלע מענטשלעכע טראַגעדיעס שטעלט ער אַנטקעגן איין איינציקע מכלומרשטיקע ליזונג: די העכסטע שאַפונג; דאָס דערהויבן דאָס יסורימדיק־פאַרגענגלעכע לעבן צו אייביקער פאָרעם, צום אומשטערבלעכן זײַן, צו מאָנומענטאַלער עקזיסטענץ...

## ניו־יאָרקישער „לואיסאָן סטאַדיום"

ווי מיט געדיכטע כוואַליעס טינט פאַלט צו די נאַכט איבער אַלעמענס פּנימער. פערציק טויזנט מידלשע און מאַנצבילשע אויערן זײַנען פאַרכישופט אין דעם געוואַלטיקן אויפשאַל פון אַ סימפאָניע פון בראַמס. וועלכער געט־לעכער זיווג דאָס איז: מענטש, רוים און מוזיק! עס קומט מיר פאָר ווי די טענער וואָלטן אויפרייסן די פאַרגליווערטע שטילקייט פון אוניווערס. מענטשלעכע גאונות ברעכט אויף די אייביקע מאָנאָטאָניע און גלייכגילטי־קייט פון דער וועלט. דאָ שטראַלט די יוגנט מיט איר ליבשאַפט און ענטו־זיאַזם. עס וועקן זיך אויף אין מײַן דמיון רעמיניסענסן פון דעם פאַרצײַטישן אַטען. אַ גריכיש פובליקום זיצט אין שטומען און אין דערהויבענעם שווײַגן. מען קען זען די בלייך־פאַרקלערטע פּנימער פון סאָקראַטעס, פּלאַטאָ, אַריס־טאָפאַנעס און פינדאַר. די צאַרטע פאָעטעסע סאַפאָ זיצט אויך אַזאַ שטילע און פאַרטראַכטע. צווישן די מאַרמאָרנע זײַלן פונעם אַקראָפּאָליס זע איך שטאָלצע, גריכישע שטאַטסמענער. זייערע גרויסע אויגן לויכטן פול מיט שטראַלנדיקער חכמה און גייסט. די לבנה, אַ רייצנדיקע און קולטורעלע קורטעזאַנע, אין אַ טונקל־זײַדענעם קלייד, הערט זיך אויפמערקזאַם צו מיט איר בלומיקן אויער צו דער מוזיק פון וואָרט. דער גאָרער קאָסמאָס מיט זײַנע שטערן האָבן דורך־ארץ פאַרן הערלעכן אויפשאַל פונעם מענטשלעכן האַרצן. די גאַנצע געזעלשאַפט פון פערציק טויזנט מענטשלעכע לעבנס זײַנען דאָ פאַרזאַמלט, אין דער זומערדיקער נאַכט, צו איין אידעאַל, צו איין חלום, צו איין וויזיע און געפיל פון פרייהייט און גליקזעליקייט פאַרן גאַנצן מענטשלעכן מין אונטער די שטערן...

## אַ ייִנג פאַרפאָלק

ער איז צוריקגעקומען אַן אָפּגעזענקטער אין זײַנע פליגל פון אַ גרויזאַמען שלאַכטפעלד אין קאָרעאַ. זײַן בלאַסע האַנט, אַ מידע פונעם

הייסן שטאָל פון דעם באַשינגעווער, גלעט איר דינע און מאַנאַליזיש־צאַרטע האַנט. איר האַנט זעט אויס ווי אַ גאָלדענער לייכטער מיט פינף לענגלעכע רערן. זייער ליבשאַפט פאַרמאָגט מער ליד און פּאָעזיע ווי הונדערט מאַסיווע בענדער מיט ליבע־ליריק. זי איז די קילע און רואיקע שטילקייט פון אַ פאַרנאַכט אויפן פלושיקן ברעג פון אַ טייך. זי איז די שטילקייט פון אַ פּאַסיוון פעלד, פול מיט בריליאַנטענער פייכטקייט פון ראָסע אין דאַרפישן באַגינען. אויף איר קלייד זיינען מיט וואַלענע פעדעם אַריינגעוועבט אידי־לישע שעפסן. ער שרייבט פּאָעזיע. ער האָט גערן די לידער פון גאַרסיאַ לאָרקאַ, וועמענס יינג לעבן, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך פראַנ־ציסקאָ פראַנקאָס רויע מערדער, שרייט אַריין אין דעם אָפענעם קאָסמאָס מיטן געשריי־אויסבראָך פון אַ דונער. זי האָט ליב די אידעלע פּאָעזיע פון דער טשילענער פּאָעטעסע גאַבריעלאַ מיסטראַל. ער זוכט אין דער נאַכט זיין געליבטערס האַנט ווי אַ לייכטער פון גאָלד מיט פינף אידעלע זילבערנע רערן־פינגער. אַ האַלבס פון זיין פּנים איז פאַרברענט און עס זעט אויס ווי די לבנה אין מיטן חודש. אָבער דאָס אַנדערע האַלבע פּנים זיינס שטראַלט מיט דער אינערלעכער שמחה פון זיין אָפּגעראַטעוועטן לעבן. איין אויג איז ביי אים פול מיט שרעק פון דער פאַרוויסטונג פון דערפער, שטעט, ישובים און מענטשלעכע לעבנס. דאָס צווייטע אויג איז ווי די לבנה: עס טראָגט אין זיך געהיימנישפולע לאַנדשאַפטן...

איך קוק אויף זיי ביידע, און די בלעטער פון שיר השירים ציטערן שטיל אויף פּאָר מיינע אויגן, און אין דמיון. אַ בראַנדזענער מלאך אין דער נאַכטישער לופט מישט דאָס בוך מיטן „ליד פון לידער". שולמית איז קראַנק פון ליבע אין אירע נאָך קינדישע און אומרייפע גלידער. איר צאַרט און קליינטשיק פּנימל איז צעשלאָגן פון אירע ברידערס ברוטאַלע הענט. נאָך קליינטשיק זיינען אויך אירע זיידענע בריסטלעך. אָבער ווי גרויס האָט די בענקשאַפט צום שיינעם קייסער אויפגעפייערט אין איר האַרצן ווי שאַמ־פּאַניער. אַזש ביז צו די קאַלטע שטערן אין דער נאַכט דערגרייכן אירע ליבע־פלאַמען...

ווען זיי ביידע וועלן חתונה האָבן, וועל איך זיי שענקען דרשה־געשאַנק אַן אייזערנעם לייכטער, און די לידער פון גאַרסיאַ לאָרקאַ, וואָס האָט אַמאָל שטודירט אין ניו־יאָרק, און וועמען איך זע אָפּט אַרומגיין ביינאַכט איבער די היגע גאַסן, געאַרעמט מיט עדגאַר אַלען פּאָ, און איינגעהילט אין דעם ליכט פון די שטערן...

## שטיל־לעבן

אויפן טיש פון דער קאַלכדיקער וואַנט הענגט באַשיידן איינגעראַמט דאָס שטיל־לעבן־מאָלעריי: אַ שמאָלע קרישטאָלענע פלאַש מיט פינקלענ־דיקן וויין, וואָס עמעץ האָט אין דעם הייסן דורשט פון זיין האַרצן אויסגע־טרונקען פון זיין העלדזל די שווערע טראָפּנס וויין. אויף פּאַרצייטישע ביכער

מיט גאָלדענע ברעגן פון די בלעטער ליגן באַרואיקטע אויפן האַנט־געשניצטן טישל; ביכער וואָס די זעלטענע און זשעדנע הענט פון קלוגע לייענערס האָבן זיי מיט פיבער און הונגער נאָך וויסן אָנגעריִרט און נערוועז געמישט. אין הינטערגרונט זעט זיך דער פּאָרטרעט פון אַ זאַפּטיק־רייצנדיקער פרוי, מיט פולע ייִדענע בריסטן אונטערן זייד פון דער בלוזקע. ווער עס האָט אַמאָל דאָס דאָזיקע בילד געמאָלן, איז שוין געווען אין זײַנע רייפע יאָרן, אויסדריקנדיק זײַן אומעטיקן געמיט, און ער האָט מיט רעזיגנאַציע אָנגע־קוקט דאָס פּנים פון דער אייביקייט...

## די געהיימנישפולע מאָנאַ ליזאַ

אין ווינקל פון דער מאַנסאַרדע לויכט אין אַ דינער ראַם מיט גאָלדיקן שטויב באַשפּרענקלט די איינזאַמע און קלוגע דאַמע מאָנאַ ליזאַ. שיכּורע־הייט שפּילן די דערפאַרענע און שווייגנדיקע קלעזמאָרים זייערע לוסטיקע מעלאָדיעס, כּדי פריילעך צו מאַכן די פרוי פון גוטן געשמאַק, ראַפינירטע מאַניערן און אַריסטאָקראַטישער אָפּשטאַמונג, בשעת זי פּאָזירט פאַרן פּיל־געלויבטן מייסטער דאַ ווינטשי. אָבער פאָרט איז די אײדעלע מאָנאַ ליזאַ באַהערשט פון אַ מאָדנער ערנסטקייט, ווי עפּעס אַ וואונד וואָלט בלוטיקן טיף אין איר האַרצן. די קלעזמאָרים געלינגט נישט אַרויסצורופן אויף איר פּנים קיין סימן פון קיין מינדעסטן שמייכל, וואָס וואָלט פאַרן קינסטלער געעפנט איר נשמה און גרינגער געמאַכט די מלאכה פון צו מאָלן איר פּאָרטרעט. זי קוקט אַזאַ שווייגנדיקע אויפן אומשטערבלעכן מאָלער לעאָנאַר־דאָ, און דער טרויער קען זיך נישט שיידן פון איר פערזענלעכקייט...

## די קאַץ

שטאָלצערהייט שפּאַצירט זיך אַרום די קאַץ אינעם גרויסאַרטיקן פּאַר־צייטישן הויז. זיך אָנגעגעסן מיטן רויען פליייש, וואָס רינט נאָך מיט בלוט, זעצט זי זיך אַוועק אויף אַ צעבראָכענעם פּיעדעסטאַל, ביים אַריינגאַנג צום אַלטן גאָרטן, מיט אַן ערנסטער מינע. עס גייען אויף אין מײַן זכרון די מאַרמאָרנע פּאַלאַצן פון גריכנלאַנד און פון רוים. די שקלאַפן האָבן אָוועקגעשטעלט גראַניטענע חיות: טיגערן, לייבן, לעמפּערטן און יאַגואַרן, כּדי אימפּאָזאַנט צו היטן דעם אַריינגאַנג צום קייסער. די חיות, הגם פון גראַניט און פון מאַרמאָר, שרעקן אָפּ די פרעמדע שליחים, פּרינצן און אויסלענדישע פירשטן. אין אַ זייטיקער אַלייע, אין דעם שאָטן פון שווערע און געדיכטע דעמבעס, גייט דער הערשער שפּאַצירן, געאָרעמט מיט איינער פון זײַנע בלייכע און אין פּערל־געצירטע קעבס־ווייבער. דו קענסט באַמערקן צווישן די בוימער, אין דעם גאָלדיקן אָפּשיין פון דער לבֿנה, די שלאַנקע סטאַטועס פון געטער, געציגנס, גענעראַלן און דענקער. דו קענסט זען ווי דער קייסער קושט די זאַפטיקע בריסטן פון זײַן געהאָרכ־זאַמער קעבס־פרוי. די כוואַליעס פעך־שוואַרצע האָר ציטערן, פון דעם

לינדן ווינט געמישטע, איבער אירע געשניצטע שולטערן. עס פינקלט אין דער נאַכט דאָס פייער פון דעם פיבערישן איידלשטיין אין דעם גאָל־דענעם שנירל אויף איר דינעם האַלדז. דער קייסער שעפּטשעט עפּעס אַריין אין איינעם פון אירע קליינע אויערן מיט זיינע תאווהדיק־פעטע ליפּן. אין פראָנט פון דעם אַנטיקן פּאַלאַץ שטייען די פאַרגליווערטע חיות, שטאָלצע היטנדיק דעם, אימפּאָזאַנטן אַריינגאַנג. די קאַץ זיצט אויפן פּיע־דעסטאַל, און זי דרימלט איין. אינעם רייפן גאָרטן זיינען שוין כמעט פאַר־וויאַנעט די רויזן, וואָס זיינען אַזש געוואָרן טונקל אין דעם שוין שפּעט־לעכן האַרבסט. די קאַץ דערמאָנט מיך אין די רואינען פון די פאַרצייַ־טישע פּאַלאַצן אין גריכנלאַנד און אין רוים...

## דער טיגער פון מיין קינדהייט

איך געדענק אַ נאַכט פון מיין קינדהייט: דאָס איז געווען אין דער צייט ווען אידישע שמוגלערס האָבן געשמוגלט כלערליי סחורות און שפּייז־פּראָדוקטן איבער די פּוילישע שטעט און שטעטלעך, בשעת דאָס לאַנד איז געווען אָקופּירט דורך די דייטשע און עסטרייכישע אַרמייען. אין אונדזער שטוב, וואָס איז געווען אַ שטיקל גאָרקיך, או וואָס איז געשטאַ־נען האַרט ביים שאָסיי, האָבן זיך געהאַט פאַרזאַמלט אַ גרופּע אידן. דער געדיכטער רויך פון טיטון האָט אַזש דערגרייכט ביז צו דער סטעליע. אויף דער הילצערנער פּאָדלאָגע, וואָס איז געווען באַשאָטן מיט געלן זאַמד, ליגן שטיקלעך ציגאַרעטן, וועמענס מונד־שטיקלעך זיינען איינ־געוויקלט אין גאָלד. עס לויכטן אויפן טיש מאַסיווע גלעזערנע קופלעס מיט גרינעם ביר וואָס שוימען זיך אַריבער די ראַנדן ווי שניי. שטיק־לעך שוים פונם ביר בלייבן אויך שטיין ווי שניי אויף די בערד און וואַנ־סעס פון די מאַנספּאַרשוינען. איינע, אַ קרעפּטיקע מויד, לאַכט הילכיק פון אַ דערציילטן וויץ. אַ גרופּע הויכע אידן, ווי די בוימער אין וואַלד, ווינצלען זיך מיט דער געזונטער מויד און זיי טאַפּן ביי איר די טאַליע און די אויסשטייענדיקע היפטן מיטן אַרומגעבעטן קאָנטראַבאַנד. עס הערן זיך אויסגעשרייען, אויסבראָכן פון געלעכטער און געוויין. דער מיידלס סאַמעטענע אויגן זיינען פּלוצלינג פאַרצויגן געוואָרן מיט געזאַלצענע טרערן. זי וויגט נערוועז איר קאָפּ מיט די מעשענע צעפּ. דורך די שויבן פון די נידעריקע פענצטער לויכט אַריין ווי אַ שטיק איז אַ האַלבער פּע־נעץ לבנה מיט אַ גרינעם שטערן דערנעבן. ווען די נאַכט הויבט שוין אָן בלייך צו ווערן, טויכט אויף אין דרויסן, פאַר דער שוועל, אַ בלויער שניי ווי אַ פאַרנאַכטיק־זיידענער הימל וואָלט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד. פון ערגעץ־וואו אין פויערישע כאַטקעס מיט שטרויענע דעכער, וואָס רירן כמעט אָן די ערד, בילן אומפריינטלעך די אויפגעוואַכטע הינט. איך פריי זיך איבער די געסט האָט אָוועקגעוואָרפן. דער פּלו־שטיקל פּאַפּיר וואָס עמעץ פון די געסט האָט אָוועקגעוואָרפן. דער פּלו־

שענער פּאַפּוגייער אין דער אײַזערנער שטייג בייזערט זיך אַ נערוועזער וואָס מען האָט אים איבערגעוועקט. ער אימיטירט איצט די לײדנשאַפט־לעכע קולות און די גראָבע שפּראַך פון די לוסטיקע מאַנצבילן, און פון דעם אַ ביסל היסטערישן מיידל, וועמענס שווערע צעפּ הענגען אַרונ־טער ביז צו אירע, מיט סחורה־אויסגעבעטע היפּטן. פּלוצלינג ווערט עפּעס מאָדנע שטיל און אומהיימלעך. איך קען אייגנטלעך נישט פאַרשטיין וואָס אַזוינס איך האָב דאָ צוגעזען. מײַן מוח פֿיבערט שוין מיט חלום און פֿאַנ־טאַזיע. די האַלבעלבנה, ווי אַ צעשניטענער לעקעך, דאַכט זיך מיר, לאָזט זיך שטילערהייט אַרונטער און פאַלט גלײַך אויף מײַן קאָפּ. די מאַמע איז מיד און זי לייגט מיך צאַרט אַרײַן אין דעם אײַזערנעם בעטל. זי איז אויס־געמאַטערט פון דעם באַדינען די געסט אין דער היימישער גאַרקיך. אָבער צאַרטע, אַזוי ווי זייד, זײַנען אירע מאַמעש־וואַרעמע הענט. איך קוש עפּנט אויף פאַר מיר דאָס גאָלדענע טיר־און־טויער פון אַ נאַכט מיט חלום און קינדישע זעאונגען, כאָטש די אייגנטלעך טונקעלע נאַכט איז שוין כמעט ווי פאַרגאַנגען. די מאַמע האָט מיך אַזוי ענג און געטריי אײַנ־געדעקט מיטן גרויסן און לויכטנדיקן טיגער פון דער קאָלדרע, וואָס מײַן שוואָגער חיים־שבת האָט געבראַכט אַ מתנה צו מײַן יונגער שוועס־טער אַזש פון דעם ווייטן קאַמטשאַטקאַ, וואו ער האָט געדינט ביי „פֿאָ־ניע גנב”. דערפילנדיק די וואַרעמקייט פון דעם היימישן טיגער, פאַל איך אַזאַ באַרואיקטער אַרײַן אין די פרײַנטלעכע אָרעמס פון שלאָף ווי אין די כוואַליעס פון אַ זומערדיקן טײַך. וואָרום דער גוטער טיגער, איך בין דערין זיכער, היט מיך שוין געטריי אָפּ. דער טיגער גליט מיט גאָלד אין זײַנע אויגן. מיט זון־פאַרגאַנג לויכטן זײַנע ווייכע גלידער. אויפן מעכטיקן רוקן שפּראַצן ביי אים אַרויס גרויסע פליגל. אָט הויבן מיר זיך ביידע אויף אין דער הויך און מיר שוועבן אַרויס דורכן אָפענעם לופטשיק. מיר פליען טאַקע איצט אַזעלכע גליקלעכע איבער דעם פאַנ־טאַסטישן לאַנד וואָס הייסט קאַמטשאַטקאַ...

איך בין אומגעוויינלעך דאַנקבאַר צום געטרייען טיגער. איך שוועב אינמיטן שלאָף. איך הויב שוין אָן עפּעס צו פאַרשטיין די פּאָעזיע פון גאַנס פשוטע עקזיסטענצן. איך פאַרנעם שוין אייגנטלעך די באַדייטונג פון זאַכן וואָס די מערסטע פון די מענטשן, אין זייער שטענדיקער אײַלעניש, פאַרגעסן געוויינלעך צו באַמערקן און אָפּצושאַצן...

דער אויבן געשילדערטער באַגינען קומט פאָר אין דערפל סאָסנאָוו. איך בין דעמאָלט אַרום אַכט יאָר אַלט. אויף דער וועלט שטייט דאָס יאָר 1918. דער עסטרייכישער קייזער פראַנץ־יאָזעף איז שוין אַ זייער אַלטער מאַן. דער צאַר ניקאָלאַי איז שוין געהאַט אומגעקומען מיט דער צאַריצע, מיט די קינדער. מײַן טאַטע רעדט וועגן דער רוסישער רעוואָ־לוציע. ער זאָגט בפירוש אַז אין רוסלאַנד הערשט אַ נייער „צאַר”. ער הייסט „טראָצקי”. מען זאָגט אַז ער איז אַ איד. איך זע אַז אין דער

שטייג זשאָווערט דער פּאַפּוגייער, און אַז מיין טאַטנס באָרד ווערט שוין גרוי . . .

## טאַנים נסיעה קיין איטאַליע

אין בלויז געציילטע פינף מינוט האָב איך שיעור נישט געזען אַ שטיק וועלט אין מיניאַטור. אָראָפּגייענדיק מיט די טרעפּ פון מיין וואוי־בונג, זע איך ווי עטלעכע חנעוודיקע קינדער זיצן אין אַ ווינקל פונעם קאָרידאָר און זיי שפּילן זיך מיט זייערע פּילפאַרביקע ליאַלקעס, מיט שטיקלעך שפּיגלען, טאַשמעס, בענדלעך, זיידענע שנירעלעך און שמאַט־קעלעך; מיט פאַלשע שנירלעך פּערל און צירונג. עס איז דאָך זייער שענסטע צייט. אָבער זיי ווייסן איצט נישט פון זייער גן־עדן. זיי וועלן ערשט וויסן דערפון אין אַ פופציק, זעכציק און זיבעציק יאָרן אַרום, ווען קראַנקהייטן און אומגליקן וועלן זיי מענטשלעך באַפאַלן. דעמאָלט וועלן זיי בענקען צום פאַרלוירענעם גן־עדן פון זייער פריער קינדהייט אין ראָמאַנטישער יוגנט . . .

פאַרבייגייענדיק אַ שכנותדיקע גאַס, קוק איך אויף אַ רעגעלע אַריין אין אַ ווינקעלער: איך זע ווי געהיימנישפולע ליכטער פאַרשפּרייטן אַזאַ סודותדיקן שיין פון די ווינקלען אויס; די פלעשער ווין לויכטן פינקלענ־דיק־רויטע, ראָזיקע, געלע, בורשטיניקע, ווי די לבנה, ווי בלוטיקע רויזן, אַזעלכע זוניק־וואַיניקע, רוזשירטע, ווי מיין „ערשטער געליבטערס" גאָל־דיק פּנים. עטלעכע שיכורים זיצן דאָ נאָך אַלץ ביי די טישלעך מיט פלעש־לעך ווייִן, ווי אין וואַן גאָגס מאָלעריי וועגן דער קאַפע אין אַרלס מיט הונדערט יאָר צוריק; אָדער ווי אין מאַנגערס פּאָפּולער ליד וועגן דער מענטשלעכער איינזאַמקייט און די „זיבן מייזלעך מיט אַ מויז". מיטן וואָרעמען ליכט פון די היימלעכע אַבאַזשורן אַרום זייערע קעפּ, ווי פאַר־משפּטע צום הענגען אין באַגינען, אָדער ווי הייליקע מיט גאָלדענע אָרע־אָלן איבער זייערע שטערנס. עס איז, טראַכט איך, אַלץ בלויז אילוזיע. פאַנטאַזיע, אַ פאַטאַ־מאָרגאַנאַ אין דער מדברישער וועלט, אין סאַכאַראַ. אַנדערע מענטשן דרימלען און חלומען פון די נאַקעטע ווייבער אין מחמדס גן־עדן . . .

איך גיי עטלעכע גאַסן ווייטער צום איטאַליענישן שניידער, טאַני, כדי אָפּצונעמען מיין אַנצוג. עס הענגט ביי אים אויף דער ברודיקער וואַנט אַ ריזיקער שפּיגל אין אַן אַלט־מאַסיווער, גאָלדיק־געפאַרבטער ראַם. דער דאָזיקער אומגעווייַנלעכער שפּיגל שטאַמט זיכער פון דעם לוק־סוסדיק־רייכן מעבל אין אַ קעניגלעכן פּאַלאַץ. אָבער טאַניס שכן, דער סערבישער מעבל־הענדלער, האָט געדאַנקט גאָט אַז דער נאַרישער און סענטימענטאַלער טאַני, וואָס האָט ליב זאַכן פון די פאַרגאַנגענע צייטן, האָט דעם שפּיגל אַרויסגעטראָגן אומזיסט פון זיין אַלט־מעבל־געשעפט, וואו ער האָט פאַרנומען צופיל פּלאַץ. וועלכער משוגענער וועט עס גיין

קויפן היינטיקע צייטן אַזאַ ריזיקן און אַלטמאָדישן שפּיגל, וואָס פאַרנעמט כמעט אַ האַלבע וואַנט, און אין וועלכן נאַקעטע ווייבער פון פריערדיקע יאָרהונדערטער האָבן זיך געשפּיגלט אפשר נאָך בשעת דער פראַנצויזי־שער רעוואָלוציע, ווייל דער שפּיגל שטאַמט טאַקע פון פּאַריז. איצט שפּיג־לען זיך אין אים די אָרעמע מענטשן, וועמענס שמאַטעס און לאַכעס טאָגי אַרבעט איבער אין משך פון זיינע לאַנגע אַרבעטס־טעג און נעכט. דער שפּיגל נעמט אַריין אַלע מענטשן מיט אַ געטלעכער גלייכגילטיקייט אין זיין פינצטערן תהום, כאָטש ער איז געזילבערט, ווי אין אַן אָפּגרונט אָן אַ דנאָ...

דער דאָזיקער שניידער טאָני קומט טאַקע פון אַ לענגערער נסיעה אין זיין געבורט־שטעטל, אין דער געגנט פון פּאַלערמאָ, אין איטאַליע. ער איז איצט קוים צוריקגעקומען אַ טויט־קראַנקער. די נאַציס האָבן בשעת דער לעצטער מלחמה אויסגעשאָכטן אַ סך מיטגלידער פון זיין צאַלרייכער פאַמיליע. אין זיין געבורט־שטעטל האָט ער כמעט קיינעם נישט מער דערווישט פון זיינע אַמאָליקע פריינט פון דער שולע. ער האָט געזען די צעבראָכענע מצבות פון עטלעכע יוגנט־חברים אויפן צעמענ־טאַרזש, האַלב־פאַרשאָטענע מיט געלע בלעטער פון אַ סך הארבסטן, און פאַרוואַקסענע מיט הויכע גראָזן. בלויז די פעטע גלחים זיינען געבליבן לעבן, אַזעלכע רואיקע, זאַטע און אויסגעפּאַשעטע, ווי די חזרים. גלחים בכלל האָבן אַ טבע צו לעבן זייער לאַנג. זיי שטרענגען זיך נישט צו שטאַרק אָן. אפילו די נאַצישע באַנדיטן האָבן נישט באַוויזן זיי אומצוברענג־ען, ווייל זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די טיפע היילן פון די בערג אַרום דעם שטעטל. טאָני האָט אויך נישט געקענט מער פאַרדייען די פעטע מאַ־כלים ביי זיי שוועסטער: דעם געלן און שטאַרק־געזאַלצענעם קעז געדיכט אַרויפגעשאָטן אויפן טעלער מיט הייסע מאַקאַראָניס (לאָקשן). אַ פּלימעני־צע האָט אים איינגעלאַדן אין איר פּאַרם־הויז, און האָט לכבוד אים סער־ווירט וויין, און האָט אים געקושט אָן אַן אויפהער. אָבער ער איז באַלד געוואָרן שיכור און איז איינגעשלאָפן, זיצנדיק ביים טיש, אויף אַ גאַנצער נאַכט. אָבער אַפילו אין שלאָף האָט זיינס אַ מומע גערעדט צו אים שעהנ־לאַנג. זי האָט רעכט געמיינט אַז ער הערט אויס יעדעס איינציקע וואָרט פון אירע ליפּן אַראָפּ, דערציילנדיק אים וועגן זייערע איבערלעבענישן בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, אונטער דעם נאַצישן רעזשים פון מאָרד, רציחה און רויבעריי...

איך האָב אין די געציילטע פינף מינוטן געזען נאָך אַנדערע זאַכן פון חלום, פון טרויער, פון פריידן, פון מענטשלעכע אילוזיעס און כלערליי נאַ־רישקייטן. טאָני איז פּאַקטיש געווען אַ חוני המעגל וואָס האָט נאָך פּופציק יאָר זיך אומגעקערט אין אַ פרעמדער וועלט. אָבער ווער האָט אַזוי פיל כוח אָנצושרייבן די געשיכטע פון לעבן אין אפשר אַ טויזנט בענדער?! מאַקסים גאָרקי האָט אַמאָל געהאַט אַ פּלאַן אָנצושרייבן די גאַנצע אַקטיווי־

טעט פון בלויז איין לאַנגען טאָג פון אַרבעט און מי אין דער וועלט, וואָס געשעט אין די פיר און צוואַנציק שעה פון זיין לאַנד. אָבער דאָס איז אויך געווען אַ צופיל־גראַנדיעזער פּלאַן אויסצופירן, אַפילו פאַר אַזאַ גרויסן קינסטלער ווי עס איז געווען מאַקסים גאָרקי...

## דאָס קינד און די מוטער

איך בין היינט געווען ביים ים. אַ יונגע פרוי האָט זיך געשפּילט מיט איר חנעוודיק טעכטערל. דאָס דאָזיקע אומשולדיקע שפּיל האָט געהאַט אַלע חנען און טעמען פון דער געטלעכקייט אַליין. דאָס פּיטשינקע טעכטערל, אין וועמען עס איז רודימענטאַריש שוין געווען די פולע גראַציעזע קאָ־קעטקע און די קומענדיקע וועלט־דאַמע, איז אַרומגעלאָפן אַזאַ ענטוזיאַס־טישע מיט דער זיידענער ליאַלקע אין דעם הענטל אירן. זי האָט אויף אַ מאָמענט מיר געגעבן אין די הענט צו האַלטן איר געליבטע ליאַלקע. אַזאַ צוטרוי פון אַ קינד צו אַן עלטערן מענטש, מאַכט אויף אים אַ רירנדיקן איינדרוק...

די יונגע מוטער, ווי עס טרעפט אָפט, איז פשוט פאַרוואַנדלט געוואָרן צום קינד, כדי צו זיין פּסיכאָלאָגיש נאָענטער צו איר זיסן טעכטערל. דאָס קינד איז אויך געוואָרן מער קינדעלע ווי עס איז געווען דערוואַקסן קינד, כדי דערמיט צו געפעלן דער קינדעריש־געוואָרענער מוטער. דאָס אַלץ איז עמאָציאָנעל רירנדיק און ראָמאַנטיש אַנטקעגן דער היינטצייטי־קער קאָמוניסטיש־נאַצישער און אַראַביש־אַפריקאַנישער אורנאַכט, און דעם דעגענערירט גרויליקן אורמענטש פון אַן אידי אַמין און יאַסיר אַראַפאַט. דאָס האַרץ מיינס האָט זיך געפרייט מיט דער סצענע און דערשיינונג פון געטלעכער ליבשאַפט צווישן אַ יונגער מוטער און איר קינד, וואָס איז ריין ווי דער הימל אין דעם סאַמע פריעסטן באַגינען, ווען די לבנה גע־זעגנט זיך מיט אונדזער קאָנטינענט, און קושט ערב איר אונטערגאַנג דעם ראַנד פון דער ערד ביים וואַלד, ביים ים, ביים ברעג פון אונדזער גרויסן חלום...

## זון, איך וואָלט דיך געקושט אין עקסטאַז

זון, איך וואָלט דיך הייס געקושט אין מיין ליבשאַפט צו דיר, וואָס איז נישט קלענער פון דיין פייער. אָבער איך האָב מורא אַז דו וועסט חלילה אויסלעשן דאָס הייסע וואָרט אין מיין גומען; אַז דו וועסט פאַרברענען מיין צונג און מיין האַרץ...

## עס בלוטיקן די דענקמעלער

דער פּאַרק איז געווען אומענדלעך ברייט און טיף ווי אַ וואַלד. אונ־טער יעדן בוים איז געשטאַנען אין זיין קילן שאָטן אַ מאַרמאָרנע סטאַטוע פון אַ גריכישער געציץ. דער זון־אונטערגאַנג איז צוגעפאַלן רויט־אונפלאַ־מיק, און פול מיט ווינט און נאַכט, ווי אין אַ מאַלעריי פון פלאַמינק. עס

האָט אויסגעזען ווי די סטאַטועז וואָלטן געבלוטיקט פון זייערע רויע און בלוטיקע וואונדן. מיר האָט זיך געדאַכט אַז די פאַרשטיינערטע פרויען מענסטרואירן...

## וועגן אונדזער פּאָרצייטישן שפּאַניע

איך האָב היינט געטראָפן ביים ברעג פון ים פּאָרטריבענע אידישע פרויען פון אַלזשיר, פון עגיפּטן, פון תימן, מיט זייערע טונקל־האַריקע מאַנצלייט און מיט זייערע פילע קינדערלעך. זיי זיינען אָפּשטאַמיקע פון די פּאָרצייטישע שפּאַנישע ספרדים. זיי רעדן כמעט אַלע אַ גלענצדיקן פראַנצויזיש. זיי זיינען געקליידעט אין רייכער אָריענטאַלישער קאָלירך־פּראַכט, אין קאָסטבאַרע סאַמעטענע און זיידענע שטאָפן, און געצירט אין אַלט־אָריענטאַלישער צירונג. איך האָב מיט זיי גערן גערעדט אויף זייער פּרעכטיקן לשון, און אויך אַ ביסל אויף העברעאיש, וואָס בלויז אַ טייל פון זיי האָבן געקענט. איך האָב געטראַכט פון יענעם געוואַלטיקן כוח וואָס האָט די דאָזיקע היסטאָרישע אידישע שטאַמען, ווי מעכטיקע צווייגן פון אַ שטאַרקן דעמב, דערהאַלטן ביים אידישן שטייגער־לעבן דורך טויזנטער יאָרן, אין פינצטערע מיטלאַלטערלעכע געטאָס, צווישן פאַנאַטישע מוסולמאַנישע פעלקער, וואָס האָבן זיי כסדר בלוטיק פאַרפאָלגט, פאַרשקלאַפט און פּאָגראָמירט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. וואָס איז אָזוינס דער גרויסער סוד פון זייער גייסטיקן און רעליגיעזן כוח, וואָס האָט זיי נישט געלאָזט ענדערן זייער אייגן פּנים, זייערע פעסטע כאַראַקטערן, זייער נאַציאָנאַלן אייגנאַרט, זייער גאָט אין דעם אידישן האַרצן?! און וואָס פאַר אַ קראַפט, אַ מאָראַלישע, רעליגיעזע און פאָלקלאָריסטיש־קולטורעלע, וועט זיי איצט קענען אויך ווייטער צונויפהאַלטן צווישן די פיינטלעכע און וועגן אַפילו מכלומרשט פריינטלעכע פעלקער, אויב נישט דער כוח פון רעליגיע, די וויזיע פון דעם אידישן גאָט, און די מיסטיק פון דער אידישער געשיכטע?!

סיי ווי אָבער טוליע איך זיך צו זיי ווי צום פּאָרצייטישן אידישן שפּאַניע. איך נעם אַריין אין זיך זייערע רייד ווי מוזיק, ווי יענע מעלאָדיעס און תפילות פון דעם מאַריש־אידישן שפּאַניע פון ר׳ שמואל הנגיד, ר׳ שלמה בן־גבירול, ר׳ יהודה הלוי, ר׳ משה אבןעזרא און ר׳ אברהם אבן עזרא. מיר דאַכט זיך אַז איך בין געבוירן געוואָרן מיט הונדערטער יאָרן צוריק. אַז טאָרקוועמאַדאַ איז אויך מיין שרעקלעכער פאַרפאָלגער. אַז איך לעב אין פּחד צווישן די טונקעלע מויערן פון זייערע אַלטע שטעט, יעדע רגע פונעם מעת לעת, דערוואַרטנדיק דעם איינברוך פון די אָפּגעשטאַנענע און אויפגעהעצטע מחמדנישע פאַנאַטיקער, דעם פינצטערן פעבל, דעם בלוטדורשטיקן און רויבערישן המון, וואָס איז תמיד הונגעריק נאָך אידיש האָב־און־גוטס, און נאָך הייליקע אידישע בתולות. מיר דאַכט זיך אַז איך גיי נאָך די טריט פון דון יצחק אברבנאל. אַז איך פאָלג נאָך אין

דער נאַכט ר' שלמה בן גבירולס טרויעריקן שאָטן. אַז איך קוק אַריין אין פינצטערן הימל איבער שפּאַניע, און איך זע די שטערן פון זיין הער־לעכער פּאָעמע „כתר מלכות"; אַז איך לאָז זיך אַרויס איבערן שטורעמ־דיקן ים אין איינער אַ נאַכט צו דער מאַמע ציון, קיין ירושלים, צוזאַמען מיט מיין עלטסטן ברודער־קאָלעגע, דר. יהודה הלוי. אַז איך בין, ווי ר' משה אבן עזרא, פאַרליבט ביזן לעצטן טאָג און נאַכט פון מיין לעבן אין זיין געליבטער, דער בלייכער רחל, און איך קוש אירע סאַמעט־שוואַרצע אויגן ביינאַכט אין מיין חלום...

## אַ ציגל איז געווען חשובער פון אַ מענטשלעך לעבן

עס ווערט געבראַכט אַז ווען אַ ציגל איז אַראָפּגעפאַלן בשעתן בויען דעם טורעם פון בבל, האָבן די אַרבעטער געוויינט און שטאַרק באַדויערט דעם פאַרלוסט פון דעם ציגל, אָדער פון אַ שטיין. אָבער ווען עס האָט געטראָפן אַז אַן אויסגעמאַטערטער מענטש איז אַרונטערגעשליידערט גע־וואָרן צום אָפּגרונט, ווייל ער האָט שוין נעבעך מער נישט געהאַט קיין כּוח צו אַרבעטן, מסתמא אונטער דער אָנפירונג פון ציניש‏ע און אַכזריות־דיקע לייט, וואָס זיינען תמיד געווען אויף דער וועלט, זינט זי עקזיסטירט, האָט מען הילכיק און ציניש געלאַכט אין דעם קאָסמישן חלל אַריין. אַזוי דערציילט דער גייסט פון דעם געהיימנישפולן מחבר פון דער מעשה וועגן דעם טורעם פון בבל...

## דייוויד בורליוק און זיין פרוי מאַרושיאַ

איך געדענק ווי אַזוי איר האָט מיך דאָס ערשטע מאָל געפירט אין אַ זונטיקדיקן פרימאָרגן פון מיטן חודש יולי, אין יאָר 1939, דאַכט זיך, צום רוסישן מאָלער, דייוויד בורליוק, וואָס איז געווען וולאַדימיר מאַיאַ־קאָווסקיס אַ יוגנט־חבר, אין דער געגנט פון דער ערשטער עוועניו און דער צענטער גאַס, אין אַ טיפּיש־סלאַווישער אַרטשאַפט, וואו עס וואוינען מערסטנס רוסן, אוקריינער, פּאָלאַקן, לעטן, ליטווינער, ווייס־רוסן און טשע־כאָ־סלאָוואַקן. דער מעשענער גלאָק פון אַן אַלטער צערקווע, אַ באַדעקטע מיט סאַזשעס און דער פּאַטין פון צייט און עלטער, האָט טיפּישדיק־זונ־טיקמעסיק און מאַנאָטאָניש־רעליגיעז געקלונגען ווי ערגעץ־וואו אין אַ וויטן רוסישן דאָרף, אין דער צייט פון דער נאָך הערשנדיקער צאַרישער דינאַסטיע, אויסקלינגענדיק פּראַוואָסלאַוונע תפילות. ביידע, דער מעכטי־קער פאַרשוין פו אַן אוקריינער קאָזאַק, מיטן גלעזערנעם אויג זיינעם, דייוויד בורליוק, און זיין קרענקלעך ווייב מאַרושיאַ, מיטן בלייכן פּנים פון אַן אַלט־סלאַווישער איקאָנע, זיינען נאָך דעמאָלט געווען פול מיט ענערגיע, און באַלאָדן מיט קינסטלערישע פּלענער. זיי זיינען געווען שרעק־לעך אָרעם, ווי די קלויסטער־מייז, לויטן גואישן אוסדריק. דאָס מישטיינס־געזאָגטע הויז זייערס איז געווען שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט און האָט אויס־געזען ווי דער הינטערגרונט אין דער אָפּערע „לאַ באָהעם". מאַרושיאַ, אַ

הויכע, אַ דאַרע, איז געווען אַ האַרצלײדנדיקע פּרוי. זי איז מכלומרשט געווען אַ שריפטשטעלערין. פּאַקטיש האָט זי בלויז געשריבן פּראָפּאַגאַנדע־אַרטיקלען און פּריוואַטע בריוו מיט אַדרעסן וועגן איר מאַנס פּילפאַרביקער קונסט, וואָס האָט געלויכטן מיט זייערע מערסטנס נאָך נאַסע, ערשט־געמאָלטע פאַרבן אין דער שטויביקער טונקלקייט פון דער באַהעמישער שטוב מיט שטיקער אָנגעצונדענעם זון־און־פייער. ביידע האָבן שפּעטער אויך אַרויסגעגעבן אַ פּרעכטיקן קונסט־זשורנאַל, מיט אויסגעצייכנטע רעפּראָדוקציעס פון זיינע מאָלערישע ווערק, וואָס האָבן ממש געשמעקט מיט דעם פרישן טוי פון די דאָרפישע רוסישע פעלדער און וועלדער. מאַרושיאַ האָט אין אַ קלאַסישן רוסיש געשריבן די באַשרייבונגען פון איר מאַנס קונסט; אויך די זאַכלעך־געניטע זכרונות פון דער היים, אונטער דער הערשאַפט פונעם צאַר ניקאָלאַי, ערגעץ אין אַ סלאַוויש־פאַרוואָרפענעם דאָרף. זי האָט אויך געשריבן פיינע רעפּאָרטאַזשן פון זייערע געמיינזאַמע נסיעות אין איטאַליע, באַזונדערס די גוט־באַקאַנטע, מאָלעריש־רייכע שטעט פון לאַנד, ווי רוים, פלאָרענץ, נעאַפּאָל און מילאַן; ווי אויך די פאַנטאַסטישע ים־קור־ערטער קאַפּרי און סאָרענטאָ, וואו עס האָט מיט יאָרן צוריק געוואוינט דער באַרימטער שריפטשטעלער מאַקסים גאָרקי, הוסטנדיק און היילנדיק זיינע שווינדזוכטיקע לונגען, און שרייבנדיק בריוו צו לענינען, דעם רוסישן „משיח". בשעת די דאָזיקע נסיעות האָט בורליוק אויף קיין איינציקן מאָמענט נישט אַרויסגעלאָזט דעם פאַרבנפייכטן פּענדזל פון זיין גרויסער קאַזאַקישער האַנט...

די בורליוקס האָבן אונדז אויפגענומען פריינטלעך, מכבד זייענדיק מיט גלעזער רויטן וויין, וואָס זיי האָבן געגאָסן פון אַ ריזיקן גלעזערנעם גאָנשער. זיי האָבן אויך געשטעלט טאָצן מיט פרישן שוואַרצן ברויט, מיט שטיקלעך שווייצאַרישן קעז, ווי אויך אַנדערע געווירצטע „דעליקאַטעסן". בורליוק האָט מיך אויך געצייכנט. אין זיין צייכענונג בין איך גיכער ענלעך געווען צו מאַליערן ווי צו זיך אַליין. איך בין אַוועק פון זייער הויז פול באַלאָדן מיט איינדריקן פון זייער ביידנס פריינטשאַפט, פון דער סביבה פון אַן אָרעמען, אָבער אמתדיק־רייכן קינסטלער, וואָס האָט פון זיין לאַנד מיטגעבראַכט אין זיין אָנגעצונדענעם דמיון אַ קוואַל מיט אייביקפרישע פאַרבן און בלומען, ווי אָנגעצונדענע שטערן. עס האָט פון די דאָזיקע ביידע רוסן געקוועלט און געקוואָלט מיט קינסטלערישער ענערגיע, מיטן פלאַמיקן יום־טוב פון אמתער שעפערישקייט, צו וועמען די אָרעמקייט איז קיינמאָל נישט קיין ערנסטע שטערונג, און קען נישט פאַרטונקלען די געטלעכע פרייד פון שעפערישער פּאַטענץ און קינסטלעריש־פייערלעכן יום־טוב...

איך געדענק אויך אַז דאָס סאַמע לעצטע מאָל האָב איך געזען, פאַרנדיק צופעליק אויף אַן אָנגעשטאָפּטן אויטאָבוס, איבער דער זיבן־און־פופציקסטער גאַס, ווי אַזוי דער מייסטער בורליוק, שוין אַ שרעקלעך־

איינגעבויגענער, צו מיין גרויסער איבערראַשונג וואָס ער איז אַזוי ווי פלוצלינג און מוראדיק אַלט געוואָרן; מיט אַ נאַקעט־אָפּגעדעקטן שאַרבן אונטער דער ברענענדיקער זון, ווי טאַראַס בולבאַ, אָן דער מינדעסטער האָר אויפן קאָפּ, איז געגאַנגען פּאַוואָליע און געאָרעמט מיט זיין שווער־הוסטנדיקער פרוי בשעת דעם שטאַרקן ווינט.ביידע זקנים האָבן זיך צו־געהאַלטן מיט זייערע הענט איינער אינעם אַנדערנס שוואַכע און אַלטע גופים, וואָס האָבן זיך שווער געוואַקלט, ווי ביי צוויי שיכורים, זוכנדיק קעגנזייטיק שוץ און אָנשפּאַר. זיי האָבן אויסגעזען צו זיין צוויי שרעקלעך אַלטע מענטשן, וואָס גייען שוין צו זייערע אָפענע קברים, וואָס דער באַ־גרעבער האָט אין דעם נאָך גרויען באַגינען אויפגעגראָבן מיט זיין אייַ־זערנעם שפּאַדעל אין דער רויט־ליימיקער ערד, כדי זיך רואיק און כמעט פרייוויליק אַוועקצולייגן אין גאָטס געטרייער טיפעניש אַריין, וואָס נעמט אויף אַלע אירע קינדער, וואָס קערן זיך אום צו איר אין זייערע שפּעטע און אַלטע יאָרן, מיט אירע אייביק־הונגעריקע ווערעם...

דייוויד בורליוק האָט געטראָגן טיף אין זיינע אַקסלען אַריינגעזונקען זיין ריזיקן קאָזאַקישן קאָפּ מיטן נאַקעט־שטאָליקן שאַרבן, אין אַ זייט גע־בויגן, ווי זיין קאָפּ וואָלט זיין אַ גלאָבוס פון דער וועלט. ער איז געווען איינגעבויגן אין דרייען, ממש ביז צו דער ערד. איך האָב זיך דעמאָלט אַליין געפרעגט: איז דאָס דער הויכער אוקריינישער קאָזאַק, וואָס האָט מיט זיין אַמאָליקער גבורה, מיט זיין מעכטיקן וואוקס, מיט זיינע ברייטע פּלייצעס, מיט זיין שטרענגען סלאַוויש־רויטן פּנים, טאַקע ווי אַ זאַפּאָראָ־זשער קאָזאַק; מיט זיינע בליציק־פינקלענדיקע אויגן, ווי טאַראַס בולבאַ, וואָס טאַנצט ווילדערהייט, פאָכנדיק מיט זיין לאַנגער פאַרבלוטיקטער סאַבלע אין דער לופט, ווי ער וואָלט האַקן קעפּ פונעם שונא?!...

און דווקא די מאַרושיאַ, וואָס איז אייביק געווען אַ קרענקלעכע פרוי, אַן אָפּגעשוואַכטע אינטעליגענטע רוסין, ווי אַ שווינדזוכטיקע מאַדאָנע, אין אַ פאַרקאָפּטשעט־רעליגיעזער איקאָנע־מאָלעריי, געמאָלן מיטן סאַמע ריינסטן און לויטערסטן גאָלד, און באַלויכטן דורכן קאַרגן אָפּשיין פון אַן אָרע־מען דרייער־לעמפּל, וועמענס גלעזל איז אויך געווען באַדעקט מיט סאַזשעס און קאָפּעטש, ערגעץ אין אַן אַלטער קליינשטעטלדיקער צערקווע, ווי די וואָס דער נאָך־יונגער שרייבער מאַקסים גאָרקי פלעגט באַשרייבן אין איינעם פון זיינע אויטאָביגראַפישע ביכער, זייענדיק אַ לערנייִנגל, אַ גע־זעל„ ביי אַזאַ איקאָנע־מייסטער, אין אַ טיפיש־רוסישן ווערקשטאַדט, וואו מען האָט די הימלישע בלייכע מלאכים מיט ריזיקע און הויכע פליגל און פיבערישע פּנימער; און די סלאַווישע אויסגעדאַרטע הייליקע און נזירים, געמאָלן ממש מאַסנווייז, מיט דער מיטאַרבעט פון אָרעמע לערנייִנגלעך, אַזעלכע ווי דער טרויעריקער און דערשלאָגענער יונגער פּעשקאָוו (גאָר־קיס אמתער נאָמען). אויך זי האָט איצט אויסגעזען אַזוי אַלט, מיד און פאַרקריפּלט, ווי עפּעס אַזאַ איינזאַמער און דערשלאָגענער פויגל ביים

ברודיקן ברעג פונעם ים אונטער אַ שטאַרקן שלאָקס־רעגן. און, ווי שרייבט איר, פריינט דוד אָפּאַלאָוו: ער איז דאָך געווען אַמאָל אַ קאָזאַק, ממש אַ גיבור פון אַ מאַנצביל. אָט וואָס עס ווערט בשעת דער אומעטיקער עלטער פון די מערסטע איינזאַמע מענטשן, אויב נאָר מ׳דערלעבט זי, די פאַרשאָל־טענע עלטער, מישטיינס געזאָגט, וואָס דער וואָס לעבט אייביק, און וועל־כער שעמט זיך טאַקע נישט איבערצולעבן אַלע זיינע קינדער און אייניקלעך, איז אַזוי געבנעדיק צו שענקען צו זיינע אויסדערוויילטע מענטשן...

## ווידער אַנרירנדיק גאָטס דרויסן

שוין זינט אַ לענגערער צייט, זינט איך בין לעצטנס ערנסט קראַנק געוואָרן, ווי איך האָב נישט שפּאַצירט, ווי עס איז פריער געווען מיין געוואוינשאַפט, ביי דער לאַנגער וואַנט פון בית עולם אין מיין געגנט. היינט, אין אַזאַ פּרעכטיקן טאָג פון מיטן חודש יוני, האָב איך געוואָגט דאָס צו טאָן. איך בין געווען טיף גערירט פון מיינע אייגענע געפילן, וואָס האָבן מיך באַהערשט. פון מיינע אויגן, גייענדיק זייער באַענגט־און־נידעריק ביי דער מעכטיקער מויער, האָבן מיינע טרערן הייס געקאַפּעט. איך האָב געזען ליגן נידעריק צו דער גרויסער ערד יעדעס איינציקע בלעטעלע, בלימעלע, גרעזעלע, זעננגעלע און פעדערל, וואָס נאָר אַ פויגל האָט פאַרלוירן אין זיין הויכן געשוועב איבער דער ערד. און אַפילו פּראָס־טע שטיינדלעך האָבן געקראָגן צו מיר אַזוי פיל זין און באַדייטונג. איך האָב דערפילט אַזאַ געטלעך געפיל פון רעווערענס און הייליקייט פאַר דער זיסער און רירנדיקער לעבעדיקייט פון אַנדערע, אַפילו פאַר די סאַמע קלענסטע עקזיסטענצן, אויסער מיין אייגענער ווייניקייט. דאָ, ביי דער מאַסיווער וואַנט פון טויט, וואָס רינגלט אַרום איבער אַ מיליאָן און אַ האַלב קברים פון מענטשן, לעבן זיי זיך שטילערהייט אויס, די אַלערליי־איקע בידנע, שטילע, איינזאַמע און תהילימדיק־ליבע מענטשן, וואָס האָבן אַמאָל, פּונקט אַזוי ווי מיר, געלעבט, געליבט, געשטרעבט, געטרונקען ווין, געוויינט פאַר פרייד און געשריגן פון ווייטיק און יסורים...

עפּעס האָב איך זיי אַלע היינט בייטאָג אַ סך בעסער און טיפער פאַר־שטאַנען ווי תמיד. אויך די מידע און עלטערע פּרויען, וואָס שלעפּן קוים מיט זייערע געשוואָלענע פיס, האָב איך געזען אין מיין אָנגעצונדענעם דמיון, ווען זיי זיינען נאָך געווען יונג און שיין פאַר מענטש און פאַר גאָט. ווען דער רבונו של עולם האָט זיי געשטעלט קרוינען אויף די קעפּ און האָט פאַר זיי געשיינט מיט דער זון פון אויבן. איך האָב זיך אַזוי שטאַרק געפרייט מיט מיין גאַנג ביים בית עולם, ווי איך וואָלט אויסגעגאַנגען די גאַנצע וועלט; ווי איך וואָלט אָנגעקוקט, אַזוי ווי דאַנטע, די פּנימער פון אַלע דורות און צייטן. איך האָב חשק געהאַט אַלעמען צו קושן, אַרומ־צוהאַלדזן, אַרומצונעמען און דריקן מיט גרויס לויב און ליבשאַפט צו מיין האַרצן, סיי די לעבעדיקע שאָטנס, סיי די טויטע ביינער אין די קברים...

פלוצלינג איז פונעם ברייטן און שטיינערנעם טויער פון בית עולם אַרויסגעקומען אַ יונגע פרוי. מיר האָט זיך, אין מיין שיכרות און ליבשאַפט צו דער וועלט, געדאַכט אַז זי קומט אַרויס פון דער טיפעניש פון אַ קבר, וואו זי איז געלעגן אפשר טויזנט יאָר לאַנג. זי האָט פערזענלעך געקענט אַלע באַרימטע דיכטער פון די פעלקער: לייב ניידוס און לייזער וואָלף, משה קולבאַק און דזשאָן קיטס; שעלי און לאָרד בײַראָן; פושקין און לערמאָנטאָוו, דעם 28־יאָריקן ראָמאַנטישן דיכטער; יוליוש סלאָוואַצקי און דעם רוימישן פּאָעט קאַטולוס, וואָס האָט ליב געהאַט לעסביאַן מיט איר זינג־פויגל. זיי אַלע האָבן זי געקושט און געהאַלדזט. אויך מיין פאַרטרערט אויג האָט איר צאַרט־און־נאָבל געקושט מיט די אידלסטע קישן — דער טונקל־אומפאַרגענגלעכער שיינקייט, וואָס ווערט נישט אַלט אַפילו נאָך טויזנט יאָר זיין טויט, און וועגן וועמען דער פּאַרציטישער גריכישער דיכטער האָט געשריבן זיין עפּיטאַף: „דער טויט האָט געמאַכט זיין פינצ־טער קעניגרייך שיין מיט דיר.” (לויט ד״ר עזריאל נאַקס'ס אַ ציטאַט.)

## איך בין אַלט

איך בין אַלט מיטן טאַטן. איך בין אַלט מיט דער קליינטשיקער מאַמען. איך בין אַלט מיט מיינע עלטערע ברידער און שוועסטער. איך בין אַלט מיטן גרייזגרויען פאָלק מיינעם וואָס איז איינגעהילט אין דעם בלוטיקן קלייד פון דער אידישער געשיכטע. איך בין אַלט מיט אדם, מיין אור־זיידע, און מיט חוה'ן, מיין אור־באָבע. איך בין אַלט מיט די געשטאָרבענע גופים פון אַלע דורות. איך בין אַלט מיט גאָט, מיט גאָר זיינע באַשעפענישן: מיט די חיות, עופות, ווערעם און באַצילן. איך בין מוראדיק אַלט מיט דער אַלטער מעכטיקער ערד; מיט אַלע אירע שטעט, טעמפּלען, זיילן, מויערן, בערגער, טאָלן און קברים פון מאַסן מענטשן, אומגעבראַכטע אין מלחמות, מגפות, עפּידעמיעס, כאָלערעס, טיפוסן, שווינד־זוכטיקייטן און אינפלוענזיעס. איך בין אַלט מיט די געשוואָלענע וואָלקנס וואָס שוועבן נידעריק אונטערן הימל און ווערן צום רעגן שניי און האָגל אויף דער ערד. איך בין אַלט מיטן גאַנצן וואַקסנדיקן אוניווערס וואָס צע־שיסט אין דער נאַכט זיינע שטערן־פיילן אין אַלע זייטן פונעם קאָסמאָס. און וועמענס זונען ציען זיך אין אַלע אומענדלעכקייטן. איך בין אַלט מיט דער גרויער, אוראַלטער און אומענדלעכער צייט. איך בין אַלט מיט די געזאַלצענע טייכן, ימים; מיט דער טיפער אייביקייט. איך בין אַלט און טרויעריק מיטן מענטשלעכן טרויער. איך בין אַלט מיטן אוראַלטן געוויין פונעם מין מענטש אין מיין לייב. איך בין אַלט מיט די געזאַלצענע טרערן פון גאָר די מענטשן, קינדער און זקנים, ערב זייער טונקעלן שטאַרבן. איך בין אַלט מיט ווייב, מיט געליבטער, מיט געשלעכט און מיט ליבע. איך בין שוועראַלט מיט אַלע צייטן פון אַלע לעבנס און גלגולים. איך בין מעכטיק־אַלט מיט מיינע אייזערנע ביינער, וואָס בענקען שוין זיבנ יאָרטויזנטער צו רו, צו נאַכט, צו אייביקייט אונטער די אַלטע שטערן...

## קאַלאַמבורן לכבוד מײַן מוזע

איך זיץ אין דער רעסטאָראַציע פון דעם היגן „אַטראַן קולטור־הויז".

— איר זיצט אַליין? — פרעגט די פריינטלעכע באַדינערין, לואיזע.

— ניין, איך זיץ צוזאַמען מיט מײַן מוזע, — זאָג איך.

— איך זע זי נישט, — זאָגט לואיזע.

— זי איז נעבעך אומזעבאַר, ווי משיח, ווי די הייליקע שכינה, ווי מײַן דורכזיכטיקע נשמה, ווי די לופט פונעם וועלט־עטער. זי איז מײַן לייבלעכע און געטרייע מוזע, און טאַקע מײַן מוז אויך, מחמת איך מוז מײַן גאַנצן לעבן שרײַבן אונטער איר שטרענגן דיקטאַט.

— דאָס איז שוין באמת אַ העזה, — וואַרפט אַרײַן אַ גראַם דער דיכ־טער יאַכימאָוויטש, וואָס זיצט ביים טישל און ער זופט פּאַוואָליע פון זײַן אָנגעצוקערטן גלעזל טיי מיט ציטרין.

— יאָ, — זאָג איך, — טײַלמאָל איז מײַן מוזע אויך אַ מעדוזע, וואָס שטעכט מיך אין האַרץ אַרײַן מיט אירע סקאָרפּיאָנישע לאָקן, ווײַל איך האָב חשק צו זײַן נאָענט מיט איר. און טײַלמאָל קוש איך זי אַזאַ מין פאַרליבטער, ווי די מאַמע מײַנע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, פלעגט קושן אויף דער היימישער טיר, ערב איר אַרויסגיין אין דעם אומהיימלעכן דרויסן — די מזוזה...

## די ווערעם עסן זײַנע מאַלערייען

די דיכטערין חנה אַפּער־אַפּאַטשינסקי דערציילט מיר אַז איר פריינט, דער מאָלער ה. אַנסעלעוויטש, איז כל־ימיו געווען אַ ביטערער אָרעמאַן אַן אביון, וואָס האָט געוואוינט אין אַן אָרעמען דאַך־שטיבעלע, אויף דער פערצנטער גאַס, אין אַ חרובדיקן און אַלטן הויז, וואו עס האָבן זיך אויפ־געהאַלטן גנבים און פּראָסטיטוטקעס. ער פלעגט צו איר זאָגן:

— כדי צו קענען אָטעמען און צו לעבן, מוז איך מאָלן. אַז איך מאָל חלילה נישט, שטאַרב איך; גיי איך אויס פון קרענקונג. די פאַרב איז מײַן שאַמפּאַניער. דער קאַנוועז איז מײַן העמד, און וועט נאָך מײַן טויט זײַן מײַנע תכריכים, אין וועלכע מען וועט אײַנהילן מײַנע אויסגעדאַרטע ביינער, מײַן סקעלעט, אין אײנער אַ פּינצטערער נאַכט אונטער די שטערן...

ווי נאָר די גוטע רינה, די באַמתדיקע צדיקת, האָט אים געשאָנקען עטלעכע טאָלער, איז ער תיכף אַרויסגעלאָפן ווי אַ ווילדער מענטש פון זײַן ווערעמדיקער מאַנסאַרדע, כדי זיך צו קויפן פאַרבן, פּענדזלען און לייוונט. ער האָט אָפטמאָל נישט געגעסן קיין שטיקל ברויט מיט זאַלץ דורך גאַנצע טעג און נעכט. ער האָט זיך נישט פאַרגינען אויסצוטרינקען אַ גלעזל מילך. ער האָט פרומערהייט געפאַסט תעניתים. אָבער כדי צו מאָלן די היימישע אידן פון ווילנע, פונוואַנען ער האָט געשטאַמט, האָט ער געמוזט, ווי געטריבן דורך אַ געטלעכן אימפּעט, אָנצינדן אויף זײַנע לייוונטן די לאַנדשאַפטן פון זײַן פריער יוגנט, מיט די לבנות רויט־אָנגע־

צונדענע ווי די זונען, און די זונען ווי געלע רויזנלבנות. דאָס האָט ער געמוזט, געגנוי ווי מיין ווייניקייט מוז שרייבן. דער טינט־פלאַש איז מיין ווין, וואָס האַלט מיך שיכור דורכן גאַנצן לעבן...

די זונות און וואַגאַבונדן פלעגן אויפברעכן זיינע טירן, און צוגנ־בענען די טיף־אידישע בילדער, איידער די קאַקראָוטשעס האָבן זיי געגעסן פון הונגער...

## יעקב גלאַטשטיין וועגן יהואָשן

אַנומלט האָט יעקב גלאַטשטיין דערציילט ביים יובל פון יהואָשס געבורט, אַז אין דער ליטעראַרישער קיבעצאַרניע פלעגן די יינגערע שרייבער אַלץ און אַלעמען רייסן און פליקן, (פונקט ווי ער אַליין וואָלט חלילה יונגערהייט נישט געווען דער הויפּט־אַרונטערדרייסער, טומלער און סקאַנדאַליסט.) אָבער ווען יהואָש פלעגט פלוצלינג אַריינקומען אין קאַפע, איז געוואָרן שטיל, פונקט ווי דער סמבטיון פון די באַהעמיש־ציניש רייד וואָלט זיך פלוצלינג אָפּגעשטעלט. מען האָט דערפילט אַז עס איז אַריינגעקומען אַ גייסטיקער פירשט, אָדער אַ ווירדיקער פרינץ, וואָס טראָגט נישט קיין שווערט. ער אַליין, יהואָש, וואָס איז געווען אויסגעבלייכט אויפן פּאַרמעטענעם פנים, אָבער ער האָט פּאַרמאָגט ברענענדיקע אויגן, לויכטנדיקע מיט גייסט און ווירדע, האָט זיך אַוועקגעזעצט אינעם „פּרוזדור" (אין פאָרהויז), אין אַ טונקעלן ווינקל־צימער, צוזאַמען מיט עפּעס אַ יינגערן קאָלעגע, ווען ער האָט מיט גרויס ערנסט אויסגעפרעגט וועגן אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין דער ליטעראַרישער וועלט...

נאָכדעם ווי די „יונגע", מיט מאַני לייבן בראש, האָבן נישט אַנשטענדיק באַהאַנדלט דעם פּרינץ יהואָש, דעם קעניג אַליין, זיינען דערנאָך מכלומרשט געקומען די „אינזיכיסטן", און זיי האָבן אים אָפּגעגעבן כבוד. (אַזוי, יעדנפאַלס, לויט די רייד פון יעקב גלאַטשטיין...)

## דער מאַן אין פרעמדע שפּיגלען

עס טרעפט, ווען איך באַזוך די היגע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, אַז איך גיי אַרונטער ביינאַכט אינעם „טואַלעט־צימער" פון אַ האָטעל, צי פון אַ קאַפעטעריע; צי ערגעץ אין אַן איינזאַמען לאָקאַל אַזאַ, ווען איך דערזע פלוצלינג אין אַ שפּיגל אויף דער וואַנט עפּעס אַזאַ אומהיימלעך פרעמדן מאַן, פאַר וועמענס זילבער־גרויע האָר, טרויעריקע אויגן, לעדערנע ליפּן, געלבלעכע ציין, בלייכער הויט פונעם אָפּגעמאָגערטן פנים, קנייטשן אַרום דעם האַלדז, ווי נאָכן האָבן אויפגעהאַנגען געוואָרן אויף אַ תליה אין דעם בלויען באַגינען — איך דערשרעק זיך פשוט. ווער שטייט עס אַזוי פינצטער אונטער מיין רוקן, ווי דער טונקעלער מלאך מיט וועמען יעקב האָט זיך פירכטערלעך געראַנגלט, און ער שפּיגלט זיך אינעם נאַכטיש־איינזאַמען און אימהדיקן שפּיגל? — פרעג איך זיך אַליין אין דער נאַכט, ווי שטייענדיק טיף פאַרזונקען אין אַן אָפּגרונט, צי אין אַ שוואַרצן

תהום, ביים פרעמדן, שטרענגן און שטאַרק־רעאַליסטישן שפּיגל, וואָס איז אומברחמנותדיק צו זיין קרבן...

פּלוצלינג פאַלט מיר איין אַ מחשבה: דער דאָזיקער פאַרעלטערטער מאַן — דאָס ביסטו דאָך אַליין. אין די קאַלטע און אומהיימלעכע שפּיגלען זעסטו אויס אַ סך פרעמדער, איינזאַמער און אַלט־געוואָרענער, ווי אין דיין אייגענעם היימישן שפּיגל מיט די בלוטיקע פלעקן פון רויטן זשאַווער אין זיין אַלטן קוועקזילבער. אין דיין אייגענעם שפּיגל זעסטו דיך יעדן טאָג, יעדע נאַכט, און דו ביסט שוין צוגעוואוינט צו „דיין" פּנים און געשטאַלט...

גיין, קוק נישט מער אַריין אין קיין פרעמדע שפּיגלען, וואָס הענגען אין די טיפענישן און אין קעלערן פון די שטאָטישע האָטעלן, ווייַנקעלערן און קאַפעטעריעס...

## די יידן זיינען מיין גורל

רינה, אַליין אַ דיכטערין, דערציילט מיר אַז איר ברודער פון לאָדזש, פּרץ אָפּאַטשינסקי, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ סך ממש הייליקע כתבים אין רינגעלבלומס אַרכיוו, האָט געהאַט צוויי קינדער, וואָס זיינען יונגער־הייט געשטאָרבן. דאָס דריטע יינגעלע האָט געהייסן דאַנטשיק, און האָט געהאַט גאָלדענע האָר. עס איז אומגעקומען ביי די נאַצישע רוצחים מיט זיינע עלטערן אין אוישוויצער גיהנום...

רינה איז אַ מאַזאָכיסטקע. זי האַלט זיך אַליין אי איין באַשולדיקן אַז זי האָט געקענט ראַטעווען איר אָרעמען ברודער, ווען זי איז געווען עטלעכע יאָר פאַרן חורבן פון די אידן אויף אַ באַזוך אין וואַרשע. זי האָט אים, מיט זיין ווייב און קינדער, מיט געוואַלט געדאַרפט ברענגען קיין אַמעריקע...

אָבער פּרץ, איר ברודער, פלעגט תמיד זאָגן דאָס אייגענע:

— טייערע שוועסטער רינה, איך פּאַר נישט אין ערגעץ. איך בין געבוירן געוואָרן אַלס איד. און די אידן זיינען מיין גורל. עס וועט מיר זיין אַ סך זיסער צו שטאַרבן צווישן אונדזערע אייגענע היימישע אידן אין וואַרשע, ווי צו לעבן אַפילו אַ לוקסוסדיק לעבן אין ניו־יאָרק. מיין געביין געהערט צו די פּוילישע אידן, צו דער פּוילישער ערד. איך האָב פיינט די פּאָליאַקן. אָבער איך האָב ליב די היימישע פּוילישע ערד, אויף וועלכער אונדזערע זיידעס און באָבעס האָבן געשפּאַנט טויזנט יאָר צייט. איך קוש אין פריען באַגינען יעדן ליבן בוים אויף מיין וועג. דער פּוילישער רעגן איז מיין וויין, מיין שאַמפּאַניער, מיין הימלישער נעק־טאַר...

## ווי יענער פייער־זייל פון גאָט

אַ נאָרמאַלער מאַנצביל ווערט נאַטירלעך געררייצט פון אַלע בענק־שאַפטן און תאוות צו פרויען. אָבער דו אַליין בלייבסט אויף אייביק

און איינציק שטיין פאַר מיינע שוואַרצאַפּלען ווי יענער לעגענדאַרער
פייער־זייל פון גאָט, וואָס איז אַמאָל פאַרויסגעגאַנגען דער מחנה מיט
אידן, ווען זיי זיינען אַנטרונען פון מצרים, כדי יאַרטויזנטער צו וואַנ־
דערן איבער אַלע לענדער פון דער וועלט...

## ער וועט פרואוון אָנצואווייזן דאָס גאָלד

ער וועט פרואוון מיט באַשיידנקייט אָנצואווייזן דאָס שטילע זילבער
פון די שטערן, און דאָס גאָלד פון דעם וואָס לעבט אייביק; וואָס טריפט
אַראָפּ ווי אַ פייער אויף זיינע הענט, בשעת ער שרייבט אָן אין פריען
באַגינען, ביים אויסלעשן זיך פון דער נאַכט, דאָס וואָרט פונעם האַרצן,
דאָס געשריי פונעם בלוט, וואָס איז פול מיט ליבשאַפט, ווי אַ כוס וואָס
איז אָנגעפילט מיט שטאַרקן ווין...

## די פאַרמאַסקירטע קינדער

איך בין היינט געפאָרן אין דער דרוקעריי כדי צו נעמען די קאָ־
רעקטורן פון מיין נייעסטן בוך. אין דעם אויטאָבוס זיינען כסדר אַריינ־
געקומען פרויען וואָס זיינען ווי אַראָפּגעגאַנגען פון די זאַפטיקע און וויי־
ניקע מאַלערייען פון דער וועלט־מאַלעריי. יעדער איינציקע פרוי איז
ממש געווען אַ סימפאַניע פון פאַרבן אָדער פון באַזונדערע פאַעטישע לאַנד־
שאַפטן. אין אויטאָבוס איז אויך געזעסן נעבן מיר איינע אַ פרוי מיט
אַ בוקעט פרישע רויזן אין אירע לאַנגע און בלייכע הענט. זי איז געווען
אַ פערפעקטע שאַגאַלישע מאַלעריי. די רויזן האָבן פאַרשענערט איר
פנים. איר פרויאישע שיינקייט און גראַציע האָט געשאַנקען נשמה און
וואַרעמקייט צו די רויזן. אָט אַזוי באַרייכערט די פרוי אַלס מאָדעל און
אַלס הימליש געשטאַלט די קלאַסישע קונסט. און די קונסט, פון איר
זייט, מאַכט שענער די פרוי מיט אירע פאַרבן, מיט איר ראָמאַנטיק,
מיט איר פאַנטאַזיע. ביידע דערגענצן זיך קעגנזייטיק. און דאָס אַלץ
קומט פאָר אויף דעם הינטערגרונט פון גאָטס קופּערנעם חודש אָקטאָבער,
און פון דעם גראַנדיעזן שטיק צירונג, וואָס הייסט האַרבסט...

אַהיימפאָרנדיק זע איך אין דעם סאַבוויי־וואַגאָן אַ קריסטעלעך יינ־
געלע מיט אַ רויטלעכער מאַסקע אויף זיין קליינעם פנימל. ער האָט
אויסגעזען ווי אַ מלאך, כאָטש זיין יונג און אָריגינעל פנים איז אוודאי
אויך געווען פריש און וואונדערלעך. אָבער די סובלימאַציע, די דערהויי־
בונג, די אילוזיע פון קונסט, האָט אים צוגעגעבן נייע דימענסיעס. ביים
הויז מיינעם, אָנקומענדיק פון דער שטויביקער און פאַרגיפטעטער שטאָט,
האָב איך ווידער אָנגעטראָפן אַ טשאַטע קינדער, ווי אַרויסקומענדיק פון
דזשעראָם באָש׳ס אַ קונסט־אַלבום מיט מאַלערייען: מיט הערנער, מיט
ריזיקע אויערן, מיט דראַקולאַ־שפּיציקע און באַגנעטישע ציין; און אַ
טייל פון זיי אויך מיט פיינע און ליריש־שטילע פנימער. איך האָב צו

יעדן איינעם פון זיי געשאָנקען קופּערנע פּענעס מיטן פּאָרטרעט פון דעם גרויסאַרטיקן פּרעזידענט אייבערהעם לינקאָלן...

שפּעט ביינאַכט, זיך דערמאָנענדיק די „האַלאָווין"־סצענעס, האָב איך געטראַכט וועגן אונדזערע אייגענע קליינע שוועסטערלעך און ברידערלעך, וואָס די נאַציס האָבן דערשטיקט אין די גאַז־קאַמערן, און זייערע מאַרטירערישע גופּימלעך פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריעס. קרעכצן און ביטערע רייד פון צאָרן און פּראָטעסט האָבן זיך אַרויסגעריסן פון מיין האַרצן צו די טויבע הימלען, צו די קאַלטע שטערן, צו די בלינדע מלאָכים, צום רבונו של עולם וואָס איז, ווייזט אויס, פאַרנומען מיט אַ סך וויכטיקערע זאַכן ווי מיטן אָפּראַטעווען פון אומקום אַ גאַנצן מיליאָן זיסע אידישע קינדערלעך...

## אין טעאַטער בשעתן „אַנטראַקט"

בשעתן „אַנטראַקט" האָב איך געזען דעם סקולפּטאָר ל., אַזאַ פּעטן און אויסגעפּאַשעטן פּונעם כסדרדיקן ביר־טרינקען; פון דעם בלוט וואָס ער טרינקט פּונעם לעבן מיט אַזאַ חוצפּה, געוואַלט און בראַוואַדאָ; פון דעם געניוס און דער תאווה וואָס ער פליקט חיה׳ש אַרויס פון זיין פאַרשטאָרבענעם קוזינס געשוואָלענעם און פאַרוויאַנעטן וויב, וואָס איז אַמאָל געווען אַ גרויס שוינקייט, און איר קאָפּ האָט געפלאַמט מיטן קופּערנעם פייער פון אירע האָר. זי איז אָבער נאָך איצט אויך געווען אַ באַהאַנגענע מיט דעם אָנגעצונדענעם צירונג, וואָס איר פריערדיקער מאַן האָט פאַר איר מיט גרויס עקשנות דעראָבערט, און פאַר וועלכן ער האָט באַצאָלט מיטן ליכט־און־לעבן פון זיינע טעג. אַפילו ער, איר איצטיקער מאַן, האָט יעדעס מאָל עקסהיביציאָניסטיש אַרויסגענומען פון זיין וועסטלקעשענע דעם מאַסיוון, גאָלדענעם זייגער, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין קוזין, און האָט זיך מיט אים געגרויסט, זיך באַרימט און אויסגעשטעלט פאַר אַלעמענס אויגן זיין נצחון איבערן לעבן. אָבער דאָס פייער פון גיהנום שטייט שוין אָנגעגרייט אין דעם מלאכס גרויסער האַנט, כדי צו ברענען זיין זינדיקע נשמה אַ מיליאָן יאָר לאַנג...

## דער הייליקער ניצוץ

ק. דערציילט מיר וועגן דעם אומסימפּאַטישן כאַראַקטער פון צ.:

— ער איז אַ געלט־גייציקער מענטש; אַן אויסנוצער פון אָרעמע פרויען; אַ כבוד־פרעסער; אַ יעגער פון ווייבער; אַן אומפאַראַנטוואָרטלעכער מענטש; אַ ליגנער און אַ מיאוסע בריאה אויך.

אָבער איך פּרוּוו אים צו דערווידערן:

— דאָס אַלץ מעג זיך טאַקע זיין אמת. און דאַך דריקן אויס זיינע דראַמעס אַ ניצוץ פון דער אידישער אייביקייט. זיין נשמה איז ממש איינגעוויקט אין טיפער און דורותדיקער אידישקייט. זיין האַרץ פלאַמט מיטן חסידישן עקסטאַז און שמחה מיטן רבונו של עולם. זיין וואָרט

טראָגט אַ נביאישן ברען. ער דריקט אויס אין זיינע שאַפונגען די אור־אַלטע אידישע בענקשאַפט נאָך ירושלים, וואָס אַזוי פיל פאַרגאַנגענע אידישע דורות אין די שולן און בתי־מדרשים פון די פוילישע שטעט־לעך האָבן זיך געוואונטשן, מידע, אויסגעשעפּטע און הונגעריקע — נאָך נעילה, ווען די שוין־אונטערגייענדיקע זון האָט באַלויכטן מיטן לעצטן אָפּשיין די זיידענע פליגל פון די צניעותדיקע שוואַלבן אויבן, הויך ביים פולאָפּ פון דער שול שוועבנדיק, אַזעלכע פרומע און אידישלעכע: לשנה הבאה בירושלים. און דערצו שטאַמט ער נאָך פון אומאַן, די שטאָט פונעם הייליקן פלאַם־זייל ר' נחמן בראַסלאַווער, וואָס האָט זיין גאַנץ קורץ לעבן געפיבערט ווי אַ וואולקאַן...

## די מאָראַל פון די נביאים

דער ברוטאַלער ציניקער וואָס לעבט פון יענעמס הייסן און הייליקן בלוט, מוז סוף־כל־סוף אַליין אויך באַצאָלן מיטן אייגענעם בלוט פאַר זיינע זינד און פאַרברעכנס. ווער עס האָט דערטרונקען יענעם אין דעם גיפטיקן טייך, דער וועט אַליין אין איינעם אַ שטורעמדיקער נאַכט דערטרונקען ווערן פאַר יענעמס טויט, זאָגט אומגעפער ר' הלל הזקן. די נביאים האָבן פערזענלעך געשמועסט מיט גאָט, מיטן העכסטן שופט פון הימל און ערד. זיי האָבן פאַרשטאַנען די אמתדיקע סודות פון גאָטס עקזיסטענץ און דעם זין און גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע. אויפן סמך פון מאָראַל און פאַרברעכערישע מעשים האָבן זיי אומברחמנותדיק גע־משפּט פירערס, פירשטן און פעלקער. זיי האָבן אַריינגעשליידערט קעניגן מיט קרוינען אויף די שאַרבנס אין די פינצטערע תהומות, וואו ראַצן האָבן געגריזשעט זייערע פוילנדיקע גלידער. זיי האָבן איינגעבויגן די שטאָלצע קעפּ פון די חוצפּהדיקע נבוכדנאצרס, כדי זיי זאָלן עסן דאָס ביטערע גראָז און די פאַרסמטע קרייטעכצער פון די טאָלן און גריבער אין די היילן און וועלדער. זיי האָבן אין זייערע הענט געטראָגן גאָטס שטערן, ווי פאַקלען, און מיט זיי געבריט און געברענט די טריט פון די וועלט־פאַרברעכערס. זיי האָבן אומברחמנותדיק געמשפּט מאַסן מענטשן, נאַציעס, און די גאַנצע וועלט־געשיכטע אויפן סמך פון זייערע מאָראַלי־שע מעשים און אויפפירונגען...

## גאָטס בוים

איך זיץ צופוסנס פון דעם ריזיקן שטאַם פון אַ בוים אין צענטראַל־פּאַרק. איך בין זיך מודה אַז איך בין אייפערזיכטיק אויף דעם כוח וואָס גאָט האָט דעם בוים געשאַנקען, אין זיין גרויס געגאָד; אויף זייןברייטן פּאַרנעם; אויף זיין עקשנותדיקער איינגעוואָרצלטקייט מיט די קיל־טונ־קעלע וואָרצלען אין דער קאַלטער טיפעניש פון דער ערד, טראָץ דער יוליקער היץ; און אויף זיינע פּאַרריסענע צווייגן וואָס פלאַטערן רוי־שיק, ווי אַ וואַסערפאַל, אין דער הויכקייט פונעם הימל. איך טוליע זיך

אין מיין פיזישער קליינקייט צו זיין מעכטיקן שטאַם, ווי איך וואָלט אַריינגענומען אין מיינע ביינער אַ טייל פון זיין געוואַלטיקן כוח, זיין פאַרנעם, זיין געזונט, זיין דויערהאַפטיקייט און זיין אומבאַשרייבלעכן ווילן צום זיין, צום עקזיסטירן, צום לעבן. זיינע צווייגן רוישן מיט די געדיכטע בלעטער, מיט אַ שטאָלץ, און מיט עפּעס אַ שטאַרקן עפּישן דערציילן פון פאַרצייטישע מלחמות, פון בלוטיקע שלאַכטן, פון די העלדן וואָס העגקער האָבן אין זיין שאָטן געהאַנגען; פון די יאַגד־אויספלוגן אין די פריצישע וועלדער. עס איז שוין שפּעט אין אָוונט. די זון „בלו־טיקט" שוין אָפּ אין מערב־זייט. אָבער מיר גלוסט זיך נאָך אַלץ נישט אָוועקצוגייען פון דעם בוימס כוח־און־פאַרנעם. איך פיל אַז אין אים וווינט ממש גאָט אַליין; אַז אין זיין גראַנדיעזן זיין איז פאַרקערפּערט גאָטס געדאַנק, און זיין מאַכט און אייביקייט. איך פיל אַז דער דאָזיקער בוים איז דער אָנהויב פון צייט, און ער איז די פאַרענטפערונג אויף אַלע פילאָ־סאָפישע שאלות. דער בוים פאַרענטפערט די רעטענישן וואָס די פאַר־גאַנגענע דורות האָבן זיך געשטעלט וועגן דעם זין, אָפּשטאַם, סיבה און צוקונפט פונעם לעבן אין קאָסמאָס...

## ראָדענס „אדם און חוה"

צווי סקולפּטורן, וואָס שטעלן פאָר אדם און חוה, פון דעם מייסטער ראָדען. אַ גאַנצע וועלט מיט דראַמע איז פאַראַן אין די דאָזיקע שטיינערנע ווערק. זייערע קעפּ זיינען איינגעבויגן, אין לאַמענט; ווי געבראָכענע אונטער דער מעכטיקער לאַסט פון לעבן; אונטער דעם שווערן גורל פון אַזוי פיל קומענדיקע דורות אין דער אומבאַקאַנטער צוקונפט; שטייען זיי מיט דערשטיקטע געשרייען אין זייערע גאָרגלען, און דער פּחד ברעכט זיי אַרונטער די קעפּ און טאָרסאָס צו דער ערד, ווי צום אָפּגרונט. זיי שטעלן פאָר דעם שוידער פון דעם געוואַלטיקן גאַנג אין לעבן, וואָס זיי האָבן געעפנט פאַר דער מענטשהייט. פינצטער און פאַטאַל שטייען אונדזערע אור־מוטער און אור־פאָטער אַנטקעגן זייער גורל אין דעם אומפּריינטלעכן און צעשטורעמטן כאַאָס וואָס הייסט „וועלט"...

איך באַטראַכט אויך די אַנדערע סקולפּטורן פון ראָדען אין מעטראָ־פּאָליטאַן מוזעאום: דער קוש; מוטער און קינד; די האַנט פון באַשאַפונג, א. אַ. וועלכע ריינקייט און זוניקייט פון זיין מאַרמאָר! וועלכע אידעאַלע און ראָמאַנטישע פּאָעזיע, וואָס איז נישט באַנאַל! וועלכער פאַרנעם אין גראַניט אויסצודריקן די הויפּט־עסענצן פונעם מין מענטש, זיין פרילינג און זיין האַרבסט; זיין אָנהייב און זיין סוף. וועלכער פירכטערלעך־טראַגי־שער גאַנג פון דעם מאָסיוון מאַן אָן אַ קאָפּ, מיטן אייזערנעם טאָרסאָ זיך טראַגנדיק מיטן אימפּעט פון אַן עלעמענט. וועלכעס שטיק פרייען רוים שניידט ער אויס פאַר זיך אין זיין געוואַלטיקן גאַנג איבערן פּלאַנעט. דו פילסט אין יעדן פיצל פעלזיקן פאַרמעסט די אָנוועזנקייט פון אַ ריזנקינסט־

לער, וואָס האָט זיך געשלאָגן מיטן אומדאַנקבאַרן און עקשנותדיקן חומר, מיטן אורשטאָף, וואָס שטעלט זיך בייז אַנטקעגן די קינסטלערישע חלומות און אידעאַלן, כדי צו באַפרייען דעם מענטשלעכן קאָלאָס, דעם פּראָמעטעאוס אין אים. דו ביסט אַן עדות פון דעם קינסטלערס געראַנגל מיטן רוי־ערץ, כדי אין אים מיט קראַפט אַנצוצינדן זיין אייגענע וועלט־וויזיע. דו געפינסט זיך אין דער אַנוועזנקייט פון אַ ריזנקינסטלער, וואָס פאַרמט אויס דיין עקזיסטענץ; אין ווען וועמענס ווערק דו דערקענסט דיינע שלאָפלאָזע נעכט; דיין פּחד פאַר די שטערן אין דעם אומפּריינטלעכן הימל; דיין אייביקע שרעק פאַרן ווערן צעפּאַלן אין גאָרנישט; דיין פּחד פאַרן ווערן אָפּגעמעקט פון דעם פּנים פון דער ערד...

סוף־כל־סוף, טראַכט איך, ווערט די קוואַליטעט פון אַ קינסטלערישע ווערק דעצידירט דורך דער מאָס ענערגיע, אַמביציע, און בלוט וואָס דער קינסטלער לייגט דערין אַריין, ווי מען לייגט אַריין אַן אוצר אין אַ קאַסע פון אייזן. עס ווערט דעצידירט לויט דער מאָס טרערן און מאַרך וואָס ער קנעט אַריין אין דער ראַשציניע־עמבריאָן פון זיין געשטאַלט, וואָס ער זעט אין פאָראויס, נאָך איידער עס טראָגט וועלכע עס איז ענלעכקייט צו זיין אידעאַל. געוויסע קינסטלער פאַרמויערן זיך אין גאַנצן מיט זייער לייב און לעבן אין זייערע שאַפונגען. זיי קאָנצענטרירן באַוואוסטזיניק זייער גאַרע עקזיסטענץ, זייער גאַנצע לעבנס־קראַפט, אין זייער באַשאַפונג...

די דאָזיקע קינסטלער טריאומפירן ענדלעך, אַפילו ווען די געזעלשאַפט איז לאַנגע יאָרן בלינד צו זייער אַמביציעזן פאַרנעם, און ווען זייערע לעבנס־כוחות זיינען שוין אויסגעשעפּט און צעבראָכן, און זיי ציט שוין מידע אַראָפּ פון דעם ערדישן בוים פון לעבן. זייערע צייטיקע ווערק טראָגן זיך שוין אַליין אין דער וועלט אַריין; זיי גייען דורך דורות צו זייער צוועק און אַנערקענונג; זיי לויכטן מיט פייער וואָס דער שעפער האָט אין זייערע גלידער אַריינגעשטעלט, ווי אַ שם המפורש, וואָס רעדט וויטער זייער שפּראַך, און טראָגט פאָראויס זייערע מחשבות און זעאונגען, ווי אַ שטורעם און ווי אַ פאַרפּלייצונג...

## מיט זישע באַגישן אין ברוסעל

מיר זיינען געווען צוויי נאָענטע חברים: ביידע כמעט שטענדיק הונגעריקע און דורשטיקע: דער ביז צום סקעלעט־אויסגעדאַרטער פּאָעט זישע באַגיש, און מיין וויניקייט. מיר פלעגן עסן אונדזערע קאַרגע און זעלטענע מאָלצייטן אין אַ קליינער רעסטאָראַציע, אין ברוסעל, אין אַ באַרגיקער און פאַרצייטישער געגנט, וואו עס איז געשטאַנען אַן אַלטער קעניגלעכער שלאָס, וואו עס האָבן אַמאָל געוואוינט די בעלגישע הערשער. ווי ווי נאָר מיר פלעגן אָנפאַנגען צו עסן אונדזערע קאַרגע מאָלצייטן, האָבן מיר גיך פאַרצערט דאָס געשמאַקפולע און לענגלעכע „פאַריזער", אָדער „אי־

מאַליעניש" ברויט. דאָס געבייטלטע ברויט איז געווען צו ווייניק פאַר אונדזערע שיער נישט גראַנדיעזע אַפּעטיטן...

— דו ווייסט וואָס מיר וועלן טאָן? — זאָג איך איין מאָל צו מיין חבר, דעם הונגעריקן פּאָעט, זישע באַגיש, מיט זיינע איינגעפאַלענע באַקן, ווי טיפע גריבער, און מיט אַן אויסגעדאַרטן גוף ווי אַ פאַרטיקער סקעלעט, פון וועמען די ווערעם האָבן נאָך ביים לעבן אָפּגעגעסן דאָס טרויעריקע פלייש — פאַר אונדז ביידע צוזאַמען, ביי איין־און־דעם־זעלביקן טיש, איז פאַראַן צו ווייניק ברויט. ווען מיר וועלן זיך איבערזעצן ביי צוויי באַזונדערע טישלעך, וועט זיין אַ שפע פון ברויט פאַר אונדז ביידן. דער קעלנער וועט האָבן פאַרגעסן, אַז מיר זיינען נאָך נעכטן געווען חברים, און אַז מיר פלעגן דאָ זיצן צוזאַמען און לייענען מאַנוסקריפּטן, בריוו פון קאָלעגן, און לידער; דער עיקר — באַגישעס לידער, און זיינע איבערזעצונגען פון לי־טאַי־פאָ, און פון אַנדערע פּאָעטן פון דער וועלט־ליטעראַטור...

— אָפּגעמאַכט! — זאָגט מיר זישע באַגיש, און געזעגענענדיק זיך, שטרעקט ער מיר אויס אַ האַנט וואָס קנאַקט ממש אין מיין פויסט, ווי אַ בינטל מיט טרוקענע ביינער...

צומאָרגנס, נאָך מיין אַרבעט אין אַ טעקסטיל־פאַבריק אין איקעל, אַ פאָרשטאָט פון ברוסעל, זעצן מיר זיך כמעט גלייכצייטיק אַוועק ביי צוויי פאַרשידענע טישלעך. מיר קענען זיך אַבסאָלוט נישט. מיר האָבן זיך פריער קיין מאָל נישט געזען. אָבער דאָס שאַרפע אויג פונעם קעלנער קוקט אונדז דורכדרינגענדיק אָן, און וואונדערט זיך אַ ביסל. האָבן די דאָזיקע צוויי פאַסאַזשירן זיך איבער נאַכט צעקריגט? אָבער, דאָס גייט אים פונדעסט־וועגן נישט צו שטאַרק אָן. אין רעסטאָראַציע זיינען גראָד היינט פאַראַן ווייניק געסט. די טישלעך שטייען איינזאַמע אין די ווינקלען, און דער אומעט רוט אויף זייערע קלאָר־געוואַשענע טישטוכלעך. אין דורכזיכטיקע קרוגן לויכט זילבערנדיק דאָס וואַסער, און שיכורט מיט די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון... אויסער דעם איז דער קעלנער פּשוט פויל צו סערווירן ביי באַזונדערע טישלעך צוויי איינזאַמע און אויסגעדאַרטע געסט...

איז ווי נאָר מיר זעצן זיך אַוועק, און וואַרטן שוויגנדיקע אויפן באַשיידענעם מאָלצייט — דער עיקר אויף די באַזונדערע, פון האַלץ־געפלאָכ־טענע טעצלעך מיט ברויט, קומט צו דער קעלנער, אַ ביטערער וואַלאָנער, מיטן האַנטוך אויף דער האַנט. ער ווענדט זיך צו אונדז זייער העפלעך, זאָגנדיק מיט אַ גנבישן שמייכל:

— צי וואָלטן מיר געווען אַזוי פריינטלעך און זיך געזעצט צוזאַמען ביי איין טיש?...

אַ ברירה האָבן מיר געהאַט? מיר האָבן זיך פאַרשעמטע, און אַ ביסל באַליידיקטע, צוגעזעצט ביים טישעלע, וואָס איז געשטאַנען ביים פענצטער, וואו מיר האָבן געקענט אָבסערווירן די פאַרבייגייענדיקע מענטשן אויף

דער גאַס אין ברוסעל, וואָס האָט געפירט צו קינאָס, טעאַטערן און צו דער קעניגלעכער אָפּערא. עס איז שוין געווען, ווי געזאָגט, די צייט פון זון־אונטערגאַנג. די זײַדענע שטראַלן פון דער זון האָבן אַרומגעשוועבט אין דעם ענגן רעסטאָראַציע־זאַלעכל, זיך „באַגעצנדיק" זײערע ליפּן מיט די אַלערליי ווײַנען און ליקערן, וואָס זײַנען געשטאַנען פעסט פאַרקאָר־קעוועט אין די שײנע פלעשער, ביים בופעט. די שטראַלן האָבן אויך אָנגע־רירט מיט צאַרטקייט דעם בוקעט מיט שטראַלנדיקע בלומען אין אַ ריזי־קער וואַזע. מיר, די הונגעריקע דיכטער און די שיכורע שטראַלן, האָבן זיך וואויל פאַרשטאַנען...

מיר האָבן גיך געצופּט פון די שטיקלעך ברויט, וואָס דער קעלנער האָט אונדז צוגעטיילט. דערביי האָבן מיר געקוקט מיט אָפענער פאַראַכטונג אויפן וואַלאַנער, וואָס האָט אונדז פאַראײניקט ביי איין טישל, קעגן אונדזער פּלאַן. אונדזער פּלאַן איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ גלענצנדיקער — אין טעאַריע, ווי באַלזאַקס מוסטערהאַפטע און אויסגעטראַכטע געשעפט־טראַנזאַקציעס. אָבער אין לעבן — אַ דורכפאַל. דער קעלנער האָט אונדז ביידע זײַטיק אָנגעקוקט ווי צוויי פאַרברעכערס. דערביי האָט ער קלוג געשמייכלט אונטער זײַנע געדיכטע און פעד־טונקעלע וואָנצעס. עס איז פאַר אונדז ביידע געווען קלאָר, אַז ער האָט גענוי פאַרשטאַנען אונדזערע כוונות. און כדי דאָס צו פאַרשטיין האָט מען חווקא נישט באַדאַרפט פאַר־מאָגן די חכמה פון שלמה המלך. פונדעסטוועגן זײַנען מיר אין יענעם אָוונט געזעסן לענגער ווי תמיד אין דער רעסטאָראַציע, מחמת זישע באַגיש האָט פאַר מיר פאַרגעלייענט אַ גאַנץ דיקן קאַיעט מיט איבערזעצונגען פון דער בעגערישער פּאָעזיע... (צו יענער צייט זײַנען פאַר מיר די נעגערס געווען די „אונטערדריקטע שקלאַפן", וועלכע ווערן אָפט געלינטשט אין אַמעריקע, בשעת צום טרויעריקן גורל פון אונדזער אייגן פאָלק זײַנען מיר ביידע געווען כמעט בלינד...)

# די הייליקייט פון מענטשלעכער האָרעוואַניע

ווען איך גיי אַהיים ביינאַכט איבער די ניו־יאָרקער גאַסן, זע איך תמיד ווי אַזוי דער טאַפּעצירער אַרבעט אין אַ ווינקל פון זײַן געוועלב, צוגרייטנדיק מאַטעריאַלן כדי מאָרגן בייטאָג צו קלעפּן איבער די שטוי־ביקע ווענט פון הייזער און פּאַלאַצן. איך שטיי אָפּטמאָל אין דרויסן, מעג עס איבער מיין קאָפּ רעגענען, שנייען אָדער גאָר האָגלען מיט גאַנס זילבערנע שטײנער. עס גייט אויף אין מיר די בענקשאַפט צו אַ היימישן און שטילן בעל־מלאכה, וואָס האָט דורך זײַן גאַנצן לעבן געטריי פאַר־בראַכט ביי זײַן ווערקשטאַט, ווי אַ פרומער איד וואָס דאַוונט און לערנט אין זײַן הייליקן בית המדרש, ביים אוראַלטן ספר. אינדיווידועלע אַרבעט, אויסגעלערנט און צו מייסטערשאַפט געבראַכט דורך די געניטע הענט

פון דורות, פאַרמאָגט קונסט, פּאָעזיע, אַרטיזאַנישקייט, געמיט און אינטי־
מיטעט פון שפּעטע און אַרבעטסזאַמע נעכט. די איינזאַמע אַרבעט פון
אַ שוויגנדיקן און באַשיידענעם שוסטערל ביים נידעריקן הילצערנעם
טאָבורעטקעלע, ציענדיק די אָנגעפּעצטע דראַטווע דורך דעם וויכן לעדער
פון אַ פרישער פּאָדעשווע, וואָס שמעקט נאָך מיטן בלוט פון אַן אומ־
געבראַכטן גאָטס באַשעפעניש, און וואָס וויינט שפּעט ביינאַכט מיט זיין
טויט אין דעם שוסטערס געמיט; אָדער אַריינקלאַפּנדיק מיט אַן אייזערן
העמערל זיינע הילצערנע שטיפטן אין אַ האַרטן אָפּצאַס; דאָס אַלץ איז
ממש העלדיש און הייליק. אָדער די האָרעוואַניע פון אַן אָרעמען שניידער
ביי זיין ניי־מאַשין, שטילערהייט גלעטנדיק דאָס סאַמעטענע שטאָף פאַר
אַ רייכער דאַמע; אָדער דאָס גלאַנציקע זייד פון אַ קליידל פאַר אַן אָרעמער
אידישער כלה, וואָס גרייט זיך שוין ענדלעך, און מיט אומגעוויינלעכער
בענקשאַפט, צו דער חתונה. דאָס אַלץ איז אַזוי שטאַרק רירנדיק און
מענטשלעך. די גאָר פלינקע געניטשאַפט פון אַ סטאָלאַזש, אויסאַרבעטנדיק
שטיקער קעניגלעך מעבל פון מילכדיק־ווייסן און שמעקנדיקן האָלץ, וואָס
אָטעמט נאָך מיט דער האָניקדיק־ברוינער זשיווויצע אויף דער קאָרע פונעם
בוים, מיט זיינע געזונטע און ריינע, וואַלדיקע פאַרפיומען; מיט דער
שטילקייט פון די הויכע בוימער אין מיטן פון אַ זומערדיקן טאָג...

ריינע, ציכטיקע, אינטימע און אינדיווידועלע אַרבעט פון די ערלעכע
מענטשן, וואָס פאַרדינען זייער אָרעם ברויט פאַר זייער הויז־געזינד ביי
די נוצלעכע אַרבעטן זייערע אין די אייגענע ווערקשאַפטן, רירט מיך
תמיד ביז טרערן. נישט די מאַשינאָווע, קינסטלעכע און נשמהלאָזע מאַסנ־
פּראָדוקציע אין די פאַבריקן, אין די מאַסנשעפער ביי העגרי פאָרד, צי ביי
קרייסלער און ציטראָען. עס פעלט אין דער אַרבעט היינטיקע צייטן דער
אינדיווידועלער שטעמפּל פונעם פרימיטיוון קינסטלער, דעם פאָלקס־
אַרטיזאַן, דעם געדולדיקן בעל־מלאָכה, דעם גאָלדשמידט פון צירונג;
דעם שניצער פון סטראַדיוואַריוס־פידלען; דעם פּאַרצייטישן זייגער־
מאַכער, וואָס האָט זיך צוגעהערט צום געהיימנישפולן ווערגל פון אַ זייי־
גערל ווי דער אַמאָליקער דאָקטאָר, אָדער פעלדשער, צום אָטעמען פון
אַ פיבעריש־קראַנקן קינד; און וואָס האָט אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט
זיינער, אין דער קינסטלערישער באַשאַפונג פון אַ קונסט־ווערק, אָפּטמאָל
ביז טיף אין די שפּעטע נעכט, שוין ביזן גראָען באַגינען אַריין, זיין ערלעך־
פאַרדינטן שלאָף, זיינע חלומות, זיינע זאָרגן, זיין אינערלעכע שיינקייט,
דעם מאַרך פון זיינע ביינער, זיין גאַנץ לעבן, ביזן שליסן אויף אייביק,
אַן אויסגעמוטשעטער, זיינע אויגן פאַר גאָט און פאַר די זיך פאַרלעשנ־
דיקע שטערן אין באַגינען, אין הימל, ווען די זון האָט געגומען פלאַמיק
און געטריי אויפגיין, כדי צו דינען איר אַרבעט איבער דער גרויסער
ערד...

# אַ געליבטע און אַ האָבאָ־פּאָעט

איך דערמאָן זיך: אַ גרופּע מענטשן זיצן אין דער העלער נאַכט ביים ברעג פון ים, אין פּאַר ראָקאַווי. די לבנה גליווערט איזיק איבער אונדזערע קעפּ, רייטנדיק אויף די וואָלקנס, ווי איבער מאַסטאָדאָנישע חיות. פון די נאָענטע פעלדער און וועלדער, פייכטע מיטן נאַכטישן טוי, פייכטע מיט דער געזאַלצענער פייכטקייט פון ים, הערן זיך די כאָרן פון מאַסן אינסעקטן; די ערשטע — און אפשר אויך די לעצטע איינוואוינער פונעם פּלאַנעט. ווערעם און שרצים, וואָס האָבן זיך שוין געהערט אין די טאָלן פון דער ייִנגער ערד נאָך אידער עס איז אויפגעטראָטן אין דעם מעשה־בראשיתדיקן זומפּ דער אוראַלטער אדם, דער מאַן מיט דער בלייכער הויט און מיט דער נשמה פון פייער, וואָס שטייט אין דעם גאָרן אוניווערס איינער אַליין, אין פּחד פאַרן ים מיט שטערן איבער אים. די פּרוי שלאָפט נאָך געשמאַקפול אין זיין דיך. די גרופּע מענטשן רעדן צווישן זיך וועגן שרייבער און פּרויען; וועגן געוויסע דיכטער וואָס פּרואוון סומירן און געשטאַלטיקן גאָר דאָס לעבן אויף דער ערד; וואָס שענקען אין זייערע שאַפונגען אַ תיקון צו אַלע מענטשלעכע לעבנס און גילגולים. מען לאָזט אויך פאַלן רייד וועגן פריינט וואָס זיינען שוין אַוועק אין דער אייביקייט. יעדער פּיצל כראָניק ענדיקט זיך כמעט תמיד מיטן טויט פונעם באַרעדטן מענטש. בשעת מען שמועסט אַזוי געמיטלעך אין דער שפּעטער נאַכט, באַרוישטע פון דעם ווייַן וואָס טריפט פון דער לבנה, הערט זיך אויך דאָס אידעלע קול פון איינער אַ פּרוי. זי דערציילט וועגן דעם דיכטער הערמאַן גאָלד, וואָס זאָל האָבן געהאַט אַ געליבטע, אַ מיידל מיט אַ גאָלדענעם פּנים ווי אַ בלום, מיט שטראַלנדיקע האָר, ווי עס ווערט באַשריבן אין די סענטימענטאַלע ראָמאַנען...

די מערסטע מענטשן זיינען זיך שוין געהאַט צעגאַנגען אין דער נאַכטישער טונקלקייט. יעדער איינציקער מיט זיין באַזונדערן גזר און גורל אָנגעשריבן אויף זיין שטערן. עס איז שוין געווען כמעט נאָענט פון באַגינען. איך אַליין בין געבליבן זיצן אַזאַ איינזאַמער אונטער אַן עפּלבוים. איך הער ווי די גרילן זעגן אין דער טיפער שטילקייט ווי מיט דינינקע זעגעלעך. נאָר אין מיין דמיון איז עפּעס אַריין ווי אַ ליד דאָס מיידל מיטן גאָלדיקן פּנים אַזוי ווי אַ זומערדיק־אָנגעצונדענע רויז. אויפן אָוונטיק־טונקעלן הימל, אין וועלכן עס זיינען פעסט אַריינגעזעצט די פּערלדיקע שטערן, ווי אין אַ גראַנדיעזן צירונג־שטיק, גייט אויף דאָס אומפאַרגעסלעכע פּנים פון יענעם לעגענדאַרן מיידל, אַזוי ווי די לבנה, און זי לויכט שטיל אָפּ, און זי וויינט. איך זע דעם דיכטערס היים אין ברוקלין, אין אַן אַלטן און פאַרוואָרלאָזטן הויז, וועמענס ווענט זיינען באַשטעלט מיט אַלטע ביכער וועגן אַמעריקאַנער פאָלקלאָר, לעגענדע,

געשיכטע, מעשה און ליטעראַטור. הערמאַן גאָלד האָט יאָרנלאַנג אַנגע־
קויפט מאַסן ביכער אין די בוכהאַנדלונגען אויף דער פערטער עוועניו, און
זיי שפּעט ביינאַכט אַהיימגעטראָגן, ווי זעלטענע אוצרות. נאָכן האָבן
פאַרבראַכט אין „קאַפע ראָיאַל" די מערסטע צייט פונעם מעת־לעת, איך
קען נאָך הערן זיינע טונקעלע און נישט־קלאָרע רייד; זיין אַמפּערן זיך
מיט קאָלעגן וועגן ליטעראַרישע ענינים; זיין זשאָנגלירן מיט ווערטער,
מיט פּסוקים, מיט פּאָלקלאָר, מיט וואָרט־שפּילן. ער גייט אָנגעטאָן ווי אַ
„ביטניק", ווי אַ בעטלער. אין האַלבע באָרד זיינע, וואָס איז נאָך נעכטן
ביינאַכט, דאַכט זיך, געווען שוואַרץ ווי די נאַכט, פאַלט שוין היינט אַריין
אין ברודיקן שניי. די אַנדערע האַלבע באָרד האָט נאָך די פּעטע און
גלאַנציקע טונקלקייט פון פּעך. אין אויג זיינס איז קינדיש צעלויכטן,
ווי אַ שטערן. מיטן דאָזיקן פינקלענדיקן אויג און פינצטערן טינט שרייבט
ער שפּעט ביינאַכט אַוודאי זיינע חנעוודיקע מעשהלעך פאַר קינדער. דאָס
צווייטע אויג זיינס, באַמערק איך, איז שוין עפּעס טיף־פאַרעלטערט און
זייער מיד. מיטן דאָזיקן אַלטן אויג שרייבט ער לעצטנס קאַפּיטלעך פון
עפּעס אַ פאַנטאַסטישן ראָמאַן וועגן דעם אָנטייל פון די ערשטע אידישע
עמיגראַנטן אין אַמעריקע און זייער האַנדל מיט די היגע אינדיאַנער, אין
דער צייט ווען אַמעריקע האָט זיך גענומען אויפבויען און גרינדן אַלס
מעכטיקע מלוכה. די מאַסן בופלאָקסן האָבן נאָך דעמאָלט אין די שווערע
טויזנטער באַלעבט די פּריירי, דעם מדבר פון די פאַראייניקטע שטאַטן.
די אינדיאַנער, לויט גאָלדן, זיינען אויך געווען אידן. זיי האָבן געשטאַמט
פון די פאַרלוירענע צען שבטים. איך זע אויך ווי פּרייטיק צונאַכטס קומט
הערמאַן גאָלד אַהיים צו זיין ווייב אַ ביסל פריער ווי אין די אַנדערע טעג
פון דער וואָך. זי שטעלט אַוועק אויפן טיש אַ הייסע הינערישע יויך,
פול מיט גאָלדענע אויגן. ער נעמט אַרויף דאָס מילך־ווייסע קעצעלע
אויפן טיש און קאַרמעט עס מיטן לעפל הייסער, שבתדיקע יויך. דעם ווייב
פאַרדריסט עס געווג. עס קריינקט איר די אויפמערקזאַמקייט וואָס ער
שענקט צום קעצל. זי איז אומגעוויינלעך פעט און קראַנק... — — — —

שוין זינט יאָרן ווי עס איז עפּעס פּלוצלינג געשטאָרבן דער תמיד־
צעשויבערטער און פאַרבאַרגענער „למד־וואָווניק" הערמאַן גאָלד, וואָס
האָט פון זיין וויגל אויס אין דער אמתן געהייסן הלל גורני, און וואָס האָט
פאַרמאָגט אַ ים מיט מאָדנע רייד, וואָס קיינער האָט רעכט זייער זין און
באַדייטונג נישט געקענט אויסטייטשן. זיינע גענג אין לעבן זיינען אויך
געווען קרומע און געהיימעניספולע. זיינע מעשים — טונקעלע, פול מיט
רעטענישן. ער האָט אויך פאַרמאָגט הומאָר. נאָך איידער ער איז רעכט
געווען טויט, איז ער שוין געווען אַ פאַרטיק־פאַרגעסענער. ווער געדענקט
דען איבערהויפּט יענע אידישע שרייבער? עס איז שוין אויך זינט לאַנג
טויט יענץ ראָמאַנטישע מיידל, וואָס האָט ליב געהאַט דעם דאָזיקן רעט־

זעלהאַפּטן מענטש. נאָר עפּעס שטיל און הייליק לויכט צווישן די שטערן אין הימל היינט ביינאַכט פאַר מיין דמיונדיק אויג איר נאָבל פּנים. עס גליט טונקל מיט אירע פאַרטערטע אויגן פון ליבשאַפט. עס איז זי, וויזט אויס, וואָס האָט אַרויסגעכישופט די שיינע מעשהלעך פונעם דיכטער'ס דמיון. עס איז זי, דאָס קינד, צו וועמען ער האָט גערעדט אין דער ליטע־ראַטור אַ סך קלאָרער ווי אין לעבן...

ווען עס וועט אין באַגינען שטיל פאַרבלייכן אויפן הימל, ביז צו דער גאָענטסטער נאַכט, דאָס צאַרטע און שטילע פּנים פון דער כלה; ווען עס וועט זיך זעצן די לבנה אין דער נידער, ביים ראַנד פון דער ערד, שוין באַשטראַלנדיק אַן אַנדערן קאָנטינענט, וועל איך ווידער אויפמישן אין דעם גרינעם ביכל זיינע לידער, זיינע מעשהלעך, זיין פּרעכטיק אָבער אויך כמעט אומפאַרשטענדלעך בוך וועגן זישע לאַנדוי; און אפשר וועט ווידער אויפגיין אין זיינע רייד זיין אייגן לעבן, דער אמתער זין פון זיינע אומקלאָרע רייד און האַנדלונגען; דאָס שטענדיקע אַהיימפאָרן שפּעט ביינאַכט מיטן סאָבוויי קיין ברוקלין, צו זיין היים, וואו דאָס פּעטע און קראַנקע ווייב שלאָפט שוין זינט לאַנגע שעהען, און האָט אפילו נישט געזאָרגט אין פאַרפרירער צוצוגרייטן אַ מאַלצייט פאַר אים. און אפשר וועט מיט דער זון ווידער אויפלויכטן פאַר מיין אויג זיין געליבטע מיטן „גאָלדענעם פּנים", ווי דאָס אומבאַקאַנטע מיידל האָט זי היינט ביינאַכט אָנגערופן, און האָט דערציילט וועגן איר לעבן. אָבער איך וועל פאָרט זוכן באַשייד און קלאָרקייט וועגן הערמאַן גאָלדס געהיימענישפול לעבן אין די פּאָר מאָגערע ביכלעך זיינע, וואָס עס איז מיר אַ וואונדער אַז זיי זיינען איבער־הויפּט דערשינען. יצחק ליבמאַן, דער רעדאַקטאָר פון „ניו־יאָרקער וואָכנ־בלאַט", האָט איין מאָל אָנגעשריבן אַ בראָשור מיט סענטענצן וועגן הערמאַן גאָלד. דאָס ביכל האָט געהייסן „דער פערצנטער". ביז היינט צו טאָג האָב איך דאָרט נישט פאַרשטאַנען קיין אײנציק וואָרט וואָס ליבמאַן האָט געשריבן וועגן הערמאַן גאָלד, פּונקט ווי הערמאַן גאָלדס מאָנאָגראַפיע וועגן זישע לאַנדוי איז צו מיר געבליבן אומפאַרשטענדלעך. און פּונקט ווי הערמאַן גאָלד אַליין איז אַן אייביק רעטעניש מיט זיינע מאָדנע גענג, מעשים און פּירעכצן. אפשר וועט ער אַמאָל ווידער געבוירן ווערן און שרייבן, רעדן, האַנדלען און זיך אויפפירן קלאָרער און פאַרשטענדלעכער. אַ רעטעניש איז פּלוצלינג געקומען אויף דער וועלט. האָט איינגעקויפט מאָסן ביכער וועגן „אַמעריקאַנאַ", וואָס זיינען געבליבן שטיין אין זיין הויז און האָבן געפוילט. אַ רעטעניש איז פּלוצלינג אויסגעגאַנגען. איך בין געוואויר געוואָרן פון זיין לוויה אַ טאָג שפּעטער פון אַ קאָלעגע. קיין נעקראָלאָג איז נישט דערשינען אין אַלע דריי אידישע צייטונגען אין ניו־יאָרק. אויף וויפל איך געדענק, האָט קיינער וועגן אים קיין אַרטיקל נישט געשריבן, אויסער מיין וויניקייט, און יאָרן שפּעטער: יצחק ליבמאַן,

מיט זיין מאָדנער בראָשור „דער פּערצנטער" (ער האָט אפשר פריער געשריבן וועגן דריטן אַנדערע שרייבער).

## בשעת איר שרייבט איבער

בשעת איר שרייבט איבער אייער פּראָזע אין דעם נאָך פריען באַגינען, הערט זיך אינסטינקטיוו איין אייער אויער צו אייערע אייגענע ווערטער; און אייער מוזיקאַלישער חוש אַראַנזשירט אויף אַ ריכטיקן שטייגער אייער שאַפונג. איר ווערט פשוט איבערראַשט ווי אַזוי דאָס וואָס עס איז נאָך נעכטן צו אייך אַליין געווען טונקל און פאַרבאָרגן, ווערט היינט אַזוי קלאָר ווי קרישטאָל...

## שרייבט מיט ליבשאַפט

באַמיט זיך שטענדיק צו שרייבן מיט ליבשאַפט צו אייערע געשאַפענע כאַראַקטערן. ווערט דער וואָס לעבט אייביק אייך דערפאַר שענקען, דאַכט זיך מיר, כוחות און פאַטענצן. איר וועט קענען אַנגיין מיט אייער ווערק אַ סך קומענדיקע יאָרן. מען קען גאַרנישט וויכטיקס באַשאַפן, און אַוודאי נישט קיין ווערק פון מאָנומענטאַלן כאַראַקטער, מיטן סם פון שנאה־און־קנאה...

## וועגן מיין פאָטערס געשטאַלט

אין איינעם פון מיינע ביכער וואָס הייסט „אַ האַנט פאַרשרייבט", ברענג איך פאָלגנדיקע סך־הכולדיקע שורות וועגן דעם געשטאַלט און כאַראַקטער פון מיין פאָטער: „פון מיינע עלטערן האָב איך געירשנט אַלץ וואָס עס איז פאַראַן אין דעם דאָזיקן בוך, און אין די מערסטע פון מיינע אַנדערע שריפטן. מיין פאָטער האָט געשטראַמט מיט שעפערישן אומרו און מיט קינסטלערישן טעמפּעראַמענט. עראיז געווען אַ פילפאַרביקער און דראַמאַ־טישער כאַראַקטער, ווי אַ העלד אין באַלזאַקס אָדער טאָלסטאָיס אַ נאָוועלע.

דער טאַטע האָט אויך געחלומט צו זיין אַ מעכאַניקער, צונויפצו־שטעלן מאַשינען; צו מאַכן אינסטרומענטן; צו בויען מילן, פאַבריקן, פּראָ־פּינאַציעס. ער פלעגט יעדן פאַרנאַכט, אין דער צייט פון שקיעה, פּוצן מיט אַ טיכל דאָס גלעזל פונעם לאָמפּ, און בשעת מעשה אַריינצורעדן אין דער גאָלדיקער טונקלקייט זיין חלום ווי אַזוי ער וועט מיט די אייגענע הענט, אָן קיינעמס הילף, זיך אויפשטעלן אַ הייזל אין דאָרף; זיך אויפבויען אַ פּאַלאַצל אויף אַ דאָרפיש בערגל ערגעץ אין איינזאַמקייט, ווי פאַר אַן אַבדיקירטן קייסער, וואָס האָט פאַרלוירן זיין קאָפּ אויף דער גיליאָטינע, אינעם טומל און ספּעקטאַקל פון פּאָליטישע געשעענישן. ער האָט ליב געהאַט אָנצוטאָן אין זילבערנע און גאָלדענע קאָלירן דאָס מעבל אין שטוב, די האַלב־צעבראָכענע בענקלעך, טאַבורעטקעס, טישן, קאַנאַפּעס און פּאָ־טעלן; איבערצושמירן מיט גרין די ווילגאָטנע ווענט פון אונדזערע דירות, פון וועלכע דער ווילגאָטש פלעגט רינען ווי מענטשלעכע טרערן; אָפּצו־פאַרבן די שטיינער אויפן הויף, וואָס ער פלעגט אָנטראָגן פון די פרעמדע

וועגן אויף זיינע היימישע בלאַנדזשענישן איבער די פּוילישע דערפער. די אויבסט־בוימער אין זיין זונס געדונגענעם סאַד, ווי אויך די בוימער אין די אַרומיקע וועלדער, און אַפילו די נאָך יינגע קוסטעס ביים הויז, וועלכע ער האָט באַגאָסן מיט וואַסער און געצערטלט מיט זיינע הענט, צו געבן ביי'ע קאָלירן. אויף קעסטלעך און ברעטלעך, אויף שטיקלעך אַלט און פאַרגעלט האָלץ, וואָס ער האָט געוויינלעך געפונען אינעם שכנותדיקן טייך, וואָס האָט זשאַוועדיק געצויגן פון ווייטע קאַנטן; צי אויפן גרונט פון דער היימישער דזשיקע, אַדער אין נאָענטן וועלדל, באַזונדערס נאָך אַ רעגן, ווען די נאַסע און דורכגעפוילטע צווייגן פלעגן ווערן אַראָפּגעפליקט דורכן בייזן ווינט. האָט ער געערן געהאַט צו מאָלן און אויסצוגראַווירן בונטע שפּראָצונגען, מאָדנע בלומען, פאַנטאַסטישע מענטשנפיגורן און פנימער פון נישט־עקסיסטירנדיקע חיות, פייגל און באַשעפענישן מיט אומגעהויערע פליגל, וואָס קענען נישט רואיק איינשטיין אויפן גרונט פון דער ערד, און עס ציט זיי אינסטינקטיוו צו הימלישע מרחקים. זיין מאָלערישע האַנט און זיין קינסטלערישע פאַרשטעלונג האָט אַפילו דערגרייכט גאָטס גרויסן דרויסן. וואָרים ער האָט פאַרמאָגט די אַמביציע איבערצופאַרבן נישט נאָר די בוימער אין סאַד און אין וואַלד, נייערט אויך איבערצוענדערן דעם אויסזען פון גאָטס נאַטירלעכע קאָלירן, צו רעאַראַנזשירן די פאָרמען פון דער נאַטור, איבער צושטעלן דאָס ערדישע מעבל, און צו ווירקן אַזוי מעכטיק ווי ווייט נאָר עס האָט געקענט דערגרייכן זיין מענטשלעך האַרץ און זיין געפיל פון יושר, ווי וועלנדיק זאָגן אַ דעה אין גאָטס באַשאַף, און צו פּרואוון ווירקן אויף דער געטלעכקייט זעלבסט, וואָס שייך איר מאָראַל...

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער פאַרשריבן די ברייטע מאַרגינעזן פון אונדזערע דורותדיק־אַלטע ספרים, סידורים און חומשים, וואָס זיינען אַגב געווען אַ ירושה פונעם זיידן ר׳ לייבוש יואלקעס, מיט אייגענער משפּחהדיקער כראָניק; מיט די דאַטעס פון די געבורטן און טויטפאַלן פון זיינע קינדער, און פון נאָענטע קרובים; ווי אויך מיט די געשעענישן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה בכלל. ער האָט פאַרצייכנט דאָס אָפטע פאַלן פון די קייסאָרים, פון אַלערליי הערשער און טיראַנען; דאָס אויפשטייגן פון פאַרשווינדן ווערן פון פאַרשידענע דעספּאָטן און דיק־טאַטאָרס אין אייראָפּע, און אין דער ברייטער וועלט; די מערסטע קאָנפע־רענצן וועגן שלום בשעת די מלחמה איז כסדר אָנגעגאַנגען, און מענטשלעך בלוט איז אָן אַן אויפהער פאַרגאָסן געוואָרן אויף די שלאַכט־פעלדער. ער האָט פאַרצייכנט דאָס אונטערגיין פון אַלטע און ריזיקע אימפּעריעס, בשעת נישטיקע לענדער און פעלקער האָבן דעראָבערט זייער מישטיינסגעזאָגטע פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט; אויך די נעמען און טיטולן פון די הויפּט־העלדן, די פּרעזידענטן, מיניסטאָרן, דיפּלאָמאַטן און שליחים פון פאַרשי־דענע קעניגרייכן. שפּעט ביינאַכט, שווער אויסהוסטנדיק זיינע שווינדזוכטיקע לונגען, בשעת די מאַמע האָט אים צוגעטראָגן דאָס גלעזל ווייסע מילך, וועגן וועלכן ער האָט נאַאיווערהייט געגלויבט אַז דאָס היילט אים אויס די

לונגען און גיט אים אַ מאַגישע קראַפט און גענעזונג, איז ער געווען באַשעפטיקט ביים פאַרשרייבן די כראָניק פון די אידישע צרות, אומגליקן און וואַנדערונגען שבעת די שווערע מלחמה־יאָרן; צו שרייבן די געשיכטע פון זיין צייט, וואָס ער האָט זיכער נישט פאַרשטאַנען, ווי אַ סך אַנדערע. אָבער ווי גאָר ווייניקע מענטשן, איז ער געשטאַנען אין שטוינונג און אין אימה פאַרן גאַנג פון די געשעענישן. ער האָט בשעת די מלחמה־טעג געלייענט די אידישע ציטונגען, אויך די דייטשע פרעסע, וועלכע ער האָט יעדן טאָג געבראַכט פונעם שטעטל צו די פרייסישע אייגוואוינער און שכנים אין דאָרף, און האָט געפּראוואוט אַריינדרינגען אין דער טראַגי־קאָמעדיע פון די פּאַסירונגען. ער האָט געקענט די נעמען פון די גרויסע אַקטיאָרן און פיגורן פון זיין צייט, און האָט געזוכט באַשייד פאַרן כסדרדיקן טוישן זיך פון די פּאָליטישע פּערסאָנאַזשן, ווי די מאַריאָנעטן פון עפּעס אַ גראַנ־דיעזער, מיסטיש־קאָסמישער דראַמע, וועמען אַ געהיימע און גראַנדיעזע האַנט שטעלט אַוועק און שליידערט אַרונטער פונעם פּאָליטישן שאַך־ברעט.

דאָס אַלץ האָט אים געטריבן אַנצופילן ממש גאַנצע פלעשער און טינ־טאַרנס מיטן אַליין־געמאַכטן טינט, און צו פאַרצייכענען, צו פּרואוון אינפאָר־מירן די צוקונפטיקע דורות, פּונקט ווי בלויז ער אַליין וואָלט באַשטימט געוואָרן פון דער השגחה צו שרייבן היינטצייטיקע און אַקטועלע געשיכטע. אים האָט, קענטיק, געצויגן צו היסטאָריע־שילדערונג. די מאַסיווע ווערק פון גרעץ און דובנאָוו האָב איך שוין געהאַט געפונען אין זיין באַשיידענער ביבליאָטעק, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינטשיק ייִנגל. אויך ביכער וועגן וויסנשאַפט, באַזונדערס וועגן געאָגראַפיע און אַסטראָנאָמיע.

דער טאַטע האָט זעלטן שיין, און אויף אַ גאָר בילדלעכן שטייגער, גערעדט. זיין טאָג־טעגלעך לשון איז געווען פול ווי רייפע פירות אין האַרבסט־צייט, מיט זאַפטיקע, ווי אויך מיט שאַרף־געזאַלצענע, און אָפט־מאָל גאַנץ ביטערע שפּריכווערטער, מיטן היימיש־געדיכטן פאָלקלאָר, מיט אַ דורותדיק־אַלטער אידישער חכמה (איך האָב שוין אָגב וועגן דעם געשריבן אין אַ באַזונדערן קאַפּיטל. איך האָב אויך געפּרואווט שילדערן די קראַפט פון זיינע קללות, אין וועלכע ער האָט אַריינגעגעבן ממש אַ בייעם אימפּעט און צאָרן). ער האָט זיך זייער אָפט באַנוצט מיט היפּערבאָלן, איבערטרייבונגען. אַ שטייגער: אין אַ בריוו צו מיין שוועסטער טעמעלע, קיין בודאַפּעשט, אַרום דעם יאָר 1918, געפין איך זיינס אַן אויסדרוק, וועלנדיק שילדערן דעם שרעקלעכן יקרות אין פּוילן, אין די צייטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַז פאַרן זעלביקן געלט וואָס זיין פאָטער האָט אַמאָל אויס־געגעבן כדי אָפּצוקויפן פון אַ פריץ אַ גאַנצן וואַלד, האָט ער אַליין איצט קוים באַוויזן איינצוקויפן אַ בעזעם ביי אַ פּויער, כדי אויסצוקערן די אָרעמע שטוב...

דער טאַטע האָט דורך זיין גאַנצן לעבן געשטרעבט, געחלומט, געטראַכט און געזוכט גליק, מזל און מנוחה. ער האָט זיך כסדר ביטער געראַנגלט

מיט זיין אייגענעם גורל. זיין שטערן אין הימל איז צו אים, ווייזט אויס, געווען אומפריינטלעך. ער איז געגאַנגען אַזאַ מין איינזאַמער און אומגליק־לעכער דורך נאַכט און ווינט, דורך שניי און קעלט, איבער די אומפריינט־לעכע און שטרויכלענדיקע וועגן. ער האָט געזוכט אַרויסצוקריגן דאָס ביסל בידנע פּרנסה סיי דורך אַרבעט, דורך ערלעכער מלאכה, פּראַצע און האָרע־וואַניע; און סיי דורך האַנדל, דורך שמוגל, דורך פּוסטע געשעפטן, און דורך אַלערליי האָפענונגסלאָזע מסחרים, זייענדיק תמיד דער פאַרלירער, דער שלימזל און דאָן קיכאָט. אָפּדעקנדיק שטריכן און אייגנשאַפטן וואָס זיינען טאַקע אייגן סיי סערוואַנטעסעס דאָן קיכאָט־געשטאַלט, און סיי שלום עליכמס מנחם־מענדל, ווי אויך אַנדערע טיפּן און כאַראַקטערן פון דער קלאַסישער וועלט־ליטעראַטור. ער האָט אינסטינקטיוו געפילט אַז עס גייען אין אים פאַרלוירן גאַנצע אוצרות מיט שאַפונג; אַז דער פּאָטענציעלער קינסטלער אין אים ווערט באַגראָבן אין קאַמף פאַרן ביטערן שטיקל ברויט; אַז די מענטשן, זיינע קרובים, קענען זיך מסתמא נישט אויס אויף זיינע פּאָטענצן און טאַלאַנטן; אַז די משפּחה איז בלינד אויף זיין ווערט און ראָלע אַלס מאַן, אַלס פּאָטער, אַלס עלטסטער זון און ברודער, ווי אויך אַלס איד און מענטש בכלל. דאָס אַליץ האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ ציניש כאַראַקטער; אין אַן אָפּטמאָל אומפריינטלעכן ראש פון דער פאַמיליע, זייענדיק גאַליק און ביטער צום אייגענעם געטרייען און הכנעהדיקן וויב און צו די קינדער, וואָס האָבן מורא געהאַט צו אים אויסצורעדן אַן איבעריק וואָרט; צו די סאַמע נאָענסטע און געטרייעסטע אין זיין לעבן. אַלע זיינע יאָרן זיינען געווען אויסגעפילט מיט אומגעוויינלעכע אַמביציעס און אַנ־שטרענגונגען, מיט פיינפולער אָרעמקייט און טרויעריקע אַנטוישונגען, מיט כראָנישע שלאָפקייטן און מיט אָפטע בלוט־שטורצן פון זיינע קראַנקע לונגען...

עס זיינען, פאַרשטייט זיך, אויך געווען גריבגערע מאָמענטן אין טאַטנס לעבן, ווען מען פלעגט קענען מיט אים רעדן, און אַפילו שמועסן, אויף אַ געמיטלעכן שטייגער. איך געדענק יענע פרימאָרגנס, אַלס גאַר קליינטשיק יינגעלע, ווען איך פלעג אַריינגיין פון דער מאַמעס אויסגעוואַרעמטן געלעגער צום טאַטנס בעט, אים גלעטן די זיידענע באָרד מיט מיינע קליינע פינ־גערלעך, און שטענדיק מיט אַ געבעט איבערחזרן מיין אַלטע בקשה: אַז ער זאָל מיר דערציילן פון זיין נישט־געלונגענער נסיעה קיין אַמעריקע; פון זיין לאַנדן אין דעם ווייטן גאַלוועסטאָן, אין טעקסאַס־שטאַט; וועגן די „שוואַרצע מענטשן”, וואָס ער האָט באַגעגנט אויפן אַמעריקאַנישן באָדן. דער טאַטע איז געשטאַנען אַן איבערראַשטער פאַר די קונסט־חפצים און היסטאָרישע ווערק פון דעם מוזעאום אין ברעמען, וואו ער האָט פאַר־בראַכט עטלעכע וואָכן וואַרטנדיק צוזאַמען מיט אַנדערע עמיגראַנטן אויף אַ שיף, וואָס זאָל זיי פירן קיין אַמעריקע איבערן אַטלאַנטיק. די דאָזיקע פאַנטאַסטישע מעשיות פון טאַטנס נסיעה זיינען פאַר מיר געווען אַ קוואַל

פון פאַרגעניגן, דראַמע און אַוואַנטורע. זיי זיינען געווען מיינע ערשטע
דערפאַרונגען מיט דער ווייטער און פאַנטאַסטיש־רעאַליסטישער וועלט. מיין
טאַטנס איבערלעבענישן, וואָס ער האָט מיר איבערגעגעבן אין די מער
פריינטלעכע מאָמענטן פון זיין לעבן, זיינען פאַר מיר געווען אַ קוואַל פון
וואונדער און ליטעראַטור...

עס ציט מיך פון שטענדיק אָן אָנצושרייבן אַ גאַנץ בוך וועגן מיין
טאַטנס לעבן. יעדער איינציקער מענטש, בין איך איבערצייגט, טראָגט אַרום
אין זיין נפש כאָטש איין וויכטיק בוך, איין גרויסע דערציילונג, פון זיין
פערזענלעכן לעבן. אין מיין אייגענעם פאַל פיל איך באַשטימט, אַז דאָס
אויטאָביאָגראַפישע בוך מיינס וועט זיין דאָס סאַמע וויכטיקסטע פון אַלע
מיינע ביז־איצטיקע ביכער, און פון מיינע מערסטע שרייבערייען, וואָס
וועלן מסתמא פאַרגעסן ווערן, ביי די אַלפּן, אָדער הימאַלייען־בערג מיט
ליטעראַטור, וואָס ווערן איצט געשאַפן ביי אַלע פעלקער, און וואָס האָבן
זיך אָנגעזאַמלט דורך יאָרטויזנטער, איז אַפילו אַ וועלט־באַרימטער שרייבער
גאַנץ נאַאיוו צו טראַכטן, אַז ער וועט אַ מאָל געדענקט און אָפּגעשאַצט
ווערן פון די קומענדיקע דורות. אָבער דאָס דאָזיקע בוך מיינס, מיט די
קאַפּיטלעך וועגן מיינע עלטערן, וועגן די נאָענטע קרובים, ווי אויך וועגן
די מערסטע מענטשן וואָס איך האָב געקענט זינט מיין קינדהייט, ווי נאָר
איך האָב געעפנט מיינע קינדישע אויגן צו דער וועלט און צו די מענטשן,
וועל איך שרייבן מיט אַזאַ אויפריכטיקייט און גייסטיקן כוח, וואָס עס
פאַרמאָגן נישט מיינע אַנדערע שאַפונגען. דער דאָזיקער שעפערישער כוח
איז, נאַטירלעך, אַ רעזולטאַט פון מיין נאַאיווער אילוזיע, אַז מיין איצטיק
בוך וועט יאָ איבערלעבן זיין קעגנוואַרט און דערגרייכן וועלכע עס איז
דויערהאַפטיקייט, אין וועלכן איך צווייפל מסתמא אויך...

אַלע מיינע איבעריקע שריפטן וועלן, דאַכט זיך מיר, זיין בלייך און
אומפאַרגלייכלעך צום דאָזיקן אויבן דערמאָנטן בוך, ווייל דאָס איז דאָס
ווערק וואָס בלויז איך אַליין, און נישט קיין אַנדערער, האָב צו דערציילן
צו דער וועלט, און וואָס איך טראָג אַרום אין זיך דורך די אַלע יאָרן פון
מיין ביז־איצטיקן לעבן. דאָס איז פאַקטיש די געשיכטע פון מיין לעבן,
וואָס מאַכט טאָג־און־נאַכט ענג מיין האַרץ, וואָס שפּאַרט פון די טיפענישן
פון מיין נפש און וואָס וויל אַרויסגעבראַכט ווערן פאַר די מענטשן מיט
געוואַלטיקער קראַפט...

## דער ראָמאַנטיש־פאַרליבטער חיים קרול

די וועלט־ליטעראַטור פאַרמאָגט די העראָ און לעאַנדער־געשיכטע, וואָס
איז געבליבן שטיין ייִנג און שטראַלנדיק אין די אייביק־פרילינגדיקע און
הערלעכע בלעטער פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע. (אַגב האָט לייב ניידוס
אַ פּרעכטיקע פּאָעמע, אַ מייסטערווערק, אויף דער דאָזיקער טעמע, וואָס איז
אומפאַרגעסלעך.) מיר האָבן אויך דעם טראַגישן ראָמאַנס פון אַבעלאַר און
העלואיז, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן ווי אַן אָפּשטראַלנדיקער שטערן פון

ליבע און העלדישקייט פון דער פינצטערער נאַכט פונעם מיטלאַלטער.
מיר, אידן, האָבן געשאַפן אפשר דאָס שענסטע ליבע־ליד אין דעם שיר־השירים־ראָמאַנס, שילדערנדיק די „ליבע, וואָס איז שטאַרקער פונעם טויט,"
פון אַ שוואַרץ־געלאָקטן קעניג צו זיין פּאַסטוך־מיידל, וואָס לויפט אַ דופטיק־פייכטע און כמעט אַ נאַקעטע אין דער פּאַרפיומיק־שמעקענדיקער נאַכט
פון אָריענט, אונטער אַ פינצטערן הימל מיט גרויסע שטערן, זוכנדיק אַ צעמישטע איר קעניגלעכן געליבטן...

מיר האָבן אויך די לידער פון די טרובאַדורן און מינעזינגער, זיצנ־דיק אויף זייערע הונגעריקע און אויסגעדאַרטע ראָסינאַנטעס, מיט אָנגע־צונדענע לירעס אין זייערע הענט, און װערנדיק בלייך און פאַרצערט פון ליבשאַפט צו די אויסגעטראַכטע הייליקע כלות, צו די פּרינצעסינס וואָס זיצן אין די טורעמס פון שלעסער און קירכעס, וואַרטנדיק אויפן צוריקקומען פון זייערע ריטער, וואָס זיינען שוין לאַנג צוריק געפאַלן אין די שלאַכטן, אין ווייטע לענדער. ביים אָנפאַנג פון דער קאַטוילישער רעליגיע, וואָס איז אַדורכגעווייקט מיט אידיש בלוט, וואָס די קרייצצוגלער און די שפּאַנישע אינקוויזיציע האָבן פאַרגאָסן, האָט זיך ווי אַן אָנטפּלעקונג געעפנט די וויזיע פון דער ייִנגפרוילעכער מרים־געשטאַלט מיט איר ראָמאַנטישן האַרצן, באַשטראַלנדיק מכלומרשט די אָרעמע און די ליידנדיקע פון דער ערד, און זיי דריקנדיק ווי קינדער צו איר מוטערלעכער ברוסט, כאָטש איר געשטאַלט איז ווי פון אַן אויסגעטאַכטער מוטער־אידעאַל, און אירע „קינדער" זיינען געווען רויבער, באַנדיטן און גאַרגל־שניידער...

אין דער וועלט־ליטעראַטור זיינען אויך באַרימט די אומשטערבלעכע ראָמאַנסן פון דעם איטאַליענישן פּאָעט דאַנטע אַליגיערי צו זיין מינדעריאָ־ריקער בעאַטריטשע, וואָס איז געשטאָרבן ייִנגערהייט, און װעמען ער איז געגאַנגען „זוכן" אין הימל, אָנשרייבנדיק זיין הערלעך ווערק „די געטלעכע קאָמעדיע". עס זיינען אויך באַוואוסט די ליבע־סאָנעטן פון דעם פּאָעט פּעטראַרקע צו זיין געליבטער לאַורא. אין דער פּאָרטוגעזישער ליטעראַטור זיינען פּאָפּולער די סאָנעטן פון זייער נאַציאָנאַלן פּאָעט קאַמאָענש צו זיין אינטימער פריינדין, וואָס ער האָט געשריבן, וואַנדערנדיק איבער ווייטע לענדער און ימים, קעמפנדיק פאַר דער בלוטיקער פּאָרטוגעזישער אימפּע־ריע. אין דער דייטשער ליטעראַטור איז באַרימט דער נאָמען פון דעם ראָמאַנטישן דיכטער נאָוואַליס (פרידריך פאָן האַרדענבערג), וואָס האָט באַזונגען זיין ייִנג־פאַרשטאָרבענער געליבטע, סאָפיע קין, אין זיין זעלטן ראָמאַנטיש־מיסטישן בוך „הימנען צו דער נאַכט". די דאָזיקע פּאָעטן און ראָמאַנטיקער האָבן נאָכגעפאָלגט אין די הימלען אַריין זייערע אומשטערב־לעכע געליבטע... מיר ווייסן אויך פון דעם איטאַליענישן גרויסן דיכטער טאָרקוואַטאָ טאַסאָ, וואָס האָט אָנגעשריבן דאָס באַדייטנדיקע עפּישע ווערק „דאָס באַפרייטע ירושלים", שילדערנדיק די מלחמות פון די קרייצצוגלער. דער לעצטער איז וואַנזיניק געוואָרן אויס ליבע צו אַ פּרינצעסין, און ער האָט יאָרנלאַנג פאַרבראַכט זיין לעבן אין אַ הויז פאַר גייסטיק־קראַנקע...

דער מאָלער וואָן גאָג האָט אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך אַ ביסל ליבע פון אַ פרוי אַז ער האָט געלעבט מיט פּראָסטיטוטקעס און האָט פאַרבראַכט אין משוגעים־הייזער... מאָלנדיק זיינע בילדער מיטן בלוט פון זיין האַרצן... מיט זיינע אָנגעצונדענע געהירן...

אין אונדזער אידישער ליטעראַטור האָבן מיר חיים קרולס ליבע־ראָמאַנס. ווי אַן אמתער מינע־זינגער, איז זיין אײדעלע און חסידיש־באַהויכטע פּאָעזיע געווענדט צו איר, צו היה־שרה, צו דער ריינער, אומשולדיקער און פאַראידעאַליזירטער העלדין פון זיין ראָמאַנס, וואָס האָט שפּעטער חתונה געהאָט און געפירט אַ נאָרמאַל פאַמיליען־לעבן, בשעת ער איז אויסגעגאַנגען אַ פאַראַליזירטער אין אַ היים פאַר אומהיילבאַרע אין ברוקלין. חיה־שרה, פאַר וועמען דער דיכטער האָט פאַרגעלייענט די שענסטע ביכער פון דער קלאַסישער וועלט־ליטעראַטור, האָט אים אַפילו קיין מאָל נישט באַזוכט אין דעם טרויעריקן אַנשטאַלט פאַר אומגליקלעכע מענטשן. מיר האָבן אים עטלעכע מאָל באַזוכט צוזאַמען מיט זיין יוגנט־פריינט און לאַנדסמאַן פון לאָדזש, דעם לירישן דיכטער **י. ה. ראַדאָשיצקי**, וואָס האָט פאַר אים געטאָן מער ווי וועלכער עס איז אַנדערער מענטש אין דער וועלט: ער האָט אים יעדן זונטיק נאָכמיטאָג באַזוכט אין דער „היים”; ער האָט אים געבראַכט שפּייז, וועש, אידישע ביכער און זשורנאַלן צו לייענען; ער האָט אויך כסדר געמאָנט ביי אידישע שרייבער אויפמערקזאַמקייט צום שוין־פאַרגעסענעם דיכטער; ער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך מיט זיינע לעצטע כתבים, און מיט אָפּהאַנדלונגען פון אידישע שרייבער וועגן זיינע פּאָעטישע ווערק. ער האָט אים צום סוף, ווען ער איז ענדלעך אויסגעגאַנגען נאָך אַ לעבן פון איינזאַמקייט און שרעקלעכע יסורים, געשאַנקען אַ קבר אויף זיין אייגענער נאָך מיט יאָרן צוריק איינגעקויפטער קרקע. און ווען ער אַליין, ראַדאָשיצקי, איז מיט צייט און יאָרן געוואָרן אַלט און קראַנק, האָט ער זיך נאָך זיין פּטירה, ווי אַ הייליקער, געלייגט צווישן זיינע באַליבטע: נעבן די ביינער פון זיין לעבנס־חבר חיים קרול, און נעבן דעם גוף פון זיין פרוי, וואָס ער האָט נאָך אין זיין פריער יוגנט באַגעגנט אין זיין געבורט־שטאָט לאָדזש. ער האָט זי שטאַרק ליב געהאַט. ער האָט איר אויך געטריי באַדינט און געהאָלפן אין אַלע אירע התטרכותן, מחמת זי איז געווען אַן אומבאַהאָלפענע און קראַנקע פרוי. ער האָט זיך געלאָזט לייגן צווישן די דאָזיקעביידע קברים פון זיינע סאַמע נאָענטסטע. וואַרטנדיק אויפן גוף פון זייער באַליבטער טאָכטער, וואָס אין דעם ייִנגן עלטער אירן, ווען זי איז נאָך געווען אַ סטודענטקע, אַריינגעפאַלן אין אַ גייסטיקער קראַנקהייט, און זי האָט אין איר וואַנזין נישט „אָנערקענט” אירע עלטערן, ווען זיי פלעגן קומען אין אַנשטאַלט כדי צו באַזוכן זייער אומגליקלעך קינד, וואָס האָט צו די עלטערן אירע אָנגעטאָן געגוג צער, זיי סוף־כל־סוף פריצייטיק אַלט און קראַנק מאַכנדיק, און זיי טרייבנדיק צום טויט פאַר דער צייט...

אגב איז חיים קרול אויך געווען פאַרליבט אין דער טאָכטער פון זיין חבר ראַדאָשיצקי. אין איינעם פון חיים קרולס לידער־ביכער איז פאַראַן אַ סעריע רירנדיק־טראַגישע לידער, וואָס זיינען געווידמעט צו דער יינגער פרוי, וואָס איז אַזוי פריצייטיק פאַרעלטערט געוואָרן אין דער אינסטיטוציע פאַר גייסטיק־קראַנקע, און וואָס האָט, נישט וועלנדיק „אָנערקענען" אירע עלטערן אַלס אירע לייבלעכע טאַטע־מאַמע, געלעבט מיט דער פאַרשטעלונג אַז זי איז אַ פרינצעסין, פאַר חיים קרולן, דעם חסידיש־ראָמאַנטישן דיכטער, איז זי טאַקע געווען אַן אמתע אידישע פרינצעסין. מיט יאָרן שפּעטער איז די „פרינצעסין" געשטאָרבן אַן איינזאַמע אין איר „פּאַלאַץ", און מען האָט זי געלייגט, אַן אַלטע און גרייז־גרויע בתולה, נעבן די קברים פון איר באַליבטער מוטער, וואָס איז פריצייטיק אויסגעגאַנגען פון צער צוליב איר אומגליקלעך קינד; נעבן איר פאָטערס געביין, דעם האַרציקן דיכטער ראַדאָשיצקי, ווי אויך נעבן איר פאַרערער און פאַרליבטן גרויסן ליריקער, דעם אומשטערבלעכן פּאָעט חיים קרול, וועמענס שטיל־שעפּטשענדיקע ליפּן, וואָס האָבן ווי אייביק געמורמלט אַ תפילה, איך וועל שוין קיין מאָל נישט קענען פאַרגעסן, ווי לאַנג איך וועל לעבן...

## אַ פּויערישע לוויה

וואָלקנדיקער פּויליש־גרויער הימל הענגט נידעריק איבערן פייכטן פעלד. דער ווינט בויגט אין די צווייגן פון די בוימער צו דער קאַלטער און אַלטער ערד. דאָס בלעטערדיקע גאָלדוואַרג, גאָטס פאַרלאָשענע פייער־צירונג, דעקט צו די אָרעמקייט פון דער פּוילישער לאַנדשאַפט. צוויי מיטל־יאָריקע פרויען אין אָפּגעשליסענע מלבושים, מיט אָפּגעמעקטע פאַרבן, פירן דער אַלטער און איינגעשרומפּענער באָבען, וואָס זעט אויס אויסגעדאַרט ווי אַ דינער און הויכער באָטשאַן, וואָס האָט שוין זינט לאַנגע יאָרן נישט אַריינגענומען קיין ווערעמל אין שפּיציקן שנאָבל זיינעם. דער גלח גייט פאַרויס פון דער הילצערנער טרומנע מיטן מת דעריבער אין אַ ווייסן און לאַנגן „שלאַפראָק" (קיטל). אַ בלייך ייִנגעלע אין אַ ווייסן העמדל, באַזוימט מיט זילבער, מיט אַ הוילן קעפּל, ווי אַ פעלד פון וועלכן מען האָט ערשט אַראָפּגעשניטן מיט סערפּן די תבואה, טראָגט מיט זיינע ביידע הענט אַ גרויסן הילצערנעם צלם, אויף וועלכן עס איז צוגענאָגלט אַ געגילדעטער און געקרייציקטער „איד". דאָס האָלץ פונעם צלם שמעקט נאָך מיט דער זשיווויצע פון אַ געשמאַקן בוים אין דעם געדיכטן וואַלד. דאָס הילצערנע קעסטל מיטן קבצנישן מת, וואָס הוסט נאָך, דאַכט זיך, טויטערהייט אינע־ווייניק אין דער טרומנע, איז אַפילו נישט געהובלעוועט געוואָרן דורכן סטעלמאַך (סטאָלאַרזש). דאָס פורל מיטן געלן און דאַרפן פערדל, פון וועמענס קראַנקן פליש עס סטאַרטשען אַרויס די גרויסע, שפּיציקע ביינער ווי באַגנעטן, פירן דעם אָרון צום נאָענטן בית עולם, ביים ברעג פונעם וואַלד. עס גייען נאָך אין דער שיטערער פּראָצעסיע עטלעכע דערוואַקסענע מיידלעך מיט הויכע בוזעמס, און אַ פּאָר שקצים האַלטנדיק זייערע היטלעך

מיט גלאַנציקע דאַשקעס אין זייערע איבעריקע און פאַרשעמטע הענט. איין מיידל מיט שטרויבלאָנדע האָר טראָגט אַ בוקעט מיט ערשט־אָנגעריסענע און נאַסע בלימלעך אין פעלד, וועמענס פאַרשניטענע און וואַסערדיקע שטענגלעך טריפן נאָך מיטן מילכיקן ווייסן זאַפט, ווי די בלומען וואָלטן וויינען נאָך עפּעס אַ פאַרשניטענעם מענטשלעכן לעבן...

אויבן, זייער נידעריק איבער דער אומעטיקער פּראָצעסיע, קרייצט אַרום דער הויכער און הונגעריקער באַטשאַן, מיט זיינע פיין־געשניצטע פליגל ברייט־צעשפּרייטע, מיט די דאַרע און נאָכהענגענדיקע פיס. שוואַרץ־בלויע וראָנעס־פייגל באַלייטן די טרויעריקע לוויה־פּראָצעסיע. אויפן פעלד שטייט אַ סטראַשידלע אין שמאַטעס און אין לאַכעס, מיט אַ געלן, צעפּוילטן הוט פון אַ רוסישן אָפיציר, וואָס האָט אַוודאי איבערגעלאָזן זיינע ביינער דאָ ערגעץ אויפן פּוילישן פעלד. דאָס פּנים פון דער סטראַשידלע וויינט, דאַכט זיך, אַ פאַרמאַסקירטע עפּעס אין אַ האַרטער מאַסקע פון אַ דאָן זשואַן מיט גרויסע האָרענע ברילן אָן גלעזלעך, איבער זיין מכלומרשטן געזיכט. עטלעכע פרויען פון די באַגלייטנדיקע קרובים און שכנים זינגען און בלעקעכצן רעליגיעזע געזאַנגען. דער הימל איבערן פּוילישן לאַנד איז גרוי, פינצטער און האָפענונגסלאָז. די וואָלקנס זיינען ווי אָן אָטעם שטיין געבליבן אין מיטן זייער פאַוואָליעדיקן געשוועב. אויפן צמענטאַרזש שטייט שוין צוגעגרייט פאַרן מת דאָס פינצטער־אויסגעגראָבענע קבר אין דער ליימיק־געלער ערד. עטלעכע קבֿרים שטייען מיט פאַרשטיינערטע פּנימער, וואָס קייען, דאַכט זיך, דאָס גאָלד פון דער קוים־אויפגייענדיקער זון אין באַגינען מיט זייערע געלע און צעפּוילטע ציין. זייערע אייזערנע שפּאַדלעס זיינען פאַרשמירט מיט שטיקער רויער ערד, ווי מיט האָניק...

## דער כאַראַקטער פון דער פרוי

די פרוי טראָגט אין איר בלוט אַ געהיימעניספולן באַגער זיך מקריב צו זיין פאַרן איינזאַמען, אָפּטמאָל אומבאַהאָלפענעם, אומגליקלעכן און פאַר־קריפּלטן מאַן, פּונקט ווי די מאַדאָנעס גיבן געדרן און מיט אַ רעליגיעז־תאוודיקן עקסטאַז, זייערע יינגע לעבנס פאַרן „אידישן קייסער”, צו וועמענס געקרייציקטן און פאַרקרימטן לייב זיי קניען אין דעם פריען באַגינען מיט נאָך האַלב־פאַרשלאָפענע אויגן, און וועמענס אַלט לייב מיט פאַרבלוטיקטע וואונדן, ווי האַרבסטיקע רויט־בלומען, זיי קושן אין זייער גרויס ליבשאַפט און פאַרהערלעכונג. פּונקט ווי די פאַרצייטישע אַצטעקישע בתולות אין מעקסיקע האָבן זיך געלאָזט דורך די גרויזאַמע קצבים־פּריסטער אויפרייסן זייערע בליענדיקע ברוסט־קאַסטנס, און אַרויסרייסן מיט אַ שאַרפן שטיינער־נעם קינזשאַל זייערע צאַפּלענדיקע הערצער, כדי זיי צו האַלטן אין דער לופט ווי אָנגעצונדענע גאָלדענע זונען, און דערנאָך זיי צו שליידערן צום שטיינערנעם זון־גאָט קוועטצאַלקאָאַטעל...

אַזוי רעדט מיינע אַ ליבע פריינדין, ראַכעלאַ, מיט עקסטאַז ממש, וועגן

דעם מכלומרשטן געזונט ווערן פון איר מאַן, צו וועמענס אַמאָליקער אַטלע־טישער פּאַטענץ זי דינט שוין זינט שיינע יאָרן; זינט זיין איגנטלעכן פּאַראַליזש, און זינט זיינע האַרצאַטאַקעס; זינט זיין אובאַהאָלפנקייט און אימפּאָטענץ. די טיפּישע פרוי, וואָס איז געניגט זיך מקריב צו זיין מיט עפּעס אַ סאָרט מיסטיש־רעליגיעזן עקסטאַז פאַר איר געקרייציקטן „משיח", צי פאַר איר קריפּל, וועמענס איינזאַם און טרויעריק לייב זי וואַשט מיט אירע הייסע טרערן טאָג און נאַכט, און זי קושט זיין אומגליקלעכן און פאַר־שאָלטענעם גוף. זי איז פּעאיק אַפילו צו זיין דערהויבן און גליקלעך, הימליש און הייליק, בשעת די ביטערסטע יסורים זיינע...

ווען איך בין געווען אַ פּאַציענט אין דענווער־סאַניטאָריום, געדענק איך ווי אַלע האָבן זיך געוואונדערט וואָס אַ יינגע אירישע קראַנקנשוועסטער פון קוים אַכצן יאָר, אַ וואונדערלעכע שיינקייט פון אַ בליענדיקער בתולה, האָט פּלוצלונג חתונה געהאַט אין דער קירכע מיט איינעם אַן עלטערן אידישן פּאַציענט, וואָס איז געווען איינגעדרייט אין דרייען, און וואָס איז קוים געקראָכן אויף דער ערד, ווי אַ ריזיקע טשערעפּאַכע, און וועמענס געשוואָלענער וואַסער־קאָפּ האָט ממש אָנגערירט מיטן שאַרבן די פּאָד־לאָגע. די מערסטע מענטשן האָבן נישט געקענט פאַרשטיין דאָס מאָדנע רעטעניש: ווי אַזוי האָט געקענט אַזאַ שיינע און באַטעמטע פרוי ווידמען איר לעבן צו אַזאַ בריזן, נערוועזן און קראַנקן זקן, מיט אַ שטיינהאַרטן הויקער פון פאָרנט און פון הינטען? אָבער איך האָב וואויל געוואוסט, אַזוי טראַכט איך, דעם אמתן סוד און באַשייד פון זייער מכלומרשטער ליבשאַפט, און זייער גראָטעסקישן ראָמאַנס. די דאָזיקע צאַרטע פרוי האָט אויסגעזען ווי איינע פון די עקסטאַטישע מאַדאָנעס, וואָס קושן יעדן בלויען באַגינען, ווען אין דרויסן שטייט נאָך פעסט די פינצטערע נאַכט ווי אַן אייזערנער מויער, דאָס איביק־פאַרבלוטיקטע לייב פון דעם מכלומרשטן דערלייזער און „פּרינץ פון גאָט"...

יאָ, דאָס מין פרוי מוז זיך פאַר עמעצן מקריב זיין. זי זוכט דווקא אויס דעם אומגליקלעכן מאַנצביל, וועמען זי וואָלט ממש נאָך אַ קוים־זשיפּיענדיקן אָפּגעשניטן פון דער תליה, אַנאָך נישט דערוואָרגענעם, כדי שפּעטער דורך איר גאַנצן לעבן צו זיצן ביי זיינע בלויע און געפרוירענע פיס, און אים ממש צו זויגן ווי אַ קליינטשיק זויגלינג מיט דער מאַמעשער מילך פון אירע שניי־ווייסע און אידל־געפּאַרעמטע בריסטן. די פרוי איז דאָך די מאַמע פון דער מענטשהייט, די מוטער פון גאָר די עלנטע און צעבראָכענע וואַגאַ־בונדן, בעטלערס און היימלאָזע. זי איז די מרים־געשטאַלט ביי די קריסטן, וועמען די רענעסאַנס־קינסטלער האָבן אָנגעטאָן אויף זייערע לייוונטן ממש אין טאָנען מיט פלאַמיקן גאָלד. זי איז אויך, להבדיל, די צאַרטע מוטער־געשטאַלט ביים אידישן פאָלק, רחל, וואָס וואַרט אָפּ די פאַרפאָלגטע און געשלאָגענע מחנות מיט אידן ביי אַלע וועגן און שטעגן, ביי אַלע טייכן און וועלדער פון דער ערד. און זי ווייִנט איבער זייער וויסטן גורל, און זי

פּרואווט זיי מוטערלעך טרייסטן, און זי כאַפּט די קליינטשיקע משהלעך און שׂרהלעך און זי דריקט זיי צו אירע הייסע בריסטן מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און רחמנות...

## דער חלום וועגן די טויטע קעפּ

די זינגערין רחל רעליס חלומט אָפט מאָדנע, מאַרבידע און שוידערלעכע חלומות, וואָס זיינען שיין און גראַנדיעז. אָן שום ספק אַז זיי וואַרצלען אין איר פאַרגאַנגענהייט, אין אירע מוראדיקע איבערלעבענישן בשעת דעם חורבן אין אייראָפּע, און זיי פאַרמאָגן אויך די זוימען פון דער צוקונפט, וואָס שטייט איר פאַר די נאַכטיקע אויגן, ווען זי זעט און אַנט די איבערלעבענישן פון די קומענדיקע דורות. אַנומלט דערציילט מיר די זינגערין וועגן איינעם פון אירע לעצטע חלומות, און איר קול ציטערט מיט טרעמאָ פון דעם פּחד, וואָס האַלט איר געשפּאַנט; פון דער מוראדיקער און פינצטערער פראַכט, וואָס שטייט שוין ערגעץ־וואו אין די קאָסמישע רעאַליטעטן, אָנגעגרייט פאַר דער אָרעמער מענטשהייט...

אַט הערט זי אַ וואונדערלעכן כאָר מיט די ווערטער פון אל מלא רחמים. באַלד דערקענט זי די מעכטיקע שטימע פון דעם נישט לאַנג צוריק גרויסן פאַרשטאָרבענעם זינגער סידאָר בעלאַרסקי. דער כאָר ווערט באַגלייט פון דעם פייערלעכן שפּילן פון אָרגלען, ווי אין אַ געוואַלטיקן טעמפּל. זי גייט אַזוי ווי אַ פאַרכישופטע אין דער ריכטונג פונעם כאָר. די פינצטערניש אַרום איר איז ווי חושך מצרים. זי זעט פשוט נישט וואוהין צו גיין, און וואו אַ טריט צו שטעלן. אָבער זי ווערט פאַרט צוגעצויגן דורך דעם אומגעווינלעכן כישוף פונעם טרויעריקן כאָר־געזאַנג. פּלוצלינג צינדט זיך אָן איינעם ממש קאָסמישן חושך אַ בליציק שטערנדל, ווי אַ לאָמפּ, וואָס אַ געטרייע, משפּחהדיקע האַנט וואָלט עס אָנגעצונדן, כדי צו באַלייכטן איר וועג דורך דער נאַכט. און אָט דערזעט זי טאַקע איר אומגעקומענעם טאַטנס אויסגעשטרעקטע האַנט. דער טאַטע נעמט זי אײדל אָן ביים אָרעם, און ער זאָגט צו איר מיט זיין וואַרעמען, פאָטערלעכן קול:

— קום מיט מיר, טאָכטערשי ליבס!...

זי גייט, זי גייט, זי פאָלגט אים געטריי נאָך, געפירט דורכן טאַטן אירן, וועמענס פּנים איז הימליש צעשטראַלט. פּלוצלינג עפנט זיך אָן אימפּאָזאַנטער זאַל אין דער פינצטערניש, וואָס לויכט מיט אָן אומגעווינלעכן, ממש הימלישן ליכט פון אַלע קאָלירן, וואָס פאַרבלענדן אירע אויגן. אין דעם זאַל שטייען אויסגעשטעלט לאַנגע טישן באַדעקטע מיט הערלעכע יום־טובדיקע און שבתדיקע טישטוכער, ווי אין די אַמאָליקע גרויסאַרטיקע אידישע היימען און הייזער אין פּוילן. די טישן זיינען פול באַשטעלט מיט כלערליי וואונדערלעכע מאכלים: זילבערנע טאַצן מיט הערלעכע פּירות; גרויסע פילפאַרביקע פלעשער מיט פלאַמיקע געטראַנקען; מיט כלערליי וויין און בראָנפן־ליקערן; גאָלדענע בעכערס מיט ריזיקע פּאָמעראַנצן, ווי

די רונדע לבנות ביים סוף פונעם חודש ; מיט אַפּעלסינען, אַפּריקאָסן, ווייג־טרויבן, עפּלוואַרג, טויאיק־זילבערנע פלוימען ; ווי אויך געשמאַקפולע לעקעכוואַרגן, וואָס פאַרשמעקן ממש דעם זאַל. רחל וויל אויסשטרעקן אַ האַנט און נעמען עפּעס צום פאַרזוכן, כדי צו שטילן איר הונגער און צו לעשן דעם דאָרשט. אָבער פּלוצלינג דערזעט זי, צו איר איבערראַשונג און גרויל, אַז אָנשטאָט די זוניקע פּאָמעראַנצן און עפּל, פרישע און געגיל־דערטע, זייגען עס גאָר קעפּ, טויטע, פאַרבלוטיקטע, צעשלאָגענע און צע־בראָכענע אידישע קעפּ מיט פאַרגלייזטע אויגן, מיט בלייך־בלויע ליפּן, מיט צעבראָכענע ציין, מיט צעשלאָגענע נעזער, מיט אַרויסגעפּליקטע האָר, מיט צעהאַקטע שאַרבנס, מיט אָפּגעשניטענע אויערן. בלויז טויטע קעפּ פון אידן זעט זי כסדר, און דאָס איז אַלץ. דער טאַטע שטייט נאָך אַלץ נעבן איר מיט אַ פאַרבלוטיקטן פּנים, און ער זאָגט צו איר מיט זיין פאַטער־לעכער שטימע :

— דער כאָר, וואָס האָט געזונגען, מיין טייער קינד, איז געוועזן פון די האָזיקע טויטע אידישע קעפּ !...

## דער געקעפּטער קאָפּ פונעם פיש

אין דעם פיש־געוועלב פון די נעאַפּאָליטאַנישע פישער־יונגען ליגט אַ ריזיק־געקעפּטער קאָפּ פון אַ „קאָד״־פיש. זיינע קאָלירן פיבערן און פינקלען נאָך אַלץ ווי פאָספאָר. יעדע איינציקע שופּ פון זיינע שופּן איז אַ גאָלדענער דוקאַט, אָדער אַן אַלטמאָדיש רענדל, אויף צו קויפן ווייץ אין ווייגקעלער. זיינע שטאָל־גרויע אויגן האָבן דעם קאָליר פונעם ים בשעת שטורעמדיקע וועטערן. זיין ברוטאַלער פּיסק איז ברייט־פאַרנעמיק ווי מוסאָליניס חוצפּהדיקע מאָרדע. אָבער איך טראַכט אַז עס איז דער קאָפּ פון אַ שיכורן ריזנמלאָך. עס איז דער קאָפּ פון דער פּראָנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס סאַנסאָן, דער תליון, האָט געקעפּט אין פּאַריז. עס איז גאָר מיין אייגענער קאָפּ וואָס דער הענקער האַלט הויך מיט זיינע בײדע פאַרבלוטיקטע הענט איבערן היסטערישן המון און דעם משוגענעם פּעבל אויף דעם פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד. און עמעץ, אַ פּראָסטיטוטקע, שלאָגט און פּאַטשט מיך, בשעת איך פאַל ענדלעך אַריין אינעם קויש פון די אַנדערע פאַרשטייפטע קעפּ פון די רעוואָ־לוציאָנערן, וואָס געזעגענען זיך און קושן זיך מיט פאַרבלוטיקטע ליפּן איינס דאָס אַנדערע. איבער מיר שיינט אָפּ ווי די רויטע זון דאַנטאָנס רוביניש־רויטער קאָפּ, וואָס דונערט טויטערהייט און ער רופט ראָ־בעספּיערן צו דער גיליאָטינע...

## דאָס ווײַנפלאַמיקע קלייד פון מיין מאַמען

אויב איך האָב ליב די רונדע לבנה בשעתן מולד, איז עס צוליב מיין מאַמעס געלן קלייד, וואָס איז מיר אַריין שוין קליינערהייט אין די אויגן, אין די געהירן, אין מיין אורעלטן בלוט־שטראָם, אונטער מיין

האמלעטיש־פורפורנעם שארבן, נאך זינט דעמאלט ווען איך בין געלעגן אזא פיטשינקס אין דעם הילצערנעם וויגעלע, א באשיצטער פון די פרומע, יידיש־רעדנדיקע מלאכים, מיט די ריזקע פליגלען אויף זייערע שמאלע אקסלען, באקלעפטע מיט טונקעלע שיר־המעלותן, ווי מיט באנ־ דאזשן, כדי צו פארהיילן זייערע וואונדן. אויב איך האב ליב א זשאווערנ־ דיק־רויטלעך פעלד אין שפעטן הארבסט, ווען די זון זעצט זיך זייער נידעריק ווי א פעטע הון, אזש די קליינע קינדער קענען זי אנטאפן מיט זייערע וויכע הענטלעך; אדער אויב איך בלייב שטיין ביי דער פלאמיק־קופערנער ערד וואס די רויע און ברוטאלע קברנים מיט באנ־ וואקסענע פנימער גראבן אויס אין דעם תהום־און־טיפעניש פון א קבר, ווען אן ארון ווארט געדולדיק ביים ראנד פונעם גרוב — איז עס אויך צוליב מיין מאמעס געלן קלייד. דאס איז געווען דאס קלייד וואס זי האט געטראגן צו איר חתונה אין יעוואנגאראד, ווען דער טאטע, נאך דעמאלט צו איר א ווילד־פרעמדער מאן, האט איר אנגעטאן אונטער דער חופה דאס גינגאלדענע רינגעלע אויף איר ציטערנדיקן כלהדיקן פינ־ גער. אין דעם זעלביקן קלייד איז זי אין דעם שטעטל פולאווי געגאנגען צו מיין שוועסטער חיהלעס לוויה, וואס איז געשטארבן פון שווינדזוכט אין איר זעקס און צוואנציק יאריקער ״נגשאפט״ און זי איז געווען שיין ווי א ״קייסערינע״, האט די מאמע דערציילט, ווען מען האט איר יונג לייב ארונטערגעלאזט אין דעם רויט־ליימיקן קבר. ווען די מאמע איז אין דעם זוניקן פארנאכט ארויסגעקומען פון וואלד, וואו איך האב זי אפגעווארט צוזאמען מיט מיין עלטערן ברודער שלמה, צוריקקומ־ ענדיק אליין פון דער לוויה, און האבנדיק נאס געמאכט דעם גרויסן וואלד מיט אירע בריענדיקע מאמעשע טרערן, איז זי געווען האלב פון איר געוויכט. איך האב ערשטע דערזען דאס אמבער־רויטע קלייד אירס. עס האט געלויכטן אין דער זון ווי דורכזיכטיקער בורשטין. די מאמע איז געווען הייזעריק פון שרייען און יאמערן צו גאט דורכן גאנצן טאג. איצט האט זי שוין מער נישט געקענט וויינען מיט קיין מוטערלעך געוויין. זי האט איר ווילד געוויין באגראבן אין קבר צוזאמען מיט איר געליבטער טאכטער. האט דאס רויטע קלייד צוזאמען מיט דער זון פאר איר איצט געווינט צו אלע זיבן הימלען. ווען די מאמע איז שפעטער מיט יארן געקומען אין הימל אריין פאר גאט, צום סאנ־ מעראדנעם כסא הכבוד, און זי האט פראטעסטירט צום מכלומרשט אי־ דישן רבונו של עולם פארן לאזן אומברענגען דעם מיליאן זיסע אידישע קינדערלעך, איז זי געווען אנגעטאן אין דעם ווינפארביקן חתונה־ קלייד. גאט אליין האט ווי א קליינטשיק קינד, ניין, ווי אן אלטער איד, אויפגעציטערט, און ער האט זיך ממש דערשראקן פאר דער מאמעס דונ־ נערנדיקן געוויין. אבער באלד האט זי ווידער גענומען שוויגן מיט דעם אוראלטן אידישן שוויגן פון אירע פארצייטישע באבעס, וואס האבן די

מערסטע אומגליקן זייערע עקשנותדיק פארשוויגן, און שטילערהייט אריינ־
געטערערט אין זייער תהילימל, צי אין דער צאינה וראינה. אבער איר
וויסטע און שטומע שטילקייט האט פארט געמאכט ציטערן אלע זיבן
הימלען. עס האט זיך גאט אליין טיף פארשעמט און די מלאכים האבן
געוויינט ווי פיצלעך קינדער אין די ארעמס פון זייערע טויטע מאמעס...

די מאמעס ליים־געלע קלייד שטייט מיר תמיד פאר די אויגן...

## אין פרילינג קומט צוריק דער באטשאן

ארום הארבסט־צייט, ווען די באטשאנעס פליען אוועק טשאטעס־
ווייז אין די ווארעמע לענדער ערגעץ־וואו אין אפריקע, אדער אין
אויסטראליע, דורכמאכנדיק שווערע טויזנטער מיילן אין דער לופט,
ווערט עפעס איינעם אומעטיק אויפן הארצן אין די פוילישע דערפער.
די הויכע נעסטן זייערע אויף די שמאלע ציפרעסנבוימער, נעבן די
שטאלן און סטאדאלעס, בלייבן שטיין פוסטע און ליידיקע. עס דאכט
זיך אז עס קרעכצן אפילו אויפן פעלד די איינזאמע סטראשידלעס, אנ־
געטאן אין א צעלעכערטן צילינדער פון א קברן. אבער ווען גאטס
ברכהדיקער פרילינג קומט ווידער אן אין לאנד, צוזאמען מיט דער
ווארעמער זון, וואס דיסקרימינירט נישט קעגן די קינדער און ארעמע־
לייט, באווייזן זיך ווידער די ליבע באטשאנעס אין גאנצע טשאטעס אונ־
טערן לויטערן און פרייטלעכן הימל. די פויערים זאגן אז די פייגל
האבן דעמאלט חתונה. די באטשאנעס קלאפן מיט זייערע לאנגע און
שפיציקע שנאבלען, און זיי הויבן זיך אן באצייטנס צו פארן, אויספאלגנ־
דיק געטריי דער נאטורס געזעץ פון פארמערונג און אייביקייט. ווען
די יונגע באטשאנעס ווערן געבוירן נאקעטע און אן שום פעדערן, טאקע
„ווי די מאמע האט זיי געהאט", זיינען זיי כמעט מיאוסע און אומבאהאל־
פענע ווי די ווערעם. אבער מיט יעדן טאג זעט מען באשיימפערלעך
ווי זיי ווערן שענער, און אלץ מער ענלעכער צו זייערע עלטערן. דאס
עלטערע פארפאלק איז ממש א מוסטער פון געטריישאפט. זיי ברענגען
כסדר דורכן לאנגן טאג אלץ בייע ווארעמלעעך, שמעטערלינגען און
כלערליי אינסעקטן צו זייערע נעסטן, וואו עס ווארטן אויף זיי די יונגע
באטשאנדלעך מיט אפענע שנעבעלעך, פארהויבענע אין דער הויך און
אויסגעשטרעקטע צו זייערע פיטערער. די עלטערע פייגל טראגן אין
זייערע שנאבלען אויך קראפלעס וואסער פונעם נאענטן טייך כדי אויס־
צובאדן בשעת די הייסע זומערדיקע טעג די פיטשינקע און אומבא־
האלפענע „זויגלינגען". אזוי ביז די קליינע ווערן שטארק און זיי הויבן
אן צו נוצן זייערע צארטע פליגל אין געשוועב. דעמאלט פארלאזן זיי
די נעסטן פון זייערע עלטערן. זיי לערנען זיך אציינד פעסט און זיכער
צו שוועבן איבער די טייכן און שטראמען, איבער וועלדער און פעלדער.
זיי קלאפן שטאלץ מיט זייערע יונגע פליגלען. די עלטערן באפאלט

איצט אַ לוסט אַוועקצופליען פון דער איינזאַמער נעסט, פון זייערע דער־וואַקסענע קינדער, וואָס דערקענען מער נישט זייערע טאַטע־מאַמעס. ווער פון די באַטשאַנעס וועט בשלום צוריקקומען מיט אַ יאָר שפּעטער און ווידער פאַרנעמען זייער אַלטע דירה — די נעסט, וואָס די שנייען, רעגנס און ווינטן האָבן שאָדן געטאָן דורכן שטרענגן ווינטער, צו דער צופרידנקייט פו דער דאָרפישער באַפעלקערונג, און פון די קליינע יינגלעך. אַ סך פון זיי קערן זיך שוין קיינמאָל מער נישט צוריק צו זייערע היימישע דערפער, און זיי בלייבן שוין ערגעץ־וואו שטעקן אינעם ווייטן וועג־און־וואַנדערונג. זיי ווערן מסתמא פאַרפאַלן אין די וויסטע־נישן, איבער די שטורעמדיקע ימים. פּשוט, זייערע פליגל זיינען שוואַך און אַלט געוואָרן...

מיין אייגענע פריע יוגנט אינעם פּוילישן דאָרף איז געווען געקניפּט און געבונדן מיט די באַטשאַנעס. צוזאַמען פלעגן מיר גיין איבער די פעלדער און וועלדער. פאַר קינדער האָבן די באַטשאַנעס נישט קיין מורא, כאָטש מערסטנס האָבן זיי געגרן איינזאַמקייט און מנוחה. מיט די באַטשאַנעס הויך אויף די נעסטן איז הימלעך אין די דערפער. דאָס פאָלק האָט פון תמיד אָן ליב די שלאַנקע פייגל מיט זייערע דינע דראָטענע פיס און לאַנגע שנאָבלען. בכלל איז פאַראַן עפּעס אַ געטלעכקייט אין דעם לעבן פון חיות און עופות. זייער אינערלעך געזעץ פון לעבן; זייער דראַנג אייביק פאַרצוזעצן זייערע אייגענע עקזיסטענץ דורך די נייע דורות; זייער קעגנזייטיקע געטריישאַפט און ליבשאַפט פון די פאַרפעלקער, און שפּעטער זייער געמיינזאַמער אופן פון האָדעווען און באַשיצן די יונגע שפּראָצליגגען. דאָס אַלץ באַווייזט אַז דאָס לעבן אינעם קאָסמאָס האָט זיין באַשטימטן צוועק, און זיינע אינערלעכע דראַנגען און געזעצן...

## פאָרטרעט פון אַ יינגער פרוי

זי טראָגט עלעגאַנטע שטיוועלעך פון ווייכער און געלער לעדער, וואָס פּאַסן זיך צו אירע פּרעכטיקע און שלאַנקע פיסלעך. זי טראָגט אַ וויין־וואָלענעם קליידל פון אַ פּורפּורנעם קאָליר, מיט קעסטעלעך און קראַטקעלעך געצייכנט. עס ווילט זיך אַזוי שטאַרק אָנרירן מיט דאַנק־באַרע פינגער דעם ווייבלעך־וואַרעמען שטאָף פון אירע שיינע מלבושים. אונטערן וואָלענעם לייבל פון רויטלעכן קאָליר שוועלן צוויי זיסע, באַ־טעמטע, שפּיציקע בריסטלעך, וואָס מאַכן ממש משוגע דאָס הונגעריקע אויג פונעם מאַנצביל, וואָס ווייסט נישט פון קיין זעטיקונג אַפילו ביז צו זיין טיפסטער עלטער, און וואָס וועלן נאָך רייצן אַ טויזנט מאַנצבילן בייטאָג, ביינאַכט, ווען די לבנה לויכט בלוטיק, און לאָזט נישט צושליסן קיין אויג. אַ דין און גאָלדן בראַסלעטל לויכט אָפּ אויף איר צאַרטער און קליינער האַנט, ווי אַ געשניצט קונסט־ווערק. אַ קליינטשיק גאָלדן רינגל מיט אַ גרויסן בריליאַנט צירט איינעם פון אירע דינע גליקלעכע פינ־

גער. אַ שנירל פּערל רינגלט אַרום אַ העלדזל, וואָס איז טויזנט מאָל שענער פון דעם דינעם האַלדז פון דער יונגער פּערלדיקער שוואַן, וואָס שווימט רואיק אַרום אין דעם קינסטלעכן טייך פון אַ קעניגלעכן אַלטן פּאַרק אין גאָלדענעם פאַרנאַכט. דאָס פּנימל אירס איז געגאָסן אין גאָלד ווי אַן אײדל צירונג־שטיק פון דעם פאַרצייטישן וואָגנטוריסטישן גאָלד־שמידט־קינסטלער בענווענוטאָ טשעליני. די באַוועגונגען פון איר גוף, פון אירע הענטלעך, פון אַלע אירע חנעוודיקע און גרינגע גלידער זיינען גיכע, גראַציעזע און נערוועזע. איך גיי ממש אויס אַז זי זאָל וואַרפן אויף מיר כאָטש איין און איינציקן שנעלן בליק מיט אירע בורשטין־ברוינע אויגן, וואָס קענען אָנצינדן אַ מאַנס בלוט אויפן גאַנצן לעבן זיינעם. אָבער וועלכע יונגע און רייצנדיקע פרוי וועט עס גיין אָנקוקן אַן עלטערן איד אין אַן אָנגעשטאָפּטן אויטאָבוס אויף דער זוניק־האַרבסטיקער פינפטער עוועניו, אין דעם סוף פון עם חודש נאָוועמבער, פון יאָר 1975? ווען זי גייט אַרויס פונעם אויטאָבוס, בלייב איך פּלוצ־לינג זיצן אַליין, דער סאַמע איינזאַמסטער מענטש אין דער גאַנצער וועלט. איך ווייס אַז איך וועל שוין מער קיינמאָל אין מיין לעבן נישט באַגעגענען די יונגע שוינקייט. איז עס נישט אַ טרויעריקער עפּיזאָד אין אַ דיכטערס לעבן? טוען נישט די פרויען צופיל ווי די סענסיטיווע און ראָמאַנטישע מאַנצבילן מיט זייער שיינקייט און רייץ?! וואָלט מען זיי נישט באַדאַרפט באַשטראָפן מיט — ליבע?!...

## אין חושך פון באַגינען

אין חושך פון דעם פריען באַגינען שטיי איך אויף, באַלאָדן מיט אַ ווילדן הונגער צום שרייבן, פונקט ווי איך וואָלט שוין נישט געהאַט אָנגערירט מיין אייזערנע פעדער מיטן פינצטערן טינט אַ גאַנצן מיליאָן יאָר. איך קאָך אָפּ, ווי דע באַלזאַק, אַ טאָפּ מיט הייסער קאַווע, און וואַרף אַריין אַ שטיק פאַרפרוירענעם און פאַרגליווערטן האָניק, ווי אַ מלאך, דאַכט זיך מיר, וואָלט אַריינגעוואָרפן די בורשטיניק־געלע, פּאַס־פּאַרישע לבנה אין טונקעלן ים אַריין...

## די טראַגעדיע פון דעם פרינץ האַמלעט

דער געלערנטער ד״ר בראָנאָווסקי זאָגט אומגעפער אין זיין סעריע לעקציעס וועגן דעם אויפגאַנג פונעם מענטש אויף דער ערד, וועגן דעם פרינץ האַמלעט:

— האַמלעטס טראַגעדיע איז נישט בלויז וואָס ער שטאַרבט איידער ער פירט אויס זיין נקמה־אַקט איבערן מערדער פון זיין פאָטער, און דעם מערדערס צוהעלפערס, ווי זיין אייגענער פאַלשער מוטער; נייערט ווייל ער שטאַרבט אין אַ צייט ווען ער איז באַשטימט געקרוינט צו ווערן אַלס דער גרויסער קייסער, און אפשר מיט זיין גאַנצער מאַכט צו קענען איינפירן גערעכטיקייט אויף דער ערד..

## מאָזעס סאָיער מאָלט אין הימל די מלאכים

דער גרויסער מאָלער מאָזעס סאָיער האָט דורך זיין גאַנצן קינסט־לערישן לעבן געמאָלן די זוניקע און באַקעטע באַלערינאַס; די רייצנדיקע יונגפרויען; די צאַרטע און פולבלוטיקע אַמעריקאַנער מיידלעך.

ער האָט זיי אַראָפּגעמאָלן פון זייער לעבן, און האָט זיי מיט גרויס ליבשאַפט אַריינגעשטעלט אין זיינע מאָלערישע מייסטערווערק. קראַנקער־הייט אויפן האַרצן, און טרינקענדיק גרויסע גלעזער מיט וויסקי, געדענק איך, איז ער קיינמאָל נישט מיד געוואָרן צו מאָלן די דאָזיקע שיינקייטן: די טענצערינס, די אַרבעטער־מיידלעך, די פאַבריקס־מאַדאָנעס, די אָרעמע קינדער פון דער ניו־יאָרקער גרויער גאַס. ער האָט געמאָלן און קאָפּירט די שיינקייט פון דער יינגער פרוי, ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. איך געדענק ווי אַרום אַ חודש פאַר זיין טויט, ווען איך האָב אים באַזוכט אין זיין סטודיאָ אין „טשעלסי האָטעל", וואו עס האָבן אין די פריערדיקע יאָרן געוואוינט אַרטור מילער, ווי אויך עטלעכע שיכורע אירישע דיכטער, האָט ער שוין אויסגעזען שטאַרק קראַנק. זיין קאָפּ איז געווען אומגעווינלעך־גרויס און געשוואָלן. זיינע אויגן זיינען געווען רויטע, אַוודאי פון נישט קענען שלאָפן אין די נעכט...

איצט, נאָך זיין טויט, מאָלט ער מסתמא אויך אין הימל, אַ טויטלעך־שיכורער, טרינקנדיק „וואָדקאַ", די מלאכים מיט זייערע בלוט־רויטע רובינען איבער זייערע בלאַסע שטערנס, און מיט די ריזיקע און גאָלדנ־שפּיציקע פליגל איבער זייערע שמאָלע פּליצעס, וואָס שטעכן דורך די פינצטערניש פון דער נאַכט אין זיין אומרואיקן שוואונג.

## די לעצטע מלחמה פון דער מענטשהייט

די סאַמע לעצטע מלחמה פון דער מענטשהייט וועט זיין צווישן די ביידע געשלעכטער אויפן פּלאַנעט ערד: גאָט, וואָס האָט באַשאַפן חוהן פון אדמס ריפּ, בשעת ער האָט געחלומט פון דער אידעאַלער פרוי, וועט לאָזן פאַרניכטן אדמען, און זיין גאַנצע מענערישע ברידערשאַפט, דורך דער קריגערישער און אַמביציעזער חוהן, און דורך אירע זעלבסטמער־דערישע שוועסטערן, וואָס האָבן חשק צו פאַרשליסן זייערע טראַכטן פאַרן תאווהדיק־אָנגעצונדענעם מאַן. (אַגב האָט שוין מיט עטלעכע טויזנט יאָר צוריק דער גריכישער קאָמעדיען־שרייבער אַריסטאָפאַנעס באַרירט די דאָזיקע טעמע אין זיין סאַטיריש ווערק „ליזיסטראַטאַ"...).

## כל־זמן...

כל־זמן גאָט שענקט מיר נאָך דאָס לעבן, וויל איך אַלץ הערן, זען, איבערלעבן און אַריינעמען אין מיין אויג, אין מוח און אין האַרצן אַלע זאַכן און זיסקייטן, אַלע ביטערנישן און שיינקייטן פון דער גאַנצער וועלט: מוזיק, ליטעראַטור, לאַנדשאַפטן, געטראַנקען, אומאַרמונגען פון שיינע פרויען, זינד און מצוות; כדי אין דעם מיליאָן יאָר וואָס איך וועל ליגן אין

קבר, און „צוזען" אומבאַהאַלפּענערהייט ווי איך צעפאַל אין דער טיפסטער טיפעניש פון דער מאַמע־ערד, זאָל איך האָבן פון וואָס צו טראַכטן, זיך צו דערמאָנען אַ סך געשעענישן פון מיין לעבן; כּדי זיי אויפדאָסניי איבערצולעבן אַ טויזנט יאָר לאַנג. אויב נישט, וועל איך חלילה אויסגיין פון דער וויסטער לאַנגווייליקייט אין געזעלשאַפט פון די מתים...

## דער בלינדער מאַן וואָס וויל עפענען זיינע אויגן

דער בלינדער מאַן וויל מיט געוואַלט אויפרייסן די פאַרבאַרגענע שוואַרצאַפּלען פון זיינע שניי־ווייסע אויגן, און אָנקוקן זיין כּלה, וואָס רעדט צו אים וועגן ליבע מיטן צאַרטן קול פון אַ בלוט־רויטער סטראַדי־וואַריוס־פידל. אָבער זיינע גרויסע בלינדע אויגן זיינען פאַרגליווערט און פאַרפרוירן ווי קאַלטע פּערל. דאָס פייער פון דער פלאַמיקער ליבע אין זיין האַרצן קען אויך נישט עפענען זיינע שוואַרצאַפּלען, כּדי צו זען די לויטערע און פערלדיקע שיינקייט פון זיין כּלה, און פון דער גאַנצער וועלט־לאַנדשאַפט אַרום אים, און פון די שטערן אין דעם חשכות פון דער אומגעהויערער נאַכט, וואָס וועט שוין קיינמאָל, דאַכט זיך, נישט אויפגעבן איר עקשנותדיקע און אַכזריותדיקע פינצטערניש, וואָס פאַרמאָגט אפילו נישט קיין איינציקן שטערן פון האָפנונג...

## דער שיכורער פּאָעט

עס דערציילט מיר אַ שרייבער:

— דער פּאָעט ציצעראָ קומט אַריין אין דעם סאַבוויי־וואַגאָן שפּעט ביינאַכט, זינגענדיק עפּעס אַ באַלשעוויסטיש לידל מיט אַן אַמאַליקער צאַ־ריסטישער מעלאָדיע. ער טאַנצט זיך בגילופנדיק אונטער און באַוועגט זיך שיכּורלעכוואַטע. אויף זיין פּוטערנער פּאַפּאַכע שמעלצט זיך באַצייטנס דער ערשט־געפאַלענער שניי, וואָס שמעקט נאָך מיט דער ריינקייט פון הימל און די שטערן. אויף איינעם פון זיינע געדיכטע און טונקעלע ברעמען איז געבליבן שטיין אַן עקשנותדיק שניי־פלעקעלע, וואָס האָט בפירוש נישט קיין וואָזשנעם חשק צעשמאָלצן צו ווערן אין דער היץ פונעם וואַגאָן...

— וואָס איז עס פּלוצלינג מיט דיר געשען, ציצעראָ? צי קומסטו פון אַ מאָסקווער קרעטשקע, וואו דו האָסט געטרונקען פלעשער מיט וואָדקאָ מיט מאַיאַקאָווסקין, וואָס האָט געהאַט שטאָלענע אויגן, און מיט סערגיי יעסעניגען, וואָס האָט מיטגענומען אין זיין האַרצן קיין מאָסקווע די נאָך־פּייכטע און טויאיקע לאַנדשאַפטן פון דער ריאַזאַנער גובערניע, וואו זיין וויגעלע איז געשטאַנען, אַ באַלויכטענע פון דער גאָלדענער לבנה? האָסטו פאַרבראַכט מיט דיינע אומעטיקע חברים־דיכטער אַלעקסאַנדער בלאָק און באָריס פּאַסטערנאַק, וואָס האָבן פון זייער יוגנט אַן געטראָגן דעם זעלבסט־מאָרד־חלום אין זייערע צעפלאַמטע מוחות? — פרעגט זיך דער שרייבער חיים ביים שיכּורן פּאָעט ציצעראָ.

— אָ, דו זעסט דאָך, אַז איך בין היינט ביינאַכט אונטער דער כוסה. היינט איז דער געבורטסטאָג פון מיין יינגסטער שוועסטער, וואָס האָט געקעמפט אין וואַלד צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער. די פאַרשאָלטענע נאַצי־באַנדיטן האָבן איר געכאַפּט און אויפגעהאַנגען אויף אַ בוים ביים ברעג פון וואַלד. זי האָט געהאַט גרינע אויגן און גאָלדענע האָר, ווי אונ־דזערס אַ באָבע. איך האָב מיין יינג שוועסטערל לאַהלע שטאַרק ליב געהאַט. און מעג איך דען אויך אַמאָל נישט זיין אַ קאַפּעטשקע שיכור לכבוד אַ העלדישער שוועסטערס הייליקן אָנדענק, פונקט ווי דער ערגסטער אָדער ווי דער בעסטער „בויערי־באָם״?! — זאָגט דער פּאָעט מיט אַ סאַרקאַס־טיש־טרויעריקן שמייכל אויף זיין שטענדיק־פאַרמאַסקירטן פּנים. מוז איך דען ווי אַן אַלטער איד אייביק קלאָגן אויפן חורבן בית המקדש? מיין שוועסטערל, וואָס מען האָט אויפגעהאַנגען אויפן צווייג פונעם בוים, איז געווען אַזוי הייליק ווי דאָס בית המקדש. איך האָב דערנאָך אַ גאַנצע נאַכט, אונטער אַ שרעקלעכן רעגן און האָגל, געשלאָגן דעם בוים, וואָס האָט דערשטיקט מיין שוועסטערל. דערנאָך האָט אַ בליץ איינגעביסן דעם בוים מיט זיין פייערדיקן פּיסק. מיין שוועסטערלס בלוט איז גערונען פון שטאַם, פון זיינע קאַלטע צווייגן...

— און ער טענצלט זיך ווייטער אונטער אַזאַ מין מאָדנער שיכורער, ווי ער וואָלט דריקן צו זיך אַ ספר תורה בשעת די הקפות אין שול, אום שמחת תורה. ער דריקט צו זיך זיין געהאַנגענע שוועסטער, וואָס איז הייליק ווי די תורה, און וועלכע גאָט האָט פאַרלאָזן, טאַנצנדיק מיט איר נשמה געאָרעמט... ביז ער זעצט זיך ענדלעך אַוועק נעבן אַ פּאַרטאָ־ריקאַנישער פּראָסטיטוטקע, וואָס איז גערוזשירט אויף אירע טונקל־בראָנ־דזענע באַקן ווי די פולע לבנה ביים סוף פון איר חודש־צייט, אין דעם פּערלדיק־לויטערן מולד...

## צו דער אַלטער און אייביק־יינגער לבנה

— לבנה, דו ביסט די ערשטע גאָלדענע טרעפּ, אויף וועלכער די טריט פון דער מענטשלעכער ראַסע האָבן באַטראָטן נאָך טויזנטער יאָרן בענקשאַפט צו דיר פון אַלע מענטשלעכע דורות, כדי דורך נאָך טויזנטער יאָרן אין דער צוקונפט צו דערגרייכן דעם געוואַלטיקן פּאַלאַץ פון גאָטס אומענדלעכקייט. אָבער די ווייטערדיקע שטיגן אין דער הימלישער הויכ־קייט גרייכן אַזש ביז אַרום צען ביליאָן ליכט־יאָרן, אויף וויפל מיר וויסן אין דעם איצטיקן מאָמענט...

## די שוועסטער פון שעקספּירס אָפעליאָ

די עלטערע שכנטע מיינע זאָגט צו מיר אַנומלט:

— איר האָט אַוודאי געקענט די פרוי צ.? זי איז געשטאָרבן פון קאַנסער. איך האָב זי גאָרנישט דערקענט, ווען איך האָב זי געזען ליגן אין דעם הילצערנעם אָרון, אין „לינטשס פיונעראַל הוים״...

— אַוודאי האָב איך זי גאַנץ נאָענט געקענט דורך די יאָרן, זינט איך וואוין אין דעם דאָזיקן הויז. זי האָט קיינמאָל נישט צו הויך גערעדט, נייערט זי האָט עפּעס ווי ציטערנדיק געשעפּטשעט. זי האָט זיך שטיל און פּאָרזיכטיק מיטגעשאָקלט מיט איר שלאַבערדיקן גוף, מיט אירע שעפּ־טשענדיקע רייד, וואָס קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען זייער אמתן זין און באַדייטונג. מסתמא האָט זי אויך קיין סך נישט געוואוסט וואָס זי רעדט, און וואָס זי מיינט מיט אירע פאַרנעפּלטע רייד. כאָטש זי איז געווען אַ קריסטלעכע פרוי, און תמיד מיטן גאָלדענעם צלמל איבער איר האַרצן, איז זי עפּעס געווען אַזאַ מין אידעלע, פרומינקע און פּאָרכטיקע, ווי אַ היימישע באָבע ביי אידן, וואָס שעפּט נחת פון אירע געראָטענע אייניק־לעך. אַוודאי איז זי שוין געווען עובר בטל, ווי איר זאָגט ריכטיק. אָבער חלילה קיינמאָל נישט קיין וואולגאַרע, קיין באַנאַלע, אָדער קיין ציניש ע פרוי. איר נאַרישער אופן פון רעדן האָט פאַרמאָגט דעם חן פון אַ סאָרט קינדישקייט, אומשולדיקייט און נישט־דערוואַקסנקייט, הגם עס איז מסתמא געווען אַ רעזולטאַט פון איר טיפער זקנה. זי איז געווען שוואַך און פאַרגענגלעך ווי שניי, וואָס איז ערשט געפאַלן ווי פּוך פון הימל. זי האָט געמוטלט עפּעס אַזוי צעמישטערהייט ווי די בלייכע און פּאָעטישע געשטאַלט פון „אָפעליאַ“, די וואונדערלעכע העלדין פון „האַמלעט“. אפשר איז זי טאַקע געווען איר שוועסטער ..

## פּרץ הירשביין און די פלעמישע „סקיפּערס“

איך בין היינט ביינאַכט געווען צוגאַסט ביי מיין לאַנגיאָריקן פריינט אַברהם שאַריטאָן, פון אַנטווערפּן. איך האָב אים דערמאָנט אַז אַרום דעם יאָר 1928 האָט פּרץ הירשביין געהאַלטן אַ לעקציע וועגן זיינע וואַנדע־רונגען אין דעם וויטן אַזיע, וואָס איז פאָרגעקומען אין זאַל „פאָרטוניאַ“, אויפן ראָג פון דער פעסטינג סטראַטע, ביי דער באַן־סטאַנציע. שאַריטאָן באַרימט זיך אַז ער האָט שפּעט ביינאַכט געטאַנצט אין אַ נאַכט־קלוב מיט דער דיכטערין, דער אידעלער אַריסטאָקראַטקע, אסתר שומיאַטשער, הירש־ביינס וויב. ער זאָגט מיר אַז די הירשביינס האָבן דווקא שטאַרק ליב געקראָגן אַנטווערפּן. פּרץ הירשביינען האָבן באַזונדערס פאַראינטריגירט די אַזוי־גערופענע „סקיפּערס“, ווי זיי הייסן אין דעם פלעמישן לשון. זיי וואוינען געוויינלעך מיט זייערע משפּחות מערסטנס אויף די אַלטע שיפן, וואָס שטייען פאַראַנקערט אין די אויליקע וואַסערן פון דעם גרויען „שעל־דע“־קאַנאַל. זייערע קליינע קינדער פאָרן מיט אויף די וויטע נסיעות, טראַנספּאָרטירנדיק סחורות, פּראָדוקציע און געצייג קיין האָלאַנד, דייטש־לאַנד, און צו די אַנדערע לענדער פון צענטראַל־אייראָפּע. היינט באַנוצן זיך שוין די דאָזיקע „סקיפּערס“ מיט מער מאָדערנע שיפן און קאָמוניקאַציע־מעגלעכקייטן. זייער לעבן איז אינטערעסאַנט, ציגיינעריש און קאָלירנרייך. זיי שטייען זעלטן צו לאַנג פאַראַנקערט אויף דעם זעלביקן פּלאַץ. שטענדיק פירן זיי סחורות איבער פאַרשידענע לענדער, מערסטנס פון פלעמישער

אויסאַרבעטונג. הירשביין איז געווען נייגעריק צו וויסן די מערסטע איינצל־הייטן וועגן די סימפּאַטישע און פּאָלקסטימלעכע „סקיפּערס״, וועלכע פאַר־ברענגען זייערע לעבנס אויף די רויע טייכן און ימים...

פּרץ הירשביין האָט געטרונקען „באָק״ (פלעמישן ביר) מיט זיי, און האָט זיך געקושט מיט זייערע ווייבער און קינדער, בשעת מען האָט לוסטיק געטאַנצט די נאַציאָנאַלע טענץ אין דער באַגלייטונג פון אַ היימישן גראַ־מאָפאָן. ער איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן זיך כסדר אויסצופרעגן וועגן זייער אייגנאַרטיקן שטייגער פון לעבן. איין מאָל איז הירשביין אַפילו מיט־געפאָרן מיט אַזאַ פאַמיליע פון „סקיפּערס״ אויף אַ רייזע קיין האָלאַנד. עס איז גראָד אויסגעבראָכן אַ שטורעם אויפן ים. אין יענער געגנט איז דער ים זייער אָפט אומרואיק. אָבער דער דראַמאַטורג איז געווען זעלבס־באַהערשט, ווי יונה הנביא אויף דער שיף פון תנ״ך. ער האָט אויך באַ־רואיקט זיין צאַרטע און שיינע פרוי אסתר, וואָס איז געווען בלייך, נאָבל און שלאַנק. ער האָט אויך, ווי אַ רייכער פעטער צו זיינע אייניקלעך, געטיילט גאָלדענע מטבעות צו די קליינע קינדער, וואָס האָבן לכבוד אים און זיין פרוי ספּעציעל געטאַנצט פלעמיש־נאַציאָנאַלע טענץ אויפן דעק פון דער שיף...

## לעבן און טויט פון די שטערן

מאַסן שטערן־גאַלאַקסיעס, לויט דער אַסטראָנאָמישער וויסנשאַפט, זיינען אַלט ביליאָנען יאָרן. זיי שטאַרבן פּונקט ווי מיר, מענטשן, חיות און שמעטערלינגען. זייערע יאָרן, וואָס ציילן זיך אין די מיליאָנען און מיליאַסן, זיינען פונדעסטוועגן אויך געציילטע ווי אונדזערע יאָרן. אָט שוועבן זיי אויף דער עלטער ווי טויטע אַלבאַטראָסן אינעם קאָסמישן רוים. איך זע אַ טייל שטערן ווי ריזיקע סאָקראַטישע און אַריסטאָטעלישע מוחות, וואָס דענקען געוואַלטיקע מחשבות. אַנדערע שטערן זעען אויס ווי פּורפּורנע שאַרבנס פון אַן אומענדלעכן בית עולם, וואָס ציטערן ווי האַרבסטיקע בלעטער אין די הענט פון פרינצן ווי האַמלעט, און צווישן די פינגער פון ריטערס ווי דאָן קיכאָט. טייל שטערן קומען מיר פאָר ווי זיי וואָלטן פרי־לינגדיק בליען ווי פייערדיקע בלומען אין אַקעניגלעכן גאָרטן פון קאָסמישן לעבן. געבורט, לעבן און שטאַרבן זיינען, ווייזט אויס, אוניווערסאַלע געזעצן. מענטשן און שטערן זיינען ברידער און שוועסטער אין לעבן און אין טויט...

## שטערנטינטערס מיט פינצטערן טינט

עס איז פיר אַזייגער אין באַגינען. איך שטעק אַרויס מיין קאָפּ דורכן פענצטער כדי אָנצוקוקן גאָטס וועלט מיט אַזאַ מין עקסטאַז, ווי איך וואָלט נאָך זיין סיי דאָס קינד אין וויגל, און סיי שוין דער זקן אין דער נאַכט פון זיין לאַנגן קהלתדיקן לעבן. איך שטיי בלויז אָנגעטאָן אין מיין לייוונטענעם העמד. איך בין אַן איינגעהילטער אין גאָטס שעפערישער פינצטערניש,

אַזוי ווי יעדער איינציקער שטערן אין הימל, וואָס באָדט זיך אַ פלאַמיקער אין גאָטס אומענדלעכער נאַכט. אויף דער גאַס, נעבן מיין הויז, שטייט דאָס בוימל, און עס ציטערט אין גאָטס ווינט אַזאַ נאַקעטס און הוילס, אַזאַ איינזאַמס און שיכורדיקס, ווי די נאַקעטע כלה פאַרן הונגער נאָך איר פּרעכטיקן לייב פונעם ברוטאַלן חתן בשעת דער חופה־נאַכט, און עס טוט תפילה מיט אַלע זיינע רמח־אברים. די אייזערנע לאַמטערנע איז ווי אַ גרויסע זון פאַר די האַלב־נאַכטישע שיכורים, שאַטנס און געשפּענסטער. איינער אַ מאַן פירט שוין פונאַנדער מיט זיין שווערן לאַסט־וואָגן די שמע־קעוודיק־וואַרעמע לאַבנס ברויט צו די טויערן־און־טירן פון די נאָך אין טיפן שלאָף פאַרזונקענע מענטשן. דאָס פענצטער פון אַ לוויה־הויז לויכט נאָך פורפורדיק ווי דאָס פנים פון אַ זעלבסטמערדער. אַ זקן, ווי אין רעמ־בראַנדטס אַ מאַלעריי, זיצט ביים טישל, נעבן דעם שוואַרצן טעלעפאָן־אַפּאַראַט. דרימלענדיקערהייט וואַרט ער אויף אַ רוף פון ערגעץ אַ הויז אין דער ריזיקער שטאָט, כדי אָפּצונעמען אַ פרישן און נאָך וואַרעמען בר־מינן. גאָט שיקט אַראָפּ אַזאַ זיסן רעגן פון טוי צום גומען פון שלאָפלאָזן שרייבער, צו וועמענס אויגן יעדער שטערן אין דער נאַכט איז אַ זילבערנער טינטער מיט פינצטערן טינט, מיט וועלכן ער באַדאַרף אויסשרייבן די בלעטער פון זיין לעבן...

## אין אַ האַרבסטיקן טאָג ווען די זון זעט אויס ווי אַ קופּערנע פאַן

איך האָב היינט ווידער שפּאַצירט לענגאויס דער אָפּשרעקנדיקער מויער פונעם בית עולם, ווי איך טו דאָס זינט די פאַרגאַנגענע צוואַנציק יאָר, דורך די לאַנגע זומערן און ווינטערס. אַ ייִנגע און שיינע פרוי איז פּלוצלינג אַרויסגעקומען פונעם אָפענעם טויער, פונקט ווי זי וואָלט ערשט געהאַט אויפגעשטאַנען פון איינע פון די טויזנטער קברים. איך האָב זיך פאַר איר סיי דערשראָקן, און סיי דערפרייט מיט איר ליכטיקער דערשיי־נונג. דער ייִנגער גריך האָט, ווי תמיד, געוואַרט אויף קונים כדי צו פאַרקויפן זיינע הייסע וואורשטלעך. די ווינטן האָבן אָן שום רחמנות געטריבן די טרוקענע און רויטע בלעטער, ווי זשאַווער, איבערן טראָטואַר, אויפן ברייטן שאָסיי, אונטער די דורכפאָרנדיקע אויטאָמאָבילן און לאַסט־וועגן. די זון האָט שוין קעלטלעך געשיינט, ווי אַ שטיף־מאַמע, און איך האָב געטראַכט, אַז אויב די זון באַוויליקט דאָ צו שיינען, און צו ווייזן איר ליכטיק פנים איבער די קברים, זיינען פונדעסטוועגן די מתים נישט אַזוי שטאַרק אומגליקלעך, מחמת אַפילו בלויז אַ שמץ פון דער זונס ליכט מוז פאַרט דערגרייכן צו זייערע סקעלעטן. אַ בחור איז געזעסן מיט זיין מיידל אויף אַ באַנק, און האָט זי געקושט און געהאַלדזט אפשר אַ גאַנצע שעה צייט. אַ פאַרבלאָנדזשעטער הונט האָט פאַרצווייפלטערהייט געזוכט זיין בעל־הבית, וואָס ער האָט פּלוצלינג געהאַט פאַרלוירן. אויף

דער אַנדערער זייט פונעם שאָסיי איז פאַראַן אַ נאַכט־קלוב וואו פּרויען באַדינען די געסט מיט אָפּגעדעקטע בריסטן. איך פרעג זיך צי די נשמות פון געוויסע פאַרשטאָרבענע דאַן זשואַנען קומען דאָ נישט ביינאַכט פונעם נאָענטן בית עולם, כדי צו שעפּן פאַרגעניגן פון דעם פאַרפיומיקן ריח פון די רייצנדיקע פרויען? און גענגסטערס, וואָס זיינען געשמאַקפול אָפּגע־בראָטן געוואָרן אויפן „עלעקטרישן שטול", מוזן דאָ אַוודאַי אויך קומען אין די נעכט, און מכלומרשט, אויס געוואוינטשאַפט, אַריינטרינקען ביר און בראָנפן אין זייערע ביינערדיקע גופים אונטער די שטייפע און טונקעלע אַנצוגן. די וועלט, טראַכט איך, האָט אפשר אויך אַזוי אויסגעזען מיט אַ טויזנט יאָר צוריק, ווי היינט ביי טאָג, ווען איך האָב אַזאַ אומעטיקער שפּאַצירט אין דעם כמעט ערשטן אמתדיקן טאָג פון דעם אַלטן און אור־אַלטן הארבסט, אין דעם טאָג פון חודש נאָוועמבער, פון יאָר 1975...

## דאָס דערפילן די עקסיסטענץ פונעם רבונו של עולם

איך לייען אין די צייטונגען אַז אויך די קאָסמאָנאַטן, וואָס זיינען געפלויגן צו דער לבנה, האָבן שוועבנדיקע אינעם קאָסמאָס, דערפילט דעם ברי פון די פליגל פון גאָט, פונעם אַלמעכטיקן פון די וועלטן, ווען די נביאים האָבן געזען אין זייערע וויזיעס, און פונקט ווי טייל אידן אין גהינום פון היטלערס קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָבן שטאַרבנדיקערהייט, אין זייערע שוידערלעכע יסורים, פאַרט דערפילט דאָס אייביקע לעבן. איך אַליין האָב דאָס קאָסמישע געפיל פון גאָט־עקסיסטענץ געטראָגן אין זיך פון קליינערהייט אָן. אומעטום, צו פאַרשידענע צייטן, האָט מיך ציטערוויז אָנגערירט די פאָטערלעכע, וואַרעמע און דערבאַרעמדיק־זיסע האַנט פון דעם וואָס לעבט אייביק. איך האָב פעסט געהאַלטן אין מיינע כמעט־קינדישע הענט גאָטס געוואַלטיקע האַנט, און האָב זי געדריקט מיט ענטוזיאַזם צו מיינע הייסע ליפּן, און זי געקושט אַ מיליאָן מאָל מיט געבעט און מיט דאַנקבאַרקייט אין מיין האַרצן. איך האָב געבעטן גענאָד און שטאַרקונג פון מיין גייסט ביים אויבערשטן אין מיינע באַזונדערס שוואַכערע מאָמענטן, און בשעת קראַנקהייטן און סכנות, ווען איך האָב דערפילט אין זיך דעם פחד פאַרן טויט. איך בין געפאַלן פאַר גאָט אין חלשות, און איך האָב געזען אין מיין דמיון זיין אומגעהויערע גרויסקייט.

— אָ, אַלמעכטיקער גאָט, — האָב איך עשעפּטשעט צו אים מיט פאַרברענטע ליפּן: זע מיך, פיר מיך, געדענק מיך, האַלט מיך צו נעבן דיר מיט דיין געוואַלטיקער און דערבאַרעמדיקער האַנט, ווי אַ קליינטשיק קינד, וואָס איז פאַרלוירן אין אַ געדיכטן וואַלד. היט מיך אָפּ, קוק אויף מיר בייטאָג און ביינאַכט, באַשיץ און באַשירעם מיך, גרויסער און זיסער גאָט וואָס דו ביסט...

## דער שטילער גאָרטן

פון די פאַרשטויבטע און אומריינע גאַסן; פון טומלדיקע געמאַרקן מיט כבוד־זוכנדיקע דעמאַגאָגן און פלינקע רעדנערס מיט פאַלשע און

גלאַטע צונגען, פאַרגנבנע איך זיך אַמאָל צום קליינעם גאָרטן אין דעם שטילן און שאָטנדיקן הינטערגרונט פונעם אַלטן הויז מיט דער רחבות־דיקער וועראַנדע, וואָס דערציילט פון פריערדיקע משפחות, וואָס האָבן דאָ געוואוינט. פון יעדן ווינקל אינעם גאָרטן שטראַלט אַרויס מיטן לעצטן נאָבעלן גאָלד פון אָקטאָבערדיקע טעג און זשאַווערנדיקע פאַרנאַכטן. פון די איידל־פאַרוועלקטע בלומען און פאַרגעלטע גראָזן גייט אַזאַ נאָגנדיקער און נאָסטאַלגישער אומעט. עס שלאָגט פון די האַרבסטיק־דערשלאָגענע פלאַנצן מיט מענטשלעכן טרויער און עלעגיע. דער גאַנצער גאָרטן איז איינגעוויקלט און אויסגעוויקלט אין פאַרבן, וואָס ווערן פייכט און פריש פון די רעגנטראָפּנס, ווי פון דעם פאַרגאָסענעם וויין אויף קברים, ווען מען קומט זיך צוזאַמען כדי עמעצן, אַ נאָענטן פאַרשטאָרבענעם קרוב, צו דער־מאָנען. מען דערקענט באַשיימפּערלעך ווי אַזוי די נאַטור לײדט שטילער־הייט. ווי אַזוי יעדעס איינציק גרעזל, פּיצל פלאַנץ און צאַרט געוויקסל איז אַדורכגענומען מיט יסורים און באַדויערן...

איך האָב שוין פריער דערציילט אַז איך באַהאַלט זיך דאָ אויס פונעם שטאָטישן טומעל, פונעם וואולגאַרן רעש, און אויך פונעם באַרימען זיך פון די פוסטע מענטשן. דער מין מענטש איז בטבע נישט קיין איבעריקס־באַשיידענע באַשעפעניש.

רואיק זעץ איך זיך דאָ אַוועק אויף אַ הילצערנער טאַבורעטקע. איך בויג צו מיין האַרץ־און־אויער צום שטילן טאָל פון אומעט, זיך אויסצו־דריקן אַ ביסל מליצהדיק, די גאַנצע גרויסע נאַטור משפט איך וועדליק דעם קליינעם און באַגרענעצטן גאָרטן, וואָס קרעכצט אָפּ, דאַכט זיך, שטילער־הייט אין דעם לייכט־וויברירנדיקן ווינט. די זון פאַרגייט אַזאַ זאַטע און פעטע, האָבנדיק אָנגעזויגן דורכן לאַנגן זומערדיקן טאָג מיט ימים גאָל־דענעם ליכט און חיות די אומענדלעכע קאָסמישע דיסטאַנצן. נאָך איידער זי פאַרגייט, קושט זי און שפּילט אויס אַן איידל ליד אויף אַלע לאַנדשאַפטן און קורצדויערנדיקע עקסיסטענצן פון דער וועלט, און פון גאַר די פלאַ־נעטן אין דעם אייביקן עליפּטישן הללויה־טאַנץ אַרום איר, דער אָנגע־צונדענער קייסערינע...

## דעם קינסטלערס בלומען

עס לויכטן שטיל די בלומען אַזוי דער ראַם פון דער מאָלעריי פון באָנאַר, אָנגעצונדענע ווי אַן אידעלע אילומינאַציע. עס דערמאָנט מיך אינעם בלוט פון יענער נאַכטיגאַל, אין אָסקאַר ווײַלדס באַרימטן מעשהלע „די רויז און די נאַכטיגאַל", וואָס שטראַלט אויף אַזוי פלאַמיק אין די בלעטלעך פון דער רויטער רויז, וואָס איז אייגנטלעך דאָס בלוט פון דעם קינסטלער אַליין. וואָס טיפער דער שטעכיקער דאָרן פאַרשטעכט זיך אינעם האַרץ פון דער נאַכטיגאַל, אַלץ ליכטיקער שטראַלט אויף די רויז..

איך קוק אויף די בלומען פון דעם גרויסאַרטיקן מאָלער באָנאַר. דער

ראַפינירטער קינסטלער האָט אין די דאָזיקע שוויגנדיקע בלומען אַריינ־געטריפט דאָס גאַנצע בלוט פון זיין האַרצן, צוזאַמען מיטן נאָבעלן זשאַווער פון זיין אייגענעם האַרבסטיקן געמיט, פון זיין פערזענלעכן פאַרגיין...

## דער טונקעלער טינטער

דער שרייבער פאַרשרייבט אין דעם פריען באַגינען, ווען די לבנה זיבקט רייפערהייט אַרונטער, ווי דער געקעפּטער קאָפּ פון אַ קעניגין, אויף אַן אַנדערן קאָנטינענט: פונעם תהום פונעם טיפן טינטער צי איך אַרויס מיט די שטאָלענע ליפן פון מיין פעדער דעם אורגאַכטישן מענטשלעכן פחד. צום אומהיימלעכן טינטער קערט זיך אום דאָס פינצטערע און פלאַמיקע בלוט פון מיין האַרצן...

## דעם מחברס אַנגעצונדן בלוט

דער מחבר פאַרשרייבט שפּעט ביינאַכט אין זיין טאָג־בוך מיט צענד־ליקער טויזנטער בלעטער, ווען די שטערן אויפן הימל לעשן זיך אויס, בשעת די מלאכים בלאָזן אויף זיי מיט שאַרפע ווינטן פון זייערע מיילער: דער טונקל־נעגערישער טינט־דעמאָן, אָדער טייוול, מיטן קנאַכיקן פּנים און שטרענגע שוואַרצאַפּלען, טרינקט און שיכורט דורך דער גאַנצער נאַכט מיטן מחברס האַרצנבלוט...

## פאַרצייכענונגען וועגן ווירדזשיניאַ וואולף

נישט קענענדיק איינשלאָפן אין באַגינען, הגם איך בין ווייט נישט אַזוי זינדיק ווי דער קייסער, וואָס ווערט אין זיין שלאָפלאָזיקייט געפּייניקט פון די דערמאָנונגען פון זיינע פאַרברעכנס און אינקוויזיציעס איבער אומ־שולדיקע מענטשן, וועמענס צעבראָכענע שאַרבנס ער זעט פאַר זיינע אויגן ביינאַכט, — האָב איך געלייענט דאָס טאָג־בוך פון דער סענסיטיווער און קאָנטעמפּלאַטיווער שריפטשטעלערין ווירדזשיניאַ וואולף. זי ציטירט אין פראַנצויזישן אָריגינאַל די שורות וואָס מאָפּאַסאַן שרייבט וועגן דער אייגנ־שאַפט פונעם שרייבער: „זיי באַאָבאַכטן זיך אַליין טאָג און נאַכט.” דאָס אָבער טוט זי אַליין אויך. עס איז טאַקע אמת אַז פאַקטיש לעבט נישט דער שריפטשטעלער אין דעם פולן זין פון וואָרט, ווי דער „נאָרמאַלער מענטש”. נייערט ער אַנאַליזירט זיך, אַבסערווירט און שטודירט זיך אומברחמנותדיק, און ער שרייבט וועגן די סאַמע טונקלסטע ווינקלען און פאַרבאַרגענישן פון זיין לעבן, פון זיין גייסט און פון זיין אונטערגייסט, אָדער אונטערבאַוואוסט־זיין. ער שרייבט אַפילו זיין גאַנץ לעבן אין פאַרויס וועג זיין טויט. דער מייסטער גי דע מאָפּאַסאַן איז גערעכט: ער ווייסט נישט, דער פאַרשאָל־טענער שרייבער, פון קיין מאָמענט פון באמתדיקער הנאה אין זיין לעבן, ווי עס לעבט, צום ביישפּיל, אַ פּראָסטער טרעגער, אַ פּשוטער קברן, צי אַ געוויינלעכער ווינשענקער. ער אַנאַליזירט ביז סאַדיזם, ווי איוב, דעם טאָג„ דאָס וועטער, די שונאים, און בפרט זיין כסדרדיקן שאַפונגס־פּראָ־צעס...

ווירדזשיניאַ וואולף זאָגט ריכטיק: אין זיין שעפערישקייט־פּראָצעס שטייגט ער אויס איבער צייט און רוים. דאָס אַלץ: דאָס ספּעקטאַקולערע לעבן אין אַלע זיינע פאַזן, מאַניפעסטאַציעס, איבערלעבענישן און פּאָזעס, קומט צום שרייבער ערשט שפּעטער אָדער פריער, איידער אָדער נאָך דעם ווי ער האָט עס שוין געהאַט פאַרוואַנדלט אין גליענדיקן און אין סאָדיסטישן וואָרט, און האָט נאַקעט אָפּגעדעקט זיינע געהיימענישן און טונקלקייטן. אָבער קיינמאָל נישט — בשעת... דער באַזעסענער שרייבער לעבט נישט, נייערט ער פאַרוואַנדלט דאָס לעבן אין כסדרדיקער שאַפונג. ער געניסט איינגנטלעך זיין אייגענעם שאַפן אויך נישט. עס קומט צו אים קיינמאָל נישט דער רואיקער, שטילער און זאַטער מאָמענט, ווען ער קען זיך ענד־לעך אָוועקזעצן, ווי גאָט ביים סוף פון די זעקס טעג, אָדער זעקס ביליאָנען יאָרן — און „רואיק” באַטראַכטן זיין ווערק און געניסן אַ טראָפּן רו נאָך דער אָפּגעטוענער קאָסמישער האַרעוואַניע. דער גאון גייט אייביק ווייטער און פאָרויס, אַ געטריבענער פון זיין שאַפונגס־דעמאָן, אָדער שטורעמווינט. נשמות שרייען, וויינען, יאָמערן און פאַרפאַלגן אים ביז משוגעת. ער ווערט כסדר ווילד־און־וואַנזיניק געטריבן אין זיין שעפערישן שוועב צו די שטערן, ווי דער מעפּיסטאָפל טרייבט פאַוסטן אויף זיין פייערדיקן פערד רייטנדיק דורכן קאָסמאָס פון תענוגים און דערקענטעניש... ווי דער שטן טרייבט איובן דורך די בערגער און טאָלן פון אומגליקן, יסורים און קאַטאַסטראָפעס...

## דאָס קאָסמישע שפּיל

איך האָב אויף טעלעוויזיע געזען אַ פילם פון דזשאַק קאָסטאָס אונ־טערוואַסערדיקן לעבן. מען זעט מאַסן באַשעפענישן, געפורעמטע דורך די געוואַלטיקע הענט פון דעם רבונו של עולם אין טויזנטערליי פאָרמען און געשטאַלטונגען; איינע איז פאַנטאַסטישער, גראָטעסקישער און מאָר־בידער ווי די אַנדערע. מען קוקט ממש אָן פאַבלהאַפטיקע אוצרות און מאָר־מיריאַדן לעבנס־פאָרמען. מען באַטראַכט געוואַשענע וועלדער, אָפּגרונטן און תהומען דורך מיליאָנען און ביליאָנען יאָרן אויפן גרונט פון ים. מען אָבסערווירט, ווי יונה הנביא, רוזשנע ברואים, אויסגעטראַכטע, אויסגעצ־קנאָטענע, ווי אויסגעגאָסענע אין מעטאַל, דורך דעם קאָלאָסאַלן מוח פון אַ ריזנמייסטער פון באַשאַפונג און עוואָלוציע. יעדע איינציקע בריאה און עקסיסטענץ קעמפט אין יעדער באַזונדערער רגע פונעם מעת־לעת פאַר זיך, ממש דורך טויזנטער סכנות באַדראָטער עקסיסטענץ אין אַ גהינום פון פּאַראַזיטן, וואו איינע לעבט און פּאַראַזיטירט אויפן חשבון פונעם אַנדערן פּאַראַזיט. די מערסטע גרעסערע באַשעפענישן לעבן אויפן חשבון פון די קלענערע באַשעפענישן. עס איז נישטאָ אין די פינצטערע אָפּגרונטן קיין שום סימן און צייכן פון וועלכער עס איז מאָראַל און מיטלייד. אין דעם אונטערערדישן ים־תהום און וואַסער־דזשאַנגל הערשט די זעלביקע „מאָ־ראַל” ווי אין דער גאַנצער וועלט, איינגעשלאָסן די שטערן אין הימל.

גופים און סקעלעטן, פון די סאַמע קלענסטע ביז צו די גראַנדיעזסטע, ווערן כסדר צעפּליקט, צעריסן און צעבראָכן דורכן ביאָלאָגישן געזעץ און כּוח פון הונגער. תּמיד שטעלט זיך אַוועק די זעלביקע יסורימדיקע שאלה: איז דאָס אַלץ, גאָר די עוואָלוציע אין דער נאַטור, פון די טיפסטע טיפענישן אין דער ערד און אין ים, ביז צו די העכסטע שטערן־קאָנסטע־לאַציעס פון די הימלען, בלויז אַ ריינער צופאַל אין דער נאַטור? אָדער איז דאָס אַלץ וואָס עקסיסטירט, באַשאַפן געוואָרן לויטן שטרענגן פּלאַן פון אַ געטלעכן מייסטער, אינזשיניער, מאַטעמאַטיקער, אַרכיטעקט, טעכ־ניקער און באַשעפער פונעם לעבן און פון גאָר די וועלט־סיסטעמען? און ווער איז דער דאָזיקער פּלאַנירער פונעם אומגעווייגלעכן מיקראָ און מאַקראָקאָסמאָס? און צי האָט דער קרעאַטאָר אַ "מענטשלעכע" באַציאונג צו זיינע באַשאַפונגען? אָדער צי טוט ער דאָס אָן צום געפיל, רחמנות, סימפּאַטיע און ליבשאַפט? צי איז דער גאָרער קאָסמאָס אַ מעכאַנישער ווערקשטאַט, וואו עס שפּילן זיך אָפּ אַלערליי פאַנטאַסטישע קאָמעדיעס און גרויליקע טראַגעדיעס, בשעת דער רעזשיסאָר זיצט אַ שיכּורער, און גלייכגילטיק הינטער די קוליסן, און ער לעשט אויס אין באַגינען די שטערנ־לאָמפּן, ווען דאָס שפּיל ענדיקט זיך, כּדי אין אָוונט אַלץ ווידער אָנצו־הייבן אָן שום ציל, זין, צוועק, כּוונה, באַדייטונג און אידעאַל?...

## יעדער כאַראַקטער אין תּנ"ך פאַרקערפּערט מיליאָנען

איך האָב היינט אין דעם נאָך פריען באַגינען געעפנט דעם ספר קהלת; איך האָב געטרונקען דעם ביטערן כּוס מיט טרויער און אומגליק פון די גראַנדיעזע בלעטער פון ספר איוב; איך בין עוסק געווען אין די הייסע קאַפּיטלעך פונעם נביא יחזקאלס וויזיעס; איך האָב פאַרנומען די מאַיעסטעטיש־פּראַכטיקע שפּראַך פון דעם קעניגלעכן ספר ישעיה, וואָס רעדט צו פילע פעלקער פונעם אַלטערטום. די העלדן אין די ביכער פון דעם הייליקן בוך זיינען מערסטנס קאָלאָסאַלע, איבערמענטשלעכע, מיט געוואַלטיקע דימענסיעס, וועלכע שטייען פאַר טיפע אָפּגרונטן, און צופיסנס פון די העכסטע בערג. דאָס זיינען בשום אופן נישט קיין פאַראייניצלטע פיגורן, אין דער נאַטירלעכער מאָס און גרויס פון געוויינלעכע ליטעראַ־רישע פּאָרטרעטן, אָדער מענטשן פון פּשוטן לעבן. ביירערט יעדער איינציק געשטאַלט איז הויך ווי אַ באַרג, און שטאַרק ווי אַ פעלדז, און עס פאַר־קערפּערט מיט זיך טויזנט, אַ מיליאָן, די גאַנצע אומצאָליקע מענטשהייט פון אַלע דורות און צייטן. די דאָזיקע באַרגיקע כאַראַקטערן טראָגן מיט זיך, ווי גראַניטענע זיילן, פעסט איינגעקנאָטן אין זייערעביינער, געבליטן און געמאַרכן, אַ סך מענטשן, שקלאַפן, הענדלער, העלדן, זונות, אַלפאָנסן, פּרינצן און קעניגן. יעדער איינציקער מענטש און געשטאַלט אין דעם בייכיקן תּנ"ך איז גרויס פאַרנעמיק ווי די גאַנצע און גאָרע מענטשהייט צוזאַמען. און זיי לעבן אַדורך דאָס לעבן אין אַלע זיינע פאָרמען און פאָזן פון מיליאָנען פון דעם גאָרן קאָסמאָס. זיי שעפּן אויס אַלע טראַגעדיעס

און קאָמעדיעס פון דער וועלט אין גאַר די ערדישע, מענטשלעכע און הימלישע מאַניפעסטאַציעס, אָנהויבנדיק פון אַ וואָרעם און אינסעקט ביז אַ זונה און אַ קעניגין. יעדער איינציקער העלד אין וועלכן עס איז ספר אין תנ"ך איז די סומע און דער רעזולטאַט, די דערפאַרונג און פּראַקטיק, די לערע און חכמה פון אומצייליקע דורות מיט אַ סך מוריאַדן מענטשן און פילע פעלקער, וואָס האָבן געלעבט עפּיש־שטורעמדיקע לעבנס, און זיי זיינען געפאַלן אויף אַלע שלאַכטן פון דער לעבנס־מלחמה אויפן גאַנצן פּלאַנעט, און צו אַלע צייטן...

## דאָס לעבן און די קונסט

דער גאָט־געבענטשטער דיכטער באַרירט תמיד אין זיין ליד דאָס פּראָבלעם פון דעם לעבעדיקן קינסטלער און פון זיין געשאַפענעם ווערק. עס חזרט זיך איבער אומצייליקע מאָל די זעלביקע טראַגישע טעמע: דער מענטש, וואָס גיט געבורט צו דעם שיינעם און קינסטלערישן, מוז פיזיש אַליין אונטערגיין. זיין סוף איז דאָך שטענדיק צעשטערונג און טויט. דאָס שיינע און שלימותדיקע קונסטווערק, מעג עס זיין אַ ליד, אָדער אַ פּרעכ־טיקע וואַזע; אַ מאָלעריי פון אַ שיינער פרוי, אָדער אַ מוזיקאַליש קונסט־ווערק וואָס פאַרכישופט דעם פּובליקום; דער פּאָרטרעט פון דער קעניגין וועמענס האָר זיינען פון ריינעם זוניקן גאָלד — דאָס אַלץ בלייבט שטיין אויף אייביק פאַרקריצט אויף דער אורנע, וואָס אַנטהאַלט דאָס אַש פונעם מייסטער; עס בליט אויפן בויך פון דער קרוג; אויף דער וואַזע, אין וועל־כער עס שטעקט דער האַרבסטיקער בוקעט מיט בלומען; צי אויף די ווענט פונעם באָד־צימער אין דער פּרינצעסינס בודואַר; אָדער אויפן מאַרמאָ־רענעם סאַרקאָפאַג, אין וועלכן עס רוט דאָס אַש און שטויב פונעם קעניג. דער מענטש וואָס האָט, אין אָפּשיין פון דער העלסטער זון אין פּרימאַרגן, געשאַפן דאָס זעלטענע קונסטווערק; זיינע ביידע געניאַלע הענט, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט דאָס גאָלד פונעם פייער אין דעם פאַרבאָרגענעם אַש, זיי ווערן אָפּגענומען, און אָפּטמאָל געליימט און מאַכטלאָז צו שאַפן אויף זיינע עלטערע יאָרן. יעדער אמתער שעפער איז שטענדיק פאַרנומען מיטן באַ־וואוסטזיין פון דעם דאָזיקן אומפאַרמיידלעכן גורל. די גריכישע קונסטווערק פון אַלטערטום זיינען פול מיט די דאָזיקע אומעטיקע טעמעס און מחשבות. אפשר טיפער און מעכטיקער פון די מערסטע דיכטער פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט האָט עס געפילט דער שטאַרבנדיקער פּאָעט דזשאָן קיטס. ער האָט עס פאַטאַל און נביאיש געפילט אין זיין אייגענעם לייב און נפש, אויפשטעלנדיק אין בלויז געציילטע יאָרן אַן אוניווערס פון אומגעהויי־ערער פראַכט, קונסט און שיינקייט...

דער דיכטער אויף דער בינע רעדט היינט ביינאַכט וועגן דעם דאָזיקן ענין, וואָס גייט אָן יעדן איינציקן שעפער. ער אַליין, זע איך, האָט זיך בשעת די לעצטע יאָרן שטאַרק געעלטערט. זיינע אַמאָליקע פיבערישע אויגן זיינען שוין כמעט אויסגעלאָשן. זיינע ציין זיינען געל געוואָרן. זיי

פֿוילן אין זיין פֿאַרקרומטן מויל, אונטער די פֿאַרברענטע ליפּן פֿון אַלקאָהאָל. ער האָט זיין לעבן פֿאַרברענט אינעם לעבן, אין ליבן די פֿרויען, וואָס האָבן אים אַלע פֿאַרלאָזן אויף דער עלטער; אין טרינקען ווייַן וואָס האָט אים נישט ייִנגער געמאַכט, כאָטש האָפּיז און אָמאַר כאַיאַם לויבן דעם פֿאַרשיכורנדיקן געטראַנק אַזוי שטאַרק אין זייערע וואונדערלעכע פּאָעמען...

## אין דעם אידישן מוזעאום

אין דעם אידישן מוזעאום, בשעת אַ פֿאָרלייענונג פֿון דיכטער, וואָס האָבן פֿאָרגעטראָגן זייערע אייגענע לידער, איז געזעסן צווישן דעם פּובליקום אַ ייִנג פֿאַרפּאָלק מיט זייער חנעוודיק טעכטערל. דאָס קינד האָט מיט איר שיינקייט און יוגנט־גאָלד קאָנקורירט מיט די פֿאַנטאַסטישסטע מאָלערייען און פֿאָרטרעטן פֿון די שענסטע דאַמען אויף די אַרומיקע ווענט. איר קעפּל מיט געקרויזלטע האָר האָט געלויכטן ווי מיט זוניקע פֿעדעם פֿון גאָלד. אין אירע אויגן איז געשטאַנען די לעבעדיקע זון פֿון אַ שפּעט־זומערדיקן טאָג ביים ים. אירע הענטלעך דאָס לענגלעך־דינע העלדזל, איר ייִנג לייב, איז געווען ווי וואַרעמער בראָנדז. איר קליידל פֿון ווייכער און פּורפּור־געפֿאַרבטער וואָל איז געווען ווי אַ זאַפֿטיקע לאָנקע אין אַ פּוילישן פֿאַרנאַכט, ווען די הימישע זון זעגט זיך. זי האָט זיך מילד ווי אַ טויב געטוליעט צו דער מוטער. דער פֿאָטער האָט נישט פֿאַרגעסן יעדע ווילע איר צו טאָן אַן אײדעלן גלעט, אַ שטילן צערטל, אַ חנעוודיקן טשעפּע פֿון אַ טאַטן צו זיין קינד, וואָס ער האָט שטאַרק ליב. פֿון דער בינע אַראָפּ האָט גראָד מאַני לייב געלייענט זיינע שטילע, סאַמעטענע לידער. ער איז געווען שלאַנק און טרויעריק, און האָט אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי אַ שעמעוודיקער חתן אַרום וועמען עס קרייזט אַרום אין דער חופּה־נאַכט די זייער בלייכע און צאַרטע כּלה, וועמענס זיסן פּנים מען קען קוים זען אונטערן זיידענעם שלייער פֿאַרבאָרגן. נאָר דאָס ליבלעכע מיידל, מיט אירע קינדישע סודות; מיט דער נאַטירלעכער ליבשאַפֿט צו אירע אין איר פֿאַרליבטע עלטערן, האָט נאָך אַלץ, ביז שפּעט אין דער נאַכט, קאָנקורירט אַפֿילו מיט די גרויסאַרטיקע לידער פֿון מאַני לייב, וואָס האָט זשעדנע געעפֿנט די סודות פֿון איין סאָנעט נאָכן אַנדערן, ווי אַ געניטער צירונג־הענדלער, וואָס אַנטפּלעקט ביינאַכט אין דעם קאַבאַרעט, ביים אָפּשיין פֿועם בליציקן לאָמפּ, זיינע געהיימענישפֿולע אוצרות, וואָס פֿאַרכּישופֿן די שענסטע פֿרויען...

## פֿון אַ בריוו צו אַ פֿרוי

אַגב באַהאַלט איך אייער זעלטענעם בריוו ווי אַ שטיקל אַלטמאָדיש צירונג, אין וועמענס טונקעלן־און־טרויעריקן גאָלד אַ געהיימענישפֿולער גאָלדשמיד האָט אַריינגעטאָן די זון און די נאַכט פֿון זיין גאַנץ לעבן...

## די לירע

דער דיכטער איציק מאַנגער זאָגט אומגעפּער, און איך פאַרצייכן זיינע ווערטער פון זכרון שפּעט ביינאַכט, נאָך זיין אויפטריט אין דעם אידישן מוזעאום:

— די לירע איז אַפּאַלאָס אינסטרומענט. די וועלט־ליריק רופט זיך אייגנטלעך אויפן נאָמען פון דער דאָזיקער לירע. וואָרים אָן מוזיק איז נישט מעגלעך קיין שום ווערטפולע פּאָעזיע. גאָטיע איז טאָקע געדעכט געוועזן אין זיין באַרימטן ליד „ל'אַרט" (די קונסט). אייביקער ווי קופּער און ווי אייזן, און אַפילו פון דעם האַרטן גראַניט, וואָס קרישלט זיך נישט דורך יאָרטויזנטער, ווערנדיק געשלאָגן פון די כוואַליעס ביים ברעג פון ים טאָג און נאַכט, האָט ער פּראָקלאַמירט דעם ווערט פונעם מוזיקאַלישן ליד. דאָס ליד וואָס באַדאַרף נישט דינען צו קיינעם כדי צו באַרעכטיקן זיין עקסיסטענץ. די לירע, אָדער דאָס אידישלעך־היימישע פידעלע, איז אויך דער סימבאָל פון דעם דיכטער־קייסער דוד המלך, דעם טיפסטן און מעכטיקסטן קעניגלעכן זינגער פון אַלע צייטן...

## ל י ד

נישט קיין שטערן ביסטו צווישן טויזנט שטערן;<br>
נישט קיין אַלבאַטראָס מיט צעשפּרייטע פליגל;<br>
דו ביסט מיין לייב, דאָס ביין פון מיין געביין,<br>
ביסט מיין פלאָם אין האַרץ; מיין בלוט־צעגליטער זיגל.<br>
ס'איז שווער אין וואָרט צו זאָגן וואָס דו ביסט פאַר מיר;<br>
נישט קיין גאָלד, קיין טרער, קיין רעגנבויגן־פאַרבן;<br>
דו ביסט דאָס בלוט וואָס שטראָמט אין מיר ווי פייער;<br>
אָן דיר וואָלט איך צו דער ערד געפאַלן...<br>
נישט קיין טרעפּ צום טעמפּל; אַפילו נישט קיין פויגל;<br>
נישט קיין שטאַרק געטראַנק וואָס מאַכט דעם מוח שיכור;<br>
כ'וואָלט אָן דיר פאַרלוירן דאָס ליכט פון מיינע אויגן;<br>
כ'וואָלט אָן דיר געוואָרן פאַרפוילט אויף טויזנט שטיקער.<br>
ניין, דו ביסט נישט דיאַנע; אויך נישט אַפראָדיטע<br>
וואָס שטייגט אַרויס פון שוים נאַקעט ווי די נאַכט;<br>
ס'וואָלט אָן דיר געוואָרן מיין לעבן ווי צעשניטן;<br>
אָן דיר וואָלטן שדים פון מיין קלאָג געלאַכט...<br>
נישט מיט זיסע ווערטער קען איך זאָגן עפּעס<br>
וואָס זאָל דערציילן מענטשן פון דיין זין און ווערט;<br>
איך וואָלט אָן דיר געגאַנגען צו דעם תליונס טרעפּן<br>
כדי ער זאָל מיך קעפּן מיט זיין שאַרפער שווערד...

## ביכער פון שיע טענענבוים:

„עאופאַריאַן", פּאָעמע, אַנטווערפּן, 1931.

„ביי דער וועלט צו גאַסט", רעפּאָרטאַזשן און דערציילונגען, פאַר־לאַג „ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, 1937.

„דער ספינקס", ראָמאַן, פאַרלאַג „שיקאַגאָר קוריער", 1938.
„קינדער פון דער זון", עסייען, פאַרלאַג „די שטימע", מעקסיקע, 1942.

„גאָלד און זשאַווער", דערציילונגען, פאַרלאַג „די שטימע", מעק־סיקע, 1943.

„די שריפט אויפן האָריזאָנט", עסייען און דערציילונגען, ניו־יאָרק, 1947.

„שניט פון מיין פעלד", עסייען און דערציילונגען, ניו־יאָרק, 1949.

„אין גאָטס געשטאַלט", עסייען און מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1951.

„אַ האַנט פאַרשרייבט", מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1953.

„דיכטער און דורות", עסייען, ניו־יאָרק, 1955.

„און די ערד באַשטייט אויף אייביק", דערציילונגען, ניו־יאָרק, 1957.

„אַנאַ פראַנק, דו וואָס האָסט געטרונקען פון גאָטס האַנט", און אַנדערע עסייען, דערציילונגען און מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1958.

„דער אמת זאָל זיין דיין שטערן", אויטאָביאָגראַפיש, באַנד איינס, ניו־יאָרק, 1960.

„דער שר פון לעבן", אויטאָביאָגראַפיש, באַנד צוויי, ניו־יאָרק, 1963.

„אייזיק אַשמדאי", אויטאָביאָגראַפיש, באַנד דריי, ניו־יאָרק, 1965.
„איוב פון לעמבערג", אויטאָביאָגראַפיש און דערציילונגען, באַנד פיר, ניו־יאָרק, 1967.

„געשטאַלטן ביים שרייב־טיש", עסייען, ניו־יאָרק, 1969.
„הונגער צום וואָרט", מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1971.
„דער לעצטער עדות", דערציילונגען, ניו־יאָרק, 1972.
„אין דעם קייסערס וויינשענק", עסייען, ניו־יאָרק, 1973.
„אוצרות אין דער פינצטערניש", 1974.